# גראַמאַטיק

פֿון דער

# יידישער כלל-שפּראַך

געווידמעט

דעם איבערגעגעבענעם פֿרײַנד פֿון דער

ייִדישער קולטור און אוהבֿ־ייִדיש

**תּנחום ברײַם**

לאָס־אַנגעלעס, קאַליפֿאָרניע

צו זײַן ניינציקסטן געבוירן־יאָר

# הקדמה פֿון מחבר

פֿון 1921 ביז 1975 איז פֿאָלג מיר אַ גאַנג. אין אויגוסט 1921 האָב איך פֿאַרענדיקט דעם מאַנוסקריפּט פֿון מײַן שול־גראַמאַטיק אין בײַשפּילן און אויפֿגאַבעס און זינט דעמאָלט ניט אויפֿגעהערט זיך גרייטן צו דער איצטיקער גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער כּלל־שפּראַך. בינו־לבינו איז דורך אַ לעבן פֿון שטודירן ייִדיש, וואָרעם איך האָב פֿרי אײַנגעזען דעם אמת פֿון „הפֿוך בה והפֿוך בה דכּולה בה״ — אַרבעט אַרײַן אין איר [אין דער תּורה פֿון ייִדיש], קלער אַרײַן אין איר — אַלץ איז אין איר״.

און ווי מע בעמט זיך אונטער אַזוי העלפֿט דער רבונו־של־עולם. עס איז געווען מײַן גוטער מזל צו האָבן אויסגעצייכנטע רביים, חבֿרים און אַפֿילו תּלמידים. איך באַטראַכט ווי מײַנע רביים דעם קדוש וטהור זעליג קלמנאָוויטש ז״ל און דעם גרעסטן ייִדיש־ענטוזיאַסט נחום שטיף ז״ל; צווישן די וואָס זײַנען פֿון מײַן דור שײַנט אַרויס מײַן חבֿר (מיט אַ פּתח אונטערן חית), מײַן חבֿר (מיט אַ קמץ אונטערן חית, מיטן תּנאָימשן באַטײַט) און בר־פּלוגתּא מאַקס ווײַנרײַך ז״ל. עס האָבן מיך געלערנט מיט זייערע שאלות און מיט זייערע טענות די יונגע חבֿרה אין ווילקאָמיר, אין ריגע, אין קאָװנע, וואָס כּמעט זיי אַלע זײַנען אַוועק צווישן די זעקס מיליאָן. אויך אין ניו־יאָרק איז מיר באַשערט געווען צו האָבן עטלעכע גוטע תּלמידים אין ייִדישן לערער־סעמינאַר און חוץ זיי דעם אַזוי יונג־פֿאַרשניטענעם גאָון אוריאל ווײַנרײַכן ע״ה. ועל־כּולם האָב איך זיך געלערנט פֿון הונדערטער פֿאָלקס־מענטשן וואָס עס איז אויסגעקומען צו האָבן אַ מגע־ומשׂא מיט זיי. עס איז איבעריק מוסיף צו זײַן וויפֿל ייִדיש עס לערנט אונדז און עס האָט מיך געלערנט אונדזער ליטעראַטור זינט מענדעלע מוכר־ספֿרים.

זינט די ערשטע יאָרן פֿון דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט איז מײַן חלום און מײַן אַמביציע געווען צו שאַפֿן אַ גרויסע, גענויע און פּינקטלעך מאָטיווירטע גראַמאַטיק פֿון הײַנטצײַטיקן ייִדיש. אַלע פֿאַרעפֿנטלעכטע אַרבעטן אויפֿן שטח פֿון גראַמאַטיק, צעוואָרפֿענע איבער פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס און קאָנצענטרירטע אין די 28 יאָר ייִדישע שפּראַך, וואָס איך בין געווען איר רעדאַקטאָר, זײַנען געווען באַזונדערע קאַפּיטלען אָט פֿון יענעם לעבנסווערק וואָס איז געווען איבער די כּוחות צו דערפֿירן צו אַ פֿולן גמר. קומט איצט ווי אַ במקום די גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער כּלל־שפּראַך. וועגן כּלל־שפּראַך און וועגן עטלעכע עיקרים פֿון דעם מחברס שיטה זען דעם ערשטן קאַפּיטל, דעם „אַרײַנפֿיר״.

דאָס ווערק איז אַ קיצור פֿון די אַלע רעזולטאַטן פֿון פֿאָרשן און שטודירן אויפֿן שטח פֿון גראַמאַטיק אין די איבער פֿופֿציק יאָר. לכתחילה האָט עס געזאָלט זײַן נאָך קירצער, אָבער אַזוי ווי עס זעט זיך ניט פֿאָרויס אַז מע

וועט זײַן בּיכולת צונויפֿצונעמען און צו פֿאַרעפֿנטלעכן אַלע שוין אָפּגעדרוקטע אַרבעטן מײַנע בּשײַכות מיט גראַמאַטיק, איז ניט געווען קיין אַנדער בּרירה סײַדן אויסצובּרייטערן דעם פּלאַן פֿונעם איצטיקן ווערק אין סאַמע פּראָצעס פֿונעם גרייטן דעם מאַנוסקריפּט. אָבער איך בעט מע זאָל האָבּן אין זינען אַז דאָס איז ווײַט ניט קיין פֿולע גראַמאַטיק, אַז דאָ זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך בּלויזן פֿאַראַן און שטעלנווײַז ניט מער ווי קיצורים. ווער עס וועט ממלא זײַן תּבֿוא עליו בּרכה.

דאָס איצטיקע ווערק איז אי אַ לערנבּוך אי אַ האַנטבּוך. עס איז אַ לערנבּוך פֿאַר אַ הויכן אוניווערסיטעטישן קורס און אַ האַנטבּוך פֿאַר יעדערן וואָס וויל זיך אַליין נאָכקאָנטראָלירן, וואָס וויל בּפֿירוש וויסן וואו ער האַלט אין דער וועלט אין פֿאַרגלײַך מיט דער גראַמאַטיק און בּכלל פֿאַר יעדערן וואָס וויל זיך צולערנען. עס קען אויך דינען ווי אַ גרייטער יסוד פֿאַר די וואָס דאַרפֿן אויפֿשטעלן אַ סך גרינגערע קורסן פֿאַר זייערע תּלמידים.

צווישן דעם ים מאַטעריאַלן וואָס זײַנען געווען בײַ דער האַנט זײַנען אויך געווען גרייטע ציטאַטן, אויסגעשריבּענע אין פֿאַרשיידענע צײַטן פֿון א. זאַרעצקיס פּראַקטישע גראַמאַטיק, מאָסקווע 1927, נ. שטיפֿס ייִדישע סטיליסטיק, 1930, און ע. פֿאַלקאָוויטשעס ייִדיש, 1938. קען זײַן אַז עס זײַנען אויך געווען ציטאַטן וואָס עס האָט זיי געבּראַכט מ. ווייַנגער אין זײַן יודישער סינטאַקסיס, וואַרשע 1913.

דער טיפֿסטער דאַנק קומט דעם פֿאַרלעגער, דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, און ספּעציעל זײַן עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿרײַנד חיים בּעזן, וואָס אָן זײַן אויפֿמונטערן וואָלט די גאַנצע אונטערנעמונג ניט צו־שטאַנדגעקומען. אַ דאַנק דער דרוקערײַ די וואַלדאָן־פּרעס פֿאַר דער גוטער אַרבּעט און אַן אַחרון־אַחרון־חבֿיבֿ דעם זאָרגעוודיקן בּעל־מגיה יעקבֿ בּירנבּוימען.

ירושלים, ראש־חודש ניסן תּשל״ה

## קירצונגען

| | | | |
|---|---|---|---|
| א״אַ | און אַנדערע | פֿול | פֿאָלקסווערטל |
| אַאַז״וו | און אַזוי ווײַטער | פֿל | פֿאָלקסליד |
| אַדוו | אַדווערבּ | צאָל׳ | צאָלוואָרט |
| אַדי׳ | אַדיעקטיוו | צווייט׳ סובּ׳ | צווייטיקער סובּסטאַנטיוו |
| א״ע | און ענלעכע | קאָנ׳ | קאָניונקציע |
| ד״ה | דאָס הייסט | קאַפּ׳ | קאַפּיטל |
| ממוס | מענדעלע מוכר־ספֿרים | שוו | שפּריכוואָרט |
| מ״צ | מערצאָל | שע | שלום־עליכם |
| סובּ׳ | סובּסטאַנטיוו | תּי | תּרגום יהואָש |
| פּרעפּאָ | פּרעפּאָזיציע | | |

# אינהאַלט

## IV דער זאַץ און זײַנע מינים



## V די זאַצגלידער



## VI די קאָניונקציעס

## VII די אָפּשטעלצייכנס



## VIII דער סובסטאַנטיוו



## IX די צווייטיקע סובסטאַנטיוון



## X דער אַדיעקטיוו

## IX דאָס צאָלוואָרט



## IIX דער פּראָנאָם



## XIII די פּרעפּאָזיציעס



## VIX דער ווערב

## XV די ווערבידן



## XVI דער אַדווערב



## XVII דער ווערטער־סדר

# I.

# אַ ר ײַ נ פֿ י ר

## א. מיט וואָס גראַמאַטיק פֿאַרנעמט זיך

1. גראַמאַטיק איז אַ וויכטיקער טייל פֿון שטודירן אַ שפּראַך. גראַמאַ־טיק פֿאַרנעמט זיך מיט דעם ווי אַזוי שפּראַך בויט זיך אויף פֿון ווערטער. שטודירט גראַמאַטיק די סטרוקטור פֿון אַ שפּראַך. גראַמאַטיק לערנט וועגן די פֿאָרמען אין דער שפּראַך, די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון ווערטער גופֿא און פֿון זייערע בינדונגען צווישנאַנאַנד. גראַמאַטיק ווײַזט אָן אויף די שײַכותן, אויף די פֿאַרהעלטענישן צווישן ווערטער. זי לערנט ווי עס ווערט אַ זאַץ פֿון די באַזונדערע לעקסישע איינסן און ווי עס ווערן רייד פֿון באַזונדערע זאַצן. אין אָט דעם גוואַלדיק קאָמפּליצירטן פּראָצעס שטודירט גראַמאַטיק נאָר איין זײַט: די פֿ אָ ר מ ע ן פֿון די ווערטער און די פֿאָרמען פֿון זייערע בינדונגען.

2. דער טייל גראַמאַטיק וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די פֿאָרמען פֿון ווערטער ווערט געוויינטלעך אָנגערופֿן מאָרפֿאָלאָגיע און דער טייל גראַמאַטיק וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט די בינדונגען צווישן ווערטער און אויך צווישן זאַצן און זאַצן ווערט אָנגערופֿן סינטאַקס. אַזאַ אײַנטיילונג איז אין אונדזער קורס ניטאָ, ווײַל די פֿאָרמען פֿון די ווערטער גופֿא זײַנען אָפּהענגיק פֿון די בינדונגען צווישן זיי — און דאָס איז אַן אַלגעמיינער שטריך. דעריבער איז די אײַנטיילונג פֿון גראַמאַטיק אויף מאָרפֿאָלאָגיע און סינטאַקס אין אַ היפּשער מאָס אַ געקינצלטע. עס קומען נאָך צו באַזונדערע אייגנשאַפֿטן פֿון דעם ייִדישן לשון וואָס מאַכן אַז אַזאַ אײַנטיילונג פֿון גראַמאַטיק זאָל זײַן ביז גאָר אומפּראַקטיש, ממש אוממעגלעך.

3. קאָנקרעט פֿאַרנעמט זיך גראַמאַטיק מיט די אַלע אינעווייניקסטע שינויים אין אַ וואָרט, מיט די פֿאַרשיידענע ענדונגען וואָס קענען צוקומען צו אַ וואָרט, מיט די פֿאָרטראָפֿן וואָס קענען אָנוואַקסן אָנהייב וואָרט. גראַ־מאַטיק איז פֿאַראינטערעסירט אין סאָרטירן, אין גרופּירן ווערטער לויט פֿאַרשיידענע פֿאָרמעלע אייגנשאַפֿטן און לויט זייער ראָלע אין אויפֿשטעלן אַ זאַץ. גראַמאַטיק דרינגט אַרײַן אין אויפֿבוי פֿון וואָרט, אין זײַן שורש, אין זײַן שטאַם לויט די וואָרטקלאַסן, אין די סופֿיקסן וואָס מאַכן אַרויסשפּראַצן איין וואָרט פֿון אַן אַנדער וואָרט, אין די פֿלעקסיעס וואָס העלפֿן ווײַזן די ראָלע, די פּאָזיציע פֿון וואָרט אין זאַץ. גראַמאַטיק פֿאַרנעמט זיך מיט די

כּלערליי פֿאַרבינדווערטער, מיט די הילפֿסווערטער בײַם אויפֿשטעלן די באַזונדערע פֿאָרמען און מיט זייערע באַזונדערקייטן.

גראַמאַטיק האָט צוויי פּנימער, אַ טעאָרעטישע זײַט און אַ פּראַקטישע זײַט. דאָס טעאָרעטישע איז דאָס פֿאַרטיפֿן זיך איבעם מהות פֿון די פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס און אין זייערע אייגנאַרטיקייטן איבעם געגעבענעם לשון; דאָס פּראַקטישע באַשטייט אין אײַנשטעלן רעגולירונגען ווי אַזוי זיך פֿאַקטיש נוהג צו זײַן, אין ״דיקטירן״ כּללים, אין נאָרמירן די רייד, אין באַזײַניקן דעם אויסלייג און אין אײַנשטעלן תּקנות פֿאַר אים (אָדער די יסודות פֿאַר די תּקנות). דאָ שטויסט מען זיך אָן אויף גרענעץ־געביטן (אָרטאָעפּיע, אָרטאָגראַפֿיע) און פֿאַרשיידענע גראַמאַטיקערס קענען דאָ גיין אויף זייערע אייגענע דרכים. עס איז ניט מסיבֿי וואָס מע מוז און וואָס מע טאָר ניט אַרײַננעמען אין אַ קורס גראַמאַטיק.

4. עס קענען זײַן כּלערליי מדרגות בײַם שטודירן גראַמאַטיק און כּלערליי אופֿנים פֿונעם שטודירן. דער הויפּט־חילוק איז צי מע פֿאַרנעמט זיך מיט דער גראַמאַטיק פֿון אייגענעם נאַטירלעכן לשון וואָס — ווי מע זאָגט — מע האָט אײַנגעזאַפּט מיט דער מוטערס מילך, צי מע האָט זיך צוגעאייגנט ביסלעכווײַז פֿון אַ סבֿיבֿה אָן שום לערנען דאָס לשון אין אַ שול, אָדער מע לערנט די גראַמאַטיק פֿון אַ לשון צוזאַמען מיטן עצם לערנען ניצן דאָס לשון. די פֿאַרשיידענע מדרגות זײַנען אָפּהענגיק פֿון דעם אַרומנעם פֿונעם קורס וואָס מע מערקט זיך אָן, אָפּהענגיק פֿון דעם פֿאַר וועמען די גראַמאַטישע שפּײַז זײַנען אָנגעגרייט. אַז מע רעדט וועגן מדרגות האָט מען אין זינען עפּעס וואָס דערמאָנט אין אַ לייטער און עס קומט אויף די פֿראַגע וויפֿל שטאַפּלען אויף אָט דעם לייטער זאָל מען העלפֿן אַרויפֿשפּרײַזן. אַז מע קוקט זיך צו צו פֿאַרשיידענע קורסן גראַמאַטיק פֿון איינער פֿון די וויכטיקסטע קולטורשפּראַכן, זעט מען ווי פֿאַרשיידנדיק זיי זײַנען אין זייער פֿאַרנעם, אין זייער פֿאַרמעסט, אין זייערע פּראַקטישע כּוונות, אין זייערע טעאָרעטישע הנחות.

דער צונויפֿשטעלער פֿון דעם קורס גראַמאַטיק האָט זיך ניט געקענט האַלטן בײַ קיין שום גרייטן רעצעפּט וואָס יאָ אַרײַנצונעמען און וואָס ניט און ביז וואָסער מדרגה זיך צו פֿאַרטיפֿן אין אַן ענין. ער האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ סיטואַציע, ווען דאָס גראַמאַטישע וויסן און דאָס גראַמאַטישע פֿאָרשן איז דערוונטערדיק, ווען דאָס ניט־דערזאָגטע איז ניט מעגלעך אָפּצושיקן צו אַ ברייטער פֿאַרמאָסטענעם קורס פֿון איין זײַט, און פֿון דער אַנדערער זײַט איז דאָך אַבסאָלוט אוממעגלעך (סײַדן אין אַ פֿילבענדיק ווערק) אויסצושעפּן אַלץ וואָס אַ פֿולער קורס גראַמאַטיק וואָלט פֿאַרלאַנגט. איז אויסגעקומען אין פּראָצעס פֿון גרייטן דעם קורס כּסדר צו טראַכטן און איבערצוטראַכטן וועגן זײַנע גרענעצן און אָננעמען באַשלוסן אַמאָל אויפֿן סמך פֿון דערפֿאַרונגען, אַמאָל מער אינטואיטיוו.

## ב. די גרענעצן פֿאַר גראַמאַטיק

1. אײדער מע גײט װײַטער איז נײטיק זיך צו באַפֿרײַען פֿון אומפֿאַרשטענדענישן אָדער פֿון אײַנרעדענישן װאָס פֿאַרנעפּלען דעם בליק און דערלאָזן ניט ריכטיק צו באַנעמען דעם ענין גראַמאַטיק, אירע צילן און אירע מעגלעכקײטן. גראַמאַטיק איז ניט עפּעס װאָס איז מחוץ שפּראַך און װאָס אַ שפּראַך קען יאָ האָבן אָדער קען ניט האָבן. פֿון אײן זײַט האָט מען געהאַלטן אַז עס איז אַ בזיון פֿאַר ייִדיש װאָס ייִדיש „האָט ניט קײן גראַמאַטיק" און פֿון דער צװײטער זײַט איז אױסגעקומען אױך צו הערן: „עס איז אַ מחיה מיט ייִדיש: ייִדיש האָט ניט קײן גראַמאַטיק, קען מען רעדן ייִדיש װי מע װיל..."

יעדער לשון, װי פּרימיטיװ עס זאָל ניט זײַן, האָט אַ גראַמאַטיק, אַניט װאָלט מען ניט געקענט זיך פֿאַרשטענדיקן אױף אַ גרינגן און פּשוטן אופֿן. בלױז לעקסיק אָן שום סיסטעם צו פֿאַרבינדן װערטער װאָלט געװען גענוג ניט מער װי פֿאַר די סאַמע גאָר געװײנטלעכע און גאָר קורצע קאָמוניקירונגען. כּדי צו קענען איבערגעבן אָן ערך אַזױנס: „לאָמיר בײדע צוזאַמען מאָרגן פֿרי זיך אַרױסלאָזן אױף אַ געיעג" איז נײטיק אַ היפּשע פּאָרציע גראַמאַטיק. װײבאַלד מע מוז זאָגן אױף ייִדיש „איך גײ" און „דו גײסט" — איז עס אַ באַװײַז אַז ייִדיש האָט אַ גראַמאַטיק; װײבאַלד מע מוז זאָגן: „ער גײט מיטן טאַטן" און מע קען ניט דאָס זעלביקע אױסדריקן „עס גײ אױף טאַטע" — איז עס אַ סימן אַז די גראַמאַטיק פֿון ייִדיש איז אַ קאָמפּליצירטע.

2. גראַמאַטיק דאַרף ניט פֿאַרגליכן װערן צו קײטן אָדער צו שטריק װאָס נעמען צו פֿרײַהײט פֿונעם ניצער פֿון דער שפּראַך. פּונקט װי מע נעמט איבער די לעקסיק, דעם באַטײַט פֿון די געגעבענע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס, אַזױ נעמט מען איבער, מען אײגנט זיך צו די פֿאַרהעלטענישן װאָס די גראַמאַטיק פֿון אַ שפּראַך האָט אײַנגעשטעלט פֿאַר זיך. מע לערנט זיך אױס אירע פֿאָרמלען כּדי דאָס שפּראַכיקע 'חשבונען' זאָל זײַן גרינגער, פֿלינקער, פּראָדוקטיװער און שענער. [קלאָר אַז אָט די און אַנדערע אײגנשאַפֿטן װערן אױפֿגענומען גאַנץ סוביעקטיװ־פֿאָלקיש אָדער סוביעקטיװ־שבֿטימיש.] גראַמאַטיק פֿון אַ שפּראַך איז אױך ניט קײן געזעצבוך װאָס אַ קאָלעקטיװער אָדער אַ יחידישער גראַמאַטיקער זאָל האָבן אײַנגעשטעלט. אונדזערע רײד פֿורעמען זיך לױט אַנאַלאָגישע רײען. דער סכום פֿון אָט די אַלע אַ נ אַ ל אָ ג י ש ע רײען מיט אײַנשטימונגען און סתּירות צװישן זײ, מיט זײערע אױסברײטערונגען און אײַנשרומפּענישן, דאָס איז אײגנטלעך די גראַמאַטיק פֿון אַ שפּראַך. דער גראַמאַטיקער איז אײגנטלעך דער פֿישער װאָס ער דאַרף אַרײַנקריגן די אַנאַלאָגישע רײען אין זײַן נעץ אַרײַן.

דער גראַמאַטיקער איז ניט קײן געזעצגעבער. ער איז ניט קײן דעה־זאָגער איבער דער שפּראַך. ער איז דער אַרױסהעלפֿער, מע מעג אַפֿילו זאָגן דער דינער פֿון זײַן לשון. עס קענען זיך טרעפֿן סיטואַציעס װען ער איז אַזױ װי אַ הײבאַם בײַם העלפֿן געבױרן װערן פֿון אַ פֿאָרעם װאָס דאָס

פֿאָלק איז שוין לאַנג פֿאַרגאַנגען אין טראָגן מיט איר. ער קען אַמאָל, אין גאַר זעלטענע סיטואַציעס, שפּילן די ראָלע פֿון אַ דאָקטער וואָס ווײַזט אַן אַ פֿאַרעם וואָס האָט שוין אָנגעוואָרן אירע שעפֿערישע כּוחות און מעג שוין רוען אין דער געשיכטע פֿון דער גראַמאַטיק אָן אַ שײַכות צו איר הײַנט־צײַטיקייט. ער טאָר אָבער אין קיין שום סיטואַציע ניט ווערן אַ רעוואָלו־ציאָנערער איבערמאַכער פֿון שפּראַכיקע פֿאַרעמס, קיינער (און אויך ניט זײַן אייגן קענען) האָט ניט געגעבן אַזעלכע פֿולמאַכטן. יחידישע אָפּווײַכונגען זײַנען מחוץ דעם גדר פֿון גראַמאַטיק, וואָס איר שטח איז דאָס כּלליש ע, דאָס איבעריחידישע. ניט דער ווילן פֿון גראַמאַטיקער באַשטימט, נאָר דאָס ממשותדיקע, דאָס פֿאַראַנענע, דאָס פֿאַקטנדיקע אינעם שפּראַכבאַנוץ.

3. גראַמאַטיק ווײַזט וואָס עס איז קאָרעקט, וואָס עס איז ריכטיק. אָבער פֿונוואַנען ווייסט די גראַמאַטיק וואָס עס איז ריכטיק? זי לערנט זיך עס אויס פֿונעם פֿאָלק וואָס רעדט די שפּראַך און אין דער ערשטער ריי פֿון די בעסטע ניצערס פֿון דער שפּראַך, פֿון די וואָס דער דעת־הקהל נעמט זיי אָן ווי דער שפּראַכס פֿײַנסטע רעפּרעזענטאַנטן, וואָס זיי אַליין האָבן זיך געזאָרגט און זיך געמיט איבער זייער לשון. שפּילן דאָ די ערשטע פֿידל אַ צאָל פּראָמינענטע שרײַבערס און עס קענען אויך צוקומען שפּראַכפֿאָר־שערס, אויך גײַסטיקע פֿירערס, בעלי־השפּעה וואָס זייער ווירקזאַמקייט גיסט זיך אַריבער פֿון אַן אַנדער געביט אויך אויף לשון. הכּלל, דער כּלל אין גראַמאַטיק מוז האָבן אַן אָנשפּאַר אין לעבן פֿון פֿאָלק, דאַרף זיך באַזירן אויפֿן קאָלעקטיוון אויטאָריטעט („דאָס פֿאָלק רעדט אַזוי") אָדער אויף יחידישע אויטאָריטעטן („מע געפֿינט עס אַזוי בײַ דעם און בײַ דעם"); ס'איז אָבער ניט שייך דאָס אַבסאָלוטיסטישע „אַזוי וויל איך, אַזוי באַפֿעל איך". דער כּלל אין גראַמאַטיק איז ניט מער ווי אַן אויספֿיר וואָס דער פֿאָרשער קומט צו אים, דערזעט אים נאָכן צוקוקן זיך צו די פֿאַראַנענע אַנאַלאָגישע רייען אינעם רעדן. אין בעסטן פֿאַל איז עס געזעץ אָן פּאָליציי. גאַנץ אָפֿט איז עס סך־הכּל אַן עצה־טובֿה. און ווען דער פֿאָרשער האָט ניט אַלדאָס בייטיקע גענומען אין באַטראַכט, איז דער כּלל אַ פֿאַרזעעניש וואָס מע דאַרף זיך אָפּטרייסלען פֿון אים. פֿאָדערט דער לערער פֿון גראַמאַטיק אַז זײַן תּלמיד זאָל זײַן אַ טראַכטנדיקער, אַ קאָנטראָלירנדיקער, אַזאַ וואָס קאָנ־פֿראָנטירט וואָס ער געפֿינט אין גראַמאַטיק מיט דעם וואָס ער געפֿינט אינעם לשון פֿון זײַן סבֿיבֿה און אַפֿילו אויך אין זיך ווי אַ לעבעדיקן טרעגער פֿון זײַן לשון.

4. דאָס אַלץ האָט אַ שײַכות צו עמעצן וואָס לערנט די גראַמאַטיק פֿון זײַן לשון. דער וואָס לערנט די גראַמאַטיק פֿון אַ פֿרעמד לשון (אָדער פֿון אַ לשון וואָס איז דערווײַל פֿאַר אים פֿרעמד צי פֿרעמדלעך) איז דאָך נעבעך אומבאַהאָלפֿן; ער איז דאָך אַ געפֿאַנגענער צווישן די זײַטן פֿון לערנבוך. בנוגע אַזאַ תּלמיד זאָגט שוין דער פּרק: „חכמים, זײַט פֿאָרזיכטיק מיט אײַערע ווערטער... די תּלמידים וואָס וועלן קומען נאָך אײַך וועלן טרינקען

שלעכטע וואַסערן... און עס וועט אויסקומען [און מיר דערלויבן זיך דאָ צו פֿאַרענדיקן מיט אייגענע ווערטער: אַז דאָס לשון וואָס איר לערנט דאָ]... זאָל ווערן פֿאַרשוועכט". אַ גוואַלדיקע אַחריות ליגט דאָך אויף דעם וואָס לערנט קנאַפּע צי האַלבע ווייסערס, ער זאָל חלילה ניט פֿאַרבלאָנדזשען צו אָפּדאַכטעניש און „אָנטרענקען מיט שלעכטע וואַסערן". קומט אויס הונדערט און איין מאָל צו מעסטן איידער מע מעג פֿאָרמולירן אַ כּלל אָדער עפּעס אָנווײַזן אויף דעם וואָס איז טאַקע ריכטיק.

## ג. די געבונדנקייט צווישן גראַמאַטיק און לעקסיק

1. פֿאַראַן מאָדערנע לינגוויסטן וואָס ווילן אינגאַנצן אָפּרײַסן גראַמאַטיק פֿון לעקסיק, די פֿאַרהעלטענישן צווישן ווערטער פֿון זייער באַטײַט. זיי האַלטן אַז דאָס איז נייטיק כּדי טיפֿער אַרײַנצודרינגען אינעם מהות פֿון די גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס. זיי טענהן אַז גראַמאַטיק האָט דאָך צו טאָן מיט אַבסטראַקציעס, אַז גראַמאַטיק איז אַזוי ווי מאַטעמאַטיק. איז מען אין גראַמאַטיק גאָרניט מחויב צו אָפּערירן מיט די ווערטער וואָס זײַנען באמת פֿאַראַן אין דער שפּראַך. אויב מע זאָל נעמען כּמו־ווערטער, בלײַבט מען קאָנצענטרירט אינעם תּחום פֿון גראַמאַטיק און דער געדאַנק פֿליט ניט אַוועק אַנדערשוואו. ווען וויסנשאַפֿט דאַרף שטודירן איין זײַט פֿון לעבן, מוז מען דאָך אַוועקקוקן פֿון אַלע אַנדערע זײַטן וואָס יעדערע האָט זיך אירע קאָמפּליקאַציעס. וויסנשאַפֿטלעכע גראַמאַטיק שטעלט מען זיך פֿאָר ווי אַ מין אַלגעברע. אויב דאָס זאָל טאַקע זײַן אמת ויציב, האָט נאָך קיינער ניט דעמאָנסטרירט אַז דאָס אַבסטראַהירן גראַמאַטיק פֿון לעקסיק זאָל טאַקע ברענגען מער נוצן דעם שטודירן גראַמאַטיק. בלײַבט די קלאָץ־קשיא: צוליב וואָס באַדאַרף מען אַזאַ אַבסטראַהירן? צוליב וואָס אַזאַ שפּילן זיך מיטן גיין אויף די הענט מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווען דער מענטש איז אַ באַשעפֿעניש וואָס טוט גיין אויף זײַנע צוויי פֿיס? ווײַטער בײַם רעדן וועגן וואָרט און וועגן זאַץ איז אויסגעקומען זיך אָפּצוזונדערן פֿון אַזאַ 'מאָדערנקייט'.

2. אין־דער־אמתן איז בכלל ניט שייך פֿונאַנדערצורײַסן גראַמאַטיק פֿון לעקסיק. לאָמיר נעמען אַ זאַץ פֿון אויסטענהן זיך: „ליבע פֿרײַנד, הערט אויף צו דרייען אַ ספּאָדיק". אַנשטאָט ליבע קען מען נעמען אַ קוואַזי־וואָרט 'בילע', אָבער די ענדונג איז דאָך נייטיק; אַנשטאָט פֿרײַנד קען מען ווידער צוקלערן נײַס — 'שרויכל' און עס וועט מער ניט זײַן אַ וואָרט וואָס איז אין מערצאָל גלײַך צו איינצאָל, אַ וואָרט וואָס בינדט זיך סעמאַנטיש מיט פֿרייד, מיט עפּעס וואָס מע האָט צו דעם אַ פּאָזיטיווע באַציאונג. און וואָס טוט מען מיט הערט אויף? אויף איז אַ קאָנווערב (וועגן באַטײַט זען ווײַטער), אַ שטיק גראַמאַטיק, קען מען דאָך עס מיט עפּעס אַן אַנדער באַשעפֿעניש ניט פֿאַרבײַטן, און טית פֿון 'הערט' איז דאָך ווידער גראַמאַטיק, און דאָס גאַנצע הערט אויף קען שטויסן צו טראַכטן וועגן אַ ווערבאַלן אַספּעקט, וועגן אַ שטיק גראַמאַטיק; צו איז דער פּאַרטיקל פֿאַרן אינפֿיניטיוו, דרייען איז דער מין אינפֿיניטיוו וואָס מוז האָבן דווקא די ענדונג ־ען; אַ איז דער אומבאַשטימטער אַרטיקל, און דער גאַנצער אויסדרוק דרייען אַ ספּאָדיק איז אַ כאַראַקטעריסטישער אידיאָם מיט זײַן פּאַרציע איראָניע. אַלץ וואָס מע דערזעט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון גראַמאַטיק מוז זײַן פֿול מיט זינען. יעמאָלט איז עס לעבעדיק.

דאָס גראַמאַטישע און דאָס לעקסישע זײַנען צונויפֿגעזיווגט. יעדע קאַטעגאָריע פֿון פֿאַרהעלטעניש און פֿון שײַכות ווערט טויט, ווען זי ווערט אָפּגעריסן פֿון באַטײַט. עס איז ניטאָ סתּם — לאָמיר אָנכאַפּן — די מערצאָל ענדונג ־ער, נאָר בײַ קאָנקרעטע ווערטער מיט זייערע באַטײַטן, מיט זייער געשיכטע. דאָס זעלביקע מוז מען זאָגן וועגן יעדער גראַמאַטישער אייגנשאַפֿט.

מע קען ניט אַבסטראַהירן באַטײַט פֿון פֿאָנעטיק און מע קען ניט און מע טאָר ניט אַבסטראַהירן גראַמאַטיק פֿון באַטײַט. און דאָס דאַרף ניט שטערן צו באַטראַכטן באַזונדער די אייגנשאַפֿט פֿון פֿאָנעטיק און געבן באַזונדער גראַמאַטישע כּללים. פֿאָנעטיק, לעקסיק און גראַמאַטיק איז אַ דרײַפֿעדעמדיק געוועב און ווען מע ציט אַרויס איין פֿאָדעם צעפּטרט מען דאָס געוועב — און עס בלײַבט שוין קיין זאַך ניט וואָס צו שטודירן.

פֿאַרקערט, אין דעם איצטיקן קורס גראַמאַטיק איז דאָ די בטיה וואָס מער צו באַקליידן יעדן שטריך אין גראַמאַטיק מיט וואָס מער לעבעדיקע ווערטער און אויסדרוקן. גלײַכצײַטיק מיטן באַקענען זיך מיט אייגנשאַפֿטן פֿון דער ייִדישער גראַמאַטיק קריגט דער וואָס לערנט זיך אַלץ מער געלעגנהייטן זיך צו לערנען לשון. לערנען גראַמאַטיק אַליין איז דאָך פֿאַר זיך ניט קיין ציל.

## ד. דער אַנאַליטישער שפּראַכבוי

1. פֿאַראַן צוויי גרונט־אופֿנים ווי אַזוי עס ווערן אויסגעדריקט פֿאַרהעלטעניש, שײַכותן צווישן ווערטער. דער אַ נ אַ ל י ט י ש ע ר שפּראַכבוי ווערט אויפֿגעשטעלט ווען די גראַמאַטישע בינדונגען, די גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס ווערן אויסגעדריקט דורך הילפֿסווערטער; דער ס י נ ט ע ט י ש ע ר שפּראַכבוי ווערט אויפֿגעשטעלט ווען די גראַמאַטישע בינדונגען, די גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס ווערן אויסגעדריקט דורך שינויים אין די ווערטער גופֿא, דורך ענדונגען, פֿאַרטראַפֿן, בײַטעכישן אין די וואָקאַלן און אויך ביז אַ געוויסער מאָס אין די קאָנסאָנאַנטן פֿון די ווערטער גופֿא. דיביידע אופֿנים פֿון שפּראַכבוי לעבן דורך גלגולים אין דער געשיכטע פֿון איין שפּראַך און אין דער געשיכטע פֿון אַ גאַנצער משפּחה שפּראַכן. פֿון אַ מער אַנאַליטישן שפּראַכבוי קען מען קומען צו אַ מער סינטעטישן שפּראַכבוי און פֿון אַ מער סינטעטישן שפּראַכבוי צו אַ מער אַנאַליטישן שפּראַכבוי. אין דער געשיכטע פֿון די אינדאָ־אייראָפּעאישע לשונות איז דער דרך געווען פֿון דעם מער סינטעטישן שפּראַכבוי צו דעם מער אַנאַליטישן. לאַטײַן, למשל, איז אַ סך סינטעטישער אויפֿגעבויט ווי די ראָמאַנישע שפּראַכן וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט פֿון לאַטײַן. גאָטיש איז אַ סך סינטעטישער ווי דײַטש. אַלט־סלאַוויש איז סינטעטישער ווי רוסיש אָדער ווי פּויליש. די אַנטוויקלונג פֿון סינטעטישן שפּראַכבוי צום אַנאַליטישן קומט אין יעדער לשון צו ביז צו אַ גרענעץ, צו אַן אַפּהאַלט, וואו עס איז ניטאָ מער קיין ווײַטערדיקער איבערבוי. פֿראַנצייזיש אָדער ענגליש זײַנען אין גאָר אַ גרויסער מאָס מער אַנאַליטיש ווי עס זײַנען די איצטיקע סלאַווישע לשונות און אַפֿילו ווי עס איז דאָס מאָדערנע דײַטש. אַזעלכע אַרויסזאָגונגען זײַנען ריכטיק, ווען מע ווײַזט אָן אויף אַ קאָנקרעטן שטח אין דער גראַמאַטיק. וואָס מער עס געוועלטיקט אין אַ לשון דער סינטעטישער שפּראַכבוי — אַלץ קאָמפּליצירטער איז די מאָרפֿאָלאָגיע; וואָס מער עס געוועלטיקט אין אַ לשון דער אַנאַליטישער שפּראַכבוי — דאַרף אַלץ קאָמפּליצירטער ווערן איר סינטאַקס.

2. שוין בײַ אַ2 איז געווען געזאָגט אַז באַזונדערע אייגנשאַפֿטן פֿון דעם ייִדישן לשון מאַכן אַן אײַנטיילונג פֿון דער גראַמאַטיק אין מאָרפֿאָלאָגיע און סינטאַקס „ביז גאָר אומפּראַקטיש, ממש אוממעגלעך". די באַזונדערע אייגנ־שאַפֿטן — דאָס איז דאָס געוועלטיקן פֿון דעם אַנאַליטישן שפּראַכבוי. בלויז בײַ דער איצטיקער צײַט האָבן מיר אַ ריי פֿלעקסיעס: אַ נולפֿלעקסיע בײַ דער ערשטער פּערזאָן איינצאָל, דערנאָך ־סט, ־ט, און אין מערצאָל ־ן (־ען), ־ט, ־ן (־ען); אַלע אַנדערע ווערבאַלע פֿאָרמען (און מיר האָבן זיי אַ היפּש ביסל) ווערן געשאַפֿן אַנאַליטיש מיט דער באַטייליקונג פֿון הילפֿסווערבן. דער סובסטאַנטיוו האָט ניט קיין ענדונגען פֿון בייגפֿאַלן, פֿון קאַזוסן; דאָרטן וואו עס זײַנען יאָ פֿאַראַן ענדונגען זײַנען עס יוצאים־מן־הכּלל. פֿאַראַן בײַ סובסטאַנטיוון ממש אַ ווידערווילן קעגן ענדונגען און דאָרטן וואו מע דאַרף זיי איז גענוג איין ענדונג וואָס איז שוין יוצא פֿאַר אַ גאַנצער ריי. דער פּאָסעסיוו וואָס איז פֿאַרבליבן בײַ זײַן אַלטער ענדונג ־ס איז אַזוי ווי 'באַ־שטראָפֿט געוואָרן' און ער ווערט אַרויסגענומען פֿון צווישן זײַנע אַמאָליקע חבֿרים די קאַזוסן, ווערט שטאַרק באַגרענעצט אין זײַן באַנוץ און אויף טריט און שריט ווערט ער פֿאַרביטן מיט דער אַנאַליטישער קאָנסטרוקציע, וואו עס שטעלט אונטער איר ברייטע פּלייצע די פּרעפּאָזיציע פֿון, ממש דער סימבאָל פֿון אַנאַליטישקייט אינעם שפּראַכבוי. אויך די לאַנגע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו האָט ניט מער ווי פֿ י נ ף פֿאַרשיידענע פֿלעקסיעס (־ע, ־ער, ־ן מיט די וואַריאַציעס ־ען און ־עם, ־ס און שוין אַרײַנגערעכנט די נול־פֿלעקסיע). די ביידע פֿאַרגלײַכגראַדן האָבן אויפֿגעהיטן זייערע אַלטע פֿלעק־סיעס פֿון די מער סינטעטישע צײַטן, אָבער זיי האָבן אויך אַנטוויקלט אַן אַנאַליטישע סיסטעם אויפֿצובויען די פֿאַרגלײַכגראַדן, און ווי נאָר עס באַווײַזט זיך עפּעס אַ שוועריקייט בײַם אַנווענדן ענדונגען — קומט צו הילף די אַנאַ־ליטישע סיסטעם. ווי אַ באַזונדערער דערגרייך אינעם זיג פֿון אַנאַליטישן שפּראַכבוי איבער דעם סינטעטישן, ווערט דאָך אַפֿילו דער גראַמאַטישער מין פֿון סובסטאַנטיוון אין הונדערטער פֿאַלן באַשטימט דורכן באַשטימטן אַרטיקל און ניט דורך אַן ענדונג פֿון דעם וואָרט גופֿא (דער טאָג, די נאַכט, דאָס פּנים).

ניט אַלץ איז נייטיק איבערצורעכענען. ווי זשע וואָלט מען געקענט דאָ אײַנשטעלן די גרענעצן פֿאַרן סינטאַקס? אַריבערטראָגן אַהין אויך דעם ענין גראַמאַטישער מין פֿון סובסטאַנטיוון? לערנען וועגן פֿאַרגלײַכגראַדן צוויי מאָל: איין מאָל אין מאָרפֿאָלאָגיע און אַ צווייט מאָל אין סינטאַקס? זיך פֿאַר־נעמען מיט אַלע ווערבאַלע פֿאָרמען אין סינטאַקס? איז דאָס איינציק פּראַק־טישע בכּלל אָפּווישן יעדער גרענעץ צווישן מאָרפֿאָלאָגיע און סינטאַקס.

3. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ייִדיש אַז נאָר אויפֿן שטח פֿון וואָרט־שאַפֿונג האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט און אַפֿילו זיך אויסגעשפּרייט דער סינטע־טישער שפּראַכבוי. האָבן מיר בײַ אַלע זעלבשטענדיקע וואָרטקלאַסן פּרעפֿיקסן און אַ סך מער סופֿיקסן וואָס שאַפֿן נײַע ווערטער פֿון די שטאַמען אין די וואָרט־קלאַסן גופֿא און גאָר אַ סך סופֿיקסן בײַ די סובסטאַנטיוון. מע זעט די פֿאַר־

איינפֿאַכונג פֿון ענדונג־סיסטעמען בײַם דעקלינירן און בײַם קאָניוגירן, אָבער ווען מע האָט צו טאָן מיט ווערטער־באַרײַכערונג הערשט ניט אין ייִדיש קיין קאַרגקייט און דאָ דאָמינירט דער סינטעטישער שפּראַכבוי.

4. אונדזער קורס גראַמאַטיק איז ניט לויט קיין שום גרייטן פֿאָר־מוסטער, נאָר איז אויפֿגעשטעלט אויף דעם וואָס איז געזאָגט (און וואָס עס איז ניט דערזאָגט) אין די פּונקטן 2 און 3. דאָ ווערט געלייגט אַ סך אַכט אויף די פּרעפּאָזיציעס און אויף די קאָניונקציעס פֿון איין זײַט און אויף וואָרטשאַפֿונג פֿון דער צווייטער זײַט. בײַם באַטראַכטן יעדן קאַפּיטל באַזונדער איז דער באַשטרעב שטענדיק צו בלײַבן געטרײַ די באַזונדערקייטן פֿון אונדזער לשון, וואָס וואָלטן געקענט חלילה פֿאַרווישט ווערן, אויב מע זאָל געוועזן זיך האַלטן בײַ אַ גרייטער סיסטעם פֿון אַ לשון וואו עס בולט זיך אַרויס דער סינטעטישער שפּראַכבוי אָדער וואו די אייגנאַרטיקע גרענעצן צווישן דער אַנאַליטישער און סינטעטישער סיסטעם זײַנען אַנדערע ווי אין ייִדיש. אונדזער גראַמאַטיק איז אין תּוך מאָדערן, לאָגיסטיש, איז פֿרײַ־הייטלעך און דערלאָזט בײַ אַ סך פּונקטן טאָפּעלע פֿאָרמען. דער אַלגעמיינער פּלאַן און די פּרטים פֿון דורכפֿירן דעם פּלאַן מוזן זיך צופּאַסן צום כאַראַק־טער פֿון ייִדיש און ניט אַרויפֿוואַרפֿן אויף ייִדיש אומפּאַסיקע הכבדות פֿון אַנדערע לשונות. די לינגוויסטישע ליטעראַטור איז פֿול מיטן באַקלאָגן זיך למאַי מע האָט אײַנגעשטעלט אין דער גראַמאַטיק אַזוינס וואָס האָט געקענט זיך פּאַסן פֿאַר אַ פֿריִערדיקער תּקופֿה אָדער אַפֿילו פֿאַר אַ פֿריִערדיק לשון.

## ה. דער באַגריף כּלל־שפּראַך

1. דאָס לעבעדיקע רעדן איז געגליכן צו אַ וואַלד. מע דאַרף דאָ ניט צוליגן דעם עפּיטעט ווילד. אַ וואַלד איז ניט פֿרײַ פֿון זײַנע וואַלדישע געזעצן. אַ וואַלד איז אָפּהענגיק פֿון קלימאַט, אָפּהענגיק פֿון באָדן און פֿון נאָך און נאָך אויסערוואַלדישע באַדינגונגען. דער פֿאַרגלײַך מיט וואַלד איז דערעיקר כּדי אַנטקעגנצושטעלן אַ פּאַרק, וואו עס זײַנען פֿאַראַן פּלאַנירטע סטעשקעס, וואו טייל ביימער און קוסטן זײַנען אַרומגעשוירן, וואו טייל ביימער און קוסטן זײַנען אַרײַנגעפּלאַנצט געוואָרן, הכּלל וואו מענטשלעכע הענט האָבן אָפּגע־שאַפֿט דאָס פֿון־זיך־געוואָרענע.

דאָס לעבעדיקע רעדן אין זײַן דיאַלעקטישער באַאַרבונג איז געגליכן צו אַ טייך וואָס קען אַוועקשטראָמען הונדערטער מײַלן ווײַט פֿון זײַן אַרויס־קוואַל, וואָס זײַן געלעגער איז פֿאַרשיידנדיק, וואָס עס פֿאַלן אין אים אַרײַן בײַטײַכן און ברענגען מיט פֿאַרשיידנדיקע וואַסערן. בײַט זיך די טיף פֿונעם טײַך, בײַט זיך זײַן ברייט, בײַט זיך די שטאַרקייט און די גיכקייט פֿון זײַן שטראָמען און גאָר אַ סך בײַטן זיך זײַנע ברעגן — איידער דער מענטש איז געקומען רעגולירן און אויסניצן זײַן שטראָם, איידער דער מענטש האָט גענומען צופּאַסן ברעגן צו זײַנע אייגענע באַדערפֿענישן.

די בײדע פֿאַרגלײַכן צו אַ וואַלד און צו אַ טײַך העלפֿן אַרײַנבליקן אינעם מהות פֿון אַ לעבעדיק גערעדט לשון... און מע דאַרף דערבײַ האָבן

אין זינען אַז אַלע פֿאַרגלײַכן זײַנען קרומע. אין די גליקלעכע פֿאַלן װײַזן זיי בלויז אויף אַ טיילװײַזער ענלעכקייט. זיי זאָגן נאָר אַז שפּראַך איז ניט קיין „געזעלשאַפֿטלעכער אָפּמאַך", איז ניט שׂכלדיק־פּלאַנירט, אַז שפּראַך האָט אין זיך אַזױנס װאָס מע קען אָנרופֿן סטיכיש, אַז עס איז דורותדיק, געירשנט און עס איז גלײַכצײַטיק בײַטעװדיק און אָפּהענגיק פֿון אויסערשפּראַכיקע פֿאַקטאָרן. אַזױ איז דאָס נאַטירלעכע דיאַלעקטישע רעדן בײַ אַ סטאַבילער באַפֿעלקערונג פֿון אַ באַשטימטער געגנט.

איבער די נאַטירלעך זיך אַנטװיקלטע דיאַלעקטן קען אויפֿקומען אַ שותּפֿישע ראַם װאָס פֿאַראייניקט זיי אין די ברייטערע גרענעצן פֿון אַ מדינה אָדער פֿון אַ נאַציע. די סיבות פֿון אַזאַ פֿאַראייניקונג קענען זײַן כלערלייאיקע, אי עקאָנאָמישע, אי קולטורעלע, אי באַװאוסטזיניק־פֿרײַהייטלעכע אי אַרויפֿ־געצװאונגענע — און איבער אַ צאָל דיאַלעקטן נעמט װאַקסן אַ כ ל ל־שפּראַך. איינעם אַנטװיקלען זיך פֿון דער כּלל־שפּראַך איז שוין פֿאַראַן אַ ביודעימדיק אַרײַנמישן זיך. עס האָט זיך געטראָפֿן אַז די שפּראַך פֿון איין געגנט זאָל עס װערן די כּלל־שפּראַך פֿאַר אַ גאַנץ צעװאָרפֿן לאַנד; דער פּרעסטיזש פֿון אַ קיניגלעכן הויף האָט דאָ געקענט האָבן די גרויסע השפּעה; איין צװײַג פֿון קולטור האָט דאָ געקענט געבן דעם מוסטער פֿאַר די אַנדערע. עס האָט דאָ שטענדיק מיטגעשפּילט די ליטעראַטור־שפּראַך, װאָס אַפֿילו אין אירע התחלות װערט זי צום טייל די כּלל־שפּראַך. אין דער װײַטערדיקער אַנטװיקלונג נעמט אײַנדאַרן דאָס דיאַלעקטישע און דאָס כּללישע פֿאַרפֿעסטיקט זיך אַלץ מער און מער אויפֿן חשבון פֿון אָרטיקן, דיאַלעקטישן רעדן. דאָס איז פֿאָרגעקומען מיט אַלע אייראָפּעאישע קולטור־לשונות זינט אַן ערך אָנהייב 19טן יאָרהונדערט.

2. זייער קאָמפּליצירט איז די גאַנצע פּראָבלעם כּלל־שפּראַך אין ייִדיש. אויך דאָ איז כּלל־שפּראַך דאָס בשותּפֿישע און דאָס פֿאַראייניקנדיקע איבער די דיאַלעקטן. אויך דאָ איז די גראַמאַטיק פֿון דער כּלל־שפּראַך צום טייל נ אָ ר מ אַ ט י װ, װען די גראַמאַטיק פֿון אַ דיאַלעקט קען זײַן בלויז דעסקריפּטיװ. װעגן די כּוחות װאָס האָבן געשטויסן צו אַ כּלל־שפּראַך זען אין װײַטערדיקן קאַפּיטל אַרויסדרייד. אָבער בײַ אונדז האָט שוין כּלל־שפּראַך אַ סך אַ לענגערע געשיכטע. קיין קיניגלעכן הויף האָבן מיר ניט געהאַט, אַפֿילו ניט קיין ריש גלותא אין דער תּקופֿה אַשכּנז. און אויב מיר װייסן װאָס „דאָס װיגעלע פֿון ייִדיש" (מאַקס װײַנרײַכס אויסדרוק) איז געשטאַנען, איז דאָך אויך לויטיר ניט געװען לאַנג דער דאָמינירנדיקער געאָגראַפֿישער צענטער פֿון דעם ייִדישן לשון, װי עס איז געװען איל־דע־פֿראַנס פֿאַר פֿראַנצייזיש, פֿלאָרענס פֿאַר איטאַליעניש, קראָקע פֿאַר פּויליש, מאָסקװע פֿאַר רוסיש. און דאָך קומט אויס אָנצונעמען אַז שוין אין דער תּקופֿה פֿון לויטיר האָט ייִדיש געהאַט אַ כּלל־שפּראַך איבער די לאָקאַלע ריידענישן, לאָמיר אָנכאַפּן פֿון אַ קעלן און אַ שפּײַער. די ייִדישע געשיכטע האָט שוין אַזױ אײַנגעשטעלט אַז זעלטן זאָלן בלײַבן ייִדן דורותדיק־אײַנגעזעסן. אייגענע װאַנדערונגען, גירוש־ים, עקאָנאָמישע און קולטורעלע בינדונגען האָבן געהאַלטן אין איין אויס־

טאַשן די באַפֿעלקערונגען פֿון די באַזונדערע קהילות אויפֿן גאַנצן שטח פֿון מערבֿ־ייִדיש. אין דעם איז געווען דער כּוח ביים פֿורעמען כּלל־שפּראַך.

זינט מע האָט אָנגעהויבן דרוקן אויף ייִדיש אינעם 16טן יאָרהונדערט איז צוגעקומען די השפּעה פֿון דעם געדרוקטן וואָרט וואָס איז אין ערגעץ ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי ביי אונדז, שוין איבער דעם טעם וואָס קיין שום אַנדער פֿאָלק אין אייראָפּע איז ניט געווען אַזוי עבֿרידיק ווי דאָס ייִדיש־רעדנדיקע פֿאָלק. געבוג אַ קלער צו טאָן וועגן דעם כּוח וואָס האָט געשטעקט אין דער שפּראַך פֿון צאינה־וראינה. די ליטעראַרישע איבערשפּראַך האָט געמוזט אָפּרייבן און אָוועקרייבן אַ צאָל אָרטיקע באַזונדערקייטן. און די טייטשן אין די חדרים! כּלל־שפּראַך איז אומעטום אַ קאָנסערווירנדיקער כּוח, על אחת כּמה וכּמה ביי אונדז.

און פֿון דער צווייטער זייט האָבן מיר דאָך רעלאַטיוו שפּעט באַקומען אונדזער מענדעלע מוכר־ספֿרים מיט זיין ביודעימדיקן שטרעבן צו אַן אויס־געפֿורעמטער און פֿון אים כּמעט יחידיש איינגעשטעלטער כּלל־שפּראַך. ביז אים זיינען נאָר געווען די ערשטע פּרוּוון צו שרייבן איבערדיאַלעקטיש (אליעזר־צבֿי צווייפֿל, צום טייל קול־מבֿשׂר). ווייטער דאַרף מען דאָ דער־מאָנען אויפֿן וועג צו דער איצטיקער כּלל־שפּראַך דאָס וואָכנבלאַט דער יוד (1899—1902) און די ערשטע ייִדישע טעגלעכע ציימונג אין רוסלאַנד דער פֿריינד (זינט אָנהייב 1903), מיט גרויסע דערגרייכונגען אינעם לשון פֿון פּובליציסטיק דאַרף דערמאָנט ווערן דער חודש־זשורנאַל די יודישע וועלט (אונטער שמואל ניגערס רעדאַקציע) און אין אַמעריקע דאָס נייע לעבען (אונטער ח. זשיטלאָווסקיס רעדאַקציע). זינט די דערמאָנטע ציימשריפֿטן (און ציימשריפֿטן זיינען אויפֿטועריש אויפֿטוערישער און השפּעה־רייכער ווי די פֿיינסטע סטיליסטן־יחידים) גייט כּסדר די אַנטוויקלונג פֿון אונדזער היינטצייטיקער כּלל־שפּראַך, אַ פֿאַמעלעכע אַנטוויקלונג וואָס לעבט אויך איבער צוריקטריטן ערטערווייז, מיט כּסדרדיקע לעקסישע באַרייכערונגען און מיט אַ פֿון זיך סטאַנדאַרדיזירטער גראַמאַטיק, וואָס זי איז עס דער פֿונדאַמענט פֿאַר אונדזער קורס.

3. ביים סאַמע אָנהייב פֿאָפּולער מאַכן דעם באַגריף כּלל־שפּראַך איז זי פֿאָרמולירט געוואָרן אַז דאָס איז „די שפּראַך וואָס איז איבער אַלע דיאַ־לעקטן און ריידעניש, די שפּראַך וואָס פֿאַראייניקט אונדז איבער אַלע לענדער, וואו מע רעדט, מע שרייבט און מע לערנט ייִדיש". די ייִדישע כּלל־שפּראַך דאָס איז אונדזער וועלט־ייִדיש. ס'איז ביז אַ געוויסער מאָס אַן אַבסטראַקציע און ביז אַ געוויסן גראַד אַ קינסטלעך אויסגעפֿורעמטע פּרי. דערביי איז זי אויסגעוואַקסן אָן אַ באַרמיר־צענטער, ווייל ייִדיש האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין וועד־הלשון. אויך דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטי־טוט האָט אים ניט אָרגאַניזירט. אין די דריי־פֿערטל פֿון איצטיקן יאָרהונ־דערט איז געווען אַ ביודעימדיקע אויפֿגעוואַכטע אָנשטרענגונג צו אַ פֿולקום־סטאַנדאַרדיזירט ייִדיש און ניט געקוקט אויף אונדזער צעשטויבטקייט האָט גובֿר געווען דער פּראָצעס פֿון פֿאַראייבהייטלעכן. הונדערטער, הונדערטער

שרײַבערס, לערערס, רעדנערס, געזעלשאַפֿטלעכע טוערס און דאָס הײַפֿעלע פֿאָרשערס האָבן זיך באַטייליקט אין אָט דעם פּראָצעס. אַוודאי וואָלט אונדזער כּלל־שפּראַך שוין געשטאַנען אַלפֿן־העכער ווען דער מאַוימדיקער חורבן אין אונדזערע טעג מיט זײַנע זעקס מיליאָן קדושים וואָלט ניט צעאַשט דעם פֿעסטן, דורותדיק־צעוואַקסענעם קערן פֿון ייִדיש אין מזרח־אייראָפּע. אויך די שפּראַכיקע אַסימילאַציע אין אַלע אימיגראַציע־לענדער וואָלט ניט געהאַט איר זיך־פֿאַרלייקנדיקן אימפּעט. און ניט געקוקט אויף אַלע גיהנומשע פּור־עניותן וואָס ייִדיש האָט דורכגעמאַכט איז ניט צעפֿאַלן אונדזער כּלל־שפּראַך. זי איז אַ לעבעדיקער יש.

דעם נאָרמירער קומט אויס צו לעבן אין אַ וועלט וואָס איז מער ניטאָ. אויך איצט האָט ער פֿאַר זיך דרײַ שטימען וואָס דאַרפֿן באַשטימען: די דרײַ הויפּטדיאַלעקטן פֿון מזרחדיקן ייִדיש — דעם ליטווישן, דעם פּוילישן און דעם וואָליניער (לויטן פֿאָלקסטימלעכן נאָמען פֿאַר אוקרײַנע). אָבער ווען מע קומט צו פּרטים איז דער ענין ניט אַזוי פּשוט, ווײַל דעמאָלט דערזעט מען אַז איין הויפּטדיאַלעקט ווערט אַ מין פֿילקאָליריקער טעפּעך. וואָלט טאַקע געווען דאָס נאָרמירן איצט אפֿשר אַן אוממעגלעכע עובֿדא. צום גליק אָבער האָט זיך נאָרמירט אָן דעם נאָרמירערס אַרײַנמישן זיך. טאָר דער 'נאָרמירער' זיך ניט בונטעווען און ער דאַרף אָננעמען די גראַמאַטיק פֿון כּלל־שפּראַך אַזוי ווי זי האָט זיך אײַנגעשטעלט. ווײַזן ווי עס האָט זיך אײַנגעשטעלט און קומען צו פּשרות בײַ וואַקלעניש איז דער ציל פֿון דעם קורס.

4. די וועגן פֿון דעם 'סטיכישן' נאָרמירן זײַנען געווען געדרייטע. די רעזולטאַטן זײַנען ניט שטענדיק 'פּראָגרעסיווע'. קיינער ספֿקט ניט אין דעם אַז אין כּלל־שפּראַך מוז זיין איך וואַש זיך און ניט איך וואַש מיך וואָס מיליאָנען האָבן געניצט און אַז עץ און ענק בלײַבן מחוץ די גרענעצן פֿון דער כּלל־שפּראַך, אַפֿילו ניט ווי פּאַראַלעלע פֿאָרמען. דאָ הערשט די נטיה צום פֿאַראייפֿאַכן. אָבער ווען דער דאַטיוו ווײַבלעך פֿון באַשטימטן אַרטיקל איז אײַנגעשטעלט געוואָרן ווי דער (מיט דער מוטער) — איז עס אַ ווייטיקדיקער טעות פֿון איבערגעאײַלטן נאָרמירן. [איבערן גאַנצן פּוילישן דיאַלעקט, איבערן גרעסטן שטח פֿון ליטווישן דיאַלעקט איז דאָך געווען די לויט און דער נטיה צום פֿאַראייפֿאַכן דאָס בייגן סובסטאַנטיוון און אַדיעקטיוון וואָלט דאָך געדאַרפֿט אָנגענומען ווערן פֿאַר דער כּלל־שפּראַך די!]. אָבער שוין מיט אַ פֿופֿציק יאָר צוריק איז געווען צו שפּעט צו רעוואָלטירן קעגן דעם דער פֿון רײַסן און פֿון אוקרײַנער ריידעניש וואָס האָט געהאַט אַ דײַטשמערישן אָנשפּאַר. אַ בײַשפּיל פֿון אַן אַנדער מין איז די מערצאָל אויף ־ס פֿאַרן גאַנצן קלאַס ווערטער וואָס באַצייכענען דעם טוער אויף ־ער (די שנײַדערס, די לערערס). זיכער איז אַז בלויז אַ מיעוט איז נאַטירלעכערהייט געקומען צו ־ס. [אין פּוילישן דיאַלעקט, אין ליטווישן דיאַלעקט איז דאָ קיין ענדונג ניט געווען, בלויז אין די ריידענישן פֿון אוקרײַנע, אײַנגעפֿעסטיקט דאָרטן לכל־הפּחות זינט ר' נחמן בראַצלעווער.] אָבער דער קרײַז אַרום ייִוואָ און

ייִדישע לערערס האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר דעם ־ס וואָס פֿאַראייַנפֿאַכט און מע מעג אָננעמען אַז עס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער כּלל־שפּראַך.

אַוודאי וואָלט געווען געוואונטשן אין אַ וויסנשאַפֿטלעכער גראַמאַטיק דאָס באַשטענדיקע מאָטיווירן די אַלע כּללים און די אָנווײַזן אויף דעם וואָס איז קאָרעקט. ליידער איז בלויז אין עטלעכע שטעלן געווען מעגלעך דאָס מרמז זײַן. באַקומט זיך אַז דאָס וואָס איז אין־דער־אמתן אַ באַשרײַבן קען זיך אָפּדאַכטן ווי אַ נאָרמירן.

## ו. דער באַגריף הײַנטצײַטיקייט

1. לשון קען מען טאַקע צוגלײַכן צו אַ טײַך, אָבער דאָרטן איז ניט יענער מין שטראָם וואָס דער גריכישער פֿילאָסאָף הערעקליט האָט געטענהט אַז מע קען ניט צוויי מאָל אַרײַן אין אים, ווײַל דאָס צווייטע מאָל וועט שוין זײַן גאָר אַן אַנדער וואַסער. גראַמאַטיק איז בטבע קאָנסערוואַטיוו. אַוודאי וועט אַ געשיכטלעכע גראַמאַטיק פֿון ייִדיש האָבן צו פֿאַרצייכענען גרויסע שינויים אין די איבער טויזנט יאָר ייִדיש. ניט אַלע גראַמאַטישע פֿורמעס זײַנען אויפֿגעקומען גלײַכצײַטיק און געוויס אַזעלכע פֿורמעס זײַנען אָפּגע־שטאָרבן אין פֿאַרשיידענע צײַטן. עס איז אַבסאָלוט באַרעכטיקט דאָס אָפּטע אונטערשטרײַכן אַז מע פֿאַרנעמט זיך דאָ בלויז מיטן הײַנטצײַטיקן ייִדיש.

2. וואָס איז הײַנטצײַטיק פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אַ שפּראַך? אַ סך מער ווי דער לעצטער יאָרצענדליק. אַ סך מער ווי דער לעצטער דור. וואָרעם וואָס איז אייגנטלעך דער לעצטער דור? וואו איז די דאַטע פֿון זײַן אָנהייב? לאָמיר דעריבער סתּם אָננעמען אַז מע רופֿט אָן „דער לעצטער דור" דעם דור פֿון אַן ערך יונגע און פֿולקום־דערוואַקסענע, אין די צוואַנציקער ביז צו די דרײַסיקער יאָרן פֿון זייער לעבן. אין אַן אַנטוויקלונג וואָס איז נאָרמאַל איז דאָך דער שפּראַכיקער יסוד בײַם 'לעצטן דור' זײַן מוטערשפּראַך, דאָס הייסט דאָס לשון פֿון אַ דור פֿריִער. און ווי קען מען, ווי מעג מען אויסשליסן די זיידע־ און באָבע־שפּראַך? די הײַנטצײַטיקע שפּראַך איז די שפּראַך פֿון לכל־הפּחות די לעצטע דרײַ דורות. ווען מיר האָבן אין זינען אַ גרויס און אַן אַנטוויקלט לשון איז עס זיכער אַזוי.

3. און בנוגע ייִדיש ציט זיך די הײַנטצײַטיקייט לכל־הפּחות די לעצטע הונדערט יאָר. און דער וואָס פֿאַרנעמט זיך מיטן שטודירן דאָס הײַנטצײַטיקע ייִדיש נייטיקט זיך אין אַן אַרײַנבליק אין דער תּקופֿה פֿון פֿאַר־הײַנטצײַטיקייט, כּמעט ביז צו דעם אָנהייב פֿון נײַ־ייִדיש (1700? 1650?).

## ז. די טערמינאָלאָגיע

1. מיר נעמען אָן אַז דער וואָס נעמט אַרײַן אין די הענט אונדזער גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער כּלל־שפּראַך האָט שוין ערגעצוואו און ערגעצווען געלערנט אַ גראַמאַטיק פֿון אַ שפּראַך און דעריבער זײַנען מיר פּטור פֿון געבן דעפֿיניציעס פֿאַר די אָנגענומענע טערמינען אין גראַמאַטיק. מיר האַלטן

זיך בײַ טערמינען פֿון לאַטײַן. ניצט מען דאָ אומגעשטערט אַזעלכע ווערטער ווי: סובסטאַנטיוו, אַדיעקטיוו, פּראָנאָם, קאָניונקציע, פּרעפּאָזיציע, סוביעקט, פּרעדיקאַט, אָביעקט, אַטריבוט, קאַזוס, דעקלינירן, קאָניוגירן, פּאַסיווע קאָנסטרוקציע, מאָדוסן פֿון ווערבן, נאָמינאַטיוו, אַקוזאַטיוו, דאַטיוו, פּאָסעסיוו, דירעקטער אָביעקט, אומדירעקטער אָביעקט, אָביעקטיוו, נייטראַלער מין פֿון סובסטאַנטיוון, קאָמפּאַראַטיוו, סופּערלאַטיוו, פֿלעקסיע, סופֿיקס, דימינוטיוו, אימינוטיוו, לעקסיק, פֿאָנעטיק, פּאַלאַטאַליזירן און נאָך עטלעכע. ניט שטענדיק פֿאַלט צונויף דער אינהאַלט פֿון די אַלע גאַנגבאַרע טערמינען מיט דעם וואָס מע קען געפֿינען אין אַן אַנדער גראַמאַטיק. אין די אַלע פֿאַלן ווערן די אַנדערשקייטן ברייט אַרומגערעדט בײַ די געהעריקע שטעלן.

2. מיר האָבן אויך טערמינען, גענומען פּאַרטיקערהייט, וואָס זײַנען אפֿשר ניט גענוג פּאָפּולער. בעטן מיר צו לייגן אַכט אויף זיי: מאָרפֿעם איז דער מינימאַלער באַטײַטיקער איינס אין אַ שפּראַך (אַזוי האָט פֿרײַנד־שאַפֿט־ן דרײַ מאָרפֿעמען און אויס־געֿ־נומ־ענ־ע פֿינף מאָרפֿעמען); היפּאַטאַקסיס און פּאַראַטאַקסיס ווערן באריכות אַרומגערעדט אין קאַפּיטל זאַץ, ענין ט; זאַצוואָרט — אין דעם זעלביקן קאַפּיטל, ענין ד; פֿראַזע (וואָס קען האָבן פֿאַרשיידענע באַטײַטן) — אין קאַפּיטל זאַצגלידער, ענין א; אַזוי ווערן אויך אויסגעטײַטשט די נעמען פֿאַר די פֿאַרשיידענע גרופּעס קאָניונקציעס. קאָאָרדינירונג און סובאָרדינירונג, וואָס טרעפֿן זיך אין דעם קורס בײַ עטלעכע געלעגנהייטן, נייטיקן זיך אפֿשר ניט אין אויסטײַטשן, אָבער זיי ווערן סײַ־ווי אויסגעטײַטשט. וועגן סינטעטישן און אַנאַליטישן שפּראַכבוי איז די רייד געווען אינעם אַרײַנפֿיר.

3. עס איז אָבער אויך אויסגעקומען לית־ברירה אײַנצופֿירן נײַע טערמינען. ווערן זיי אויסגעטײַטשט גאָר בקיצור און עס ווערט אָנגעוויזן וואו מע קען געפֿינען מער וועגן זיי:

אַקוזאַטיווישער ווערב — אַ ווערב וואָס פֿאַרלאַנגט נאָך זיך אַן אַקוזאַטיוו, אָבער איז ניט קיין טראַנזיטיווער ווערב, זען ווערב, ענין ב, פּונקט 6; זען זאַצגלידער, ד3.

קאָנווערב — אַנשטאָט ווערבאַלער צוגאָב (אויס, אָפּ, אײַן א״אַ), זען ווערב, יב.

ווערביד — כּלל־נאָמען פֿאַר אינפֿיניטיוו, פּאַרטיציפּ און גערונדיוו. זען קאַפּיטל ווערבידן.

גערונדיוו — איינער פֿון די ווערבידן, די פֿאָרעם אויף ־(ע)נדיק (זאָגנדיק, פֿליענדיק).

קוואַנטיטאַטיוו — די כּמות־פֿאַרבינדונג צווישן צוויי סובסטאַנטיוון (אַ קרוג זויערמילך, אַ זאַק ציבעלעס), זען סובסטאַנטיוו, ענין ז.

צוויײטיקער סובסטאַנטיוו — אַזאַ וואָס ווערט געשאַפֿן פֿון אַן אַנדער סובסטאַנטיוו אָדער פֿון אַ שטאַם פֿון אַן אַנדער ווערטקלאַס.

טרעף־אַלף — אַן אַלף וואָס זײַן פֿונקציע באַשטייט אין אַנווײַזן אויף אַן אָנהייב טרעף, למשל: אייער, דערציאונג, הינעראיי, וואַריאירן. זען אַרויסרייד, עניין ג, פּונקט 8.

## ת. וועגן אופֿן לערנען

1. דער צונויפֿשטעלער האַלט אַז עס איז פֿאַראַן אַ לאָגישע קייטלונג אין דעם סדר פֿון די קאַפּיטלען. ער מיינט אויך אַז גראַד די לעצטע צוויי (דער אַדווערב און דער ווערטער־סדר) זײַנען די שווערסטע. ער זעט אינעם סדר אויך דאָס אײַנטיילן אין באַזונדערע קאָנצענטערס. אַזוי איז דער ערשטער קאָנצענטער אַ קלענער און באַשטייט בלויז פֿון צוויי קאַפּיטלען: דער אַרויסרייד און דער אויסלייג; דער צווייטער קאָנצענטער באַשטייט פֿון פֿיר קאַפּיטלען: דער זאַץ און זײַנע מינים, די זאַצגלידער, די קאָניונקציעס, די אָפּשטעלצייכנס. דער דריטער קאָנצענטער איז דער סאַמע פֿונאַנדערגעוואַקסענער און ער באַשטייט פֿון זעקס קאַפּיטלען: דער סובסטאַנטיוו, די צווייטיקע סובסטאַנטיוון, דער אַדיעקטיוו, דאָס צאָלוואָרט, דער פּראָנאָם, די פּרעפּאָזיציעס. דער פֿערטער פֿאַרמאָגט דרײַ קאַפּיטלען: דער ווערב, די ווערבידן, דער אַדווערב. דער לעצטער קאַפּיטל איז דער אַרומנעמיקער, אין אַ געוויסן זינען דער אָפּשליסנדיקער. אויף אַזאַ אופֿן מיינט דער מחבר אַז מע קען לערנען אַט אין דעם סדר ווי מע געפֿינט אינעם בוך.

2. אָבער דאָס איז זיכער ניט קיין מוז. דער לערער מעג זיך האָבן זײַנע אַנדערע פֿאַרשטעלונגען. אים קומט דאָך אויס זיך צוצופּאַסן צו די קאָנקרעטע קענטענישן און צו די בלויזן פֿון זײַן קלאַס. אויך ווען מע נעמט זיך צו אַ באַשטימטן קאַפּיטל איז ניט קיין מוז דורכצונעמען אַלע ענינים וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דעם קאַפּיטל. אויף וואָסער הויכער מדרגה פֿון קענטענישן זײַן קלאַס זאָל ניט זײַן, האָט דער לערער דאָך פֿאַר זיך אַזאַ מאַטעריאַל וואָס ער וועט עס ניט קענען ״דעקן״ אין איין סעמעסטער. קומט אים סײַ־ווי אויס צו זײַן אַן אָפּקלײַבער בײַם אײַנשטעלן דעם סילאַבוס פֿאַרן געגעבענעם סעמעסטער אינעם געגעבענעם קלאַס.

3. כּמעט בײַ אַלע פּונקטן איז פֿאַראַן מער דוגמאות, מער אילוסטרירונגען ווי מע געפֿינט געוויינלעך אין אַ קורס גראַמאַטיק. די כּוונה איז דאָ אויך געווען צו געבן דעם לערער מאַטעריאַלן פֿאַר געניטונגען וואָס ער קען צונויפֿשטעלן אויף צו פֿאַרפֿעסטיקן בײַ די תּלמידים דאָס געלערנטע. בײַ אַ היפּשער צאָל פּונקטן זײַנען פֿאַראַן אָנרעגונגען צו שמועסן וועגן דעם שטייגער לעבן און לעבנס־באַגריף בײַם אַמאָליקן ייִדיש־רעדנדיקן פֿאָלק.

4. און וואָס און וויפֿל מע זאָל ניט לערנען פֿון אונדזער גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער כּלל־שפּראַך דאַרף עס זײַן פֿאַרבונדן מיטן לערנען די שפּראַך בכלל, מיטן לערנען רעדן, מיטן באַרײַכערן די לעקסיק פֿון די תּלמידים. גראַמאַטיק טאָר ניט זײַן קיין אָפּגעריסענער, קיין אָפּגעשניטענער אבֿר מן החי.

## II.

# דער אַרויסרייד

## א. דער כּללישער אַרויסרייד

1. דאָס לעבעדיקע לשון, די ריידשפּראַך, קומט אין דער דיאַלעקטישער באַפאַרבונג. יעדער דיאַלעקטישער אַרויסרייד האָט זיך זײַנע באַזונדערקייטן, זײַנע חנען און זײַנע מעלות און איז געוויינטלעך ליב און טײַער דעם וואָס איז אויסגעוואָקסן אין און מיט זײַן אַרויסרייד. דאָס ווערט דאָך אַ טייל פון יענער האַרציקייט און נשמהדיקייט וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דעם כּישוף וואָס מיר רופן מוטער־שפּראַך. ביודעים אָדער בלא־יודעים קומט אויס צו בײַטן דעם אייגענעם אַרויסרייד, ווען דאָס לעבן צווינגט אַרויף צו בײַטן די סביבה אין דער זעלביקער שפּראַכיקער ספערע. באַזונדער אָפט האָט עס אָנגעהויבן געשען זינט אַ שפּראַך קריגט אַ סטאַנדאַרדיזירטן און אַן איבער־דיאַלעקטישן אַרויסרייד.

ווען מע לערנט אַ לשון וואָס מען איז אין אים ניט אַרײַנגעבוירן און מע לערנט עס ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך איז אַוודאי נייטיק ניט בלויז צו זײַן באַקאַנט, נאָר צו זײַן באמת געניט אין דעם איבערדיאַלעקטישן, אין דעם כּללישן אַרויסרייד. [סײַדן מע האָט גאַנץ ספּעציפישע צילן זיך אָפּצוגעבן מיט איין באַשטימטן דיאַלעקט.]

2. די דיאַלעקטן פון הײַנטצײַטיקן מזרח־איראָפּעאישן ייִדיש זײַנען ניט אַזוי ווײַט איינער פון אַנדערן אַז עס זאָלן אַנטשטיין גרויסע שוועריקייטן, ווען עס דאַרפן זיך פאַרשטענדיקן, לאָמיר אָנכאַפּן, פיר ייִדן וואָס איינער איז פון ליטע, אַ צווייטער פון פּוילן, אַ דריטער פון וואָלין און אַ פערטער פון רומעניע. אַזעלכע סיטואַציעס האָבן כּסדר זיך געמערט זינט דעם מיטן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. עס וועקט זיך אויף זיך דער באַגער זיך גרינגער צו פאַרשטיין און עס נעמט פּינקלען אין אָנהייב אַן אומקלאָרע פאַרשטעלונג וועגן אַ כּללישן אַרויסרייד. פון זיך ווערט קאָנטיקער דער דראַנג צום כּללישן אַרויסרייד אין די גרויסע שטעט, וואו מען איז זיך צונויפגעלאָפן פון קליינע שטעטלעך, צעוואָרפענע איבער אַ גרעסערן שטח, און אַוודאי ווערט עס אַלץ מער לעבנסנייטיק אין אַלע לענדער פון מאַסן־אימיגראַציע.

3. אַרטיקע דיאַלעקטישע אַרויסריידן האָבן גענומען קריגן אַלץ מער און מער זײַטיקע אײַנשפּריצונגען. שוין אין מיטן פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן אין דרום זיך באַוויזן מלמדים פון דער ליטע; עס זײַנען אין דרום

אויך געקומען קאָלאָניסטן פֿון צפֿון; ישיבֿה־בחורים האָבן פֿון פּוילן זיך געצויגן אין די באַרימטע ישיבֿות פֿון ליטע און רײַסן. די גרויסע מגידים פֿלעגן אין איין יאָר דעקן גאַנצע געביטן און אויך וואַנדערנדיקע חזנים, וואָס זייער עבֿרי איז געווען מסוגל אַרײַנצוברענגען אַ ביסל צעמישעניש אין דעם טיף־דיאַלעקטישן אויפֿן דאַווענען. דערנאָך קומען די וועלטלעכע זינגערס, די אַקטיאָרן פֿון ייִדישן טעאַטער, שרײַבערס פֿון איין געגנט וואָס קומען אין אַן אַנדער געגנט פֿאַרלייענען זייערע ווערק, סתּם ייִדן מיט אַ ליבשאַפֿט פֿאַרצולייענען פֿון דער ליטעראַטור פֿאַר שכנים, פֿאַר קרובֿים, פֿאַר געסט. דער גרעסטער כּוח וואָס האָט בײַ ייִדן געפֿירט צו מער איינהייטלעכקייט אין אַרויסרעדן איז דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן, אַלע פֿאָרמען פֿון מער מאָדערנער כּלל־טוערײַ, די נײַע קרײַזלעך און גרופּעס, וואו עס האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן ייִדן, געבוירענע אין פֿאַרשיידענע ערטער. אין די ראַמען פֿון מזרח־אייראָפּע גופֿא איז בײַ דער שוועל פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה שוין געווען גרייט אַ קייט עיקרים פֿאַרן כּללישן אַרויסרייד.

צווישן בײדע וועלט־מלחמות, אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן פֿון דעם יאָרהונדערט, האָט אַ כּללישער אַרויסרייד גענומען שפּרײַזן איבער פּוילן צוזאַמען מיט די לעקטאָרן וואָס האָבן געהאַלטן זייערע רעפֿעראַטן אויף אַן „אינטעליגענטן", אויף אַ „ליטעראַרישן" ייִדיש. עס איז אויפֿגעקומען די ייִדישע שול, אַ נײַ מאַכטיק געווער פֿאַרן כּללישן אַרויסרייד. אַ היפּשע המוציא פֿון ליטוואַקישן שטח איז צוגעפֿאַלן דער פּוילישער רעפּובליק. אויף צוזאַמענפֿאָרן, אויף כּלערליי צונויפֿטרעפֿענישן האָט מען געהערט דאָס ליטווישע ייִדיש, אויף וויפֿל מע האָט בכּלל געהערט ייִדיש. אין די צוואַנציקער יאָרן איז געווען אויך אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אַ דרוק פֿון ליטווישן אויפֿן רעדן כּמעט איבער גאַנץ אוקראַיִנע. בײַ דער שוועל פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה זײַנען כּמעט איבער גאַנץ מזרח־אייראָפּע געווען שוין צוויי מינים ייִדישן: מיטן אָרטיקן אַרויסרייד און מיט אַ כּללישן, אַן איבערדיאַלעקטישן אַרויסרייד.

4. יעטווידער ייִדישער קיבוץ אין די לענדער פֿון אימיגראַציע איז ביז אַ געוויסער מאָס אַליין און פֿאַר זיך אַ קיבוץ־גליות פֿון ייִדיש־רעדנדיקע. אומאָפּהענגיק פֿון דער צאָל געקומענע פֿון דעם אָדער פֿון יענעם דיאַלעקט, האָט אומעטום זיך אָנוועקגעזעצט אויבנאָן דאָס ייִדיש מיט דער ליטווישער באַפֿאַרבונג. וואָס מער צומיש עס איז געקומען אין דעם היימישן לשון מצד ענגליש אָדער שפּאַניש, אַלץ געטרײַער איז מען געבליבן צום היימישן אַרויסרייד; וואָס שטרענגער מע האָט געוואָלט אויפֿהיטן די ריינקייט פֿון ייִדיש, אַלץ שטאַרקער איז דאָרטן געווען די השפּעה פֿונעם כּללישן אַרויסרייד. קיין שום ריכטונג, קיין שום אינסטיטוציע אָדער חבֿרה האָט זיך ניט פֿאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרן כּללישן אַרויסרייד, — אין דער לויף האָט זיך געפֿילט די נויטווענדיקייט פֿאַר קלאַנגיקער פֿאַראייניהייטלעכונג. בלויז געציילטע יחידים האָבן זיך ניט אונטערגעוואָרפֿן אַט דער 'סטיכיע' אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אין צפֿון־אַמעריקע זײַנען צוגעשטאַנען נײַע כּוחות

וואָס האָבן געשטויסן צום כּללישן אַרויסרייד: די פּראָפּעסיאָנעלע פּאַראייִנען, די פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, און אומעטום די נײַע סבֿיבֿה וועלטלעכע ייִדן. די טראַדיציע־געטרײַע זײַנען פֿון זייער זײַט אין אַ גרויסער מאָס דאָמינירט געוואָרן פֿון געקומענע פֿון ליטע. אין די אַזוי צו זאָגן „געמישטע" חתונות האָבן געקענט בלײַבן צוויי מינים ייִדישן, אָבער אויך דאָרטן איז דער כּוח פֿון ליטווישן ייִדיש געווען הערשערישער. עס איז ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען אַ מאַן אָדער אַ פֿרוי פֿון דער ליטע וואָס זאָלן האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם אַרויסרייד פֿון זייערן אַ ניט־ליטווישן בן־זוג.

5. אין לאַנד פֿון אימיגראַציע איז רעלאַטיוו שפּעטער צוגעשטאַנען צום פּראָצעס פֿון פֿאַרכּללישן דעם אַרויסרייד. דאָס איז ארץ־ישׂראל. ייִדיש אין ירושלים איז זינט אָנהייב 18טן יאָרהונדערט געווען דאָס ליטווישע ייִדיש, בעת דאָס אַלטע ייִדיש פֿון צפֿת האָט אויף זיך אַ בולטן פּוילישן שטעמפּל. ערשט אין די לעצטע עטלעכע יאָרצענדליגער ווערט קאָנטיקער די פֿאַראַלגעמיינערונג פֿון אַרויסרייד אין ארץ־ישׂראל. אַ סימבאָל פֿאַר דעם איז דאָס ייִדיש פֿון ראַדיאָ.

## בּ. דער יסוד איז אַ געלײַטערטער ליטווישער אַרויסרייד

1. פֿון דעם היסטאָרישן איבערבליק איז שוין קלאָר אַז דער יסוד פֿאַר אַ סטאַנדאַרדיזירטן אַרויסרייד איז געוואָרן דער ליטווישער. ער איז עס געוואָרן ניט אַזוי ווי ער איז פֿאַקטיש געווען אין ליטע אָדער אין רײַסן, נאָר אין אַן אויסגערייניקטער, אין אַ געלײַטערטער פֿאָרעם. קאָמפּליצירטע דיפֿטאָנגען פֿון עלטערע צײַטן זײַנען אין דעם אויסרייד פֿאַרשוואונדן געוואָרן. אויך דער ליטווישער ייִד, ווען ער גייט אַריבער פֿון זײַן דיאַלעקטיש רעדן צום כּללישן אַרויסרייד, קען ניט ווײַטער רעדן ווי ער איז צוגעוואוינט. ער מוז אַ היפּש ביסל בײַטן זײַנע רגילותן:

עס דאַרף אין זײַן לשון אַרײַנקומען אַ קלאָרער חילוק צווישן די קלאַנגען ס:ש, ז:זש, צ:טש, מע דאַרף זיך אויסלערנען ריכטיק, בולט און קלאָר זיי צו אַרטיקולירן.

2. דער ליטווישער ייִד דאַרף זיך אויסלערנען אַרויסצוברענגען דעם קאָנסאָנאַנט יוד, דעם יאָט, אין די ווערטער: ייִד, ייִדל, ייִדענע, ייִדיש־קייט, ייִנגל, ייִנגלווײַז, ייִנגער און נאָך אַנדערע פֿון די זעלביקע שרשים, אויך ווערטער פֿון דעם שניט: יצחק, ירמיה, יאוש, יחוס, יחוד, יבום, ישובֿ, ישובֿ־הדעת, יתור, יראה, יראת־שמים און אַנדערע (אומאָפּהענגיק פֿון אויס־לייג מיט איין יוד אָדער מיט צוויי יודן).

3. אין די ליטווישע רייִדענישן איז דאָ אַ פּלאָנטער צווישן דער פּרעפּאָזיציע צו, דעם קאָנווערב צו, דעם ווערבאַלן פּרעפֿיקס צע־, דעם פּאַרטיקל פֿאַרן אינפֿיניטיוו צו און דעם פֿרעג־פּאַרטיקל צי (אַלץ קלינגט אויף דעם זעלביקן אופֿן: 'צו' — 'דער שניי וועט צוגיי'ן', 'צו ווייסטו וואָס עס איז געשען?'). קומט אויס אײַנצולערנען וואו צו, וואו צע, וואו צי.

4. די הויפּט־שוועריקייט בײַם אַריבערגיין פֿון אַ ליטוויש רײדעניש צום כּללישן אַרויסרייד שטעקט אין דיפֿטאָנג וואָס ווערט אין שריפֿט באַצייכנט ױ. עס דאַרף אויסוואַקסן דעם קלאָנגיקער חילוק צווישן ברויט צום עסן און ברייט וואָס איז ניט שמאָל, הויך אַן אַדיעקטיוו און די הייך אַ סובסטאַנטיוו, טויג אויפֿצוטאָן און טייג צום באַקן, טויט ווײַל געשטאָרבן און טייט (הרגעט עמעצן), וואוינט אין אַ דירה און ווײנט מיט טרערן, דער גלויבן ווי אַ סובסטאַנטיוו און גלייבן ווי אַ ווערב, בוימל וואָס איז אַ פֿעטס אוןביימל, אַ קליינער בוים. אַזעלכע ווערטער וואָס דער ליטווישער ייִד איז געוווינט אײַנגעבוירן אַרויסצוברענגען מיט דעם דיפֿטאָנג [יי] און דאַרף איצט אַרויסברענגען מיטן דיפֿטאָנג ױ זײַנען פֿאַראַן אין די שווערע הונדער־טער און צווישן זיי אַזעלכע אָפֿטע ווי: אויג, בוים, פֿויגל, רויט, לויפֿן, קויפֿן און די פֿילצאָליקע העברעאיזמען ווי: משה, שלמה, עולם, מורא, טובֿה און נאָך און נאָך.

פֿון דער צווייטער זײַט קומען איצט אויף נײַע סיגאַנימען, ווען מע רעדט אַרויס דעם צייכן ױ שטענדיק און אַלעמאָל [אָי]: טויב איז אַ פֿויגל און טויב איז דער וואָס קען ניט הערן, קויל איז צום שיסן און קויל איז וואָס ברענט. הייסט עס אַז עס דאַרפֿן זיך איבערגרופּירן באַטײַטיקע בינדונגען. ווערט פֿאַרן ייִדן וואָס קומט צום כּללישן אַרויסרייד פֿון ערגעץ אין ליטע אַ נײַע האַרבע פּרשה אין לערנען זיך רעדן.

באַזונדער שווער איז דאָס אײַנלערנען זיך דעם קלאַנגיקן איבערבײַט ױ־יי. דאָ מוז מען מבֿחין זײַן און מדקדק זײַן און פּשוט־פּראָסט זיך אײַנ־לערנען: בוים — ביימל, ביימער; פֿויגל — די פֿייגל, דאָס פֿייגעלע און די פֿויגלען; גרויס — די גרייס; אויבן — דער אייבערשטער; געבויגן, געהויבן — בייגן, הייבן. פֿאַלן טאָקע זיגעגרס און אַקטיאָרן און רעדנערס אַרײַן אין אומבאַרעכטיקטע 'אויסבויגן', 'אָנהויבן', איך 'גלויב' ניט, ער 'רויבערט' ניט, זי 'רויטלט' זיך, דער 'אָנהויב' איז שווער. אַזעלכע און ענלעכע צו זיי פֿאַרריכטעניש זײַנען פּועל־יוצאס פֿון אַ פֿאַלשער גזירה־שווה אָדער נעמען זיך פֿון גאָר ענגע לאָקאַלע רײדענישן. און באַזונדערקייטן פֿון גאָר ענגע לאָקאַלע רײדענישן טאָרן דאָך אַוודאי ניט אַריבערגעטראָגן ווערן אין דעם כּללישן אַרויסרייד.

## ג. גרונטשטריכן פֿון כּללישן אַרויסרייד

1. דעם אַרויסרייד קומט אָן גאַנץ שווער זיך אַרויסצובאַפֿרײַען פֿון אויסלייג. כּדי זיך צו דערשלאָגן צו זײַן ריכטיקן פּרצוף דאַרף דער רײדער ניט פֿאַרגעסן אַז דאָס עכטע לשון איז דאָך בלויז דאָס גערעדטע און אַז דאָס געשריבענע לשון איז ניט מער ווי אַ שריפֿט־שאָטן פֿון דעם גערעדטן. די גרויסע ריי קלאַנגען און זייערע קאָמבינאַציעס דאָס איז די ערשטיקע ריי שפּראַכיקע סימבאָלן; אותיות און זייערע קאָמבינאַציעס זײַנען פּאַפּירענע סימבאָלן פֿון סימבאָלן, זײַנען צווייטיקע סימבאָלן. צווישן דיביידע מדרגות

פֿון די סימבאָלן מוז זײַן אַ מיטשטימונג, אַניט וואָלט אונדזער שרײַבן ניט געקענט באַשטיין פֿון אותיות. אָבער אַט די מיטשטימונג איז ניט קיין פּולקומע. צווישן די בײדע רײען סימבאָלן זײַנען אויך פֿאַראַן ווידעראַנאַנדן. אַ פּשוטע דוגמא פֿון אַזאַ ווידעראַנאַנד איז די פּרעפּאָזיציע אויף און דער קאָנווערב אויף. ניטאָ אין ייִדיש קיין איין דיאַלעקט וואו מע רעדט זיי אַרויס אַזוי ווי מע האָט אײַנגעשטעלט זיי צו שרײַבן: די פּרעפּאָזיציע איז אויף־דער־אמתן אַף אָדער אָף און דער קאָנווערב איז אוף אָדער אָף. עס איז מער אַן אויסדרוק פֿון אַ וואַונטש ווי אַן אָנזאָג בײַם כּללישן אַרויסזאָגן צו ווײַכן פֿון דעם וואָס די אויגן זעען און צו פֿאָלגן וואָס די אויערן הערן.

דאָ איז דער פּאַסיקער מאָמענט אויסצוזאָגן אַז חוץ די אַלע איבער־גערעכנטע היסטאָרישע סיבות בײַם ענין א, האָט דער כּללישער אַרויסרייד אין ייִדיש געמוזט גיין מיטן ליטווישן שטראָם, ווײַל אונדזער אויסלייג איז אין אַלע צײַטן געגאַנגען און גייט נאָך מער אין דעם הײַנטצײַטיקן ייִדיש לויט די קלאַנגען און דיפֿטאָנגען (מיט איין יוצא־מן־הכּלל) איבעם ליטווישן דיאַלעקט. קמץ־אַלף איז o, פּתח־אַלף איז a, ו איז u, י איז i, ע איז e, יי איז ey, ײַ איז ay. עמעצן פֿון אַן אַנדער דיאַלעקט קומט אָן שווערער זיך אויסצולערנען לייענען אויף זײַן מוטערשפּראַך.

2. דער כּללישער אַרויסרייד פֿאַרלאַנגט אַז מע זאָל קלאָר און גענוג שאַרף־אַרטיקולירט אַרויסברענגען דעם קלאַנג ה. זיכער דאַרף מען אויסמײַדן יענע סינאָנימען וואָס באַקומען זיך בײַ די וואָס האָבן ניט די פֿעאיקייט אַרויס־צוזאָגן דעם קלאַנג ה און עס ווערט אַלצאיינס: האַלט־אַלט, הענטל־ענטל, העק־עק, האַרב־אַרב, האַרט־אַרט, האָן־אָן, הון־און, הויב־אויב, הויך־אויך, היטל־איטל, הענג־ענג, הער־ער האָפּן־אָפּן, העקל־עקל, האַרץ־אַרץ, האָרן־אָרון, הונגער־אונגער, הייל־אייל, האָבער־אָבער, האַלטן־אַלטן, העלף־עלף.

אויך אין אַלע אַנדערע פֿאַלן, שוין אַן דער סכּנה צו 'סינאָנימיזירן', דאַרף דער קלאַנג ה ניט פֿאַרשלונגען ווערן, ניט באַוועלט ווערן, למשל אין די ווערטער: האָבן, האָגל, האָדעווען, האָוקען, האָז, האַלב, האַלדז, האַלט האָבן, האַלק, האַמער, האַנדל, האַנט, האַנטעך, האָניק, האַסטיק, האַק, האָר, האַר, האַרבסט האַרעווען, הובל, הוידע, הויז, הויזן, הויט, הויפּט, הויף, הונדערט, הונט, הוסטן און אַ סך אַנדערע. אַוודאי איז נייטיק ניט געשטרויכלט צו ווערן איבערן קלאַנג ה אין מיטן וואָרט, למשל אין די ווערטער: אַהין, אַהער, באַהאַוונט, אומגעהײַער, אַלקאָהאָל, סמאַהע און אַנדערע. וועגן ה אין העברעאיזמען זען ד4. מע מעג אויסקומען אָן דעם ה אין ווערטער וואָס הייבן זיך אָן אויף הר... ווי: הרובע, הרודע, הרעבליע. עס זײַנען גלײַכ־באַרעכטיקט: אײַלן זיך און הײַלן זיך, אײַליקע און הײַליקע צײַט.

3. דער טראָפּיקער למד און דער טראָפּיקער נון גיבן צו אַן אייגנאַרטיקע מוזיקאַלישקייט אויך צו דעם סאַמע פּראָזאַאישן ייִדישן זאַץ. דער טראָפּיקער למד שמייכלט צו יעדער גרעזל אויף גאַס און וועלטל און גלעקלט צום הימל מיט אַ חנדל פֿון אַ מיידל. דער טראָפּיקער נון, די אויגן פֿאַרטראָגן צו וואָלקנס,

דאַוונט מיט פֿלאַמיקן רצון צו לעבן און שטאַרבן ווי ייִדן. די זאַצן האָבן זיך אַנגעשריבן בלויז צו דעמאָנסטרירן ווי אָפֿט מע האָט די בײדע וואָקאַלישע למד און נון. בכן איז פֿאַרן ריכטיקן אַרויסרייד באמת גוואַלדיק וויכטיק, קלאַנגיק און ריכטיק אַרויסצוברענגען דאָס קלאַרנעטישע פֿון טראַפּיקן למד און דאָס וויאָלאָנטשעלישע פֿון טראַפּיקן נון, דאָס אַרויסרעדן זיי איז דאָך גרינג: די אָפּענע ליפּן דאַרפֿן געדענקען אַז פֿאַר די טראַפּיקע למד און נון קען ניט זײַן קיין שפּרענקעלע פֿון אַן אַנדער וואָקאַל און אַז דער טראַף ווערט געשאַפֿן צוזאַמען מיטן קאָנסאָנאַנט פֿאָרויס. בײַם זינגען אויף ייִדיש איז אַ חובֿ שטרענג אָפּצוהיטן די טראַפּיקייט פֿון למד און נון אומעטום און אַלעמאָל וואו זיי דאַרפֿן זײַן טראַפֿן־שאַפֿעריש.

פֿאַרשטייט זיך אַז אָנהייב טראַף קענען אונדזערע מוזיקאַלישע למד און נון ניט געמאָלט זײַן; זיי קומען צום סוף טראַף אָדער אין זײַן סאַמע מיטן. דער טראַפּיקער למד קען קומען נאָך אַלע קאָנסאָנאַנטן, חוץ נאָכן למד און נאָכן נון. ווען עס איז נייטיק צו שאַפֿן די פֿאַרקלענער־פֿאָרעם מיט איר סופֿיקס (דער טראַפּיקער למד) צו אַ סובסטאַנטיוו וואָס זײַן שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ למד, ווערט צווישן די בײדע למדן אַרײַנגעשטעלט כ, למשל: מיל — מיל־כל, מויל — מײַל־כל, קול [קאָל] — קולכל [קעל־כל]. פּרטים זען סובֿ׳, ח1—4. ווען עס דאַרף צוקומען דער פֿאַרקלענער־סופֿיקס ־לעך צום אַדיעקטיוו, קומט אַרײַן אַ בּ: געל — געלבלעך, העל — העלבלעך.

ווען עס איז נייטיק צו שאַפֿן די פֿאַרקלענער־פֿאָרעם פֿון אַ סובסטאַנטיוו וואָס זײַן שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ נון, ווערט צווישן נון און למד אַרײַנגעשטעלט ד, למשל: בײן — בײנ־דל, רע־גן — רע־גנ־דל, ניגון [ני־גן] — ניגונדל [ני־גנ־דל]. פּרטים זען סובֿ׳, ח4. דער טראַפּיקער נון קען קומען נאָך אַלע קאָנסאָנאַנטן, חוץ נאָך אַ טראַפּיקן למד, נאָך אַ מם און נאָך אַ נון און אין דעם רובֿ פֿאַלן אויך ניט נאָך נג און נק. ווען עס איז נייטיק צוצושטעלן די ענדונג דעם טראַפּיקן נון אין אַט די אויסגערעכנטע פֿאַלן, ווערט די ענדונג — ־ען, למשל: פֿלאָם — פֿלאַ־מען, זון — זו־נען, נאָדל — נאָד־לען, קלאַנג — קלאַנ־גען; קום — קו־מען, בריען — ברע־נען, עפּן — ע־פּע־נען. פּרטים זען סובֿ׳, ד1, ווערבֿיד בּ1—2 און אומעטום וואו עס רעדט זיך וועגן דער פֿלעקסיע ־ן (־ען). זאָל אויך ווערן נאָכאַמאָל אַרויסגעהויבן אַז ניט דער טראַפּיקער למד און ניט דער טראַפּיקער נון קענען קומען נאָך אַ וואָקאַל אָדער נאָך אַ דיפֿטאָנג.

אַ קלײנער צוגאָב: נאָך בּ און נאָך פּ קומט ניט אײגנטלעך קיין טראַפּיקער נון, נאָר אַ טראַפּיקער מם וואָס מוז אים פֿאַרבײַטן על־פּי דער פֿאָנעטישער נויטווענדיקייט. דער אויסלײג איז אויף דעם ניט מקפּיד, אָבער בײַם רעדן איז עס אַזוי: לייב — לײ־בם, ליב — לי־בם, ליפּ — לי־פּם, קנײַפּ — קנײַ־פּם, פּונקט ווי מיר רעדן אַרויס: טראָ־פּם, גראָ־בם, האָ־פּם, אוי־בם און אין די אַלע אַנדערע ווערטער וואו מיר טרעפֿן אין שרײַבן — ־בן און ־פּן.

4. אַ וויכטיקער מיטל אויפֿצוהיטן אָדער אַרײַנצובריינגען מער קלאַנגיקייט אין אונדזער לשון באַשטייט אין אַרויסזאָגן קלאָר און פֿולקום שטימיק סוף וואָרט די קאָנסאָנאַנטן בּ, ג, ד, וו, ז, און זש. אויך סוף וואָרט דאַרף בּ קלינגען ווי בּ מיט אַ ציטערן פֿון די שטימבענדער און ניט פֿאַרטונקלט אָדער פֿאַרטעמפּיקט ווערן אין אַ פּ, למשל: לײַבּ און ניט 'לײַפּ', גיבּ און ניט 'גיפּ'. אויך סוף וואָרט דאַרף ג קלינגען ווי ג און ניט ווי ק, למשל: זאָג און ניט 'זאָק', זעג און ניט 'זעק'. אויך סוף וואָרט דאַרפֿן מיר אַרויסרעדן און מע דאַרף זײַן פֿעאיק צו הערן דעם ד און ניט קיין ט, למשל: שנײַד און ניט 'שנײַט', ראָד און ניט 'ראָט'. אַזוי דאַרף אויך זײַן מיטן קלאַנג וו, למשל: בּריוו און ניט 'בּריף', יום־טובֿ [יאָנטעוו] און ניט [יאָנטעף]; אַזוי אויך מיטן קלאַנג ז און ניט ס, למשל: ווײַז און ניט 'ווײַס', רײַז און ניט 'רײַס'; לסוף אַזוי מיט זש און ניט ש, למשל: אַזש און ניט 'אַש', הירזש און ניט 'הירש'.

דאָ ווערט רעקאָמענדירט אַזויגס וואָס איז אַ בּפֿירושער אָפּווײַך פֿונעם אַחרי־רבים־להטות. די פֿולע שטימיקייט פֿון די דערמאָנטע זעקס קלאַנגען סוף וואָרט איז אַ כאַראַקטער־שטריך בּלויז פֿון דעם ליטווישן דיאַלעקט, אָבער עס וואָלט געווען אַן אָנווער אין קלאַנגיקייט, אויבּ מע זאָל מותּר זײַן אויף די שטימיקע קאָנסאָנאַנטן סוף וואָרט. דאָ באַדאַרף מען גראָד יאָ זיך רעכענען מיטן אויסלייג. פֿאַראַן אויך אַ גרינגע ישועה פֿאַר דעם וואָס איז אין ספֿק: אויבּ דאָס וואָרט איז אַ סובסטאַנטיוו — צוגעבּן דעם טראַפֿיקן למד פֿון דער פֿאַרקלענער־פֿאָרעם אָדער דעם טראַפֿיקן נון פֿון דער מערצאָל (אויבּ אַזוי ווערט געשאַפֿן די מערצאָל פֿונעם וואָרט); אויבּ דאָס וואָרט איז אַ ווערבּ — צוגעבּן דעם טראַפֿיקן נון פֿון אינפֿיניטיוו; אויבּ דאָס וואָרט איז אַן אַדיעקטיוו — צוגעבּן דעם טראַפֿיקן נון פֿון אַ פֿלעקסיע. און אין די אַלע פֿאַלן איז בּולט און דערווײַזיק, ווען מע קען אַ בּיסל איבּערפֿורעמען דאָס וואָרט אַז נאָכן קאָנסאָנאַנט אין ספֿק זאָל זיך באַקומען אַ וואָקאַל. דוגמאות: דאָס לײַבּ — די לײַבּער, גיבּ — מיר גיבּן, זעג — זעגן, שנײַד — שנײַדער, ראָד — רעדער, בּריוו — בּריוול, ווײַז — ווײַזן, הירזש — הירזשענע קאַשע.

5. פֿון דער צווייטער זײַט דאַרף מען בײַם אַרויסרייד זיך ניט אָקעגנשטעלן דער נאַטירלעכער און געוויינטלעכער קלאַנגען־אַסימילאַציע. אין ייִדיש געוועלטיקט גאַנץ אָפֿט די רעגרעסיווע אַסימילאַציע ווען דער ווײַטערדיקער אומשטימיקער קאָנסאָנאַנט ווירקט אויפֿן פֿריִערדיקן שטימיקן און רײַבּט אַוועק פֿון אים די שטימיקייט, למשל: איך שנײַד, דו [שנײַטסט], ער [שנײַט] (פֿאַרשטייט זיך אַז מע שרײַבּט: דו שנײַדסט, ער שנײַדט); איך זאָג, דו [זאָקסט], ער [זאָקט] (געשריבּן: דו זאָגסט, ער זאָגט); איך שרײַבּ, דו [שרײַפּט] (געשריבּן: דו שרײַבּסט, ער שרײַבּט). אויך אין די פֿאַרקערטע פֿאַלן, ווען די רעגרעסיווע קלאַנגען־אַסימילאַציע פֿאַרוואַנדלט אַן אומשטימיקן קלאַנג אין אַ שטימיקן, דאַרף מען זיך ניט שרעקן פֿאַר דעם און זיך ניט אַקעגנשטעלן בײַם אַרויסרייד. מעגן מיר אַרויסבריינגען פֿון מויל: [אויזדריקן] אַנשטאָט אויסדריקן, [וואָזדען] אַנשטאָט וואָס דען. און ווען די אַסימילאַציע ווירקט אין דעם וואָרט גופֿא, איז אַ חובֿ צו ווערן איר אונטער־

טעניק. דוגמאָות: דאָס וואָרט הקדש ווערט אַרויסגערעדט [העגדעש] דאָס וואָרט חשבון — ווערט אַרויסגערעדט [כעזשבם], דאָס וואָרט עקבער הערט מען ווי עגבער און דאַרף אויך אַזוי געשריבן ווערן, דאָס וואָרט עקדיש הערט מען ווי עגדיש און דאַרף אויך אַזוי געשריבן ווערן.

די פּראָגרעסיווע קלאַנגען־אַסימילאַציע, ווען דער פֿריִערדיקער קאָנסאָנאַנט איז משפּיע אויף דער שטימיקייט אָדער אומשטימיקייט פֿון ווײַטערדיקן, טרעפֿט זיך אין ייִדיש ווייניקער אָפֿט ווי די רעגרעסיווע. אַזוי האָבן מיר פֿון גייסט דו — גייסטו, זאָגסט דו — [זאָקסטו] (געשריבן: זאָגסטו) און אַזוי כּסדר. אַזוי רעדן מיר אַרויס: מיר [ווילציך] אַנשטאָט מיר ווילט זיך, ער [בעצעך] אַנשטאָט ער בעט זיך. מע דאַרף עס ניט אַריבערטראָגן אין דעם כּללישן אַרויסרייד, וואו עס דאַרף גילטן ווי אַ כּלל־גדול די נטיה פֿון אומשטימיקייט צו ש ט י מ י ק ײ ט, ניט פֿאַרקערט. און אַפֿילו דערבײַ קומט אויס זיך צו היטן, ווײַל מע טאָר ניט פֿון דעם סמך אין דער מערצאָל־ענדונג און פֿון דעם סמך אין פּאָסעסיוו מאַכן אַ ז. זען סוב׳ 3ד, 61.

6. אומבאַטאָנטע וואָקאַלן ווערן ניט אַרויסגערעדט אין זייער פֿולער פֿאַרביקייט, אין זייער גאַנצער שטימיקייט. אַן אומבאַטאָנטער וואָקאַל (און אַזוי אויך אַ דיפֿטאָנג) פֿאַרן אַקצענט קריגט די אַלגעמיינע באַפֿאַרבונג פֿון אַ און נאָכן אַקצענט די אַלגעמיינע באַפֿאַרבונג פֿון ע. בײַם טראַנסקריבירן ווערן אָט די אומקלאָרע וואָקאַלן פֿאַרצייכנט ווי a און ווי e. דאָס איז די נטיה און דאָס איז דער כּלל. אין אונדזער פּאָקטישן רעדן זײַנען דאָ פֿאַראַן אויך אָפּווײַכונגען צו דער באַפֿאַרבונג פֿון i. בײַ פּרעפֿיקסן און בײַ סופֿיקסן קומט אויס זיך צו רעכענען מיט זייערע אײַנגעשטעלטע וואָקאַלן און מע דאַרף אָפּהיטן כאָטש זייער באַפֿאַרבונג. בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען און ספּעציעל בײַ ניט־ייִדישע נעמען איז אַוודאי נייטיק מקפּיד צו זײַן אַז די אַלגעמיינע וואָקאַלישע באַפֿאַרבונג זאָל פֿאַרבלײַבן די אײַנגעשטעלטע, די אַריבערגענומענע, למשל: אַפּעלאַ׳ציע — מיט ע נאָך פּ, ניט קיין אַ און ניט קיין י; לו׳קסנבורג און ניט ׳לוקסנבערג׳.

7. קיין טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן ווערן ניט אַרויסגערעדט. דערבײַ דאַרף מען ניט זיך רעכענען צי אין דעם אויסלייג זײַנען זיי יאָ פֿאַראַן איבערן מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ אָדער זיי זײַנען ניט פֿאַראַן — איבעם אַרויסרייד זײַנען זיי ניטאָ! מע שרײַבט פֿאַררעכענען, אָבער מע זאָגט פֿאַ־רע־כע־נען; מע שרײַבט קראַנקייט, כאָטש דאָ זײַנען פֿאַראַן צוויי פֿאַרשיידענע מאָרפֿעמען: קראַנק פּלוס קייט, און מע רעדט אַרויס קראַנ־קייט. בלאָזזאַק רעדט מען אַרויס — בלאָ־זאַק, נאַכטטישל — נאַכ־טישל, אָפּפּאַטשן — אָ־פּאַטשן, אָננעמען — אָ־נעמען, אײַננעמען — אײַ־נעמען, אויפֿפֿירן — אוי־פֿירן, מיטטאַנצן — מי־טאַנצן, צוריקקערן — צורי־קערן, אויססדרן — אוי־סדרן, פֿאַררײַסן — פֿאַ־רײַסן און אַזוי ווײַטער.

איבער דער קלאַנגיקער אַסימילאַציע, אַרומגערעדט אין פּונקט 6, באַקומט זיך טעאָרעטיש אַז פֿון אַוועקגיין ווערט ׳אַוועגגיין׳ און פֿון דעם —

אָוּע־גיין. אַזוי ווערט אויך: אַוּע־געבן, אוי־זאָגן, אוי־זינגען, אָ־ברעכן, אָ־בײַטן. דער כּללישער אַרויסרייד וואָס רופֿט מקפּיד צו זײַן אויף קלאָרקייט בײַם אַרויסברענגען קלאַנגען קען דאָ קיין זאַך ניט בײַטן. אָבער דאָרטן וואו עס איז ניטאָ דער ענין טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן פֿאַרלאַנגט דער כּללישער אַרויסרייד ניט צו פֿאַרשלינגען קיין קאָנסאָנאַנטן. מע קען טאַקע הערן אָ־נעמען און מע ווייסט טאַקע ניט צי עס איז אָפּנעמען אָדער אָננעמען, אָבער אָ־נעמען מעג באַטײַטן בלויז אָננעמען, אָפּנעמען דאַרף אַרויסגערעדט ווערן אָפּ־נעמען. אַראָפּנעמען דאַרף קלאָר קלינגען אַראָפּנעמען, אָפּמעסטן דאַרף ווערן אַרויסגערעדט אָפּ־מעסטן און אַזוי ווײַטער. דאָ איז דאָך ניטאָ קיין קלאַנגיקע אַסימילאַציע, נאָר סתּם אומפּינקטלעכקייט אָדער אָפּגעלאָזנקייט בײַם אַרויסרעדן, וואָס טאָר ניט זײַן.

8. דעם פֿריערדיקן פּונקט וואָלט מעגלעך געווען צו פֿאָרמולירן אַזוי: אין מיטן אַרויסברענגען אַ קאָנסאָנאַנט קען ניט זײַן אין ייִדיש דער גרענעץ צווישן איין טראַף און אַ צווייטן. אָבער עס קומט יאָ אויס צו זאָרגן וועגן גרענעץ צווישן טראַף און טראַף אין די אַלע פֿאַלן וואו על־פּי אונדזער אויסלייג ווערט אָפּגעהיט דער אַזוי־גערופֿענער „שטומער" אַלף. מיר שרײַבן פֿאַראײַן און דער גרענעץ צווישן די ביידע טראַפֿן פֿון וואָרט איז פֿאַר־איין און ניט ׳פֿאַ־ריין׳. אַזוי דאַרף אויך זײַן אין באַקאויון — באַק־אוי־ון און ניט ׳באַ־קוי־ון׳, אין הינעראײַ — הי־נער־אײַ און ניט ׳הי־נע־רײַ׳.

דער „שטומער" אַלף איז דאָ גאָרניט קיין שטומער. לאָמיר אים אָנרופֿן טראַף־אַלף. ער פֿירט דורך אַ ספּעציעלע פֿונקציע, ער ווײַזט אָן וואו עס הייבט זיך אָן דער טראַף. אָט דער קלאַנג וואָס ווערט בײַם פֿאָנעטישן טראַנסקריבירן באַצייכנט ווי אַן אַפּאָסטראָף (׳) איז אַ קוים־קוים אַרטיקולירטער קאָנסאָנאַנט און ער ווײַזט אַז די פֿאַרמאַכטע שטימבענדער עפֿענען זיך, אַז די לופֿט רײַסט זיך דורך דעם שטימשפּאַלט מיט עפּעס אַ ברעקעלע קנאַל. לאָגיש און פֿילאָלאָגיש איז עס דער זעלביקער אַלף אָנהייב טראַף אין: פּעאיק, וואַריאירן, טואונג, זעאונג, קאָנסטרואירן, שניאיק און אומעטום וואו אַ טראַף הייבט זיך אָן נאָך אַ וואָקאַל אָדער נאָך אַ דיפֿטאָנג.

9. אַן אײַנגעשטעלטער, אַ סטאַנדאַרדיזירטער כּללישער אַרויסרייד איז קוים מעגלעך אָן פֿאַר אַלע ריידערס בשותּפֿישע (אָדער כּמעט בשותּפֿישע) קלאַנגען ל און ר. דער ייִדישער למד איז בטבֿע אַ מער־ווייניק ווייכער, אַ פֿלאַכער למד. ער פֿאַרנעמט אַ צווישן־פּאָזיציע צווישן דעם פּאַלאַטאַליזירטן און גאָר האַרטן למד און ער פֿאַרנעמט צוויי נאָענטע מדרגות פֿון ווייכקייט. פֿאַרן קלאַנג [י] און צום טייל פֿאַר די דיפֿטאָנגען [יי] און [ײַ], אין אַ צאָל ווערטער פֿאַרן קלאַנג [ע] איז דער למד אַ ביסעלע ווייכער. ער איז אויך אַ ביסל ווייכער אין אַ היפּשער צאָל אינטערנאַציאָנאַליזמען. אָט האָבן מיר מוסטערן פֿון אָט דעם אַ ביסל ווייכערן למד: ליב, ביליק, פֿרילינג, לײַדן, לײַטערן, לייקע, לעבעדיק, לעבער; רעוואָלוציע, לעגאַל, לעגענדע, לוקסוס, לונאַטיקער. ייִדיש האָט ניט קיין באַזונדערע באַצייכענונג פֿאַר אָט דעם אַ

ביסל ווײַכערן לַמד און עס האָט ניט קיין זיבען עס אַרײַנצופֿירן, ווײַל דער אונטערשייד צווישן די ביידע מדרגות פֿון ווייכקייט איז אַ קלײנער און אַן אינדיווידועל־וואַקלדיקער. עס איז נײטיק בלויז צו ווײַכן פֿון דעם גאָר האַרטן לַמד און צו ניצן דעם פּאַלאַטאַליזירטן לַמד סך־הכּל אין אַ טייל ווערטער פֿון סלאַוויש ווי: ליאַלקע און ליולקע (אויך דער צווייטער לַמד איז אַ פּאַלאַטאַליזירטער, הגם מיר קענען עס אין שריפֿט ניט באַצייכענען), שליאַך, טוליען, ליו־ליו, ליובען זיך. אָט דער פּאַלאַטאַליזירטער לַמד ווערט אָנגעוויזן דורכן יוד. אַגבֿ ווערט אויך אַזוי אָנגעוויזן דער פּאַלאַטאַליזירטער נון: ניאַניע, ניוכען, ניאַרען. אין ווערטער פֿון סלאַוויש מיט אַנדערע קאָנסאָנאַנטן איז ניטאָ קיין פּאַלאַטאַליזירונג. בכן איז עס סאָוועטיש, ניט ׳סאָוויעטיש׳.

אין דעם כּללישן אַרויסרייד דאַרף מען אויסמײַדן דעם האַרטן, דעם האַרבן ריש פֿון איין זײַט און דעם קוים־קוים־ריש וואָס איז נוטה צו אַ כ־קלאַנג פֿון דער צווייטער זײַט, אָדער אַזאַ וואָס איז גיכער אַ שוואַכע אָנצוהערעניש אויף אַ ריש ווי באמת אַ ריש. דאָס ייִדישע אַרויסרעדן דעם ריש קען זײַן אָדער אוּוואולאַריש, דאָס הייסט קלײנצינגלדיק, אָדער שפּיצצונגיק, ווען דער שפּיץ צונג רירט כּמעט אָן די יאַסלעס פֿון די אייבערשטע ציין. אין אַלע פּאָזיציעס, אָנהייב, אין מיטן און סוף טראַף — דאַרף מען קענען דערהערן דעם ריש.

10. כּלערליי פֿאַרשלינגונגען און פֿאַרקירצונגען וואָס מע הערט אין דעם געוויינטלעכן רעדן דאַרף מען ניט אַריבערטראָגן אין כּללישן אַרויסרייד. די ענדונגען ־ן [־ען] אין ווערבן און אין מערצאָל פֿון סובסטאַנטיוון זאָלן דערגיין צום הערער אָן דער נייטיקייט צו טרעפֿן וואָס מע וויל אים זאָגן. אַזעלכע קירצונגען ווי „כאָ געגעבן״ (דאָס הייסט: איך האָב...) אָדער „איכע קומען״ (דאָס הייסט: איך וועל ...) איז אייגנטלעך פֿאַרווערט צו ניצן, ווען מע שטרעבט צו קלאָרקייט און צו מאַקסימום פֿון אַ גרינג לעבן פֿאַרן הערער. אָבער די סעריעס אײַנגעשטעלטע קירצונגען בײַ די ווערבאַלע פֿאַרמען זייַנען ניט ווייניקער לעגיטים ווי די ניט־געקירצטע פֿאָרמען. אַזוי קען מען ניט געפֿינען קיין שום פּגימה אין אַזעלכע קירצונגען: כ׳מיין (איך מיין), ס׳רעגנט (עס רעגנט), ר׳טוט (ער טוט); איכ׳ל (איך וועל), דו׳סט (דו וועסט), ער׳ט (ער וועט), מיר׳ן (מיר וועלן), איר׳ט (איר וועט); כ׳וועל (איך וועל), ר׳וועט (ער וועט); כ׳האָב (איך האָב), ר׳האָט (ער האָט), ס׳האָט (עס האָט). זען אויך ווערב, ג7, ה2, ט3. מע טרעפֿט אין שריפֿט ׳מ׳זאָגט׳, ׳מ׳רופֿט׳, אָבער אַזוינס רעדט מען גאָרניט אַרויס אַנשטאָט מע זאָגט, מע רופֿט.

11. ווי אויף דעם אַחרון־אַחרון חבֿיבֿ קומט אויס זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פּעלן פֿון לאַנגע וואָקאַלן אין דעם כּללישן אַרויסרייד. דאָס האָט זיך אַרויסאַנטוויקלט איבער צוויי גרונטיקע סיבות: מיט יעדן דור איז געוואָרן אַלץ קלענער די צאָל ערטער וואו ייִדיש־ריידערס וואָס האָבן געהאַט אויפֿגעהיט אין זייער אַרויסרייד דעם חילוק צווישן לאַנגע און קורצע וואָקאַלן, און איבער דעם וואָס עס איז אין־לשער גרינגער אָנצוווערן אָט דעם חילוק ווי פֿאַר די וואָס האָבן אים ניט זיך אויסצולערנען אַרויסברענגען אַזאַ

חילוק אין זייער אַרויסרייד. אַזוינס וואָלט געווען גאָר אַ נייַס אין אַלגעמיינעם שטראָם פֿון שפּראַך־אַנטוויקלונג, וואו לאַנגע וואָקאַלן אָדער זיי שטאַרבן אָפּ און ווערן מגולגל אין קורצע אָדער זיי ווערן דיפֿטאָנגירט.

## ד. דער אַרויסרייד פֿון ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש

1. די טויזנטער ייִדישע ווערטער וואָס מיר רופֿן 'העברעאיזמען' און וואָס שטעלן צונויף דעם גרונטיקן און מאַכטיקן קאָמפּאָנענט פֿון ייִדיש זײַנען ייִדישע ווערטער און מע מוז זיי אַרויסרעדן ווי ייִדישע ווערטער און ניט ווי ווערטער פֿון לשון־קודש אין זייער פּינקטלעכער אַשכּנזישער הבֿרה אָדער ווי ווערטער פֿון עבֿרית אין זייער איצטיקער ספֿרדישער הבֿרה. שוין מיט אַ דרײַ דורות צוריק האָבן זיך אײַנגעפֿונען משׂכּילים וואָס האָבן דעמאָנסטרירט זייער קענען העברעאיש דורכן ניצן אַ צאָל ייִדישע ווערטער מיטן מלרע און מיט די פּינקטלעכע וואָקאַלן פֿון לשון־קודש על־פּי דקדוק. זינט אַן ערך דעם אָנהייב פֿון אונדזער יאָרהונדערט האָט בײַ אַ געוויסן קרײַז זיך פֿאַרגרעסערט די צאָל פֿון אַזעלכע צונויפֿפּלאָנטער־רערס און פֿאַרפּלאָנטערערס. איצט אין ארץ־ישׂראל הערט מען גאָרניט זעלטן אַז אַפֿילו די געוויינטלעכסטע ייִדישע ווערטער זאָלן אַרויסגעזאָגט ווערן כאַטאַ'ן און קאַלאַ', אַנשטאָט די ליבע לאַנג־דורותדיקע חתן און כּלה [כאָ'סן, קאַ'לע]. פֿון אַזאַ ווילדן אַרויסרייד שטאַרצט אַרויס ניט בלויז דאָס אומפֿאַר־שטיין וואָס דאָס איז אַ שפּראַך, נאָר אויך אַ פּחיתות־הכּבֿוד פֿאַר ביידע לשונות.

שלעכט שנײַדט דאָ אויך אָפּ אונדזער אייגענע מדינה וואָס הייסט אויף ייִדיש [מעדי'נאַס יִס־אָ'על] אָדער פּשוט [יִיסראָ'על] און ווערט גאָר [מעדינאַ'ט יִיסראַע'ל] צי [יִיסראַע'ל]. צי איז דען ניט קיין עוולה אונדזער מדינה אַז ווען מע רעדט וועגן איר אויף ייִדיש זאָל זי קריגן קלאַנגען ניט־ייִדישע. אַגבֿ דערמאָנט זיך דאָס ווערטל וואָס מע גיט איבער אין חיים־נחמן ביאַליקס נאָמען „גיי האָב רחמנות אויף אַ יאַטאָ'ם". עס זעט אויס אַז דאָס ווערטל איז געווען געצילט קעגן דער ספֿרדישער הבֿרה וואָס איז דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט ניט געווען צום האַרצן. אָבער אויך [יאָסוי'ם] איז ניט ייִדיש — ייִדיש איז בלויז [יאָ'סעם].

2. דאָס ריכטיקע אַרויסרעדן ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש איז דעם תּלמיד־חכמס אַרויסרייד. די דרײַ פּאָען (פֿישער, פֿליישער, פֿורמאַן) זײַנען אַ חשובֿער טייל פֿון פֿאָלק, אָבער אויך תּלמידי־חכמים זײַנען ניט מחוצן פֿאָלק. דאָס וואָרט ממה־נפֿשך שטאַמט אין ייִדיש פֿון דעם קרײַז תּלמידי־חכמים און מע האָט עס אַרויסגערעדט און מע רעדט עס איצט אַרויס [מימאָ'נאַפֿשעך] אָדער [מימאָ'נעפֿשעך]; דאַרף אַזוי פֿאַרבלײַבן דער ריכטיקער אַרויסרייד און ניט די פֿאַרשיידענע פֿאַרדרייעניש מיט אַ כּשרן פֿאָלקסטימלעכן שטעמפּל [מאָ'נעשעך, מאָ'נעסלעך, מאָ'נעשלעך]. פֿון מהיכא־תּיתי איז שוין בײַם תּלמיד־חכם געוואָרן [מאַכעטיי'סע], דאַרף עס אַזוי פֿאַרבלײַבן אין דעם ריכטיקן אַרויסרייד. דער צונויפֿגעזעצטער ווערב חוטא־

בעגל זײַן ווערט אַרויסגערעדט [כּויטע־בעאײַגל] זײַן; חוטא־בייגל זײַן איז נאָר אַ חכמהלע. דער צונויפֿגעזעצטער ווערב חוזר־בתּשובֿה דאַרף אַרויס־גערעדט ווערן מיט אַ תּ, ניט מיט אַ ת, ווײַל אין מויל פֿון תּלמיד־חכם איז שוין דאָס פּינטעלע געווען. בחצי־חינם רעדט דער תּלמיד־חכם [בעכאָ־צי־] און ניט ווי דער דקדוק וואָלט געהייסן [באַכאַצי׳].

הכּלל, ניט קיין פֿאַרדרייעניש אין מײַלער פֿון פּשוטע פֿאָלקסמענטשן און ניט די כּללים פֿון דקדוק באַשטימען פֿאַר אונדז דעם אַרויסרייד, נאָר ווי עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אין דעם אייניקן אינטעליגענטן קרײַז במשך פֿון דורות — בײַ תּלמידי־חכמים. טאָקע אין דעם צוזאַמענהאַנג קענען אויפֿקומען ספֿקות צי מען דאַרף אַרויסרעדן בּ אָדער בֿ, כּ אָדער כ, פּ אָדער פֿ, תּ אָדער ת, ווײַל אפֿשר אין דעם רובֿ פֿאַלן האָבן דאָך דאָ די תּלמידי־חכמים זיך ניט געהאַלטן בײַ דער שטרענגקייט פֿון דקדוק. עס איז ניטאָ קיין כּלל, קיין וועגווײַזער ביי אָט דעם פּונקט. ווערן איבערגערעכנט אַ צאָל אָפּטערע פֿאַלן מיט בּ — בבחינת, ביני־לביני; מיט כּ — בכּבֿוד, לכּבֿוד, בכּוח, בכּיוון, בכּוונה, בכּלל, הכּלל, בכּתבֿ, לכּף־זכות, דרכּי־שלום, וכּך היה (אָבער בכן, כּרוז); מיט פּ — לפּנים, בפּה־מלא, בפּה־אחד, לפּרט־גדול, לפּרט־קטן, להיפּך, אין רגע בלי פּגע (אָבער בפֿירוש, לפֿי זיינע רייד, לפֿני, בפֿני); מיט תּ — שתּיה, בשתּיקה, בתּמיה, בתּמימות, בתּנאי, בתּוכם, לתּורה, סתרי־תּורה, כּתּ, ווסתּ (אָבער פּתח). זיך מערקן: לכתּחילה.

3. אַן ענין וואָס איז פּרינציפּיעל ניט אָפּהענגיק פֿון איין שיכט, נאָר איז אַן אַלגעמיינער שטריך אינעם אַרויסרייד: וי און יי אין אַן אָפֿענעם טראַף, אָ און ע אין אַ געשלאָסענעם טראַף. דוגמאָות: סו־חר, סו־פֿר, שו־פֿט, או־רח, יו־רד, יו־רש, רו־צח, מו־פֿת, שו־נא, עו־פֿות, או־תיות און סוח־רים, סופֿ־רים, שופֿ־טים, אור־חים, יור־דים, יור־שים, רוצ־חים, מופֿ־תים, שונ־אים, עוף, אות. (בײַ אַן אַנדער אײַנטיילונג פֿון די טראַפֿן בלײַבט אויך אין מערצאָל דער וי: חו־בֿב און חו־בֿ־בים, משו־רר און משו־ר־רים, צו־רר און צו־ר־רים, בו־רר און בו־ר־רים, פּו־על און פּו־ע־לים און אַנדערע). אין דעם געשלאָסענעם טראַף איז דער וואָקאַל ע, למשל אין: גר, לץ, שם, יש, נס, קץ, שד, מעת־לעת, חטא; ווען דער טראַף ווערט אַן אָפֿענער, קען קומען דער דיפֿטאָנג יי, למשל: ג־רים, ל־צים, ש־מות, ש־דים (אָבער דאָ האָבן מיר אויך: [יעשן קעצן, מעסלעסן], ניסים, קיצים, [כאַטאָאים].

4. ווי אַ צוגאָב צו 2ג איז נייטיק צו וואָרענען וועגן קלאָר אַרויס־ברענגען דעם ה אין העברעאיזמען. מע דאַרף אים אין אַנהייב: הכּלל, הקי־צור, הלמאַי, הלוואַי. מע דאַרף דעם ה אין אַזעלכע ווערטער ווי: העוויה [האַוואָיע], העזה [האַזע], הלוואה, הוצאה, הכנסה, הוספֿה, המוציא, הלכה, הגדה (פֿון פּסח אָבער די אַגדה מיט אירע וואונדער־מעשׂיות), הבֿדלה, שהכּל, הפֿטורה, הזכּרת־נשמות. מע דאַרף אָפּהיטן דעם קלאַנג ה אין מיטן פֿון אַזעלכע ווערטער: קהל, קהילה, קהלשע, בהמה, עולם־הזה, עולם־הבא, ברוך־ה׳בא, אַהבֿת־ישׂראל, ברוכים־היושבֿים, תּהילים, תּהום, והאָ־ראיה, שיר־

השירים, אָדם־הראשון, בדיל־הדל ווערן. ספּעציעל זיך מערקן די העברעאיזמען מיט הת־ למשל: התלהבות, התפּעלות, התנצלות, התעוררות, התמנות און אַנדערע. פֿאַראַן אויך ווערטער וואו מע שרײַבט דעם ה, אָבער מע רעדט אים ניט אַרויס, למשל: ניט מאַכן קיין שהיות [שי־עס], אָפּקומען מיט שהי־פּהי [שיע־פּיע], מאַכן שהחינו [שעכעיאָנו], ראָש־השנה [ראָשע־שאָנע].

5. מע דאַרף אָפּהיטן די צווײטראַפּיקײט פֿון די ווערטער: כּעס, צער, טעם, רעש, שער און ענלעכע. פֿאַראַן דאָך אַ קלאָרער אונטערשייד צווישן דעם ייִדישן [צאַ׳ער] און דעם אַמאָליקן רוסישן צאַר, צווישן דעם געשמאַקן [טאַעם] און דעם נאַאיוון תּם, צווישן דעם [ראַעש] פֿון שופֿר־בלאָזן און דעם ראַש־ראַש פֿון אַטלעטישן לויפֿן, און אַ ספֿר האָט אַ [שאַר]־בלאַט, ניט קיין [שער]־בלאַט. בעל — איז שטענדיק איינטראַפּיק.

מע דאַרף אָפּהיטן די דרײַטראַפּיקײט פֿון די ווערטער: גאולה [געאו׳־לע], פּעולה, סעודה, בעילה.

6. מע דאַרף געדענקען וועגן דעם דיפֿטאָנג ײַ אין די ווערטער: טענה, דאגה, גאווה, תּאווה, מאמין, שאלה, מאמר, מאכל, מעשׂה, מערבֿ, מעריבֿ, קערה, מעשׂר, כּעסן, מעמד, יעלה, מעקר זײַן.

7. עס קומט צו אַ טראַף אין די העברעאיזמען וואָס הייבן זיך אָן מיט די פּרעפֿיקסן ו, בּ, ד, כּ, ל און דער אומבאַטאָנטער וואָקאַל קלינגט אין די פֿאַלן ווי ע אָדער יי. למשל: [ווייהאָ׳ אָדער וועהאָ׳] — ראָיה, [וויצידקאָסכאָ]; [בעדייע], [בייקאָוועד], [בעאיין]־אופֿן; [דעהיײַנו], ירושלים־[דעליטע]; [קעפּי], [קעדיי], [קעסיידער]; [לעגאַמרע], [ליימאָשל], [לייערעך], [לעאיבוד], [לייאָסיד], [לייהאָוודל]. דאָ רעדט זיך נאָר וועגן די פֿאַלן ווען עס איז פֿאַראַן אַ שוואָ אונטער די דערמאָנטע פּרעפֿיקסן, אויב די פּרעפֿיקסן האָבן אונטער זיך אַ נקודה — ווערט זי אויפֿגעהיט, למשל: אַ נײַער [וואַ׳יהי׳], מאַכן אַ [וואַ־יזו־ראַך], אָנקלאָגן צום [אונסאַנע]־תּוקף, שרײַבן אַ [לאַ־אַ־הו־ווי]־בריוול.

מע דאַרף דאָ האָבן אין זינען אַז אויב די דערמאָנטע אותיות פּרעזענטירן ניט קיין פּרעפֿיקסן, קומט דאָ ניט צו נאָך אַ טראַף ווי מיר טרעפֿן עס אין די ווערטער: ברית, ברירה, ברכה, בכורה, ברײַתא, בקיאות און אַנדערע; דבֿיקות, דבֿר־תּורה, דרוש, דריסת־הרגל, דרשה; כּרך, כּתובה, כּתיבֿה, כּתובֿים, כּבֿד־פּה, כּלי־זמר (דאָס הייסט קלעזמער); לבֿוש, לכה־דודי. אויך דאָ טרעפֿן זיך וואַקלעניש, ווי בײַ: ברוגז [ברויגעז און באַרויגעז], בעת־מעשׂה [בייס־מײַסע און בעאייס־מײַסע]. כּלומרשט ווערט אַרויסגערעדט: קלוימערשט, הגם דער כּ איז היסטאָריש גענומען אַ פּרעפֿיקס.

8. ייִדיש־רעדנדיקע ייִדן האָבן אונטער דער השפּעה פֿון אינדאָ־איראָפּעאישע לשונות זיך אויסגעלערנט אַרויסברענגען צוויי קאָנסאָנאַנטן אָנהייב וואָרט. איז דער שוואָ אָנהייב וואָרט פֿאַרשוואונדן פֿונעם אַרויסרייד. האָבן מיר דערפֿאַר נאָר צווייטראַפּיק אַזעלכע ווערטער ווי: תּשובֿה, תּבֿואה, תּפֿילה, תּרופֿה, פּרוטה, פּגימה, פּתיחות־(הכּבֿוד), פּלוני, פּסק־דין, פּרוזדור,

פּריציש; שבֿועה, שחיטה, שכינה, שליחות; גבֿורה, גדולה, גזילה, גזירה, גמילות־(חסד); סבֿרה, סחורה, סבֿיבֿה, סתירה, ספֿרדיש, ספֿירה; קדושה, קבֿורה, קללה, [קרישמע], קרובֿה; דבֿורה, דבֿיקות, דרשה; צדקה, צנועה, [צוואויאַק]; זמירות, זכיה, זריעה, זק(י)נה און נאָך אַ סך. עס ווערן אויך איינטראַפֿיק די ווערטער מיטן אָנהייב־שוואַ ווי: פּסק, זכות, דרוש, גזר, גבֿר, גבֿיר, סתּם, פּרט, פּני, פּסק, פּשט, קנס, שמד, שׂכר־(לימוד), תּחום, תּנאַי און אַנדערע. דאָ טרעפֿן מיר אויך יוצאים־מן־הכּלל און טאָפּעלע אופֿנים פֿון אַרויסרעדן: [גנייווע] און [גאַנייווע], [פּגירע] און [פּעגירע].

אין באַשטימטע פּאָזיציעס קלינגט דער שוואַ־נע ווי ע, יי און י. בדרך־כּלל טרעפֿט זיך עס בלויז נאָך י, ל, מ, נ, ר און פֿאַר ה. דוגמאָות: ירושה, ישועה, יתומה, ידיעה, יללה; לבֿנה, לוויה; מנוחה, מגילה, מסירה, מיוחס, מנשה; נשמה, נדבֿה, נקמה, נגידות, נבֿלה; רציחה, רשימה, רדיפֿות, רכילות, רפֿואה; בהמה, קהילה, בהלה, דהיינו, כּהונה. זיך מערקן דעם אַרויסרייד פֿון פּרי [פּיירע], פֿון אַשכּנז און אַשכּנזי [אַשקענאַז, אַשקענאַזי].

9. ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיטן קאָנסאָנאַנט יוד, מיטן יאָט, היטן אויף אין ייִדיש אָט דעם קאָנסאָנאַנט, ווי מע האָט געקענט עס זען פֿון די פֿריערדיקע פּונקטן. מע דאַרף זײַן געוואָרנט אויפֿצוהיטן דאָס קלאָרע קלינגעוודיקע אַרטיקולירן אין די ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט יִ (yi) ווי אין: יצחק, ירמיה, יחוס, יאוש, יחוד, ישובֿ, יראת־שמים, יסורים, יתור, יבום.

## ה. אָנווייַזונגען פֿאַר ספּעציעלע גרופּעס

1. הגם עס האָט זיך אײַנגעשטעלט דאָס שרײַבן די ווײַבלעכע נעמען מיט דער ענדונג ־יך, ־ינטע (משמעות כּדי דאָס אויג זאָל תּיכּף דערזען אַז מע האָט דאָ די ווײַבלעכע נעמען און ניט די אַנדערע פֿאָרמען אויף ־ן), דאַרף מען אָבער אַרויסרעדן דעם טראַפֿיק נון. דאָ ווערט אָנגעשריבן לויטן אַרויסרייד: לערע־רן, שנײַדע־רן, מאַכע־רן, אָרגאַניזאַטאָ־רן, דירעקטאָ־רן, חבֿרטאָ־רן, האָ־רנ־טע, גווי־רנ־טע, בע־רנ־טע, פּרינצע־סן, אויך: רבי־צן.

2. הגם מיר שרײַבן דעם פּרעפֿיקס גע־ ווערט רעקאָמענדירט אַז בײַם אַרויסרעדן זאָל מען גיכער דערהערן די יוד־באַפֿאַרבונג פֿון דעם ניט־אַקצענטירטן פּרעפֿיקס, ווײַל דאָס שטימט מיטן אַרויסרעדן אין אַלע נאַטיר־לעכע דיאַלעקטן: ׳גינומען׳, ׳גיזאָגט׳, ׳גישריי׳, ׳גיבייך׳ און אַזוי ווײַטער.

3. וואָס שייך דעם וואָקאַל אין ניט־אַקצענטירטן טראַף נאָכן אַקצענט, דאַרף מען הערן דעם יוד אין: ־יק, ־דיק, ־יש, ־ניק, ־עניש, ־ניש, למשל: פֿליישיק, ספּאָדיק, יחוסדיק, פֿונזיכדיק, ייִדיש, תּלמודיש, נודניק, ישובֿניק, רעדעניש, מאַטערניש. עס הערט זיך אויך אַ יוד פֿאַר אַ מם און פֿאַר אַ צדיק: אָ־רים (מיט ביידע באַטײַטן), בוי־דים, יסו־רים, געדע־רים; גרע־ניק, ער־גיץ, ע־מיץ. אָט די ווערטער קלינגען אַזוי ווי פּריץ.

4. אויפֿן שטח פֿון אומבאַטאָנטע וואָקאַלן האָט דער אויסליג גובֿר געווען דאָס אַרויסרעדן און די ענדונג ־לעך האָט זיך מער אויסגעשפּרייט

ווי דער מער נאַטירלעכער אַרויסרייד ׳־לאַך׳ און ־עלע, ־עלעך האָט געגומען אַרויסשטויסן ׳אַלע׳, ׳־אַלאַך׳ און ׳־אַלעך׳. עס איז אָבער ניט קיין חטא, אויב דער אַרויסרייד ווײַכט דאָ אָפּ פֿונעם אויסלייג. עס לוינט זיך אַרײַנ־צוברענגען וואָס מער פֿאַרשיידנקייט אינעם אַרויסרעדן די אומבאַטאָנטע וואָקאַלן. עס דאַכט זיך אַז דורכדעם געווינט דאָס עסטעטישע אינעם רעדן.

5. מע דאַרף מקפּיד זיין אויף ־לדז אין אַזעלכע ווערטער ווי: האַלדז, פֿעלדז, אינדזל, לינדז און ענלעכע; אויף ־נטש אין: מענטש, ווינטש, בענטש, פֿאַרענטש און ענלעכע.

6. בײַם אויסרעדן באַטאָנטע וואָקאַלן און דיפֿטאָנגען דינט געווייִנטלעך ווי דער אָנווײַזער דער אויסלייג. איז נייטיק די פֿאַרבינדונג ויִע אין טויער, טרויער, געדויער, פּויער, אויער, מויער, זויער און אַנדערע (און ניט: עווער, מאָווער, טראָווער און ענלעכע). ס׳איז נייטיק אויפֿצוהיטן דעם קלאָרן אַ פֿאַר נג און נק ווי אין: דאַנק, געדאַנק, קראַנק, געשאַנק, באַנק און ענלעכע; שלאַנג, געזאַנג, קלאַנג, דערלאַנג, באַנג און ענלעכע. אַוודאי איז ניטאָ אין כללישן אַרויסרייד קיין אָרט פֿאַר ׳טאָטע׳, ׳מאָמע׳, ׳זאָלץ׳, ׳שמאָלץ׳. בלויז דעם ע וואָס מע שרײַבט פֿאַר נג און נק קומט אויס אַרויסצורעדן יי: ׳ביינקען׳, ׳געדיינקען׳, ׳קריינקען׳, ׳איינג׳, ׳לייינג׳, ׳בריינג׳.

7. עס ווערט רעקאָמענדירט אַ ברייטהאַרציקע באַציאונג צו פּאַראַלעלע אופֿנים אַרויסרעדן. אָבער אַזוינס קען ניט זײַן אָפּהענגיק פֿון אַ יחידישן שטאַנדפּונקט, אַזוינס דאַרף זײַן אײַנגעשטעלט. עס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין דער פּראַקטיק פֿון כללישן אַרויסרייד אַזאַ סעריע פּאַראַלעלע אַרויסריידן:

געבוירן — געבאָרן, געפֿרוירן — געפֿראָרן, געוואויר ווערן — געוואָר ווערן, פֿאַרלוירן — פֿאַרלאָרן, געשוואוירן — געשוואָרן, געשוירן — געשאָרן, אָנגעוואוירן — אָנגעוואָרן;

איר זײַט — איר זענט, מיר און זיי זענען — מיר און זיי זײַנען;

מעגלעך — מיגלעך, קעניג — קיניג, דערמאָנען — דערמאַנען, קענען — קאָנען, רעדן — ריידן, ווערגן — וואַרגן, בלוי — בלאָ, גרוי — גראָ;

צוריק — קריק, קאַריק; וואָרעם — וואָרן; אים — עם; יאָ — יע; ניט — נישט; ניטאָ — נישטאָ.

פֿאַר כ: ליכט — לעכט, פֿאַר ר: הירש — הערש און ענלעכע.

עס זעט אויס אַז מע קען ניט אָוועקשטעלן ווי גלײַכבאַרעכטיקטע פֿאָרמען פֿון אַרויסרייד די נעמען פֿון די טעג אויף ־טאָג און אויף ־טיק, און עס קומט אויס אָפּצוגעבן די בכורה די ווערטער אויף טיק. אַזוי אויך איז ווייטיק פּאַסיקער ווי ווייטאָג, און פֿאַרקערט — מיטאָג פּאַסיקער ווי מיטיק. זייגן איז כללישער ווי זויגן, קלײַבן איז בעסער ווי קלויבן. קלעפּן לאָזט אין הינטערגרונט קלעבן און אַזוי אויך לעפּלעך לגבי לעבלעך. געזינד איז בלי־ספֿק די ריכטיקע פֿאָרעם און ניט געזינט, העלפֿאַנד און ניט העלפֿאַנט.

8. אין כללישן אַרויסרייד דאַרף מען אויסמײַדן די אַרײַנגעשטעלטע וואָקאַלן וואָס קומען אין פּוילישן ייִדיש און אין דרומדיקע רײדעניש נאָכן באַטאָנטן וואָקאַל צווישן ל און ר און דעם ווײַטערדיקן קאָנסאָנאַנט, למשל:

מילך (ניט מילעך אָדער מילאַך), עלף (ניט עלעף), קאַלך (ניט קאַלעך); מאַרק (ניט מאַרעק), מאַרך (ניט מאַרעך), האָרך (ניט האָראַך) און אַזוי ווײַטער.

9. פֿאַרשטייט זיך אַז פֿאַר אַ וואָקאַל און פֿאַר אַ דיפֿטאָנג איז דער אומבאַשטימטער אַרטיקל אַן אַנשטאָט אַ (זען סוב׳, ב4). דעם נון קען מען אַרײַנשטעלן אויך נאָך אַזאַ: אַזאַן עפּל, אַזאַן אײַטער. אָבער פֿאַרן כּללישן אַרויסרייד איז איבעריק דער אַרײַנגעשטעלטער מחיצה־נון (אָדער דער מחיצה־ריש) בײַ די אַנדערע פֿאַלן וואו עס טרעפֿן זיך צונויף צוויי וואָקאַלן אָדער אַ דיפֿטאָנג מיט אַ וואָקאַל פֿון דעם שניט ווי: ׳צון אים׳, ׳צון איר׳, ׳בײַן אונדז׳ אָדער ׳באַן אונדז׳ און ענלעכס.

די דערמאָנטע מחיצות קען מען ניט באַטראַכטן ווי אַבסאָלוט אומפֿאַרמײַדלעכע פֿאַרן ייִדישן אַרויסרייד: אָט זאָגן מיר אין אַלע דיאַלעקטן: באַוואָלען, באַערן, געענדיקט, צעעפֿנט, געאײַלט, די עפּל און אַן אַ סוף. בכן קען מען אויך בײַ דעם פּונקט גיין מיטן דרך פֿון די ליטווישע ייִדן.

10. מע דאַרף אַרויסהערן דעם ע פֿאַרן סוף־ריש אין די אינטערנאַציאָנאַליזמען פֿון דעם שניט: טעאַטער, מעטער, צענטער, זשאַנער, פּערימעטער, דיאַמעטער, אָקטאָבער, פּסיכיאַטער און ענלעכס.

11. דער כּללישער אַרויסרייד דאַרף מקפּיד זײַן אויפֿן אָ אין די ענדונגען פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען אויף ־טאָר און ־אַטאָר, למשל: אינסטרוקטאָר, אינספּעקטאָר, אָרגאַניזאַטאָר, דיקטאַטאָר, רעפֿאָרמאַטאָר.

12. מע דאַרף קלאָר אַרויסברענגען דעם יוד דעם קאָנסאָנאַנט, דעם יאָט, אין די ענדונגען פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען אויף ־יע, ־ציע, ־ציאָז, ־ציעז, ־יאַל, ־יעל און אַנדערע. דער פּונקט נעמט אַרום זייער אַ גרויסע צאָל ווערטער ווי: רומעניע, מעסאָפּאָטאַמיע, נאָרוועגיע, נאַציע, אָפּאָזיציע, פּראָדוקציע, ציוויליזאַציע, רעפֿאָרמאַציע; גאַראַנטיע, דימענסיע; אָפֿיציעל, אינדוסטריעל, אָפֿיציעז; סאָציאַל, אינדוסטריאַל, אָפֿיציאָז; פֿילאָלאָגיע, פֿילאָסאָפֿיע, געאָמעטריע; דירעקטאָריום, פּלוטאָניום.

13. ווען דער יוד קומט פֿאַר אַ וואָקאַל אינעם שורש פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַליזם, איז ער אויך אַ יאָט, אָבער עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע שרשים וואו דער יוד מוז אין אַרויסרייד פֿאַרבלײַבן דער געוויינטלעכער וואָקאַל י: ביִאָלאָגיע, ביִאָגראַפֿיע, דיִאַלאָג, דיִאַלעקטיק, היִאַטוס, פּיִעטעט, דיִעטע, ריִאָדע־זשאַנייראָ, די געטין דיִאַנע, טיִאַרע, ריִאַלטע, טריִאָ, וויִאָלעט, דיִאַפּאַזאָן, דיִאַפֿראַגמע און אַנדערע. אונטער די יודן קומט אַ פּינטל צו באַצייכענען דעם וואָקאַל.

14. אין אינטערנאַציאָנאַליזמען וואָס זײַנען רעלאַטיוו נײַע און אין געאָגראַפֿישע נעמען וואָס זײַנען ניט פֿאַרבונדן מיט אַ ייִדישן ישוב ווערט אויפֿגעהיט דער סוף־וואָקאַל, למשל: ראַדיאָ, אויטאָ; קובאַ, האַוואַנאַ, האַאיטי, האַוואַאי, טשילי.

15. עס דאַרף פֿאַרבלײַבן אין אַרויסרייד אָו און ניט מגוגל ווערן אין וי אין אַ נאָמען, למשל פּאָוסט (ניט פּויסט), קאָוטסקי (ניט קויטסקי). אָבער

סתם אין וואָרט דאַרף קומען ניט אָ און אויך ניט וי, נאָר אָוו — טאַוטאָ־לאָגיע (ניט טאַוטאָלאָגיע און ניט טויטאָלאָגיש), עראָנאַווט (ניט עראָנאַוט, ניט עראָנויט).

16. פֿאַראַן אַן אונטערשייד אין אַרויסריידן די יידישע ווערטער ווי מיין איך, גייט ער און די געאָגראַפֿישע נעמען דער שטאָט מעין, וואוינען אין סיגעיט. אויב מע קען דערפֿילן און אַרויסברענגען די צוויי פֿאַרשיידענע דיפֿטאָנגען, איז כּדאַי דאָס אַרויסצורעדן.

## ז. אָנווײַזונגען פֿאַרן אַרויסרעדן אַ צאָל פּרטים

1. די פּרעפּאָזיציע קיין וואָס ווײַזט די ריכטונג און דעם פּראָנאָם קיין (קיינער ניט, קיינע ניט) און דעם קיין וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פֿון אַן אַדווערב (זאָג ניט קיינמאָל) און דעם נעגאַטיוון אַרטיקל קיין (איך האָב ניט קיין בוך) רעדט מען אַרויס אַלצאיינס מיט דעם ד י פֿ ט אָ נ ג יי, מיט אַ צירה.

2. מע שרײַבט דעם קאָנוערב פֿונאַנדער, אָבער אַרויסרעדן דאַרף מען פֿאַנאַנדער.

3. לײַדן איז דער ווערב און לײַד, לײַדן, אַרויסגערעדט אויף דעם זעלביקן אופֿן, איז דער סובסטאַנטיוו. ווער עס מאַכט אַ חילוק אינעם אַרויסרעדן איז זיך טועה. בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט פֿריידן און ווי אַ גראַם צו פֿריידן ווערט אויך דער סובסטאַנטיוו אַרויסגערעדט ey.

4. דאָס וואָרט שמש און אויך שמשים, שמשדיק, משמש זיין ווערט אַרויסגערעדט מיט אַ שין־שׂמאָל, šames.

5. מע דאַרף אַרויסרעדן אומגעהײַער (ניט אומגעהויער).

6. דער כּללישער אַרויסרייד פֿאַר דער גרויסער שטאָט איז ניו־יאָרק (ניט דאָס פֿאָלקישע נעוויאָרק).

7. די הויפּט־שטאָט פֿון פֿראַנקרײַך איז פּאַריז (ניט 'פּאַריזש').

8. מע טוט אָן אַ הענטשקע (ניט קיין הענטשיקע). מען עסט אַ פֿערשקע (ניט קיין פֿערשיקע).

9. דער אַרויסרייד פֿון וואָרט איז מאַנצביל (ניט 'מאַנסביל').

10. מע דאַרף נעמען אַן אַנטייל (ניט קיין 'אײַנטייל').

11. אוודאי איז דער אַרויסרייד פֿיגצטער און פֿענצטער, אָבער עס קען בלײַבן אויך ערנסט, ניט דווקא ערנצט.

12. דער אַרויסרייד מוז זײַן ענדגילטיק (ניט 'אַנטגילטיק').

13. מע זאָגט שיכּור ווי [לאָט], אָבער אַבֿרהם און לוט [לויט].

14. די ריכטיקע פֿאָרעם פֿונעם וואָרט איז די נאָל (ניט די 'אָל').

## .III

# דער אויסלייג

## א. פֿונדאַמענטאַלע איינגעשאַפֿטן פֿון אויסלייג

1. זינט מע האָט אַנטדעקט דעם אופֿן פֿאַרצייכענען ווערטער מיט דער הילף פֿון אותיות וואָס זיי סימבאָליזירן קלאַנגען אָדער זינט אַן אַלף־בית איז געבוירן געוואָרן, זײַנען אויפֿגעקומען שאלות וואָסערע אותיות צו ניצן, דאָס הייסט עס האָבן זיך באַוויזן פּראָבלעמען פֿון אויסלייג. גאָר פֿרי האָט געמוזט זיך אַרויסשטעלן ווי שווער עס איז דורכצופֿירן (בײַם קריצן, בײַם אויס־קלעפּן, בײַם אויסהאַמערן, בײַם אָנצייכענען, בײַם אָנשרײַבן) דעם גרונטיקן געדאַנק אַז יעדער קלאַנג באַזונדער וואָס דאָס לשון פֿאַרמאָגט זאָל האָבן זײַן באַזונדערן צייכן. פֿון איין זײַט האָט געמוזט אויפֿקומען אַ שטרעבן דערצו אַז דער וועג פֿונעם קלאַנג צום אות זאָל זײַן אַ זיכערער, אַ באַשטענדיקער, אַן אַנטעוותדיקער; פֿון דער צווייטער זײַט איז דאָך געווען נאַטירלעך אַז ווי אָרעם אַ שפּראַך זאָל ניט זײַן אין קלאַנגען — איז נאָך אַלץ אוממעגלעך צו האָבן אַ באַזונדערן צייכן פֿאַר יעדן ניואַנס פֿון קלאַנג. די געשיכטע לערנט אונדז אַז ווי נאָר אַ פֿאָלק און אַ שפּראַך זײַנען דערוואַקסן דערצו אַז זיי דאַרפֿן, אַז זיי קענען האָבן אַן אַלף־בית, האָט מען אים גענומען פֿון אַן אַנדער שפּראַך (חוץ יענער וואָס איז געקומען מיט איר אור־אור־אַלף־בית). האָבן זיך באַוויזן פֿאַרמישעניש און צעמישעניש צווישן דער פֿאַרבינדונג קלאַנג־אות. אין דער עצם אידיי צו פֿאַרצייכענען, צו פֿאַרשרײַבן איז פֿאַראַן דער באַגער ניט בלויז צו קאָמוניקירן, נאָר אויך גובר צו זײַן צײַט, בעת דאָס לעבעדיקע רעדן איז אונטערגעוואָרפֿן דער טיראַניע פֿון צײַט. פּלאָנטערן זיך צונויף קנוילן מיט פּראָבלעמען פֿון אויסלייג. און ווען דאָס לעבעדיקע לשון בײַט זיך, טויגן ניט מער די פֿריִערדיקע אויסלייג־אופֿנים.

2. אויפֿן שטח פֿון אויסלייג שטויסן זיך צונויף מיט זייערע פֿאַרשיידנ־דיקע אינטערעסן טיילן פֿון דער זעלביקער שפּראַכיקער שותּפֿות. דרײַ רעזול־טאַטן זײַנען דאָ מעגלעך: אָדער עס בלײַבט ווי געווען און קיין שום שינויים ווערן ניט געמאַכט, אָדער עס אַרבעט זיך אויס אַ מין פּשרה, אָדער די דעה־זאָגערס אין דער געגעבענער געזעלשאַפֿט באַשטימען ווי ס׳דאַרף ווערן דער אויסלייג. האָבן געקענט שפּילן אַ ראָלע יחידים־רעפֿאָרמאַטאָרן, נאַציאָנאַלע פֿירערס, געלערנטע פֿאַרשערס פֿון זייער לשון, קיניגלעכע הויפֿן, קאַנצע־לאַריעס פֿון ביוראָקראַטן, פֿאַרשיידענע חבֿרות און גרופּעס — אַלץ לויט די באַדינגונגען פֿון אַ באַשטימט לאַנד אין אַ באַשטימטער צײַט. געזעלשאַפֿט־

לעבע קאַמפֿן, אַפֿילו רעליגיעזע קאַמפֿן האָבן געקענט זיך פֿונאַנדערפֿלאַקערן אַרום אויסלייג.

3. מע רעדט וועגן עטלעכע פּרינציפּן פֿון אַן אויסלייג. דער יסודיקסטער איז דער פֿאָנעטישער וואָס פֿאַרלאַנגט אַז אַן אות זאָל באַצייכענען נאָר איין קלאַנג, אַז איין קלאַנג זאָל האָבן אין זײַן רשות נאָר איין אות. אָט דער פּרינציפּ קען קוים דורכגעפֿירט ווערן ערגעצוואו אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. אַן אויסלייג קען זײַן מער פֿאָנעטיש אָדער ווייניקער פֿאָנעטיש. עס איז אים אָפֿט סותר דער היסטאָרישער פּרינציפּ וואָס הייסט אַריבערנעמען פֿון פֿריִער, פֿון דעם וואָס איז שוין געוואָרן אײַנגעשטעלט, כּדי עס זאָל קענען זײַן המשך און קולטור־טראַנסמיסיע פֿון דור צו דור. אין אַלגעמיינע שטריכן געוועלטיקט אויך דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ וואָס ראַנגלט זיך קעגן דעם פֿאָנעטישן יסוד פֿון אויסלייג און פֿאָדערט אַז אַ מאָרפֿעם זאָל שטענדיק האָבן בלויז איין געשטאַלט אין שריפֿט, אומאָפּהענגיק פֿון אַרויסרעדן די מאָרפֿעם אַזוי צי אַנדערש איבער אירע שכנות. בײַם אײַנשטעלן אַן אויסלייג, בײַם אַרײַנברענגען שינויים איז נייטיק צו האָבן אין זינען אויך אַ פּסיכאָלאָגישן פּרינציפּ וואָס רעכנט זיך מיטן אופֿן לייענען, מיט די באַוועגונגען פֿון די אויגן און וואָס שטרעבט אָפּצושאַפֿן מכשולים פֿון פֿאַרן לייענער. דאָ אַנטפּלעקן זיך די אינטערעסן פֿון דעם לייענער ווי אַ יחיד. ווען מע האָט אין זינען די אינטערעסן, אויך מחוץ־שפּראַכיקע אינטערעסן פֿון דעם ציבור לייענערס, ווערט אַנטבלויזט אויך דער געזעלשאַפֿטלעכער פּרינציפּ מיט זײַן אײַנשטעל וואָס עס איז גוט אָדער שלעכט פֿאַר דעם געגעבענעם שפּראַכיקן ציבור.

4. ווען מע טרעט אָפּ פֿון אַנטיקע צײַטן, הייבט זיך אַרויס נאָך אַ פֿונדאַמענטאַלע אייגנשאַפֿט פֿון אויסלייג: מע דאַרף זען דעם גרענעץ צווישן אַ וואָרט און אַ וואָרט.

## ב. דער אַלף־בית פֿון לשון־קודש

1. ווי אַלע אַנדערע לשונות וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געשאַפֿן פֿאַר זיך, האָט אויך אונדזער ייִדיש איבערגענומען דעם אַלף־בית פֿון לשון־קודש. איז געשען די שריפֿטלעכע צונויפֿקייטלונג צווישן דעם אייביקן לשון פֿון דעם ייִדן מיט דער נײַער שפּראַך וואָס ער האָט גענומען פֿורעמען אין די קאָנקרעטע באַדינגונגען פֿון אַשכּנז. אַלטע אותיות האָבן דערבײַ געמוזט זיך צופּאַסן צו קלאַנגען וואָס זײַנען אפֿשר פֿאַר די ריידאָרגאַנען געווען פֿרעמד און השפּעות האָבן זיך געצויגן אַי פֿון קלאַנג צום אות און אויך פֿון אות צום קלאַנג. ניט פֿאַר אַלע קלאַנגען האָט מען געקענט מיטאַמאָל, אין איין אָדער אין אַ פּאָר דורות, געפֿינען דעם בעסטן וועג וואָס זאָל קענען בלײַבן פֿאַרפֿיקסירט אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון ייִדיש. דערבײַ האָבן די קלאַנגען גופֿא זיך געקענט בײַטן. זײַנען אויפֿגעקומען שוועריקייטן און עס האָבן געמוזט אַנטשטיין בײַטענישן בײַם אײַנשטעלן די אותיות למשל פֿאַר f און פֿאַר v, שפּעטער אויף פֿאַר s און š.

2. במשך פֿון דורות האָבן זיך געביטן די השפּעות וואָס זײַנען געקומען מחוצן שטח פֿון אַשכּנז און זיי האָבן איבערגעאַנדערשט דעם אַרויסרייד פֿון לשון־קודש איבעם מויל פֿון די אַשכּנזישע ייִדן. דער אַרויסרייד פֿון לשון־קודש האָט געהאַט אַ ווירקונג אויפֿן אַרויסרייד בכלל און גרונטיקע שטריכן אין אַרויסרייד פֿון דעם נײַעם לשון האָבן געהאָלפֿן איבערפֿורעמען דעם אַרויסרייד פֿון לשון־קודש בײַם דאַווענען, בײַם לערנען די הייליקע טעקסטן. עס איז געוואָרן יענע קאָמפּליצירטע שפּיל פֿון ווירקונגען און קעגנווירקונגען וואָס האָבן אַרויסגעשמאָלצן אונדזער ייִדיש, דעם רעזולטאַט פֿון דעם וואָס ייִדן האָבן געלעבט צווישן ניט־ייִדן, אָבער געלעבט ווי ייִדן, פֿאַרבונדן און גלײַכצײַטיק אָפּגעזונדערט פֿון דער סבֿיבֿה, מיט אייגענע ייִדישע בינדונגען און מיט ייִדישע אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע וואַנדערונגען. און ווײַל מיר זײַנען פֿון סאַמע אָנהייב געווען עבֿרידיקע מענטשן האָט עס געווירקט אויפֿן אויסלייג.

3. בײַם צופּאַסן דעם אַלף־בית פֿון לשון־קודש צו די קלאַנגען פֿון דעם נײַעם לשון־אַשכּנז איז די שווערסטע פּראָבלעם געווען: וואָס טוט מען דערבײַ מיט די וואָקאַלן? עס האָט זיך געלייגט אויפֿן שׂכל אַז מע דאַרף אויסניצן די אמות־הקריאה, די אותיות א, ה, ו, י. ה איז אַן אָפּטער קאָנסאָנאַנט און אַזוי פֿיל ווערטער פֿון לשון־קודש ענדיקן זיך אויף ה. דער סימבאָל פֿאַר אַ ניט־אַקצענטירטן קלאַנג, וואָס סתּם אים ניט פֿאַרצייכענען אין שריפֿט איז געווען אוממעגלעך, איז געוואָרן א. זײַנען געבליבן בלויז צוויי אותיות, ו און י פֿאַר די גרונטיקע פֿינף וואָקאַלן און פֿאַר די דיפֿטאָנגען. לויט דער אַלטער שרײַב־טראַדיציע איז ו געבליבן דער צייכן פֿאַרן לאַנגן אָ־קלאַנג און פֿאַרן ו־קלאַנג, דער יוד איז דער חיריק. אויך דאָס פֿאַרטאָפּלען די יודן און דערנאָך אויך די וואָוון איז געווען אַ המשך פֿון אַן אויסלייג־טראַדיציע וואָס האָט זיך געצויגן אפֿשר נאָך פֿון פֿאַרן צווייטן חורבן. אויב מע האָט ניט באַצייכנט אויך אַן אַקצענטירטן וואָקאַל, איז עס אין דער ערשטער ריי געווען דער פּתח. ערשט העט שפּעטער, מסתּמא ניט פֿריִער ווי אין 13טן יאָרהונדערט, האָט מען גענומען אויסניצן דעם אַלף צו באַצייכענען דעם a־קלאַנג. ווי זשע האָט זיך אַרײַנבאַקומען דער ע צו באַצייכענען דעם e־קלאַנג? פֿאַראַן בלויז סבֿרות און די לעצטע איז אַזאַ: לכתּחילה איז ע געוואָרן אַסאָציאירט מיטן a־קלאַנג, ווי דאָס האָט אונטערגעזאָגט לשון־קודש, און ווען אויפֿן שטח פֿון גערמאַניש האָבן די אַלטע a־קלאַנגען אין ייִדיש גופֿא אַריבערגעוואָגלט צו e־קלאַנגען, האָט זיך אויך געביטן דער סימבאָל פֿון ע.

## ג. די צוויי אַקעגנדיקע טענדענצן אין 19טן יאָרהונדערט

1. דער אַלטער אויסלייג פֿון ייִדיש איז געווען אַ פֿאַרגליווערטער און ער איז ניט נאָכגעגאַנגען די שינויים וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין דעם גערעדטן לשון. אויב עס איז פֿון סאַמע אָנהייב געווען אַ ריס צווישן אויסלייג און אַרויסרייד, איז ער כּמעט מיט יעדן דור געוואָרן גרעסער. אין 16טן

יאָרהונדערט האָט מען שוין ניט פֿאַרשטאַנען געוויסע טראַדיציאָנעלע שטריכן פֿון אַלטן אויסלייג און צוליב דעם פֿאַרשפּרייטן זיך פֿון ייִדישן דרוק איז אויפֿגעקומען די נייטיקייט איינצושטעלן כּללים פֿאַרן אויסלייג. דער דרך איז געווען זייער אַ קאָנסערוואַטיווער און דאָס איינגעשטעלטע האָט זיך געהאַלטן כּמעט אָן שינויים במשך פֿון דריי הונדערט יאָר.

2. פֿון סוף 18טן יאָרהונדערט און אין פֿאַרלויף פֿון כּמעט דעם גאַנצן 19טן יאָרהונדערט האָט אַזוי ווי מיט גוואַלד זיך אַריינגעריסן אַ נייע טענדענץ: אַריבערצוגיין צום אויסלייג פֿון נייהויכדייטש. מע האָט גענומען דרוקן אויך טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן און אַריינשטעלן שטומע עיִנס און האָען; מע האָט שוין מער ניט געהאַט איבער זיך קיין הימל, נאָר אַ 'הימּמעל', גערעדט ניט צו איר, נאָר צו 'איהר'. דער דייטשמערישער אויסלייג איז עס געוואָרן דער אינטעליגענטער, דער 'ריכטיקער' פֿאַר די אַלע וואָס ייִדיש איז געווען אין זייערע אויגן זשאַרגאָן.

3. גלייכצייטיק איז געוואָרן שטאַרק און שטאַרקער די טענדענץ צו שרייבן און צו דרוקן אַזוי ווי דאָס פֿאָלק רעדט. פּיאָנערן זיינען דאָ געווען די דרוקערייען אין דרום, אין זשאָלקעוו און אין סלאַוויטע, און ערשט שפּעטער די דרוקערייען אין ווילנע. אָט די נייע נטיה איז פֿאַרקערפּערט געוואָרן אין די הונדערטער מעשׂה־ביכלעך, אין דעם וויכטיקסטן לייענשטאָף פֿאַר עמך, אין דער חסידישער ליטעראַטור און בּיסלעכווייז אויך אין דער ליטעראַטור פֿון פֿאָלקס־משׂכּילים מיט דער כּוונה צו פֿאַרשפּרייטן וויסן. דער ערשטער גרויסער יחיד וואָס איז בּיודעים און פּרינציפּיעל אָוועק פֿון דייטשמערישן אויסלייג איז געווען ר' מענדל סאַטאַנאָווער און אין די זעכציקער יאָרן האָט אויך אַ גרינטלעכן אופֿן רעפֿאָרמירט דעם אויסלייג דער באַוואוסטער לעקסיקאָגראַף יהושע ליפֿשיץ. יעדער פֿון די צוויי דערמאָנטע איז נאָכגעגאַנגען דעם אַרויסרייד פֿון זײַן דיאַלעקט.

4. אין דער ערשטער פּעריאָדישער אויסגאַבע אין צאַרישן רוסלאַנד, אין קול מבשׂר פֿון די 60ער יאָרן, האָט מען געשטרעבט דערצו אַז ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע דיאַלעקטן זאָלן אים קענען לייענען; האָט מען געמיינט אַז מע דאַרף דערצו זיך האַלטן נעענטער צום דייטשמערישן אויסלייג, הגם שטעלנווײַז זיינען געווען דורכרייסן לטובֿת דעם גערעדטן לשון. אין דאָס יודישע פֿאָלקסבלאַט פֿון די 80ער יאָרן האָט זיך פֿאַרשטאַרקט דער דייטש־מערישער, ריכטיקער דער דייטשישער אויסלייג. אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט די ייִדישע פּרעסע זיך אָנגעהויבן ממש פֿון דייטש מיט ייִדישע אותיות; בלויז אין איצטיקן יאָרהונדערט איז פֿאָרגעקומען די פֿאַמעלעכע פֿאַרייִדישונג.

עס איז געוואָרן קאָנטיק די נטיה צו געפֿינען אַ פּשרה צווישן דעם דייטשמערישן און דעם פֿאָלקישן אויסלייג. סוף 80ער יאָרן האָט שלום־עליכם זיך פֿאַרמאָסטן צו רעפֿאָרמירן דעם אויסלייג אין דער ריכטונג פֿון פֿאַרייִדישן. אָן אויפֿטועריש איבערבייט האָט אַריינגעבראַכט דאָס וואָכנבלאַט דער יוד אויפֿן גרענעץ פֿון ביידע יאָרהונדערטער, און די ערשטע טעגלעכע

צײַטונג אין רוסלאַנד דער פֿרײַנד איז געגאַנגען אויף דעם זעלביקן וועג. אַלע ייִדישע בלעטער אין רוסלאַנד זײַנען ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה געבליבן געטרײַ דעם פּשרה־אויסלייג פֿון פֿרײַנד.

## ד. דער מאָדערנער אויסלייג

1. פֿאַר, אויף און נאָך דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ פֿון 1908 האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו פֿאַרריכטן און אײַנאָרדענען דעם אויסלייג. די קאָנפֿערענץ האָט ניט נאָכגעלאָזן קיין אָרגאַניזאַציע און עס איז ניטאָ קיין פּראָיעקט וואָס זאָל זײַן פֿאַרבונדן דירעקט מיט טשערנאָוויץ, נאָר אַדאַנק דער קאָנפֿערענץ האָט מען גענומען אויסאַרבעטן פּראָיעקטן. פֿאַרשערס פֿון ייִדיש האָבן אײַנגעזען אַז ס'איז נייטיק אַ געוויסער צוריקקער צו טראַדיציע און אַז דער יסוד פֿון אויסלייג מוז זײַן דאָס הײַנטצײַטיקע גערעדטע ייִדיש.

אַ באַשטימענדיקע ווירקונג האָבן געהאַט די פּאָר אַרטיקלען וואָס יודא אַ. יאָפֿע האָט אָפּגעדרוקט אין די יאָרן 1909 און 1910, וואו עס איז אויפֿגעקלערט דער ענין טראַפֿיקע למד און נון, דערוויזן אַז מע דאַרף ניט קיין שטומע עינס פֿאַר זיי. אַ גרויסע השפּעה האָט געהאַט דער פּראָיעקט וואָס ב. באָראָכאָוו האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין ווילנער פּנקס פֿון 1913. די ערשטע צײַטונג וואָס האָט אָנגענומען דעם מאָדערנעם אויסלייג איז געווען די ווילנער לעצטע נײַעס אין די יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1917—1919 האָט זיך געדרוקט מאָדערן די קיִעווער נײַע צײַט. די טאָגצײַטונגען אין די באַלטישע לענדער, די פּראָווינצער בלעטער אין פּוילן און די וואַרשעווער פֿאָלקסצײַטונג האָבן איבערגענומען דעם מאָדערנעם אויסלייג וואָס איז אָבער ניט געווען אײַנגעשטעלט און ניט געווען פֿאַראייניקהייטלעכט אין אַלע פּרטים.

דער מאָדערנער אויסלייג גופֿא האָט זיך באַקומען ווי אַ פּשרה צווישן דרײַ כּוחות: דער טראַדיציאָנעלער סיסטעם, דעם געלײַטערטן אַרויסרייד אויפֿן יסוד פֿון ליטווישן דיאַלעקט, רעשטלעך פֿון דײַטשמעריש (למשל, דער פּרעפֿיקס גע־).

2. זלמן רייזען האָט דעם פֿאַרדינסט וואָס ער האָט דער ערשטער אין זײַן גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער שפּראַך, 1920, אויסגעאַרבעט אַ גענויען, אַ פּרטימדיקן פּראָיעקט תּקנות פֿאַרן אויסלייג. אויפֿן ערשטן שול־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע אין יוני 1921 האָט מען אָנגענומען זלמן רייזענס תּקנות מיט איין גרונטיקן שינוי — מע האָט אַרויסגעוואָרפֿן דעם שטומען אַלף אין מיטן וואָרט. די לעטלענדישע אָרטאָגראַפֿיע־קאָנפֿערענץ פֿון מײַ 1928 האָט כּמעט אין אַלץ צוגעשטימט צום אויסלייג פֿון דער ציש״אָ אין פּוילן, נאָר וועגן שרײַבן באַזונדער אָדער איינאײנעם פֿאָרמולירט אַנדערע תּקנות.

3. פֿון סאַמע אָנהייב האָט דער ייִוואָ, דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, געהאַלטן אַז אים וועט אויסקומען צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע

אינעם ענדגילטיקן אויסגלײַכן די פֿאַרשיידנקייטן בײַ די סיסטעמען פֿון מאָדערנעם אויסלייג. פֿאַרשטייט זיך אַז מיט דעם האָט געדאַרפֿט זיך פֿאַרנעמען די פֿילאָלאָגישע סעקציע, ניט ווי קיין געזעץ־געבערין, נאָר ווי די צוגרייטערין פֿון אַ פּראָיעקט וואָס דאַרף אָנגענומען ווערן, באַשטעטיקט ווערן אָדער אויך קאָריגירט ווערן פֿון אַן אָרטאָגראַפֿיע־קאָנפֿערענץ. [דער אויסלייג פֿון דער גראַמאַטיק פֿון דער יִדישער כּלל־שפּראַך איז דער זעלבער וואָס אין דעם גרויסן ווערטערבוך פֿון דער יִדישער שפּראַך. אַרויסגעבער]

## ה. דאָס אויסזען פֿון די אותיות

1. עס ווערט רעקאָמענדירט ניט צו שאַפֿן קיין נײַע אותיות און ניט צו שרײַבן ווי אַ v די צוויי וואָוון. אַזוינס האָט אין זיך אַן אומדרך־ארץ צום עם־הספֿר. דרוקן מיט נײַע אותיות דאַרף מען אַוודאי ניט.

2. מע דאַרף אָפּהיטן דעם חילוק צווישן כּף (k) מיט אַ פּינטל און כף (kh) אָן אַ פּינטל; דעם חילוק פֿון תּוו (t) מיט אַ פּינטל און תוו (s) אָן אַ פּינטל.

3. מע דאַרף אָפּהיטן דעם חילוק צווישן פּא (פּיי, p) מיט אַ פּינטל און פֿא (פֿיי, f) אָן אַ פּינטל און מיט אַ פּאַסיקל פֿון אויבן; דעם חילוק צווישן בּית (b) מיט אַ פּינטל און בֿית (v) אָן אַ פּינטל און מיט אַ פּאַסיקל פֿון אויבן.

די מאָטיווירונג פֿאַרן פּינטל אין בּית: אַזוי איז אין חומש, אין סידור און מחזור, אין דער הגדה, און מע זאָל ניט אָפּרײַסן דאָס אויסזען פֿון דעם אות פֿון טראַדיציאָנעלן לשון־קודשן אויסזען, פֿון אונדזער סאַמע בּראשית.

4. מע דאַרף אָפּהיטן דעם חילוק צווישן שין (š) אָן שום פּינטל און שׂין (s) מיט אַ פּינטל לינקס.

5. אין שריפֿט זײַנען דאָ דרײַ פֿאַרשיידענע אַלפֿן: פּתח־אַלף, קמץ־אַלף און אַן אַלף אָן אַ נקודה. וואו מע דאַרף זיי — זאָל מען למען־השם ניט פֿאַרגעסן ניט דעם פּתח און ניט דעם קמץ. דער אַלף אָן אַ נקודה קען זײַן אַ טראַף־אַלף אָדער אַ שטומער אַלף. דער טראַף־אַלף ווײַזט וואו עס הייבט זיך אָן דער טראַף. ער קומט אָנהייב וואָרט און אין מיטן וואָרט פֿאַר די וואָקאַלן ו און י און פֿאַר די דרײַ דיפֿטאָנגען וי, יי, ײַ: אונטער, אומעטיק, אומבאַטראַכט; טואונג, דואומווירעט, פֿאַראומערט, טויאיק, זעאונג; איבער, אינגאַנצן, אינסטיטוציע; געאיקעט, עגאָאיזם, פֿאַראיבל, וואַריאירן, פֿריאיק; אויג, אויפֿמישן, אויבנאָן; געאויקעט, באַקאויוון, זומעראויפֿס; אייבער, אייבערשטער, אייוועלע; אינאייגעם, פֿאַראייך, היבעראיי; אײַזן, אײַך, אײַלעניש; געאײַקעט, באַרגאײַז, געאײַל. וועגן טראַף־אַלף זען אַרויסרייד, ג8.

דער שטומער אַלף קומט אַרײַן צווישן צוויי וואָוון און אַ ווײַטערדיקן וואָוו. די מוסטערן: וואו, וואויבען. אָט דער שטומער אַלף איז געווען אין יִדישן אויסלייג זינט יאָרהונדערטער, עס ווערן ניט נייטיק קיין אויסטראַכטענישן פֿון נײַע אותיות, עס פֿאַרגרינגערט דאָס לייענען און איז ניט קיין הכבדה בײַם לערנען זיך לייענען.

6. אין שריפֿט דאַרפֿן זײַן דרײַ פֿאַרשיידענע וואָוון: ו, וּ און ֹו. ו איז אומעטום פֿאַרן וואָקאַל u. וּ קומט בלויז דעמאָלט ווען נאָך אים טרעפֿט זיך דער קאָנסאָנאַנט v, די צוויי וואָוון, משל: פֿרוּוון, סוּוואָלק, סוּוערען, לוּוער; צוּוואַרטן, צוּוויקלען, צוּוענדן. פֿאַרן שטומען אַלף איז דאָ ניטאָ קיין אָנשפּאַר אויף טראַדיציע און עס וואָלט געווען אַ הכבדה פֿאַרן לייענען אין אַזעלכע ווערטער ווי: 'צוואוואונק', 'צוואוואוינען', 'אוואוואולע'.

עס ווערט רעקאָמענדירט דער ֹו אין העברעאיזמען, ווײַל ער קען פֿאַר־גרינגערן דאָס לייענען: אוֹפֿן, אוֹהבֿ־ישׂראל, בוֹלט, גוֹרל, דוֹחק, הוֹרג, זוֹכה זײַן, חוֹלם, טוֹבֿה, יוֹרש, כּוֹתל־מערבֿי, לוֹעג־לרש, מוֹפֿת, נוֹקם־ונוֹטר, סוֹחר, עוֹלם, פּוֹעלן, צוֹרר, קוֹדש, רוֹפֿא, שוֹפֿר, שוֹנא, תּוֹרה. מע דאַרף ֹו בלויז פֿאַרן אַקצענטירטן טראַף.

7. אין שריפֿט זײַנען דאָ צוויי פֿאַרשיידענע יודן: י און יִ. יוד איז דער אות פֿאַר צוויי קלאַנגען, פֿאַר דעם וואָקאַל i און פֿאַרן קאָנסאָנאַנט y. יוד דער קאָנסאָנאַנט, דער יאָט, האָט קיינמאָל ניט אונטער זיך קיין פּינטל: יאָ, יע, יאַט, יאָמער, יאַפּאַן, יאָר, יורן, יונג, ייִכל, יעמאָלט, יעטווידער, ייִדיש; פּיאָרד, פּאָזיציע, געאָלאָגיע, געאָגראַפֿיע, כּירורגיע, קאָמערציעל, פּאַטענ־ציאַל, פּיאַנאָ און פּיאַנע; פּיאָוקע, פּיאַטע, קליאַן, קיאָסק, ביאַנטשען, מיאָוקען, ליאַלקע, כּליאַבען, יוכט, טיאַכקען, וויאַנען, ביוראָ.

יִ ווערט גענוצט ווי דער וואָקאַל אין צוויי פֿאַלן: א) פֿאַר דער פֿאַרבינ־דונג yi: ייִנגל, ייִנגער; ייִאוש, ייִשוב, ייִתור און ענלעכע (ווען מע שרײַבט די דאָזיקע העברעאיזמען מיט צוויי יודן. מען קען זיי שרײַבן אויך מיט איין יוד); ב) פֿאַרן וואָקאַל וואָס קומט פֿאַר פּתח־אַלף, קמץ־אַלף און פֿאַר ע: דיִאַלאָג, היִאַטוס, דיִאַפֿראַגמע, וויִאַדוקט; טריִאָ, ביִאָלאָג, ריִאָ־דע־זשאַנײַראָ, דיִאָצעז; ציִען, קניִען, דיִעטע, קיִעוו.

8. מע דאַרף אָפּהיטן דעם חילוק צווישן דעם דיפֿטאָנג יי (ey) און דעם דיפֿטאָנג ײַ (ay) מיט אַ פּתח: איין און אײַן, בייט און בײַט, גייסט און גײַסט, דריי און דרײַ, הייל און הײַל, ווייך און ווײַך, ווייט און ווײַט, זייער און זײַער, טייטל און טײַטל, לייען און לײַען, מיין און מײַן, ביין און בײַן, פֿריי און פֿרײַ, קייט און קײַט, שיין און שײַן.

## ז. פֿון אַרויסרייד צום אויסלייג

1. עס טרעפֿט זיך אַז דער אויסלייג זאָל באַשטימען דעם כּללישן אַרויסרייד. אָבער דער געוויינטלעכער, דער נאָרמאַלער, דער שׂכלדיקער וועג איז דער פֿאַרקערטער, ווען דער אַרויסרייד באַשטימט דעם אויסלייג. טראַף איז אַ ממשות און אַ גאַנצקייט בײַם אַרויסרייד, בכל־אופֿן בײַם רואיקן און קלאָר־אַרטיקולירטן אַרויסרייד. אויף דעם ווערט געבויט דער כּלל אַז ווען עס קומט אויס אַריבערצוטראָגן אויף אַ נײַער, אויף אַ צווייטער שורה דאַרף דער טראַף ני ט צ ע ר י ס ן ווערן. דוגמאָות: טי־של, טיש־לעך, באַ־שלי־סן, דורכ־לוי־פֿן, מענ־טשן, צענ־טער, נע־אָ־פּיט, פֿרעמד־צײַ־כנס.

הי־נער־איי, ברעכ־אײַ־זן. געװײנטלעך פֿירט מען זיך אַז מע לאָזט ניט איבער אַן איינציקן אות און מע טראָגט ניט איבער אַן איינציקן אות. דער כּלל װעגן ניט צערײַסן די טראַפֿן איז חל אויף העברעאיזמען: מח־ש־בֿה, למ־ד־נות, סו־חר, סוח־רים, מע־ריבֿ, פּח־דן, פּי־רוש, פּריצ־טע, ל־ע־תיד, הע־ור־יה.

2. דעם איבערקלאַנג פֿון דיפֿטאָנג ױ אין דיפֿטאָנג ײ טרעפֿט מען אין מערצאָלן פֿון סובסטאַנטיװן אויף ־ער (זען סובֿ, ד7) און אין מערצאָלן אָן ענדונג, (זען סובֿ, ד8); מע טרעפֿט בײַם שאַפֿן די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען (זען סובֿ, ח6ד); מע טרעפֿט בײַם שאַפֿן אַ צװייטיקן סובסטאַנטיװ פֿון אַן אַדיעקטיװ (זען צװייט' סובֿ, בֿ1); מע טרעפֿט דעם זעלביקן איבערקלאַנג בײַם שאַפֿן װערבן פֿון סובסטאַנטיװן און אַדיעקטיװן (זען װערבֿ, טו4ד). כּדי צו זײַן זיכער אינעם אויסלייג בײַ די אַלע פֿאַלן, איז נייטיק אײַנצולערנען און צו קענען דעם אַרויסרייד. דאָ איז דער מצבֿ דער זעלביקער װי בײַ די אַלע אַנדערע איבערקלאַנגען (פֿון אַ און אָ אין ע, פֿון ו אין י, פֿון ױ אין ײ). די װאָס קענען די װערטער, װאָס װייסן װי זיי קלינגען — האָבן דאָך ניט פֿאַר זיך קיין אויסלייג־פּראָבלעם.

3. אויפֿן גרויסן שטח פֿון קאָנסאָנאַנטן פֿירט פֿאַר דער האַנט דער אַרויסרייד. אַז מע רעדט ריכטיק אַרויס דעם ה אויף זײַן ריכטיקער שטעל — פֿאַרגעסט מען ניט אים אָנצושרײַבן. אַזוי איז אויך בײַ די װערטער אויף ־לדז און ־נטש (זען אַרויסרייד, ה5). אַזוי איז אייגנטלעך אויך בײַם אַרויס־רייד פֿון דעם יוד דעם קאָנסאָנאַנט (פּרטים ביי אונדזער פּונקט ה7). אַזוי איז אויך בײַם ענין קלאַנגיקייט סוף װאָרט בײַ די קאָנסאָנאַנטן ב, ג, ד, װ, ז און זש (זען אַרויסרייד, ג4). אָבער דאָס באַטײַט ניט אַז עס מוז שטענדיק סוף װאָרט קומען דער שטימיקער קאָנסאָנאַנט אַנשטאָט זײַן אומשטימיק פּאָרל: אַודאי ליפּ, װײַל ליפּן; אַודאי זאָק, װײַל זאָקן; אַודאי ראָק, װײַל רעקל; שקלאַף, װײַל שקלאַפֿערײַ; קװאָס, װײַל קװאַסיק; מאַרש, װײַל מאַרשירן.

אויך אין דעם מיטן פֿון אַ װאָרט באַשטימט דער אַרויסרייד װאָסער קאָנסאָנאַנט מע דאַרף דאָ אָנשרײַבן — חוץ אין די פֿאַלן בײַם װײַטערדיקן פּונקט. קלאָר אַז עס דאַרף זיין אַ פּ, ניט קיין ב אין אַזעלכער װערטער װי: אויפּס, פּויפּס; אַ צ, ניט קיין ס, אין אַזעלכע װערטער װי: פֿינצטער, פֿענצטער. און עס געהערט ניט צו דער פּראָבלעם אויסלייג דווקא ערנצט און ניט ערנסט װאָס װערט אַזוי אָפֿט אַרויסגערעדט מיט אַ ס. עס איז ניט קיין פֿראַגע פֿון אויסלייג װען מע װײַזט אָן צו פֿאַרבײַטן דאָס פֿאַרשפּרייטע און אײַנגעפֿונ־דעװעטע װאָרט האַפֿן מיט האַװן. װיפֿל מיליאָנען ייִדיש־ריידערס זײַנען געקומען צו די האַפֿנס פֿון די אימיגראַציע־לענדער!

אַגבֿ־אורחא, הגם אַן ענין איז עס אַ תּוכיקער: עס איז ניט די עובֿדא פֿון לינגװיסטן סתּם צו בײַטן ייִדישע װערטער אָן אַ גענוגיקער מאָטיװירונג, און אַפֿילו װען מע האָט אַ מאָטיװירונג — איז פֿריִער נייטיק זיך טובֿל צו זײַן.

4. חוץ די פּשוטע און װיכטיקע פֿאַלן װען דער אויסלייג װײַכט אָפּ פֿון אַרויסרייד (בײַ דער געװײנטלעכער קלאַנגען־אַסימילאַציע, דעם פּרע־

פֿיקס גע־, דער פּרעפּאָזיציע און דעם קאָנווערב אויף און די ענדונגען ־בן און ־פֿן), איז נייטיק גרינטלעך זיך אײַנצולערנען:

א) דאָס ניצן טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן אין צונויפֿהעפֿטן ווי למשל: בלאָזזאַק, נאַכטטישל, פּאָסטטויב, וואויללערנער, באַנקקוועטשער, און אין ווערבן בײַ פּרעפֿיקסן און קאָנווערבן ווי למשל: אַנטטראָגען, דעררײַטן, פֿאַררעכענען, אויססאָרטירן, אויפֿפֿירן זיך, אײַנבייען, אָנגעמען, אָפּפּטרן, צוריקקומען, פֿירדעדן.

ב) דאָס שרײַבן די ווײַבלעכע נעמען מיט דער ענדונג ־ין (־ינטע): לערערין, שנײַדערין, דירעקטאָרין, פּרינצעסין, רביצין, בערינטע, גבֿירינטע.

ג) דאָס שטענדיקע באַצייכענען מיט אַן ע דעם וואָקאַל אין ניט־אַקצענטירטן טראַף נאָכן אַקצענט ווי למשל: אָרעם פֿון האַנט, אָרעם ווי אַ גריל, בוידעם, וואָרעם [אָבער די גערעדים, ווײַל 'געדערעם' איז אַ מין דײַטשמעריש ניט־רעכענען זיך מיט דער פֿאָלקס־עטימאָלאָגיע]; ערגעץ, גרענעץ, לאַקרעץ, עמעץ; טאַקע, פֿאַרטעך, באָרוועס, עפּעס, אַרבעט, אָ'קערשט, אויספֿאַלן באָקעם און אַ סך אַנדערע. פֿאַרשטייט זיך אַז דאָס אײַנגעשטעלטע אויסלייגן סופֿיקסן און ענדונגען איז עס גובֿר (למשל: ־עניש, ־יש, ־יק, ־עלע און אַנדערע).

ד) דאָס אײַנגעשטעלטע שרײַבן אין אַ צאָל גרופּעס און פּרט־פֿאַלן, ווי ע פֿאַר נג און נק (ענג, ברענגען, געדענקען, שענק), ווי פֿונאַנדער.

# ז. איבער דעם מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ

1. בײַם ניצן דעם טראַף־אַלף אין צונויפֿהעפֿטן (פֿאַראייִן, היבראייִ), בײַם שרײַבן טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן ווי אין אונטערפּונקט 4א קען מען אויך אײַנזען די השפּעה פֿון דעם מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ.

2. בײַם פּריערדיקן ענין „פֿון אַרויסרייד צום אויסלייג" זײַנען ניט דערמאָנט געוואָרן די טאָפּעלע ממען, ווען דער פּרעפֿיקס אומ־ טרעפֿט זיך מיט אַ שטאַם וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ מם, וואָרעם דער אַרויסרייד איז דערבײַ אינדיווידועל־פֿאַרשידן (אום־מענטש און או־מענטש, אום־מעכ־טיק און או־מעכ־טיק). נאָך אַ צענדליקער אַזעלכע ווערטער: אוממאָדערן, אוממאָטיווירט, אוממאָס, אוממאָראַליש, אוממבֿינות, אוממושטירן, אוממינצן, אוממשותדיק, אוממעגלעך, אוממשפּטן זיך. אויך דאָ זאָל מען ניט פֿאַרזען דעם מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ.

3. מע דאַרף שרײַבן אײַנגעמאַכטס, געקעכטס, עלטסטער (ניט 'אײַנגעמאַכץ', ניט 'געקעכץ', ניט 'עלצטער') כּדי מע זאָל גלײַך דערזען די מאָרפֿעמען: מאַכ־ט, קעכ־ט, עלט־סט.

4. בײַ דער צווייטער פּערזאָן איינצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט בלײַבט די ענדונג ־סט, אומאָפּהענגיק פֿונעם אַרויסרייד: דו האַלטסט, דו וואַרטסט,

דו וועטסט זיך; דו מוזסט, דו האַלדזסט, דו הויזסט; די זיצסט, דו הייצסט, דו רייצסט זיך; דו ממיתסט, דו פֿאַרתּכליתסט, דו התפּעלותסט.

ווען דער שטאַם פֿון ווערב ענדיקט זיך אויף אַ ס, קען נאָר צוקומען אַ ט, ווײַל קיין טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן קענען בײַ די ענדונגען ניט זײַן: דו רײַסט, דו בײַסט, דו עסט. ווען דער שטאַם פֿון ווערב ענדיקט זיך אויף ־סט, קען די ענדונג בכלל ניט צוקומען: דו פֿאַסט־, דו מעסט־, דו הוסט־.

עס קומט אויס ניט בלויז אָנצושרײַבן די ענדונג ־סט, וואָס דאָס איז דאָך ניט קיין שוועריקייט, נאָר אויך אַרויסרעדן זי, ווען עס קען זײַן שווער־לעך, ווי למשל: דו חידושסט זיך, דו פּאַטשסט.

5. בײַ דער דריטער פּערזאָן איינצאָל און אויך בײַ דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט הערט מען שטענדיק די ענדונג ־ט. אָט די ענדונג קען ניט ווערן אָנגעשריבן, ווען דער שטאַם פֿון ווערב ענדיקט זיך אויף ט: ער טרעט, ער פּאַסט, ער מעסט. אָט די ענדונג ווירקט רעגרעסיוו אויפֿן ד ווען ער איז דער לעצטער קלאַנג פֿון שטאַם, אַז ער זאָל פֿאַרשווינדן פֿון אַרויסרייד, אָבער דער מאָרפֿאָלאָגישער פּריציפּ היט אים אויף אין אויסלייג: ער שנײַדט, ער רעדט, ער בינדט, עס זידט, איר לײַדט, איר מײַדט אויס. דאָס אייגענע איז מיט דער ענדונג ־ט אין פּאַרטיציפּ: גערעדט, אײַנגעמידט, אויסגעשיידט. פֿאַרשטייט זיך אַז די ענדונג ־ט פֿון פּאַרטיציפּ איז ניטאָ, ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף ט: געוואַרט, געפּאַסט, געהוסט.

6. בײַ יעדער מין פֿון דער רעגרעסיווער קלאַנגען־אַסימילאַציע אַדאַנק די ענדונגען ־סט און ־ט צווינגט דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ אויפֿצוהיטן אין שרײַבן די מאָרפֿעם פֿון ווערבאַלן שטאַם: דו רויבסט, ער רויבט, גערויבט; דו זאָגסט, ער זאָגט, געזאָגט; דו פּרוווסט, ער פּרוווט, געפּרוווט; דו רײַזסט, ער רײַזט, גערײַזט.

7. וועגן דער מאָרפֿעם ־ס פּאָסעסיוו און איר ווירקונג זען סוב׳ 61.

8. די מאָרפֿעם ־ס בײַ אַדיעקטיוון פֿון נייטראַלן מין און דער לעצטער אות פֿון שטאַם, אומאָפּהענגיק פֿון דעם אַרויסרייד, ווערן פֿאַרצייכנט אין שריפֿט אין געטרײַשאַפֿט צום מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ: אַ קינד אַ גוטס, אַ ברויט אַ שוואַרצס, אַ ווינטעלע אַ פֿרישס, אַ הינטעלע אַ בייזס, אַ ביכעלע אַ פֿרעמדס, אַ פֿעדערל אַ גרינגס און אַזוי ווײַטער. בלויז ווען דער אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף אַ ס, קען דאָ די ענדונג ניט צוקומען: אַ קינד אַ זיס, אַ ציגעלע אַ ווײַס.

9. די מאָרפֿעם ־סט פֿון סופּערלאַטיוו איז טעאָרעטיש אויף דער זעל־ביקער מדרגה און פֿון זעלביקן יחוס ווי די מאָרפֿעם ־ס: דער קירצסטער, דער שוואַרצסטער, דער פֿרישסטער און אויך דער זיסטער, דער ווײַסטער, אָבער דאָ האָבן מיר די ברירה צו פֿורעמען דעם סופּערלאַטיוו אַנאַליטיש (זען אַדי׳, ד3), ווען דער אַרויסרייד פֿון סינטעטישן סופּערלאַטיוו ווערט אומבאַקוועם.

10. ווען דער שורש ענדיקט זיך אויף ג, בלײַבט דער גימל, ווען עס קומט צו דער סופֿיקס ־קײַט: גרינגקייט: קלוגקייט, שטרענגקייט. נאָר ווען דער שורש ענדיקט זיך אויף ק, איז ניטאָ אין דעם סופֿיקס זײַן קוף: קראַנק — קראַנקייט, שטאַרק — שטאַרקייט, ליכטיק — ליכטיקייט.

11. פֿאַראַן נאָך אַנדערע פֿאַרשיידענע פֿאַלן, ווען דער מאָרפֿאָלאָגישער פּרינציפּ פֿון אויסלייג איז דער בעל־דעה בײַם באַשטימען איבער דעם פֿאָנעטיש. ער וואַרפֿט זיך אונטער בלויז אין יענע פֿאַלן בײַ סופֿיקסן און בײַ ענדונגען, ווען ער קען ניט איבערחזרן אַן אַלצאייגנעם אות.

# ח. בײַם אויסלייג פֿון העברעאיזמען

1. ניט די לינגוויסטישע סיבות זײַנען דער עיקר, נאָר דער געזעל־שאַפֿטלעכער פּרינציפּ פֿון אויסלייג איז מכריע אַז העברעאיזמען ווערן אויסגעלייגט דורותדיק־טראַדיציאָנעל ווי אין לשון־קודש. יוצאים־מן־הכּלל קענען זײַן בלויז געציילטע ווערטער, וואו דער אַרויסרייד האָט זיך שטאַרק געביטן, וואו דער באַטײַט איז ווײַט אַוועק פֿון זײַן לכתּחילהדיקן באַטײַט. אָט זײַנען דוגמאות: מע קען אויך שרײַבן באַלעבאַטעווען, באַלעבעסל און באַלע־באָסטע; מע דאַרף שרײַבן קלעזמער (מוזיקאַנטן) אָפּצוטיילן פֿון כּלי־זמר (אינסטרומענטן); מע שרײַבט שוין לאַנגע דורות שעכטן (אויב דאָס וואָרט איז טאַקע פֿון שוחט, פֿון שורש שחט, און ניט פֿון גערמאַנישן שלאַכטן); מע שרײַבט קאַטאָוועס (כאָטש עטימאָלאָגיש איז עס אַפּנים כּתבֿות); מע שרײַבט באַהאַונטע (וואָס ביגדט זיך מיט הבֿנה); מע שרײַבט דאַוו(ע)נען (כאָטש אפֿשר איז דער שורש דף).

2. מע דאַרף ניט קיין אַפּאָסטראָף אָפּצוטיילן פּרעפֿיקסן אָדער סופֿיקסן פֿון לשון־קודשדיקן שורש. דאָך זײַנען פֿאַראַן פֿאַלן ווען דער אַפּאָסטראָף איז נייטיק, למשל: עמך׳דיק, סמ׳יק, מי־שמך׳ניק.

3. ממש טויזנטער העברעאיזמען באַשטייען פֿון צוויי טיילן וואָס סעמאַנטיש שטעלן זיי צונויף איין וואָרט. איז נייטיק אַ מקף צווישן די ביידע טיילן. דוגמאות: מעת־לעת, גן־עדן, בת־קול, יצר־הרע, כּלי־קודש, בשׂר־ודם, חד־גדיא, חול־המועד, צאינה־וראינה, מגע־ומשׂא, דרך־ארץ, מוכר־ספֿרים, דין־תּורה, ברי־לי, השם־יתבּרך, שמונה־עשׂרה. מע זאָל ניט פֿאַרגעסן דעם מקף ווען עס איז פֿאַראַן די סמיכות־פֿאַרבינדונג: טובֿת־הכּלל, זכות־אָבֿות, חיבת־ציון, דאגת־פּרנסה, הדרת־פּנים, חילול־השם, עגמת־נפֿש, פּיקוח־נפֿש, מסירת־נפֿש, חסידי־אומות־העולם.

דער לשון־קודשדיקער טייל פֿון די צונויפֿגעזעצטע ווערבן (זען ווערב, יג) באַשטייט אויך פֿון צוויי אָדער דרײַ ווערטער וואָס צוזאַמען שאַפֿן זיי איין ווערב. אַזעלכע טיילן דאַרפֿן אויך זײַן פֿאַרבונדן מיט מקפֿן: נע־ונד זײַן, נושׂא־חן זײַן, מקבל־פּנים זײַן, עולה־יפֿה זײַן, חוטא־בעגל זײַן, מלא־שׂמחה ווערן, בדיל־הדל ווערן, עולה־לגדולה ווערן, מגע־ומשׂא האָבן, ישובֿ־הדעת

האָבן; מאריך־ימים־ושנים זײַן, אל־מלא־רחמים מאַכן, זיך משתתף־בשׂמחה זײַן.

4. דער אויסלייג פֿון העברעאיזמען איז כּמעט שטענדיק לויטן כּתבֿ־מלא. דאָס הייסט אַז עס קומט אַרײַן אַ וואָוו פֿאַר u און פֿאַר oy און אַ יוד פֿאַר i און פֿאַר ey. דער וואָוו ווערט אַרײַנגעשטעלט גאַנץ פֿרײַ: לוח, רוח, חורבן, מטורף, מסוכן, סוכּה; כּוח, מוח, חושך, אורח, חודש, קודש. ווען דער וואָוו איז אין אָפֿענעם טראַף (זען אַרויסרייד, ד3), קומט ער אויף אין דעם געשלאָסענעם טראַף, הגם דער אַרויסרייד איז שוין אַן אַנדערער, למשל: סו־חר — סוח־רים; יו־רש, יור־שים; שׂו־נא — שׂונ־אים; אויך פֿאַרקערט: עו־פֿות — עוף, או־תיות — אות. בלויז איז תּנכישע נעמען וואָס האָבן ניט קיין וואָוו טאָר מען אים ניט אַרײַנשטעלן: משה, שלמה, אַהרן, נח.

קאָמפּליצירטער ווערט דאָס אַרײַנשטעלן דעם יוד. דאָ מוז מען מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אָפֿענע און געשלאָסענע טראַפֿן און צווישן i און ey. דער יוד קומט שטענדיק אַרײַן פֿאַרן וואָקאַל i אין אַן אָפֿענעם טראַף. מערערע דוגמאָות: כּישוף, כּיבוד, סידור, קידוש, דיבוק, חידוש, חיבור, גיבור, ביטול, כּיתּה, טיפּש, בציבור, בחינם, סילוקן, ניזוקן, תּפֿילה, תּהילים (אָבער בײַם ציטירן: תּהלים), ביקור (־חולים), גיין לאיבוד. אָבער ווען דער טראַף איז אַ געשלאָסענער און דאָס וואָרט איז טראַדיציאָנעל־אײַנגעפֿונדעוועט, דאַרף דער יוד ניט אַרײַנקומען: מניק, בנין, ענין; מזרח, (בית־ה)מקדש, נפֿטר, בשׂרף, פּנקס, בלבול, מנהג, מסחר, מנחה, שׂמחה, מחיה [מיכיע], גלגול, נמשל און נאָך אַנדערע.

מאָטיווירונג: פֿאַר ייִדיש קען ניט מכריע זײַן דער הײַנטצײַטיקער אויסלייג פֿון עבֿרית, נאָר דאָס בילד וואָס איז אײַנגעקריצט פֿון דורות. דאָס גייט פּאַראַלעל מיט דער שיטה פֿון אַרויסרייד (זען אַרויסרייד ד1).

דער יוד קומט אין אָפֿענע טראַפֿן פֿאַר דעם דיפֿטאָנג יי: אבֿידה, אבֿילות, בפֿירוש, ברירה, גזילה, גזירה, גירוש, דבֿיקות, גניבֿה, זקינה (אַלטע פֿרוי), עבֿירה און אַנדערע ווי אויך אין משה רבינו. אָבער דאָרטן וואו עס איז ניטאָ פֿאַר דעם קיין אָנשפּאַר אויף טראַדיציע דאַרף מען ניט דעם יוד, ווי למשל אין אבֿר.

5. צוויי וואָוון ווערן תּמיד געשריבן פֿאַרן קאָנסאָנאַנט v. דוגמאָות: תּאוות, מצוות, עוולה, צוואה, הלוואה, רווח, לוויתן, כּוונה, מקווה, זיך מתוודה זײַן; וועד, וולד, ווסת, ווידוי, זיווג, קיין דרײַ וואָוון קען מען ניט שרײַבן.

צוויי יודן קומען צו באַצייכענען אַנדערע קלאַנגען חוץ די וואָס ווערן באַצייכנט דורך איין יוד. קומען זיי אין: שײַכות, בײַשן, דהײַנו, חייבֿ, התחײַבֿות און אַנדערע.

6. אַנהייבּ וואָרט אָדער אין מיטן דאַרף אונטער דעם אַלף זײַן אַ פּתח אָדער אַ קמץ. דוגמאָות: אַבֿידה, אַבֿילות, אַדמה, אַדרבה, אַזכּרה; והאַ־ראַיה, זכּאַי, רמאַי, יראַת־שמים, תּנאַי, לגנאַי, כּדאַי; אָסור, אָדר, אָבֿות, אָבֿל, אָדם,

אָמן, אָרון; ראָש־השנה, מלאָכה, צוואָה, התראָה, הנאָה. אַזאַ סיסטעם פֿאַר־גרינגערט דאָס דורכלייענען.

7. עס איז נייטיק צו האָבן די מאַטריץ וֹ וואָס וואָלט געהאָלפֿן בײַם לייענען, און אַ וואונטש וואָס איז לײַדער שווער דורכצופֿירן: די נקודה אונטער דעם אַקצענטירטן טראַף!

## ט. בײַם אויסלייג פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען

1. דער אַלגעמיינער אײַנשטעל דאַרף זײַן: אויב אַ געוויסע פֿאָרעם פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַליזם און ספּעציעל פֿון אַ נאָמען האָט זיך שוין אײַנגע־פֿעסטיקט אין געברויך, דאַרף דער אויסלייג ניט גיין זוכן חידושים און נאָכגיין דעם באַנוץ אין דער ליטעראַטור־שפּראַך, אַפֿילו ווען עס קענען זײַן באַרעכטיקטע טענות קעגן אָט דער פֿאָרעם. די נעמען טאָלסטאָי און דעטראָיט דאַרפֿן אַזוי־אַרום פֿאַרבלײַבן מיט זייערע אָי; עס דאַרף בלײַבן שעקספּיר און ניט ״שייקספּיר״; אין דענמאַרק בלײַבט קאָפּנהאַגן און אפֿשר קאָפּענהאַגן, אָבער זיכער דער ״האַגן, ניט קיין ״האָוון״; די רוסישע פֿאַמיליע־נעמען בלײַבן לענין און לערמאָנטאָוו, הגם דאָס אַרײַנשטעלן נאָכן למד אַ יוד וואָלט אפֿשר געווען נעענטער צום אַרויסרייד אין רוסיש. אַזוי אויך אינעם וואָרט סאָוועט.

2. אויך בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען איז דער דרך פֿון אַרויסרייד צום אויסלייג. די שוועריקייט באַשטייט אין דעם וואָס דער אַרויסרייד קען זײַן אַ וואַקלדיקער אָדער אַ פֿאַרשיידנדיקער, אָפּהענגיק פֿון דעם לשון וואָס פֿון אים האָט מען איבערגענומען דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. געוויינטלעך קומט די בכוֹרה דער קירצערער פֿאָרעם און אויך דער עלטערער נוסח פֿון אינטער־נאַציאָנאַליזם אין ייִדיש. בכן פֿאַלט אָפּ ווי אַ יסוד דער אַרויסרייד אין ענגליש אָדער אין שפּאַניש און עס קומט אויס זיך יאָ צו רעכענען מיטן אַרויסרייד אין רוסיש, אין פּויליש, אין דײַטש; אויב אַפֿילו אין דער ייִדישער ליטעראַטור־שפּראַך האָבן פֿריִער זיך באַוויזן ״דזשינס״ איידער מע האָט דערזען די גענען — איז גען אונדזער ייִדישע פֿאָרעם.

פּאַראַלעל צום אײַנשטעל אויפֿן שטח פֿון העברעאיזמען, דאַרף אויך בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען גילטן דער אַרויסרייד פֿון די וואָס זייער לשון איז די קולטורשפּראַך און מע דאַרף ניט נאָכגיין די פֿאַרשיידענע פֿאַרדרייעניש אין אינטערנאַציאָנאַליזמען וואָס האָבן אויף זיך דעם פֿאָלקסטימלעכן שטעמ־פּל. בלײַבט דער קאָאָפּעראַטיוו, הגם ״קאָפּעראַטיוו״ איז געווען גאַנץ פּאָפּו־לער; בלײַבט וועלאָסיפּעד, ניט געקוקט אויף דעם ״וילציפּעד״, [און אויב וועלאָסיפּעד איז פֿאַר עמעצן צו ״שמינטיליגענטיש״, האָט ער די פֿאָלקישע: ראָווער, רעדל, רײַטרעדל און אַנדערע] ניטאָ קיין ״אַפּטיט״, נאָר מע דאַרף האָבן אַפּעטיט. דער אָפֿיציעלער נאָמען פֿון דער קראַנקייט איז אַפּאָפּלעקסיע, און קריגן קריגט מען פֿון עמעצן די פּאַפּלעקציע. רעמאַטעס איז אַזוי פּאָפּולער אַז עס האָט זיך דערשלאָגן צו גלײַכבאַרעכטיקונג מיט רעוומאַטיזם.

פילאָזאָף און פילאָסאָף זײַנען זיכער פּאַראַלעלע אופנים אי פֿון אַרויסרעדן אי פֿון אויסלייגן מיט קליינע באַטײַטיקע אונטערשיידן אויפֿן סמך: „קום אַהער, דו פילאָזאָף, מיט זײַן קעצישן מוחל" און „רמבם — דער וויכטיקסטער ייִדישער פילאָסאָף פֿון צוועלפֿטן יאָרהונדערט".

3. בײַם אויסלייג פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען זיך ניט רעכענען מיט טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן וואָס קענען זײַן אין די לשונות וואָס זײַנען געווען זייערע פּאַטערס. סײַדן ווען עס טרעפֿט זיך צונויף אַ פּרעפֿיקס מיט אַן ערשטן אות פֿון שטאַם, ווי אין קאָנטער־רעוואָלוציע. אויב מע זאָל זיך רעכענען מיטן פּסיכאָלאָגישן פּרינציפּ פֿון אויסלייג, איז דאָ כּדאַי אַרײַנצו־שטעלן דעם מקף וואָס העלפֿט אויף אָנווײַזן אַז דאָ איז אויך דער אַרויסרייד מיט צוויי רישן. בכלל אָבער האָבן אין זיינען דעם פּונקט אַרויסרייד, ג7.

בײַ אומבאַטאָנטע וואָקאַלן זיך ניט רעכענען מיט אַרויסרייד, ג6. קומט אויס צו שרײַבן די ענדונג ־טאָר און ־אַטאָר (זען אַרויסרייד, ה11).

זײַן אָפּגעהיט מיטן אונטערשייד צווישן יוד דעם קאָנסאָנאַנט און יוד דעם וואָקאַל, וואָס אונטער אים דאַרף קומען אַ פּינטל, לויט אַרויסרייד, ה13, און מיט דעם סוף־אות, לויט אַרויסרייד, ה14.

4. אין אויסלייג פֿון אינטערנאַציאָנאַליזמען דאַרפֿן ניט זײַן אַזעלכע קאָמבינאַציעס פֿון אותיות וואָס זאָלן באַצייכענען דיפֿטאָנגען וואָס ייִדיש האָט זיי ניט. דאָך קענען דאָ זײַן יוצאים מן־הכּלל בײַ נעמען. זען אַרויסרייד, ה14 און ה16.

5. ניצן אוי־ אָנהייב וואָרט בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען וואו דער יסוד האָט דעם דיפֿטאָנג au, ווי אין: אוידיטאָריע, אוידיענץ, אוידיציע, אויטענ־טיש, אויטאַרקיע, און ספּעציעל מיט אויטאָ־: אויטאָגנאָם, אויטאָגאָמיע, אויטאָמאָט, אויטאָמאָביל, אויטאָבוס, אויטאָר, אויטאָריטעט, אויטאָריזירן, אויטאָקראַט, אויטאָגעניש, אויטאָדידאַ׳קט, אוי׳טאָ־עמאַנסיפּאַ׳ציע, אויטאָ־ביאָגראַפֿיע. פֿון דעם דיפֿטאָנג eu ווערט אין אָנהייב וואָרט איי־: אייראָפּע, אייגעניש, אייגעניק, אייפֿאָניע, אייפֿעמיזם, אייקאַליפּט, אייניוך, אייטאַנאַזיע, אייראַזיע. פֿון די זעלביקע דיפֿטאָנגען ווערט אין מיטן וואָרט — פֿון au אָוו־ (רעסטאַווראַציע, טאַווטאָלאָגיש) און פֿון eu- ־עוו־ (פּסעוודאָנים, פּנעוו־מאַטיש, פֿאַרמאַצעווטיש).

6. בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען קומט אויף די פֿראַגע צי דאָס פּאַסיקסטע איז דער אות סמך אָדער דער אות צדיק. דאָרטן וואו דער אַרויסרייד איז אַן אײַנגעשטעלטער איז קיין ספֿק ניטאָ, ווי אין: פּראָווינץ, פּרעציז, פּראָ־צעדור, טענדענץ, און פֿון דער צווייטער זײַט: באַלאַנס, באַלאַנסירן. אָבער שוין בײַ אַמבולאַנס קומט אויס צו גלײַכבאַרעכטיקן אויך אַמבולאַנץ. אין ספּעציפֿיש איז דער צדיק בלי־ספֿק אַדאַנק ספּעציעל. אָבער ווען מע שרײַבט פּערצעפּציע איז מען שוין צו שטאַרק אָפּהענגיק פֿון דעם דײַטשישן שטייגער איבערצוגעבן די לאַטײַנישע ci, ce מיט z, און אַז דאָס נײַע וואָרט גענאָסיד קריגט אויך אַ צדיק — איז עס דײַטשמעריש. מיט אַ סמך דאַרף קומען אַ

בײַער אינטערנאַציאָנאַליזם, בכן: אַקסידירן, אַנטיסעפּטיק, וואַקסינירן, פּעניסילין און די אַנדערע נײַ־צוגעקומענע ווערטער. די אַלטע פֿינאַנצן דאַרפֿן זיך ניט קעגנשטעלן די פֿינאַנסן און זיי מעגן ביידע זײַן.

7. דאָס אויסלייגן אינטערנאַציאָנאַליזמען איז נאָך פֿאַרבונדן מיט גאָר אַ סך פּראָבלעמען און ספֿקות. דעריבער זאָל מען דערלאָזן פֿאַרשיידענע פּאַראַלעלע שרײַבונגען.

## י. קירצונגען

1. פֿאַראַן דרײַ אופֿנים צו באַצייכענען קירצונגען:

א) מיט צווײ שטריכעלעך בײַ ראָשי־תּיבֿותן און בײַם אָנווײַזן דאָס יאָר לויטן ייִדישן לוח. דוגמאָות: א״י — ארץ־ישׂראל, נ״י — ניו־יאָרק, ת״אַ — תּל־אָבֿיבֿ, אאַז״וו — און אַזוי ווײַטער, פֿ״ש — פֿאַראייניקטע שטאַטן, ע״ש — עיקר שכחתי, צ״ק — צענטראַל־קאָמיטעט, ק״ק — קהילה קדושה, ש״וו — שפּריכוואָרט; דאָס יאָר (ה)תשל״ה. ווען מע קירצט אָן איינציק וואָרט דאַרף מען די צווײ שטריכעלעך ניט ניצן.

ב) מיט אַן אַפּאָסטראָף בײַם קירצן יעדער מין וואָרט. דוגמאָות: ה׳ — הער, ח׳ — חבֿר, מר׳ — מיסטער, דר׳ — דאָקטער, פֿ׳ — פֿרײַנד, מס׳ — מיסעס, פֿר׳ — פֿריילין, ר׳ — רבי, רבֿ, ז׳ — זײַט, שפּ׳ — שפּאַלט, ס׳ — ספֿר, ט׳ — טערמין, ב׳ — באַטײַט, ד׳ דיאַלעקט. די מערצאָל באַצייכנט מען דורכן פֿאַרטאָפּלען די אותיות, אויב די קירצונג באַשטייט פֿון איין אות: זז׳ — זײַטן, בב׳ — באַטײַטן, דד׳ — דיאַלעקטן; אויב די קירצונג באַשטייט פֿון צווײ אָדער מער אותיות, ווערט צוגעשטעלט די געהעריקע מערצאָל־ענדונג: שפּ׳ן — שפּאַלטן, פֿר׳ס — פֿרײַלינס, מר׳ס — מיסטערס.

אייגענע ראָשי־תּיבֿותן און אייגענע קירצונגען קען זיך יעדער מאַכן וויפֿל ער וויל.

ג) מיט אַ פּינטל קען מען אין ייִדיש באַצייכענען בלויז די קירצונג פֿון אַ פּרט־נאָמען: ח.־נ. ביאַליק, י. אַ. יאָפֿע, מ.־ל. האַלפּערן, או. ווײַנרײַך. אַ פּינטל נאָך אַ יסוד־צאָל באַטײַט אַז עס איז אַ סדר־צאָל: אין 20. י״ה.

2. ווען פֿון אַ ראָשי־תּיבֿות אָדער פֿון אַ קירצונג ווערט אַ נאָמען, אַ וואָרט — דאַרף מען ניט קיין שום צייכן, למשל: תּנך, דער שס, רמבם, רשי, דער בעשט; צישאָ, ייִוואָ, ייִקאָ, פּען. ווען נעמען פֿון די פֿאַרשיידנסטע אָנגענומענע מאָסן און מינים געלט קומען צוזאַמען מיט אַ צאָל דאַרף מען ניט בײַ זיי קיין שום צייכן פֿון אַ קירצונג. מע דאַרף בכלל ניט בײַ זיי קיין שום צייכן פֿון קירצונג, ווען מע נעמט אָן אַז דער לייענער ווייסט וועגן וואָס עס רעדט זיך דאָ. דוגמאָות: 2 קמ מיט אַן ערך נאָך 100 מ; עס וועגט פּינקטלעך אַ האַלבער קג מיט דרײַ הג; 5 ד און 25 ס; די זעלביקע קירצונג קען גילטן וועגן געלט אין פֿאַרשיידענע לענדער, למשל: פֿר פֿאַר פֿראַנק אומעטום, סאַנט פֿאַר סאַנטים אומעטום.

# יא. נאָך וועגן אויסלייג

1. וועגן אויסלייג פֿון פּרעפֿיקסען זען צווייט׳ סוב׳, ח; אדי׳, ז; ווערב, יא; אדוו, ו.

2. וועגן אויסלייג פֿון סופֿיקסן זען צווייט׳ סוב׳, ג2—5, ד1—4, ה2—6, ו1—4, ז1—11; אדי׳ ה, 1; ווערב טו; אדווערב, ה.

3. וועגן אויסלייג פֿון קאָנוווערבן זען ווערב יב.

4. וועגן אויסלייג פֿון צונויפֿהעפֿטן זען צווייט׳ סוב׳ ט; אדי׳ ח.

5. וועגן אויסלייג פֿון אַדווערבן זען אדווערב, י.

6. עס איז ניט נייטיק און עס איז אַן איבעריקע הכבדה צו לערנען דעם אויסלייג פֿון אַלץ צוזאַמען און כסדר, נאָר ביסלעכווײַז, צוזאַמען מיט די געהעריקע ענינים.

## .IV

# דער זאַץ און זײַנע מינים

## א. דער באַגריף וואָרט

1. יעדער איינער טוט זאָגן אַז אַ שפּראַך באַשטייט פֿון ווערטער און אַז מענטשלעכע רייד באַשטייען פֿון זאַצן. וואָרט און זאַץ זײַנען די צענטראַל־סטע באַגריפֿן אין גראַמאַטיק. אַזוי ווי אין אַ סך שטחים פֿון פֿאָרשונגען, איז שווערער פֿון אַלץ צו געבן קלאָרע און אויסשעפּלעכע דעפֿיניציעס וועגן די גרונטיקסטע באַגריפֿן. איז גאָרניט גרינג פֿאַר פֿאָרשיידענע פֿאָר־שערס צו קומען צו אַ הסכם צווישן זיך בײַ די פּרוּוון צו דעפֿינירן די גרונט־באַגריפֿן. און ניט אַלעמאָל איז עס אַפֿילו נייטיק ווען מע האָט צו טאָן מיט פּראַקטישע ענינים. אָבער עס איז שטענדיק נייטיק צו האָבן די מעגלעכסט־פּינקטלעכע פֿאָרשטעלונג וועגן וואָס עס רעדט זיך. וועט דאָ זײַן אַ באַ־טראַכטונג וועגן אייגנשאַפֿטן פֿון וואָרט. אַלע שפּראַכן (און אויף דער וועלט זײַנען דאָ כּמעט 3,000!) באַשטייען פֿון ווערטער, אָבער זיכער זײַנען ניט אומעטום פֿאַראַן אַבסאָלוט די זעלביקע אייגנשאַפֿטן פֿון וואָרט און אַוודאי ניט אומעטום זײַנען גלײַך די גרענעצן צווישן איין וואָרט און אַ צווייט וואָרט. בײַ אונדז ייִדן נעמט מען געוויינטלעך אָן אַז התּורה אין לשון־קודש איז איין וואָרט און די תּורה אין ייִדיש זײַנען שוין צוויי ווערטער; והתּורה נעמט מען באַך אַלץ אָן ווי איין וואָרט און די תּורה — אין ייִדיש שוין דרײַ ווערטער. דאָ ווײַטער האָט מען אין זינען בלויז ווערטער אין אונדזער ייִדיש לשון, הגם די אָנווײַזונגען קענען שטימען אויך פֿאַר אַ סך לשונות.

2. אַ וואָרט, דער קלאַנגיקער סימבאָל פֿאַר עפּעס, מוז האָבן אַ באַטײַט. אָן אַ באַטײַט איז עס קיין וואָרט ניט. ׳כאָכעם׳ איז דאָך אַ פֿײַן וואָרט, אָבער ׳מעכאָך׳ איז ניט קיין וואָרט אין ייִדיש. אַפֿילו אַזאַ קורצע קאָמ־בינאַציע פֿון קלאַנגען ווי האָ? איז אַ באַטײַטיק וואָרט, אָבער ׳גאַ׳ איז ניט קיין וואָרט. בינדט זיך וואָרט מיט דעם מענטשנס פּסיכיק, מיטן פֿילן, מיטן איבערלעבן עפּעס, מיטן טראַכטן. אין אַ פֿולן ווערטערבוך פֿון אַ נאַציאָ־נאַלער שפּראַך איז פֿאַרבאָרגן דער גײַסט פֿונעם פֿאָלק וואָס רעדט די שפּראַך, זײַנע פֿריידן און ליידן במשך פֿון די דורות זינט מע האָט אָנגע־הויבן רעדן אויף דער שפּראַך. איז ניט גענוג אַ צוגאַנג צום וואָרט בלויז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון פֿאָרעם אָדער פֿון דער סטרוקטור פֿונעם וואָרט. עס איז אויך נייטיק אַ פּסיכאָלינגוויסטישער צוגאַנג, וואָס דאָס איז אָבער צוקונפֿט־מוזיק.

3. דער באַטײַט פֿון אַ וואָרט איז גלײַכצײַטיק קאָנקרעט און אַבסטראַקט. טיש איז ניט בלויז דער טיש בײַ וועלכן מע זיצט און מע שרײַבט, נאָר אַלע מינים טישן וואָס זײַנען דאָ אין אַלע צײַטן. וויינען איז טאַקע דאָס וואָס מע הערט איצט פֿון אַ קינד, און אויך אַלע מינים פֿון אַזאַ ׳טאָן׳ צו בײַם כּותל־מערבֿי צי בײַם קבֿר פֿון אַ נאָענטן, צי איצט צי מיט צען טויזנט יאָר צוריק, און עס קען אויך זײַן אַ וויינען פֿון פֿרייד. דער באַטײַט קען אויך זײַן דער דירעקטער און אַן אויסגעברייטערטער, אויך אַ פֿיגוראַטיווער. אין אויסדרוק פּראָוון טיש קריגט דאָס פּשוטע וואָרט גאָר אַן אַנדער באַטײַט. אין אויסדרוק אַ דרשה (אַן אַרטיקל) אָן זאַלץ איז זאַלץ ניט מער אַ שטאָף וואָס מע שיט אַרײַן אין אַ שפּײַז, נאָר עפּעס אַן אַ טעם, אַן קלאָרקייט, אַן שאַרפֿקייט. אַ וואָרט קען האָבן מער ווי איין באַטײַט, קען אַפֿילו האָבן אַ סך באַטײַטן. אַזוי געפֿינט מען בײַם וואָרט אויג 34 באַטײַט־פּונקטן אינעם גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך (און מעגלעך אַז ניט אַלע באַטײַטן זײַנען דאָרטן אויסגערעכנט). עס איז ניט שעדליך און ניט באַקוועם די אַלע באַטײַטן צו באַטראַכטן ווי באַזונדערע האָמאָנימען, ווײַל צווישן זיי זײַנען קאָנטיק די באַטײַטיקע בינדונגען און די אַסאָציאַירונגען. אָבער די גרינע פֿאַרב און איך פֿאַרב זײַנען באַזונדערע ווערטער, וואָרעם זיי געהערן צו פֿאַרשיידענע וואָרטקלאַסן און איך הייל און די הייל צי די טויב און ער איז טויב זײַנען אַוודאי האָמאָנימען, ווײַל דאָ פֿעלט דאָך שוין אינגאַנצן יעדע באַטײַטיקע פֿאַרבינדונג. הכּלל, דער באַטײַט פֿון אַ וואָרט איז אָפּהענגיק פֿון די ווערטער די שכנים אין דער פֿראַזע אָדער אין דעם זאַץ. [עס קען אַפֿילו קומען צו אַן אַבסורד ווי אין „עס איז שרעקלעך גוט (שיין, ליב)״, ווײַל שרעקלעך באַטײַט דאָ: אין גאָר אַ גרויסער מאָס.]

וואָס שייך סינאָנימען קענען זיי זײַן אינגאַנצן גלײַכבאַטײַטיק, אויב זיי קומען פֿון פֿאַרשיידענע קאָמפּאָנענטן אינעם לשון און זײַנען אין דער וועלט פֿון ממשותדיקע רעאַלע זאַכן. אַזוי זײַנען סינאָנימען: דעמב און אייכנבוים, ראָסט און זשאַווער, פּרוכטגאָרטן און סאַד. אָבער ווי נאָר מחוץ רעאַליאַ ווערט קאָנטיק די נטיה צו זוכן און צו געפֿינען ניואַנסן אין באַטײַט. מורא און שרעק זײַנען אפֿשר געווען סינאָנימיש, אָבער שוין ניט מער אין הײַנטצײַטיקן לשון, וואו שרעק איז כּוללדיק און נעמט אַרום כּלערליי שרעקן, בעת מורא איז דער אָפּטער און נידעריקער שטאַפּל אין שרעקן לגבי פּחד און אימה. גערעכטיקייט און יושר זײַנען אויך ניט פֿול־קום סינאָנימיש, וואָרעם גערעכטיקייט איז אַלמענטשלעך און יושר בינדט זיך מיט ייִדישקייט. געבן שלום־עליכם און באַגריסן זײַנען אַוודאי ניט קיין סינאָנימען. טיף קענען אַ שפּראַך הייסט ריכטיק ניצן די כּלומרשטע סינאָנימען. און ייִדיש האָט אַ שלל אַזעלכע ווערטער. באַטײַט פֿון וואָרט איז אַ גאַנצע מסכתא.

4. פֿאַרשטייט זיך אַז ווערטער לאָזן זיך אײַנטיילן אין גרופּעס לויט זייער באַטײַט. די גרופּעס קענען זײַן גרויסע (אַלץ וואָס וואַקסט, אַלע מינים

פּראָדוקטן געמאַכט מיט דער האַנט) און קלענערע, ביז גאַר ענגע גרופּעס (אַלע ביימער וואָס מע ניצט פֿאַר געהילץ, בלויז נאָדלביימער; פּראָדוקטן וואָס זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון וועבן, פּראָדוקטן פֿון וואָלענע פֿעדעם). דאָס אַלץ גייט אַרײַן אין פֿאַרשן די לעקסיק. דירעקט צו אונדז האָט אַ שײַכות די גראַמאַטישע אײַנטיילונג פֿון ווערטער. ראשית־כּל איז דאָ די אײַנטיילונג אין צוויי שטחים: די פֿולבאַטײַטיקע ווערטער וואָס שטייען אַזוי צו זאָגן אויף די אייגענע פֿיס און די באַהילפֿיקע ווערטער וואָס ווערן געווייִנטלעך געניצט מיט די פֿולבאַטײַטיקע און דינען צו שאַפֿן גראַמאַטישע פֿאַרמען, צונויפֿצובינדן ווערטער אין אַ פֿראַזע, צונויפֿצושטעלן זיי אין אַ זאַץ און זאַצן צווישנאַנאַנד.

אין גראַמאַטיק קומט מען צום אײַנטיילן ווערטער אין **וואָרטקלאַסן**. אויך דאָ מײַדט מען ניט אויס לאָגיק, אָבער די עצם אײַנטיילונג איז ניט געבויט אויף אַ שטרענג־לאָגישן יסוד וואָס וואָלט פֿאַרלאַנגט איין־אייניציקן אײַנטיילונגס־פּרינציפּ. בײַם אײַנשטעלן די וואָרטקלאַסן אין ייִדיש (און ניט בלויז אין ייִדיש, לכל־הפּחות אין די אַנאַליטישע לשונות צווישן די אינדאָ־איראָפּעאישע) האָט מען גלײַכצײַטיק זיך גערעכנט מיט דרײַ אײַנטייל־סימנים: מיטן **באַטײַט**, מיט די **פֿאָרמען** און מיט דער **פֿונקציע** פֿון וואָרט אין זאַץ. אין גראַמאַטיק פֿון ייִדיש זײַנען נייטיק אַזעלכע וואָרט־קלאַסן:

א) **סובסטאַנטיוו** — אַ נאָמען פֿון אַ זאַך, פֿון אַ סובסטאַנץ, מיט אַ היפּשער צאָל פֿאַרמעלע סימנים פֿאַרן וואָרט (למשל, דער אַרטיקל וואָס מע מעג אים ניט אַרויסהייבן ווי אַ באַזונדערן וואָרטקלאַס), אינעם וואָרט (די מערצאָל) און מיט סובסטאַנטיווישע סופֿיקסן (למשל ־ונג, ־קייט); מיט דער פֿונקציע פֿון סוביעקט אָדער אָביעקט אין זאַץ;

ב) **אַדיעקטיוו** — אַ נאָמען פֿון אַן אייגנשאַפֿט, פֿון אַ סימן פֿון אַ זאַך, מיט אַ צאָל פֿאַרמעלע סימנים (למשל, די פֿעאיקייט צו קענען בײַטן די פֿלעקסיעס, אָפּהענגיק פֿון בייגפֿאַל און פֿון גראַמאַטישן מין פֿונעם סובסטאַנטיוו צו וועלכן ער ציט זיך, די פֿעאיקייט צו קענען שאַפֿן פֿאַרגלײַך־גראַדן); מיט דער פֿונקציע פֿון אַטריבוט אָדער פּרעדיקאַט אין זאַץ;

ג) **פּראָנאָם** — איז לויטן באַטײַט ניט פֿאַרבונדן מיט קיין באַזונדערער לאָגישער קאַטעגאָריע, איז אַ פֿאַרטרעטער אָדער אַ פֿאַרבײַטער פֿון גרופּעס סובסטאַנטיוון אָדער אַדיעקטיוון; לויט די פֿאָרמעלע סימנים איז ער אָדער סובסטאַנטיוויש אָדער אַדיעקטיוויש און האָט נאָך דערצו אייגענע צוגאָב־סימנים; די פֿונקציעס אין זאַץ זײַנען אָדער פֿון אַ סובסטאַנטיוו אָדער פֿון אַן אַדיעקטיוו;

ד) **פּרעפּאָזיציע** — ספּעציעלע גרופּע באַהילפֿיקע ווערטער, וואו יעדער וואָרט האָט פֿאַר זיך אַ קלאָרן באַטײַט (אָדער באַטײַטן). די פּרעפּאָזיציעס זײַנען אינוואַריאַנטן (אָן פֿלעקסיעס, אָן שינויים), זיי פֿאַרבינדן אַ ווערב אָדער אַ סובסטאַנטיוו מיט אַ סובסטאַנטיוו; זיי האָבן ניט קיין

אייגענע פֿונקציע אין זאַץ, נאָר צוזאַמען מיטן סובסטאַנטיוו פֿירן זיי דורך אַזאַ פֿונקציע וואָס איז אָן זיי גאָרניט מעגלעך (זען קאַפּ׳ זאַצגלידער);

ה) ו ע ר ב — נאָמען פֿון אַ טואונג אָדער פֿון אַ מצבֿ אין פֿאַרבינדונג מיטן פּראָצעס אין צײַט; בייגט זיך לויט פּערזאָנען און צײַטן; מיט דער פֿונקציע אין זאַץ — זײַן פּרעדיקאַט אָדער אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט;

ו) ו ע ר ב י ד ן — דרײַ באַזונדערע גרופּעס, צונויפֿגענומען איבאַיינעם (דער אינפֿיניטיוו, דער גערונדיוו, דער פּאַרטיציפּ), ווײַל אַלע דרײַ האָבן דעם שטאַם פֿון ווערבֿ און האָבן סינטאַקטישע סימנים גלײַכצײַטיק פֿון צוויי וואָרטקלאַסן (דער אינפֿיניטיוו פֿון ווערבֿ און סובסטאַנטיוו, דער גערונדיוו — די פֿאָרעם אויף ־(ע)נדיק — איז אויך אַן אַדיעקטיוו, און דער פּאַרטיציפּ פֿון ווערבֿ איז אַן אַדיעקטיוו);

ז) אַ ד וו ע ר ב — אַן אייגנשאַפֿט, אַ סימן, אַן אומשטאַנד לויטן באַטײַט און ציט זיך צו אַ ווערבֿ אָדער צו אַן אַדיעקטיוו, איז כּמעט אינוואַריאַנטיש (חוץ דער פֿעאיקייט פֿון אַ טייל מיט אַן אַדיעקטיווישן שטאַם צו האָבן פֿאַרגלײַכגראַדן), מיט צוויי ספּעציפֿישע סופֿיקסן (־ערהייט, ־ווײַז), אָפֿט מיט קאָמפּליצירטע צונויפֿגאָסן פֿון באַזונדערע טיילן, מיט באַזונדערע אייגנשאַפֿטן פֿון אינטאָנאַציע;

ח) ק אָ נ י ו נ ק צ י ע — ספּעציעלע גרופּע באַהילפֿיקע ווערטער וואָס דינען צונויפֿצובינדן זאַצגלידער צווישנאַנאַנד און אויך זאַצן מיט זאַצן. כּמעט אַלע קאָניונקציעס האָבן זייער באַזונדערן באַטײַט; ניט קיין זאַצגליד און ניט קיין אײנס אין ווערטער־סדר;

ט) ז אַ צ וו אָ ר ט — זען ענין ד.

דאָ איז פֿאַראַן אַ באַזונדערער קאַפּיטל צאָלוואָרט, הגם די אַלע ווערטער פֿון אָט דעם וואָרטקלאַס קענען אײַנגעטיילט ווערן צווישן סובסטאַנטיוו, אַדיעקטיוו, אַדווערבֿ און זאַצוואָרט. דאָס אויסזונדערן אָט די גרופּע ווערטער בלויז לויטן באַטײַט איז אַזוי אײַנגעפֿעסטיקט אין פֿאַרשיידענע גראַמאַטיקעס אַז עס איז כּדאַי זיי נאָכצוטאָן כּדי ניט אַרויסצורופֿן איבעריקע שאלות. פֿון דער צווייטער זײַט איז אין ייִדיש מעגלעך דער וואָרטקלאַס קאָנווערבֿ (זען ווערבֿ, יבֿ). אַ צוגאָב צו די אויבן־אָנגעוויזענע וואָרטקלאַסן, איז אויך אויסגעקומען צו ניצן דעם טערמין פּאַרטיקל (צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו).

5. וואָרט איז אַוודאי דער עיקר־באַגריף אין לעקסיק. גראַמאַטיק דרינגט אַרײַן אין לעקסיק, לעקסיק אין גראַמאַטיק. דאָך איז פֿאַראַן אַן אָפּגרענעצונג צווישן די ביידע שטחים אין שפּראַך־פֿאָרשונג. דאָס וואַקסן פֿון דער צאָל ווערטער אין אַ יעדער קולטורשפּראַך, זייער אָפּשטאַם און זייער גורל, די ראָלע און דער אויפֿטו פֿון באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן און אויך פֿון יחידים אין דער שפּראַך־אַנטוויקלונג — דאָס אַלץ אַרום דעם וואָרט געהערט ניט צו גראַמאַטיק, זיכער ניט צו גראַמאַטיק פֿון הײַנטצײַטיקן לשון. ניט אין דעם קורס גראַמאַטיק, נאָר אין אַן אַרײַנפֿיר צו ייִדישער לעקסיקאָלאָגיע איז נייטיק זיך אַרײַנצוטראַכטן און אויפֿצוקלערן די באַגריפֿן: אַרכאַאיזם, לאָקאַליזם, באַרבאַריזם, אינטערנאַציאָנאַליזם, אײַפֿעמיזם, עפּעמעריזם, נעאָלאָגיזם, זשאַרגאָניזם, עטימאָלאָגישע יסודות און

די ספּעציפֿיש־ייִדישע פּראָבלעמען: ווערטער מחמת דער גלות־סיטואַציע, ווערטער מחמת דער אינעווייניקסטער צווייִשפּראַכיקייט (ייִדיש און לשון־קודש) און דער דרויסנדיקער צווייִשפּראַכיקייט (ייִדיש און די שפּראַך פֿון מערהייט־פֿאָלק).

6. דער גרונטיקסטער יסוד פֿון מאָדערנעם אויסלייג באַשטייט אין שרײַבן אָפּגעזונדערט יעדער וואָרט און ניט צערײַסן אײן וואָרט אויף צוויי אָדער מער טיילן. דערצו איז דאָך אָבער נייטיק קלאָר צו וויסן וואָס עס איז אַ וואָרט. איז דער אומבאַשטימטער אַרטיקל אַ אַ וואָרט פֿאַר זיך? ניט אַזוי טראַכטן עמך־שרײַבערס, ווען זיי לייגן אויס 'אַגוט און אַגעזונט יאָר אײַך'. איז פֿון דער אַנדערער זײַט אַ שטענדיק דער אומבאַשטימטער אַרטיקל און קיינמאָל ניט קיין ספּעציעלער פּאַרטיקל? אַזוי אָפּנים מיינען די וואָס לייגן אויס דעם אָפּנים ווי צוויי ווערטער: 'אַ פּנים'. האָט עס טאַקע אַ פּנים ווי חוזק. אַ וואָרט וואָס צו אים קומט צו אַ סופֿיקס אָדער אַ פּרעפֿיקס איז שוין אַן אַנדער וואָרט. אַזוי לערנט די גראַמאַטיק, דיקטירט פֿון שׂכל־הישר פֿון יעדערן וואָס ווייסט דעם באַטײַט פֿון סופֿיקס און פֿון פּרעפֿיקס. פֿאָלקס־לערערשאַפֿט איז אַ וואָרט פֿאַר זיך, אוממעגלעכקייט אַ וואָרט פֿאַר זיך, און דאָ איז ניט שייך קיין 'חקירה' — וואו איז דאָ די קירצערע פֿאָרעם? אין זאַץ „לאָמיר עס טאָן אינאיינעם" איז אינאיינעם לויטן באַטײַט, לויט דער פֿונקציע אין זאַץ אַ באַזונדער וואָרט און די גראַמאַטיק באַפֿעלט: צערײַסט ניט!

זײַן פֿולע וואָרטישקייט קריגט דאָס וואָרט בלויז אין דעם קאָנקרעטן זאַץ. די זעלביקע קאָמבינאַציע פֿון קלאַנגען קען געבן אין צוויי פֿאַרשיידענע זאַצן — צוויי באַזונדערע ווערטער אָדער ווערטער־פֿאַרבינדונגען. מע קען ניט קומען פֿון אויסלייג צום וואָרט. דער וועגווײַזער איז דאָ גראַמאַטיק. אויסלייג־תּקנות אָן אָנשפּאַר אויף גראַמאַטיק מוזן בעבעך זיך האַלטן אויף הינערשע פֿיסלעך.

7. דאָס וואָרט האָט אין זיך אַ געוויסע סעמאַנטישע, אַ באַטײַטיקע פֿ א ר ז י כ ד י ק י י ט און איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ היסטאָרישער איינהייט־לעכקייט, פֿון זײַן אַן איינס. עס טרעפֿט זיך אויך אַז די עצם א י נ ט א ־ נ א צ י ע פֿונעם וואָרט זאָל אונדז אונטערזאָגן זײַן מהות (זען אַדווערב ז).

דעם באַגריף וואָרט איז מעגלעך אויסצוטיילן אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל פֿון גראַמאַטיק. איבער פּראַקטישע מאָטיוון איז עס אָבער גענוג ווען דאָס ווערט געגעבן ווי אַן אַרײַנפֿיר צום קאַפּיטל וועגן זאַץ און צום ווײַטערדיקן קאַפּיטל וועגן זאַצגלידער. עס איז אַנאַלאָגיש צו דעם ווי עס ווערט באַהאַנדלט דער אַרטיקל (זען סוב׳ ב).

## ב. דער באַגריף זאַץ

1. פֿאַראַן זייער אַ סך דעפֿיניציעס וואָס דאָס איז אַ זאַץ. זיי בויען זיך אויף פֿאַרשיידענע פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען, זיי באַמיִען זיך צו ענט־פֿערן וואָס עס איז אייגנטלעך אַ געדאַנק און ווי אַזוי אַ געדאַנק ווערט גע־באָרן בײַם רײדער און ווי אַזוי ער ווערט פֿאַרשטאַנען פֿונעם הערער.

ווערט פֿון דער דעפֿיניציע וואָס דאָס איז אַ זאַץ אַ שטיק טעאָריע אין לאָ־גיק און אין פּסיכאָלאָגיע. ממש יאָרהונדערטער איז גראַמאַטיק געווען אַ מין דינסטמויד פֿון לאָגיק אָדער מע האָט צונויפֿגעמישט די דינסטמויד מיט דער האַרינטע. אין לערנביכער פֿון גראַמאַטיק איז געגאַנגען פֿון איין לשון אין אַ צווייט לשון אַזאַ דעפֿיניציע: „אַ זאַץ איז אַ געדאַנק, אויסגע־דריקט דורך ווערטער". באַקומט זיך אַז „אוי!", „ס'טוט וויי!" איז עפּעס מחוץ פֿון דער ספֿערע זאַץ. אָבער זיי זײַנען עס יאָ אין הײַנטצײַטיקן באַנעם.

כּדי זיך צו באַפֿרײַען פֿונעם צונויפֿמיש צווישן אַ זאַץ וואָס ווערט פֿאַרשטאַנען אין לאָגיק מיט אַ זאַץ אין גראַמאַטיק, איז געקומען אַ מאָ־דערנע דעפֿיניציע: „אַ זאַץ איז אַ צאָל ווערטער וואָס זײַנען אָראַנזשירט אויף אַ גראַמאַטישן אופֿן און סינטאַקטיש צונויפֿגעבונדן (צו שאַפֿן בײַם הערער אָדער בײַם לייענער דעם זעלביקן אימאַזש וואָס איז אינעם באַ־וואוסטזײַן פֿון ריידער אָדער שרײַבער). אויך דאָ איז פֿאַראַן די פֿאָדערונג אַז עס דאַרפֿן זײַן ווערטער (אין מערצאָל!) און אויך דאָ באַקומט זיך אַז אין אַזאַ שטיק רייד „האַ? וואָס זאָגט ער? כ'האָ' ניט דערהערט" — זײַנען ניטאָ קיין דרײַ זאַצן, ס'איז בכלל ניטאָ קיין איין זאַץ. עס האָבן זיך גע־פֿונען עקסטרעמיסטן וואָס ווילן באַפֿרײַען גראַמאַטיק פֿון לעקסיק און פֿון אַ שׂכלדיקן זינען. זיי שטעלן זיך אָפּ בײַ די קלאַמערן פֿון דער ציטירטער דעפֿיניציע, בײַ זיי איז רעכט אַז אַזאַ ריי אַרויסגעבראַכטע קלאַנגען ווי „סאָד דעגייר פֿאַרד באָגע אַן עגיזן" איז אויך אַ גראַמאַטישער זאַץ און ניט קיין שפּיל, ניט קיין רעטעניש, מע זאָל כאַפּן דעם מיין. ניין, דאָס רעדן דאַרף האָבן אַ זינען! נאָך מער, לויט יענע עקסטרעמיסטן דאַרף אַפֿילו אַ זאַץ ניט פֿאַרטראַכט ווערן ווי עפּעס וואָס האָט אַ זינען, אַבי עס זאָל זײַן אויסגעשטעלט אַזאַ ריי קלאַנגען וואָס לויט זייער סדר און זייער געפֿינען זיך אין שפּראַך זאָלן זיי קענען דערמאָנען אַ זאַץ וואָס מע פֿאַרשטייט **ניט**.

איז דאָס גלײַכסטע ניט אָנצוהייבן מיט דער דעפֿיניציע וואָס עס איז אַ זאַץ און אַפֿילו ניט שטרעבן צו קומען צו אַ דעפֿיניציע וואָס זאָל ניט אַרויסרופֿן קיין טענות, נאָר אויסצוגעפֿינען אומאָפּשטרײַטלעכע סימנים פֿון גראַמאַטישן זאַץ.

2. מיר נעמען אַן ווי זאַצן אַזעלכע פֿאַרשיידענע אַרויסזאָגונגען: „גע־שוויגן הייסט אויך גערעדט"; „אַ ביסל מיט אַ ביסל ווערט אַ פֿולע שיסל"; „גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער, אונדזער הילף ביסטו אַליין"; „וואָס איז די גיכסטע זאַך אין דער וועלט?" „די גיכסטע זאַך אין דער וועלט איז דער געדאַנק"; „נו?" — „נו־נו"; „ענטפֿער, אָדער דו קריגסט אין די ציין!"; „גוואַלד! אַ פֿײַער!" און די זאַצן וואָס זיי זײַנען שוין דערמאָנט געוואָרן: „אוי! ס'טוט וויי!" און „האַ? וואָס זאָגט ער? כ'האָ' ניט דערהערט".

לאָמיר ראשית־כּל זיך באַפֿרײַען פֿון געשריבענעם און האָבן אין זינען בלויז די גערעדטע שפּראַך. לאָמיר אויך זיך אַבסטראַהירן פֿון דער גע־טראַכטער שפּראַך. אויף צו זײַן אַ זאַץ — דאַרפֿן די ריי אַרויסגעבראַכטע קלאַנגען (און אַפֿילו איין קלאַנג!) האָבן אַ זינען, לכל־הפּחות פֿאַר דעם וואָס

זאָגט עס אַרויס. בײַם ציילעניש פֿון קינדער: „אַנע וואַנע טאַטעניִע, סיִע וויִע קאָמפּאַניִע, סאַלעוו ראַקע, טיקע טאַקע, סיִ וויִע וואַן" איז די אָנזאַמלונג פֿון די דרייצן קוואַזי־ווערטער געווען אַ טייל פֿון אַ שפּיל און ניט קיין פֿאַרבינדונג פֿון ווערטער וואָס שאַפֿן זאַצן. אָבער „אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך און אויסגעלייגט אַן איי" — איז יאָ אַ זאַץ, ווײַל אַ זאַץ מוז ניט איבערגעבן דווקא אַזוינס וואָס איז רעאַל. אַ זאַץ מוז אויך ניט זײַן אַן איינציגע, אַ יחידישע צונויפֿקאָמבינירונג פֿון ווערטער; גאָרניט זעלטן ברענגען מיר אַרויס זאַצן אונטערגעזאָגטע פֿון זכרון, ווען מיר ציטירן אַ שפּריכוואָרט, אַ שורה פֿון אַ לידל צי סתּם אַ סקאַרבאָווע צונויפֿבינדונג פֿון ווערטער, אַ סך מאָל געהערטע, אַ סך מאָל אַליין שוין איבערגעחזרטע. קען אין זאַץ פֿעלן שפּראַכיקע שאַפֿונג.

אין אַ זאַץ מוז אויך ניט זײַן דער מאָמענט פֿון זאָגן עפּעס דעם הערער, פֿון קאָמוניקירן עפּעס דעם מיטמענטשן, אַפֿילו ניט פֿון האָבן בכלל אין זינען אַ הערער. אַ זאַץ קען זיך אַרויסרײַסן פֿון מויל ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַ שטאַרק געפֿיל, פֿון אַן איבערלעבונג וואָס עס גיט זיך ניט אײַן אַן אַ דרויסנדיקן אויסדרוק אײַנצוהאַלטן אין זיך. דאָס קען אויך געשען, ווען מען איז איינגאַנצן אַליין און מע האָט גאָרניט די טבֿע צו רעדן צו זיך בקול רם. „אוי־אוי־אוי, גוואַלד געשריִען, סאַראַ שיינקייט!" און נאָך טויזנטער פֿון דעם מין זאַצן זײַנען נאַטירלעך. אָבער סתּם ברומען און אַפֿילו שרײַען פֿון ווייטיק שאַפֿט נאָך ניט קיין זאַצן, עס מוזן אַרויסקומען קלאַנגען וואָס זײַנען אין געגעבענעם לשון פֿאַרבונדן מיט אַ באַטײַט. הכּלל, אַ זאַץ מוז באַשטיין פֿון ווערטער אָדער פֿון א י י ן וואָרט.

3. ווען אַ זאַץ באַשטייט פֿון מער ווי איין וואָרט, איז ניט גענוג אַז יעדער וואָרט פֿאַר זיך איז פֿאַרשטענדלעך. דער סדר פֿון די ווערטער און זייער פֿאָרעם דאַרף זײַן בהסכּם מיט דער גראַמאַטיק. „ביסל אַ שיסל מיט ווערט אַ אַ פֿולע ביסל" איז ניט קיין זאַץ, כאָטש מע קען זיך כאַפּן וואָסער שפּריכוואָרט איז דאָ צעדרייט געוואָרן. זאָל נאָר ניט זײַן דער אויספֿיר אַז טאָמער האָט דער זאַץ אַ גראַמאַטישן גרײַז אָדער אַפֿילו עטלעכע גראַמאַטישע גרײַזן איז ער שוין אויס זאַץ. ער דאַרף אָבער ניט זײַן בכּיוון פֿאַרדרייט און דאַרף קענען איבערגעבן דעם מיין פֿונעם ריידער. „דו גיי אַזוי ענד דו קאַם בראַדוועי" — איז געווען אַן ענטפֿער אויף אַן אָנפֿרעגן זיך אויף ייִדיש און דער ענטפֿער איז געווען אויף אַ מעגלעכסט־בעסטן ייִדיש. ערשט ווען מע זאָל צעדרייען דעם סדר פֿון די זיבן ווערטער, שטעלן זיי מערניט צונויף קיין זאַץ.

4. אונדזערע רייד זײַנען גאָר אָפֿט עליפּטיש, מיר לאָזן דורך די ווערטער וואָס זײַנען במילא פֿאַרשטענדלעך פֿון קאָנטעקסט. באַזונדערס אָפֿט קומט עס אין ענטפֿערס. שאַפֿן זיך ע ל י פּ ט י ש ע זאַצן. „ווער האָט געזיגט אין דעם ספּאָרט־פֿאַרמעסט?" — „מכּבי". דאָס איינציקע וואָרט איז אַ גענוגיקער און קלאָרער ענטפֿער, איז עס אַ זאַץ. אַ גרופּע גרייט זיך צו אַ לאַנגן שפּאַציר, פֿרעגט איינער אַ צווייטן: „און דו, חיים, דו גייסט מיט

אונדז?" און ער קריגט דעם ענטפֿער: „וואָרט אַ רגע, באַלד בין איך אויך גרייט און איך גיי מיט אײַך". אָבער דער שמועס קען דערפֿירט ווערן צו אַזאַ עליפּטישן נוסח: —„גייסטו?" — „באַלד". די ערשטע זאַצן פֿון אַ קינ־דעלעס מויל זײַנען שטענדיק עליפּטישע. די זאַצן אויף אַ לשון וואָס מע באַהערשט ניט גענוג גוט זײַנען לית־ברירה עליפּטישע.

5. ניט אין אַלע לשונות איז דער באַגריף זאַץ אַבסאָלוט דער זעלביקער. און אַפֿילו אין דעם זעלביקן לשון קענען אין פֿאַרשיידענע תּקופֿות פֿון זײַן אַנטוויקלונג פֿאַרבלײַבן די זעלביקע פֿאָדערונגען וואָס מע שטעלט צום באַגריף זאַץ, וואָרעם די פֿאַרבינדונגען צווישן ווערטער האָבן זיך געביטן. וואָס עס האָט געקענט קלינגען ווי אַ נאָרמאַלער זאַץ אין אַ פֿערצנטן יאָרהונדערט האָט אַ הונדערט יאָר שפּעטער שוין געקענט האָבן פֿאַרלאָרן יענע צונויפֿגעבונדנקייט וואָס אַ זאַץ פֿאַרלאַנגט. [עס איז גענוג צו פֿאַרגלײַכן טעקסטן פֿון כּתבֿ־יד פֿון 1382 מיט טעקסטן פֿון שמואל־בוך.] עס קומט אויס אַנצונעמען אַז אין פֿופֿצנטן יאָרהונדערט איז געווען נאָרמאַל אַזאַ מין זאַץ: „איז געקומען דוד, ישי דער זון" — שפּעטער וואָלט מען עס גאָר געקענט אָננעמען ווי צוויי באַזונדערע זאַצן. דער באַגריף זאַץ לעבט דורך ניואַנסירונגען אין פֿאַרשיידענע צײַטן פֿון דעם זעלביקן לשון.

6. עס איז איבעריק אויפֿצוקלערן וואָס עס איז אַ ד ע ר צ י י ל ז אַ ץ, אַ פֿ ר ע ג ז אַ ץ און אַן א ו י ס ר ו פֿ ז אַ ץ. דער אינהאַלטלעכער חילוק צווישן זיי איז קלאָר און פֿאַרשטענדלעך און אומעטומיק. אין שריפֿט האָבן זיי זייערע באַזונדערע אָפּשטעלצייכנס: דער דערציילזאַץ — אַ פּינטל. דער פֿרעגזאַץ — אַ פֿרעגצייכן, דער אויסרופֿזאַץ — אַן אויסרופֿצייכן. ווי זשע איז אויסגעדריקט דער חילוק צווישן זיי אין דער ריידשפּראַך? אין ייִדיש פֿאַרמאָגן זיי ניט קיין שום באַזונדערן סימן, קיין שום באַזונדערע פֿאָרעם ניט אין זייער ווערב, ניט אין קיין בייגפֿאַל, ניט דורך אַ באַזונדערער קאָניונקציע אָדער פּרעפּאָזיציע. [דער פֿרעגזאַץ קען האָבן, אָבער ער מוז ניט האָבן די קאָניונקציע צי; דער אויסרופֿזאַץ האָט זייער אָפֿט, אָבער ער קען אויסקומען אָן דעם מאָדוס אימפּעראַטיוו.] דאָך האָבן אויך ייִדן ניט קיין טעות בײַם הערן צו וועלכן מין פֿון די דרײַ עס געהערט דער זאַץ.

יעדער מין זאַץ באַזונדער האָט זיך זײַן בולטע א י נ ט אָ נ אַ צ י ע. לאָמיר זיך צוהערן צו זייערע באַזונדערקייטן: „ער וועט מוזן קומען.", „ער וועט מוזן קומען?", „ער וועט מוזן קומען!". בלויז די אַנדערשדיקע אינטאָנאַציע מאַכט פֿון זיי די דרײַ אינהאַלטלעכע, פּסיכאָלאָגיש־אַנדערשדיקע זאַצן. אינטאָנאַציע שפּילט אַ גוואַלדיקע ראָלע בײַם רעדן און דאַרף זײַן זייער וויכטיק אין פֿאָרשן שפּראַכן. דאָס איז אַ שטח וואָס וועט נאָך קומען צו זײַנע רעכט, הגם שוין איצט איז עס אַ סימן בײַם טיפּאָלאָגישן אײַנטיילן לשונות אין דער וועלט. אָבער אין די גרענעצן פֿון איין לשון איז דער ענין ניט גענוג דורכגעאַרבעט. דאָ איז דער שליסל צו דערגיין ווי דער ריידער באַציט זיך צו זײַנע רייד אָן שום צוגאָב־ווערטעלע, אָן שום ספּעציעלער גראַמאַטישער פֿאָרעם. מע דערהערט צי דער ריידער איז זיכער

אָדער אומזיכער, צי ער וויל אַרויסזאָגן אָדער ער זאָגט אַרויס אָן חשק אָדער אַפֿילו קעגן זײַן ווילן, צי ער איז צופֿרידן, גלײַכגילטיק אָדער אומ־צופֿרידן. רייד אָן שום אינטאָנאַציע זײַנען אַזוי ווי טויטע רייד. די קונסט פֿונעם פֿאָרלייענער באַשטייט ראשית־כּל אין באַהערשן אַלע מעגלעכע אינטאָנאַציעס און אין ריכטיקן אַרויסברענגען זיי.

מסתמא האָט יעדער לשון זײַן אינטאָנאַציע. איין דיאַלעקט אין אַ לשון קען זיך אונטערשיידן פֿון צווייטן מיט זײַן אינטאָנאַציע. דער פּוילישער ייִד האָט געהאַט אַ בולט־אַנדערשדיקע אינטאָנאַציע ווי דער ליטווישער ייִד, און אין ליטע האָט מען געקענט דערקענען דעם קורלענדער לויט יענעמס אינטאָנאַציע. אַ ניט־ייִד פֿלעגט קענען דערקענען דעם ייִדן לויט זײַן אינטאָנאַציע, אַפֿילו ווען דער ייִד האָט די קלאַנגען גופֿא אַרויסגע־בראַכט פֿולקום קאָרעקט.

מע זאָל ניט צונויפֿמישן אַקצענט מיט אינטאָנאַציע. דער אַקצענט הייבט אַרויס אַ טראַף אין אַ וואָרט אָדער צווישן עטלעכע איינטראַפֿיקע ווערטער; דער אַקצענט פֿון אַ זאַץ הייבט אַרויס איין וואָרט צווישן עטלעכע ווערטער פֿון אַ זאַץ. אינטאָנאַציע האָט גלײַכצײַטיק פֿאַרשיידענע אייגנ־שאַפֿטן. דער טעמפּאָ פֿון די רייד, דער ריטעם, די גלאַטקייט אָדער די בערגלדיקייט פֿון דער ריי קלאַנגען און נאָך און נאָך אייגנשאַפֿטן פֿורעמען אויס די אינטאָנאַציע. די קלאַנגען פֿון אַ שפּראַך זײַנען סימבאָלן וואָס מע לערנט זיך אויס זיי צו פֿאַרשטיין, ווען מע לערנט זיך אַ שפּראַך. די אינ־טאָנאַציע איז עפּעס וואָס איז דירעקטער, וואָס קומט אויף אַ גלײַכן וועג אָן אַ פֿאַרמיטלונג, איז אַ ניגון פֿון אינעווייניקסטער מוזיק. ליידער האָט מען דערווײַל נאָך ניט אויפֿגעשטעלט די סיסטעם נאָטן, שריפֿטלעכע און זעאיקע צייכנס פֿאַר אינטאָנאַציעס. ווען מע פּרוווט מיט ווערטער אויס־מאָלן אַן אינטאָנאַציע, באַקומט זיך עפּעס דעפֿעקטיווס, בעל־מומיש, אומ־געראָטן, ווי מע וואָלט וועלן מיט ווערטער געבן דעם חילוק צווישן בלוי און גרין, צווישן רויט און געל.

7. דער עיקרדיקסטער סימן אויף צו דערקענען אַ זאַץ איז די זאַץ־אינטאָנאַציע. פֿאַראַן עטלעכע זאַץ־אינטאָנאַציעס, אָבער זיי אַלע זאָגן דעם הערער אַז אין דעם ריידערס אַרויסזאָג איז פֿאַראַן פֿאַרענדיקטס, עפּעס וואָס שליסט אָפּ, וואָס שאַפֿט אַ גאַנצקייט פֿון אַן איינס. אָפֿט דריקט זיך עס אויס אין אַ פּאַוזע, ווי קאָרג אין צײַט זי זאָל ניט זײַן; אָבער אויך אין גיכן רעדן איז די אינטאָנאַציע פֿון זאַץ פֿאַראַן, אַניט רעאַגירן מיר: „ער רעדט אַזוי גיך אַז איך קען אים ניט פֿאַרשטיין". דורך דער אינטאָנאַציע דערקענט מען די דרײַ פֿאַרשיידענע מינים זאַצן, וואָס מיט זיי הייבט זיך אָן אָט דער פּונקט. דורך אינטאָנאַציע דערקענען מיר צי עס האָט זיך פֿאַרענדיקט אַ פּשוטער זאַץ אָדער בלויז אַ טייל פֿון אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ (דאָס וואָס מע רופֿט געוויינטלעך בײַזאַץ). לאָמיר אַרויסרעדן און זיך גוט אײַנהערן: „ער האָט נעכטן ניט געקענט קומען"; „ער האָט נעכטן ניט געקענט קומען, ווײַל עפּעס אַן אומגליק איז געשען אין זײַן משפּחה"; „ווײַל עפּעס אַן אומ־

גליק איז געשען אין זײַן משפּחה, האָט ער נעכטן ניט געקענט קומען״; „אוי־ווײ!״; „האָסט געהערט זײַן אוי־ווײ?״; „זײַן אוי־ווײ האָט מיר אַ ריס געטאָן אין האַרצן.״

## ג. סובּיעקט און פּרעדיקאַט

1. ווען מיר זאָגן אַרויס אַ מיינונג באַקומט זיך אַ זאַץ, אָבער ווײַט ניט יעדער זאַץ איז אַן אַרויסזאָגן אַ מיינונג. עס שאַפֿט זיך אַ געדאַנק וועגן עפּעס אַ זאַך, אָדער וועגן אַ געשען, אַ טאָן אין צײַט — און מע גיט עס אַרויס דורך דער קלאַנגגען־סימבאָליק. מע גיט אַ טראַכט וועגן עפּעס, מען אורטיילט — און עס ווערט געבאָרן אַ מיינונג — און ווען מע ברענגט זי אַרויס, ווערט אַ זאַץ. דערבײַ באַשטעטיקט מען, מע באַיאָט אָדער מע פֿאַר־ניינט. האָט מען פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע זאַצן. פּאָזיטיוו אָדער נעגאַטיוו ווערט באַשטימט גראַמאַטיש דורכן אַרײַנגעמען אַ וואָרט צי אַ ווערטל וואָס פֿאַרניינט און אויך דורך דער ספּעציפֿישער קאָנסטרוק־ציע פֿון דעם נעגאַטיוון זאַץ (אויף וויפֿל זי איז פֿאַראַן).

2. אין די קלאַסישע בײַשפּילן פֿון דער פֿאָרמעלער לאָגיק האָט מען געהאַט אַן ערך אַזעלכע זאַצן: „דער לייב איז דער קיניג פֿון די חיות״; „דער מענטש איז שטערבלעך״; „בלײַ זינקט אין וואַסער״, „האָפֿן אַ לאַנגע צײַט גאַראַנטירט ניט דאָס דערגרייכן״; „חניפֿה איז ניט ערלעך״; „איין פֿויגל מאַכט נאָך ניט פֿרילינג (זומער)״. דעם טיפּ זאַצן האָט מען קלאַסי־פֿיצירט, אין דעם טיפּ זאַצן האָט מען אײַנגעזען צוויי אָדער דרײַ אומ־פֿאַרמײַדלעכע באַשטאַנדטיילן. איז עס אַלץ גוט און פֿײַן, כּל־זמן מע האָט אין זינען, אַז אויף דעם אופֿן פֿאַרנעמט מען זיך בלויז מיט איין מין זאַצן און בשום־אופֿן ניט מיט דעם גראַמאַטישן זאַץ בכלל.

דער זאַץ איז דער וויכטיקסטער שפּראַכיקער מיטל אַרויסצוברענגען אַ מיינונג. [שפּראַכיקער איז דאָ דער עיקר, ווײַל אַ מיינונג קען מען אַרויס־ברענגען דורך אַ מאַך מיט דער האַנט, דורכן פֿאַרקרימען דאָס פּנים, דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ, דורך אַ שמייכל.] די זאַצן וואָס זײַנען מיינונגען באַ־שטייען געוויינטלעך פֿון צוויי טיילן: פֿון אַ ס ו ב י ע ק ט און אַ פּ ר ע־ד י ק אַ ט. [געוויינטלעך טאָר דאָ ניט דורכגעלאָזט ווערן. עמעצער זאָגט אַרויס אַ מיינונג און ער קריגט אַן ענטפֿער: „טאַקע?״ — איז עס דאָך אויך אַ זאַץ וואָס דריקט אויס אַ מיינונג.]

3. דאָס אײַנטיילן אַ זאַץ אין סובּיעקט און פּרעדיקאַט איז גראַמאַטיש בייטיק און נוציק. דער סובּיעקט ווערט אויסגעדריקט דורך אַ סובּסטאַנטיוו און יעדער וואָרט וואָס קומט ווי אַ סובּיעקט אין אַ זאַץ ווערט סובּסטאַנ־טיווירט, למשל: „דער קראַנקער פֿילט זיך בעסער״; „יעדערער פֿאַרשטייט עס״, „צוויי מאָל צוויי איז פֿיר״, „ס׳איז ניט פֿײַן דאָס אַרויסדרייען זיך״; „בע קען האָבן פֿאַרשיידענע באַטײַטן״. דער פּרעדיקאַט איז נאַטירלעכער־ווײַז פֿאַרבונדן מיטן ווערב און די פֿונקציע פֿון ווערב אין זאַץ איז צו זײַן

דער פּרעדיקאַט. דער פּרעדיקאַט קען אויך באַשטיין פֿון אַ הילפֿסווערב פּלוס אַ סובסטאַנטיוו אָדער אַן אַדיעקטיוו. עטלעכע דוגמאָות: „בלײַ איז שווער"; „דער פֿעטער איז געווען אַ תּלמיד־חכם"; „די גליקלעכע צוקונפֿט האָט אויך דעם נאָמען משיחס צײַטן"; „דער פּרעדיקאַט ווײַזט אויף אַן אייגנשאַפֿט פֿון דעם סוביעקט"; „די מומע איז אַ גוטע"; „אַ קו וואָס גיט אַ סך מילך איז אַ גוטע בהמה"; „די חבֿרטע דײַנע איז דאַכט זיך אַ גוטע בהמה"; „דאָס איז אַ טיש"; „מײַן חבֿרס רוקן איז געווען מײַן טיש".

פֿון די דוגמאָות זעט מען אַז דער סובסטאַנטיוו אין דער ראָלע פֿון אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט בלײַבט בײַ דער פֿולקייט פֿון אַלע זײַנע אייגנשאַפֿטן נאָר דעמאָלט ווען דער זאַץ רופֿט עפּעס אָן, באַצייכנט די קאַטעגאָריע, די גרופּע פֿונעם סוביעקט („אַ פֿלאַטערל איז אַן אינזעקט", „און איז אַ קאָנ־יונקציע"). אין אַלע אַנדערע זאַצן ווערט דער סובסטאַנטיוו פֿון פּרעדיקאַט אַזויווי אַראָפּגענידערט צו אַן אַדיעקטיוו, צו איין אייגנשאַפֿט פֿון דעם סובסטאַנטיוו. „זי איז אַ בהמה" באַטײַט: זי איז אַ נאַרישע ווי אַ בהמה, אָבער קיין פֿירפֿיסיקע איז זי ניט, קיין מילך גיט זי ניט. „זײַן רוקן איז געווען מײַן טיש" באַטײַט בלויז אַז איך האָב אויסגעניצט זײַן אײַנגעבויגענעם רוקן עפּעס אָוועקצולייגן, ווי דאָס איז איינע פֿון די פֿונקציעס פֿון דעם שטיק מעבל וואָס מע רופֿט טיש.

4. עס מוז זײַן אַ מיטשטימונג אין צאָל און אין פּערזאָן צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט. זיי דאַרפֿן ביידע זײַן אָדער אין איינצאָל אָדער אין מערצאָל: „ער אַרבעט", „זיי אַרבעטן"; „דער חבֿר קומט", „די חבֿרים קומען". די ענדונגען פֿון ווערב מוזן אָפּהיטן געטרײַ וואָס עס באַפֿעלט דער פּערזענלעכער פּראָנאָם אָדער ווײַזן אויף דער דריטער פּערזאָן: „ער אַרבעט", „דו אַרבעטסט"; „מיר זײַנען גוטע חבֿרים"; „אַ גרויסער עולם איז געקומען"; „עס רעגנט".

בײַם ענין מיטשטימונג אין צאָל קען זיך שאַפֿן אַ ווידעראַנאַנד צווישן דעם באַטײַט און דער פֿאָרעם. די סובסטאַנטיוון: עולם, המון, מאַסע, חבֿרה, צוהערערשאַפֿט און ענלעכע באַטײַטן בלי־ספֿק אַ סך מער ווי איין פּערזאָן און דאָך קומט דער פּרעדיקאַט צו זיי אין איינצאָל. עס טרעפֿט זיך אַז דאָס באַטײַטיקע איז גובֿר („די גאַנצע חבֿרה זײַנען געקומען"). אַמאָל קען עס זײַן אָפּהענגיק פֿון סטיל, פֿון פּאָזיציע אין זאַץ („אַ גרויסע מאַסע פֿאַראינ־טערעסירטע זײַנען געקומען"; „עס איז געקומען אַ גרויסע מאַסע פֿאַר־אינטערעסירטע"); אַמאָל אַפֿילו פֿון אַן אומקלאָרער פֿאָלקישער נטיה אויס־צוקומען אין דער דריטער פּערזאָן בלויז מיט איינצאָל. עס איז כאַראַק־טעריסטיש אַז בײַם פּראָנאָם מע (מען) מוז דער ווערב זײַן אין איינצאָל; לשון־קודש און סלאַוויש גיבן עס איבער אין מערצאָל.

5. די חקירהנישן וואָס עס איז פֿריִער, וואָס עס איז ערשטיקער צי דער סוביעקט צי דער פּרעדיקאַט זײַנען מחוץ דעם גדר פֿון גראַמאַטיק. אינעם גראַמאַטישן זאַץ זײַנען זיי ביידע גלײַכצײַטיק און גלײַכוויכטיק. לאָמיר געדענקען אַז אַ זאַץ מוז ניט האָבן קיין ווערב, מיט אַנדערע ווער־

טער קיין פּרעדיקאַט. געגוג ראַיות פֿאַר דעם האָט צוגעשטעלט די ליטע־ראַטור, וואו מע קען געפֿינען באַשרײַבונגען אַן ווערבן. עס זײַנען דאָ גאַנצע פֿערזן אין אונדזער פּאָעזיע אָן אַן איינציקן ווערב. אויך אין אַ פּראָסטן שמועס קען מען הערן אַזוינס: „אַ געלאַף. אַ געטומל. געשרייען. שטופּעניש. אַ געשלעגערײַ". עס איז אַ ברכה לבטלה דאָס מיִען זיך איינ־צושטעלן, צי מיר האָבן דאָ בלויז סוביעקטן אָדער בלויז פּרעדיקאַטן. קיין שום חילוק אין פּאַקטישן רעדן אָדער שרײַבן וועט פֿון דעם ניט אַרויסקומען.

וואָס שייך דעם אומפּערזענלעכן זאַץ („עס רעגנט", „עס טוט מיר וויי") איז זײַן סוביעקט דער פּראָנאָם עס. גענויער וועגן אים זען קאַפּ' ווערטער־סדר, ג. דאָרטן זען אויך וועגן 'פֿיקטיוון סוביעקט' עס (למשל אין אַזאַ זאַץ: „עס וועט דער פֿרײַנד קומען ערשט מאָרגן") און וועגן 'פֿיקטיוון פּרעדיקאַט' איז (למשל, אין אַזאַ זאַץ: „איז וועל איך קומען מאָרגן").

6. ס'איז נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך איינוואָרטיקע זאַצן. זיי געהערן צו פֿיר מינים:

א) עליפּטישע זאַצן וואָס באַשטייען פֿון אַ ווערב. זיי טרעפֿן זיך אין פֿראַגעס און אין באַפֿעלן. זיי זײַנען קלאָר, פּשוט לויט זייער נאַטור. דוגמאָות: „קומסט?" (ד"ה דו קומסט?), „קום!" (אין אימפּעראַטיוו — דו קום), „קומט!", „לויפֿט!", „שיסט!" (אין באַפֿעלן מיט אַ ווערב).

ב) ענטפֿערס וואָס באַשטייען פֿון איין וואָרט. למשל: „— ווען וועסטו פֿאַרטיק ווערן מיט דײַן אַרבעט?" — „באַלד"; „— ווי הייסט דײַן חבֿרטע?" — „מלכהלע"; — „וואָס איז דער סוביעקט אין זאַץ 'לאַכן איז געזונט'?" — „לאַכן". [מיר האָבן דאָ פֿולע ענטפֿערס, דאָ איז קיין איין וואָרט ניט דורכ־געלאָזט, עס איז ניט נייטיק אויסצוטײַטשן אַז מע האָט דאָ עליפּטישע זאַצן און מע דאַרף ניט פֿאַרלאַנגען פֿון אַ תּלמיד אַז ער זאָל איבערקײַען דעם לערערס פֿראַגע.]

ג) רופֿן, אויסגעשרייען, וואָרענישן, בקשות, אַרויסגערופֿן פֿון סיטו־אַציעס וואָס דערלאָזן ניט קיין צײַט און קיין בנעימותדיקייט פֿאַר אַ זאַץ מיט אַ בפֿירושן סוביעקט און פּרעדיקאַט. דוגמאָות: „שרעקלעך!", „פֿײַער!", „סכּנה!", „געוואַלד!", „גערויסער!", „הילף!", „פּאָליציי!".

ד) זאַצן וואָס באַשטייען בלויז פֿון איין וואָרט, ווײַל דאָס איינע וואָרט איז אַ זאַצוואָרט.

# ד. דאָס זאַצוואָרט

1. בײַם אײַנטיילן ווערטער אין וואָרטקלאַסן זאָל מען ניט פֿאַרגעסן אָט דעם באַזונדערן וואָרטקלאַס. ווען מע נעמט ניט אַרײַן אָט דעם וואָרט־קלאַס בײַם קלאַסיפֿיצירן, שטויסט מען זיך אָן אויף ווערטער וואָס מע ווייסט ניט וואוהין זיי אַהינצוטאָן. יאָ און ניין זײַנען אַזעלכע פֿונדאַמענ־טאַלע ווערטער וואָס קיין לשון קען זיך ניט באַגיין אָן זיי. געווײנטלעך

פֿאַררוקט מען זיי צווישן אַדווערבן און אין דעם איז ניטאָ קיין באַרעכ־טיקונג. יאָ און ניין זײַנען ביידע די סאַמע באַטירלעכע זאַצווערטער, ווײַל זיי שאַפֿן דאָך דעם פֿאַרלאַנגטן ענטפֿער אויף דעם ריידערס פֿראַגע, און דער הערער, בײַם ווערן דער ריידער, קומט דאָך אָפּ מיט זיי און ער פֿילט ניט אַז עפּעס האָט ער ניט דערזאָגט, עפּעס דורכגעלאָזט. שוין צוליב אָט די צוויי ווערטעלעך איז נייטיק דער באַזונדערער וואָרטקלאַס.

אין אַזעלכע כאַראַקטעריסטיש־ייִדישע זאַצן ווי: „איך האָב עס יאָ(יע) געזאָגט", „איך וועל עס יאָ טאָן", „אָט דערהגרייך איך יאָ דעם סאַמע שפּיץ" [דאָ ווערט געגעבן די ערשטע פּערזאָן, ווײַל אָפּטערס ניצט עס דער איך, הגם מע קען די דערמאָנטע זאַצן אַריבערפֿירן אין אַלע פּערזאָנען] — איז דער יאָ ניט קיין זאַצוואָרט, נאָר אַן אַדווערב.

2. יאָ און ניין זײַנען ניט די איינציקע זאַצווערטער. דער אָפּטסטער העברעאיזם אין ייִדיש איז אפֿשר, אַ יחוסדיקער מיטגליד אין דער משפּחה זאַצווערטער. אָט איז נאָך אַ פּעקל זאַצווערטער: טאַקע, אַוודאי, מילא, משמעות, מחשבֿותן, מסתּמא, מן־הסתּם, מהיכא־תּיתי, ממה־נפֿשך, והאָ־ראַיה (והראַיה), הכּלל, אַשטייגער, למשל, לדוגמא, ערשטנס, צווייטנס און אַזוי ווײַטער.

עס קומט אויס אָפּצוטיילן די זאַצווערטער מיט אַ קאָמע אָדער מיט אַן אַנדער אָפּשטעלצייכן. דאָס ווערט אָבער ניט געגעבן ווי אַ כּלל, וואָרעם יאָ צי ניט קאָמע איז אָפּהענגיק פֿון אונדזער אַרויסרייד, און ווען קיין קאָמע־אינטאָנאַציע איז ניטאָ — דאַרף מען זי ניט. אין זאַצן „וואָס אַשטייגער האָט ער געקענט טאָן?"; „ער אַפּנים איז דער אַנפֿירער"; „עס איז מסתּמא אַ טעות" — איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן אַז די אינטאָנאַציע זאָל אַרויפֿ־צווינגען אַ קאָמע. אָבער אין אַזעלכע זאַצן: „ער איז אומשולדיק, והאָ־ראַיה: ער איז אַליין דער ערשטער אַוועק אין פּאָליציי"; „מילא, הייסט די כּלה ביילע"; „מאַכטייסע, זאָל עס בלײַבן ווי דו ווילסט" — בעט זיך ממש אָפּצוזונדערן דאָס זאַצוואָרט.

3. אַלע ווערטער וואָס זײַנען אויסרופֿן, אויסדרוקן פֿון אַ ווייטיק, פֿון איעדער גאָר שטאַרקער איבערלעבונג, אַלע אינטעריעקציעס זײַנען זאַצווערטער. דוגמאָות: גוואַלד! אוי־ווײ! אײַ! אײַ־אײַ־אײַ! עך, אַך, אָך און אַלע אַנדערע אַנגענומענע אויסדרוקן פֿון געפֿילן. אויך בע און עט זײַנען זאַצווערטער.

## ה. זאַצטייל און זאַצגליד

1. עס איז נייטיק צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן זאַצטייל און זאַצ־גליד בײַם פֿונאַנדערקלײַבן זיך אין צוויי־ און מער־ווערטערדיקע זאַצן. יעדער זאַץ פֿון וויפֿל ווערטער ער זאָל ניט באַשטיין פֿאַרמאָגט ניט מער ווי צוויי טיילן, אַ סוביעקט און אַ פּרעדיקאַט. „די אַלטע קראַנקע מומע האָט זיך איבערגעקליבן צו אונדז אין אונדזער ענגער דירה" — דאָ איז דער ערשטער טייל אַ פֿיר־ווערטערדיקער און דער צווייטער טייל אַ ניין־ווערטערדיקער. אינעם ערשטן טייל זײַנען דאָ דרײַ זאַצגלידער: מומע,

אַלטע, קראַנקע; אינעם צווייטן טייל זײַנען דאָ פֿינף זאַצגלידער: האָט זיך איבערגעקליבן, צו אונדז, אין דירה, אונדזער, ענגער. זאַצגליד פֿאַלט ניט צונויף מיט וואָרט. זאַצגליד איז אַ סינטאַקטישער איינס, דער סאַמע שמאָ־לער עלעמענט וואָס איז אַ רעזולטאַט פֿון אַנאַליזירן די ציאונגען צווישן ווערטער אין זאַץ. סכעמאַטיש באַקומט זיך אַזאַ בילד:




אַ זאַצגליד קען זיך ציִען גלײַכצײַטיק צו מער ווי צו איין זאַצגליד. אין דירה ציט זיך הן צו איבערגעקליבן זיך הן צו צו אונדז (טײַטשט אויס וואָס עס הייסט צו אונדז). אין דעם זאַץ „לאָכן איז געזונט" זײַנען פֿאַראַן די צוויי זאַצטיילן און ניט מער ווי צוויי זאַצגלידער; פֿאַלן דאָ צונויף די באַ־גריפֿן זאַצטייל און זאַצגליד.

2. אין לאָגיק רעדט מען וועגן דרײַ טיילן אין אַ זאַץ: דעם סוביעקט, דעם פּרעדיקאַט און דער פֿאַרבינדונג צווישן זיי; אָבער אויך דאָרטן איז עס איבעריק, וואָרעם עס באַווײַזט בלויז אַז אין אונדזער דענקען איז שווער זיך אָפּצורײַסן פֿון די קאָנקרעטע שפּראַכיקע פֿאָרמען. [אין לאַטײַן קומט דער est ווי אין ייִדיש דער איז, אָבער דאָך ניט אין לשון־קודש.] אין ייִדיש דאַרף מען ניט דעם הילפֿסווערב באַטראַכטן ווי אַ באַזונדער זאַצ־גליד. אין די זאַצן: „דער לייב איז אַ חיה", „דער פֿוקס איז כיטרע", „ער איז אַ בוכהאַלטער" — האָבן מיר בלויז צוויי זאַצגלידער, דער הילפֿסווערב איז אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט. איז האָט ניט קיין באַזונדערן יחוס לגבי די אַנדערע הילפֿסווערבן ווי: ווערן, האַלטן, הייסן, בלײַבן: „ווער עס איז גע־וואָרן רײַך איז נאָך צו אַ נגיד ניט גלײַך"; „דער ערלעכער מאַן בלײַבט אַן אָרעמאַן"; „איך הייס פֿײַערשטיין, נאָר רוק מיך ניט אין אויוון".

מיט דער כוונה אַרויסצוהייבן, צו פֿאַרשטאַרקן דעם אײַנדרוק קען מען אויסקומען אָן דעם פֿאַרבינדיקן הילפֿסווערב: „דער מאַן — שבת־הגדול, די ווײַב — קורץ־פֿרײַטיק"; „דער דרייער — אונדזער פֿאַרזיצער?"; „דער וואָס זיצט — ליבמאַן, דער וואָס שטייט בײַם פֿענצטער — גוטמאַן"; „פֿרום דער טאַטע, פֿרום די מאַמע, די משפּחה — לומדים סאַמע" (פּרץ).

3. דער ענגער סוביעקט (אָן די אַלע ווערטער וואָס ציִען זיך צו אים) און דער פּרעדיקאַט זײַנען די הויפּטגלידער, אַלע אַנדערע זאַצגלידער זײַנען די בײַגלידער. יעדע ווערבאַלע פֿאָרעם ווערט באַטראַכט נאָר ווי איין זאַצ־גליד. וואָלט געווען געקומען, האַלט אין איין דערמאָנען, אַ שפּרונג געטאָן — בײַשפּילן פֿון איינציקע זאַצגלידער. וועגן אַלע אַנדערע אייגנשאַפֿטן פֿון די זאַצגלידער — אין ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

## ו. צווייגלידערדיקע, אויסגעבריטערטע און צונויפֿגעצויגענע זאַצן

1. אַ צווייגלידערדיקער זאַץ באַשטייט בלויז פֿון זײַנע צוויי הויפּט־גלידער. דוגמאָות: „אָרעמקייט איז ניט קיין שאַנד" (צו דעם שפּריכוואָרט קומט צו ווי אַ צווייטער טייל: „קיין וויגאָדע אויך ניט", וואָס איז פֿאַר זיך אַ צווייטער צווייגלידערדיקער זאַץ, אַן עליפּטישער, ווײַל ער מײַדט אויס איבערצוחזרן דעם סובסטאַנטיוו פֿון פֿריִערדיקן); „גאולה איז אין געדענקען"; „אָן האָפֿן ניטאָ קיין לעבן"; „איז ער אַ בהמה!"

ניט, ניט קיין, ניטאָ קיין זײַנען ניט קיין באַזונדערע זאַצגלידער. דאָס זײַנען די נעגאַטיווע פֿאַרבינדונגען, ד"ה אַן אײַנזען אַז קיין פֿאַרבינדונג איז ניטאָ.

2. אַן אויסגעברייטערטער זאַץ איז אַזאַ וואָס חוץ די הויפּטגלידער האָט ער אויך בײַגלידער. די בײַגלידער קענען זײַן אַטריבוטיווע וואָס ציִען זיך צו אַ סובסטאַנטיוו און אַדווערביאַלע וואָס ציִען זיך צו אַ ווערב. די פּרטים אין ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

3. אַ צונויפֿגעצויגענער זאַץ איז אַזאַ וואָס האָט צוויי אָדער מער סוביעקטן בײַ איין פּרעדיקאַט, צוויי אָדער מער פּרעדיקאַטן בײַ איין סוביעקט, צוויי אָדער מער גלײַכאַרטיקע, גלײַכמיניקע בײַגלידער וואָס ציִען זיך צו דעם זעלביקן זאַצגליד. דוגמאָות:

א) מיט צוויי סוביעקטן — „דאָס גוטע און דאָס שלעכטע איז ניט אויף אייביק"; „אָרעם און רײַך ליגן אין דער ערד ביידע גלײַך"; „אַ בושה איז נאָר צו גנבֿענען, אָבער ניט אָפּצוגעבן".

ב) מיט צוויי פּרעדיקאַטן — „ער לויפֿט אַרום און זוכט זײַן ריפּ" (ד"ה זײַן זיווג); „גאָט נעמט בײַ איינעם און גיט דעם אַנדערן"; „אויסגעוואַנדערט אַלע לענדער און אַהיים געקומען אָן הויזן און אָן העמדער" (אויך מיט אַ טאָפּעלער אומשטאַנד־באַשטימונג).

ג) מיט צוויי אָביעקטן, וואָס ביידע זײַנען אין אַקוזאַטיוו אָדער אין דאַטיוו מיט דער זעלביקער פּרעפּאָזיציע — „אָפּוואַשן קען מען נאָר דעם גוף, ניט די נשמה"; „אַנצוווערן נדן און ירושה איז ניט קיין בושה"; „מאָל אויס אַ טויבן אַ ניגון און אַ בלינדן אַ רעגנבויגן"; „דעם אויער מעג מען איטלעכן געבן, די האַנט דעם גוטן פֿרײַנד, דאָס מויל נאָר דער אייגענער ווײַב"; „אויף ניט גיין און אויף ניט פֿאָרן האָט מען קיין חרטה ניט"; „גאָט זאָל אָפּהיטן פֿאַר גויאישע הענט און פֿאַר ייִדישע קעפּ".

ד) מיט צוויי אַדווערביאַלע באַשטימונגען פֿון דעם זעלביקן מין וואָס ענטפֿערן אויף דער זעלביקער פֿראַגע — „אין די אויגן קען מען אַרײַנקוקן, אָבער ניט אין האַרצן"; „אויף אַ שטוב בויען און אויף אַ קינד אויסגעבן איז דאָ בײַ גאָט אַ באַזונדערער אוצר"; „דער דלות לייגט זיך אויף די פּלייצעס און אויפֿן פּנים"; „ניט מיט שעלטן, ניט מיט לאַכן קען מען דעם מענטשן איבערמאַכן"; „חנוכּה און פּורים ווערן די אָרעמעלײַט עשירים";

„מע גיט קיין כּבֿוד ניט אָפּ אין תּפֿיסה, אין בית־הכּ(י)סא און אין מרחץ"; „פֿאַר אַ צאַפּ האָט מען מורא פֿון פֿאָרנט, פֿאַר אַ פֿערד פֿון הינטן, פֿאַר אַ נאַר פֿון אַלע זײַטן".

ה) מיט צוויי אָדער מער אַטריבוטן וואָס ציִען זיך צו דעם זעלביקן סובסטאַנטיוו און כאַראַקטעריזירן אים מיט דער זעלביקער קאַטעגאָריע אײַגנשאַפֿטן [„מײַן קראַנקער גוטער פּאַראַלמנטער פֿאָטער אַרבעט נאָך" — ניטאָ דאָ קיין צונויפֿגעצויגענער זאַץ, ווײַל דער פֿאָטער איז גלײַכצײַטיק אי קראַנק אי גוט אי פּאַראַלמנט און די אַטריבוטן כאַראַקטעריזירן אים פֿון פֿאַרשידענע זײַטן.] „די לבֿנה איז אַרויס... אַ העל־ווײַסע, אַ זילבערנע לבֿנה"; „אַ נײַע פֿרישע, שטילע קילקייט האָט ער (דער דניעפּער) אַרויס־געגעבן פֿון זיך, אַ גלאַטע, אַ גרינגע קילקייט"; „געקומען אַהיים פֿון חדר אַ דערהרגענטער, אַ הונגעריקער, אַ שלעפֿעריקער, אַן אויסגעמאַטערטער, איז דאָס ערשטע געווען אַרויסנעמען דאָס מעסערל".

4. מע דאַרף זײַן געוואָרנט ניט צו באַטראַכטן ווי צונויפֿגעצויגענע זאַצן יענע וואָס האָבן אין זיך אַן אידיאָם מיט צוויי ווערטער, אָבער דערבײַ נאָר איין זאַצגליד: „ער רעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער"; „מיר האַלטן פֿון אים שטאָל און אײַזן"; „ער איז אַוועק ווי אַ בער אָן אַן עק, אַוועק בחרפּה ובבֿושה". אויך אין שפּריכוואָרט „לויפֿן און קויפֿן טויג ניט" איז ניטאָ קיין צונויפֿגעצויגנקייט (מע קען ניט זאָגן אַז לויפֿן טויג ניט, אַז קויפֿן טויג ניט). הכּלל, ריין מעכאַניש איז ניט מעגלעך צו באַשטימען צי מע האָט אַ צונויפֿגעצויגענעם זאַץ; מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן באַטײַט.

## ז. צונויפֿגעזעצטער זאַץ

1. אַ זאַץ וואָס האָט אין זיך ווי זײַן באַשטאַנדטייל נאָך אַ זאַץ אָדער נאָך זאַצן איז אַ צונויפֿגעזעצטער זאַץ, למשל: „קוים פּוצט זיך איבער אָפּ די שטיוול, רופֿט מען אים שוין אויף מפֿטיר"; „ווען אַלע מענטשן זאָלן ציִען אויף איין זײַט, וואָלט די וועלט זיך איבערגעקערט"; „מע קען קיין מענטשן ניט דערקענען, ביז מען עסט ניט אויף מיט אים אַ טון זאַלץ (...ביז מע זיצט ניט מיט אים אויף איין פֿור, ...ביז מע האַנדלט ניט מיט אים)"; „אַ מענטש איז געגליכן צו אַ שוסטער: אַ שוסטער דאַרף האָבן אַ ווײַב און אַ מענטש דאַרף אויך האָבן אַ ווײַב".

2. די צוויי אָדער מער זאַצן פֿון אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ מוזן זײַן איבער־האַלטלעך, געדאַנקלעך פֿאַרבונדן צווישן זיך. ווי לויז די פֿאַרבינדונג זאָל ניט זײַן — דאַרף מען זי פֿאַרשטיין, אַניט פֿאַלט אָפּ די באַרעכטיקונג צו־נויפֿצובינדן די זאַצן אין איין צונויפֿגעזעצטן זאַץ. די לויזערע, די פֿרײַערע פֿאַרבינדונג איז צווישן זאַצן וואָס זײַנען גראַמאַטיש גלײַך, גראַמאַטיש גלײַכבאַרעכטיקט. די פֿאַרבינדונג שטיצט זיך אויף צײַט אָדער אויף אָרט, זי קומט פֿאַר בײַם דערציילן, בײַם באַשרײַבן. אַזאַ צונויפֿגעזעצטער זאַץ צעפֿאַלט זיך גרינג אויף זײַנע באַזונדערע זאַצן און עס איז אַ פֿראַגע פֿון

יחידישן סטיל צי מע זאָל איבנהאַלטן דעם צונויפֿגעזעצטן זאַץ אָדער אָפּ־געבן די בכורה דער ריי באַזונדערע זאַצן. בעל־פּה איז דאָ קוים פֿאַראַן אַ חילוק אין דער אינטאָנאַציע, בכּתבֿ איז דאָ דער חילוק צווישן אַ קאָמע און אַ פּינטל (אָבער די קאָמע אין אַזעלכע פֿאַלן האָט ניט די געוויינטלעכע קאָמע־אינטאָנאַציע). עטלעכע דוגמאָות:

„איך האָב געליבט אַ ייִנגעלע אַ שיינעם, שיין איז ער געווען ווי אַ בריליאַנט" (פֿל); „טויזנטער מענטשן זענען געגאַנגען זיך באָדן, געגאַנגען זענען זיי אַלע גלײַך" (פֿל); „די זון בראָט, סמאַלעט, עס ווייט נישט קיין ווינטעלע, מע פֿילט נישט קיין ליפֿטעלע, די תּבֿואה אויף די פֿעלדער, די ביימער אין די וועלדער שטייען שטיל ווי צוגעקאָוועט, קיין שאָקל אַפֿילו זיך נישט צו טאָן" (ממוס); „די ציגײַנער שווערן זיך, ייִדן פּאַטשן איבער די הענט, פּריצים קנאַקן מיט די בײַטשן און פֿערדלעך לויפֿן אַהין און אַהער פֿײַל־אויסן־בויגן" (שע); „פֿאַרצויגן מיט לעבלעכן ליכט ליגט דער לאַנד־שאַפֿטס געזיכט, און דימענטן גלאַנצן אויף פֿעלדער אָן פֿלעקן, און ס'הויכט איבער ווײַסע און ענדלאָזע שטרעקן דער פֿראָסט" (יהואָש).

די נאַטירלעכע פֿאַרבינד־קאָניונקציע צווישן די באַזונדערע זאַצן אין דעם גרעסערן צונויפֿגעזעצטן זאַץ איז און. דער און קען אויך גאַנץ אָפֿט קומען אין סאַמע אָנהייב, אַ רעזולטאַט פֿון ווירקונגען און איבערזעצונגען פֿון תּנך. (אויך אין סטיל פֿון דערציילערס פֿון פֿאָלקס־מעשׂיות): „און אַבֿרהם איז געוואָרן אַלט און באַטאָגט, און גאָט האָט געבענטשט אַבֿרהמען מיט אַלצדינג" (תּי); „און דאָס פֿערדל גייט זיך ניט, און דאָס רעדל דרייט זיך ניט, און די ווײַב שילט זיך, און אַ טרונק בראַנפֿן ווילט זיך" (פֿל).

3. די זאַצן אין פּונקט 2 זײַנען קאָאָרדינירטע. די קאָאָרדי־נירונג קען אויך זײַן ניט אַזאַ דירעקטע ווי דורך ממשות פֿון צײַט און אָרט. די פֿאַרבינדונג קען זײַן בלויז אַ געדאַנקלעכע, ווי בײַ אַ פֿאַרגלײַך, בײַ אַן אַקעגנשטעלונג, בײַ אַן אַנאַליזירן, בײַם האָבן אין זינען אַן אויספֿיר, אַ סיבה, אַ הנחה — און דערבײַ אָן שום קאָניונקציע וואָס זאָל אָנווײַזן אויף דעם. עס איז איבעריק יעדער גרופּע פֿון אַזעלכע זאַצן צו געבן אַ באַזונדערן נאָמען ווײַל די קאָנסטרוקציע איז די זעלביקע. עס איז דייגו, ווען מיר ברענגען דוגמאָות:

„גוטע כּוונות העלפֿן ניט, מעשׂים טובֿים העלפֿן"; „מעשׂים טובֿים העלפֿן ניט, מעשׂים רעים שאַטן ניט"; „דער מענטש איז נאָר ווי אַ סטאָ־ליער — הײַנט לעבט ער און מאָרגן שטאַרבט ער"; „נויט ברעכט אײַזן, דלות ברעכט שלעסער"; „די נויט מאַכט דעם מענטשן בעסער, דאָס גליק מאַכט אים שלעכטער"; „פֿישעלעך אין וואַסער טוען נאָר לויפֿן, ליבע פֿאַר געלט קריגט מען ניט צו קויפֿן"; „אומזיסט איז נאָר דער טויט, דאָך קאָסט ער דאָס לעבן"; „דער ייִד שלעפּט שווער פֿולע פּעק, פֿײַער און רויך טראָגן גרינג אַוועק"; „אַ יוד איז דאָס קלענסטע באַשעפֿעניש, דער ייִד איז אַלע־מען גרויס אין די אויגן"; „אַלע טויערן זענען פֿאַרמאַכט, דער טויער פֿון

רחמים בלײַבט שטענדיק אָפֿן"; „אַ מענטש דאַרף אי זאָרגן אי האָפֿן — האַנט און האַרץ בלײַבן אָפֿן".

4. בײַ די פּונקטן 2 און 3 האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט צונויפֿגעזעצטע זאַצן וואָס ווערן אויפֿגעשטעלט לויט אַ סיסטעם פֿון קאָאָרדינירונג. ייִדיש האָט אויך דעם צונויפֿגעזעצטן זאַץ לויט דער סיסטעם פֿון סובאָרדינירונג. דעמאָלט איז צווישן די צוויי אָדער מער זאַצן פֿאַראַן אײנער וואָס מיר באַטראַכטן אים ווי אַ הויפּטזאַץ און דער אַנדערער זאַץ ווערט דעגראַדירט צו אַ בײַזאַץ (אָדער די אַנדערע — צו בײַזאַצן).

אין ייִדיש איז דער אונטערשייד צווישן הויפּטזאַץ און בײַזאַץ זייער אַ קלײנער. דער עיקר פֿון דעם ריידערס איבערגעבן אונדז מוז ניט דווקא זײַן קאָנצענטרירט אין דעם הויפּטזאַץ. דער חילוק צווישן הויפּטזאַץ און בײַזאַץ איז אַ פֿאָרמעלער און אין גאָר אַ גרויסער צאָל פֿאַלן אַ קוים־קענטלעכער. „ווען איך בין געקומען אַהיים, האָב איך אים שוין ניט געפֿונען" איז אַ צונויפֿגעזעצטער זאַץ; „האָב איך אים שוין ניט געפֿונען" איז דער הויפּטזאַץ; „ווען איך בין געקומען אַהיים" איז דער בײַזאַץ. ערשטנס, קען מען איבערשטעלן דעם סדר: „איך האָב אים שוין ניט געפֿונען, ווען איך בין געקומען אַהיים". צווייטנס, איז ניטאָ קיין שום אַנדערשדיקע ווערבאַלע פֿאָרעם וואָס זאָל אויסטיילן דעם בײַזאַץ פֿון דעם הויפּטזאַץ. דריטנס, איז די אינטאָנאַציע פֿון דעם ערשטן זאַץ וואָס ענדיקט זיך מיט אַ ביסל הייבן די שטים אויף אַרויף און מיט אַ קורצער פּאַוזע פֿון ריכטן זיך אויף ווײַטער — אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פֿון דעם צי עס איז דער הויפּטזאַץ צי דער בײַזאַץ. פֿערטנס, איז זייער גרינג אַריבערצופֿירן די צוויי זאַצן צו קאָאָרדינירטקייט. דער אויספֿיר: די סובאָרדינאַציע איז דאָ זייער, זייער אַ מילדע.

אַ קליין פּעקעלע פֿון עטלעכע זאַצן: „ווען ער איז געווען קראַנק, איז ער צו דער אַרבעט ניט געקומען"; „אַז ער איז געווען קראַנק,...", „ווײַל ער איז געווען קראַנק,...", „איבערדעם וואָס ער איז געווען קראַנק,...", „כאָטש ער איז געווען קראַנק, איז ער צו דער אַרבעט (יאָ) געקומען"; „אַפֿילו ווען ער איז געווען קראַנק, איז ער צו דער אַרבעט (יאָ) געקומען". דער אונטערשייד אין די באַטײַטן שטעקט נאָר אין די קאָניונקציעס, בכן געהערט עס צום קאַפּיטל קאָניונקציעס און עס איז איבעריק אַנצורופֿן די באַזונדערע זאַצן מיט ספּעציעלע נעמען.

5. דירעקטע רייד זײַנען די וואָס מע גיט איבער פּונקט אַזוי ווי דער ריידער האָט זיי אַרויסגעבראַכט; אומדירעקטע רייד זײַנען די וואָס מע גיט איבער דעם אינהאַלט פֿון יענעמס אַרויסזאָגן, אַפֿילו ווען מען איז דערבײַ קיין זאַך ניט מקצר און מע בײַט גאָרנישט. דער חילוק איז דאָ אין דער כּוונה פֿון דעם איבערגעבער. אין ייִדיש איז קיין שום אַנדער אונטערשייד ניטאָ. „ער האָט דערציילט: סוף־כּל־סוף בין איך געקומען אַהיים נאָך אַ סך שוועריקייטן" — „ער האָט דערציילט (אַז) סוף־כּל־סוף איז ער געקומען אַהיים נאָך אַ סך שוועריקייטן". דער ווערטער־

סדר איז דער זעלביקער, די ווערבאַלע פֿאָרעם (חוץ ניצן אַן אַנדער פֿער־זאָן) איז די זעלביקע, דער חילוק אין אינטאָנאַציע איז אַזוי במילאדיק. איז ניט נייטיק צו מאַכן קיין וועזן וועגן דירעקטע אָדער אומדירעקטע רייד.

6. דירעקטע פֿראַגע איז דער נאָרמאַלער פֿרעגזאַץ מיט דער נאָר־מאַלער פֿרעג־אינטאָנאַציע; אומדירעקטע פֿראַגע איז אַ זאַץ וואָס גיט בלויז איבער אַז עס איז געווען אַ פֿראַגע אָדער אַז עס איז פֿאַראַן אַ פֿראַגע בײַם רײדער אָדער בײַ אַן אַנדערן. קיין פֿרעג־אינטאָנאַציע איז דערבײַ ניטאָ. „ווערט ראובן עס דורכפֿירן?״ — די דירעקטע פֿראַגע. „איך האָב געפֿרעגט (שמעון האָט געפֿרעגט, אַלע האָבן געפֿרעגט), צי ראובן וועט עס דורכפֿירן״; „עס איז אַ ספֿק צי ראובן וועט עס דורכפֿירן״ — די אומ־דירעקטע פֿראַגע. וועגן יאָ אָדער ניט ניצן דעם צי זען קאַפּ׳ די קאָנ־יונקציעס. בײַ דער דירעקטער פֿראַגע, ווי בכלל בײַ דירעקטע רייד, קומט צו אַ זאַץ וואָס זאָגט אונדז ווער עס פֿרעגט, ווער עס רעדט; אַזאַ זאַץ — דער באַגלייטזאַץ שטעלט ניט צונויף צוזאַמען מיט דער פֿראַגע קיין צונויפֿגעזעצטן זאַץ. „ווער איז דאָ געווען?״ — האָט די מאַמע גע־פֿרעגט. דאָ האָבן מיר צוויי זאַצן און יעדערער איז פֿאַר זיך.

7. זאַצן פֿון דעם טיפּ: „ווער עס גיט לעבן גיט פּונוואַנען צו לעבן״, „ווער ס׳האָט ניט אין קעשענע (דער) זאָל קיין מקח ניט פֿרעגן״, „ווער סע באַדאַרף אַ סך קען ניט שפּאָרן״ — דאַרף מען ניט באַטראַכטן ווי אַ ספּע־ציעלן מין צונויפֿגעזעצטן זאַץ, נאָר אַזאַ וואָס זײַן סוביעקט איז אויסגע־דריקט דורך עטלעכע ווערטער און אין זיי איז אויך דאָ אַ ווערב; זיי דער־קלערן ווער עס איז דער ווער. אַז מיר האָבן דאָ בלויז איין זאַץ באַשטימט די אינטאָנאַציע.

8. קאָמפּליצירטער איז די פֿראַגע וועגן איין זאַץ אָדער וועגן צוויי בײַ אַזאַ טיפּ זאַצן: „דער שטער איז געווען וואָס עס איז קיין געלט ניט געווען״; „די לײַטישע פֿירונג איז אַז מע גיט אָפּ אַן עלטערן דעם אָרט צו זיצן״; „מײַן רצון איז אַז די קינדער זאָלן בלײַבן בײַם וואַלד בשותּפֿות״ (פּרץ). די טענה לטובֿת צוויי זאַצן איז די אַז מע קען זיך אָפּשטעלן אָדער אַז מע שטעלט זיך טאַקע אָפּ אינמיטן זאַץ; די דערווידערונג איז אַז דאָ איז די אינטאָנאַציע ניט קיין זיכערע (זי איז מער יחידיש ווי אַלגעמיין) און אַז עס פֿעלט די אָפּגעשלאָסנקייט, די פֿאַרענדיקטקייט פֿון אַ זאַץ אין די פֿראַזעס „דער שטער איז געווען...״, די „לײַטישע פֿירונג איז...״, „מײַן רצון איז...״. דער צונויפֿשטעלער פֿון קורס איז נוטה צו איין זאַץ, אָבער די וואָס האַלטן אַז אויך דאָ איז פֿאַראַן אַ צונויפֿגעזעצטער זאַץ דאַרפֿן פֿאַר דעם קיין מלקות ניט קריגן.

9. לאָמיר זיך אַרײַנטראַכטן אין אַזעלכע זאַצן: „איך זע ווי ער קומט צו אונדז״; „איך הער אַז דער פּראָצעס האָט זיך שוין געענדיקט״; „דו מיינסט אַז זיי וועלן טאַקע חתונה האָבן?״; „ער בעט אונדז מע זאָל אויף אים רחמנות האָבן״; „פֿאַרוואָס זאָגסטו ניט אויס וואָס דו ווילסט?״; „מיר

דאַכט זיך אַז ער איז ניט געזונט"; „מע האָט אונדז דערציילט אַז משה פֿרידמאַן גרייט זיך אַרויסצושטעלן זײַן קאַנדידאַטור". דער סקאַרבאָווער אופֿן אַנאַליזירן באַשטייט אויף דעם אַז אומעטום זײַנען דאָ פֿאַראַן צונויפֿגעזעצטע זאַצן. אָבער דאָ איז דער ענין ניט אַזוי פּשוט: קיינער קען ניט דערהערן עפּעס אַן אָפּשטעל צווישן דעם 'הויפּטזאַץ' און דעם 'בײַזאַץ'; און יעדערער וועט מסכּים זײַן אַז דער עיקר פֿונעם אינפֿאָרמירן, פֿונעם קאָמוניקירן איז ניט אינעם 'הויפּטזאַץ'.

עס איז כּדאַי זיך צו פֿאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַצן (און זייער צאָל איז אַ מיליאָן!), ווײַל מע שטויסט זיך דאָ צונויף אויף גרענעץ־פֿאַלן. די גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס אין סינטאַקס קענען זײַן וואַקלדיקע און עס פֿעלן קאָלירטע גרענעץ־סלופּן צווישן אַ פֿילגלידערדיקן זאַץ און אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ. דער פּראַקטישער אויספֿיר איז ניט צו געבן אַן ענטפֿער אויף אַלע זאַצן פֿון דעם שניט, נאָר וועגן יעדן קאָנקרעטן זאַץ, און אָננעמען פֿאַר ריכטיק יעדן ענטפֿער. דאָס איז דער איינציקער רעצעפּט קעגן אויבנ־אויפֿיקייט... בתּנאַי אַז דער ענטפֿער זאָל זײַן אַ רעזולטאַט פֿון אייגענעם אַנאַליזירן. אפֿשר נאָך מער ווי אַנדערע פֿאָרש־שטחים דאַרף גראַמאַטיק אונדז לערנען טראַכטן.

10. די זאַצן פֿון די צוויי טיפּן: „קומענדיק אין אָוונט אַהיים (,) דערזע איך אים בײַ מײַן טיש" און „געקומען אַהיים שפּעט אין אָוונט, האָב איך אָן עסן זיך צוגעלייגט אָפּרוען" — דאַרף מען ניט באַטראַכטן ווי צונויפֿגעזעצטע זאַצן, וואו דער בײַזאַץ איז געקירצט געוואָרן אָדער מיטן גערונדיוו אָדער מיטן פּאַרטיציפּ. דער גאַנצער ענין קירצונג פֿון בײַזאַצן איז אַבסאָלוט איבעריק אין דער ייִדישער גראַמאַטיק. וועגן ניצן דעם גערונדיוו און זײַנע פֿונקציעס אין זאַץ זען ווערבידן, ה; וועגן ניצן דעם פּאַרטיציפּ — דאָרטן, ח.

11. עס טרעפֿן זיך אין דער ליטעראַטור צונויפֿגעזעצטע זאַצן מיט אַ גאַנץ קאָמפּליצירטן געבוי, מיט בײַזאַצן פֿון דער צווייטער מדרגה וואָס ציִען זיך צו בײַזאַצן פֿון דער ערשטער מדרגה און נאָך ווײַטער. אַזעלכע קאָמפּליצירטע זאַצן זײַנען באַרעכטיקט, ווען זיי צעפֿאַלן זיך אויף צוויי טיילן מיט אַן אַנדערשדיקער אינטאָנאַציע, מיט אַ שטײַגן אין איין טייל און אַראָפּנידערן אין אַ צווייטן טייל און מיט אַ דורכזיכטיקער קאָנסטרוקציע פֿון יעדן טייל. עס איז ניט נייטיק קיין באַזונדערער נאָמען פֿאַר אַזעלכע זאַצן. עס איז אויך ניט נייטיק קיין ספּעציעלער אַנאַליז פֿאַר די קאָמפּליצירטע זאַצן, ווײַל קיין שום חידוש קומט פֿון דעם ניט אַרויס. בלויז דרײַ מוסטערן פֿון אַזעלכע זאַצן:

„ווי נח איז אַמאָל אין דער תּבֿה איבערגעבליבן פֿון אַלע באַשעפֿענישן אויף דער וועלט וואָס זענען דערטרונקען געוואָרן אין דעם מבול, — אַזוי בין איך, ישׂראל בן ציפּע, איבערגעבליבן אין מײַן שטאָט אַן איינציקער בחור פֿון אַלע מײַנע חבֿרים, וועלכע זענען דורך דער אָנשיקעניש פֿון שדכנים געוואָרן יונגע באַלעבעסלעך פֿאַר דער צײַט און אײַנגעזונקען געוואָרן טיף ביז דעם האַלדז אין דלות און קבצנות געבעך" (ממוס).

„ווען אײַנשטיין זאָגט אַז די מאַטעריעלע וועלט איז ניט קיין אין־סוף, אַז זי האָט אַן עק פֿון אַלע זײַטן און פֿונדעסטוועגן איז זי אומבאַגרענעצט; אַז ווען אַוועלכער עס איז פּינטל זאָל זיך לאָזן פֿליִען פֿון דער ערד אין דעם אומבאַגרענעצטן הימל אַרײַן און כּסדר פֿליִען אין איין־און־דער־זעלביקער גלײַכער ליניע דורך אַלע שטערן און אַלע פּלאַנעטן וואָס באַגעגענען זיך אים אויפֿן וועג, וועט ער סוף־כּל־סוף קומען צוריק פֿון דער אַנדערער זײַט צו דעם זעלביקן פּונקט פֿונוואַנען ער איז אַרויסגעפֿלויגן, — קאָן זיך דאָס דער מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד נישט משער זײַן” (ח. זשיטלאָווסקי).

„פֿאַר אײַך, מײַנע אָרעמע ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט אויף דער וועלט,
וואָס קריכן און בלאָנדזשען אויף טויזנטער וועגן
אין רעגן, אין שטורעם, אין היץ און אין קעלט;
פֿאַר דיר, אָ דו אײביקער קרעכצער און זיפֿצער,
פֿאַרשוואַרצטער, פֿאַרקלאָגטער, פֿאַרמאַטערטער ייִד, —
טוט שאַלן און זינגען, הילכן און קלינגען
מײַן פֿרישעס, מײַן לעבעדיק־פֿריילעכעס ליד” (ש. פֿרוג).

## ח. דער אַטריבוטיווער בײַזאַץ

1. בײַזאַצן רופֿן ניט אַרויס אין דער ייִדישער גראַמאַטיק קיין שום שוועריקייטן. בלויז איין מין בײַזאַץ נייטיקט זיך אין אַ באַזונדערן אַנאַליז. דאָס איז דער אַטריבוטיווער בײַזאַץ. ער איז דאָך אַן אַטריבוט צו אַ סובסטאַנטיוו, און דער אַטריבוט גופֿא קען ווערן אויסגעדריקט אויף אַ סך אופֿנים. די אַלע ווײַטערדיקע בײַזאַצן זײַנען אַטריבוטיווע: „דאָס נײַע רעקל וואָס איך האָב איצט אָנגעטאָן פּאַסט מיר ביז גאָר”; „דאָס רעקל וואָס דער ברודער האָט געקויפֿט איז אים אַ ביסל ענג”; „דאָס רעקל וואָס האָט שוין צעריסענע אָרבל וועל איך ניט אָנטאָן”; „עס איז צום גליק פֿאַלש די *ידיעה* אַז מײַן פֿרײַנד איז געשטאָרבן”; „לאָמיר זיך באַגעגענען אויף דעם זעלביקן *אָרט* וואו מיר האָבן זיך באַגעגנט נעכטן”; „דאָס *שטעטל* פֿונוואַנעט ער קומט איז אינגאַנצן חרובֿ געוואָרן”; „פֿאַראַן אַ *צײַט* ווען מע מוז זיך פֿאַר־רוען”; „מיר וועלן אָפּלייגן די *פֿראַגע* ווי אַזוי אָפּצוריכטן דעם יובֿל”; „קענסטו אויפֿקלערן די *סיבה* פֿאַרוואָס ער איז אין כּעס געוואָרן?”. די ערשטע דרײַ זאַצן וואָס דערציילן וועגן רעקל זײַנען אַטריבוטיווע פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן, די אַנדערע זעקס זײַנען בלויז פֿאָרמעל־אַטריבוטיוו, ווײַל זיי ציִען זיך צו אַ סובסטאַנטיוו (אין קורסיוו); פֿון די זעקס זײַנען פֿאַראַן פֿיר וואָס בעטן זיך ממש אַז מע זאָל זיי איבערפֿאָרמולירן און עס פֿאַר־שווינדט זייער אַטריבוטיוקייט, און די אַנדערע צוויי רעדן וועגן אָרט און צײַט („דאָס *שטעטל*...”, „פֿאַראַן אַ *צײַט*...”). אין אַלע זעקס איז אַ פֿראַגע פֿון סטיל אָדער עס איז פֿאַראַן אַ ספּעציעלע כּוונה אַרויסצוהייבן די סובסטאַנטיוון אין קורסיוו.

אַלע מינים אַטריבוטיווע זאַצן זײַנען דערלאָזלעך, אויב זיי באַפֿרידיקן לאָגישערווײַז די כּוונה פֿונעם ריידער אָדער שרײַבער. לאָמיר אָנרופֿן פֿ ר ײַ ע יענע אַטריבוטיווע זאַצן וואָס לאָזן זיך איבערפֿאָרמולירן, וואָס מע קען זיי שטעלן אין סאַמע אָנהייב און זיי מוזן ניט זײַן צוגעבונדן צו

אַ סובסטאַנטיוו; געבונדענע זײַנען די אַטריבוטיווע זאַצן וואָס באַ־גרענעצן, דעפֿינירן, דעטערמינירן אָדער כאַראַקטעריזירן דעם סובסטאַנטיוו. נאָר מיט זיי פֿאַרנעמען מיר זיך ווײַטער.

2. לאָמיר אויסקומען אָן די פּרעדיקאַטן: דער מענטש וואָס לאַכט, דער מענטש וואָס קריגט די פּעטש, אַ לאָזונג וואָס ציט צו, דערציילונגען וואָס בעמען אויס, שטעטלעך וואָס זײַנען חרובֿ געוואָרן, שניי וואָס פֿאַר־דעקט דעם שפּיץ חרמון, די מוזיק וואָס באַצויבערט, די אַגדתא וואָס אַנט־פּלעקט דעם ייִדנס נשמה. אומעטום איז דאָס פֿאַרבינדוואָרט וואָס, אין ערגעץ איז פֿאַר אים קיין אָפּשטעל ניט פֿאַראַן. דער וואָס איז אַ פּראָנאָם און מע קען אים ניט דורכלאָזן. דער אַטריבוטיווער זאַץ איז דאָ אַ פּראָ־נאָמינאַלער, אַ רעלאַטיווישער.

דער רעלאַטיווישער פּראָנאָם וועלכער טויג דאָ ניט, ווײַל ער איז פֿאַר־בונדן מיט דער פֿאַרשטעלונג וועגן אַ ריי (זען פּראָנאָם, ד2). אַגבֿ איז דאָ מעגלעך אָפּצולייקענען אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ בכלל, נאָר מיט אַן אַטריבוט וואָס איז אויסגעדריקט אויף אַ באַזונדערן אופֿן.

3. פֿאַראַן אויך אַן אַנדער מין וואָס אין אַטריבוטיוון בײַזאַץ, וואָס — אַ קאָניונקציע. אַזאַ וואָס קען מען דורכלאָזן און דער זאַץ בלײַבט זאַץ. דער וואָס געוועלטיקט אין פֿאָלקישן רעדן און דאָמינירט בײַ אונדזערע גרויסע שפּראַכקענערס. מיר ברענגען דאָ מענדעלעס דרײַ זאַצן, שלום־עליכמס דרײַ זאַצן און דוד בערגעלסאָנס דרײַ זאַצן:

„עפּעס אַ קאַטאָוועס אַ קעכנע אין דעם גבֿירס געזינד, וואָס [אַ פּראָ־נאָם] האָט אין יאַטקע די גרעסטע דעה, וואָס דער שמשׂ פֿון דער שול ברענגט איר מיט זײַן כּבֿוד אַליין דעם אתרוג בענטשן, וואָס דער אונטער־חזן אין דעם קלײַזל לייענט איר פּורים די מגילה אין קיך"; „די בלינדע יתומה וואָס [פּראָנאָם] זיצט שוין פֿון גאַנץ לאַנג לעבן דער טויטער שול... און בעט נדבֿות מיט דעם באַקאַנטן ניגון, וואָס איינער פֿון די בריות האָט אויף איר געמאַכט"; „...אויפֿן הויכן באַרג, וואָס דער שפּיץ זײַנער דער־גייט כּמעט ביז דער כמאַרע"; „ייִדן, די אויסדערוויילטע בײַ גאָט, וואָס צו־ליבֿ זיי איז באַשאַפֿן געוואָרן די דאָזיקע וועלט"; „קוועלן אָן פֿון דער באָבע גיטל, וואָס זי האָט אַזוי קונציק אָפּגעשניטן דעם פּעטער איציק"; „שטיל און לײַטיש ווי בײַ די פּריצים, וואָס מיט זיי האָט ער ...עסקים געהאַט"; „געטראַכט עפּעס וועגן דעם ברויט, וואָס דערמיט האָבן זיי זיך אויף אַ זאַטן ווינטער פֿאַרגרייט"; „...דער בן־תּורה, וואָס דער קאָפּ איז בײַ אים תּמיד אין דער מסחר־לופֿט אַרומגעפֿלויגן".

די אַלע זאַצן מיט דער קאָניונקציע וואָס זײַנען גוטע מוסטערן פֿון דעם אײַנגעפֿונדעוועטן ייִדישן און ייִדישלעכן נוסח. אונטער דער השפּעה פֿון פֿרעמדע לשונות האָבן זיך צעשפּרייט אין דער פּראָזע פֿון צײַטשריפֿטן און אַפֿילו אין דער שיינער ליטעראַטור די זאַצן מיט — וועלכער אין אַלע בייגפֿאַלן און מיט כּלערליי פּרעפּאָזיציעס. מיר טרעפֿן די וועלכער־זאַצן ממש בײַ אַלע שרײַבערס: „הײַנט נאָך, אין אונדזערע צײַטן, געפֿינען זיך

זייער פֿיל ייִדן(,) בײַ װעלכע עס איז נאָר דאָ אַ סימן פֿון מאַגנס" (ממוס); „גוטע, װאַרעמע רייד צו װעלכע די קינדער זענען גאַרניט געװאױנט געװאָרן" (שע); „ער האָט דורכגעלייענט אױפֿן קול יענע ערטער װעלכע ער האָט ניִשט פֿאַרשטאַנען" (בערגעלסאָן). אין אַזאַ סיטואַציע טאָר די גראַמאַטיק ניט אַרײַנלייגן אין חרם דאָס ניצן װעלכער מיט אָדער אָן פּרעפּאָזיציעס און דאַרף בלויז רעקאָמענדירן דעם קאָניונקטיװישן אַטריבוטיװן בײַזאַץ.

4. דער אַטריבוטיװער בײַזאַץ איז דער אײנציקער באמתדיקער בײַזאַץ. דעריבער טאַקע איז מעגלעך אים צו רופֿן פּשוט אַטריבוטיװער זאַץ. אַ בײַזאַץ איז לויט זײַן מהות סובאָרדינירט. אָט די סובאָרדינירונג װערט בולטער בײַם ניצן װעלכער, און װען מע ניצט װאָס דעם פּראָנאָם פֿאַרבײַט ער דאָך אַ זאַצגליד פֿון הויפּטזאַץ. װאָס די קאָניונקציע מילדערט די אָפּהענגיקייט פֿונעם הויפּטזאַץ און צילט צו אַן אַריבערגיין פֿון סובאָרדינירונג צו קאָאָרדינירונג. לויטן גאַנצן גײַסט פֿון דער ייִדישער גראַמאַטיק איז עס אַ מעלה.

## ט. פּאַראַטאַקסיס און היפּאָטאַקסיס

1. מיר קומען צו אַ פֿאַרסך־הכּלונג פֿון אַ צאָל פּרטים װאָס זײַנען צעשפּרייט איבער דעם גאַנצן קאַפּיטל. עס זײַנען פֿאַראַן צװײ סיסטעמען בײַם פֿאַרבינדן אַ זאַץ מיט אַ זאַץ און אַ זאַצגליד מיט אַ זאַצגליד אינעם זאַץ. פּאַראַטאַקסיס איז די סיסטעם פֿון צושטעלן און גלײַכשטעלן זאַצן און זאַצגלידער; עס איז אַזוי װי אַרויפֿסילען קרעלן אויף אַ פֿאָדעם. פּאַראַטאַקסיס בינדט זיך מיט אַ פּשוטן, מיט אַ דורכזיכטיקן גראַמאַטישן געבוי. היפּאָטאַקסיס איז די סיסטעם פֿון אַראָפּשטעלן אָדער אַרויפֿשטעלן אײן זאַץ איבער אַ צװייטן; בײַ היפּאָטאַקסיס פֿעלט שוין דאָס גלײַכשטעלן די זאַצן אָדער די זאַצגלידער; עס איז אַזוי װי אײַנװיקלען אַ קלאָץ און דערנאָך איבער (אויך אונטער אים) קלענערע קלעצער און קלעצלעך און צובינדן מיט אַ שטריק צום גרויסן קלאָץ. פּאַראַטאַקסיס דריקט זיך אויס אין קאָאָרדינירן, היפּאָטאַקסיס אין סובאָרדינירן. אין אַלע לשונות (לכל־הפּחות אין די װאָס זײַנען געפֿאָרשט געװאָרן) קען מען מערקן בײדע סיסטעמען, אָבער ניט אומעטום איז זייער קיניגרײַך גלײַך. אויך אין דעם זעלביקן לשון זײַנען דאָ תּקופֿות פֿון מער אָדער װייניקער פּאַראַטאַקסיס צי היפּאָטאַקסיס.

די פֿאַרשפּרייטע מיינונג בײַם רובֿ לינגװיסטן װאָס האָבן געפֿאָרשט די אינדאָ־אייראָפּעאישע לשונות איז אַזאַ: אין אָנהייב איז געװען פּאַראַטאַקסיס און שפּעטער האָט זיך אַנטװיקלט היפּאָטאַקסיס; אַן אומבאַרעכטיקטע גאװה האָט אַפֿילו זיך צעסבֿרהט: װאָס מער היפּאָטאַקסיס, אַלץ העכער איז די קולטורעלע אַנטװיקלונג פֿונעם פֿאָלק.

עס איז אָבער בלי־ספֿק אמת אַז פּאַראַטאַקסיס דאָמינירט אַ סך שטאַרקער אין דער ריידשפּראַך און אַז אין דער ליטעראַטור־שפּראַך איז דאָ די נטיה צו שטיצן זיך אויף היפּאָטאַקסיס. דאָס איז נאַטירלעך, װאָרעם צװישן

אַ טראַכט טאָן און אַ רעד טאָן איז דער מהלך אַ קלענערער ווי צווישן אַ טראַכט טאָן און אַ שרײַב טאָן.

2. דעם איבערגאַנג פֿון פּאַראַטאַקסיס צו היפּאָטאַקסיס דאַרף מען זיך פֿאָרשטעלן ווי אַ לייטער מיט אַ סך שטאַפּלען. אַן אילוסטראַציע: „ראובֿן איז אָנגעקומען. שמעון איז אָנגעקומען" — אַ הונדערטפּראָצענטיקער פּאַראַטאַקסיס, צוויי אײַנגאַנצן זעלבשטענדיקע קורצע צווייגלידערדיקע זאַצן; ווען אַנשטאָט דעם פּינטל קומט אַ קאָמע צווישן זיי, ווערט שוין, לאָמיר זאָגן, אַ 95־פּראָצענטיקער פּאַראַטאַקסיס, און ווען עס קומט די קאָניונקציע און, איז דער פּאַראַטאַקסיס בלויז אַ 90־פּראָצענטיקער; דערנאָך קענען קומען צוגאָבן אין פֿאַרבינדונג מיט אָרט און מיט צײַט: „ראובֿן איז אָנגעקומען, דערנאָך איז שמעון אָנגעקומען" און ענלעכס; עס קען זיך שאַפֿן אַ פֿאַרבינדונג מיט ציל, מיט סיבה, ווי: „ראובֿן איז אָנגעקומען, דעריבער איז שמעון אָנגעקומען"; עס דערגייט צום צונויפֿגעצויגענעם זאַץ: „ראובֿן און שמעון זײַנען אָנגעקומען"; עס קומען שטאַפּלען פֿון אַן אַנדער מאַטעריאַל: „ראובֿן איז אָנגעקומען אַז: (ווען, בשעת; דערנאָך, מחמת דעם וואָס, ווײַל כאָטש, הגם און אַנדערע) שמעון איז אָנגעקומען" — ביז מע דערקלעטערט צו: „שמעונס אָנקומען איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון ראובֿנס אָנקומען" אָדער „ראובֿנס אָנקומען האָט דערפֿירט צו שמעונס אָנקומען". פֿון פֿולן פּאַראַטאַקסיס דורכן זעלבשטענדיקן זאַץ דערגייט מען צום פֿולן היפּאָטאַקסיס דורך אַ זאַצגליד. אַגבֿ איז פּאָסעסיוו היפּאָטאַקסישער ווי די פֿאַרבינדונג מיט פֿון און דעם דאַטיוו.

מע זאָגט אַז צעזאַרס באַרימטער באַריכט וועגן זײַן נצחון איז באַשטאַנען פֿון דרײַ לאַטײַנישע צווייטראַפֿיקע ווערטער, וואָס אין ייִדיש איז עס: „געקומען, געזען, געזיגט" — און ס'איז פּשוטער פּאַראַטאַקסיס. אָסור אויב אַזאַ באַריכט פֿאַרמאָגט אין זיך ווייניקער טראַכטן אָדער ווייניקער שײַנקייט ווי: „היות איך האָב דורכגעפֿירט מײַן מאַרש צו דער פּאָזיציע אין אַ קירצערער צײַט ווי דער שונא האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, און נעמענדיק אין באַטראַכט אַז איך האָב גוט געקענט די טאָפּאָגראַפֿישע באַדינגונגען פֿון דעם שונאס לאַגער, האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אָפּצוהאַלטן אַ גיכן און צעשמעטערנדיקן נצחון". די סיסטעם פֿון פּאַראַטאַקסיס איז אין קיין פּרט ניט מינדערווערטיק. אַלץ איז אָפּהענגיק פֿון דעם ריידערס כּוונות און פֿונעם לשון אין אַ באַשטימטער תּקופֿה און פֿון דעם ריידערס אָדער שרײַבערס ס ט י ל.

3. אין ייִדיש פֿאַרנעמט פּאַראַטאַקסיס אַ סך, אַ סך מער אָרט ווי היפּאָטאַקסיס. מע קען זאָגן אַז ייִדיש איז אַ פּאַראַטאַקסיש לשון. די ייִדישע ליטעראַטור־שפּראַך איז ניט אַוועק אַזוי ווײַט פֿון דער גערעדטער פֿאָלקי־שער, לעבעדיקער שפּראַך ווי דאָרטן וואו מע האָט זיך געקליגלט אין קי־ניגלעכע הויפֿן, וואו מע האָט זיך געקוועטשט אין ביוראָקראַטישע קאַנ־צעלאַריעס, וואו דער מוסטער איז געווען די לאַטײַנישע גראַמאַטיק, וואו מע האָט זיך געלאָבט מיט דער געקינצלטער קלאַסישער לאַטײַנישער פּראָזע. די פֿאָלקס־מעשׂה איז דאָך במילא אין דער ריידשפּראַך, און דירעקט ווי אויך אין אַ געשריבענער פֿאָרעם האָט די פֿאָלקס־מעשׂה געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. אויך

בײַם פּראָווען טיש אין די רבישע הויפֿן האָט מען דאָך זיך געהאַלטן בײַ דער ריידשפּראַך. מענדל סאַטאַנאָווער און זײַנע תּלמידים האָבן איבער־געבערענגט דאָס נאָכמאַכן דער ריידשפּראַך אין אַ טייל פֿון דער השׂכּלה־ליטעראַטור. קיינער פֿון אונדזערע קלאַסיקערס האָט זיך ניט פֿאַרמאָסטן אָפּרײַסן זיך פֿון דער ריידשפּראַך (בײַ אַלע זײַנע ליטעראַטור־שפּראַכיקע אויפֿטוען איז דער זיידע געווען דער רייניקער און דער דערהייבער פֿון אַ סינטעטישער ריידשפּראַך; שלום־עליכם האָט זי אונדז געגעבן אין אירע פֿאַרשיידענע סטילן, פּרץ האָט שטעלנווײַז ממש אימיטירט ווי עס רעדן חסידים, ווי עס רעדן תּלמידי־חכמים). אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן מיר געהאַט אַ היפּשע צאָל שרײַבערס פֿון די נידעריקסטע שיכטן און אַליין מיט זייער וויניק בילדונג, זייער געווער און זייער עשירות איז געווען זייער מוטערשפּראַך און זייער דירעקטע סבֿיבֿה־שפּראַך. די אַלע אייגנשאַפֿטן פֿון דער ליטעראַטור־שפּראַך ווערן ניט געגעבן ווי מעלות אָדער ווי קאָמפּלימענטן. דאָ זײַנען אויך פֿאַראַן סימני־דלות, און אַ צאָל מאָדערנע פּראָזע־שרײַבערס און דערעיקר פּאָעטן, האָבן אויסגעברייטערט די האָריזאָנטן און דער קרײַז פֿון און אַרום ייִוואָ האָט זיך געמיט אויף גיך הייבן די ייִדישע קולטורשפּראַך. דאָך איז דער גאַנג און די שיטה פֿון לאַנגע דורות פֿאַרבליבן אין דער ספֿערע פֿון פּראַקטאַקסיס.

און עס קומט צו גאָר אַ וויכטיקער מאָמענט: בײַ אונדז האָט ניט גע־ווירקט דער כּוח פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק, נאָר עס האָט יאָ כּסדר געווירקט דער כּוח פֿון לשון־קודש און דער כּמעט־רייך־פּראַקטאַקסישער נוסח פֿון תּנך. דער גאַנצער ייִדישער סינטאַקס איז אונטער דער השפּעה פֿון לשון־קודש וואָס האָט באַגלייט פֿון די יונגע יאָרן אָן אַלע דורות וואָס האָבן געפֿורעמט און גערעדט ייִדיש.

.V

# די זאַצגלידער

## א. דער באַגריף פּראַזע

1. מיר האָבן ביז איצט געהאַט צו טאָן מיטן באַגריף וואָרט און מיטן באַגריף זאַץ. אין דעם זאַץ, האָבן מיר געלערנט, קענען זײַן באַזונדערע זאַצגלידער; די זאַצגלידער גופֿא קען מען אײַנטיילן אין הויפּטגלידער — סוביעקט און פּרעדיקאַט — און אין בײַגלידער, אַלע אַנדערע זאַצגלידער. עס איז אָבער באַקוועם צו האָבן נאָך אַ טערמין — פּראַזע. די פּראַזע איז ווייניקער ווי דער זאַץ און קען זײַן מער ווי דאָס זאַצגליד. די פּראַזע איז אַ פֿאַרבינדונג פֿון ווערטער, לכל־הפּחות פֿון צוויי. דער פּראַזע פֿעלט די געשלאָסנקייט פֿון זאַץ, אָבער זי איז ניט סתּם אַן איבעררעכענען אַ פּאָר אָדער עטלעכע ווערטער; די ווערטער אין אַ פּראַזע מוזן זײַן צונויפֿגעבונדן, צונויפֿגעזיווגט מיט אַ באַטײַט. די אינטאָנאַציע באַשטימט צי מע האָט צו טאָן מיט אַ זאַץ אָדער בלויז מיט אַ פּראַזע, און יעדע פּראַזע מיט דער אינטאָנאַציע פֿון אַ זאַץ — ווערט אַ זאַץ.

2. דוגמאות: אינעם שפּריכוואָרט „זאָל דער מענטש ניט זאָרגן וואָס עס וועט זײַן מאָרגן, זאָל ער בעסער הײַנט פֿאַררעכטן וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט נעכטן" — איז דאָ אַ צונויפֿגעזעצטער זאַץ וואָס באַשטייט פֿון צוויי פּאַראַלעלע קאָאָרדינירטע זאַצן, און יעדער זאַץ באַזונדער באַשטייט פֿון אַ סוביעקט, אַ פּרעדיקאַט און אַן אָביעקט וואָס איז אויסגעדריקט דורך אַ פּראַזע — וואָס וועט זײַן מאָרגן און וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט נעכטן. אַזוי זאָגט אונטער די אינטאָנאַציע, הגם פֿאָרמעל זײַנען עס אויך זאַצן. איז עס אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע סיטואַציע. „דער רבי האָט געהייסן פֿריילעך זײַן, טרינקען בראַנפֿן, ניט קיין ווײַן" (פֿל) — אין דעם צונויפֿגעצויגענעם זאַץ זעען מיר דרײַ פּראַזעס (פֿריילעך זײַן, טרינקען בראַנפֿן און די עליפּטישע פּראַזע ניט קיין ווײַן). פּראַזע איז אַן אויסגעברייטערט זאַצגליד.

3. פּראַזעס קענען זײַן באַשטענדיקע און צופֿעליקע. די באַשטענדיקע פּראַזעס קריגט דער ריידער גרייטערהייט פֿון שפּראַכיקן אוצר פֿון זײַן פֿאָלק, די צופֿעליקע פּראַזעס פֿורעמט דער ריידער ווי אַ יחיד. פֿון אסתּר־תּענית ביז פּורים איז אַ באַשטענדיקע פּראַזע, פֿון אסתּר־תּענית ביז שבת־הגדול (ביז ערבֿ פּסח) איז אַ צופֿעליקע פּראַזע. פֿאַלש ווי אַ קאַץ איז אַ באַשטענדיקע פּראַזע, ווי אַ טיגער (ווי אַ שלאַנג) — אַ צופֿעליקע

פּראַזע. אין דער לעקסיק שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער חילוק צווישן דער באַשטענדיקער און צופֿעליקער פּראַזע. אַלע אידיאָמאַטישע אויסדרוקן זײַנען באַשטענדיקע פּראַזעס. אין גראַמאַטיק איז דער חילוק נייטיק בײַם אַנאַליזירן אַ זאַץ לויט די זאַצטיילן, וואָרעם עס האָט קוים אַ זינען צו צעגלידערן די באַשטענדיקע פּראַזעס אויף באַזונדערע זאַצטיילן.

4. אין גראַמאַטיק איז נייטיק אײַנצוטיילן די פּראַזעס לויט זייער פֿונקציע אין זאַץ. זײַנען פֿאַראַן סוביעקטיווישע און פּרעדיקאַטיווישע פּראַזעס (און פֿאַרשטייט זיך אַז זיי קענען זיך בײַטן מיט זייערע פֿונקציעס), אָביעקטיווישע און אַטריבוטיווע פּראַזעס, כּלערליי ווערבאַלע און אַדווערביאַלע פּראַזעס (די קאָמפּליצירטע פּילווערטערדיקע ווערבאַלע פֿאָרמען רופֿט מען אויך ווערבאַלע פּראַזעס ווי: איך וואָלט געווען געגאַנגען, האָט אַ שפּרונג געטאָן; די אַדווערביאַלע פּראַזעס דריקן אויס אַן אַדווערב). לויט זייער אויפֿבוי טיילט מען אויס די פּראַזעס וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פּרעפּאָזיציע און זיי ווערן אָנגערופֿן פּרעפּאָזיציאָנעלע פּראַזעס.

## ב. מיטלען אויסצודריקן דעם סוביעקט

1. בײַם ענין סוביעקט און פּרעדיקאַט אין פּריערדיקן קאַפּיטל, בײַם פּונקט 3 איז שוין אָנגעוויזן אַז דער נאַטירלעכער וואָרטקלאַס פֿאַרן סוביעקט איז דער סובסטאַנטיוו. די פֿאַרבינדונג צווישן סוביעקט און סובסטאַנטיוו איז אַזוי שטאַרק אַז יעדער וואָרט וואָס קומט ווי אַ סוביעקט ווערט סובסטאַנטיווירט, קריגט געוויסע פֿונקציעס פֿון סובסטאַנטיוו. סובסטאַנטיווירונגען קענען זײַן פֿון צוויי מדרגות: צו דער ערשטער מדרגה געהערט די אָפּטע, די נאַטירלעכע סובסטאַנטיווירונג פֿון אַן אַדיעקטיוו (אויך פֿון אַ גערונדיוו און אַ פּאַרטיציפּ) און די אַדיעקטיווישע טיילן פֿון פּראָנאָם, פֿון צאָלוואָרט (מײַנער, ערשטער). בײַם אינפֿיניטיוו קומט בכלל ניט אויס צו רעדן וועגן אַ סובסטאַנטיווירונג, ווײַל דער אינפֿיניטיוו איז דאָך לויט זײַן עצם מהות אויך אַ סובסטאַנטיוו. אַ סובסטאַנטיווירונג פֿון דער צווייטער מדרגה איז אַזאַ וואָס דער זאַץ צווינגט עס אַרויף; דאָס זײַנען די זאַצווערטער, די פּרעפּאָזיציעס, די קאָניונקציעס, די אַדווערבן און די אַדווערביאַלע פּראַזעס, אַלע פֿאָרמען פֿון ווערב, כּלערליי פּראַזעס און ציטירונגען. דוגמאָות פֿאַר סובסטאַנטיווירונגען פֿון דער צווייטער מדרגה: „פֿע איז געווען זײַן ענטפֿער"; „פֿון איז די אָפֿטסטע פּרעפּאָזיציע"; „אַז איז אַ קאָניונקציע וואָס פֿאַרמילדערט דעם היפּאָטאַקסיס"; „דער באַלד קען זיך ציִען עטלעכע שעה"; „אויף צו־להכעיס איז אַ שלעכטער בעל־עצה"; „זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט איז אַ גוטער אָנהייב צו פֿאַרענדיקן"; „אַרויסקומען מיט אָפֿענע רייד וועט ניט שאַטן"; „גיי צו אַלדי גוטע־יאָר איז ניט קיין ברכה".

2. דער סוביעקט האָט זײַן בייגפֿאַל. דאָס איז דער נ אָ מ י נ אַ ט י וו. וואו מע געפֿינט אין זאַץ אַ נאָמינאַטיוו האָט מען אויך געפֿונען דעם סוב־

יעקט. איז עס זייער בולט בײַ פּערזענלעכע פּראָנאָמען: איך, דו, ער, זי (קען אויך זײַן אַן אַקוזאַטיוו), עס, מיר (קען אויך זײַן אַ דאַטיוו), איר (קען אויך זײַן אַ דאַטיוו, ווײַבלעך), זיי (אין אַלע בייגפאַלן). ווער איז בלויז אין נאָמינאַטיוו. מע (מען) קען אין זאַץ זײַן בלויז דער סוביעקט. דער אַרטיקל קען העלפן געפינען דעם נאָמינאַטיוו אין זאַץ און אויך די אַדיעקטיוון אין זייער לאַנגער פאָרעם (מע דאַרף אָבער זײַן אָפּגעהיט, זען סוב׳ ב2 און אַדיעקטיוו ג2).

3. יעדער מין אַנאַליזירן רופט: זײַט אָפּגעהיט. עס אַנטפּלעקן זיך טשיקאַווע ניואַנסן: תּמר איז אַ ייִדענע — תּמר איז אַ סובסטאַנטיוו, אַ נאָמען פון אַ פרוי; „טאָמער איז אַ ייִדענע" — טאָמער איז אַ זאַצוואָרט וואָס זאָגט אונדז אַז אויב מען איז קיינמאָל ניט זיכער בײַ זיך, פירט מען זיך ניט־מענעריש. ניט אַלץ וואָס קלינגט גלײַך איז גלײַך.

פאַרשטייט זיך אַז עס זײַנען סוביעקטן אין די לענגערע זאַצן: „דער באָבעס ליכט־בענטשן איז שוין געווען מיט טרערן נאָכן אייניקלס טויט"; „שלח־מנות טראָגן האָט זי געמאַכט פאַר אַ גאָלד־שפּינעריין אין מאָל אַ יאָר, אין דעם פריילעכן יום־טובֿ פּורים"; „בעסער צו קומען אין אַ הויז פון אַבֿילות איידער אין אַ הויז פון שׂמחה".

די ציטירונגען זײַנען סוביעקטן אומאָפּהענגיק פון זייער לענג און זייער מקור: „וועט ׳שור שנגח את הפּרה׳ דערצײַען שטענדיק ערלעכע מענטשן, ייִדן מיט אַהבֿת־ישׂראל?"; „די ׳שנים אוחזין בטלית׳ זענען פאַר מיר נישט קיין מענטשן פון גאַס" (פּרץ); „׳זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קען און ווי ער קען׳ איז געווען אין געטאָ אַ לאָזונג פון פאַרלאָרנקייט און פונאַנדערפאַל".

## ג. מיטלען אויסצודריקן דעם פּרעדיקאַט

1. בײַם ענין סוביעקט און פּרעדיקאַט אין פריערדיקן קאַפּיטל, בײַם פּונקט 3 איז שוין אָנגעוויזן אַז דער נאַטירלעכער וואָרטקלאַס פאַרן פּרעדיקאַט איז דער ווערב. אין דעם שטעקט די יסודיקע סינטאַקטישע פאַרבינדונג בײַם שאַפן צווייגלידערדיקע זאַצן: סוביעקט־סובסטאַנטיוו און פּרעדיקאַט־ווערב. די צווייטע פאַרבינדונג איז נאָך אַ פעסטערע ווי די ערשטע, וואָרעם דער סובסטאַנטיוו אין אַ פילגלידערדיקן זאַץ קען אויך זײַן ניט דער סוביעקט, אָבער דער ווערב אויך אין אַ פילגלידערדיקן זאַץ קען קוים (און בלויז געקינצלט) פאַרנעמען אַן אַנדער פּאָזיציע חוץ דער פּאָזיציע פון פּרעדיקאַט.

2. יעדע פאָרעם פון ווערב איז בלויז אין זאַצגליד, בכן דאַרף מען ניט בײַ אַ סינטאַקטישן אַנאַליז צעגלידערן אַ ווערבאַלע פאָרעם. האָב גע־האָט געמאַכט, בין געווען אַוועקגעפלויגן, וועסט זײַן אַוועקגעפאָרן, וועסט האָבן געמאַכט, זײַנען געוואָרן געלויבט, וועלן פאַרשוואונדן ווערן, זאָלן געבענטשט זײַן, וואָלט געהאַט געקויפט, פלעגט האָבן געמאַכט, פלעגט

ווערן באַשטראָפֿט, האָבן געטאָן זיפֿצן, האָב אַ קיצל געטאָן, האָב אַ קוש געגעבן, האָסט געהאַלטן אין איין לייענען, געקומען צו פֿאָרן, — זיי אַלע זײַנען באַזונדערע ווערבאַלע פֿאָרמען און קענען אַלע דינען ווי פּרעדיקאַטן.

3. מען טאָר אויך ניט צעגלידערן די צונויפֿגעזעצטע ווערבן (זען ווערב, יג) און די אַלע פֿאָרמען וואָס זיי זײַנען אין שטאַנד אַנצונעמען. זאָל האָבן זוכה געווען, האָלט בײַם מרוצה ווערן, וועט געוואויר ווערן, האָלט אין טאָן אַ שידוך, זאָלט מאריך ימים ושנים זײַן, לאָמיר מקבל־פּנים זײַן און נאָך הונדערטער צו זיי — זיי אַלע זײַנען באַזונדערע ווערבאַלע פֿאָר־מען און קענען אַלע דינען ווי פּרעדיקאַטן אויך אין צווייגלידערדיקע זאַצן.

4. דער זעלביקער דין איז אויף ניט צו צעגלידערן איז חל אויך אויף די מאָראַלע ווערבן (זען ווערב, ב2) און אויך אויף די ווערבן וואָס בלויז אין געוויסע פֿאַרבינדונגען נידערן זיי אַראָפּ צום סטאַטוס פֿון די הילפֿס־ווערבן, ווי: אָנהייבן, פֿאַרענדיקן, בלײַבן, נעמען, הייסן, העלפֿן ווי אויך אין די אַלע פֿאַלן ווען דער עצם ווערב איז אַ טייל פֿון אַן אידיאָמאַטישן אויסדרוק. אין די ווײַטערדיקע זאַצן איז דער פּרעדיקאַט וואָס לאָזט זיך ניט צעגלידערן אין קורסיוו: „איטלעכער מענטש מוז קוקן הינטער זיך, ניט פֿאַר זיך"; „אויף ניסים טאָר מען זיך ניט פֿאַרלאָזן"; „אַ מיאוסער מויד טאָר מען קיין קוש ניט געבן"; „אַז מע קומט אַרײַן אין היץ — פֿאַלט מען פֿון סאַמע שפּיץ"; „אַז מע הייבט אָן צו פֿאַרשטיין, זעט מען ווי מע בלײַבט אַליין"; העלף איך אים אַ קנאַקער ווערן, וויל ער שוין פֿון מיר ניט הערן"; „נאָך אַ שׂריפֿה צי נאָך אַ מגיפֿה — דער אָרעמאַן בלײַבט אָרעמאַן און דער נגיד בלײַבט נגיד"; „אַז משיח וועט קומען צו פֿאָרן, וועלן מיר האָבן גוטע יאָרן"; „אַלע סימנים קענען אונטערגיין, נאָר דער סימן־דלות (פֿאַר־)בלײַבט".

5. לאָמיר ניט פֿאַרגעסן אַז אויך הילפֿסווערבן קענען זײַן פֿולבאַטײַ־טיקע ווערבן. „ער האָט פֿאַרמאָגט", „ער האָט ליב", „ער האָט ניט קיין מגע־ומשׂא מיט זיי" — אין אַלע דרײַ זאַצן איז האָט אַ הילפֿסווערב; „ער האָט געלט", „ער האָט אַ גרויסע משפּחה" — דאָ פֿאַרמאָגט ער טאַקע, און די ווערטער געלט, משפּחה זײַנען אָביעקטן צום ווערב האָבן. „איך בין אַ לערער" — בין איז אַ הילפֿסווערב; „איך טראַכט, בכן בין איך" — בין איז אַ פֿולבאַטײַטיקער ווערב: איך עקסיסטיר, איך בין פֿאַראַן (דאָ איז בין ווידער אַ הילפֿסווערב).

6. אין פּרעדיקן קאַפּ', בײַם ענין סוביעקט און פּרעדיקאַט, בײַם פּונקט 5, ווערט געזאָגט: „די ענדונגען פֿון ווערב מוזן אָפּהיטן געטרײַ וואָס עס באַפֿעלט דער פּערזענלעכער פּראָנאָם". איז טאַקע אַזוי בײַם אירצן: ווײַבאַלד מע זאָגט עמעצן אַ יחיד איר (אַנשטאָט דו), מוז דער ווערב זײַן אין דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל. אַן ענלעכע דערשײַנונג איז אויך בײַ קנעכטישער העפֿלעכקייט. „דער בעל־הבית זײַנען איצט ניטאָ אין דער היים", — זאָגט דער משרת, און אַזוי זאָגט אויך די דינסט: „די

בעל־הביתטע זײַנען...". 'גרויסמױטיק' מאַכט דער גראַמאַטיקער מתּיר דעם איז.

7. בײַם פּונקט 1 ווערט איבערגעחזרט אַז דער נאַטירלעכער וואָרט־קלאַס פֿאַרן פּרעדיקאַט איז דער ווערב. איז דער פּאָסיקער מאָמענט אָנצו־ווײַזן אַז דער כּמעט־נאַטירלעכער וואָרטקלאַס פֿאַרן פּרעדיקאַט איז דער אַדיעקטיוו. די אַלע וואָס האַלטן אַז אין אָנהייב איז שטענדיק דער סובּ־יעקט זאָגן: אָט זעט איר דאָך, דער ריידער האָט פֿריִער אין זינען דעם סובּ־יעקט און ער דערזעט אינעם סוביעקט אַן אייגנשאַפֿט, אַ שטריך און ער שאַפֿט אַזוי אַרום דעם פּרעדיקאַט. [אויך דאָ איז ניט בײַטיק אָפּצוטיילן לויט דער צײַט די ביידע הויפּטגלידער.] ווען דער סוביעקט איז אַ סובּ־סטאַנטיוו מיט דער פֿולקייט פֿון זײַנע אייגנשאַפֿטן און שטריכן, קען ניט זײַן קיין שוועריקייט אין אָנרופֿן איינע פֿון די אייגנשאַפֿטן, למשל: דער טיש איז אַ באַקוועמער (אַ פֿירקאַנטיקער, אַ ברייטער, אַ נײַער...), דער חבֿר איז אַ געטרײַער (אַ לאַנגיאָריקער, אַ געזונטער, אַ וואָרשעווער, אַ שוויַיגנדיקער, אַ לײַכט־פֿאַרוואונדעטער...). ווען דער אַדיעקטיוו קומט אין דער לאַנגער פֿאָרעם, איז דאָ די מיטשטימונג אין גראַמאַטישן מין: די חבֿרטע איז אַ שיינע, דאָס קינד איז אַ שיינס, דער טיש איז מײַנער, די שטוב איז מײַנע.

ווען דער סוביעקט איז אַן אַדיעקטיוו איז בײַטיק אַ פּאַראַלעליזם אין פֿאָרעם בײַם פּרעדיקאַט: „קרום איז ניט גלײַך, אָרעם איז ניט רײַך"; „דער שלעכטער איז קיינמאָל ניט דער גערעכטער"; „פֿאַרזען איז פֿאַרשפּילט"; „נאָר דאָס פֿאַראַנענע איז דאָס פֿאַרשטאַנענע". בײַם עמאָציאָנעלן רעדן און אין דער פּאָעזיע טרעפֿן מיר די קורצע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו. ווען מע וואָלט זיך געריכט אויף דער לאַנגער פֿאָרעם: „טשעפּע ניט, דאָס איז מײַן!"; „איך האָב אַ קליינעם יינגעלע, אַ זונעלע גאָר פֿײַן. ווען איך דערזע אים דאַכט זיך מיר, די גאַנצע וועלט איז מײַן" (מ. ראָזענפֿעלד).

8. ווען דער פּרעדיקאַט באַשטייט פֿון אַ הילפֿסווערב און אַ סובּ־סטאַנטיוו, קען אויפֿקומען די פֿראַגע וועגן באַטײַט פֿונעם סובסטאַנטיוו (זען קאַפּ' זאַץ, ג3). די הילפֿסווערבן קענען זײַן אָדער זײַן אָדער ווערן. אילוסטראַציעס: ער איז דער פֿאַרוואַלטער, ער ווערט דער פֿאַרוואַלטער, ער האָט אַ שטעל (דאָ איז האָט ניט קיין הילפֿסווערב). אַ בײַט צווישן האָט און איז בײַט גרינטלעך דעם זינען: „ער האָט אונדז פֿאַראינטערע־סירט מיט דעם ווערק" און „ער איז פֿאַראינטערעסירט אין דעם ווערק"; „ער האָט פֿאַרשלאָפֿן אַראָפּצוקומען צו פֿרישטיק", „ער איז נאָך פֿאַר־שלאָפֿן בײַם אַראָפּקומען צום פֿרישטיק". ווען דער ווערב שאַפֿט זײַן פֿאַר־גאַנגענע צײַט מיטן הילפֿסווערב זײַן, באַקומט זיך אַ צווייִדײַטיקייט: „ער איז פֿאַרפֿלויגן..." — דער פּאַרטיציפּ פֿאַרפֿלויגן קען זײַן אַ טייל פֿון דער פֿאַרגאַנגענער צײַט אָדער אַ פֿאַרזיכדיקער פּאַרטיציפּ; אין אַזאַ פֿאַל איז בײַטיק די לאַנגע פֿאָרעם: אַ פֿאַרפֿלויגענער (אין ווײַטע הימלען). אַגבֿ קען

אין פּרעדיקאַט דער סובסטאַנטיוו זײַן אין פֿאָרעם פֿון פּאָסעסיוו: די ווערק זײַנען באַשעוויסעס, גראַדעס, שלום אַשס.

## ד. דער אָביעקט ווי אַ זאַצגליד

1. דער אָביעקט אין אַ זאַץ מוז זיך ציִען צו אַ ווערב, דאָס הייסט אַז ער איז אָפּהענגיק פֿון אַ ווערב; הייסט עס אַז געוויינטלעך ציט זיך דער אָביעקט צום פּרעדיקאַט און איז אָפּהענגיק פֿון פּרעדיקאַט. דער נאָרמאַלער וואָרטקלאַס פֿאַרן אָביעקט איז אַ סובסטאַנטיוו. באַקומט זיך אַז דער אָביעקט איז דער צווייטער סובסטאַנטיוו אין זאַץ נאָכן דאָמינירנדיקן סובסטאַנטיוו וואָס פֿאַרנעמט די פּאָזיציע פֿון סוביעקט.

2. דער גרויסער חילוק צווישן סוביעקט און אָביעקט איז אינעם בייגפֿאַל. דער סוביעקט איז אין נאָמינאַטיוו, דער אָביעקט איז אין אַ ק ו - זאַ ט י ו אָדער אין ד אַ ט י ו. אין דעם באַשטייט דאָך דער גאַנצער זינען פֿון די בייגפֿאַלן — צו ווײַזן אויף דער פֿונקציע פֿון נאָמינאַ (סוב־סטאַנטיוו, אַדיעקטיוו, פּראָנאָם, צאָלוואָרט) אין אַ זאַץ. וויבאַלד דער אָב־יעקט קען זײַן אָדער אין אַקוזאַטיוו אָדער אין דאַטיוו, זײַנען דאָ צוויי פֿאַרשיידענע אָביעקטן: אַ ד י ר ע ק ט ע ר אָביעקט און אַן א ו מ ד י ר ע ק־ ט ע ר אָביעקט. דער דירעקטער אָביעקט קומט נאָך טראַנזיטיווע ווערבן (זען ווערב ב6). דער דירעקטער אָביעקט ענטפֿערט אויף די פֿראַגעס: וועמען? וואָס? און ווײַזט אַז די טואונג פֿון ווערב גייט אַריבער אויף דער גאַנצער פּערזאָן אָדער אויף דער גאַנצער זאַך. דוגמאָות: „איך קויף דעם בוך"; „איך זע דעם חבֿר"; „איטלעכער שענקער לויבט זײַן ביר"; „דעם געפֿאַלענעם העלפֿט גאָט"; „אַ געבונדענעם שלאָגט מען נישט"; „ווערטער זאָל מען וועגן און ניט ציילן"; „די צײַט מאַכט גראָ די פּאה און ענדערט די דעה"; „די צונג פֿאַרפֿירט דעם מענטשן צום גליק און צום אומגליק".

אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע (זען ווערב ח) ווערט פֿון דעם די־רעקטן אָביעקט דער סוביעקט פֿון זאַץ: „דער קריטיקער לויבט דאָס ווערק" — „דאָס ווערק ווערט געלויבט פֿון דעם קריטיקער"; „דער רבי לויבט דעם תּלמיד" — „דער תּלמיד ווערט געלויבט פֿון רבין".

3. דער אָביעקט אין דאַטיוו קען זײַן אָן אָדער מיט אַ פּרעפּאָזיציע. דער דאַטיוו אָן אַ פּרעפּאָזיציע (און אויך מיט עטלעכע געציילטע פּרע־פּאָזיציעס) ווײַזט לטובֿת וועמען עס קומט פֿאָר די טואונג פֿון ווערב. פֿאַראַן אַ גרופּע ווערבן וואָס פֿאָדערן דעם דאַטיוו (זען סוב׳, ה6). ווען נאָכן ווערב קומען צוויי אָביעקטן, אַ זאַך־אָביעקט און אַ פּערזאָן־אָביעקט, איז דער זאַך־אָביעקט אין אַקוזאַטיוו און דער פּערזאָן־אָביעקט אין דאַטיוו. דוגמאָות: „די קינדער ברענגען דער מאַמען אַ מתּנה"; „גוט איז אַ ייִדן אַ טובֿה צו טאָן"; „ווײַז אַ הונט אַ פֿינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט"; „אַז אַ געבראָטן הינדל שאַט דיר ניט, פֿאַרוואָס זאָל עס מיר שאַטן?"; „ווער עס טוט נאָך דעם גבאי האָט ניט קיין עולם־הבא"; „קיינער טוט ניט יענעם, נאָר זיך

אַליין"; „מע טאָר ניט גלייבן דעם פֿערד אין וועג און דער ווײַב אין דער היים"; „ווי איז דער קהילה וואו דער פּרנס איז גאַווירילע".

4. נאָך אַלע פּרעפּאָזיציעס קומט דער דאַטיוו. מע דאַרף זײַן געוואָרנט אַז די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע זאָל זיך ציִען צו אַ ווערב און אַז מע האָט דאָ ניט קיין אַדווערביאַלע באַשטימונג — נאָר טאַקע אַן אָביעקט. אין זאַץ „אַ ייִדענע אַן צאינה־וראינה איז ווי אַ שיגעץ אָן אַ פּײַפּל" — איז ניטאָ קיין אָביעקט, ווײַל „אָן צאינה־וראינה" און „אָן אַ פּײַפּל" ציִען זיך צו סובסטאַנטיוון. אין זאַץ „פֿון ליגן אין בעט און פֿון שטיין בײַם פֿענצטער איז אין קיך פֿינצטער" — איז אויך ניטאָ קיין אָביעקט, בלויז אַדווערביאַלע באַשטימונגען. דוגמאָות פֿון אָביעקטן מיט פּרעפּאָזיציעס: „צו קינדער און צו גאָט האָט נאָך קיינער ניט צוגעלייגט"; „מיטן שׂטן טאָר מען זיך ניט שפּילן"; „פֿאַר אַ שטיל וואַסער, פֿאַר אַ שטילן הונט און פֿאַר אַ שטילן שׂונא זאָל מען זיך היטן"; „רעד ניט קיין סך מיט אַן אשה, אַפֿילו נישט מיט דער אייגענער ווײַב"; „אַ מַזל אין הײַזל אַנטלויפֿט ניט פֿון אייגענעם מזל" [אין פּוילישן דיאַלעקט רעדט מען אַרויס דעם דיפֿטאָנג ײַ ווי אַ לאַנגן אַ]; „עס שיט זיך פֿון אים ווי פֿון אַ לעכערדיקן זאַק"; „בײַ אַ מאַמען איז ניטאָ קיין מיאוס קינד".

5. חוץ די טראַנזיטיווע ווערבן וואָס פֿאָדערן דעם דירעקטן אָביעקט און די אומטראַנזיטיווע ווערבן וואָס נאָך זיי קומט דער דאַטיווישער אָביעקט, זײַנען אויך פֿאַראַן אַקוזאַטיווישע ווערבן (זען ווערב, ב6). עס קומט נאָך זיי אַן אַקוזאַטיווישער אָביעקט, אָבער דאָ קען ניט זײַן די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע און דאָ איז ניט שייך זאָגן אַז די טואונג גייט אַריבער. די דוגמאָות דאַרפֿן אויפֿקלערן די אייגנשאַפֿטן פֿון די ווערבן און די באַזונדערקייטן פֿון די אָביעקטן: גיין דעם לעצטן גאַנג, טראַכטן די זעלביקע מחשבֿה, אויסווייִנען ביטערע טרערן, שלאָפֿן אַ זיסן שלאָף, אויספֿאַסטן דעם תּענית, באַקומען גוטע איינִיקלעך, אָפּהוֹשכן אַ לעבן, קריגן די לעצטע וואָר(ע)נונג, שפּילן אַ שפּיל פֿאַרן טײַוול, שפּילן די ערשטע פֿידל, עס אַרט מיך ניט, „אַ מענטש מוז אַלץ אויסשטייך", אויסשטיין דעם לאַנגן ראָש־השנהדיקן מוסף.

6. עס איז נאָך נייטיק צוצוגעבן אַז דער אָביעקט קען זיך ציִען אויך צו אַן אַדיעקטיוו (אַזוי ווי אַן אַדיעקטיוו האָט די פֿעאיקייט צו זײַן אַ באַרמאַלער פּרעדיקאַט, זען פּונקט 7 פֿון פּריִערדיקן ענין). ווידער וועלן די דוגמאָות דערגאַנצן און קלאָרער מאַכן: „אויף צרות איז מען ניט הונגעריק"; „די צײַט איז טײַערער פֿון גאָלד"; „זשאַווערדיקער פֿון אײַזן איז דער זשאַווער אין האַרצן"; „אייניקלעך זײַנען ליבער פֿון קינדער"; אַ כאַראַקטער וואָס איז זײַדענער פֿון זײַד, פֿײַנער פֿון די איידלסטע שטאָפֿן; „דער פּראָצענט איז געשמאַקער פֿונעם קרן". [דאָ האָבן מיר אויך גרענעץ־פֿאַלן צווישן אָביעקט און מדרגה־באַשטימונג.]

## ה. אָרט־ און צײַט־באַשטימונג

1. אַלע מינים אַדווערביאַלע באַשטימונגען מוזן זיך ציִען צו אַ ווערב, צו אַן אַדיעקטיוו אָדער צו אַן אַנדער אַדווערב. דער נאַטירלעכער וואָרט־קלאַס פֿאַר דער אַדווערביאַלער באַשטימונג איז דער אַדווערב (זען אַד־ווערב, א 1־2). די אַדווערביאַלע באַשטימונגען ווערן גראַמאַטיש אײַנ־געטיילט לויט די זעלביקע גרופּעס ווי מע טיילט סעמאַנטיש אײַן דעם אַדווערב. די צאָל פֿון אַזעלכע גרופּעס איז ניט מסיני, נאָר עס איז אָפּ־הענגיק פֿון דעם ווי פּינקטלעך און ווי טיף מע וויל גיין מיט אונדזער אַנאַליז. געוויינטלעך ווײַזט מען אָן אויף אָרט־באַשטימונג, אויף צײַט־באַשטימונג, אויף סיבה־ און ציל־באַשטימונג און אויף אַ גרופּע מיט אומקלאָרערע גרענעצן, אויף שטייגער־באַשטימונג. בײַם שטעלן אַ טריט ווײַטער ווײַזט מען אָן אויף תּנאַי־באַשטימונג און אויך הנחה־באַשטימונג. מיר פֿירן אויך אײַן מדרגה־באַשטימונג.

2. דער ענין אָרט־באַשטימונג איז אַבסאָלוט קלאָר. אירע פּראָ־אַדווערבן (זען אַדווערב, ב2) זײַנען: דאָ, דאָרט, אַהין, אַהער, אַראָפּ, אַרויס אַרויף, אַרונטער, אַריבער, אַרײַן, ערגעץ, אַנטקעגן אאַ. עטלעכע דוגמאָות: „גאָט וואַרפֿט ניט אַראָפּ פֿון הימל״; „צרות טרײַבן דעם מענטשן אויף דעם בית־הקבֿרות״; „צרות לייגן זיך ניט אין די קליידער, נאָר אין די ביינער״; „אַ כּשרער פֿויגל שטעלט זיך ניט אויף אַ חזיר״; „פֿון בייזע לײַט זאָל מען גיין אויף אַ זײַט״; „די זעלביקע היץ און די זעלביקע קעלט אויך העט אין עק וועלט״.

3. דער ענין צײַט־באַשטימונג איז ניט ווייניקער קלאָר. אירע פּראָאַדווערבן זײַנען: ווען, איצט, שוין, אַצונד, באַלד, אַמאָל, דערווײַל, דעמאָלט, ווידער, הײַנט, מאָרגן, נעכטן, יעמאָלט, דערנאָך, אייערנעכטן, שעהן־לאַנג, יאָרן־לאַנג אאַ. עטלעכע דוגמאָות: „אַז מע לאַכט אינדערפֿרי, וויינט מען בײַנאַכט״; „אין שלאָף זינדיקט ניט דער מענטש, נאָר זײַנע חלומות״; „אין דער יוגנט אַ פֿוילער, אויף דער עלטער אַ בעטלער״; „זינט דער ישיבֿה די סוכּאָטע, זינט דער חתונה די קאַפּאָטע, זינט געבוירן אין איין בלאָטע״; ראָש־חודש אלול ציטערט אַ פֿיש אין וואַסער״; „דער שוועד־סטער פּעלץ איז אום ווינטער גרינג, דאָס גרינגסטע העמד איז אום זומער שווער״; „אום ראָש־השנה האָט דער גרעסטער קבצן אַ טראָפּעלע האָניק״.

## ו. סיבה־ און ציל־באַשטימונג

1. דער אונטערשייד צווישן סיבה און ציל איז ניט שטענדיק קלאָר פֿון אויבנאויף. עס טרעפֿט זיך אַז דאָ מוז מען אַ קאָפּעלע אַ טראַכט טאָן. דאָ שטויסט מען זיך אָן אויף אײַנגעוואָרצלטע קרײַזן, ווי למשל בײַם ניצן די פּרעפּאָזיציע צוליב וואָס בינדט זיך בלויז מיט אַ ציל, ווען עס מוז גאָר זײַן איבער, מחמת וואָס ווײַזן אויף אַ סיבה. עס איז שרעקלעך ווען מע

באַגעגנט אין אַנאַנסן און ניט בלויז אין זיי „צוליבן טויט", „צוליב דער קאַטאַסטראָפע" און ענלעכס.

2. די כאַראַקטעריסטישע פּראַדווערבן אין דער סיבה־באַשטימונג: דעריבער, דערפֿאַר, דערום, בכן, מכל־שכן, פֿאַרדערפֿאַר, אומדערום אאַ. דוגמאות: „פֿון ברויט מיט קרויט ווערן די באַקן רויט"; „פֿאַר מורא איז מיר דאָס העמד ווײַס געוואָרן"; „וועגן שׂנאת־חינם איז דער בית־המקדש חרוב געוואָרן"; „מע קען פֿאַלן אויך איבער דעם פּשוט (פּשט)"; „איבער איין שלעכטן לײַדן אַ סך גוטע"; „פֿאַר שווײַגן קומט אַמאָל מער שׂכר ווי פֿאַר ריידן"; „פֿאַר זכות־אָבֿות קריגט מען אַ שיינעם קבֿר אויפֿן בית־הקבֿרות; „פֿון געלט וועגן גייט קיין שידוך ניט אָפּ"; „פֿאַר אַ טובֿה קומט אָפּטמאָל אַרויס אַ רעה"; „פֿון ווינטשן ווערט מען ניט רײַך"; „אַ בעל־מלאָכה שטאַרבט ניט פֿון הונגער"; „פֿון דער מוטערס קלאַפּ ווערט דעם קינד ניט קיין לאָך אין קאָפּ".

3. די ציל־באַשטימונג ווערט זייער אָפֿט אויסגעדריקט דורכן אינ־פֿיניטיוו, וואָס פֿאַר אים קומט צו אָדער כּדי צו. גיין טאָן אַ מצווה (צו סליחות אין שול, צו תּשליך, נאָך אַ נדבֿה); „דאָס ציגעלע איז געפֿאָרן האַנדלען, קויפֿן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען"; „אַ קאַץ האָט זיך געזעצט אויסמעלקן די פֿליגן"; „ער שטייט אויף גאָר פֿרי, ער לויפֿט זוכן דעם נעכטיקן טאָג"; „קינדער מגדל צו זײַן מוז מען האָבן קרחס עשירות און שמשון הגיבורס גבֿורה"; „צום קבצן אַרויסטרײַבן באַדאַרף מען אָן עושר"; „צום שטאַרבן דאַרף מען קיין לוח ניט האָבן". און דוגמאות אָן אינפֿיניטיוו: „רבי לעבן, וואָס טוט מען ניט אַלץ פֿון פּרנסה וועגן?"; „שעם זיך, יאָסע! — איך טו עס צוליב פּרנסה"; „אויף רעגן און אויף טויט האָט מען ניט וואָס גאָט צו בעטן"; „פֿון שלום וועגן מעג מען אַפֿילו אַ ליגן זאָגן"; „אַז מען אַרבעט און עס טויג אויף כּפּרות — אַ גראָשן די צאָלונג און אַ רענדל די צרות".

## ז. שטייגער־באַשטימונג

1. די שטייגער־באַשטימונג טרעפֿט זיך אָפֿטער ווי אַלע אַנדערע אַדווערביאַלע באַשטימונגען אינאיינעם. די שטייגער־באַשטימונג נעמט אַרום הן די עכטע הן די סינטאַקטישע אַדווערבן (זען אַדווערב, א3). די שטייגער־באַשטימונג ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע: ווי אַזוי? און עס קענען זײַן טויזנ־טער ווי־אַזויען. דאָ מוז מען אויך נעמען אין באַטראַכט דעם סינטאַקטישן מהות פֿון דעם אַדווערב: אַלע אַדיעקטיוון (און אויך גערונדיוון און פּאַר־טיציפּן) וואָס ציִען זיך צום ווערב ווערן מגולגל אין אַדווערבן און אַט די אַדווערבן ווײַזן כּמעט שטענדיק אויפֿן שטייגער פֿון דער טואונג. עמעצער טוט עפּעס — גוט און שלעכט, פֿלינק אָדער קריכנדיק, באַטראַכט אָדער אומבאַטראַכט, שטייענדיק אָדער לויפֿנדיק און אַזוי כּסדר אָן אַ סוף. בלויז עטלעכע שפּריכווערטער צו פֿאַרפּוצן: „אַ פֿוילער שלאָפֿט זיצנדיק און

אַרבעט ליגנדיק"; „גיי איך פּאַמעלעך — זאָגט זי [די שוויגער] איך קריך, גיי איך גיך — זי רײַסט די שיך!"; „אַז מע קען ניט ווי מע וויל, מוז מען זיצן שטיל"; „די נויט מאַכט דעם מענטשן בעסער, דאָס גליק מאַכט אים שלעכטער".

2. ווען מע האָט אין זאַץ די לאַנגע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו, קען אויפֿקומען די פֿראַגע צי דאָס ציט זיך צום ווערב אָדער צו אַ סובסטאַנטיוו. עס באַשטימט דער סדר פֿון די ווערטער. „דער טאַטע איז געקומען אַ פֿאַרמאַטערטער" — „אַ פֿאַרמאַטערטער" ציט זיך צום ווערב און ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע ווי אַזוי; „אַ פֿאַרמאַטערטער איז דער טאַטע געקומען" — אויך אַזוי, הגם די שאלה איז דאָ אַ האַרבערע; „דער טאַטע, אַ פֿאַרמאַטערטער, איז געקומען אַהיים" — „אַ פֿאַרמאַטערטער" איז דאָ דער אַטריבוט צום וואָרט טאַטע.

3. דער נאַטירלעכער וואָרטקלאַס פֿאַר אַלע אַדווערביאַלע באַשטימונגען איז דער עכטער אַדווערב און אויף אַזאַ אופֿן אין דער ערשטער ריי פֿאַר דער שטייגער־באַשטימונג. אַן אַדווערב מיט אַ סופֿיקס (זען אַדווערב, ה) איז גאַנץ אָפֿט אַ שטייגער־באַשטימונג, דהײַנו: אַרײַנקומען אײַנבעסערהייט, ברוגזערהייט, פֿאַרטראַכטערהייט, זינגענדיקערהייט; אָנקומען אייַציקווײַז, רינען טראָפּנווײַז, לייענען קאַפּיטלעכווײַז; זאָגן צופֿלײַסנס, מיינען אין־דער־אמתן, שוועבן אינדערלופֿטן. אַזוי איז אויך מיט אַלע צונויפֿגעזעצטע און צונויפֿגעשמאָלצענע אַדווערבן, דהײַנו: זאָגן פֿונדאָסנײַ, צוגעבן פֿאַראײנס, אַרויסלויפֿן מיטאַמאָל, נעמען אויפֿסגוואַלד, צעברעכן אויף פּיצפּיצלעך, טאָן קידער־ווידער, אויפֿעסן אַלץ אויפֿאַמאָל, זיך מאַטערן אומזיסט־אומנישט, זיך פֿרווון איבעראַנײַס, טאָן באַזונדערס גוט, אויפֿטאָן זאַלבענאַנד, כלומרשט דערגרייכן, אַרומדרייען זיך פּוסט־און־פּאַס.

4. די שטייגער־באַשטימונג ווערט אויסגעדריקט אויך דורך דער אַדווערביאַלער פֿראַזע, דהײַנו: רעדן פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער, שטופּן זיך מיטן קראַנקן קאָפּ אין היץ אַרײַן, אויפֿשטיין אויף דער לינקער זײַט [ניט קיין אָרט־באַשטימונג], מסכּים זײַן אָן איבעריקע רייד, טאָן עפּעס אָן שום ברירה, טיילן אויף דער העלפֿט, צאָלן אויף דער פּען [מיט אַ וועקסל], דערקלערן אויף דער האָר (גאָר פּינקטלעך), זאָגן אין איין אָטעם, קומען אַהיים אין איין העמד, אַ שטאָך אין דער זיבעטער ריפּ [ניט קיין אָרט־באַשטימונג], אַרײַן אין די פּעדערן, זיך האַלטן אין דער מעלה [זיך אויפֿפֿירן לײַטיש], זיך שעמען אין ווײַטן האַלדז אַרײַן, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, טרעפֿן אין פּינטל אַרײַן [ניט קיין אָרט־באַשטימונג], האָבן עמעצן אין דער לינקער פּאה (פּיאַטע), זאָגן עפּעס אין דער וועלט אַרײַן.

## ח. תּנאַי־, הנחה־ און מדרגה־באַשטימונגען

1. היות ווי די שטייגער־באַשטימונג איז אַזאַ ברייט און ניט קיין קלאָר־אַרומגעגרענעצט פֿעלד, לוינט זיך אויסצוטיילן באַזונדערע שטחים. חוץ די אויבן־אָנגעוויזענע באַשטימונגען וואָלט מען געקענט רעדן וועגן

אַ סימן־באַשטימונג, למשל: „דעם פֿויגל דערקענט מען נאָך די פֿעדערן" — „נאָך די פֿעדערן" איז דאָך זיכער ניט קיין שטייגער־באַשטימונג, נאָר אַן אַנדער מין באַשטימונג, אַן אָנווײַז אויף אַ סימן ווי צו דערקענען. אַזוי אויך „מע דערקענט נאָך די באַקן ווי די ציינער קנאַקן". פֿון שטאַנדפּונקט פֿון סעמאַנטיק איז אַוודאי נייטיק דער באַגריף פֿיגוראַטיווע אָדער מעטאַפֿאָרישע אָדער צווייטיקע באַשטימונג. פֿאַראַן אַ שפּריכוואָרט „ווען דאָס הויז איז אין פֿײַער — איז דאָס לעבן ניט טײַער"; אין פֿײַער באַטײַט דאָ: ווען מאַן און ווײַב קריגן זיך, ווערט דאָס לעבן שווער, איבערדריסיק, ניט־ליב; איז איז ניט קיין הילפֿסווערב, נאָר פֿולבאַטײַטיק: עקסיסטירט, געפֿינט זיך אין אַ צושטאַנד. [אַגבֿ איז דאָס שפּריכוואָרט אַ גלגול און אַ פֿאַרטיפֿונג פֿון אַן אַנדערן, אַ פּשוטערן: „ווען דאָס הויז איז אין פֿײַער, איז דער בעזעם ניט טײַער".] מען קען אָנווײַזן אויף נאָך אײַנטיילונגען פֿון אַדווערביאַלע באַשטימונגען. זיי ברענגען אָבער ניט אַרײַן קיין חידושים אין גראַמאַטישע פֿאָרמען, בכן קען מען זיך באַגיין אָן זיי.

2. די תּנאַי־באַשטימונג איז נייטיק ווײַל זי גיט אַ היים פֿאַר אַ צאָל אַדווערבן און אַדווערביאַלע פּראָזעס, ווײַל קיין אַנדער היים האָבן זיי ניט און אָן דער תּנאַי־באַשטימונג בלײַבן זיי אין גלות. בײַ די אומשטאַנדן, בײַ אַזאַ סיטואַציע, אין אַזאַ לאַגע, אין אַזאַ מצבֿ, בײַ אַזעלכע באַדינגונגען — קענען ניט געהערן ניט צו אָרט־ און ניט צו שטייגער־באַשטימונגען. עס גייט ניט בלויז אין אַ מקום־מנוחה פֿאַר זיי, נאָר אויך אין דעם ווי זיי דאַרפֿן ווערן אויפֿגעבויט דווקא מיט די פּרעפּאָזיציעס בײַ און אין (למשל, 'אונטער די אומשטאַנדן' איז אַן אַנגליציזם). דאָס זעלביקע לאָזט זיך זאָגן וועגן: אין דער ליכטיק, אין דער טונקל, אין דער פֿינצטער, אויך וועגן: אין שטאַנד, בכּוח, ביכולת. (זען וועגן דער פּרעפּאָזיציע בײַ, פּרעפּאָ', ג4). ווען מע טראַכט זיך אַרײַן אין אַזעלכע גאָר פֿאַרשיידענע אַדווערבן ווי אויף דער לער און אונטערוועגנס, געפֿינט מען אויס אַז אויך בײַ זיי איז פֿאַרבאָרגן אַן א ו י ב , דאָס הייסט אַז זיי זײַנען אויך תּנאַי־באַשטימונגען. אַזוינס קען מען געפֿינען אין אַ פּאָר צענדליק אַנדערע אַדווערבן. טשיקאַווע איז עלעהיי מיטן פֿיקטיוון תּנאַי: „באַשפּריצן די קינדער עלעהיי עס רעגנט".

3. די הנחה־באַשטימונג איז אונדז נייטיק איבער די זעלביקע סיבות. מע האָט פֿאַר איר כאַראַקטעריסטישע אַדווערבן: דאָך, פֿאָרט, סײַווי, סײַוויסײַ, אַלנפֿאַלס, יעדנפֿאַלס, פֿונדעסטוועגן, וויבאַלד; מכּל־שכּן, על־כּל־פּנים, ווי־ניט־איז; אַקאָ'רשט און אַנדערע. מע קען ניט אַבסטראַהירן דעם כאָטש וואָס איז אַזוי ווי אַ פֿאַרשפּיל צו די דערמאָנטע אַדווערבן.

4. אין־לשער נייטיקער איז די מדרגה־באַשטימונג וואָרעם גאַנץ אָפֿט שווימט אַרויף די פֿראַגע: ביז וואָסער מדרגה? זי מוז קומען אין פֿאַרבינדונג מיטן קאָמפּאַראַטיוו און בכּלל בײַ אַ פֿאַרגלײַך. ווידער ניצן מיר אויס אַ שפּריכוואָרט: „אַ מענטש איז אַמאָל שטאַרקער פֿון אײַזן און אַמאָל שלאַפֿער פֿון אַ פֿליג"; לויט אַלע סימנים האָבן מיר אַדווערביאַלע באַשטימונגען.

צו וואָסער גרופּע געהערן זיי? אויב מע פֿירט ניט אײַן דעם באַגריף מדרגה־באַשטימונג, בלײַבט מען אָן אַן ענטפֿער. און דאָ איז נייטיק דער אויפֿבוי פֿון אַזעלכע באַשטימונגען (וואָסער פּרעפּאָזיציע זאָל מען ניצן? וואָסער קאָניונקציע איז דאָ די ריכטיקע?). אויך אין אַזאַ זאַץ „בויט איז ערגער ווי דער טויט" זעט מען די מדרגה־באַשטימונג און ניט קיין עליפּטישן זאַץ. אַוודאי איז ניטאָ קיין עליפּטישער זאַץ אין דער פּרעדיקער דוגמא וואָס וואָלט געקלונגען פֿולערהייט: „אַ מענטש איז אַמאָל שטאַרקער פֿון אײַזן וואָס איז זייער שטאַרק און שוואַכער פֿון אַ פֿליג וואָס איז זייער שוואַך" — און דערבײַ וואָלט פֿאַרבליבן די זעלביקע שאלה וואָס טוט מען סינטאַקטיש מיט „פֿון אײַזן", „פֿון אַ פֿליג"?

בײַם פּרעדיקאַט איז געווען די רייד אַז דער סובסטאַנטיוו אין דער ראָלע פֿון אַ פּרעדיקאַט ווערט אַדיעקטיווירט. דאָ ווערט דער סובסטאַנטיוו אַדווערביזירט. אויך דאָ קומט ניט דער סובסטאַנטיוו ווי אַ סובסטאַנץ מיט דעם קנויל אייגנשאַפֿטן, נאָר אייגנטלעך מיט איין אייגנשאַפֿט וואָס דער פּרעדיקער אַדיעקטיוו רופֿט זי אָן. „זיס ווי האָניק", „ביטער ווי גאַל" — האָניק ווערט דער טרעגער, די פֿאַרקערפּערונג פֿון זיסקייט, אָן אַלע אַנדערע פֿאַרבינדונגען, קאָנאָטאַציעס און אייגנשאַפֿטן פֿון דעם שטאָף וואָס הייסט האָניק; אַזוי איז אויך מיט גאַל און מיט די אַנדערע הונדערטער סובסטאַנטיוון וואָס טרעפֿן זיך אין פֿאָלקספֿאַרגלײַכן און אין די אינדיווידועלע פֿאַרגלײַכן. אין דעם שטעקט דער מהות פֿון פֿאַרגלײַך נאָך אַן אַדיעקטיוו. אַזוי איז אויך בײַ אַ פֿאַרגלײַך וואָס איז אָפּהענגיק פֿון אַ ווערב: לויפֿן ווי אַ פֿערד, שפּרינגען ווי אַ וועווריק. הכלל, מיר פֿאַרמאָגן ניט בלויז סובסטאַנטיווירונגען און אַדיעקטיווירונגען, מיר האָבן אויך אַדווערביזירונגען. דער זאַץ איז דער בעל־הבית, דאָס זאַצגליד באַשטימט דעם וואָרט־קלאַס.

די מדרגה־באַשטימונג האָט פֿאַר זיך אַ ברייטן שטח: נאָך אַ קאָמפּאַראַטיוו (זעט אַדי, יד) און בײַ אַ פֿאַרגלײַך. מחוץ אָט דעם שטח האָבן מיר אַנדערע באַשטימונגען ווי: „דער דלות האָט דערפֿירט ביז אַ לעבל ברויט"; „איינעם גייט אום גאָרנישט, עס רירט אים ביז צום קנעפּל און אַ צווייטן גייט עס אום לעבן"; „די אַנוסים זײַנען געווען גרייט אויף אַלע פּײַנען און עינויים". [אַוודאי קען מען דאָ אײַנזען סך־הכל אַן אָביעקט, אָבער די מדרגה־באַשטימונג זעט עס טיפֿער.]

## ט. דער אַטריבוט

1. דער אַטריבוט ציט זיך בלויז צו אַ סובסטאַנטיוו. אין אַ געוויסן זינען קען דער אַטריבוט פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אַן אַראָפּגענידערטער פּרעדיקאַט: „דער גוטער מענטש" האָט אין זיך ווי דעם יסוד: „דער מענטש איז גוט". דער אַטריבוט ווײַזט אויף אַן אייגנשאַפֿט, אויף אַ סימן, אויף אַ שײַכות. זײַן נאָרמאַלער, זײַן נאַטירלעכער וואָרטקלאַס איז דער אַדיעקטיוו. דוגמאָות: „אַן אַלטער מאַן מיט יונגע יצר־הרעות טויג אויף כפּרות"; „פֿאַר

אַ היימישן גנבֿ און פֿאַר אַ גאַנטן שכן קען מען זיך ניט איינהיטן"; „ער חלומט וועגן גרויסן געווינס, אָבער קיין איינציקן בילעט האָט ער ניט געקויפֿט"; „מאָנטיק איז אַ שווערער טאָג (און זונטיק איז געווען אַ ביטערער טאָג נאָך אַ הונגעריקן שבת)"; „דער הייליקער שבת קומט ערשט נאָך זעקס האָרעפּאַשנע, וואָכעדיקע טעג".

2. אַלץ וואָס איז אַדיעקטיוויש קען דינען פֿאַרן אַטריבוט: דער גערונדיוו, דער פּאַרטיציפּ, אַ צאָלוואָרט, אַן אַדיעקטיווישער פּראָנאָם. דוגמאָות: „זינגענדיקע לײַט באַהאַלטן זייערע טרערן"; „אויף אַן אײַנגעבויגענעם בוים שפּרינגען אַלע ציגן"; „געבראָטענע טײַבעלעך פֿליִען ניט אין מויל אַרײַן"; „איבערגעקומענע צרות איז גוט צו דערציילן"; „אַראָפּפֿאַלן פֿון זיבעטן הימל אויף דער ערד"; „יעדע סחורה האָט איר צײַט"; „אַז עס קומט דער באַשערטער ווערט עס אין צוויי ווערטער"; „דער ערשטער ביסן איז אַן עגבער, דער צווייטער מאַכט אַ לאָך, דער דריטער שרײַט: גיב נאָך!"; „פֿון אַן אײַנפֿאַלנדיק געשעפֿט אַנטלויף ניט אין געהעפֿט, אַנטלויף מעבֿרלים (אָדער אין אַן אַנדער געשעפֿט)"; „איטלעכער ייִד האָט זיך זײַן פּעקל"; „אַלע ייִדן האָבן איין שׂכל"; „עס קענען פֿאַרפֿירן כּלערליי קאָלירן"; „מע ליגט ניט צו צו אַ סך קינדער און צו אַ סך קונדן".

3. וועגן מיטשטימונג צווישן אַטריבוט און סובסטאַנטיוו (זען אַדיעקטיוו ב און ג.) דער אַרטיקל קען ניט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַטריבוט. אָבער דער פּראָנאָם דע'ר, אַט דע'ר איז יאָ אַן אַטריבוט.

4. כּלערליי פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזעס וואָס ציִען זיך צו אַ סובסטאַנטיוו זײַנען אַטריבוטן. דוגמאָות: דאָס טעלערל פֿון הימל, אַ חכם פֿון מה־נשתּנה, קריגן אַ שטול אין גן־עדן, געקומען די צײַט פֿאַר גאולה. „חנהס זײַנען ניט גלײַך: חנה־ביילע מיט איר כּלי, חנה־פֿריידל מיט איר קליידל, חנה־גיטל מיט איר היטל"; „אַ מענטש מיט גוטע מאַנירן שלאָגט זיך דורך אַלע טירן"; „בעסער אַ ייִד אָן אַ באָרד איידער אַ באָרד אָן אַ ייִדן"; „בעסער אַ פּאַטש פֿון אַ חכם איידער אַ קוש פֿון אַ נאַר"; „וואָס ניצט אַ יונג מיט שפּאָרן אַז ער קען ניט רײַטן (אַז ער האָט ניט קיין פֿערד)".

5. דער אינפֿיניטיוו מיט צו קען דינען פֿאַר אַן אַטריבוט: דער מנהג פֿרי חתונה צו מאַכן, אַ טבֿע זיך אַרײַנצומישן אין פֿרעמדע געשעפֿטן, אַ נײַער מכשיר צו פֿאַרשפּאָרן די אַרבעט־צײַט, אַ תּירוץ אויסצומײַדן שאלות, די תּחינות אויסצוגיסן דאָס ביטערע האַרץ; „דער חשק צו לעבן גייט מיט אויף אַלע וועגן"; „אַ בריה צו דערציילן ניסים וויל דעם אמת ניט וויסן"; „די תּאווה צו טרינקען איז אין דלות צו זינקען".

6. דער פּאָסעסיוו (זען סובֿ׳ ו) איז שטענדיק דער אַטריבוט. מע קען אויך דעם קוואַנטיטאַטיוו (זען סובֿ׳ ז) באַטראַכטן ווי אַן אַטריבוט. אין די ביידע פֿאַלן קומט אַ סובסטאַנטיוו נאָך אַ סובסטאַנטיוו. די דוגמאָות מאַכן דעם ענין קלאָרער: צולייגן דער באָבעס ירושה; „פֿאָטערס און מוטערס ברכה ברענגט דעם קינד הצלחה"; „מאַמעס טרערן און טאַטנס שמיץ קומען

אין לעבן שטאַרק צו ניץ"; „דעם ייִדנס פּרנסה הענגט אויפֿן ווינט (אויפֿן גראָשן)"; „האָב ליב דײַן פֿרײַנד ווי זיך — דעם פֿרײַנדס יסורים וועסטו גרינג אַריבערטראָגן"; „מײַן זיידנס האָן האָט אין זײַן באָבעס הויף אַרײַנגעקרייט".

אַ ביסל דוגמאָות מיטן קוואַנטיטאַטיוו: קויפֿן אַ גאַנג ספֿרים, ברענגען פֿאַר די קינדער אַ שטיק לעקעך פֿונעם ברית, דער גרעסטער חלק ירושה איז אַוועק פֿאַרן אַדוואָקאַט; „וועגן אַ ביסל בוימל מאַכט מען אַ גרויסן יום־טובֿ"; „אַ צײַנדל קנאָבל לאָזט איבער אַ ריח אויף דער גאַנצער שטובֿ"; „אַ לאַבן ברויט ראַטעוועט פֿון טויט"; „וואו אַ מנין ייִדן — דאָרט רוט די שכינה"; „אַן אונץ מזל איז בעסער ווי אַ פֿונט גאָלד"; „איטלעכער ייִד האָט זײַן פּעקל צרות"; „אויפֿן האַלדז אַ שנירל קרעלן, פֿון די אויגן שנירלעך טרערן".

7. בײַ אַן אַטריבוטיווער פֿראַזע איז לחלוטין אוממעגלעך אַז אַ סובסטאַנטיוו זאָל קומען נאָך אַ סובסטאַנטיוו, חוץ אין די פֿאַלן וואָס זײַנען אָנגעוויזן אין פֿריִערדיקן פּונקט. עס טאָר ניט זײַן 'די באַהאַנגענע מיט בילדער וואַנט' — עס קען זײַן: די מיט בילדער באַהאַנגענע וואַנט אָדער די וואַנט, באַהאַנגענע מיט בילדער; עס טאָר ניט זײַן 'די געקומענע אין שול קינדער' — עס קען זײַן: די אין שול געקומענע קינדער אָדער די קינדער, געקומענע אין שול; עס טאָר ניט זײַן 'אַ שמייכל אויף די נאַסע פֿון טרערן בעקלעך' — עס קען זײַן: אַ שמייכל אויף די פֿון טרערן נאַסע בעקלעך און נאָך בעסער: אַ שמייכל אויף די בעקלעך, נאַסע פֿון טרערן; עס טאָר ניט זײַן 'בלוט פֿון די געפֿאַלענע אין מלחמה ברידער' — עס קען זײַן בלוט פֿון די אין מלחמה געפֿאַלענע ברידער און אַ סך בעסער: בלוט פֿון די ברידער, געפֿאַלענע אין דער מלחמה.

8. אין פֿריִערדיקן קאַפּיטל, בײַם ענין ח, האָבן מיר געלערנט וועגן דעם אַטריבוטיוון זאַץ מיטן כאַראַקטעריסטישן וואָס. איצט איז בלויז בייטיק אַ קוק צו טאָן אויף דער אַטריבוטיווער פֿראַזע אָן אַ פֿאַרבינדנדיקן פּראָנאָם און אָן אַ קאָניונקציע. די אַטריבוטיווע פֿראַזע קען קומען אי פֿאַר אי נאָך דעם סובסטאַנטיוו צו וועלכן זי ציט זיך. אין פֿריִערדיקן פּונקט זײַנען געוועזן דוגמאָות פֿון דער אַטריבוטיווער פֿראַזע פֿאַרן סובסטאַנטיוו. נאָר מאַלער און גרינגער פֿאַרן אַרויסרעדן איז די אַטריבוטיווע פֿראַזע נאָכן סובסטאַנטיוו, ווי מיר זעען עס: „די וואַנט, באַהאַנגענע מיט בילדער, דעמאָנסטרירט..."; „דער זשורנאַל, אַ גוט און זאָרגעוודיק רעדאַגירטער, האָט פֿאַרגרעסערט זײַן טיראַזש"; „פֿויל איז דאָס קינד, דאָס פֿאַרצויגענע און צעבאַלעוועטע פֿון דער גאַנצער משפּחה". דאָ איז מעגלעך אויך די קורצע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו (די וואַנט, באַהאַנגען מיט בילדער...; דער זשורנאַל, גוט און זאָרגעוודיק רעדאַגירט...; דאָס קינד, פֿאַרצויגן און צעבאַלעוועט...). ווען מע האָט די קורצע פֿאָרעם קומט אַרויס גלאַטער און גרינגער, ווען מע ניצט דעם וואָס און די אַטריבוטיווע פֿראַזע ווערט מגולגל אין אַטריבוטיוון בײַזאַץ.

9. ווען עס איז פֿאַראַן מער ווי איין אַטריבוט צו דעם זעלביקן סובסטאַנטיוו, איז פּאַסיק אַז די אַטריבוטן זאָלן זײַן סימעטריש, למשל: עס איז ניט גלאַט — „די אַרבעטער־ און פּויערשע פֿאַרשטייערס" און אויך ניט „די אַרבעטערשע פֿאַרשטייערס און פֿון די פּויערים"; עס דאַרף זײַן: די אַרבעטערשע און פּויערשע פֿאַרשטייערס, די פֿאַרשטייערס פֿון די אַרבעטער און (פֿון) די פּויערים אָדער די אַרבעטער־ און פּויערים־פֿאַרשטייערס.

## י. די אַפּאָזיציע

1. די אַפּאָזיציע איז אַן אָפּגעטיילט, אָפּגעזונדערט, אַ פּאַראַלעל זאַצגליד. די אַפּאָזיציע ציט זיך געוויינטלעך צו אַ סובסטאַנטיוו, דערקלערט, טײַטשט אויס, דעטערמינירט, גיט אַ סימן, ווײַזט אָן אויף דער קאַטעגאָריע פֿון וואָרט, וואָס זי ציט זיך צו אים. אויף אַזאַ אופֿן איז די אַפּאָזיציע אין אַ באַשטימטן זינען אַן אַראָפּגעניִדערטער פּרעדיקאַט און איז אין תּוך אַן אַטריבוט. די אַפּאָזיציע קען קומען פֿאַר און נאָך דעם סובסטאַנטיוו און איז אין דעם זעלביקן ביגפֿאַל וואָס איר סובסטאַנטיוו. פֿון די לאָגנאָניקע בײַשפּילן: „דער לייב, דער קיניג פֿון די חיות, איז קראַנק געוואָרן"; „צום לייב, דעם קיניג פֿון די חיות, זײַנען געקומען דער בער און דער פֿוקס"; „צו דעם קיניג פֿון די חיות, צום לייב ..."

2. דאָ קען מען איבערדרייען די האַלאַבאַליעס און דאָס וואָס איז פֿריִער געווען די אַפּאָזיציע קען ווערן אַ געוויינטלעכער טייל פֿון זאַץ און דער סובסטאַנטיוו, וואָס די אַפּאָזיציע האָט זיך צו אים געצויגן, ווערט די אַפּאָזיציע: „דער קיניג פֿון די חיות, דער לייב, איז קראַנק געוואָרן". די אַפּאָזיציע פֿאַרמאָגט אַ ספּעציעלע אינטאָנאַציע, וואָס לויט איר דערקענט מען זי: אויב די אַפּאָזיציע איז אין מיטן זאַץ, איז דאָ אַ קליינע פּאַוזע פֿון ביידע זײַטן; אויב אין אָנהייב אָדער צום סוף איז דאָ נאָר איין פּאַוזע; אָבער שטענדיק איז דאָ די אינטאָנאַציע פֿון אָפּזונדערן און פֿון אונטערשטרײַכן, פֿון אַרויסהייבן. אויב עס פֿעלט די באַזונדערע אינטאָנאַציע — פֿעלט אויך די אַפּאָזיציע. אין אַזעלכע פֿאַרבינדונגען ווי: חיים־משה פֿרידמאַן, מאָטל דער גרויסער און מאָטל דער קליינער, די מומע מיכלע, דער זיידע זלמן־זוס(י)ע, אַבֿרהמעלע מלמד, שמערל דער שנײַדער, דאָקטער פֿינקעלשטיין, נאָטע דער לאַנגער און ענלעכע צו זיי — איז ניט שייך צו רײדן וועגן אַן אַפּאָזיציע, ווײַל בײַ די דאָזיקע פֿאַרבינדונגען ביצט מען ניט און מע הערט ניט קיין שום ספּעציעלע אינטאָנאַציע.

3. דוגמאָות פֿון אַפּאָזיציעס: „ה. לייוויק, דער באַליבטער פּאָעט, איז יאָרן־לאַנג געלעגן אַ געליימטער"; „די קינדער אין קלאַס האָבן איצט אַ נײַעם ליבלינג, מאָטל פּייסי דעם חזנס"; „מיר געדענקען די ווערטלעך פֿון טבֿיה דעם מילכיקן, שלום־עליכמס העלד"; „צום ליבן יום־טובֿ פּסח האָט ישׂראל, דער שנײַדער, אויפֿגעניצט אַ קאָפּאָטקעלע און רב גדליה, דער

שוסטער, אַ פּאָר שטיוועלעך"; „דר' פֿינקעלשטיין, דער פּראָפֿעסאָר פֿון מאַטעמאַטיק, איז געפֿאָרן צו דער קאָנפֿערענץ"; „דאָס אַנשיקעניש פֿון גאָט — די שדכנים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן" (ממוס); „אַ ראָמאַן האָט ער געבראַכט צו פֿירן ... און וויל ... מיר ביידע, איך און פֿרישמאַן, זאָלן אים איבערלייענען" (שע); „באַנציע (אויך אַ מענטש) האָט ... צוויי אויסגעלאָשענע אויגן" (פּרץ); „אַ ייִד, דאָס קלענסטע באַשעפֿעניש, איז איטלעכן גרויס אין די אויגן" (שוו, וואָרטשפּיל צווישן יוד און ייִד).

# יא. די ווענדונג

1. די ווענדונג איז דאָס וואָרט אָדער די עטלעכע ווערטער וואָס דריקן אויס דעם נאָמען פֿון דער פּערזאָן אָדער וואָס רופֿן אָן מעטאָנימיש די פּערזאָן, וואָס צו איר ווענדט זיך דער ריידער. די ווענדונג איז אַ זאַץ פֿאַר זיך, אַזוי זאָגט אונדז די אינטאָנאַציע. די ווענדונג קען אויסקומען אָן שום אַנדערע ווערטער: „חיים!" (און עס איז אַ רוף, אַ באַפֿעל, אַ וואָרענונג; דער הערער פֿאַרשטייט אין וואָס עס גייט.) „חיימקע?" [(און עס איז אַ טענה, אַ פֿאָרוואורף, אַ דערמאָנונג; דער הערער פֿאַרשטייט אין וואָס עס גייט.] אַזאַ מין ווענדונג קען באַשטיין פֿון מער ווי איין וואָרט און נייטיקט זיך ניט אין אויסגעטײַטשט ווערן דורך צוגאָבן: „גאָט אין הימל!", „טאַטעניו זיסער", „מײַן אוצר", „מײַן לעבן", „ליבער פֿרײַנד!".

2. ווען די ווענדונג קומט פֿאַרבונדן מיט נאָך אַ זאַץ, ווערט זי אין אַ געוויסן זינען אַ באַטײַטיק־פֿאַרבונדענע מיטן זאַץ; די ווענדונג ווערט לגבי דעם זאַץ אַן אָפּגעזונדערטער טייל — און דאָך אַ טייל, הגם זי איז מחוצן זאַץ און קען ניט אָנגערופֿן ווערן אַ זאַצגליד. דוגמאָות: „אוי־ווי, מאַמע, איך שפּיל אַ ליבע און ס'טוט מיר ווי מײַן האַרץ"; „שיין ביסטו, ל(י)ובטשו, ל(י)ובטשו, שיין ווי די גאַנצע וועלט"; „מײַן גליק, מײַן טײַער לעבן, ביידע זענען מיר אַ פּאָר"; „הער נאַר, דו שיין מיידעלע, הער נאַר, דו פֿײַן מיידעלע, וואָס וועסטו טאָן אין אַזאַ ווײַטן וועג?" „רבונו־של־עולם, צי קען דאָס זײַן וואָר?"; „פֿאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער, ווינטשט מיר גליק"; „בעל־הביתטע לעבן, כ'האָב ליב צו נאַשן"; „זײַ זשע, קליין בעריאַזקעלע, מתפּלל אויך פֿאַר מיר" (דוד איינהאָרן).

## .VI

# די קאָניונקציעס

## א. די ראָלע פֿון די קאָניונקציעס

1. די קלייניע ווערטע(ר)לעך, די קאָניונקציעס זײַנען די פֿאַרבינד־ווערטער. זיי פֿאַרבינדן אַ זאַץ מיט אַ זאַץ און אַ זאַצגליד מיט אַ זאַצגליד. זיי זײַנען דער שטילער, האָרעפּאַשנער, עמך׳דיקער שיכט אין דער וועלט פֿון אונדזערע ווערטער. אָן אַזאַ שיכט קען מען ניט אויסקומען. פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל וואָלט געווען דאָס לעבן פֿון די יחסנים, די סובסטאַנטיוון און די ווערבן. די אינפֿאָרמאַטיווע, די וויסן־איבערגעבנדיקע זאַצן וואָלטן חלילה געקענט מגולגל ווערן אין רעטענישן וואָס מע דאַרף טרעפֿן. אין אַלטע אינדאָ־אייראָפּעאישע שפּראַכן האָט מען געקענט צום טייל פֿאַרבײַטן די פּרעפּאָזיציעס אין קאַזוסן און אַזוי האָבן זיך נוהג געווען די פֿינאָ־אוגרישע אָדער אוראַלישע שפּראַכן (פֿיניש האָט אַן ערך 14־15 בייגפֿאַלן!). די קאָניונקציעס איז אָבער שווערער צו פֿאַרבײַטן, סײַדן מיט פּרעפֿיקסן (ווי דאָס טוט צום טייל אונדזער לשון־קודש). ווען עס קומט אויף אַ ספֿק אין דעם צי עס פּראָגרעסירט דער מענטשלעכער שׂכל, קומען די קאָניונקציעס און זאָגן עדות אַז יאָ, פֿאַראַן אַ פּראָגרעס, ווײַל זייער אָנזען אין לשון ווערט חשובֿער, זיי ווערן מער אין דער געשיכטע פֿון אַ גאַנצער משפּחה שפּראַכן און אויך אין דער געשיכטע פֿון אַ שפּראַך. און דאָך — פּונקט ווי די געשיכטע לייגט ניט גענוג אַכט אויף די דערונטערדיקע שיכטן אין דער געזעלשאַפֿט און פֿאַרנעמט זיך דער עיקר מיט די אייבערשטע, אַזוי האָבן גראַמאַטיק און לעקסיקאָלאָגיע צו ווייניק זיך פֿאַרנומען מיט די בחות־דרגאַדיקע (דערונטערדיקע) קאָניונקציעס. מע האָט זיי צוגעטיילט אַ וואָרט־קלאַס און אין בעסטן פֿאַל אײַנגעטיילט אין עטלעכע גרופּעס, און גענוג.

2. צו וואָס קען מען צוגלײַכן די קאָניונקציעס? שוין אין 18טן יאָר־הונדערט האָט מען זיי צוגעגליכן צו טשוועקעס וואָס מע האַקט זיי אַרײַן אין ברעטלעך כּדי די ברעטלעך זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען. דער פֿאַרגלײַך איז קוים אַ געראָטענער, וואָרעם טשוועקעס קענען אַרויסשטאַרצן און זיי לאָזן איבער וואונדן אויף די ברעטלעך. עס איז אפֿשר גלײַכער צו דערזען אין די קאָניונקציעס וואַפּנע צווישן שטיינער אָדער ציגל, וואָס אָן איר קען מען ניט אויפֿשטעלן אַ וואַנט. אפֿשר איז בעסער דער פֿאַרגלײַך מיט אַ מין כּישוף־קליי וואָס האָט דעם כּוח צו באַאַרבן ביידע ברעטלעך אָדער

כאַטש איין ברעטל. ווי דאָס זאָל ניט זײַן קען דער בעל־מלאכה דער ריידער ניט אויסקומען אָן דעם שטאָף.

אַ צאָל קאָניונקציעס זײַנען גלײַכצײַטיק אויך אַדווערבן; אַ צאָל קאָנ־יונקציעס זײַנען גלײַכצײַטיק אויך פּרעפּאָזיציעס. בײַ יעדער קאָניונקציע וועט ווערן אָנגעוויזן אויף דעם. פֿריִער פֿון אַלץ ווערן באַטראַכט באַזונדער די צוויי אָפּטסטע קאָניונקציעס וואָס זײַנען בלויז קאָניונקציעס: און און אַז, דערנאָך ערשט קומען זיי אײַנגעטיילט אין באַזונדערע גרופּעס.

## ב. דער און

1. דער קליינער און גראַציעזער און איז דער טרעגער פֿון דעמאָ־קראַטישקייט. ער קומט מיט צוויי פּאָנעז: אויף איינער איז אָנגעשריבן „גלײַכהייט" און אויף דער צווייטער „לעבן זאָל דער פּאַראַטאַקסיס!" ער באַטײַט מיט, צוזאַמען, אינאיינעם. מיר קענען זאָגן: דער טאַטע און די מאַמע, איך און מײַן חבֿר; מיר קענען אויך זאָגן: דער טאַטע מיט דער מאַמען, איך מיטן חבֿר. און און מיט זײַנען פֿאָרט ניט גלײַך: בײַ און זײַנען ביידע טיילן גלײַכע, בײַ מיט איז דער ערשטער טייל וויכטיקער.

און קומט צווישן צוויי גלײַכע זאַצן און צווישן צוויי גלײַכע זאַצ־גלידער. און קומט אויך צווישן פֿאַרשיידענע זאַצגלידער. „ווער וועט מיך צודעקן און ווער וועט מיך אויפֿוועקן?" „טיף אין וועלדעלע שטייט אַ ביימעלע און די צווײַגעלעך בליִען" (פּל). און דאָס פֿערדל גייט זיך ניט, און דאָס רעדל דרייט זיך ניט, און די ווײַב שילט זיך, און אַ טרונק בראַנפֿן ווילט זיך, און קיין געלט איז ניטאָ" (פּל). „מײַנע שבתים און מײַנע יום־טובֿים זײַנען מיר געוואָרן צעשטערט"; „וועסט קריגן אַ שענערע און אַ בעסערע" (פּל); „לײַען און באָרגן מאַכט גרויסע זאָרגן"; „ער איז געוועזן אַ שטילער, אַ גוטער און זייער באַליבט בײַ איטלעכן אין שטעטל" (ממוס). „אַ גוטער מאָרגן זאָל קומען ... אויף אַלע מחותּנים פֿון ביידע צדדים און אויף אַלע ליבע פֿרײַנד" (שע). „מע נעמט אויס 'ברחל בתּך הקטנה' און מיט אַ שטיקל ליכט און מע באַקומט פֿאָרט די אַלטע בלינדע לאה"; „אויף קאָרטן און אויף טאַנץ באָרגט מען ניט קיין געלט"; „בעסער גוט און אַ ביסל איידער שלעכט און אַ פֿולע שיסל"; „אָנגעקושט און אָנגעהאַלדזט און אַוועקגעפֿאָרן"; „פֿריש און געזונט און משוגע"; „אַכציק ער און זיבעציק זי".

2. און קומט מיט אַן אָפּגעשוואַכטן באַטײַט, כּמעט מיט אַ נול־באַטײַט, אָנהייב זאַץ און אויך אָנהייב פּאַראַגראַף בײַ עפּיש־רואיקן דערציילן. „און עס איז געווען אָוונט, און עס איז געווען פֿרימאָרגן, איין טאָג"; „און אַבֿרהם איז געוואָרן אַלט און באַטאָגט, און גאָט האָט געבענטשט אַבֿרהמען מיט אַלצדינג"; „און דער יונגל שמואל האָט געדינט גאָט לעבן עלין, און גאָטס וואָרט איז געווען זעלטן אין יענע טעג". [די ציטאַטן זײַנען פֿון תּרגום יהואָש. דאָס איבערגעבן דעם וואָו פֿון תּנך מיט און איז אַ כאַראַקטעריס־

טישער שטריך פֿון אַלע איבערזעצונגען אויף ייִדיש, און אַט דער שטריך איז איבערגעגאַנגען אין דער פֿאָלקס־ליטעראַטור ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט. אויך מאָדערנע שרײַבערס האָבן איבערגענומען דעם און אַנהייבזאַץ: אַ פֿערטל פֿון אַלע פּאַראַגראַפֿן אין פּרצעס דרײַ חופּות און אַ דריטל אין מסירת־נפֿש הייבן זיך אָן מיט און.]

3. און קומט אַרײַן אין די צאָלווערטער צווישן די איינערס, צווישן 1 און 9 און די צענדלינגער: איין־און־צוואַנציק, נײַן־און־נײַנציק, זעקס־און־דרײַסיק למד־וואָוניקעס, נײַן־און־דרײַסיק מלקות, צוויי־און־פֿופֿציק כּמספּר כּלבֿ. און קומט אויך צווישן הונדערטער (און אויך גרעסערע צאָלן) און איינערס און צענערס: „די תּורה דאַרף מען לערנען הונדערט און איין מאָל"; „פֿאַראַן זעקס הונדערט און דרײַצן מצוות"; „ער ציילט אָן צוויי טויזנט דרײַ הונדערט און פֿיר־און־פֿופֿציק לירעס". און פֿאַרבינדט דעם בראָכטייל מיט דער גאַנצער צאָל: פֿינף און צוויי־דריטל, זיבעצן און פֿיר־פֿינפֿטל.

און קומט אין אַלע ווערטער וואָס באַצייכענען אַ מאָס, ווען עס ווערט אָנגערופֿן די גרעסערע מאָס און דערנאָך די קלענערע: קויפֿן צוויי פֿונט און דרײַ לויט פּוטער, וואַרטן דרײַ שעה און צוואַנציק מינוט, אָפּפֿאָרן צוויי־און צוואַנציק קילאָמעטער און אַ האַלבן. אָבער בײַ געלט ניצט מען ניט דעם און: צען דאָלאַר פֿופֿצן, צוואַנציק לירעס פֿינף־און־זיבעציק, הונדערט רובל פֿופֿציק. בײַ בראָכצאָלן און בײַ מאָסן קומט אָפֿט אַנשטאָט און די פּרעפּאָזיציע מיט.

4. און פֿאַרבינדט די אײַנגעפֿעסטיקטע פּאָרלעך, די צווילינג־אויסדרוקן וואָס טרעפֿן זיך אין הונדערטער פֿאָלקסווערטלעך. אַזעלכע פּאָרלעך: אָך און וויי, ווינד און וויי, רוק און לענד, אַש און בלאָטע, אַלט און קאַלט, אָפּן און פֿרײַ, פֿראַנק און פֿרײַ, אין עסיק און אין האָניק, קינד און קייט, קרום און לאָם, אין פֿײַער און אין וואַסער, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן, מיט ציין און מיט נעגל, ברענען און בראָטן, ברוין און בלוי, בלוין און בלאָ, מיט לײַב און לעבן, וואויל און וואָלוול, פֿאַר גאָט און פֿאַר לײַט, פֿאַר ווײַב און קינד, אַ בושה און אַ חרפּה, דונער און בליץ, זיס און זויער, זײַד און אַטלעס, הימל און ערד, טינט און פּען, קרענקען און כאַליען, גיפֿט און גאַל, איינס און צוויי, דאָס און יענס, האָר און נעגל, מילך און האָניק, זי נעמען ווי זי שטייט און גייט, דערזען קראָקע און לעמבערג, פֿאַרמאָגן אַ פֿענדל און אַ שפּענדל, עס שווינבלט און גריבלט, לײַען און באָרגן, איבער וואַסער און איבער בריק, טשאַקנדיק און קנאַקנדיק, האַנדלען און וואַנדלען, קושן און האַלדזן, דאַר און קוואַר.

5. און קומט צווישן אַלצאיינע ווערטער אָדער ווערטער פֿון דעם זעלביקן שטאַם כּדי אונטערצושטרײַכן אַן אייגנשאַפֿט אין אַ העכער מדרגה אָדער אַ טוּונג וואָס געדויערט לאַנג: „אַ יישר־כּוח אײַך, איר האָט גערעדט זייער און זייער גוט"; „איצט טוט ער די אַרבעט בעסער און בעסער"; „עס

ווערט שפּעט און שפּעטער"; „איך האָב געקויפֿט אַ פֿלאַש טינט, וועל איך האָבן און האָבן" (שע); „זומער וועט ער זיצן אויף אַ דאַטשע און וועט שרײַבן און שרײַבן". און קומט אויך צווישן אַלצאײַנע סובסטאַנטיוון, ווען דער צווייטער ווערט אַרויסגערעדט מיט אַ ספּעציעלער אינטאָנאַציע פֿון געהויבנקייט: „ס'אי' פֿאַראַן מענטשן און — מענטשן!", „איך האָב שוין אין מײַן לעבן געהערט חזנים און — חזנים!".

6. און קען קומען אַנהייב דערציילזאַץ בײַ אַ התפּעלותדיקן איבערגעבן עפּעס: „און ווי די פֿײַערלעשערס האָבן געאַרבעט, זיי זײַנען ממש געקראָכן אין פֿײַער, פֿאַרגעסן וועגן די סכּנות"; „און אַ ייִד אַ למדן... גאָר אַ שאַרפֿער למדן און אַ ירא־שמים... און עבֿרי האָט ער געזאָגט! אַ וואָרט פֿאַלט ווי פּערל פֿון מויל! און אַ קול האָט ער געהאַט! רבונו־של־עולם, מע זעט גאָר הײַנט אַזוינע בעלי־תּפֿילות נישט!" (פּרץ). די כּוונה פֿונעם ריידער צו דערציילן גייט אַריבער אין התפּעלות און עס שאַפֿן זיך אויסרופֿזאַצן, אַרײַנגעפֿירט מיטן און. נאָך אַזאַ און קומט ווי, וויפֿל, וואָס, וואָסער: „זי איז געווען פֿריילעך און האָט געזונגען. און ווי זי זינגט! סאַראַ מתיקות!"; „און וויפֿל מי און טאַקע האַרעוואַניע עס שטעקט אין אַזאַ אַרבעט!"; און וואָס זאָל איך דאָ נאָך טענהן מיט דיר... און פֿון הײַנט אָן וועסטו מוזן זיך אויפֿפֿירן אַנדערש!"; „און איר קלייד און די שיכעלעך... און וויפֿל צירונג!"

דעם זעלביקן און האָבן מיר אויך אין פֿרעגזאַצן: „און אַז דו פֿאָרסט אַוועק... און אויף ווען לאָזסטו מיך דאָ איבער?"; „און דו וועסט טאַקע הײַנט אָוונט קומען צו מיר?"; „און איר גלייבט די אַלע רכילות?" דער זעלביקער און, צעצויגן און אויף העכער, מיט אַ פֿרעג־אינטאָנאַציע, קומט אײַנגאַנצן אַליין (ווי אַ זאַצוואָרט): „או־ו־ון?" — „יאָ, יאָ, עס וועט זײַן ווי דו ווילסט".

7. און הערט מען צווישן צוויי ווערבן, ווען בײַם צווייטן פֿעלט דער הילפֿסווערב: „ער וועט קומען און רעדן מיט אײַך"; „איך וועל אַריבערגיין צו אים און אים איבערגעבן אײַער מיינונג"; „דו זאָלסט גלײַך גיין און רופֿן אַ דאָקטער".

8. צוזאַמען מיט דער פּרעפּאָזיציע צווישן קומט און: „צווישן בערגעלע און דעם ווערדעלע לויפֿט אַ וואַסערל אין דער מיט" (פּל); „צווישן מאַן און ווײַב טאָר ניט זײַן קיין סוד" (שוו).

9. און קען האָבן דעם באַטײַט אָבער, דאָך, פֿונדעסטוועגן, פֿאָרט: „ער רעדט און זי שווײַגט"; „האָסט צוגעזאָגט צו שרײַבן און ניט געשריבן"; „וויפֿל חתנים מע האָט מיר גערעדט און דיך ׳האָב איך געוואָלט" (פּל); „איך האָב געפֿלאַנצט אַ שיינעם ווײַנגאָרטן און דער ווײַנגאָרטן איז מיר ניט געראָטן" (פּל); „דאָס אויג איז קליין און דאָך זעט עס די גאַנצע וועלט"; „ווער עס איז שיין און איך בין קלוג" [אַזוי גיט מען איבער רייד פֿון אַ מיאוסער מויד.]

10. און קען האָבן דעם באַטײַט דערפֿאַר, בכן, פּונקט אויף אַזאַ אופֿן:

„איך האָב שוין פֿאַר אַלץ באַצאָלט און דו קענסט קומען און אָפּנעמען"; „ער האָט זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ גראָבער־יונג און ער דאַרף זיך אַנטשולדיקן"; „אויפֿן צווײַגעלע שטייט אַ פֿייגעלע און דאָס פֿייגעלע פּישטשעט, און בײַ מיר, אָרעם שנײַדערל, מײַן שוואַך הערצעלע טרישטשעט" (פֿל); „איז אָנגעפֿאַלן אַ שניי פֿון הימל, אַ גרויסער שניי, און טעג און אפֿשר וואָכן וועט קיין אורח איבער דער שוועל נישט קומען" (פּרץ).

11. און קען אויך באַטײַטן: בשעת־מעשׂה, אין דער אייגענער צײַט, גלײַך, דערנאָך, תּיכּף־ומיד, שפּעטער. דוגמאָות: „עס האָט זיך אים געחלומט אַ בילד פֿון די קינדערשע יאָרן און אין סאַמע מיטן חלום האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט"; „מיר זײַנען געווען אויף אַ זומערוואַוינונג און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה"; „און מײַן האַרץ ציט צו דיר אַזוי ווי אַ מאַגנעט צום אײַזן, שטאָל; און די ליבע ברענט אין מיר, זי ווערט פֿאַרגרעסערט וואָס אַמאָל" (פֿל).

12. בכן קומט מען צום אויספֿיר אַז און קען פֿאַרבײַטן אַ היפּשע צאָל אַנדערע קאָניונקציעס. דערבײַ קען זײַן ניט אינגאַנצן קלאָר דעם זײַטיקן צוהערער אין וואָס עס גייט, אָבער דער וואָס דער רײדער ווענדט זיך צו אים פֿאַרשטייט גאַנץ גענוי פֿון דער סיטואַציע אָדער פֿון די פֿריערדיקע רייד. אָגבֿ קומט און אויך אַנשטאָט אָדער, אָדער גאָר, ווי אַ מין צוריקציִען זיך פֿון דעם פֿריערדיקן: „אַריבערגיין און אים רופֿן?" — „ניין, מע דאַרף ניט. און אפֿשר זאָלסטו אים טאַקע רופֿן."; „מיר וועלן בלײַבן אין ירושלים אַ וואָסערע צוויי וואָכן און קען זײַן גאָר אַ גאַנצן חודש"; „אַלע האָבן געמיינט אַז עס איז אַ גלײַך פּאָרל און אין איין יאָר זיך אַרומגעזען אַז מע האָט פֿאַרבונדן אַ הונט און אַ קאַץ אין איין זאַק". דער און קען אויך פֿאַרבײַטן דעם לענגערן אויסדרוק און וואָס שייך: „די צײַטונג פֿאַרלירט לייענערס און אַנאָנסן און דער לייענשטאָף ווערט ערגער און ערגער"; „ער רעדט מיר אײַן, און איך, דער אַלטער נאַר, לאָז זיך אײַנרעדן".

13. און קומט מיט אַ צווייאיקן באַטײַט, אי פּשוט צו פֿאַרבינדן מיטן פֿריִערדיקן אי מיטן אַרויסווײַזן אַז עס איז פֿאַרענדיקט, אַז עס איז אַן אָפּשליסנדיקער זאַץ: „און לאָז מיך געמאַך"; „און פּטור אַן עסק"; „און זע ניט אַראָפּצופֿאַלן פֿון די טרעפּ"; „און קלאָג מיך צום ונתנה־תּוקף"; „אַ וואָרט און אַ וואָרט — און אַ פּאַטש אויפֿן אָרט" (שוו).

## ג. דער אוניווערסאַלער אַז

1. אַז איז געבוירן געוואָרן פֿון צוויי פֿאַרשיידענע טאַטעס (אָדער מאַמעס), פֿון daz און פֿון als. דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצושפּרייטן מיט אַ ים באַטײַטן און אַמאָל צו קומען בלויז ווי אַ פֿאַרבינדונג כּמעט מיט אַ נול־באַטײַט. ער איז געוואָרן אין ייִדיש אַזוי באַליבט, ווײַל ער ווײַזט נאָר קוים־קוים אויפֿן היפּאָטאַקסיס.

2. קודם־כּל פֿאַרבינדט אַז דעם אָביעקט־זאַץ מיטן הויפּטזאַץ, ספּע־

ציעל מיט אַזאַ וואָס איז אָרעמלעך אין זײַן אינהאַלט, וואָס קען אַפּילו מגולגל ווערן אין אַ מין זאָג אַגבֿ־אורחא. די כאַראַקטעריסטישע ווערבן וואָס אַז קומט נאָך זיי זײַנען: זאָגן, זען, הערן, וויסן, מיינען, הייסן, באַפֿעלן, טראַכטן, פֿאַרשטיין און ענלעכע. דוגמאות: „איך זאָג (מיין, טראַכט, ווייס, האָב געהערט) אַז עס איז ניט אַזוי"; „איך באַפֿעל (זאָג אָן, הייס, באַשטיי אויף דעם) אַז מע זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט"; „פֿיר איך אײַן אַז אַ ווײַב זאָל תּמיד האָבן בײַ זיך אַ דרײַערל" (שע). [ביז צו דעם הײַנטצײַטיקן לשון שלעפּט זיך דאָ נאָך דער דאָס ווי אַ רעשטל פֿון פֿריִערדיקע תּקופֿות. דער דאָס האָט געוועלטיקט אין דער פֿאָלקס־ליטעראַטור און אין דער פּאָפּולערער ליטעראַטור וואָס איז ווײַט פֿון קונסט־גרענעץ.]

3. אַז קומט פֿאַר אָדער נאָך אַ סוביעקטיווישער אָדער פּרעדיקאַטי־ווער פֿראַזע: „אַז דער קאָנקורענט זיצט אויבנאָן האָט אים זייער געשטאָכן"; „דאָס געזעץ איז אַז אַ טייל ירושה מוז גיין פֿאַר דער פֿאַמיליע"; „דער כּלל פֿון חכמה איז אַז מע שווײַגט"; „אַז מען ענטפֿערט ניט אויף אַ באַליידיקונג איז אַ סימן פֿון לײַטישקייט".

4. אַז פֿאַרבינדט אַן אַטריבוטיוון בײַזאַץ מיטן סובסטאַנטיוו און פֿאַר־בײַט דערבײַ אין אַ צאָל פֿאַלן דעם פּראָנאָם וואָס: מיטן באַשלוס אַז..., מיט דער השערה אַז..., מיט אַ פֿאַרשטענדעניש אַז..., מיט דער הנחה אַז...; „געבראַכט די פֿריילעכע בשׂורה אַז... (ממוס); „דער יצר־הרע האָט שוין אַזאַ גליק אַז אים פֿאָלגט מען אַ סך מער ווי דעם יצר־טובֿ" (שע); „פֿאַראַן בײַ אונדז אַ ווערטל אַז אַ ייִד, בפֿרט אַן אָרעמאַן, טאָר קיין הנאָה נישט האָבן" (שע).

5. נאָך אַ קאָמפּאַראַטיוו קומט אויך אַז, ספּעציעל נאָך מער און באַטײַט דאָס זעלביקע וואָס ווי, אַזוי ווי: „איך בין ערלעכער אַז דו"; „זי איז נאָך ערגער אַז די שטיפֿמאַמע"; „מער אַז זיפּצן קען שוין דער חולה ניט"; „געוואַרט לענגער אַז איין יאָר"; „מער אַז לאַטעס לייגן קען ניט דער שוסטער"; „מער אַז ברויט מיט קרופּניק האָט מען ניט דערפֿון" (פֿוול); „זעקס עופֿות, דאַרף דאָך מער ניט זײַן אַז זעקס לעבערלעך" (שע); „אַ לאַנגער שמועס אָן אַ צוועק... מערניסט אַז אַן אויסרייד" (שע).

6. דער אַז אַנשטאָט ווי קומט אויך אָן דעם קאָמפּאַראַטיוו נאָך ווערבן, אַדיעקטיוון, אַדווערבן — אין פֿאָלקסטימלעכן רעדן: גלײַך אַז די ווירע; קײַלעכדיק אַז אַ ראָד (אַז אַ טאָרבע פֿלעקער); חשובֿ אַז דער הונט אין זײַן בודע; אַרבעטן בײַנאַכט אַז בײַטאָג; שווײַגן אַז אַ מויז אין לאָך; זיך פֿרייען אַז אַן אָרעמאַן וואָס פֿאַרלירט און געפֿינט; אַרויסקומען פֿון אַזאַ געשעפֿט אַן הויזן אַז דער רעכטער שלימזל.

7. די באַזונדערקייט פֿון אַז באַשטייט אין דעם וואָס ער קען גרינג און אָפֿט פֿאַרבײַטן כּלערליי אַנדערע קאָניונקציעס בײַ ווערבאַלע באַשטי־מונגען. אַז קומט אַנשטאָט:

א) ווען און אַנדערע קאָניונקציעס מיט אַ צײַט־באַטײַט, למשל: „אַז

די קינדער זײַנען אַרומגעלאָפֿן אין הויף, האָט די מאַמע אויפֿגערוימט די שטוב"; „אַז מע קלינגט איז אַ חגא (אָדער אַ שׂריפֿה)"; „אַז דאָס האַרץ איז פֿול, גייען די אויגן איבער"; „אַז מע קלאַפּט אין טיש רופֿט זיך אָפּ די שער"; „אַז מע באַצאָלט אַ חובֿ, מעג מען מאַכן אַ יום־טובֿ".

ב) כּדי מיט אַ ציל־באַטײַט, למשל: „שטייט אויף גאַר פֿרי אַז איר זאָלט אים טרעפֿן"; „ער איז געקומען צו אײַך אַז איר זאָלט אים העלפֿן"; „עס קומט אויס אַ סך צו רעדן אַז דעם אמת ניט צו זאָגן" (שוו); „וואָסער מויז האָט האַרץ (מוט), אַז די קאַץ זאָל גיין מיט אַ גלעקעלע?"; „אַפֿילו צו וואַשן דײַנע פֿיס איז מיר אויך ליב אַז דער שם זאָל זײַן אַז איך בין דײַן ווײַב" (ספֿר חסידים).

ג) אויב מיט אַ תּנאַי־באַטײַט, למשל: „אַז פֿיל, פֿאַרמאָגט ער אַ הונ־דערטער"; „אַז הויך קען איך אויסגעבן אַ צענערל"; „אַז איך וואָלט געהאַט דעם מלכּס אוצרות..."; אַז ניט הײַנט, איז מאָרגן, און איבערמאָרגן איז אויך אַ טאָג" (פֿוול); „אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם (אויך)"; „אַז חתן־כּלה זײַנען באַשערס, רעגנט בײַ זיי צו דער חופּה"; „אַז דאָס מזל גייט, קעלבט זיך דער אָקס"; „אַז דער תּלמיד איז אַ וואוילער, איז דער רבי אויך אַ וואוי־לער"; „וואָס טויג מיר נירנבאַרג אַז איך האָב דאָרטן ניט קיין הויז?".

ד) אַזש און ווײַזט אויף דער מדרגה, למשל: קאָלט אַז פֿאַרפֿראָרן צו ווערן, הייס אַז מע קען צעגיין ווי פּוטער, צוגיין שטיל און פּאַמעלעך אַז ניט צו הערן (ניט צו באַמערקן); „אָוועקגעפֿאָרן געהיים אַז אָן אַ זײַט־געזונט"; „דער טײַך איז אין די פּאָר יאָר אָפּגעפֿאַלן אַז ערטערווײַז קען מען ממש איבערגיין טרוקן־פֿוס" (ממוס).

אָט די אַלע אַזן זײַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן פֿאָלקישן רעדן און זײַנען אַ שטריך פֿון פֿאָלקסטימלעכן סטיל.

8. אַז קומט אויך אָנהייב זאַץ צוצוגעבן אַן עמאָציאָנעלע אָנלאָדונג. דוגמאָות: „אַז אָך און אַז וויי!", „אַז לאַנג לעבן זאָלט איר!"; אַז דער טײַוול (דער שוואַרציאָר) זאָל עס בעמען!; „אַז מען זאָל שוין פּטור ווערן!"; „אַז אַ בריוו אָדער אַן אַנדער ידיעה זאָל שוין קומען!"; „אַז דערשטיקן זאָל ער זיך מיטן פּעטן ביסן!"; „אונטער אַ נאַרישן קאָפּ — אַז ווײ צו די פֿיס" (שוו); „ווער אָן איר [דער חכמה] לעבט זיך אָן איז אים אַז וואויל" (מענדל סאַטאַ־נאָווער); „האַלטסטו אויס די פּראָבע אַז וואויל און גוט איז דיר דענסטמאָל" (ממוס); „טו ווי איך זאָג דיר, וועט דיר זײַן אַז גוט און אַז וואויל" (שע).

9. דער אַז איז אויך פֿאַראַן אין נוסח פֿון מאָדערנע רעזאָלוציעס: בעמענדיק אין באַטראַכט אַז ..., זעענדיק אַז ..., פֿאַרשטייענדיק אַז ...; אָנגענומען אַז ..., אָפּגעמאַכט אַז ..., אײַנגעשטעלט אַז ...; בניח אַז ... [דאָ איז אומעטום בעסער היות נאָך דעם היות קען אויך קומען אַז: „היות אַז איר האָט עס שוין יאָ באַשטימט, טאָ זאָל עס דורכגעפֿירט ווערן ניט שפּעטער ווי אין אַ חודש אַרום".]

## ד. צונויפֿבינדנדיקע און קאָאָרדינירנדיקע קאָניונקציעס

1. אַזאַ מין קאָניונקציע איז פֿאַרשטייט זיך דער און (פֿון גערמאַנישן אָפּשטאַם). פּאַראַלעל צו אים איז די קאָניונקציע אי (פֿון סלאַווישן אָפּשטאַם). מע ניצט דעם אי אַ סך ווייניקער ווי דעם און, פּונקט ווי אין לעקסיק איז די צאָל ווערטער פֿון סלאַווישן אָפּשטאַם ווייניקער ווי די צאָל ווערטער פֿון גערמאַנישן אָפּשטאַם. אי פֿאַרבינדט און שטעלט גלײַך אין מאָס, אין ווערט, אין צײַט. אי ווײַזט אויף פּאַראַלעלקייט בײַ זאַצגלידער און בײַ קלענערע זאַצן וואָס גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ. זײַן באַטײַט: און, הן, דערצו, דערצו נאָך, אויך. אי טרעפֿט זיך איינמאָליק אין זאַץ, געוויינטלעך אָבער צוויימאָליק און אַפֿילו מערמאָליק. דוגמאות: „זיי ווילן עס, אי מיר ווילן עס”; „אים גלוסט זיך אי עסן אי טרינקען”; „ער קויפֿט אויף יעדן סוכּות אַן אתרוג, אי ער מוז זײַן אַ מובֿחר”; „אי דער וואָלף איז זאַט אי די ציג איז ניט צעריסן” (פֿוול); „ער האָט פּחד אי פֿאַר די שדים אי פֿאַרן דונער” (פֿוול) [פֿאַראַן אַ גלייבעניש אַז דער דונער דערהרגעט די שדים.]; „די מלאָכה האָט ליב אַ כּוסע, אי דאָס אַ גרויסע” (שוו); „אי ס'וועט פֿאַר דיר גוט זײַן, אי ס'וועט פֿאַר ע ם גוט זײַן” (פֿם); „אי דאָס [גוטע] אי דאָס [שלעכטע] האָט אַלץ גאָט געמאַכט איינס קעגן אַנדערן” (מענדל סאַטאַנאָווער); „אי דאָרטן איז מיט מיר די הילף זײַנע” (ממוס); „אי איך האָב געמאַכט אַ געשעפֿט, אי מענטשן הערן אויף צו קוילען איינס דאָס אַנדערע” (שע); „עטרות זענען אויך געווען אי כּסף טהור, אי זהבֿ טהור” (פּרץ); „אַלע לימודים זײַנען אי חול אי קודש, אי מענטשלעך אי נאַציאָנאַל”.

דער אי קומט אויך אין די צווילינגען און בכלל אין די גאַנגבאַרע ווערטער־פֿאַרבינדונגען: אי אָרעם אי רײַך; אי אַהין אי אַהער; פֿאַרלירן אי די־וועלט אי יענע־וועלט; אי גוט אי קלוג אי שיין; ער האָט אי אויף עסן אי אויף גיין אין באָד; „ער האָט אי פֿאַרשטונקענע פֿיש געגעסן אי שמיץ געקראָגן (ריטער געלייזט), אי געלט באַצאָלט” (פֿוול).

2. חוץ און און אי, און מיט דעם זעלביקן באַטײַט, האָט ייִדיש דעם לשון־קודשן הן. געבליבן איז ער אין רייד פֿון תּלמידי־חכמים און זיך ניט אויסגעשפּרייט צווישן עמך. אילוסטרירונגען: „ער האָט הנאָה הן פֿון דער־וועלט, הן פֿונעם שטול וואָס וואַרט אויף אים אויף יענער־וועלט”; „אונדזער גבאי יאָגט זיך הן נאָך כּבֿוד הן נאָך געלט”; „דער מענטש קען ווערן הן אַ מלאך הן אַ ניט־גוטער”; „אַלערליי עניינים, הן סודות פֿון שטובזאַכן” (ממוס); „הן פּאָטשטן מכּוח די גזירות, הן פּאָליטיקע מכּוח סטאַמבול, הן געלטגעשעפֿטן מכּוח ראָטשילדס פֿאַרמעגן” (ממוס). [אַרויסגערעדט: 'היין' און 'העין'].

3. עס איז געבליבן דיאַלעקטיש און דאַרף אין כּלל־שפּראַך ניט אַרײַנגענומען ווערן טאַ־טאַ פֿון סלאַוויש וואָס באַטײַט דאָס זעלביקע וואָס אי. מע טרעפֿט דעם טאָ־טאָ בײַ שרײַבערס פֿון אוקראַיִנע. טאָ־טאָ אין אַ פֿוול: „די באָבע קריינצי — אָט לאַכט זי, אָט וויינט צי”.

4. צו און, אי, הן פֿון אַלע דרײַ קאָמפּאָנענטן פֿון ייִדיש, קומט צו נאָך

אַ פּערטע קאָניונקציע סײַ (פֿון גערמאַניש), זעלטן איינמאָליק און גאַנץ אָפּט צווימאָליק סײַ־סײַ און אַפּילו מערמאָליק. בײַ דער קאָניונקציע איז פֿאָרגע־קומען אַ מין גראַנגל וועגן באַטײַט: אין עלטערן לשון איז סײַ געווען אַקע־גנשטעליק, האָט איבערגעגעבן א י י ן מעגלעכקייט פֿון אַן אויסקלײַב, אין הײַנטצײַטיקן יידיש האָט די קאָניונקציע זיך אַסימילירט מיט די אַנדערע גאָר אָפּטע צונויפֿבינדנדיקע קאָניונקציעס און גיט איבער דאָס זעלביקע וואָס זיי. אילוסטרירירונגען: „ער איז אַ קאַרגער הונט סײַ סתם אַ חזיר״; „סײַ אָרעם סײַ רײַך — דער טויט איז פֿאַר אַלעמען גלײַך״; „אין אונדזער שטעטל איז די מלאָכה געבראָכן און עס הונגערן אונטער סײַ דער מײַסטער סײַ דער געזעל״; „מע האָט געפֿונען חתנים סײַ פֿאַר שיינע מיידלעך סײַ פֿאַר מיאוסע, סײַ פֿאַר מיידלעך מיט נדן סײַ אַפּילו אָן נדן״; „סײַ תּלמידי־חכמים סײַ עם־הארצים — אַלע זײַנען געקומען הערן דעם מגיד וואָס האָט זיך קונה־שם געווען״.

5. ביז גאָר אינטערעסאַנט איז די קאָניונקציע אויך וואָס איז גלײַכ־צײַטיק אויך אַן אַדווערב און וואָס איז ווי אַ קאָניונקציע צווייבאַטײַטיק, אַפּילו קעגנבאַטײַטיק. געוויינטלעך קומט דער אויך מיטן באַטײַט: דערצו, דערצו נאָך, חוצדעם נאָך. אויך הייבט אַרויס אַז עס איז אָדער דאַרף זײַן אויף דעם זעלביקן אופֿן. דוגמאָות: „זי איז אַ שיינע און אויך אַ קלוגע״; „מײַן נשמה איז אויך ניט קיין ראָזשינקע, ניט פֿון קליאַטשע, אונטערן באַרג סיני גע־שטאַנען״; „איך בין אויך פֿון אַבֿרהם אָבֿינוס אייניקלעך (פֿון יעקבֿ אָבֿינוס קינדער, אַ טאַטנס אַ קינד)״; „איך האָב אויך אַ צד אין טיש (אַ לעפֿל אין דער שיסל)״; „איך בין אויך ניט קיין יתום (חדר־ייִנגל, מלופּס־קינד, נעכטן גע־בוירן געוואָרן)״; „איך בין אויך ניט פֿון אַ שטיין געבוירן, מיך האָט אויך אַ מאַמע געהאַט (געוויגט, געזייגט)״; „בײַ אַ מגיפֿה איז אַ ציג אויך אַ בהמה״ (שוו); „אַ קאַץ (פֿליג, קינד) קען אויך קאַליע מאַכן״ (שוו).

אויך ווײַזט אויף נאָך אַן אומשטאַנד, אַן אייגנשאַפֿט, אַ געשעעניש, וואָס זיי זײַנען אייגנטלעך וויכטיקער ווי דאָס פֿריִער דערמאָנטע. אַזאַ אויך קומט צום סוף זאַץ און מיט אַ באַזונדער שטאַרקער אינטאָנאַציע: „וויבאַלד דער באָק האָט הערנער, שטינקט ער שוין אויך״; „דער וואָס האָט אַ שׂר אין הימל האָט אים אויף דער ערד אויך״; „אַז מע צעטרעט אַ וואָרעם, קרימט ער זיך אויך״; „וואָס דאָס קינד זעט אין בויך — טוט עס דערנאָך אויך״.

עס טרעפֿט זיך אַז די זעלביקע קאָניונקציע ווײַזט אַז עס איז נ י ט גלײַך, אַז עס איז ממש פֿאַרקערט. דערבײַ איז דער אַרויסרייד פֿול מיט געפֿיל. דוגמאָות: אויך אַ מענטש! (אַ נפֿש! אַ באַשעפֿעניש! אַ בעל־מלאָכה! אַ דעה־זאָגער!); „אַ שנײַדערוק, און רוקט אויך די האַנט אין קהלשן קאַשיק אַרײַן״; „נשמת כל חי׳ — מאַכט רשי: אויך אַ באַשעפֿעניש בײַ גאָט (גאָטס אַ באַשעפֿעניש)״. מיט אָט דעם באַטײַט בינדט זיך די פֿראַזע אויך מיר וואָס דריקט אויס ביטול: אויך מיר אַ מענטש (אַ קענער, אַ וויסער, אַ לײַט); אויך מיר אַן עסק (אַ געשעפֿט, אַ פּאַרטיי). פֿון דער פֿראַזע ווערט אַ טייל פֿון אַ

סובסטאַנטיוו: אויך־מיר־קלעזמער, אויך־מיר־טוערס; „שיינע ייִדן, כּשרע ייִדן,... גלאַט־ייִדן, אַזוי־זיך־ייִדן און אויך־מיר־ייִדן" (ממוס).

[בײַם ווײַזן אויף אַ נידעריקערער מדרגה פֿון אַן אייגנשאַפֿט שטאַרצט אַרויס דער אַדווערב: „ראובֿן איז אַ גוטער און שמעון איז אויך אַ גוטער"; „די כּלה איז אַ רײַכע און אויך אַ שיינע"; צונויפֿגעבונדן מיט אַ סובסטאַנטיוו: אויך־מענטשן, אויך־טוערס; „עס זענען פֿאַראַן אויך־ייִדן און בויך־ייִדן" (פּרץ).]

אויכעט איז אַ פֿאַרשפּרייטע פֿאָלקישע פֿאָרעם פֿון דער קאָניונקציע און טרעפֿט זיך אין דער ליטעראַטור אויכעט. דער ריטעם פֿונעם רעדן שטויסט דערצו, אַמאָל אויך דער באַגער אַרויסצוהייבן. אילוסטראַציעס: „אַ געזונט דיר אין די ביינער, אין דײַן קעפּל אויכעט"; „שבת־שירה און אינדערוואָכן אויכעט, פֿאַרגעס ניט די פֿייגעלעך, זיי ווילן עסן אויכעט"; „פֿרעגן מעג מען דעם קייסער אויכעט" (שוו); „ער איז דאָך דער גנבֿ אויכעט געווען" (פֿמ); „און אַ פּנים, דאַרף איך אײַך זאָגן, איז בײַ אײַך אויכעט אַ ייִדיש פּנים" (שע); „איז דאָס אויכעט אמת זעכער אַז קומען דעמאָלט וועט משיח" (פּרץ).

6. דערצו, דערצו נאָך, אַחוצדעם, אויסערדעם דינען אויך ווי קאָניונקציעס. זיי גיבן צו צום פֿריִערדיקן עפּעס וואָס איז גלײַך, אָבער זיי קענען אויך מוסיף זײַן אַזוינס וואָס איז אַ סתּירה. „ער האָט גענוג געלט, דערצו נאָך איז ער קאַרג"; „ער איז אַ מאַדים אויף אַלץ: ער שפּילט פֿידל, ער שפּילט שאָך, אַחוצדעם מאַכט ער אַ קערטל"; „אַ פֿאַרוואונדיקטער איז מײַן עלטערער ברודער באַפֿרײַט געוואָרן פֿון דער אַרמיי, אויסערדעם האָט ער באַוויזן צוצושטיין צו די פּאַרטיזאַנער".

# ה. אויסקלײַבערישע און אַלטערנאַטיווע קאָניונקציעס

1. די וויכטיקסטע קאָניונקציע איז דאָ אָדער. זי דריקט אויס די מעגלעכקייט פֿון ברירה, פֿון אַן אויסקלײַב, פֿון אַן אַלטערנאַטיוו. עס ווערן דערבײַ פֿאַרבונדן גלײַכווערטיקע זאַצגלידער אָדער זאַצן. מיר האָבן אויך מיטן אָדער צונויפֿגעוואַקסענע פּאָרלעך: אַזוי אָדער אַזוי, אַזוי אָדער אַנדערש, אַהין אָדער אַהער, גאָר אָדער גאָרנישט, ברויט אָדער טויט, רויט אָדער טויט, פּאָפּ אָדער קלאָפּ, מלאך אָדער גלח, בלײַ אָדער פֿרײַ, היץ אָדער קעלט, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אויפֿן פֿערד אָדער אונטערן פֿערד, טרעף אָדער פֿעל, קורץ אָדער לאַנג, אָרעם אָדער רײַך, בּיודעים אָדער בלא יודעים, ברצון אָדער שלא ברצון, בבחירה חפֿשית אָדער געצוואונגענערהייט און אַנדערע. אַ שפּאַסיקער אָדער: „דער מענטש האָט צוויי ברירות: קריעה צו רײַסן אָדער פֿאַרשוואַרצט צו ווערן" (שוו). [אָדר ואָדר ווערט אויך אויסגעטײַטשט ווי: אָדער און ווײ־אָדער, אַ מעגלעכקייט און אַ צווייטע, גאָר שלעכטע מעגלעכקייט. ציִען די אָדערן ווערט אויך שפּאַסיק פֿאַרשטאַנען ווי אויסרעכענען צו פֿיל מעגלעכקייטן, כּסדר ניצן צו די קאָניונקציע אָדער.]

צווײמאָליק קומט דער אָדער כּדי צו פֿאַרשטאַרקן די ערשטע מעגלעכקייט און אָפּט אָן שום שינוי אין באַטײַט, פּולקום פּאַראַלעל צום איינמאָליקן

אָדער. אָדער קען אויך זיך טרעפֿן דרײַמאָליק און מער. לאָמיר פֿאַרצייכענען די אָפּטע בינדונגען: אָדער אַזוי אָדער גאָר אַזוי, אָדער גאָר אָדער גאָרנישט, אָדער לעבן אָדער שטאַרבן, אָדער דרײַ אָדער דרײַצן, אָדער אַ מת אָדער אַ נס, אָדער אַ גליק אָדער אַ שטריק, אָדער אַ ממשלה אָדער אַ מפּלה, אָדער הענג זיך אָדער טרענק זיך, אָדער מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אָדער טרעף אָדער פֿעל. נאָך עטלעכע טשיקאַווע אילוסטראַציעס: „אָדער עס העלפֿט אָדער מע דאַרף ניט"; „אָדער דער פּריץ וועט פּגרן אָדער דער הונט וועט פּגרן"; [אַזוי האָט זיך געטרייסט אַ ייִד וואָס האָט זיך אונטערגענומען אין אַ יאָר צײַט אויסלערנען רעדן דעם פּריצעס הונט.] „דערויף זײַנען בײַ ייִדן דאָ צוויי אָדרן: אָדער יאָ אָדער ניין"; „אָדער ‚תצא רוחו' אָדער ‚ישוב לאַדמתו'"; [לויט תּהלים, קמו, 4; „גייט אויס זײַן אָטעם, קערט ער זיך אום צו זײַן שטויב", ת״י; דער וויץ באַשטייט אין דעם אַז אָדער מע פֿאַרשטייט ניט וואָס די ווערטער באַטײַטן אָדער עס האָט ניט קיין זינען.] „קומט בײַנאַכט, נעמט ער זיך צו דער אַרבעט: אָדער ער דאַוונט, אָדער ער לערנט, אָדער ער קוקט אַזוי אַרײַן אין אַ ספֿר" (שע).

ניט פּלאָנטערן אָדער מיט אָבער!

2. ענטפֿער אָדער, ענטוועדער (ענטווידער) אָדער מאַכט נאָך בולטער דאָס אויסקלײַבן אָדער גיט גאָרניט קיין ברירה און באַטײַט: איינס פֿון די צוויי. „ענטווידער געלטשטראָף אָדער טורמע"; „ענטפֿער דער אײדעם וועט ווײַטער זיך אויפֿפֿירן ווי אַ לײַט, אָדער ער וועט מוזן געבן אַ גט אונדזער טאָכטער".

3. די קאָניונקציע צי האָט דרײַ פֿאַרשיידענע פֿונקציעס אויסצופֿירן:

א) מיט צי הייבט מען אָן אַ פֿרעגזאַץ, אויב מע וויל אים צוגעבן אַ ביסל עמאָציאָנעלקייט, כּדי אַרויסצובעמען די פֿראַגע פֿון דעם טאָגטעגלעכן רעדן, וואו טויזנטער פֿראַגעס האָבן ניט און דאַרפֿן ניט האָבן דעם צי. „ווועסטו מאָרגן קומען צו פֿאָרן פֿון תּל־אָבֿיבֿ?", „וועסט מיר לײַען כאָטש אַ טויזנט לירעס?"; „וועט ער קויפֿן אַזאַ טײַערן מאַנטל?"; „וועט איר ווידער שטימען פֿאַר דער פּאַרטיי וואָס האָט ניט געהאַלטן אירע צוזאָגן?" — דאָס איז דער געוויינטלעכער אופֿן רעדן און יעדער טאָג ברענגט אין די אויערן אַרײַן דוגמאָות פֿון פֿרעגזאַצן אָן דעם צי. ווען מיר הייבן אָן מיט דער קאָניונקציע, גיבן מיר דעם הערער אָן אָנצוהערעניש אַז כאָטש אַ ביסל וויל מען משנה זײַן אַרויפֿצוהייבן זיך פֿון דעם געוויינטלעכן: „צי ווועסטו טאַקע מאָרגן קומען צו פֿאָרן פֿון תּל־אָבֿיבֿ, אויב עס וועט נאָך אַלץ רעגענען?"; „צי ווועסטו מיר לײַען כאָטש אַ טויזנטער, איך זאָל וויסן אַז דו ביסט אָן אמתער פֿרײַנד?"; „צי וועט ער קויפֿן אַזאַ טײַערן מאַנטל? צי איז ער טאַקע אַזאַ אויסבערענגער?"; „צי וועט איר, פֿאַרשטענדיקע און פּאָליטיש־געניטע אַרבעטער, ווידער שטימען...?". פֿון אַ ליד: „צי בין איך פֿון אַ שטיין געבוירן? צי האָט מיך קיין מוטער געהאַט?"

ב) מיט צי קען מען אָנהייבן אַן אומדירעקטע פֿראַגע (זען זאַץ, 6ז). „ראובֿן האָט געפֿרעגט שמעונען, צי ער איז נאָך פֿאַראינטערעסירט אין דעם

בוך"; „די אַנקעטע וויל דערגיין צי די עולים האָבן באַקומען אַרבעט וואָס איז צוגעפּאַסט צו זייערע קענטענישן" — דאָ האָבן מיר פֿראַגעס אַפֿילו אָן דער פֿרעג־אינטאָנאַציע. אָבער עס זײַנען דאָ זאַצן פֿון כמעט דעם זעלביקן שניט וואָס זײַנען גאָרניט קיין אומדירעקטע פֿראַגעס, לדוגמא: „איך ווייס ניט צי זײַן טאָכטער איז אַ כּלה געוואָרן" — איך פֿרעג גאָר בײַ קיינעם ניט און קען זײַן אַז דער ענין אינטערעסירט גאָרניט; עס קען דאָך זײַן אַן ענטפֿער בלויז אויף אַ פֿראַגע וואָס מע האָט מיר געשטעלט. בכן ווערט פֿאַר־מולירט: דער צי איז אַ קאָניונקציע וואָס קען קומען אַרײַנצופֿירן אַן אָביעקט־בײַזאַץ: „איך האָב ניט געהערט צי מע האָט אָרגאַניזירט די עקסקורסיע"; „מיר ספֿקן ניט צי עס איז דאָ אַנשטעל און באַרימערײַ אין דעם שונאס פּראָקלאַמירונגען".

ג) צי באַטײַט דאָס זעלביקע וואָס אָדער. אין אַלע דוגמאָות פֿאַר אָדער איז מעגלעך צו פֿאַרבײַטן די קאָניונקציע פֿון פּונקט 1 מיט צי. דאָך ניצט מען צי אַ סך ווייניקער ווי אָדער. שע האָט ליב דעם צי: „מענדל דעם שוחטס קענט איר צי נײַן?"; „אַז ס'איז געקומען צום זייגער מיט דער קייט האָט ער געטראַכט וואָס זאָל ער טאָן מיט זיי: צי זאָל ער זיי פֿאַרקויפֿן, צי זאָל ער נעמען זיך דעם זייגער און דאָס קייטל אָװעקשענקען בלומקען, צי אפֿשר זאָל ער גאָר איבערמאַכן דאָס קייטל אויף אוירינגלעך מיט אַ בראָש פֿון בלומקעס וועגן".

## ו. אָפּזונדערנדיקע, אָפּשיידנדיקע און דיזיונקטיווע קאָניונקציעס

1. איצט קומען מיר צו קאָניונקציעס וואָס זייער פֿאַרבינדן באַשטייט אין אַקעגנשטעלן, אין אָפּטיילן פֿון דעם פֿריערדיקן, אין צוגעבן עפּעס וואָס קען זײַן אַן אומגעריכטער צוגאָב אָדער ממש אַ היפּך. די קאָניונקציעס ווײַזן ניט אויפֿן כּלל, ניט אויף דעם געוויינטלעכן, נאָר אויפֿן יוצא־מן־הכּלל, אויף דעם וואָס מע האָט זיך גאָרניט געריכט בײַם אַרויסזאָגן אַ מיינונג, בײַם איבערגעבן אַן אייגנשאַפֿט, בײַם דערציילן וועגן אַ געשעעניש. מע זעט זיך אַרום אַז עס איז נייטיק אַ קאָריגירן, אַ כאַפּן זיך צוריק, לכל־הפּחות אַ ממלא זײַן. די קאָניונקציעס קען מען אויך אָנרופֿן — קאָרעקטיווע.

2. די וויכטיקסטע קאָניונקציע איז דאָ אָבער וואָס ווײַזט אויף אַקעגנ־שטעלונג, אויף אַ יוצא־מן־הכּלל. די באַטײַטן ווערן קלאָר און בולט פֿון די דוגמאָות: זיך נאָכפֿרעגן, אָבער ניט קענען דערגיין; יונג, אָבער געניט; „עס פּאַסט ניט, אָבער עס איז גוט"; „וואָס מיר זײַנען — זײַנען מיר, אָבער ייִדן זײַנען מיר" (פּל); „געערדט איז גערעדט, אָבער ניט געטאָן"; „אַלע רויזן שמעקן, אָבער זיי שטעכן"; „געלט איז בלאָטע, אָבער בלאָטע איז קיין געלט ניט"; „קרום איז ניט גלײַך, אָבער אַ קרומער לייטער איז גלײַך"; „אַ ליגן טאָר מען ניט זאָגן, אָבער דעם אמת דאַרף מען ניט זאָגן"; „אַ רבֿ איז גוט צו קלײַבן, אָבער ניט אָפּצוזאָגן"; „נײַן רבנים קענען קיין מנין ניט מאַכן, אָבער צען שוסטערס יאָ" (שוו).

פֿאַראַן אַ סיסטעם פֿון פֿאַרשטאַרקונג מיט דער הילף פֿון אָבער: „ער איז שלאָף געוואָרן, אָבער זייער שלאָף"; „ער איז געבליבן אַן עם־הארץ, אָבער אַן עם־הארץ!".

3. נאָר שטייט ניט אָפּ פֿון אָבער אין אָפּטקייט. אין באַטײַט איז צווישן זיי פֿאַראַן גאָר אַ דינער אונטערשייד: בײַ אָבער קען גיכער זײַן אַזוי ווי אַ מחילה־בעטן, וואָס בײַ נאָר איז עס ניטאָ; בײַ נאָר איז דאָס צוריקציִען זיך שטאַרקער. עטלעכע שפּריכווערטער: „אַ קאַץ האָט ליב פֿיש, נאָר זי וויל זיך די פֿיס ניט אײַננעצן"; „אַלץ קען דער מענטש פֿאַרגעסן, נאָר ניט דאָס עסן"; „רוף מיך נאַר, נאָר גיב מיר לעקעך"; [פֿאַראַן אַ ווערטל אַז אַ נאַר האָט ליב לעקעך.] „אַלץ איז בײַ ייִדן צו ווייניק, נאָר שׂכל האָט איטלעכער גענוג".

4. דאָך, פֿאָרט, בלויז געהערן צו דער זעלביקער גרופּע קאָניונקציעס. זיי זונדערן אָפּטער אָפּ אַ זאַצגליד ווי אַ גאַנצן זאַץ. אילוסטרירונגען: „ער איז אַ רואיקער און אַ געלאַסענער, בלויז אין איין פֿאַל איז ער אַרויס פֿון די כּלים"; „איך האָב געוואָלט קומען צו דער צײַט, דאָך האָב איך פֿאַרשפּעטיקט"; „מע האָט באַוואַכט די נחלה, און אַ גנבֿ האָט פֿאָרט זיך אַרײַנגעכאַפּט"; „אַז עס קומט אַ פֿלעק אויף אַטלעס, בלײַבט עס דאָך אַטלעס" (שוו); „אַ ציג האָט אויך אַ באָרד, אי' זי פֿאָרט (בלויז, נאָר) אַ ציג"; „בלויז איין וואָרט איז אַ יוצא־מן־הכּלל"; „כאָטש אַן אָרעמע, פֿאָרט אַ מומע"; „געוואָרן רײַך און דאָך געבליבן אַ לײַט".

די פֿרומע קאָניונקציע נײַערט איז אַן ערך מיט אַ זעכציק יאָר צוריק אַרײַן אין דער שפּראַך פֿון פּובליציסטיק און זי האָט דורכגעמאַכט אַ נסיעה פֿון תּחיות צו ליטעראַטור־קריטיק.

5. אַבי דריקט אויס אַ צופֿרידנשטעלן זיך מיט אַ מינימום, באַטײַט: גוט וואָס, גענוג וואָס. אילוסטרירונגען פֿון ווערטלעך: „נפֿטר, פּיפּטער — אַבי געזונט"; „עט, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי איבערגעקומען"; „אַבי יוצא זײַן און ווי ס'איז דערהאַלטן די נשמה". אַבי דריקט אויך אויס אַ מינימום־תּנאַי אָדער אַ כּוונה: „אַ קאַץ אָדער אַן אינדיק. אַבי אַן עוף אויף שבת"; „זיך אַן אויג אַרויסנעמען, אַבי יענעם צוויי"; „ווייניקער אַ וואָרט, אַבי אַן אמת"; „דאָס לעצטע העמד פֿאַרקויפֿן, אַבי רײַך צו זײַן"; „מע מעג זײַן שוואַרץ, אַבי האָבן אַ גוט האַרץ". אַבי דריקט אויך אויס אומפֿאַרמײַדלעכע פֿאַרבינדונג צווישן פֿאַקטן: „אַבי יאָרן — צרות קומען אַליין"; „אַבי אַ פֿערד, אַ בײַטש געפֿינט מען". אַבי דריקט אויך אויס דאָס זעלביקע וואָס כאָטש: „לאָז זײַן אַן ערגערער, אַבי אַן אַנדערער" [די טענה פֿון אַ פֿרוי וואָס וויל אַ גט].

6. סײַדן, (אַ)כיבע זאָגן אונדז: חוץ אין איין פֿאַל, נאָר מיט איין תּנאַי. „מע קען אַנדערש ניט זײַן אַ קליין מענטשעלע, סײַדן מע מוז פֿריִער אויפֿהערן צו דענקען און צו פֿילן" (ממוס); „[מע וועט אַלעמען] אײַנזעצן אין תּפֿיסה? אַכיבע מאַכן די וועלט פֿאַר אַ תּפֿיסה" (פּרץ).

7. די פּרעפּאָזיציע אַנשטאָט וואָס באַטײַט: אַ פֿאַרבײַט, אַ סובסטיטוט,

אויפֿן אָרט פֿון, במקום — פֿאַרבינדט אויך מיט פּראַזעס און זאַצן: „אַנשטאָט צו געבן אַ תּירוץ פֿון אַרבל אַרויס, איז בעסער צו לאָזן די קשיא אײַנגאַנצן ניט קיין פֿאַרענטפֿערטע"; „אַנשטאָט דו זאָלסט עס אַליין טאָן, דינג בעסער אָן אַרויסהעלפֿער"; „אַנשטאָט אונטערצוהאַלטן בײַ קינדער דעם חשק צו מײַס־טערן, דערשטיקט מען אים באַלד אין אָנהייב" (ממוס).

8. די פּרעפּאָזיציעס אויסער, חוץ, מחוץ, אַנטקעגן, קעגן קענען דינען אויך ווי קאָניונקציעס, למשל: „זאָל ניט האָבן נאָך אַ גרעסערן אָנגרייט שפּײַז, אויסער מע ברענגט אַליין פֿון דאָרף"; „חוץ אַרומלויפֿן צו שכנות, שטעקט זי ניט אַרויס די נאָז פֿון איר שטיבל"; „מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ אַנטקעגן גרייטן זיך צו אַ פּאָגראָם מצד דער שוואַרצער מאה".

9. דער אַדוועב פֿונדעסטוועגן קען אויך זײַן אַ קאָניונקציע: „ער איז געווען אין גרויס סכּנה, פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט פֿאַרלאָרן און איז ניט צוריקגעטראָטן". אַזוי אויך אַפֿילו: „אַפֿילו עס איז שוין געווען דער באַפֿעל צוריקצוטרעטן, איז ער מיט זײַן גרופּע פֿאַרבליבן אויף דער פּאָזיציע".

## ז. פֿאַרגלײַכנדיקע קאָניונקציעס

1. אין תּוך איז פֿאַראַן איינאיינציקע דאָמינירנדיקע פֿאַרגלײַך־קאָנ־יונקציע ווי מיט אירע אויסברייטערונגען: אַזוי ווי, פּונקט ווי, גלײַך ווי, אַקוראַט ווי. אין די טויזנטער פֿאָלקס־פֿאַרגלײַכן און אין די אומענדלעכע יחידישע פֿאַרגלײַכן קומט מען אָן צו דעם ווי: זיס ווי צוקער, ביטער ווי גאַל, לויפֿן ווי אַ פֿערד, קרעכצן ווי אַ חולה, אויסזען ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה; בעטן ווי אַ קינד בעט בײַ די עלטערן, קלאָגן ווי אַ מוטער וואָס פֿאַרלירט איר קינד, שמייכלען ווי אַ קינד דורך טרערן, פֿײַערן ווי נאָכן גרעסטן נצחון; צוגרייטן וועש ווי מע וואָלט זיך געריכט אין קימפּעט. פֿאַרשטייט זיך אַז ווי קומט נאָכן קאָמפּאַראַטיוו, גאָר אָפֿט נאָך מ ע ר, ב ע ס ע ר, ג ר ע ס ע ר: מער ווי די שטערן, מער ווי זאַמד בײַם ברעג ים; „איין אויג האָט מער גלויבן ווי צוויי אויערן"; „די אויגן זײַנען גרעסער ווי דאָס מויל (ווי דער מאָגן)"; „אַן אײַנרעדעניש איז ערגער ווי אַ קרענק"; „מע קען מאַכן דעם חלום גרעסער ווי די נאַכט" (שוו).

ווי פֿאַרכאַפּט פֿרעמדע טעריטאָריע. ווי קען קומען אַנשטאָט כאָטש: „ווי פֿאָלגעוודיק ער איז (ניט) געווען, האָט ער דאָך ניט געקענט...". ווי קען קומען אַנשטאָט זינט: „שוין דרײַ יאָר ווי זי ליגט אַ געליימטע". ווי איז גלײַכצײַטיק אַ פּאָפּולערער פּראָאַדוועב (זען אַדוו, ב) און ניט שטענדיק איז גרינג צו באַשטימען וואו עס איז דער גרענעץ צווישן אַדוועב און קאָניונקציע: „ווי די טויטע עסן אַזאַ פּנים האָבן זיי"; „אַ פּאַטש איז לײַכטער צו באַקומען ווי צו געבן"; „אַ טויבער האָט געהערט, ווי אַ שטומער האָט דערציילט, ווי אַ בלינדער האָט אַליין געזען, ווי אַ קרומער איז געלאָפֿן".

2. חוצן ווי טרעפֿן מיר נאָך אַ קאָמפּאַראַטיוו די קאָניונקציע איידער: בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל, בעסער שפּעטער איידער גאָרנישט; „ער

איז מער חכם איידער דו מיינסט"; „בעסער הערן קללות איידער הערן 'נעבעך'"; „בעסער קליינע בולקעלעך אײגענע איידער גרויסע קוילעטשן פרעמדע". איידער קומט אויך אָן אַ קאָמפּאַראַטיוו: „איידער צו שטאַרבן פון הונגער איז גלײַכער צו עסן געבראַטנס"; „ביז דעם אַלטן טאָפּ איידער דעם בײַעם שאַרבן"; „איידער געמיין — בעסער אַליין" [אַנשטאָט צו נעמען אַ ווײַב פון אַ געמיינער משפחה, בעסער בלײַבן ניט־חתונה־געהאַט.]

3. זעלטן טרעפט מען איצט די קאָניונקציע ווידער נאָכן קאָמפּאַראַטיוו: מער ווידער אַלע, טאָן ערגער ווידער איך.

4. אינטערעסאַנט איז די קאָניונקציע מעשׂה (= אַזוי ווי), וואָס זי האָט זיך אויסגעשפּרייט פון עניגים וואָס האָבן געהאַט צו טאָן בלויז מיטן אינגע־וויניקסטן ייִדישן לעבן אויף כלערליי ספערעס: זיך פירן מעשׂה שטאָט־בעל־הבית (גבאי, פּרנס־חודש); נאָכן דורכפאַל אַוועקגיין שטאָלץ מעשׂה געווינער; זען אונדזער ערדקײַלעך פונדערווײַטן מעשׂה אַסטראָנאַווט; באַשטימען אַלץ אַליין מעשׂה דיקטאַטאָר.

## ח. סיבה־ און ציל־, תּנאַי־ און הנחה־ קאָניונקציעס

1. מיר פאַרנעמען זיך איצט מיט סובאָרדינירנדיקע קאָניונקציעס וואָס פירן אַרײַן בײַזאַצן. מיר הייבן אָן מיט סיבה־זאַצן, בכן מיט דער קאָניונקציע ווײַל: „ווײַל עס איז מער קיין געלט ניט געווען, האָט מען געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט"; „ווײַל עס איז געקומען אַזאַ גרויסער עולם, איז אין זאַל געוואָרן ענג און שטיקנדיק"; „ווײַל דער זיידע איז אַ טויבער, איז שווער זיך צונױ־מענצורעדן מיט אים". דאָ קען מען אומעטום שטעלן דעם בײַזאַץ נאָכן הויפּט־זאַץ: „מע האָט געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט, ווײַל..." „עס איז שווער זיך צוזאַמענצורעדן מיטן זיידן, ווײַל...".

פונקט אַזאַ קאָניונקציע איז אויך מחמת: „עס איז שווער זיך צוזאַמענ־צורעדן מיטן זיידן מחמת ער איז טויב"; „מחמת עס איז מער קיין געלט ניט געווען, האָט מען געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט".

וואָרעם און וואָרן זײַנען אַזוי ווי ווײַל און מחמת — און דאָך עפּעס אַן אונטערשייד איז דאָ פאַראַן: עס איז אומבאַקוועם אָנצוהייבן מיט וואָרעם (וואָרן) דעם סיבה־זאַץ וואָס קומט פאַרן הויפּטזאַץ און עס גאַנץ נאַטירלעך אים צו האָבן, ווען ער קומט נאָכן הויפּטזאַץ.

למאַי אָדער הלמאַי האָבן אין זיך נאָך אַ בולטן באַטײַט פון אַ טענה: „איך האָב מיך אין האַרצן שטאַרק באַשולדיקט, למאַי האָב איך אויפגעריררט אַלטערס אַלטע וואונדן" (ממוס); „די שטיפעטכטער וועלן איר ניט מוחל זײַן הלמאַי זי באַלעבאַטעוועט אין זייער מאַמעס הויז" (ח. גראַדע).

די אַדווערבן וואָס קומען מיטן אויספיר, וואָס ווײַזן אויפן רעזולטאַט פון דער סיבה וואָס איז אויסגעדריקט אין בײַזאַץ — דערפאַר, דעריבער, דערום, איבערדעם, דערויס, דערפון, דורכדעם, איבערוואָ׳ס — דינען גלײַכצײַטיק ווי קאָניונקציעס. אַגבֿ זעען מיר דאָ ווי דין עס איז דאָס ווענטל וואָס טיילט

אין ייִדיש אָפּ היפּאָטאַקסיס פֿון פּאַראַטאַקסיס: „ער האַלט אין איין ציטירן גרויסע לײַט, ער וויל ווײַזן זײַן געלערנטקייט"; „ער האַלט אין איין ציטירן גרויסע לײַט, ווײַל ער וויל ווײַזן זײַן געלערנטקייט"; „ער וויל ווײַזן זײַן געלערנטקייט, דעריבער (איבערדעם) האַלט ער אין איין ציטירן גרויסע לײַט".

2. וויניק אין צאָל און פּשוט אין באַנוץ זײַנען די קאָניונקציעס וואָס ווײַזן אויפֿן ציל. ראשית־כּל טרעט דאָ אויף כּדי מיט דער פּאַראַלעלער פֿאָרעם בכּדי. „מען עסט כּדי צו לעבן און ניט מע לעבט כּדי צו עסן"; „מע דאַרף גיכער פֿאַרענדיקן די אַרבעט בכּדי ניט צו פֿאַרשפּעטיקן די באַן"; „איבערדעם האָט גאָט געגעבן דעם מענטשן צוויי אויערן און איין מויל כּדי ער זאָל מער הערן און ווייניקער רעדן"; „אַמאָל איז מען נכנס כּדי מע זאָל קענען יוצא זײַן" [מיט צוויי באַטײַטן פֿון יוצא זײַן: אַרויסגיין און טאָן עפּעס אויך גיך ווי עס פֿאָדערט דער עטיקעט, דער שטאַט.]; „ער האָט צעבראָכן די בריק, בכּדי ער זאָל ניט קענען צוריקגיין" (ממוס); „אַ ווײַב זאָל תּמיד האָבן בײַ זיך אַ דרײַערל בכּדי זי זאָל פֿאַרשפּאָרן דולן אַ ספּאָדיק" (שע).

די קאָניונקציע אום איז אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש זעלטענער ווי אין די פֿריִערדיקע דורות: „גאָר זאָט ניט געקענט אָנשטיפֿן און אָנהוליען אום זיך נוקם צו זײַן פֿאַרן גאַנצן יאָר" (י. י. לינעצקי); „אַוועק אין באָד אום אויס־צופּאָרען די פֿאַרזשאַווערטע ביינער".

צוליב איז געוויינטלעך אַ פּרעפּאָזיציע, אָבער אויך אַ קאָניונקציע: „מיר באַנײַען די געלט־זאַמלונג צוליבן פֿאַרענדיקן דאָס יאָר דאָס אויפֿבויען דעם קינדער־שפּיטאָל".

3. מיר האָבן די תּנאַי־קאָניונקציע אויב: „אויב עס וועט מער קיין געלט ניט זײַן, וועט מען מוזן אָפּשטעלן די אַרבעט"; „אויב עס וועט קומען אַ גרויסער עולם, וועט ווערן ענג אין דעם קליינעם זאַל"; „אויב מע ווערט טויב דאַרף מען זיך קויפֿן אַ הער־אַפּאַראַט". דאָ קען מען אומעטום שטעלן דעם בײַזאַץ נאָכן הויפּטזאַץ: „מע וועט מוזן אָפּשטעלן די אַרבעט, אויב עס וועט מער..."; „עס וועט ווערן ענג אין דעם קליינעם זאַל אויב עס וועט קומען...".

פּונקט אַזאַ קאָניונקציע איז באָם: „באָם ער וועט זיך ניט קויפֿן קיין הער־אַפּאַראַט, וועט זײַן שווער זיך צונויפֿרעדן מיט אים"; „באָם מע וועט קירצן דעם שטאָטישן בודזשעט, וועט מען דאָס יאָר ניט קענען פֿאַרענדיקן דאָס אויפֿבויען דעם קינדער־שפּיטאָל".

4. די קאָניונקציע אַניט (אַנישט) באַטײַט: אַז ניט, אויב ניט, אין פֿאַל ווען עס איז ניט אַזוי. דוגמאות: „זאָלסט נאָך די וואָך באַצאָלן, אַניט גיב איך אָן אין געריכט"; „אַ נס וואָס עס איז ווינטער, אַניט וואָלט מען באַדאַרפֿט צעוואַרפֿן דעם אויוון"; „גוט וואָס איר האָט עס דערציילט, אַניט וואָלט איך דאָך ניט געוואוסט" (איראָניש, מיט חוזק); „אַ ייִדיש ליד מוז פֿלאַטערן מיט שליחות פֿון אונדזער אַלטן יחוס — אַניט איז בלויז אַ קינ־דערשפּיל פֿון גראַמען" (י. מאַניק).

5. פֿאַראַן אויך אַ פּאָרל הנחה־קאָניונקציעס כאָטש און הגם: „כאָטש דאָס לידל איז שוין אַלט, וועט עס ייִנגער ווערן באַלד"; „אַז דו ביסט אַ הונט, זײַ זשע כאָטש קיין חזיר ניט"; „כאָטש ער איז אַ זינדיקער, האָט זי אים ליב געהאַט"; „כאָטש יוסף הצדיק האָט געלעבט פֿון פֿאָלג־מיך־אַ־גאַנג און איך בין געווען אַ נגידס אַ ייִנגל, וואָלט איך זיך געביטן מיט אים צוליב דעם איין טאָג פּורים" (שע); „ער איז פֿאַרבליבן אונדזער פֿאַרזיצער, הגם ער איז דורכגעפֿאַלן בײַ די וואַלן"; „הגם אונדזער האַנדלס־באַלאַנס איז נאָך אַלץ אַ נעגאַטיווער, איז דאָך די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרן אַ בעסערע".

פֿאַראַן נאָך אַ דריטע קאָניונקציע מיט דעם זעלביקן באַטײַט: ווי וואויל. זי איז אַ סך ווייניקער פֿאַרשפּרייט, דאָך פּאַסט זי זיך אויך פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. דוגמאָות: „ווי וואויל זי איז געווען אַ פֿרײַע, האָט זי דאָך מסכּים געווען חתונה צו האָבן מיטן ישיבֿה־בחור"; „ער איז געקומען צו דער מוטערס קראַנקנבעט, ווי וואויל עס איז אים אויסגעקומען צו פֿאַרזעצן די מלבושים צו האָבן אויף הוצאות".

## ט. צײַט־קאָניונקציעס

1. זיי ווערן אויסגעטיילט באַזונדער, ווײַל זיי זײַנען פֿילצאָליק: ווען, אַז, זינט, ווײַל, איידער, ווי נאָר, צײַט, אַזוי לאַנג, בעת, בשעת, כּל־זמן, ווי־באַלד, קוים, ערשט, נאָכדעם, אַזוי ווי, אינדעם ווי און אַנדערע.

2. די וויכטיקסטע קאָניונקציע איז דאָ בלי־ספֿק ווען: „ווען ער איז געקומען איז בײַ אונדז געווען אַ יום־טובֿ"; „עס וועט זײַן בײַ אונדז אַ יום־טובֿ, ווען ער וועט קומען"; „עס קען ניט ווערן צען ווען איינס איז ניטאָ" (שוו); „ווען דו וועסט זײַן אַ רבֿ, וועל איך דיר די ספֿרים נאָכטראָגן" [זאָגט מען צו עמעצן וואָס מע רעכנט אַז ער וועט ניט ווערן אַ רבֿ.]; „ווען דאָס מויל זאָל ניט באַדאַרפֿן צו עסן, וואָלט דער קאָפּ אין גאָלד געגאַנגען" [דאָ איז ווען = אויב]. ווען איז חל אויף אַלע אָפּשניטן פֿון צײַט, מיט אַ קורצן אָדער אַ לענגערן דויער.

אויף אַ לענגערן דויער אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט ווײַזט די קאָניונק־ציע זינט (קיינמאָל ניט ניצן 'זײַט'!) און אויך צײַט: „זינט דאָס שטאַרבן איז אויפֿגעקומען, איז מען מיטן לעבן ניט זיכער" (שוו); „זינט כּתרילעווקע איז אַ שטאָט געדענקט דאָרט קיינער ניט אַזאַ לוויה"; „צײַט חסידות האָט זיך פֿאַרשפּרייט, האָט מען מער גענומען לערנען דעם זוהר".

3. איידער געהערט צו די פֿאַרגלײַכנדיקע קאָניונקציעס, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס איז עס אַ צײַט־קאָניונקציע מיטן אָנווײַז אַז עפּעס דאַרף געשען פֿריִער: „וואַש זיך גוט אָרום, איידער דו טוסט זיך אָן"; „איידער איך האָב באַוויזן אויסצורעדן אַ וואָרט, איז זי מיך באַפֿאַלן מיט זידלערײַען"; „עס דיך אָן איידער די קליינע קומען אָן, טו דיך אָן איידער די גרויסע קומען אָן"; „מעסט גוט אָפּ איידער דו שנײַדסט אָפּ"; „איידער נאָך מע טוט

אַ בליק, פֿאַלט ווי רויך אַוועק דאָס גליק" (ממוש); „געגנוג קאַפּדאַרעניש האָבן מיר איבערגעליטן, איידער מיר האָבן צונויפֿגעשלאָגן עטלעכע קערבּ־לעך אויף דער הוצאָה" (שע).

4. בּיז גיט דעם גרענעץ פֿאַר דער צײַט, אָבער קען אויך גלײַכ־צײַטיק אָנווײַזן אויף אַ גרענעץ אין שטח: „מע גייט אַזוי לאַנג בּיז מע האָט מער ניט קיין כּוחות צו גיין"; „מע האַנדלט אַזוי לאַנג בּיז מען האַנדלט זיך אויס"; „בּיז עס קומט די נחמה גייט אויס די נשמה"; „מע גיט ניט פֿריִער אַ קינד אַ נאָמען, בּיז עס ווערט ניט געבוירן"; „מע ווערט ניט פֿריִער געניט, בּיז מע האָט זיך ניט אָפּגעבריט"; „גאָט וועט העלפֿן — ווי העלפֿט גאָט, בּיז גאָט וועט העלפֿן?".

5. בעת, בשעת, כּל־זמן, אַזוי לאַנג, אַזוי ווי, אינדעם ווי ווײַזן אויף גלײַכצײַטיקייט פֿון אַ פּאָר טואונגען, געשעענישן: „בעת די דירות זײַנען נאָך ניט געווען פֿאַרטיק, האָט מען געמוזט זיך אַרײַנקלײַבן אַהין"; „קליינע קינדער צעלאָכן זיך פּלוצלעם..., בשעת טרערן ווי די באָב שטייען זיי נאָך אין די אויגן" (ממוש); „כּל־זמן דער מענטש האָט נאָך די אויגן אָפֿן זאָל ער נאָך האָפֿן"; „אַזוי לאַנג מע לעבט טאָר מען ניט רעדן, אַז מע שטאַרבט — קען מען ניט רעדן" (שון); „אַזוי ווי מײַן מוטער האָט דאָס דערהערט, (איז) חלשות איז זי געפֿאַלן צו דער ערד"; „אינדעם ווי סענ־דערל האָט גערעדט, האָט ער טאַקע אַרײַנגעשטעקט די האַנט זײַנע צו זיך אין אַ פּעקל" (ממוש).

צו די קאָניונקציעס וואָס ווײַזן אויף גלײַכצײַטיקייט געהערט אויך ווײַל מיט אַן אַלטן יחוס וואָס מעג זיך אַרײַנפּאַסן אויך אין הײַנטצײַטיקן לשון: „ווײַל איך לעב, וועל איך אַזוינס ניט דערלאָזן"; „ווײַל די כּהנים דוכנען, גנבֿעט מען זיי די שטיוול אַוועק"; „ווײַל דער סידור לעבט — לעבט נאָך דער חדר". [אַזוי האָט אַ ייִנגל זיך ניט געוואָלט טרייסטן, ווען דער רבי איז געשטאָרבן.]

6. מיר זײַנען מוסיף צו די קאָניונקציעס אין די פּונקטן 2־5: ווי נאָר, וויבאַלד, קוים, ערשט, נאָכדעם — זיי פֿאַרפֿינקטלעכן די צײַט: „ווי נאָר מע האָט אַ ריר געטאָן דאָס פּעקל, האָט די באָמבע אויפֿגעריסן"; „וויבאַלד איך האָב עס דערזען, האָב איך געמאַכט אַ גוואַלד"; „קוים זײַנען מיר גע־קומען אין לאַנד, האָט מען אונדז גענומען אין מיליטער"; „איך האָב נאָך ניט צײַט געהאַט אָפּצובענטשן, ערשט עס זײַנען געקומען די כאַפּער־מענטשן" (פּל).

## י. סך־הכּלדיקע און קאָנקלוזיווע קאָניונקציעס

1. ייִדיש פֿאַרמאָגט אַ היפּשע צאָל אופֿנים אויסצודריקן אַז מען איז געקומען צו אַן אויספֿיר, צו אַ באַשלוס, צו דער לעצטער שורה, צום סך־הכּל. די אַלע אַדווערבן פֿון דעם שניט און אויך גאַנצע פֿראַזעס קענען דינען ווי קאָניונקציעס. דאָ איז אָבער פֿאַראַן נאָר איין קאָניונקציע פּאַר־עקסעלאַנס

— היות (היות ווי, אַזוי ווי) בײַם צונויפֿנעמען מאָטיווירונגען: „היות אַלע רעדנערס זײַנען בײַ די צוויי פּונקטן געווען איינשטימיק, נעמען מיר זיי אָן ווי אונדזערע באַשלוסן"; „היות ווי די סומע איז אין בודזשעט ניט פֿאָרויס־געזען און פֿאַר אַ צוגאָב־בודזשעט זײַנען קיין מיטלען ניטאָ, קומט אויס...". בײַם צונויפֿנעמען אַרגומענטן און פֿאַרן פֿאָרמולירן דעם לאָגישן סך־הכּל איז די כאַראַקטעריסטישע קאָניונקציע בכן (ובכן, לכן): „היות..., בכן נעמען מיר אָן..."; „אַלע עקספּערימענטן זײַנען געווען מיט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, אַלע טעאָרעטישע חקירות האָבן געוויזן אַז מע בויט אויף אַ פֿעסטן יסוד, — בכן זײַנען דאָ מער קיין ספֿיקות ניטאָ".

2. רעכענען מיר דאָ איבער אַ צאָל אַדווערבן און אַ פּאָר פּרעפּאָזיציעס וואָס קענען דינען אויך ווי קאָנקלוזיווע קאָניונקציעס: אַזוי־ערנאָך, אַזוינאָך, אַזוי אַרום, אויף אַזאַ אופֿן, בכלל, אין כּלל גענומען, על־כּל־פּנים, אין סך־הכּל, בסך־הכּל, על־פּי, לפּי, כּפּי, על־כּן, כּל־שכּן, (אַ)פּשיטא, ברי־לי, סײַ־ווי(סײַ).

## יא. איינציקע פֿאָרזיכדיקע קאָניונקציעס

1. עס געהערט ניט צו קיין שום גרופּע די קאָניונקציע וואָס — זען אַטריבוטיווער בײַזאַץ, זאַץ, ח3.

2. די איינגאַרטיקע קאָניונקציע עלעהיי איז די איינציקע היפּאָטע־טישע וואָס מיר פֿאַרמאָגן. זי באַטײַט: אַזוי ווי עס וואָלט געווען. „איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, עלעהיי עס [=דאָס העלצל] איז אַ מעסערל און סע שנײַדט" (שע); „האָט אים געפֿונען ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט, עלעהיי ער וואָלט געלעגן אין בלאָטע" (ה. גראַדע).

## VII.

# די אָפּשטעלצייכנס

## א. די יסודות פֿאַר דער סיסטעם

1. דאַכט זיך אַז אין קיין איינער פֿון די קולטורשפּראַכן איז ניטאָ קיין פֿולקום פֿעסטע סיסטעם פֿון אָפּשטעלצייכנס, און אויב אַפֿילו מע קען אַזאַ סיסטעם געפֿינען אין לערנביכער, הייסט עס נאָך ניט אַז זי ווערט אויף הונדערט פּראָצענט דורכגעפֿירט אין דער פּראַקטיק. די באַציאונג צו אָפּשטעלצייכנס איז אין־לשער מילדער ווי צום אויסלייג, הגם אין תּוך איז עס אַ טייל פֿון אויסלייג. בײַ אונדז האָט מען ברוך־השם קיינמאָל און אין ערגעץ ניט אָנגענומען קיין באַשלוסן וועגן אָפּשטעלצייכנס. עס זײַנען בלויז פֿאַראַן אַ פּאָר פּראָיעקטן. געוויסע פּונקטן וועלן ווײַטער ווערן געגעבן בכּיוון אין לויזע פֿאָרמולירונגען כּדי עס זאָלן ניט ווערן קיין שטריק אויף די הענט פֿון די וואָס שרײַבן.

2. אײַנגאַנצן זיך ניט פֿאַרנעמען מיט אָפּשטעלצייכנס און איבער־לאָזן זיי אויף הפֿקר וואָלט געווען אַ בערישע טובֿה, וואָרעם עס איז דאָך ניט מיגלעך אויסצוקומען אָן זיי. [עטלעכע מאָדערניסטישע פּאָעטן וואָס קומען אויס אָן אָן אָפּשטעלצייכן אין אַ גאַנצער פּאָעמע, ווײַל זיי ווילן אונטערשטרײַכן אַז די פּאָעמע זייערע איז אַזאַ גאַנצקייט וואָס טאָר ניט איבערגעריסן ווערן מיט אַ פּינטל צי מיט אַ קאָמע, מאַכן שווערער דעם לייענערס לעבן. אָסור אויב מע דאַרף זיי נאָכטאָן.] פֿון דער צווייטער זײַט איז דאָס צו פֿיל אָנפּיטלען און זיך לאָזן וואוילגיין מיט קאָמעס ניט גוט ניט פֿאַר די אויגן און ניט פֿאַר די אויערן, ווען מע וויל זיי פֿאָלגן בײַם אַרײַנברענגען דעם ריידשטראָם בקול רם. איז אויך דאָ דאָס געזיכטסטע אַ מיטעלער, אַ פּשרהדיקער וועג. דאָ קען זײַן אַ געראַנגל צווישן גראַמאַטיק און רעטאָריק, צווישן אַ סינטאַקטישן אַנאַליז און דיקטאַט פֿון ריידשטראָם, אַ ביסל שפּאַסיק קען מען זאָגן — צווישן אינטעלעקט און אינטואיציע.

3. די אַלגעמיינע ריכטלינינע באַשטייט אין סומך זײַן זיך אויף דעם לעבעדיקן לשון, אויפֿן אַרויסרייד, אויף די אינטאָנאַציעס, און מיִען זיך אַז עס זאָל זײַן וואָס מער שלום־בית צווישן אָפּשטעלצייכנס און אינטאָנאַציעס. יעדער לשון האָט זײַנע כּללישע אינטאָנאַציעס און אויף זיי איז אַ חובֿ זיך צו שטיצן.

## ב. פּינטל, פֿרעגצייכן, אויסרופֿצייכן, דרײַפּינטל

1. בײַם פּינטל פֿאַלט צונויף דאָס רעטאָרישע מיטן גראַמאַטישן. דאָס פּינטל ווײַזט אַז דער זאַץ איז געענדיקט, מעג עס זײַן אַ לאַנגער צונויפֿגעצויגענער זאַץ צי אַן איינגלידערדיקער זאַץ פֿון איין וואָרט. זײַנען דאָ קיין כּללים ניט שייך, אָבער געדענקען מוז מען אַז דאָס פּינטל צווינגט אַרויף אויפֿן לייענער די געהעריקע אינטאָנאַציע פֿון אַן אָפּשטעל און פֿון אַ בהדרגהדיקן אַראָפּגידערן די שטים בײַ אַ לענגערן און בײַ אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ.

2. די אינטאָנאַציע וואָס צווינגט אַרויף דעם פֿרעגצייכן איז דאָך אַזוי בולט אַז עס קענען ניט זײַן קיין ספֿקות ווען צו שטעלן דעם פֿרעגצייכן. נאָך אַן אומדירעקטער פֿראַגע דאַרף קיין פֿרעגצייכן ניט זײַן, ווײַל דאָ איז ניטאָ די כאַראַקטעריסטישע פֿרעג־אינטאָנאַציע. אין אַ צונויפֿגעצויגענעם זאַץ, אין אַ צונויפֿגעזעצטן זאַץ איז גלײַכער צו שטעלן דעם פֿרעגצייכן נאָך איטלעכן גליד, דאָס הייסט פֿאַרוואַנדלען די גלידער אין באַזונדערע זאַצן: „ווי קום איך צו זינגען? פֿונוואַנעט, מײַן קינד?"; „צי יאָגט מען אים ניט ווי אַ נביא? צי וואַרפֿט מען אים ניט נאָך קיין שטיינער ווי אַ נביא? צי לײַכטן אים ניט די אויגן ווי שטערן?"; „און דו ביסט נאָך גערעכט? און דו האָסט נאָך טענות צו מיר?".

3. פֿון די פּאָר למשלס בײַם פֿריערדיקן פּונקט איז צו זען אַז דער פֿרעגצייכן קען קומען בלויז צום סוף זאַץ. דאָס אייגענע איז אויך בנוגע דעם אויסרופֿצייכן. אין „וואָלט איך געלאַכט! וואָלט איך געזונגען!" — האָבן מיר צוויי באַזונדערע זאַצן. [בלויז בײַם ראַדיקאַלן בײַטן די אינטאָנאַציע, בײַם אויסמײַדן יעדן חשש אויפֿן אויסרופֿן קען פֿון די בײדע זאַצן ווערן אַ רואיקער דערציילזאַץ: „איך וואָלט געלאַכט און וואָלט געזונגען".] נאָך יעדער ווענדונג קען קומען דער אויסרופֿצייכן, ווי מען קען עס אילוסטרירן אין שריפֿט: „חיימקע! קום אַהער, חיימקע!"; „חיימקע! נו, קום שוין אַהער!"; „אַך דו חיימקע, קום שוין אַהער!"; „בעמט זיך — חיימקע, לייבקע, מירעלע! — פֿאַר די הענטלעך". אויך נאָך אַ פֿרעגצייכן קען קומען אַן אויסרופֿצייכן: „טאַקע?!"; „אַזוי גאָר?!".

4. דאָס דרײַפּינטל ווײַזט אָן אַז דער רײדשטראָם ווערט איבערגעריסן פֿונעם רײדער גופֿא אָדער איבער אַן אַנדער סיבה. דאָס דרײַפּינטל ווײַזט אַז מע האָט ניט דערזאָגט, ניט פֿאַרענדיקט. „חוץ די אַלע שיינע מעלות זײַנע איז ער נאָך... אָבער וואָס זאָל איך רעדן רכילות?"; „האָסטו אים אַזוי אָפּגעענטפֿערט? נו, מילא..."; „מיר זײַנען אַרויף אויפֿן שפּיץ באַרג און... ווער קלאַפּט עס אין טיר?".

## ג. די קאָמע, ווען יאָ און ווען ניט

1. אַ קאָמע קומט נאָר דאָרטן וואו עס איז פֿאַראַן אַ בפֿירושע קאָמע־אינטאָנאַציע וואָס באַשטייט פֿון אַ קורצער פּאַוזע און אַ הייבן די שטימע

פֿאַר אַט דער פּאַוזע, וואָס שאַפֿט דעם אײַנדרוק פֿון ניט־פֿאַרענדיקטקייט און פֿון גרייטן זיך אויפֿן המשך אין די רייד. בכן קומט די קאָמע:

א) צווישן צוויי זאַצן, אַ בײַזאַץ און אַ הויפּטזאַץ אָדער אַ הויפּטזאַץ און אַ בײַזאַץ, למשל: „ווען איך בין שפּעט אין אָוונט געקומען אַהיים, האָט שוין די גאַנצע משפּחה געהאַט אָפּגעגעסן וועטשערע"; „די גאַנצע משפּחה האָט שוין געהאַט אָפּגעגעסן וועטשערע, ווען איך בין שפּעט אין אָוונט געקומען אַהיים".

ב) אויף אָפּצוטיילן אַסינדעטישע בײַזאַצן, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס הייבן זיך ניט אָן מיט קיין קאָניונקציע און ניט מיט קיין רעלאַטיווישן פּראָנאָם (זען פּראָנאָם, ד1). אילוסטראַציעס: „ווען עס מאָרגן שטאַרק רעגענען, וועלן מיר שוין מוזן בלײַבן אין דער היים"; „הוליעט מען צו פֿיל אין דער יוגנט, בעטלט מען אויף דער עלטער"; „קומט מען אומגעריכט צו פֿאָרן מיט אַ גאַנצער באַנדע חבֿרים, געפֿינט מען אין שטוב ניט גענוג שפּײַז פֿאַר זיי".

ג) פֿאַר אַ סך־הכּלדיקער און קאָנקלוזיווער קאָניונקציע (זען קאָנ', י1) און פֿאַר די אַדווערבן און פּרעפּאָזיציעס וואָס דינען ווי קאָנקלוזיווע קאָנ־יונקציעס (זען קאָנ', י2). אילוסטראַציעס: „איך בין אומגעריכט געקומען צו פֿאָרן אַהיים מיט אַ גאַנצער באַנדע חבֿרים, בכן האָב איך ניט געפֿונען גענוג שפּײַז פֿאַר אַלעמען". „מיר האָבן אַזוי ווי זיך אָרײַנגעריסן צו זיי אין שטיבל, על־כּל־פּנים האָט מען דאָרטן זיך ניט געריכט אויף אונדז"; „זיי האָבן אונדזער טעלעגראַם גאָרניט באַקומען, אַזוי אַרום האָט מען זיך ניט געריכט אויף אונדז"; „מע האָט באַוויזן אויפֿצובויען די גאַנצע צאָל הײַזער, כּפֿי עס איז געווען אין פּלאַן פֿון בוי־מיניסטעריום".

ד) פֿאַר אָפּזונדערנדיקע, אָפּשיידנדיקע און דיזיונקטיווע קאָניונקציעס (זען קאָנ', ו). אילוסטראַציעס: „מיר האָבן בײַ אַלעמען זיך נאָכגעפֿרעגט, אָבער דאָך ניט געקענט דערגיין וואו ער איז אַהינגעקומען"; „אַלץ איז בײַ ייִדן צו ווייניק, נאָר שׂכל האָט איטלעכער גענוג"; „עס וועט זײַן באמת שווער אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען, סײַדן מע וועט זיך גוט צוגרייטן"; „מיר האָבן פֿאַרלאָרן אַ פּאָר זעלנערס, אָבי מע האָט פֿאַריאָגט דעם שׂונא".

ה) פֿאַר אַדווערבן וואָס ווײַזן אויף אַן אויספֿיר, אויף אַ רעזולטאַט (און זיי זײַנען גלײַכצײַטיק קאָניונקציעס, זען קאָנ', ח1). אילוסטראַציעס: „מיר האָבן ניט גענוג זיך צוגעגרייט צו די עקזאַמענס, דעריבער זײַנען מיר טאַקע דורכגעפֿאַלן"; „ער האָט פֿאַרטיידיקט זײַן שטאַנדפּונקט מיט לאָגישע ראַיות און אויך מיט וויציקע אַרגומענטן, דערפֿון נעמט זיך זײַן השפּעה אויפֿן עולם".

ו) אויף אָפּצוטיילן און אויסצוטיילן לענגערע זאַצגלידער, בפֿרט אַזעלכע וואָס האָבן אַ פּאַרטיציפּ אָדער אַ גערונדיוו. אילוסטראַציעס: „מיר האָבן ניט געקענט מער, אין אונדזערע אייגענע אינטערעסן, זיך האַלטן בײַ דעם פֿריִערדיקן פּלאַן"; „אַרומטאַנצנדיק אויף די קרומע צווײַגן פֿון עפּל־

בוים, האָבן די פֿייגעלעך זיך געפֿרייט מיטן פֿרילינג"; „די קי אויף דער פּאַשע ליגן מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער".

אַט די זעקס פֿאַלן (און מע קען אָנרעכענען נאָך) זײַנען פּרטים וואָס אילוסטרירן דעם כּלל וועגן קאָמע מיט דער קאָמע־אינטאָנאַציע גומער איינס.

2. אַן אַנדער מין קאָמע־אינטאָנאַציע הערן מיר אַרויס בײַ איבער־רעכענונגען, איבערחזרונגען, בײַ קאָאָרדינירטע זאַצן און זאַצגלידער. אין אַט דער רואיקער אינטאָנאַציע איז ניטאָ קיין הייבן די שטים און די פּאַוזע איז אַ מינימאַלע. אילוסטראַציעס: „אײַנקויפֿן באַרנעס, עפּל, פֿלוימען און מאַראַנצן"; „געפֿילט האָב איך ייִדישע ווערטער ווי טײַבעלעך ריינע, ווי טײַבעלעך ריינע" (מ. קולבאַק); „איך וועל טרייסטן, בעטן, וויינען, וועקן" (ח.־נ. ביאַליק); „דער מלך איז אָפּגעשטאָרבן, די מלכּה געוואָרן פֿאַרדאַרבן, דער צווײַג איז אָפּגעבראָכן, דאָס פֿייגעלע אַנטלאָפֿן" (פֿל).

3. פֿאַראַן אַ ספּעציעלע אינטאָנאַציע אויף אויסצוטיילן אַ וואָרט, עט־לעכע ווערטער. קומט אויס אָפּצוטיילן דאָס וואָרט אָדער די ווערטער מיט אַ קאָמע פֿון איין זײַט אָדער מיט צוויי קאָמעס פֿון בײדע זײַטן. דאָס טרעפֿט מען בײַ:

א) אַ ווענדונג (זען זאַצגלידער, יא). אילוסטראַציעס: „ייִנגעלע, קום אַהער צו מיר"; „קום אַהער צו מיר, ייִנגעלע"; „קום אַהער, ייִנגעלע, צו מיר"; „זאָג מיר, דו גוטער חבֿר מײַנער, פֿאַרוואָס ביסטו פֿלוצעם ברוגז געוואָרן?".

ב) אַן אַפּאָזיציע (זען זאַצגלידער, י). אילוסטראַציעס: „זײַן מאַמע, אַ מאַרק־ייִדענע מיט עפּלעך, האָט נעבעך געליטן נויט". „זי איז פֿול, מײַן ברוסט, מיט פֿאַרגעפֿילן הייסע" (ד. האָפֿשטיין). „אַ גראָאַטענע און אַ שיינע, איז זי געווען אונדזער צירונג"; „דאָרטן, אַט אין יענעם ווינקל, שטייט דער בעזעם".

ג) אַ זאַצוואָרט (זען זאַץ, ד). אילוסטראַציעס: „יאָ, איך וועל קומען צו אײַך". „ניין, איך קען ניט קומען צו אײַך". „אוי, האָב איך צרות, ברודערקע". „איך ווייס ניט אויף זיכער, אפֿשר". „מילא, זאָל זײַן ווי איר ווילט". אַן דער באַזונדערער אינטאָנאַציע איז ניט נייטיק קיין קאָמע: „ער איז נעבעך קראַנק"; „איר האָט משמעות פֿאַרהערט"; וואָס אַשטייגער וועט איר זאָגן גוטס?".

ד) אַ באַמערקזאַץ, אַן אַגבֿ־אורחא־זאַץ, דאָס הייסט אַזאַ זאַץ וואָס גיט אַ דערקלערונג פֿאַרבײַגייענדיק, וואָס מאַכט אַ באַמערקונג, ווײַזט אָן אויף עפּעס אַגבֿ־אורחא. אילוסטראַציעס: „'לעמעשקע', אַזאַ צונאָמען האָט דער ייִד געהאַט, איז געווען אַ קנאַפּער פֿאַרדינער"; „איך וועל אײַך, זאָגט דער משרת, באַלד דערלאַנגען עסן"; „איך וועל אײַך באַלד דערלאַנגען עסן, באַרואיקט דער משרת"; „אין וואַרשע, אַזוי פֿאַרציילט מען, האָט מען טײַהײַזער געעפֿנט פֿאַר אָרעמעלייט" (פּרץ); „דאָס מענטשל, ווי איר קוקט אים אָן, האָט אין זיך אַלע מיני בּרואים" (ממוס).

ה) פֿאַרשיידנע ווערטער־גרופּעס מיט דער ספּעציעלער אינטאָנאַציע פֿון אויסטיילן. אילוסטראַציעס: „מיט אַ קעזל, האַרט ווי שטיין, לאָזט ער זיך אין וועג אַליין"; „און אַן עפּל, רויט און זיס, פֿאַלט אים תּיכּף צו די פֿיס". „אין די הענט האָט ער געהאַט אַ מלאָכה, עפּעס גאָר אַ כּפֿל־שמונה־דיקע"; „אַ פֿערד, זאָג איך, אויף פֿיר פֿיס ספּאַטיקעט זיך..." (שע).

4. צוליב פּראַקטישע צילן ווערן אָנגעוויזן עטלעכע פֿאַלן וואו מע דאַרף ניט קיין קאָמע, דהײַנו:

א) אין די אײַנגעפּעסטיקטע און אין קורצע יחידישע פֿאַרגלײַכן: ליכטיק ווי די זון אין תּמוז, פֿינצטער ווי די נאַכט, וואָלוול ווי פֿאַרפֿוילטע פֿיש; טרוימען ווי ווײַסע טויבן, מענטשן ווי מערעשקעס, גליקלעך ווי אין אַ פֿאַנטאַזיע, שמייכלען דורך טרערן ווי זון מיט אַ רעגן.

ב) אין אַן אָביעקטזאַץ מיט אַז, ווי און אַנדערע קאָניונקציעס און פֿאַר אַן אומדירעקטער פֿראַגע: ער האָט געזאָגט אַז ער וועט באַלד קומען; איך ווייס ניט ווי לאַנג ער וועט דאָ זײַן; איך מיין אַז מע האָט עס אויסגעטראַכט; מע האָט נאָך ניט באַשלאָסן צי מע זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט.

ג) אין אַן אַטריבוטיוון זאַץ וואָס הייבט זיך אָן מיטן פּראָנאָם וואָס — זען זאַץ, ח.

ד) אין ציל־באַשטימונגען — זען זאַצגלידער, 31.

ה) און אַחרון אַחרון חבֿיבֿ — קאָאָרדינירנדיקע און אַלטערנאַטיווע קאָניונקציעס (זען קאַפּ׳ ד און ה) דאַרפֿן ניט קיין קאָמע פֿאַר זיך. יוצאים־מן־הכּלל מוזן מאָטיווירט ווערן דורך אַן אָפּשטעל אין רײדשטראָם, דורך אַ ספּעציעלער אינטאָנאַציע (פֿון עמאָציאָנעלקייט, אומגעריכטקייט, בפֿירושער אַנדערשקייט לגבי דעם איבעררעכענען אָדער איבערחזרן).

5. עס בלײַבט איבער די פֿראַגע ווי זיך נוהג צו זײַן מיט דער קאָמע ווען די זעלביקע קאָניונקציע חזרט זיך איבער דרײַ מאָל און מער. דער כּלל איז אַז די קאָמע טאָר ניט צעשטערן די סימעטרישע גלידערונג פֿון זאַץ און דעריבער קען זי אומעטום קומען אָדער אין ערגעץ ניט. די קאָמע גופֿא איז פֿאַקולטאַטיוו און מיר שטעלן זי דערפֿאַר אין קלאַמערן: „עס לויפֿן אַרום אויף דער וואַנט אי חיות (,) אי פֿייגל (,) אי ריזן" (פֿרוג). און בײַ אַ פֿילמאָליקן איבערחזרן: „און דו אַקערסט און דו זייסט, און דו פֿיטערסט און דו נייסט, און דו האַמערסט און דו שפּינסט, — זאָג, מײַן פֿאָלק, וואָס דו פֿאַרדינסט?" (ח. זשיטלאָווסקי).

6. די גאַנצע תּורה וועגן דער קאָמע איז גרינג צו זאָגן על רגל אחת (און מע דאַרף דערבײַ ניט זײַן קיין הילל): די קאָמע קומט נאָר דעמאָלט ווען עס איז פֿאַראַן איינע פֿון די קאָמע־אינטאָנאַציעס. מעג דאָ זײַן אַ פּראַקטישער צוגאָב אַז זי דאַרף קומען אויף פֿאַר אַ צונויפֿבינדנדיקער קאָניונקציע וואָס הייבט אָן אַ לענגערן קאָאָרדינירנדיקן זאַץ. צוויי אילוסטראַציעס: „די מאַמע גיט מיר אין חדר אַרײַן אַ גאַנצן עפּל מיט צוויי גראָשן, און דער דײַטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס און אַ קניפּ אין בעקל" (שע). „איז

אַנגעפֿאַלן אַ שניי פֿון הימל, אַ גרויסער שניי, האָט ער די שטעגן פֿאַריאָגט, די וועגן פֿאַרשיט, און טעג און אפֿשר וואָכן וועט קיין אורח איבער דער שוועל ניט קומען" (פּרץ).

## ד. דער טירע

1. די פֿונקציע פֿון דעם טירע איז עיקרשט אַ רעטאָרישע. בײַם אונ־טערשטרײַכן, בײַם בולטער מאַכן קען ער אומעטום פֿאַרבײַטן די קאָמע. זײַן אינטאָנאַציע איז אַ פֿאַרשטאַרקטע קאָמע־אינטאָנאַציע. דער טירע ווערט געניצט גאַנץ פֿרײַ און סוביעקטיוו. ער קען זיך אײַנגעפֿינען הן אין מיטן זאַץ הן צווישן זאַצן און אַפֿילו דאָרטן וואו מע ניצט ניט קיין קאָמע. דער טירע דריקט אויס די פּלוצעמדיקייט פֿון דער טואונג, די אומדערוואַרטקייט פֿון דער פֿאַרבינדונג. דער טירע דריקט אויך אויס דעם רעזולטאַט פֿון באַקלערן, דעם עיקר וואָס מע קומט צו אים. אילוסטראַציעס: „ער האָט ממש געפֿיבערט צו פֿאָרן און — געעבליבן זיצן אין דער היים"; „יידן זוכסטו — און ווייסט ניט וואָס דו ווילסט געפֿינען"; „עס שווימט אויפֿן הימל אָרום אַ ווײַסינקער וואָלקן פֿון ווײַטן — אַ הייב און אַ שפּרונג און שוין זיך איך אויף אים" (יהואָש); „יגעתי ומצאתי — גלייב"; „זײַן אָדער ניט־זײַן — דאָס איז די פֿראַגע"; „אַ הון איז גוט צו עסן זאַלבעצווייט — איך און די הון" (פֿוגל). „דו האָסט דאָך גרויסע הענט — דערשלאָג זיי; דו האָסט דאָך גרויסע פֿיס — צעטרעט זיי" (ה. ליוויק).

2. דער טירע קומט דאָרטן וואו געוויינטלעך האָט מען אַ קאָמע, בײַ אַן אַפּאָזיציע און בײַ אַ באַמערקזאַץ: „אין דעם ים האָר ליגט אַ ווײַספּע — אַ ברייטע, פֿליישיקע נאָז" (ממוס). „און ליפּן — פֿאַרשטייסטו — זײַנען דאָך גשמיות" (פּרץ).

3. דער טירע פֿאַרבײַט די ציטירצייכנס, די פּיסלעך, בײַ אַ דיאַלאָג, בײַ דירעקטע רייד. אילוסטרירונגען: — קומסט מיט אונדז? — אַוודאי. — וועסט זײַן גרייט אין אַ שעה אַרום? — יאָ; — וואו שטייסטו? — אויפֿן גאַס. — וואָס טרינקסטו? — עפּלקוואַס; „אַז מע זאָגט — פֿינגערל! פֿינגערל! איך ווינטש דאָס, איך ווינטש יענס — האָט מען דאָס וואָס מע ווינטשט גאָר אַן מי" (ממוס).

4. דער טירע פֿאַרבײַט אַ דרײַפּינטל. אַן אילוסטראַציע: „און העל־דזער ווערן שטום, און אויב ניט שטום, איז — אויפֿגעשניטן" (ה. ליוויק).

5. דער טירע קומט נאָך אַן איבעררעכענונג פֿאַר דעם כוללדיקן וואָרט אָדער אויסדרוק: „געלט, שיינקייט, געזונט — אַלץ פֿאַרמאָגט ניט קיינער". „פּראָצענט, דירה־געלט, מוידן — (די דרײַ זאַכן) וואַקסן אָן רעגן" (שוו).

6. אין קאָמפּליצירטע צונויפֿגעזעצטע זאַצן וואָס צעפֿאַלן זיך אויף צוויי טיילן מיט אַ באַזונדערער אינטאָנאַציע אין יעדן טייל, קומט צווישן די טיילן אַ טירע און פֿאַר אים אויך אַ קאָמע. אילוסטראַציעס זען זאַץ, 11ז.

7. דער טירע קומט אויך בײַ אַן אַנאַקאָלוט, דאָס הייסט ווען די גע־ווײנטלעכע קאָנסטרוקציע פֿון זאַץ ווערט איבערגעריסן אינעם פּראָצעס פֿון רעדן. אילוסטראַציעס: „זײַנע רייד — פֿון זיי קען מען ניט קלוג ווערן"; „פֿון זײַנע רייד — זיי קענען ניט אויפֿקלערן"; „אָט דער תּכשיט — איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט אים".

8. ביז איצט בלויז אַ צאָל כאַראַקטעריסטישע פֿאַלן ווען מע ניצט דעם טירע. אויסרעכענען אַלע סיטואַציעס ווען מע דערזעט אים איז אומ־מעגלעך. אין ערגעץ קען מען אים ניט האַלטן פֿאַר אַ גרײַז. דער לייענער דאַרף זיך צופּאַסן צו אים מיט זײַן אינטאָנאַציע.

## ה. דאָס צווייפּינטל

1. דאָס צווייפּינטל קומט מיט זײַן אייגנאַרטיקער אינטאָנאַציע פֿאַר אַן איבעררעכענונג. אילוסטראַציעס: „אַלץ פֿאַרמאָגט ער: געלט, שיינקייט און געזונט"; „דרײַ זאַכן וואַקסן אין רעגן: פּראָצענט, דירה־געלט, מוידן"; „מיר האָבן געזען אַז מע ניצט די קאָמע בײַ: אַ ווענדונג, אַן אַפּאָזיציע, אַ באַמערקזאַץ".

2. דאָס צווייפּינטל קומט פֿאַר דערקלערונגען און דערגאַנצונגען מיט אָדער אָן אַרײַנפֿירווערטער צו זיי. אילוסטראַציעס: „זיי באַגריסן זיך אויף אַזאַ שטייגער: זיי לייגן צו די האַנט צום האַרצן און פֿאַרבייגן זיך טיף"; „איך האָב ניט געקענט טאָן די אַרבעט: איך בין געווען קראַנק"; „גאָט איז אַ פֿאָטער: גיט ער ניט קיין מכּה, שיקט ער צו אַ בלאָטער" (שוו). „שלאָף, גוטער מענטש, שלאָף: דאָ וועט דיר קיין ביז ניט געשען" (פּרץ); „בײַ די סאַזשעלקעס די בלויע הילכן קלעפּ: דאָס פּאַטשט אַ גויע לעבן וואַסער אויס די וועש" (לייב נײַדוס).

3. דאָס צווייפּינטל קומט פֿאַר דירעקטע רייד אָדער ציטאַטן, נאָך אָדער אָן אַן אַרײַנפֿירזאַץ. אילוסטראַציעס: גיי איך צו צום פּאַפּאַ פֿרעגן: „פּאַפּאַ, איז שוין מאָרגן הײַנט?" (לאה האָפּמאַן); אים ענטפֿערט אָפּ פֿון צווישן ווייץ און קאָרן אַן אַנדער מין פֿויגל עפּעס: „פּיק־בער־וויק! פּיק־בער־וויק!" (ממוס); קוקט מיך אָן מײַן באָבע־לעבן מיטן מילדן אויגנגלאַנץ: „אײַנגע־רעגנט וועט דיר ווערן, טאָכטערשי, דײַן חופּה־קראַנץ" (מרים אולינאָווער). מיר האָבן זיך פֿאַרטראַכט איבער דעם פּרצישן זאַץ: „ווי קען מען וויסן אַז עס דאַכט זיך אַזוי פֿיל?".

## ו. דאָס קאָמע־פּינטל

1. [דער נאָמען איז אַן איבערגעדרייטער, ווײַל מיר האָבן דאָך די רײַ: פּינטל, צווייפּינטל, דרײַפּינטל, מעג שוין זײַן — קאָמע־פּינטל.] דאָס קאָמע־פּינטל איז אַזוי ווי אַ מיטן צווישן פּינטל און קאָמע. מע מעג בכּלל זיך באַגיין אָן אים אין אונדזער ייִדיש וואָס האָט זעלטן־ווען לאַנגע צונויפֿ־

געזעצטע זאַצן וואו דאָס קאָמע־פּינטל געפּינט זײַן אָרט. דאָס קאָמע־פּינטל קומט אין אַ צונויפגעזעצטן זאַץ, וואָס זײַנע באַזונדערע באַשטאַנד־זאַצן זײַנען צווישן זיך קאָאָרדינירט. אילוסטראַציעס: „ביט־גלייביק איז דער וואָס וויל ניט גלייבן, אַפילו בעת מע ברענגט אים געגוג ראַיות און באַווײַזן; לײַכטגלייביק — ווער עס איז נוטה צו גלייבן אָן שום שׂכלדיקע מאָטיוון; גלייבעכצדיק — ווער עס האַלט פֿאַר וואָר אַזוינס וואָס קען ניט זײַן וואָר". „ווי אַ יחסן אַ באַוואוסטער, אַ געזעצטער און אַ יוסטער, גייט דער שטאָרך פֿעלד־אויס פֿעלד־אײַן; שפּרײַזט זיך שטאָלץ, רויט אָפּ צו ביז־לעך און די יחוסדיקע פּיסלעך שטעלט מיושבֿדיק און פֿײַן" (לייב נײַדוס).

2. דאָס קאָמע־פּינטל איז אויך פֿאַראַן צווישן סובאָרדינירטע זאַצן. אַן אילוסטראַציע: „די קינדער האָבן אַלע געפּסקנט אַז דער בעסטער יום־טובֿ איז דאָך שבֿועות, ווײַל די טעג זײַנען לאַנגע, פֿריידיקע, טעג וואָס באָדן זיך אין זון און גלאַנץ; ווײַל די צוגרייטונגען צום יום־טובֿ זײַנען ניט שווער, נאָר פֿאַרקערט פֿאַרבונדן מיט גיין נאָך גרינס, מיט אויסצירן מיט גרינס די שטובֿ; ווײַל די שבֿועותדיקע מאכלים זײַנען ניט די געוויינלעכע עסנס און — ווײַל עס איז גראָד געווען ערבֿ־שבֿועות".

3. גראָד אין אונדזער גראַמאַטיק קומט אויס צו ניצן גאָר אָפֿט דאָס קאָמע־פּינטל צווישן די פֿאַרשיידענע דוגמאָות, מוסטערן, אילוסטרירונגען, וואָרעם דאָס אָפּטיילן זיי בלויז מיט אַ קאָמע וואָלט ניט געווען גענוג בולט.

## ז. די ציטירצייכנס אָדער די פּיסלעך

1. די ציטירצייכנס דאַרפֿן פֿון ביידע זײַטן זײַן אויף דער זעלביקער הייך, אָדער אין מיטן אָדער פֿון אויבן. די שיטה אָנצוהייבן די פּיסלעך פֿון אונטן און פֿאַרענדיקן מיט אויבן איז אַן איבעריקע הכבדה.

2. מע ניצט די ציטירצייכנס פֿאַר ציטאַטן און בײַ דירעקטע רייד. זען ד3.

3. מע ניצט זיי בײַ מאָדנע ווערטער, ביי צעקאַלעטשעטע ווערטער, בײַ באַרבאַריזמען, בײַ ווערטער וואָס קומען ניט מיטן געוויינטלעכן באַטײַט. אילוסטרירונגען: אונדזערע „ציציליסטן" מאַכן דעמאָנסטראַציעס; שלום־עליכם האָט ליב דאָס וואָרט „פּאָטעפּאַלנאָסט"; דער „יאַנקע־משה" איז דער אמתער למך; האָט איר געהערט אַ נאָמען פֿון אַ ייִדישער מיידל „פּראַלעט"?

4. ציטירצייכנס קומען אויך בײַ נעמען פֿון ווערק, צײַטשריפֿטן, געזעלשאַפֿטן, פֿירמעס, שיפֿן, נעמען אויסגעטראַכטע. דוגמאָות: די באָבע דערציילט אַמאָל מעשׂיות פֿון „מנורת־המאור", אָבער די אייניקלעך האָבן מער ליב אירע מעשׂיות פֿון „צאינה־וראינה"; געקומען איז ער מיט דער שיף „מאַוריטאַניע"; עס איז געווען באַרימט די ווילנער פֿירמע „האַלמנה והאַחים ראָם". אין די פֿאַלן (און אויך צום טייל פֿון פּונקט 3) איז בעסער צו ניצן קורסיוו־אותיות.

5. עס איז זייער באַקוועם צו ניצן צו איינציקע פּיסלעך כדי אַרויס־

צוהיבן אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק וואָס קומט אין אַ ציטאַט און בײַ ווער־טער, דערמאָנט אין פּונקט 3.

## ח. די קלאַמערן

1. די קײַלעכדיקע קלאַמערן (די ריגעלעך) נעמען אַרום אַ צו־גאָב, אַ דערגאַנצונג, אַ דערקלערונג און ענלעכס וואָס אויך אָן זיי איז דער זאַץ פֿאַרשטענדלעך, און דאָך זײַנען זיי נייטיק צו פֿאַרפֿינקטלעכן די כּוונה, דעם מיין פֿונעם שרײַבער. זיי קומען אויך ווי אַ באַמערקזאַץ אָדער ווי אַ זײַטיקע הערה, וואו דער שרײַבער גיט אַרײַן זײַן ניט־דאָס־בין־איך־אויסן וואָס ער איז גרײַלעך אויסן.

2. די קוואַדראַט־קלאַמערן האָבן אַ קלענערן צונויפֿבונד מיטן טעקסט. אין זיי ווערן ווערטער אויסגעטײַטשט אָדער אָנגעוויזן ווי זיי דאַרפֿן ווערן אַרויסגערעדט. אין זיי קומען אַרײַן לענגערע צוגאָבן און דערגאַנ־צונגען, אויפֿקלערונגען וועגן געשיכטע, שטייגער, מנהגים און ענלעכס וואָס קלערן אויף דעם ענין וואָס מע רעדט וועגן אים. ווען אין די קלאַמערן קומען אַרײַן גאַנצע זאַצן, דאַרפֿן זיי זיך פֿאַרענדיקן מיט אַ פּינטל פֿאַרן צווייטן קלאַמער.

## ט. גראַפֿיק

1. ציטירצייכנס און קלאַמערן בינדן זיך צונויף מיט פּראָבלעמען פֿון גראַפֿיק. אַזוי למשל קען מען בכּלל אויסקומען אָן ציטירצייכנס ווען מע ניצט אַן אַנדער שריפֿט פֿאַר די אַלע ווערטער וואָס וואָלטן געקענט קומען אין ציטירצייכנס. זען ז4. אויך פֿאַר קלאַמערן קען מען ניצן פֿאַרשיידענע גראַפֿישע צייכנס.

2. מע דאַרף ניט קיין פּינטל און קיין שום אַנדער אָפּשטעלצייכן פֿאַר קעפּלעך און איבערשריפֿטן וואָס קומען מיט גרעסערע אָדער אַנדערש־מיניקע אותיות ווי עס איז דער ווײַטערדיקער טעקסט.

## VIII.

# דער סובסטאַנטיוו

## א. כאַראַקטער פֿון סובסטאַנטיוו

1. דער סובסטאַנטיוו איז אַ רײַכער און וויכטיקער ווערטקלאַס. צו אים געהערן אַלע ווערטער וואָס באַצייכענען אַ נאָמען פֿון אַ זאַך, און אין ייִדיש איז דער פּאַסיקער נאָמען פֿאַר דעם ווערטקלאַס זאַכוואָרט. דאָס וואָרט זאַך דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן זייער ברייט: הן ווי עפּעס אין דער רעאַלער וועלט, הן אַזוינס וואָס איז פֿאַראַן בלויז אין דער פֿאַרשטעלונג, אין דמיון, אין טראַכטן. דער סובסטאַנטיוו, ווי עס ווײַזט זײַן וואָרצל, איז אַזוינס וואָס איז זעלבשטענדיק, פֿאַרזיכדיק, אָדער קען אויפֿגענומען ווערן ווי עפּעס וואָס האָט אַ פֿאַרזיכדיקע עקסיסטענץ, צי קאָנקרעט צי אַבסטראַקט.

2. לויטן באַטײַט פֿון וואָרט קען מען דערקענען בלויז אַ טייל סובסטאַנטיוון. אַזעלכע ווערטער ווי: טיש, הימל, ווייטיק, תּפֿילה — זײַנען סובסטאַנטיוון לויט זייער באַטײַט און בײַם איבערזעצן אויף אַן אַנדער לשון וועלן זיי בלײַבן סובסטאַנטיוון אין יענעם לשון. אָבער אַזאַ וואָרט ווי נעכטן, אַזאַ וואָרט ווי אוי־ווײ זײַנען לויט זייערע פֿאָרמעלע אָדער פֿונקציאָנאַלע סימנים סובסטאַנטיוון אין ייִדיש, הגם ניט לויט זייער באַטײַט.

3. ווען דאָס וואָרט פֿאַרמאָגט אַ סופֿיקס וואָס קען זײַן נאָר בײַ אַ סובסטאַנטיוו, דערקענט מען עס גלײַך אַפֿילו ווען עס שטייט אָפּגעריסן פֿון יעדער אַנדער וואָרט, למשל: גוטסקייט, פֿרײַהייט, באַוואָרעניש, צײַטונג, גלייבעכץ אאַז״וו. אָבער פֿאַראַן אַ סך סובסטאַנטיוון וואָס מע קען זיי דערקענען בלויז דעמאָלט, ווען זיי פֿאַרבינדן זיך מיט אַנדערע ווערטער, ווען מע דערזעט זייער פֿונקציע אין זאַץ. אין דעם זאַץ „איך פֿאַרב מיט אַ גרינער פֿאַרב" — איז פֿאַרב פֿרײַער אַ ווערב און דאָס צווייטע מאָל אַ סובסטאַנטיוו. אַזוי איז אויך מיטן וואָרט ווייטיקן אין זאַץ „מיר ווייטיקן אויך מיט די ווייטיקן פֿון אונדזערע פֿרײַנד". אין זאַץ „ער איז נעכטן געקומען" — איז נעכטן אַן אַדווערב, אָבער אין זאַץ „שוין ניטאָ דער נעכטן" — איז נעכטן אַ סובסטאַנטיוו.

4. בײַם באַשטימען צי אַ וואָרט איז אַ סובסטאַנטיוו אָדער ניט דאַרף מען האָבן אין זינען די פֿונקציע פֿון דעם וואָרט אין זאַץ (זען זאַץ, ג;

ואַצגליד ב3) און די ׳פֿעאיקייטן׳ וואָס דאָס וואָרט פֿאַרמאָגט: קומען מיט אַן אַרטיקל, האָבן פֿאַר זיך אַ פּרעפּאָזיציע, פֿאַרמאָגן אַן אַדיעקטיוו אָדער אַן אַדיעקטיווישן פּראָנאָם, ציִען צו זיך אַ פּאָסעסיוו, זײַן אַ טייל פֿון אַ קוואַנטיטאַטיוו, קענען פֿאַרמאָגן אַ מערצאָל־ענדונג. עס איז גענוג אייך־איינציקער סימן אָן אַ טעות אָנצונעמען דאָס וואָרט פֿאַר אַ סובסטאַנטיוו.

5. עס איז דאָ נייטיק דער באַגריף סובסטאַנטיווירונג, דאָס הייסט יעדע פֿראַזע, יעדע פֿאַרבינדונג פֿון אַ צוויי־דרײַ ווערטער וואָס האָבן אַ סימן לויטן פּונקט 4. למשל: דעם זײַט־מיר־מוחל האָט ער קוים אַרויס־געזאָגט; עס נערווירט מיך זײַן עס־אַרט־מיך־ניט; אויספֿאָלגן גלײַך דעם יעדערער־אויף־זײַן־אָרט! מע קען אויך באַטראַכטן ווי אַ סובסטאַנטיווירונג אַן איינציק וואָרט וואָס איז אײַנגעפּעסטיקט אין אַן אַנדער וואָרטקלאַס און קריגט אין אַ זאַץ אַ סימן פֿון סובסטאַנטיוו, למשל: זײַן באַלד ציט זיך אַ פֿאַר שעה, דער בײַ האָט כּלערליי פּירושים.

## ב. דער אַרטיקל

1. דער אַרטיקל קען באַטראַכט ווערן אויך ווי אַ באַזונדערער וואָרט־קלאַס, אָבער אַזוי ווי עס רעדט זיך בלויז וועגן עטלעכע ווערטער און דער אַרטיקל איז דער אָפּטסטער, דער בולטסטער סימן פֿאַרן סובסטאַנטיוו, איז באַקוועמער און לויגיקער אים אַרײַנצונעמען ווי אַ מין אָרגאַניש בײַוואָרט פֿון סובסטאַנטיוו.

2. מע דאַרף אויסטיילן באַזונדער: דעם באַשטימטן (אָדער באַ־שטימיקן) אַרטיקל, דעם אומבאַשטימטן (אָדער אומבאַשטימיקן) אַר־טיקל און דעם נעגאַטיוון אַרטיקל. דער באַשטימטער אַרטיקל ווײַזט אַז די זאַך איז באַקאַנט אָדער זי ווערט אַרויסגעהויבן פֿון אַ גרופּע ווי אַ פּרט־פֿאַל פֿון אַ גרעסערן כּלל. דער אומבאַשטימטער אַרטיקל ווײַזט אַז די זאַך איז אומבאַקאַנט אָדער אַז זי ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אינעם ריידן, אַז עס איז ניט שייך, ניט וויכטיק אָדער ניט נייטיק זי אַרויס־צוהייבן ווי אַ פּרט פֿון אַ גרעסערן כּלל. אַ היפּשע צאָל פֿאַלן ווײַכן אָפּ פֿון אַט דער אַלגעמיינער פֿאָרמולירונג.

3. די פֿאָרעם פֿון באַשטימטן אַרטיקל איז אָפּהענגיק פֿון גראַמאַטישן מין פֿון דעם סובסטאַנטיוו, פֿון דער צאָל און פֿון קאַזוס אָדער בייגפֿאַל. אָט איז די סכעמע:

| | מענלעך | ווײַבלעך | נייטראַל |
|---|---|---|---|
| נאָמינאַטיוו | דער | די | דאָס |
| אַקוזאַטיוו | דעם | די | דאָס |
| דאַטיוו | דעם | דער | דעם |

אין מערצאָל בלויז די פּאָר אַלע מינים און פּאָר אַלע קאַזוסן. בײַם מענלעכן מין האָבן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו די זעלביקע פֿאָרעם, און בײַם ווײַבלעכן און נייטראַלן מין האָבן די זעלביקע פֿאָרעם דער נאָמינאַטיוו און דער אַקוזאַטיוו. דאָס זעלביקע איז חל אויך אויף די אַדיעקטיוון מיטן באַשטימטן אַרטיקל.

4. דער אומבאַשטימטער אַרטיקל איז אַ פּאָר זאַכווערטער פֿון אַלע מינים און אין אַלע קאַזוסן: אַ בחור, מיט אַ מיידל, אַ האָפֿענונג, אַן אַ צוזאָג, אַ וואָרט, פֿאַר אַ קינד. אויב דאָס וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל אָדער אַ דיפֿטאָנג, איז דער אומבאַשטימטער אַרטיקל — אַן, למשל: אַן עפּל, אַן אָרט, אַן אידעאַל, אַן אומעט, אַן אַטאַקע, אַן אויג, אַן איי, אַן אײַטער. אַ און אַן האָבן ניט קיין מערצאָל: „אַ וואָרט איז אַ מטבע"; „ווערטער זײַנען מטבעות".

5. דער נעגאַטיווער אַרטיקל קיין בײַט זיך ניט און בלײַבט דער זעלביקער אומאָפּהענגיק פֿון גראַמאַטישן מין און פֿון בייגפֿאַל. ער פֿאַרבײַט דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל און ווערט געניצט אויך אין מערצאָל: „איך האָב אַ בוך", „איך האָב ניט קיין בוך", „איך האָב ניט קיין ביכער"; — „אַ הונדערטער?" — „ניטאָ קיין הונדערטער בײַ דער נשמה! (קיין) הונדערטערס זײַנען שוין לאַנג ניט געווען אין צעריסענעם טײַסטערל בײַ מיר".
„אין אייוועלע קיין פֿענדעלע, אין שטײַגעלע קיין הענדעלע, אין בײַטעלע קיין רענדעלע" (פֿאָלק).

זיך מערקן אַז עס קענען זײַן פֿאַלן ווען עס איז מעגלעך אויסצוקומען אָן קיין.

6. זיך מערקן: אַ ייִד, אַ ייִנגל, אַ ישובֿ, אַ יסוד און ענלעכע, ווײַל אַט אַזעלכע ווערטער הייבן זיך אָן מיטן יוד דעם קאָנסאָנאַנט. מען קען אויסמײַדן דעם אַן, ווען אַ וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַנאַ..., למשל: אַן אַטאַקע, אָבער אויך — אַ אַנאַלאָגיע, אַ אַנאַנאַס, אַ אַנאַכראָניזם.

7. דער באַשטימטער אַרטיקל קומט ניט בלויז בײַם אָנווײַזן אויף אַ באַשטימטן פּרט פֿון אַ כּלל, אויף איין קאָנקרעטן טייל פֿון אַ גרופּע, נאָר אויך בײַם אָנרופֿן די גאַנצע גרופּע, דעם גאַנצן כּלל. ער קומט ווען לויטן זינען קען זײַן די רייד בלויז וועגן איין סובסטאַנטיוו. קומט ער אויך מיטן סופּערלאַטיוו. ער קומט בײַם סובסטאַנטיווירן אַן אַדיעקטיוו מיט אַן אַבסטראַקטן באַטײַט. דוגמאָות: „דער אָדלער איז דער קיניג פֿון די פֿייגל"; „דאָס לעבן איז אַ שווערער וועג"; „עס הייבט זיך אָן דער האַרבסט מיט זײַנע רעגנס"; „דער ייִד איז גענוג מאָל געווען דאָס כּפּרה־הינדל"; „דער טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן"; „די פּאַרטיי (אין אַ לאַנד וואו עס איז דאָ נאָר איין פּאַרטיי) האָט באַשלאָסן"; „דער עלטסטער צווישן אונדז"; „דאָס אוממעגלעכע קען ווערן מעגלעך.

זיך מערקן: די פֿראַנצויזן, די רוסן אאַז"וו, אָבער ניט „די ייִדן", בלויז — ייִדן: ייִדן לײַדן פֿון אַנטיסעמיטיזם. ווען מע זאָגט אין אַזאַ פֿאַל „די ייִדן" איז אַזוי ווי מע שליסט זיך אויס פֿונעם כּלל ייִדן.

8. נעמען פֿון פּערזאָנען קומען אָן אַרטיקל; נעמען פֿון לענדער און שטעט דאַרפֿן ניט קיין אַרטיקל. אָבער ווי נאָר זיי קומען מיט אַן אַדיעקטיוו, נייטיקן זיי זיך אין דעם באַשטימטן אַרטיקל. דוגמאָות: „חיים קומט באַלד״; „דער רויטער חיים קומט באַלד״; „ירושלים איז ניט בלויז אַ שטאָט, נאָר אויך אַ סימבאָל״; און — דאָס דריט־טויזנט־יאָריקע ירושלים; אײַנבירגערן זיך אין האָלאַנד און . . . אין דעם פֿרײַען האָלאַנד. פֿאַראַן דאָ עטלעכע יוצאים־מן־הכּלל: זיך לערנען אין דער מיר, קומען פֿון (דער) ליטע, אָפּרוען אין (דער) שווייץ. נעמען פֿון טײַכן און פֿון בערג קומען מיטן באַשטימטן אַרטיקל: דער ירדן פֿליסט, די ווײַסל איז אויך געוואָרן אַ ייִדישער טײַך, די קאַרפּאַטן, דער חרמון.

9. גאָט קומט אָן אַן אַרטיקל, ווען עס רעדט זיך וועגן ייִדישן גאָט און בכּלל וועגן אַן איינציקן גאָט — „גאָט וועט העלפֿן״, „זיי גלייבן דאָך אויך אין גאָט״. אָבער ווי נאָר אַנשטאָט גאָט קומט איינער פֿון זײַנע סינאָ־נימען, איז הערבײַ פֿאַראַן דער באַשטימטער אַרטיקל — דער רבונו־של־עולם, דער הקדוש־ברוך־הוא. בהסכּם מיט די פּונקטן 7 און 8, קומט דער באַשטימטער אַרטיקל ווי נאָר פֿאַרן וואָרט גאָט קומט אַן אַדיעקטיוו — „דער גערעכטער גאָט וועט זיך אָננעמען פֿאַר אונדז״. אויך משיח נייטיקט זיך ניט אין דעם באַשטימטן אַרטיקל.

10. די װ ע נ ד ו נ ג איז אַלעמאָל אָן אַן אַרטיקל: „גרויסער גאָט, נאָר דו ביסט אונדזער הילף״; „ארץ־ישׂראל, טײַער ארץ־ישׂראל, וויפֿל ייִדישע הערצער האָבן זיך געצויגן צו דיר״.

11. ראָשי־תּיבֿותן פֿאַר נעמען פֿון פּערזאָנען, פֿון ווערק, פֿון אינסטי־טוציעס קומען מיטן באַשטימטן אַרטיקל אָדער אָן אַן אַרטיקל, אָפּהענגיק פֿון דעם ווי עס האָט זיך אײַנגעשטעלט. דוגמאָות: דער רמב״ם פּסקנט, רש״י מאַכט, דער של״ה, אַן אויסגאַבע פֿון ייִוואָ, קענען (דעם) תּנך, שולן פֿון ציש״אָ. ווען דער נאָמען פֿון מחבר ווערט פֿאַרביטן מיטן נאָמען פֿון זײַן ווערק, קומט דער באַשטימטער אַרטיקל: דער אור־זרוע, דער שׂפֿת־אמת.

12. ווערטער וואָס באַצייכענען אַ קאָנקרעטן אָרט און דער ריידער נעמט אָן אַז דער הערער ווייס וואָס ער האָט אין זינען קומען אָן אַן אַרטיקל: אַרײַנגיין (זיצן) אין בית־מדרש, אין שול, אין קלויז; אַרויסגיין אין גאַס, אַרײַנקומען אין שטוב, האַנדלען אין מאַרק, וואוינען אין קעלער, אַרומגיין אין וואַלד, אַרבעטן אין פֿעלד, אין גאָרטן און נאָך אַנדערע. ווי נאָר דער ריידער דאַרף אָנווײַזן אַז עס קען זײַן יעדער אָרט — קומט דאָ דער אומ־באַשטימטער אַרטיקל: אַרײַנכאַפּן זיך אין אַ בית־מדרש און זיך צוכאַפּן צו אַ גמרא, אַרומשפּאַצירן אין אַ וואַלד צוליבן געזונט; אַרײַנקומען אין אַ שטוב זיך אָנצוואַרעמען, אַרומגיין אין אַ גאַס, אַבי ניט צו זיצן אין דער היים. ווען דער ריידער פֿילט אַז דאָס קאָנקרעטע דאַרף אַרויסגעהויבן ווערן, ניצט ער דעם באַשטימטן אַרטיקל: אַרײַנגיין אין דעם בית־מדרש וואו מע קען טרעפֿן דעם רבין, אַרבעטן אין דעם גאָרטן אויפֿן באַרג אאַז״וו.

13. נעמען פֿון שטאָפֿן אָן אַ שום אָנווײַז אויף כּמות קומען אָן אַן אַרטיקל, למשל: „בלוט איז ניט וואַסער"; „אָן זאַלץ האָט עס ניט קיין טעם"; „איך טאָר ניט ניצן זאַלץ"; פֿאַרקנעטן טייג; „אַ קינד קען ניט אויסקומען אָן מילך"; „זי איז מיר טײַערער ווי גאָלד"; „עס שטײַגט דער פּרײַז פֿון פֿלייש"; ביטער ווי פֿעפֿער, אַ כּלי פֿון פּלאַסטיק, פֿון גלאָז. בײַם האָבן אין זינען אַ סכום אָדער אַ קאָנקרעטע זאַך קומט דאָ דער באַשטימטער אַרטיקל, למשל: „דאָס בלוט וואָס אונדזערע זין האָבן פֿאַרגאָסן"; „דאָס פֿלייש איז קאַליע געוואָרן"; „גיב מיר די מילך"; „גיס אַרײַן דאָס וואַסער פֿון גלאָז"; „דאָס גאָלד וואָס ער פֿירט מיט זיך". דאָ קענען זיך טרעפֿן אַלע דרײַ פֿאַלן (אָן אַרטיקל, מיטן באַשטימטן אַרטיקל און מיטן אומבאַשטימטן) מיט קלאָרע אונטערשיידן אין באַטײַט: קויפֿן טײַערן ווײַן, קויפֿן דעם טײַערן ווײַן, קויפֿן אַ טײַערן ווײַן, סאַראַ (טײַערער) ווײַן!

14. ווען עס קומט דער אומבאַשטימטער אַרטיקל אַנשטאָט דעם באַשטימטן אָדער אָן אַרטיקל (לויט פּונקט 8 א"אַ), ווערט פֿון אַן אייגננאָמען אַ כּלל־נאָמען. דוגמאָות: „ער איז אַן אמתער מנחם־מענדל"; „אַ ביאַליק ווערט ניט געבוירן אין יעדן דור"; פֿאַרגיסן אַ ירדן טרערן, ער וואַקסט אַ שאַגאַל; „תּל־אָבֿיבֿ ווערט אַ ניו־יאָרק"; טראָגן אויף זיך אַ חרמון חטאים.

15. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן נאָמינאַלן פּרעדיקאַט צו קומען מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל, ווי אין אָט אַזעלכע זאַצן: „זי מעלקט אויס די בהמה און בלײַבט אַליין אַ שטיק בהמה"; „אוי, איז ער אַ פֿערד"; „אַ מלאָכה איז אַ מלוכה"; „ווען די בעל־הביתטע איז אַ קאַץ, איז די קאַץ אַ בעל־הביתטע".

16. דער אומבאַשטימטער אַרטיקל האָט נאָך אַ ספּעציעלע פֿונקציע: בײַ אַ צאָל, בײַ אַ קוואַנטום ווײַזט ער אַז עס איז אַן ע ר ך. דוגמאָות: „צו דער לעקציע זײַנען געקומען אפֿשר אַ הונדערט צוהערערס"; „אַ צוויי מנינים פֿאַרבעטענע געסט"; „דער טעאַטער־זאַל קען אַרײַננעמען אַ פֿינף הונדערט מאַן"; „מיט אַ מערהייט פֿון אַ טויזנט שטימען".

די פֿונקטן שעפּן ווײַט ניט אויס אַלע באַזונדערקייטן בײַם דורכלאָזן דעם אַרטיקל און בײַם ניצן דעם באַשטימטן אָדער דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל. דאָ קומען אויך אַרײַן אידיאָמאַטישע אויסדרוקן; הערן מיט קאָפּ, דערלאַנגען לשון, דרייען אַ ספּאָדיק, טעגהן מיט האָרץ, רעדן מיט באַקציינער און נאָך און נאָך. דאָס ניצן אָדער דאָס דורכלאָזן דעם אַרטיקל איז אויך אָפּהענגיק פֿון אינדיווידועלן סטיל.

17. דער אַרטיקל דעם שמעלצט זיך צונויף מיט דער פּרעפּאָזיציע וואָס קומט פֿאַר אים און עס באַקומען זיך: אויפֿן, אונטערן, איבערן, בײַזן, דורכן, נאָכן, לויטן, מיטן, פֿאַרן, צוליבן, בײַם, צום, אינעם, פֿונעם.

## ג. דער גראַמאַטישער מין

1. סובסטאַנטיוון מוזן געהערן צו איינעם פֿון די דרײַ גראַמאַטישע מינים: צום מענלעכן — מיטן אַרטיקל דער אין נאָמינאַטיוו, דעם — אין אַקוזאַטיוו־דאַטיוו; צום ווײַבלעכן — מיטן אַרטיקל די אין נאָמינאַטיוו און

אַקוזאַטיוו, דער — אין דאַטיוו; צום בייטראַלן — מיטן אַרטיקל דאָס אין נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו, דעם אין דאַטיוו.

דער גאַנצער ענין ווערט דאָ געגעבן נאָרמאַטיוו. ער איז דער סך־הכּל פֿון אַלע בײַז־איצטיקע פֿאָרשונגען און פֿאָרלייגן און באַזירט זיך אויף אײַנדרוקן פֿון דער קינסט־לערישער און פּראָזאַאישער ליטעראַטור. אַלע ווײַטערדיקע כּללים זײַנען גראַמאַטישע, זיי קענען האָבן יוצאים־מן־הכּלל.

2. זאַכווערטער וואָס באַצייכענען לעבעדיקע באַשעפֿענישן פֿון מענ־לעכן געשלעכט געהערן צום מ ע נ ל ע כ ן מין; זאַכווערטער וואָס באַציי־כענען לעבעדיקע באַשעפֿענישן פֿון ווײַבלעכן געשלעכט געהערן צום ו ו ײַ ב ל ע כ ן מין. דער מאַן — די פֿרוי, דער עלטער־זיידע — די עלטער־באָבע, דער שׂררה — די שׂררהטע, דער בריה — די בריה(טע), דער לערער — די לערערין אָדער לערערקע, דער יִשובֿניק — די יִשובֿניצע, דער מפֿונק — די מפֿוניצע, דער מחותּן — די מחותּנתטע, דער האַר — די האַ־רינטע, דער פּאָעט — די פּאָעטעסע, דער חלוץ — די חלוצה, דער צדיק — די צדיקת, דער בער — די בעריכע, דער אָגער — די קליאַטשע, דער גאַנער — די גאַנדז, דער הונט — די צויג אאַז״וו.

[וועגן סופֿיקסן צו שאַפֿן ווײַבלעכע נעמען קאַפּ׳ צוויי סובּ׳ ד.]

פֿאַרשטייט זיך לויטן באַטײַט: דער שׂטן, דער שׂעיר־לעזאזל; די אשת־חיל, די אַם, די פּילגש. מיטגליד קען ניט שאַפֿן קיין פֿאָרעם פֿאַר אַ פֿרוי, דעריבער: „ער איז דער מיטגליד פֿון..., זי איז דער וויכטיקסטער מיט־גליד פֿון די פֿרויען־פֿיאָנערן״.

3. עס ווערן אויסגעטיילט באַזונדער דרײַ ווערטער וואָס דאַרפֿן אויפֿ־היטן דעם כּלל פֿון פּונקט 2, כאָטש עס איז קעגן דעם באַנוץ פֿון אַ גרויסן רובֿ: די ווײַב, דער ייִנגל, די מיידל.

4. די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען אויפֿן טראַפֿיקן ־ל און אויף ־עלע געהערן אַלע צום ב ײַ ט ר אַ ל ן מין, אויך פֿון די סובסטאַנטיוון וואָס גע־הערן צום פּונקט 2 און 3. בכן — דאָס זיידעלע, דאָס פֿרויעלע, דאָס שוועס־טערל, דאָס מחותּנדל, דאָס צדיקל, דאָס ציגעלע, דאָס הינטל, דאָס הינטעלע, דאָס ווײַבל, דאָס ווײַבעלע, דאָס ייִנגעלע, דאָס מיידעלע. אַזוי אויך: דער טיש— דאָס טישל, דאָס טישעלע, דער שניי — דאָס שנייעלע, דער אויער — דאָס אויערל, דער רעגן — דאָס רעגנדל, דער שירעם — דאָס שירעמל אאַז״וו.

5. נעמען פֿון לענדער און שטעט געהערן צום ב ײַ ט ר אַ ל ן מין, חוץ די וואָס ענדיקן זיך אויפֿן ניט־אַקצענטירטן קלאַנג [ע] און געהערן צום ו ו ײַ ב ל ע כ ן מין. דאָס טײַערע ארץ־ישׂראל, דאָס אַלטע ירושלים, דאָס גרויסע בראַזיל, דאָס פֿאַרמלחמהדיקע פּוילן, דאָס אַמאָליקע עסטרײַך, דאָס פֿילמיליאָניקע ניו־יאָרק, דאָס טומלדיקע תּל־אָבֿיבֿ, דאָס ייִדישע מאָנטרעאָל; די חרובֿע ווילנע, די אומאָפּהענגיקע ליטע, די פֿריילעכע כּתרילעווקע, די פֿרײַע אַמעריקע, די אָרעמע אַפֿריקע, די זינגענדיקע איטאַליע, די פֿרומע

סלאַבאָדקע. יוצאים־מן־הכּלל: די טערקײַ, די סלאָוואַקײַ, די שווייץ, די מיר (אין רײַסן).

6. די נעמען פֿון די אותיות און ציפֿערן קענען געהערן צום מענלעכן אָדער ווײַבלעכן מין. בכן קען זײַן: דער אָדער די אַלף, דער לאַנגער אָדער די לאַנגע נון, דער אָדער די צוויי, דער אָדער די נול.

7. נעמען פֿון שפּראַכן אויף ־יש קענען געהערן צום נייטראַלן אָדער מענלעכן מין. בכן קען זײַן: דאָס אָדער דער ייִדיש, דאָס מוזיקאַלישע אָדער דער מוזיקאַלישער איטאַליעניש, דאָס טויזנטעריאָריקע אָדער דער טויזנטעריאָריקער אַרמיש.

[די פּונקטן 8־13 ווײַזן ווי צו דערקענען דעם גראַמאַטישן מין על־פּי דער ענדונג פֿון סובסטאַנטיוו.]

8. אַלע זאַכווערטער וואָס ענדיקן זיך אויפֿן ניט־אַקצענטירטן קלאַנג [ע] געהערן צום ווײַבלעכן מין, למשל: די מאַסע, די מאָדע, די קאַטשערע, די נאַציע, די סטענגע, די קאָנסטיטוציע, די צרה, די הנאָה, די גוזמא, די מורא, די טבֿע, די כּלי, די פּרי, די עין־הרע. (בלויז די ווערטער וואָס געהערן צום פּונקט 2 וואַרפֿן זיך ניט אונטער אַט דעם כּלל: דער קונה, דער עולה א״א).

9. עס געהערן צום מענלעכן מין צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע ווערטער וואָס ענדיקן זיך אויף: א) דעם טראַפֿיקן ל, ב) דעם טראַפֿיקן ן אָדער ־ען, ג) ־עם, ד) ־ער. בײַשפּילן: א) דער פֿויגל, דער ווידל, דער פֿליגל, דער קעמל, דער קיטל, דער אַרבל, דער רומל, דער דישל, דער קנאַבל, דער שימל; ב) דער וואָלקן, דער שטערן, דער קאַסטן, דער קאַפּטן, דער בראַנפֿן, דער קוכן, דער קוימען, דער נאָמען, דער באָגינען; ג) דער בוידעם, דער וואָרעם, דער טורעם, דער בוזעם, דער שירעם, דער ליאַרעם, דער פֿאָדעם, דער פּורעם, דער פֿילעם; ד) דער האַמער, דער ווינטער, דער נאָוועמבער, דער פּערימעטער, דער טעאַטער, דער זשאַנער, דער קילאָמעטער, דער טאָלער, דער עמער.

די אויסנעמען פֿון אַט דעם כּלל 9 אין ווערטערביכל.

10. עס געהערן צום ווײַבלעכן מין די ווערטער מיט די סופֿיקסן: א) ־ונג, ב) ־הייט. בײַשפּילן: א) די צײַטונג, די פֿעסטונג, די רעכענונג, די באַשטעטיקונג, די באַרעכטיקונג, די בייגונג, די באַשרײַבונג; ב) די פֿרײַהייט, די גלײַכהייט, די קינדהייט, די אײַנהייט, די שיינהייט.

11. עס געהערן צום נייטראַלן מין די ווערטער מיט די סופֿיקסן: א) ־ס, ב) ־(ס)טל, ג) ־עכץ, ד) ־וואַרג, ה) ־טום. בײַשפּילן: א) דאָס גוטס, דאָס גרינס, דאָס געבעקס, דאָס געבראָטנס, דאָס געקעכטס, דאָס פֿאַרבאַרגנס, דאָס באַדעקנס; ב) דאָס דריטל, דאָס צענטל, דאָס צוואַנציקסטל, דאָס הונדערטסטל, דאָס טויזנטסטל; ג) דאָס גלייבעכץ, דאָס שפּײַעכץ, דאָס וואוינעכץ, דאָס שרײַבעכץ, דאָס פֿאַרליבעכץ, דאָס באַשפּײַזעכץ, דאָס געהיגעכץ; ד) דאָס קליינוואַרג, דאָס גאָרטנוואַרג, דאָס אײַזנוואַרג, דאָס

רויוואַרג, דאָס רויכוואַרג, דאָס שרײַבוואַרג; ה) דאָס ייִדנטום, דאָס הייליקטום, דאָס שרײַבערטום, דאָס קריסטנטום.

12. עס געהערן צום ווײַבלעכן מין (און קענען צום טייל געהערן צום נייטראַלן מין) די ווערטער מיט די סופֿיקסן: א) ־קייט, ב) ־שאַפֿט און ג) ־ות פֿון לשון־קודש. בײַשפּילן: א) די שיינקייט, די גוטסקייט, די און דאָס באַטראַכטקייט, די און דאָס טיילעוודיקייט; ב) די פֿרײַנדשאַפֿט, די בענקשאַפֿט, די און דאָס געזעלשאַפֿט, די און דאָס געטרײַשאַפֿט; ג) די עקשנות, די ל(י)צנות, די און דאָס גשמיות, די און דאָס נביאות.

13. עס געהערן צום נייטראַלן מין (און קענען צום טייל געהערן צום ווײַבלעכן מין) די ווערטער מיט די סופֿיקסן: א) ־עניש און ב) ־ערײַ. בײַשפּילן: א) דאָס און די געשעעניש, דאָס און די פּינצטערניש, דאָס זיפּצעניש, דאָס און די גערעטעניש, דאָס און די קלעמעניש; ב) דאָס באַרימערײַ, דאָס געזיפּצערײַ, דאָס גערײדערײַ, דאָס פּײַפֿערײַ, דאָס בעקערײַ (די פּרנסה, די באַשעפֿטיקונג פֿון בעקער), די בעקערײַ (וואו מע פּאַרקויפֿט אָדער מע באַקט געבעקס), דאָס פֿאַרבערײַ (די באַשעפֿטיקונג), די פֿאַרבערײַ (וואו מע פֿאַרבט קליידער אָדער געוואַנט), דאָס שמידערײַ (די אַרבעט, די באַשעפֿטיקונג), די שמידערײַ (די קוזניע).

די פּונקטן 23־14 ווײַזן ווי צו דערקענען דעם גראַמאַטישן מין על־פּי דער שאַפֿונג פֿון וואָרט און לויט זײַן אָפּשטאַם.

14. עס געהערן צום נייטראַלן מין א) אַלע אינפֿיניטיוון וואָס ווערן גענוצט ווי סובסטאַנטיוון, ב) אַלע סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון, גערונדיוון און פּאַרטיציפּן אויף ע וואָס שאַפֿן אַבסטראַקטע באַגריפֿן. בײַשפּילן: א) דאָס דורכגיין זיך, דאָס באַטראַכטן די פֿראַגע, דאָס אַרײַנקריגן די ירושה, דאָס לאָזן זיך גיין, דאָס זײַן, דאָס ווערן; ב) דאָס דורכגעגאַנגענע, דאָס באַטראַכטע, דאָס אויבנאויפֿיקע, דאָס אַריבערגייענדיקע, דאָס אויפֿקומענדיקע, דאָס אומפֿאַרמײַדלעכע, דאָס אייביקע, דאָס געוואָרענע, דאָס ווערנדיקע, דאָס גוטע.

בײַם באַצייכענען פֿאַרשיידענע מינים ליגיעס און ווען מע האָט אין זינען אַ זאַכוואָרט פֿון ווײַבלעכן מין — איז עס די: די קרומע, די גראָדע, די געבראָכענע, די פֿאַלנדיקע; ער האָט די פֿאַליקע (קראַנקייט).

15. אַלע אַנדערע סובסטאַנטיווירונגען געהערן צום מענלעכן מין, למשל: דער אַרום, דער אַקעגן, דער אינדערפֿרי, דער אויפֿדערנאַכט, דער פֿונדאָסנײַ, דער זײַט־מוחל, דער לאָמיך־געמאַך, דער וויס־איך־וואָס, דער אויך־מיר־אַ־שאלה.

16. זאַכווערטער פֿון שטאַם פֿון ווערב (אויך מיט די פּרעפֿיקסן און די קאָנווערבן, אָבער אָן שום סופֿיקסן) — אין דער פֿאָרעם וואָס איז פֿאַראַן אין אינפֿיניטיוו אָדער אין פּאַרטיציפּ — געהערן צום מענלעכן מין, למשל: דער שפּרונג, דער ריס, דער וואונק, דער בראָך, דער דריגע, דער סקריפּ; דער אַנטלויף, דער באַזינג, דער דערמאָן, דער פֿאַרטראַכט, דער

צענעם, דער אַוועקגאַנג, דער אויסגאַנג, דער אָפּלויף, דער איבערשרעק, דער אַריבערפֿיר, דער אַרײַננעם, דער צושפּרונג, דער אַרויפֿפֿלי.

17. זאַכווערטער פֿון שטאַם פֿון אַדיעקטיוו אָן שום צוגאָב געהערן צום ווײַבלעכן מין, למשל: די לענג, די הייך, די טיף, די קעלט, די וואַרעם, די פֿרי, די שאַרף, די האַלב, די גרינג, די געשווינד, די גרין, די בלוי, די געל. (בײַ קאַלירן טרעפֿט מען אויך דעם נייטראַלן מין: דאָס שוואַרץ א״ע.)

18. זאַכווערטער וואָס שאַפֿן זיך פֿון אַנדערע זאַכווערטער אָדער פֿון שטאַם פֿון ווערב מיטן פּרעפֿיקס גע־ — געהערן צום נייטראַלן מין. דוגמאָות: דאָס געבייך, דאָס געוועט, דאָס געשטערן, דאָס געצווײַג, דאָס געשלעג, דאָס געטומל, דאָס געוועב, דאָס גערויש, דאָס גערייד, דאָס גע־פֿילדער.

19. אַלע לשון־קודשע ווערטער, חוץ די וואָס זייער מין איז באַשטימט דורך די פּריזער־פֿאָרמולירטע כּללים, געהערן צום מענלעכן מין. דוג־מאָות: דער שבת, דער טעות, דער יום־טובֿ, דער שבֿועות, דער פּורים, דער חודש, דער ברית, דער טלית, דער עולם, דער פּסק, דער סך־הכּל, דער חרם, דער מכשיר, דער חומש, דער חדר, דער חמץ, דער בר־מינן, דער מת, דער נס, דער פּרוכת, דער דין־וחשבון, דער ביקור־חולים.

[די יוצאים־מן־הכּלל ← דאָס ווערטערביכל.]

20. אויב מע ווייס אַז אַ וואָרט שטאַמט פֿון סלאַוויש, ווייס מען אויך זײַן גראַמאַטישן מין — דעם מענלעכן, חוץ די פֿאַלן ווען דער מין איז באַשטימט לויט די פּריזער־פֿאָרמולירטע כּללים. בײַשפּילן: דער פּליך, דער אָקרענט, דער סאַמאָוואַר, דער פּריידיק, דער פּאַלומעסיק, דער דעמב, דער פּאַדריאַד, דער קאַראַהאַד, דער קניש, דער מאַיאַנטיק.

21. ס׳רובֿ אינטערנאַציאָנאַליזמען געהערן צום מענלעכן מין. בײַשפּילן: דער אַפּריל, דער טאַנאַזש, דער רעסטאָראַן, דער דיקטאַט, דער פּאַראַלעל, דער אַמפּלואַ׳, דער עקספּאָזע׳, דער אולטימאַטום, דער פּרע־זידיום, דער פֿוטבאָל.

22. עס געהערן צום ווײַבלעכן מין די אינטערנאַציאָנאַליזמען וואָס ענדיקן זיך אויף א) ־יק, ווי די לאָגיק, די פֿאַבריק, די סיסטעמאַטיק; ב) אויף ־(ט)ור, ווי די בראָשור, די קולטור, די סטרוקטור; ג) ־ענץ און ־אַנץ, ווי די עקסיסטענץ, די פּאַטענץ, די סובסטאַנץ, די רעפֿערזענ־טאַנץ; ד) אויף ־יטעט, ווי די נאַציאָנאַליטעט, די ספּעציאַליטעט, די אימוניטעט; ה) אויף ־י׳ן, ע׳ם, ־גראַם, ־טע׳ק, ־יי, ווי די מאַשין, די דיסציפּלין, די פּראָבלעם, די סיסטעם; די פּראָגראַם, די טעלעגראַם; די ביבליאָטעק, די היפּאָטעק; די אַרמיי, די פּאָליציי.

[די יוצאים־מן־הכּלל — דאָס ווערטערביכל.]

23. דער גראַמאַטישער מין פֿון אַ צונויפֿהעפֿט (ענין ט) ווערט באַ־שטימט נאָך זײַן לעצטן טייל. דוגמאָות: דער וואַנטזייגער, דער אַרבעטסטיש,

די וואַסערמיל, די מזרח־וואַנט, די פֿאַלקסבאַנק, דאָס שבת־אויפּס, דאָס טעאַטער־לידל, דער כּנסת־בנין, דאָס פֿאַרבײַט־וואָרט, די סעמעסטער־פּראָגראַם. אויך דאָ זײַנען פֿאַראַן געוויסע באַזונדערקייטן ווי דער יאָרצײַט (כאָטש די צײַט און דאָס יאָר), דער פֿינפֿיאָר.

בײַ העברעאיזמען, געבויט ווי אַ סמיכות, ווערט דער מין געוויינטלעך באַשטימט פֿון דעם ערשטן טייל, למשל: די כּנסת־ישׂראל, דער שיר־המעלות, דער שלום־בית, דער דרך־הפּשרה, דער חשבון־תּרעומות, דער זכות־אָבֿות.

וועגן אַ פּראָנאָם וואָס פֿאַרבײַט אַ סובסטאַנטיוו קאַפּ׳ פּראָנאָם א4.

# ווערטערביכל

## פֿון סובסטאַנטיוון מיט אָנווײַזונגען פֿון גראַמאַטישן מין

24. אין ווערטערביכל פֿאַרן גראַמאַטישן מין ווערן געגעבן ווערטער וואָס ווערן ניט געדעקט פֿון די כּללים 2־23, יוצאים־מן־הכּלל און אַ צאָל ווערטער וואָס קענען אַרויס־רופֿן ספֿיקות. ווען עס קומען צוויי אַרטיקלען מיט אַ טירע צווישן זיי, באַטײַט עס אַז בײדע גראַמאַטישע מינים זײַנען גלײַכבאַרעכטיקט; דער אַרטיקל אין קלאַמערן ווײַזט אַז אויך אים קען מען ניצן, אָבער די בכורה ווערט אָפּגעגעבן דעם ערשטן.

**א.**

אַאַזיס, דער
אַבאַזשור, דער
אַבן־טובֿ, דער
אבֿר, דער
אַגרעס, דער
אָדער, דער
אָוויר, דער
אָוונט, דער
אויג, דאָס
אויגנבליק, דער
אויטאָריטעט, די
אויטאָריטעט, דער (אַ פּערזאָן)
אויסגעשריי, דער
אויסדרוק, דער
אויסוואַל, דער
אויסזיכט, די
אויסזען, דאָס—דער
אויסטײַטש, דער
אויס(נ)לאַנד, דאָס
אויסנעם, דער
אויספּרווו, דער
אויסצוג, דער
אויסשטײַער, דער
אויסשניט, דער
אויסשפּראַך, די
אויער, דער (דאָס)
אויפֿס, דאָס
אויפֿגאַב, דער
אויפֿגעלאַף, דער
אויפֿדערוואַך, דער
אויפֿזיכט, די
אויפֿטו, דער
אויפֿטריט, דער
אויפֿטרעט, דער
אויפֿטרעף, דער
אויפֿמערק, דער
אויפֿנעם, דער
אויפֿפֿיר, דער
אויפֿצוג, דער
אויפֿקום, דער
אויפֿשוואַרץ, דער
אויפֿשטאַנד, דער
אויפֿשניט, דער
אויפֿשריפֿט, די
אוירינגל, דאָס
אומגאַנג, דער
אומגליק, דאָס
אומגעגנט, די
אומגעדולד, דאָס (די)
אומגראַד, די
אומוועג, דער
אומזין, דער
אומזיבעך, דער
אומעט, דער
אומפֿלייט, דאָס
אומצוטרוי, דער
אומצוכט, די
אומצוכט, דאָס (זנות)
אומרו, דער (פֿון זייגער)

אומרו, די (פֿון געמיט)
אומרעכט, דאָס
אומשולד, די
אומשטאַנד, דער
אונטערבאַוואוסטזײַן, דאָס
אונטערבאַן, די
אונטערגאַנג, דער
אונטערגרונט, דער
אונטערדעק, די (דער)
אונטערהעמד, דאָס
אונטערוועלט, די
אונטערוועש, דאָס
אונטערלײַב, דאָס
אונטערשטאַנד, דער
אונטערשייד, דער
אונטערשריפֿט, די
אוניווערס, דער
אוניווערסיטעט, דער
אוניקום, דער
אונץ, די
אוראײניקל, דאָס (דער)
אוראַניום, דער
אורזאַך, די
אורים־ותומים, דער
אוריך, דער
אורלויב, דער
אות, דער (דאָס)
אַחדות, די (דאָס)
אַחריות, די (דאָס)
אַטאָם, דער
אַטאַק, דער
אַטלאַס, דער
אַטלעט, דער
אַטמאָספֿער, די
אַטעליע׳, דער
אָטעם, דער
איבעראַרבעט, די
איבערבעט, דאָס
איבערבראָך, דער
איבערגאַנג, דער

איבערדעק, דער
איבערוואָג, די
איבערמאָס, די
איבערמאָרגן, דער
איבערפֿאַל, דער
איבערפֿאָר, דער
איבערקער, דער
איבערראַשונג, די
איבעררייד, דער
איבערשמועס, דער
איבערשעה, די
איבערשרעק, דער
אידיאָם, דער
אידיי, די
איזם, דער
איי, דאָס
אייבערהאַנט, די
אייבערוואָג, די
אייבערפֿלאַך, די
אייבערשטאַנד, דער
אייבערשפּיצל, דאָס
אייגנבוץ, דער
אייגנשאַפֿט, די
איידלמוט, דער
איידלשטיין, דער
אײַז, דאָס
אייזל, דער
אײַזן, דאָס
אײַזן, דער (אַ שטאַנג)
אײַזנבאַן, די
אײַזנבראָך, דער
אײַזנברעך, דאָס
אייטער, דער
אײַטער, דער
אייל, די (מאָס)
אייל, דער (צו בראָטן)
איילבערט, דער
אײַנבונד, דער
אײַנדרוק, דער
אײַנהער, דער

אײַנזען, דאָס
אײַנטריט, דער
אייניקל, דאָס (דער)
איינס, די—דער (ציפֿער)
איינס, דער (גאַנצקייט)
אײַנפֿאַל, דער
אײַנפֿיר, דער
אײַנפֿלוס, דער
איינצאָל, די
אײַנשטעל, דער
אײַנשניט, דער
אייערנעכטן, דער
אייפֿערזוכט, די
אייר, דער
איך, דער
איכות, די (דאָס)
אימפּאָרט, דער
אימפּעט, דער
אינגבער, דער
אינגבערל, דאָס
אינגעווייד, די (מ״צ)
אינד, די (קוואַליע)
אינד, דער—די (דז״וו הינד)
אינהאַלט, דער
אינווענטאַר, דער
אינטעגראַל, דער
אינטערוואַל, דער
אינטערוויו׳, דער
אינטערלוד, דער
אינטערנאַציאָנאַל, דער
אינטערעס, דער
איניציאַטיוו, דער
איניציאַל, דער
אין־סוף, דער
איצט, דער
איקס, דער
אַכזריות, די (דאָס)
אַכט, די (אַכטונג)
אַכט, די—דער
אַכטאָג, דער

אָל, די (נאָל)
אַלטיי, דער
אַליי, די
אַלמאַכט, די
אָם, דער
אַמאַלגאַם, די—דער
אַמאָניום, דער
אַמאַרעל, דער
אַמט, דער (שטעל)
אַמט, דער—די (אינסטיטוציע)
אמת, דער
אָנבײַסן, דער—דאָס
אָנבליק, דער
אָנגעלאַף, דער
אָנדענק, דער
אָנהייב, דער
אָנוואוקס, דער
אָנוואַקס, דער
אָנזען, דאָס—דער
אָנטאָן, דאָס (דער)
אַנטייל, דער
אַנטיק, דער
אַני־מאַמין, דער
אָנמוט, דער
אָננעם, דער
אָנפֿאַל, דער
אָנפֿרעג, דער
אָנקניפּ, דער
אָנשטעל, דער
אָנשיט, דער
אַפּאָגיי׳, דער
אָפּגאָט, דער
אָפּגאַנג, דער
אָפּגאָס, אָפּגוס, דער
אָפּגרונט, דער
אָפּדאַך, דער
אָפּדרוק, דער
אָפּהאַנג, דער
אָפּזאַץ, דער
אָפּטײַטש, דער

אָפּטייק, די
אָפּטריט, דער
אָפּיום, דער
אַפּיקורסות, די (דאָס)
אָפּמאַך, דער
אָפּנייג, דער
אָפּע׳ל, דער
אָפּפֿאַל, דער
אָפּפֿרעג, דער
אָפּצאָל, דער
אָפּצאַס, דער
אָפּצוג, דער
אָפּקום, דער
אָפּרו, דער
אָפּרייד, דער
אָפּשטאַנד, דער
אָפּשײַ, דער
אָפּשמועס, דער
אָפּשניט, דער
אָפּשרעק, דער
אָפּיס, דער
אָפּי׳ר, דער
אַקט, דער
אָקטאַוו(ע), די
אַקטיוו, דער
אַקס, די
אָקרעפּ, דער
אַראָפּ־באַרג, דער
אַראָפּגאַנג, דער
אַראָפּהאַנג, דער
אַרבעט, די
אַרבע־כּנפֿות, דער
אַרבעס, דער
אָרון־קודש, דער
אַרויסטריט, דער
אַרויף־באַרג, דער
אַרומגעם, דער
אַרומרייד, דער
אָרט, דער
אָרט, דער (דאָס)
אָרט, דאָס (פּלאַצענטע)
אַרטיקל, דער
אַרטיקל, דאָס—דער (מין סחורה)
אַרטעל, דער
אַריבערפֿאָר, דער
אָריגינאַל, דער
אריכות־ימים, דער
אַרמיי, די
אָרץ, דער—דאָס
אַש, דאָס
אַתּה־בחרתּנו, דער

**ב.**

באָב, דער
באָד, די (דאָס)
באַוול, דער
באַזיס, דער
באַזיץ, דער
באַטרעף, דער
באָך, דער
באַל, דער
באַלזאַם, דער
באַלעט, דער
באַלעם, דער
באַמערק, דער
באַן, די
באַנד, די (סטענגע)
באַנד, דער (פֿון אַ בוך)
באַנק, די
באַנק, די—דער (פֿינאַנס)
באַס, דער
באַק, די
באַקצאָן, דער
באַר, די (באַרנע)
באַראַט, דער
באַרג, דער
באָרד, די
באָרט, דער (פֿון שיף)
באַריכט, דער
באַרשט, די

באָרשט, דער
באַשאַף, דער
באַשלוס, דער
בגד, דער
בויד, די
בויך, דער
בוים, דער
בוימל, דער (אָליוונאייל)
בוך, דאָס—דער
בונד, דער
בונט, דער
בוק, דער (בוים)
בורשטין, דער
בוריק, דער
ביבל, די
ביורא, דאָס—דער
בייגל, דער (צום עסן)
בייגל, דאָס (פּאַפּיר)
בייז, דאָס
בײַט, די
בײַטש, די
בײַל, די—דער
ביילק, דער
ביין, דער
בייץ, דער
בײַשטידל, דאָס
בײַשפּיל, דער
בילד, דאָס
בין, די
בין־הזמנים, דער
בין־השמשות, דער
בינטל, דאָס
בינשטאָק, דער
ביסל, דאָס
ביקס, די
ביר, דאָס—דער
בית־דין, דער
בית־הכּנסת, דער (דאָס)
בית־המדרש, דער (דאָס)
בית־המקדש, דער (דאָס)
בית־הקבֿרות, דער (דאָס)
בית־עולם, דער
בית־עלמין, דער
בלאָט, דער (דאָס)
בלאָט, דאָס—דער (צײַטונג)
בלאַנק, דער
בלאָף, דער
בלוט, דאָס
בלויז, דער
בלום, די
בליאַסק, דער
בלײַ, דאָס
בלייז, דער
בליץ, דער
בליק, דער
בלעך, דאָס
בלעך, די (כּלי)
בניך, דער
בעבל, דאָס
בעז, דער
בעט, די—דאָס
בעלנות, די (דאָס)
בעקן, דער
בער, דער
בקיאות, די (דאָס)
בראָטיויך, די
בראָך, דער
בראָך, דער—די (אומגליק)
בראָכוואַרג, דאָס
בראָם, די (טויער)
בראָם, דער (עלעמענט)
בראַנד, דער
בראַנד, די (זי, בריה)
בראָנדז, דאָס (דער)
בראַק, דער
בראָק, דער (דאָס)
בראָש, די
ברוד, דער
ברויז, די—דאָס
ברויט, דאָס

ברוך, דער
ברוך־הבא, דער
ברוסט, די
ברוק, דער
בריוו, דער
בריזל, דאָס
ברײַזל, דאָס
בריל, די
בריק, די
בריק, דער (מיט אַ פּוס)
בר־מצווה, די
בר־מצווה, דער (...־בחור)
ברעג, דער
ברעט, די (דאָס)
ברעך, דאָס
ברעם, די (פֿון אויג)
ברעם, דער (מיט האָלץ)
ברענהאָלץ, דאָס
ברענוואַרג, דאָס
ברעקל, דאָס
בשׂר־ודם, דער
בת־קול, דער (דאָס)

ג

גאָב, די
גאָב, די—דער (איראָניש)
גאונות, די (דאָס)
גאַז, דער
גאָט, דער
גאָטזאַך, די
גאַל, די
גאָלד, דאָס
גאָלדקרעם, דער
גאַנג, דער
גאַנדז, די
גאַניק, דער
גאַס, די
גאָסאײַזן, דאָס
גאַסט, דער
גאַסטצימער, דער
גאָפּל, דער
גאָר, דער
גאַרב, דער
גאַרגל, דער
גאַרן, דער
גאָרן, דער
גאָרפּינקל, דער
גאַרקיך, די
גבאות, די (דאָס)
גבֿול, דער
גוואַלד, די (כּוח)
גוואַלד, דער (געשריי)
גווינט, דער
גוז, דער (דאָס)
גוט, די (דאָס)
גוטס, דאָס
גוט־שבת, דער
גומי, דער
גומע, די
גוס, דער
גוסאײַזן, דאָס
גוסט, דער
גוף, דער
גורל, דער
גט, דער
גיהנום, דער (דאָס)
גײַסט, דער
גײַעס, דאָס
גײַק, די
גיכבאַן, די
גיל, די
גינגאָלד, דאָס
גיפּס, דער
גיפֿט, דער
גלאָז, דאָס
גלאָז, די (כּלי)
גלאָמפּ, דער
גלאַנץ, דער
גלאָק, דער
גלויבן, דער

גלוסט, דער
גלות, דער
גליד, דאָס (דער)
גליטש, דער
גלייבן, דאָס
גלײַכוואָג, די
גלײַכוואָרט, דאָס
גלײַכווערט, דער
גליק, דאָס
גמילות־חסד, דער
גנאָד, די
גן־עדן, דער (דאָס)
געבאָט, דאָס
געביט, דאָס—דער
געבײַ, דאָס
געבעט, דאָס
געבערג, דאָס
געברויך, דער
געברויך, דאָס (נקבֿים)
געגנט, די
געדאַנק, דער
געדויער, דער
געדולד, דאָס (די)
געדראַנג, דער (שׂכלדיק)
געדראַנג, דאָס (שטופּעניש)
געהאַלט, דאָס
געהילף, דער
געהילץ, דאָס
געוואַנט, דאָס
געוויטער, דאָס
גערוייק, דאָס (דער)
געוויכט, דאָס
געוויסן, דאָס (דער)
געוויסער, דאָס
געוויקס, דאָס
געווירץ, דאָס
געוועט, דאָס (דער)
געוועלב, דאָס
געווער, דאָס
געזונט, דאָס
גענויכט, דאָס
געזימס, דער
געזינד, דאָס
געזעץ, דאָס (דער)
געטאָ, דאָס (די)
געטראַנק, דאָס (דער)
געלט, דאָס
געלכל, דאָס
געלעגער, דאָס—דער
געלעכטער, דאָס—דער
געלענדער, דאָס—דער
געלענק, דאָס (נטיה)
געלענק, דאָס—דער
געמיט, דאָס
גענאָסיד, דער
געניי, דאָס
געניק, דער
גענעץ, דער
געפּילדער, דאָס—דער
געפּאַר, די
געפּיל, דאָס—דער
געפּעס, דאָס
געצײַג, דאָס
געצעלט, דאָס
געראַנגל, דאָס—דער
גערודער, דאָס (דער)
געריכט, דאָס—דער (מאַכל)
געריכט, דאָס—דער (בית־דין)
גערעטעניש, דאָס (די)
גערע׳ם, דאָס (רעמלעך)
גע׳רעם, דער (גערמע)
גערשט, דער (די)
געשוויר, דאָס
געשטאַלט, די (דאָס)
געשלידער, דער (דאָס)
געשלעג, דאָס
געשלעכט, דאָס
געשעפּט, דאָס (דער)
געשפּענסט, דאָס (דער)
געשפּרעך, דער

גשעריי, דאָס—דער
גראַבאײַזן, דער
גראַד, דער
גראַדעק, דער
גראָז, דאָס
גראַם, דער
גראַנאַט, דער
גראָס, דער
גרוב, די
גרויל, דער (די)
גרויפּ, די
גרונד, דער
גרונט, דער
גרוס, דער
גרײַז, דער
גרײַזל, דאָס
גרייס, די
גרײַפּל, דאָס
גרייפּפרוכט, דער
גרײַשל, דאָס
גריל, די
גרים, דער
גרימצאָרן, דער
גרינד, דער
גריף, דער
גריץ, די
גרעב, די
גרעט, דאָס
גרענעץ, דער—די
גרעק, דער
גשמיות, די (דאָס)

ד.

דאַך, דער
דאַמף, דער
דאַנק, דער
דאָק, דער
דאָרשט, דער
דויער, דער
דונײַ, דער
דועל, דער
דופּט, דער—די
דור, דער
דורכפֿאַל, דער
דורכפֿאָר, דער
דורכפֿיר, דער
דורכשלאָק, דער
דורכשניט, דער
דזשאָנגל, דער
דזשעז, דער
דזשעט, דער
דחקות, די (דאָס)
דיאַגאָנאַל, דער
דיך, די—דער
דיכט, דער
דיל, דער
דימענט, דער
דינסט, די (דינערין)
דינסט, דער (דאָס דינען)
דין־תּורה, דער—די
דיסטריקט, דער
דיספּוט, דער
דיִעט(ע), די
דירעקטאָריום, דער
דלאָט, דער
דלות, דער
דנאָ, דער
דעביוט, דער
דעבעט, דער
דעטאַל, דער
דעמב, דער
דענקמאָל, דער
דעסי, דער
דעק, דער (פֿון אַ שיף)
דעק, דער (דנאָ)
דעק, די—דער (צוצודעקן)
דער, די (טובערקולאָז)
דעריק, דער
דערפֿאָלג, דער
דעת־הקהל, דער

דראַט, דער
דראַנג, דער
דראַנג, דער
דרויב, דאָס (די)
דרוק, דער (לופטדרוק)
דרוק, די (דרוקערײַ)
דריז, די
דריידל, דער (גאַר, ווערפּל)
דריידל, דאָס
דרײַטל, דאָס (אין קאָרטן)
דרײַעק, דער
דרײַפוס, דער
דריל, דער
דריסת־הרגל, דער
דרך־ארץ, דער
דרך־הטבע, דער
דרעק, דאָס
דרש, דער
דת, דער

ה.

האָב־און־גוטס, דאָס
האָבער, דער
האָבערגריץ, דער
האָז, דער
האָטעל, דער
האַלדז, דער
האָלץ, דאָס
האַמאַק, דער
האַנט, די
האַנטבוך, דאָס—דער
האַנטגעלט, דאָס
האַנטעך, דער
האַנטפּאַס, דאָס (די)
האַנטשריפט, די
האָניק, דער
האַס, דער
האַסט, דער (די)
האַפּט, די (געדויער)
האַפּט, דער (פון האַפטן)

האַק, די
האָר, די
האַרב, דער
האַרבסט, דער
האַרבעריק, דער
האַרמאַן, דער
האַרמעליק, דער
האַרן, דער
האַרף, די
האַרץ, דאָס
הדס, דער
הדסל, דאָס
הדרת־פּנים, דער
הוט, דער—די
הויב, די
הויז, דאָס
הויז, דער (פון הויזן)
הויט, די
הויך, דער (בײַם אָטעמען)
הויפט, דער
הויף, דער
הונדערט, דער
הונט, דער
הוסט, דער
הורט, דער
הושענא, די
הושענא־רבה, דער
הזכּרת־נשמות, דער
היטל, דאָס
היי, דאָס
הײַבל, דאָס
הייך, די
הייל, די
היים, די
הײַנט, דער
הייפטל, דאָס
הייפל, דאָס
הײַפל, דאָס
היישעריק, דער
הילף, די

הינטן, דער
הינעראויג, דאָס (דער)
היפּאָטעז, דער (די)
היפּאָטענוז, די
היפּאָטעק, די
היפּנאָז, דער
היץ, די
הירזש, דער
המן־טאַש, דער
הסבֿ־בעט, די
הסגת־גבֿול, דער
העכט, דער
העלדזל, דאָס
העלפֿאַנד, דער
העלפּט, די
העמד, דאָס
הענגל, דאָס
העפּט, דער (די)
העקל, דאָס
הערבּ, דער
הערינג, דער
הקדש, דער (דאָס)
השאָרת־הנפֿש, דער
התחײַבֿות, די (דאָס)
התלהבֿות, די (דאָס)
התפּעלות, די (דאָס)

ו

וואָג, די
וואָגשאָל, די
וואוילטאָג, דער
וואונד, די
וואונדער, דער
וואוקס, דער
וואורשט, דער
וואַזעליך, דער
וואַך, די
וואָך, די
וואָכנבלאַט, דאָס — דער
וואַל, דער (אַנשיט)
וואָל, דער (כוואַליע)
וואָל, די
וואַלד, דער
וואַלס, דער
וואָלף, דער
וואַלפֿיש, דער
וואַלץ, דער
וואַמפּ, דער
וואַנט, די
וואַנטגעמעל, דאָס
וואַנץ, די
וואַסער, דאָס
וואַסערוואָג, די
וואַסערפֿאַל, דער
וואָפֿן, דער
וואָקזאַל, דער
וואַקס, דער
וואָר, די
וואָרט, דאָס
וואָר(ע)מעס, דאָס — דער
וויאָלאָנטשעל, דער
וויאָרסט, דער
וויג, די
וויגשטול, דער (די)
ווידוי, די
וויגליד(ל), דאָס
ווידערקול, דער (דאָס)
וויטאַמין, דער
וויטיק, .דער
ווײַל, די
ווײַן, דער
ווײַנטרויב, די
ווײַסל, די (טײַך)
ווײַסל, דאָס (פֿון איי, פֿון אויג)
ווײַסצײַג, דאָס
ווייק, דער
ווײַרעך, דער
ווילדגראָז, דאָס
ווילדפֿלייש, דאָס
ווילן, דער

ווינדל, דאָס
ווינט, דער
ווינקל, דער
וויץ, דער
ווירוס, דער
ווסת, די (ווּעסט׳)
וועג, דער
וועט, דער
וועטער, דער
וועלט, די
וועלטטייל, דער
וועסט, די
וועסטל, דאָס
וועספּ, די
וועקסל, דער
ווערט, די — דער
ווערפּל, דער
ווערטערבוך, דער (דאָס)
ווערך, דער — דאָס
ווּשט, דער (׳ווּישעט׳)
ויהי, דער
ויצעקו, דער
ויתרוצצו, דער
ונתנה־תוקף, דער

ז

זאַוואָד, דער
זאָט, די
זאַך, די
זאַל, דער
זאַלב, די
זאַלפּ, דער
זאַלץ די—דאָס
זאַמד, דאָס—דער
זאַנג, די
זאַפּט, דער
זאַץ, דער
זאַק, דער
זאָק, דער
זאָרג, די

זויל, די
זוים, דער—די
זויערמילך, די
זויערשטאָף, דער
זוכצעטל, דער
זול, דער
זומפּ, דער
זון, די
זונטיק, דער
זונענשיין, דער
זונרויז, די
זופּ, די
זופּ, דער (געבן איין זופּ)
זופּנפּלייש, דאָס
זיג, דער
זיגל, דער
זיווג, דער
זייד, דאָס (די)
זייט, די
זייל, דער
זייל, די (זעל)
זייף, די (דאָס)
זיכערנאָדל, די
זילב, די
זילבער, דאָס
זינד, די
זינען, דער
זיפּ, די
זיץ, דער
זיצאָרט, דער
זכות, דער
זכות־אָבות, דער
זכות־עצמו, דער
זכר־לחורבן, דער
זמן, דער
זנות, דער (די)
זעג, די
זעגל, דער
זעט, די
זעלבשוץ, די (דער)

זעלצער, דער
זעלצערוואַסער, דאָס
זעמל, דער—די
זעמש, דער
זענעפּט, דער
זעץ, דער
זשאַווער, דער
זשאַר, דער
זשוויר, דער
זשוק, דער
זשורי, די
זשילעט, דער
זשעלע, דער
זשעני, דער

ח

חדר, דער
חוות־דעת, דער
חוט־השדרה, דער
חומש, דער
חוק־ולא־יעבֿ(ו)ר, דער
חושך, דער
חזיר, דער
חידוש, דער (דאָס)
חיות, דאָס
חיל, דאָס—דער
חילול־השם, דער
חילוקי־דעות, די (מ״צ)
חלאת, דאָס—די
חלבֿ, דאָס—דער
חלק, דער
חלשות, די (דאָס)
חסד, דער
חצות, דער
חרוסת, דער—די (מ״צ)
חריפֿות, די
חשיבֿות, די
חשק, דער

ט

טאַבעק, דער
טאָג, דער
טאָוול, דער
טאָל, דער
טאָלק, דער
טאָמבאַנק, דער
טאָן, דער
טאַניק, דער
טאַנץ, דער
טאַנק, דער
טאָסט, דער
טאָפּ, דער
טאַפּט, דער
טאַץ, די
טאַק, די
טאָרט, דער
טאָרף, דער
טאַש, די
טבֿיעות־עין, דער
טואַלעט, דער
טובערקולאָז, דער
טוואָן, דער
טוט, דער
טוטל, דאָס
טוי, דער
טויבּ, די
טויז, דער
טויזנט, דער
טויט, דער
טויטנבעט, דאָס
טויטשטראָף, די
טויער, דער
טוך, דאָס (שטאָף)
טוך, די (אויף די פּלייצעס)
טון, די (דער)
טוץ, דער—דאָס
טוש, דער
טיול, דער
טיטון, דער

טיי, די
טייג, דאָס
טייגל, דאָס (דער)
טייגעכץ, דאָס (דער)
טייטל, דער
טײַטל, דער
טײַטש, דער—די
טײַך, דער
טייל, דער—די
טינט, די
טינק, דער
טיפּ, דער
טיר, די
טיראַזש, דער
טיש, דער
טישטעך, דער
טישקעסטל, דאָס
טכויר, דער
טלאָ, די
טלית, דער
טעות, דער
טעזיס, דער
טעלעגראַף, דער
טעלעוויזאָר, דער
טעלער, דער
טעמפּאָ, דער
טעניס, דער
טעסט, דער
טעפּער, דער
טערמין, דער
טראַט, דער
טראַכט, דער (מלבושים)
טראַכט, די (מוטערטראַכט)
טראָלד, דער
טראַמווײַ, דער
טראָן, דער (דעם מלכס)
טראַן, דער (פֿון פֿיש)
טראַנס, דער
טראַנשיי, די
טראַפּ, דער

טראָפּ, דער (טראָפּן)
טראַף, דער
טראַפּיי, דער
טראַקט, דער
טרויב, די
טרוים, דער
טרומייט, דער
טריאומף, דער
טריט, דער
טרײַבל, דאָס
טרייסט, די
טריפּל, דער (דאָס)
טרעפּ, די
טרעפּל, דאָס
טרעף, דער
טרער, די
טשאַד, דער
טשאָלנט, דער (דאָס)
טשוב, דער
טשוגון, דער
טשוואָק, דער
טשוועקל, דאָס
טשיקאַוועס, דאָס
טשעק, דער
טשערעט, דער

י

יאָ, דער
יאָד, דער
יאָדער, די—דער
יאָזש, דער
יאָך, דער (די)
יאַמב, דער
יאַמש, דער
יאָק, דער—די
יאַר, דער
יאָר, דאָס
יאָרבוך, דאָס—דער
יאָרצײַט, דער
יד, דער—די

יד־אַחת, דער
יהדות, דאָס
יוגנט, די
יויך, די
יוכט, דער
יוני, דער
יולי, דער
יִראת־הכּבֿוד, דער (דאָס)
יִראת־שמים, דער (דאָס)
יִשובֿ־הדעת, דער
יצר־הרע, דער
יצר־טובֿ, דער
יקרות, דער (דאָס)

כּ

כּוח, דער
כּוס, דער
כּוסע, די
כּותל־מערבֿי, דער
כּזית, דער
כּ(י)סא־הכּבֿוד, דער
כּלי־זיין, דאָס (דער)
כּמות, די
כּנסת־ישׂראל, די
כּרפּס, דער
כּת, די
כּתבֿ, דער
כּתבֿ־יד, דער

כ

כאַאָס, דער
כאַלאַט, דער
כאַליפֿאַט, דער
כאָר, דער
כאָרט, דער
כאַרטש, דער
כיניך, דער
כלאָר, דער
כראָם, דער
כראָניק, די
כרושטש, דער
כריין, דער
כרעמזל, דאָס (דער)

ל

לאַבירינט, דער
לאַג׳ון, דער
לאַדיש, דער
לאַטאַ, דער
לאַך, די
לאַם, די
לאָם, דער
לאַמטער, די
לאַמטערן, דער
לאַמפּ, דער
לאַן, דער—די
לאַנד, דאָס
לאַנטעך, דער
לאַסט, די
לאַץ, דער—די
לאַק, דער
לאָק, די
לאַקס, דער
לאַקרעץ, דער
לאָקש, דער
לאָקשנברעט, די
לאָרבערבלאַט, דער
לאָרבערקראַנץ, דער
לבֿוש, דער
לבֿנה־ליכט, דאָס
לבֿנה־שײַן, די
לויב, די
לויג, דער
לויז, די
לויט, דער
לוין, דער
לונג, די
לוסט, די
לופֿט, די
לופֿטרער, די

לופּטשיף, די
לוקסוס, דער
ליאַג, דער
ליאַק, דער
ליגשטול, דער—די
ליד, דאָס—די
ליִבּ, דער
לײַבּ, דאָס
לײַדן, די (מ״צ)
לײַדן, דאָס
לײַדנשאַפֿט, די
לײַוונט, דאָס—די
לייז, די
לײַז, די
לייטער, דער
לייכעך, דאָס
לײַלעך, דער
ליים, די—דאָס
לײַן, דער
לײַסט, די
לייק, די
ליכט, דאָס (די שײַן)
ליכט, די—דאָס (איך לײַכטער)
ליכטבילד, דאָס
ליכטבענטשן, דאָס
לימאָנאַד, דער
ליניאַליי, דער
לינדז, די
ליפּ, די
ליפּט, דער
ליציי, דער
ליק, דער
ליקוי־חמה, די
ליקוי־לבֿנה, די
לישײַ, דער
לעבל, דאָס—דער
לעבן, דאָס
לעדער, די—דאָס
לעז, די
לעמל, דאָס

לעמפּערט, דער
לענד, די
לעפּל, דאָס
לעפֿל, דער
לעפּך, די
לעצגעלט, דאָס
לעקעך, דער
לערנבוך, דאָס—דער
לער(ע), די
לשון, דאָס
לשון־הרע, די (דאָס)
לשון־קודש, דאָס—דער

מ

מאַגאַזין, דער
מאָדוס, דער
מאָדעל, דער
מאַוואַליי, דער
מאַט, דער
מאָט, דער
מאַיאָנעז, דער
מאָך, דער
מאַכט, די
מאכל, דער (דאָס)
מאָל, דאָס
מאָל, דער (בײַם וואַסער)
מאָלעקול, דער
מאַלץ, דער—דאָס
מאָלצײַט, דער
מאַן, דער
מאַנאַט, דער
מאַנאָפּאָל, דער
מאַנדל, דער
מאַנדל, דאָס
מאַנזשעט, דער
מאַנטיק, דער
מאַניר, די—דער
מאָס, די
מאַסאַזש, דער
מאַסט, דער
מאַקסימום, דער

מאָראַל, די
מאַראַנץ, דער
מאָרג, דער
מאָרג, די (מאָס)
מאָרד, דער
מאַריאַנעט, די
מאָרך, דער
מאַרץ, דער
מאַרק, דער
מאַרק, דער (מטבע)
מאַרש, דער
מאַרשרוט, דער
מאַשין, די
מבול, דער
מבֿינות, די (דאָס)
מגן־דוד, דער
מדבר, דער (די)
מהות, דער
מוזיי, דער
מוזיק, די
מוט, דער
מויז, די
מויל, דאָס
מוילאייזל, דער
מויער, דער (די)
מולטער, די
מום, דער
מומס, דער
מונדיר, דער
מופֿת, דער—דאָס
מוק, די
מושל, די
מזומן, דער
מזומן, דאָס (געלט)
מזל, דאָס
מזל־ברכה, די
מזל־טובֿ, דער
מחזור, דער
מחלוקת, דאָס (דער)
מחק, דער

מי, די
מיגל, דער
מידת־הדין, דער
מידת־הרחמים, דער
מיט, די
מיטאָג, דער
מיטאָגצייט, די
מיטאָס, דער
מיטגליד, דער
מיטוואָך, דער
מיטל, דאָס—דער
מיטלוועג, דער
מיטליד, די
מיטלעלטער, דער
מיטלפּונקט, דער
מיטלקלאַס, דער
מיטלשול, די
מיטלשטאַנד, דער
מיי, דער
מייל, די
מייערקעפּל, דאָס
מיל, די
מילב, די
מילגרוים, דער
מיליטער, דאָס
מיליץ, די
מילך, די
מילכוועג, דער
מילץ, די
מין, דער
מינוט, די
מינוס, דער
מינימום, דער
מיניסטעריום, דער
מינעראַל, דער
מינץ, דאָס (קלײנגעלט)
מינץ, די (געוויקס)
מינצל, דאָס
מיסט, דאָס
מיסטיק, די

מיסל, דער
מיקראָב, דער
מיראַזש, דער
מכשיר, דער
מלבוש, דער (דאָס)
מלכות, דער (מלך)
מלכות, די (דאָס)
ממשות, די—דאָס
מניך, דער
מסירת־נפֿש, דאָס (די)
מעבל, דאָס
מעד, דער
מעדאַל, דער
מעטאָד, דער
מעטאַל, דער
מעטאַפֿאָר, די
מעטער, דער
מעכאַניק, די
מעל, די—דאָס
מעמאָראַנדום, דער
מענטש, דער
מעניו, דער
מעסטל, דאָס
מעסער, דער—דאָס
מער, די (מעשׂה)
מער, דער—די (גרינס)
מערצאָל, די
מעש, דאָס
מעת־לעת, דער
מצבֿ, דער
מצה־מעל, די
מקום, דער (דאָס)
מקום־מנוחה, דער
מרה־שחורה, די
מרחץ, דער (דאָס)
משוגעת, דאָס (די)
משוגעת, דער—די (דער מענטש)
משׂא־ומתּן, דער
מתּן־בסתר, דער
מתּן־תּורה, דער (די)
מת, דער (דאָס)

נ

נאָדל, די
נאָז, די
נאָזטיכל, דאָס
נאָזלאָך, די
נאָט, די
נאָטיץ, די
נאַטריום, דער
נאָכוואוקס, דער
נאָכוואָרט, דאָס
נאַכט, די
נאַכטהעמד, דאָס
נאַכטטאָפּ, דער
נאַכטיגאַל, די
נאָכמיטאָג, דער
נאָכפֿרעג, דער
נאָל, די
נאמנות, די—דאָס
נאָס, דער
נאָ(ע)נט, די
נאַפֿט, דער
נאַשוואַרג, דאָס
נבֿיאות, די (דאָס)
נדן, דער
נויט, די
נויטפֿאַל, דער
נומער, דער
נוס, דער—די
נוץ, דער—די
נחת, דער (דאָס)
נחת־רוח, דער
ניבול־פּה, דער
נידער, די
ניואַנס, דער
ניוואָ, דער
ניט, דער
ניימאַשין, די

נײַנטל, דאָס
נײַ(ע)ס, דאָס (די)
ניסל, דאָס
ניקל, דער
ניר, די
נישטל, דאָס
נס, דער
נעסט, די
נעסטל, דאָס (באַשעפֿעניש)
נעץ, די
נעץ, די (נאַסקייט)
נערוו, דער
נפֿש, דאָס—דער

ס

סאָבוויי, די (דער)
סאָד, דער
סאַטעליט, דער
סאַכאַרין, דער
סאַלאַט, דער
סאַמעט, דער
סאַנדאַל, דער
סאָנעט, דער
סאָק, דער
סאַרדין, דער
סאַרדינקע, די
סאָרט, דער
סבֿלנות, די (דאָס)
סובמאַרין, די
סוד, דער
סוועניר, דער
סוזשעט, דער
סוכּות, דער
סוק, דער
סורדוט, דער
סטאַוו, דער
סטאָן, דער
סטודיאָ, דער
סטויג, דער
סטיל, דער
סטימול, דער
סטעפּ, דער
סטראַטאָספֿער, די
סטרי, דער
סטרײַק, דער
סיגנאַל, דער
סילועט, דער
סימבאָל, דער
סינטעז, דער
סיסטעם, די
סכך, דער
סלוי, דער
סלופּ, דער
סליד, דער
סם־המוות, דער
סמיטשיק, דער
סמיק, דער
סנאָפּ, דער
סעאַנס, דער
סעזאָן, דער
סענדוויטש, דער
סענץ, דער
סערפּ, דער
סערוויז, דער
סערום, דער
ספּאָדיק, דער
ספּאָרט, דער
ספּיראַל, דער
ספּירט, דער
ספֿר, דער (דאָס)
ספֿר־תּורה, די
סקאַנדאַל, דער

ע

עבֿנהאָליץ, דאָס
עבֿודה־זרה, די
עבֿר, דער
עבֿרי, די
עגדיש, דער
עגמת־נפֿש, דער (דאָס)

עדות, דער
עדיטאָריאַל, דער
עווענינג, די
עול, דער
עולם, דער
עולם־האמת, דער
עולם־הבא, דער
עולם־הזה, דער
עולם־ומלואו, דער
עונג־שבת, דער
עוף, דאָס
עושר, דער
עזבון, דער
עזות, די (דאָס)
עזרת־נשים, דער
עיבור־יאָר, דאָס
עכאָ, דער
עלטער, די (אַלטע יאָרן)
עלטער, דער (צאָל יאָרן)
עלנט, די
עלעקטראָניק, די
עמאַל, דער
עמבלעם, די
עמער, דער
ענד, די
ענטל, די—דאָס
ענטפּער, דער
עסיי, דער
עסיק, דער
עסק, דער
עפּיזאָד, דער
עפּיטאַף, דער
עפּיטעט, דער
עפֿעקט, דער
עץ־הדעת, דער
עק, דער
עקסטרעס, די—דער
עקספּאָנאַט, דער
עקשנות, די (דאָס)
ערגעצלאַנד, דאָס

ערד, די
ערדציטערניש, דאָס (די)
ערדקויל, די
ערדקײַלעך, דער
ערך, דער
ערנוואַך, די
ערנוואָרט, דאָס
עשירות, די (דאָס)
ערנסט, די—דער
עת־צרה, די
עת־רצון, דער

פּ

פּאָגראָם, דער
פּאָד, דער
פּאָזיטיוו, דער
פּאָט, דער
פּאַטאַש, דער
פּאָטש, דער
פּאָטשט, די
פּאָכט, די
פּאָל, דער
פּאַלאַץ, דער
פּאָלוס, דער
פּאָליטיק, די
פּאָליצײַ, די
פּאָליש, דער
פּאָלק, דער
פּאָמעראַנץ, דער
פּאָמעשטש, דער
פּאַמפֿלעט, דער
פּאָנטש, דער
פּאַנעל, דער
פּאָנץ, דער
פּאַס, דער
פּאָסט, די
פּאָסטאַמט, דער
פּאָסטערנאַק, דער
פּאָסטקעסטל, דאָס
פּאַסיאַנס, דער

פּאַסיוו, דער
פּאַסיק, דער
פּאַעטיק, די
פּאַפּ, דער
פּאַפּוגײַ, דער
פּאַפּורי, דער
פּאַפּיר, דאָס
פּאַק, דער
פּאַק, די
פּאַקאָסט, דער
פּאַקט, דער
פּאַר, די
פּאַראַזיט, דער
פּאַראָל, דער
פּאַראַלי׳ז, דער
פּאַראַלע׳ל, דער
פּאַרו׳ק, דער
פּאַרט, דער
פּאַרטפֿע׳ל, דער
פּאַרטרע׳ט, דער
פּאַרך, דער
פּאַרל, דאָס
פּאַרמעט, דער
פּאַרענטש, דער
פּאַרפֿאָ׳לק, דאָס
פּאַרפֿו׳ם, דער
פּאַרק, דער
פּאַרק(אַ)ן, דער
פּאַרשוי׳ן, דער
פּאַשטע׳ט, דער
פּובליקום, דער
פּוד, דער
פּודינג, דער
פּודל, דער
פּוטער, די
פּוטערברויט, דער—דאָס
פּוטערמילך, די
פּויק, די
פּוכיר, דער
פּול, דער
פּולווער, דער
פּולס, דער
פּונקט, דער
פּועל־יוצא, דער
פּופּיק, דער
פּוץ, דער
פּורים, דער
פּורים־שפּיל, די
פּורעניות, דאָס
פּורפּור, דער
פּחדנות, די (דאָס)
פּיאָן, דער
פּײַ, דער
פּײַן, די
פּיל, די
פּימס, דער
פּינטל, דאָס
פּינצעט, דער
פּיסק, דער
פּיעטע׳ט, די
פּיפּס, דער
פּיצל, דאָס
פּיק, דער
פּיקהאָלץ, דער
פּיקחות, די (דאָס)
פּיקעט, דער
פּלאָג, די
פּלאַטאָ׳, דער
פּלאַטין, דאָס—דער
פּלאָן, דער
פּלאַנעט, דער
פּלאַסט, דער
פּלאַץ, דער
פּלויט, דער
פּלומפּ, דער
פּלוס, דער
פּליוך, דער
פּליוש, דער
פּליט, דער
פּלייק, דער

פליך, דער
פליס, דער
פלעט, דער
פלענום, דער
פלעצל, דאָס
פלפול, דער
פנים, דאָס
פנים־חדשות, דער
פסולת, דאָס (דער)
פסיכאָאַנאַליז, דער
פסיכיק, די
פעדאַל, דער
פעדעסטאַל, דער
פעך, דער
פעלץ, דער
פען, די
פעניסילין, דער
פענסע, די
פענעץ, דער
פעסט, די
פעקל, דאָס
פער, דער
פעראָן, דער
פערזאָן, די
פעריאָד, דער
פערל, דער
פעשל, דאָס
פראַגנאָז, דער
פראָגראַם, די
פראָווינץ, די
פראָטעאין, דער
פראַכט, די
פראַם, דער
פראָפּיט, דער
פראָפּיל, דער
פראָצעדור, די
פראָצענט, דער
פרוון, דער
פרוזול, דאָס
פרוכת, דער

פריז, דער
פריזע, דער (די)
פרעזידיום, דער
פרענט, דער
פרעס, דער
פרעסאַיזן, דער
פרעסברעט, די
פרעסטיזש, דער
פרעסל, דאָס
פרעצידענט, דער
פרצוף־פנים, דער
פשטל, דאָס
פתחון־פה, דער

פֿ

פֿאַבל, די
פֿאַבריק, די
פֿאָדעם, דער
פֿאַטע׳ל, דער
פֿאַטערשטול, די (דער)
פֿאָך, דער
פֿאַל, דער
פֿאַלב, די—דער
פֿאַלד, די—דער
פֿאַלץ, דער
פֿאַלק, דער
פֿאָלק, דאָס
פֿאָלקלאָר, דער
פֿאָלקסבאַנק, די
פֿאָלקסליד, דאָס
פֿאַלקשפּראַך, די
פֿאַן, די (כלי)
פֿאָן, די
פֿאָן, דער (הינטערגרונט)
פֿאַנג, דער
פֿאַנד, דער
פֿאַנט, דער
פֿאַני׳ר, דער
פֿאַנע׳ם, די
פֿאַנקוכן, דער

פֿאַס, די—דאָס
פֿאַסאַ׳ד, דער
פֿאָסיל, דער
פֿאָספֿאָר, דער
פֿאַקולטעט, דער
פֿאָקוס, דער
פֿאַקט, דער
פֿאַראורטייל, דער
פֿאַראיבל, דער
פֿאַראיין, דער
פֿאַראַכטאָגן, דער
פֿאַרב, די
פֿאַרבאַנד, דער
פֿאַרבײַסן, דאָס (דער)
פֿאָרבילד, דאָס
פֿאַרברעך, דער
פֿאַרברעכן, דאָס—דער
פֿאַרגעלט, דאָס
פֿאַרגעניגן, דער (דאָס)
פֿאָרגעפֿיל, דאָס
פֿאַרגרעסערגלאָז, דאָס
פֿאַרדאַכט, דער
פֿאַרדינסט, דאָס
פֿאַרדראָס, דער
פֿאָרהאַנג, דער
פֿאָרהאַנט, די
פֿאָרהער, דער
פֿאָרוואורף, דער
פֿאָרוואָרט, דאָס
פֿאָרום, דער
פֿאַרזיי, דער
פֿאַרזיך, דער
פֿאַרזען, דאָס (דער)
פֿאָרט, דער
פֿאַרטאָג, דער
פֿאַרטל, דאָס—דער
פֿאַרטעך, דער
פֿאָרכט, די
פֿאַרלאָג, דער
פֿאַרלאַנג, דער
פֿאַרלויף, דער
פֿאַרלייג, דער
פֿאָרמאַט, דער
פֿאָרמל, די
פֿאַרמעג, דער
פֿאַרמעגן, דער (דאָס)
פֿאַרנאַכט, דער
פֿאָרנט, דער
פֿאַרנעם, דער
פֿאַרס, דער
פֿאַר(ע)ם, די
פֿאָר(ע)ם, די
פֿאַרפֿלאַן, דער
פֿאַרצימער, דער
פֿאַרקער, דער
פֿאַרראַט, דער
פֿאַרשטאָט, די
פֿאַרשטאַנד, דער
פֿאָרשלאָג, דער
פֿאָרשפּיל, די
פֿאָרשריפֿט, די
פֿוטבאָל, דער
פֿוטליאַר, דער
פֿוטער, דער
פֿוטערפֿאַס, די
פֿויגל, דער
פֿויסט, די
פֿולמאַכט, די
פֿונט, דער
פֿונק, דער
פֿוס, דער
פֿוקס, דער
פֿור, די
פֿורעם, דער
פֿיבער, דער
פֿידל, דער—די
פֿיי, דער
פֿײַג, די
פֿײַל, די (צום פֿײַלן)
פֿײַנברויט, דאָס

פּיַער, דאָס (דער)
פּיַפּל, דאָס
פּיך, דאָס
פּילעכץ, דאָס
פּיל(ע)ם, דער
פּילעק, דער
פּילץ, דאָס
פּינגערהוט, דער
פּינגערל, דאָס
פּינפּטל, דאָס
פּיר, דער
פּירעק, דער
פּיש, דער
פּישטראָן, דער
פּלאָט, דער
פּלאַטערל, דאָס
פּלאַך, די
פּלאַם, דער
פּלאַנע'ל, דער
פּלאַנץ, די
פּלאַקס, דער
פּלאַש, די
פּלוי, די
פּלוים, די
פּלוספּעדער, די
פּליאַסק, דער
פּליג, די
פּליט, די
פּליַס, דער
פּלייץ, דער
פּלייש, דאָס
פּליכט, די
פּלירט, דער
פּלעדערמויז, די
פּלעכטל, דאָס
פּלעם, דער
פּלעק, דער
פּעדער, די
פּעל, די
פּעלד, דאָס
פּעלדז, דער
פּעלער, דער
פּעלער, די (קרענק)
פּענצטער, דער (דאָס)
פּערד, דאָס
פּערדביך, די
פּערז, דער
פּראַכט, דער (די)
פּראַנדז, די
פּראָנט, דער
פּראַנק, דער
פּראָסט, דער
פּראַסק, דער
פּראַק, דער
פּראַש, די
פּרוכט, די
פּרייד, די
פּריַטיק, דער
פּרילינג, דער
פּרישטיק, דער

צ

צאָל, די
צאָל, דער (מאָס)
צאָל, דער (צו צאָלן)
צאָלאַמט, דער
צאָלטאָג, דער
צאַם, דער
צאָן, דער
צאָנווייטיק, דער
צאַפּ, דער
צביעות, די (דאָס)
צד־השווה, דער
צדקות, די (דאָס)
צוג, דער
צוגאָב, דער
צוגאַנג, דער
צודאַט, דער
צודעק, דער
צוהעפּט, דער

צוואַנג, די
צוואַנג, דער (פֿון צווינגען)
צוואָרעך, דער
צוואוקס, דער
צוואַקס, דער
צוויט, דער
צווײַג, די (פֿון בוים)
צווײַג, דער (פֿון אָרגאַניזאַציע)
צווײַגל, דאָס
צווייפֿינגל, דאָס
צוויק, דער
צוויקל, דער
צווישנרוף, דער
צווישנשייד, דער
צוועק, דער
צוטרוי, דער
צוטריט, דער
צויט, די (דער)
צוים, דער (צאַם)
צוים, די (בײַם פֿערד)
צולאָג, דער
צו־להכעיס, דער
צונג, די
צופֿאַל, דער
צופֿוסנס, דער
צופֿיר, דער
צוק, דער
צוקאָפּנס, דער
צוקונפֿט, די
צוקער, דער
צוקערל, דאָס
צוקעררער, דער
צוריקטראַט, דער
צושטאַנד, דער
צושטײַער, דער
צושטעל, דער
צושטראָם, דער
צושפּיל, דער
ציבעלע, די
ציטאַדע׳ל, דער
ציטאַט, דער
ציטרין, דער
ציִג, דאָס
ציִט, די
צײַטשריפֿט, די
צײַמל, דאָס
ציינבערשטל, דאָס
ציינדל, דאָס
ציינווייטיק, דער
ציינפֿלייש, דאָס
ציינראָד, די
ציך, די
ציכל, דאָס
ציל, דער
צילבערט, די
צימעס, דער
צימער, דער
צימרינג, דער
צין, דאָס
צינדז, דער
צינק, דאָס
ציץ, דער
ציר, די—דער
צירק, דער
צעטל, דער (דאָס)
צעך, דער
צעלט, די
צעלניק, דער
צעמענט, דער
צענדלינג, דער
צענדליק, דער
צעפּל, דאָס
צעצווײַג, דער
צער־בעלי־חיים, דער
צפֿון־ליכט, דאָס
צרעת, די

## ק

קאַברעץ, דער
קאַד, דער

קאַדעקס, דער
קאַדער, דער
קאַדער, דער
קאַוויאַר, דער
קאַטאַוועס, דער (דאַס)
קאַטו׳ך, דער
קאַטלע׳ט, דער
קאַטעדראַ׳ל, דער
קאַטש, די
קאַיאַ׳ר, דער
קאַכל, די
קאַלאַמבו׳ר, דער
קאַלאַרי׳ט, דער
קאַלאַ׳ש, דער
קאַלב, דאַס
קאַליום, דער
קאַלי׳ר, דער
קאַלך, דער
קאַלעדזש, דער
קאַלציום, דער
קאַם, דער
קאַמאַ׳ד, דער
קאַמאַ׳ר, דער
קאַמאַש, דער
קאַמזױ׳ל, דער (די)
קאַמיטע׳ט, דער
קאַמע׳ט, דער
קאַמער, די
קאַמפּאַ׳ט, דער
קאַמפּאַס, דער
קאַמפּלע׳ט, דער
קאַמפּרע׳ס, דער
קאַמף, דער
קאַמפֿאַרט, דער
קאַן, די (כּלי)
קאַן, דער (טייל פֿון שפּיל)
קאַנגאַרו, דער
קאַנוואַ׳י, דער
קאַנווע׳רט, דער
קאַנוס, דער

קאַנט, דער (געגנט)
קאַנט, דער—די (ברעג)
קאַנטאַ׳ר, די
קאַנטראַ׳ל, דער
קאַנטשיק, דער
קאַניאַק, דער
קאַנפֿלי׳קט, דער
קאַנצע׳רט, דער
קאַנקורס, דער
קאַסטיום, דער
קאַסמאַס, דער
קאַפּ, דער
קאַפּ, דער
קאַפּו׳ל, דער
קאַפּיטל, דער (דאַס)
קאַפּל, דאַס
קאַפּסל, דאַס
קאַפּע׳ל, די
קאַפּ־עקל, דאַס
קאַפּרי׳ז, דער
קאַפֿטל, דאַס
קאַץ, די
קאַצע׳ט, דער
קאַקטוס, דער
קאַקס, דער
קאַראַהאַ׳ד, דער
קאַראַ׳ט, דער
קאַראַ׳ל, דער
קאַראַ׳ף, דער
קאַרב, דער
קאַרב, דער
קאַרוסע׳ל, די
קאַרט, די
קאַרט, דער (שטאָף)
קאַרטאָפֿל, די
קאַרטל, דאַס
קאַרטע׳ל, דער
קאַרן, דער
קאַרסאַ׳זש, דער
קאַרסע׳ט, דער

קאַרפּ, דער
קאַרפּוס, דער
קאַרק, דער
קאַרש, די
קאָשיק, דער
קאָשקע׳ט, דער
קבלת־פּנים, דער (דאָס)
קבלת־שבת, דער (דאָס)
קבֿר, דער (דאָס)
קבֿר־אָבֿות, דער (דאָס)
קבֿר־ישׂראל, דער
קדחת, דאָס
קהל, דער (דאָס)
קוביק, דער
קוגל, דער
קוואַדראַט, דער
קוואַטירל, דאָס
קוואַל, דער
קוואַלפּען, די
קוואַס, דער
קוואָרום, דער
קוואַרט, די
קוואַרטאַל, דער
קוואַרטיר, די
קוואַרטל, דאָס
קוואַרטעט, דער
קוואַרץ, דאָס—דער
קוויט, דער
קוויטל, דאָס
קוויטש, דער
קווייט, דער
קוועקזילבער, דאָס
קויט, דער—דאָס
קויל, די (צום שיסן)
קויל, די—דער (צום ברענען)
קוילנגרוב, די
קוילנשטאָף, דער
קוילעטש, דער
קויף, דער
קויש, דער

קול, דאָס
קולט, דער
קונסט, די
קונץ, די
קוסט, דער
קופּאָל, דער
קופּאָן, דער
קופּלעט, דער
קופּער, דאָס
קופּערט, דער
קוצו־של־יוד, דער
קוראַזש, דער
קוראָרט, דער
קוריאָז, דער
קורס, דער
קורצשלוס, דער
קוש, דער
קושוואָך, די
קיאָסק, דער
קיבוץ־גליות, דער
קיבעץ, דער
קידוש־לבֿנה, דער (די)
קיט, דער
קייט, די
קיישל, דאָס
קיך, די
קיכל, דאָס
קימפּעט, די
קין, די (שפּענדל)
קין, דער (מאָרדעלע)
קינאָ, דער
קינאָבילד, דאָס
קינד, דאָס
קינדערגאָרטן, דער
קינדערהיים, די
קינדערצימער, דער
קינזשאַל, דער
קיניגל, דאָס
קירבעס, דער
קירך, די

קישל, דאָס
קישן, דער—די
קלאָ, די
קלאָג, די
קלאָגליד, דאָס
קלאַוויש, דער
קלאָזעט, דער
קלאַנג, דער
קלאָס, דער
קלאַפּ, דער
קלאַפּאָט, דער
קלאָפּס, דער
קלאַפּשלאָס, דער
קלאָץ, דער
קלאַרנעט, דער
קלוב, דער
קלויז, די
קלומיק, דער
קליאַן, דער
קליאַש, דער
קליי, דער (די)
קלייד, דאָס
קלייט, די
קלײנגעלט, דאָס
קלײַען, דער
קלימאַט, דער
קלימאַקס, דער
קלין, דער
קליניק, די
קליסטיר, דער
קליעשטש, דער
קלעם, די
קלעפּבאַנד, די
קלעק, דער
קלער, דער
קלפּי, די
קנאָספּ, דער
קנאָפּ, דער
קנוט, דער
קנויט, דער—די
קנויל, דער
קנופּ, דער
קני, די
קנײדל, דאָס
קניפּ, דער
קניש, דער
קנס־מאָל, דער
קנעכל, דאָס
קנעפּל, דאָס
קעגנמיטל, דער
קעז, דער
קעלט, די
קעמל, דער
קעסט, די
קעסטל, דאָס
קעסטקינד, דאָס
קעסלגרוב, די
קער, דער
קער, די (דער קערן)
קעראָסין, דער
קערבל, דאָס
קערטל, דאָס
קערל, דאָס
קערמישל, דאָס
קפֿיצת־הדרך, דער
קקיון־דיונה, דער
קראָ, די
קראַוואַט, דער
קראָט, דער
קראַך, דער
קראָכמ(אַ)ל, דער
קראָליק, דער
קראָם, די
קראַן, דער
קראַנט, דער
קראַנץ, דער
קראָפּ, דער
קראַפּט, די
קראַץ, דער
קראָק, דער

קרבן, דער
קרוג, דער
קרויז, דער
קרויט, דאָס (די)
קרוין, די
קרוק, דער
קריג, די (קריגערײַ)
קריג, דער—די (מלחמה)
קריגשיף, די
קריזיס, דער
קריטיק, די
קרײַד, דאָס (די)
קרײַז, דער
קרײַזל, דאָס
קרייצצוג, דער
קריש, דער
קרישטאָ׳ל, דער
קרעדי׳ט, דער
קרעדע׳נץ, די
קרעל, די (פּערל)
קרעל, דער (קרעלן)
קרעם, דער
קרענק, די
קרעפּל, דאָס
קרעפּס, דער
קרעץ, די
קשאַק, דער

ר

ראַבֿ, דער
ראַבאַ׳ט, דער
ראָג, דער
ראָד, די
ראַדאַ׳ר, דער
ראַדיאָ, דער
ראַדיום, דער
ראַדיוס, דער
ראָוו, דער
ראַט, דער
ראַטהויז, דאָס

ראַיאָן, דער
ראַך, דער
ראָם, ראַם, די
ראָם, דער (בראָנפֿן)
ראָמאַנס, דער
ראַמבֿ, דער
ראַמש, דער
ראַנג, דער
ראַנד, דער
ראַנדעוואו׳, דער
ראַסט, דער
ראָסל, דער
ראָסלפֿלייש, דאָס
ראָץ, די (דער)
ראַץ, דער (קראַץ)
ראָק, דער
ראַק, דער
ראַקעט, דער
ראָר, דער
ראָש־השנה, דער
רבים, דער
רבנות, די (דאָס)
רגילות, די (דאָס)
רו, די
רובריק, די
רובֿ, דאָס
רובֿ־מניך־(ו)רובֿ־בנין, דער
רודערשיפֿל, דאָס
רווח, דער
רוחניות, די (דאָס)
רוט, די
רויבֿ, דער (דאָס)
רויג, דער
רויז, די
רויך, דער
רויכוואַרג, דאָס
רוים, דער
רוי׳מאַטעריאַ׳ל, דער
רולעט, דער
רום, דער

רוק, דער
רחבֿות, די (דאָס)
רחמנות, דאָס—דער
ריב, די—דער
ריטואַ׳ל, דער
ריטעם, דער
ריי, די
רייד, די
רייז, די (דער)
רייף, די
רים, דער
רינג, דער
רינד, דאָס
ריס, דער
ריפּ, די
ריף, דער
ריצנאייל, דער
ריר, דער
רכילות, די (דאָס)
רמאות, די (דאָס)
רעבוס, דער
רעגימענט, דער
רעגלאַמענט, דער
רעדל, דאָס
רעדערשטול, די
רעוואָלט, דער
רעזשי׳, די
רעזשים, דער
רעטעך, דער
רעטעניש, דאָס
רעכט, דאָס
רעלס, דער
רעם, די
רעמאַטעס, דער
רעמאַנט, דער
רעמי׳, דער
רענדל, דאָס
רענעסאַנס, דער
רענצל, דאָס
רעסורס, דער
רעפּאָרט, דער
רעפֿאָר(ע)ם, די
רעפּטל, דאָס
רעפֿלעקס, דער
רעפֿערענדום, דער
רעצעפּט, דער
רעקאָרד, דער
רעקל, דאָס
רער, די
רעשט, די—דער
רשות, דער
רשות־הרבים, דער
רשעות, די (דאָס)

ש

שאַבלאָן, דער
שאָד, דער
שאָך, דער
שאָכברעט, די
שאַל, די (דער)
שאָל, די
שאָלעכץ, די
שאַנד, די
שאַנס, דער
שאַנץ, דער
שאַנק, די
שאָס, דער
שאָסיי׳, דער
שאַפּ, דער
שאַפּ, דער
שאַף, די
שאָץ, דער
שאָק, דער
שאָקאָלאַ׳ד, דער
שארית־הפּליטה, די
שבת, דער
שבת־אויפֿס, דאָס
שבתע־נאַכט(ס), דער
שבֿרי־כּלי, די
שהחיינו, דער

שהכּל, דער
שוואָ, דער
שוואַלב, די
שוואָם, דער (די)
שוואַך, דער
שוואַרצאַפּל, דאָס
שווה־כּסף, דער
שוואַקס, דער
שוויס, דער
שווימבאַסיין, דער
שווימהײַטל, דאָס
שוויצבאָד, די
שוועבל, דער
שוועל, די
שוועמל, דאָס
שווערד, די
שווערפּונקט, דער
שווערקראַפֿט, די
שויב, די
שויט, די (דער)
שוים, דער
שויס, די—דער
שוך, דער
שול, די
שולד, די
שונד, דער
שופּ, די
שופֿל, דער
שופֿלאָד, דער
שוץ, די
שחרית, דער
שטאָט, דער (אָפּהיטן)
שטאַט, דער (מדינה)
שטאָט, די
שטאָטטייל, דער
שטאָטפּלאַץ, דער
שטאָטראָט, דער
שטאָך, דער
שטאַל, די
שטאָל, דער—דאָס

שטאָלט, דער
שטאָלץ, דער
שטאָם, דער
שטאַמפּ, דער
שטאַנג, דער
שטאַנד, דער
שטאַפּל, דער
שטאָף, דער
שטאָק, דער
שטאַר, די
שטוב, די
שטודיום, דער (דאָס)
שטויב, דער
שטויס, דער
שטול, די—דער
שטולגאַנג, דער
שטום־לשון, דאָס
שטופּ, דער
שטוקאַטור, די
שטורך, דער
שטורקאַץ, דער
שטות, דער
שטיבל, דאָס
שטיוול, דער
שטײַג, די
שטיילאַמפּ, דער
שטיין, דער
שטיינבאָק, דער
שטיינדל, דאָס
שטייסל, דאָס
שטײַער, דער
שטיל, די (שטילקייט)
שטיל, דער (הענטל)
שטיללעבן, דאָס
שטילעט, דער
שטים, די
שטימצעטל, דער
שטימרעכט, דאָס
שטיפֿט, דער
שטיץ, דער—די

שטיק, דאָס—די
שטיקל, דאָס
שטיקשטאָף, דער
שטעג, דער
שטעטל, דאָס
שטעכווערטל, דאָס
שטעל, די
שטעלכל, דאָס
שטענגל, דאָס
שטעפּסל, דער (דאָס)
שטעקל, דאָס
שטעקשוך, דער
שטערן, דער (פֿון פּנים)
שטערן, דער (אויפֿן הימל)
שטערנדל, דאָס
שטערצל, דאָס
שטראָז, דער
שטראָך, דער
שטראַל, דער
שטראָם, דער
שטראַף, דער
שטראָף, די
שטרודל, דער
שטרוי, דער—די
שטרויכל, דער
שטרויס, דער
שטרײַמל, דאָס
שטרײַק, דער
שטריך, דער
שטריצל, דאָס
שטריק, דער
שטריקל, דאָס
שטשאַוו, דער
שטשור, דער
שטשערב, דער
שיווערשטיין, דער
שײַבל, דאָס
שייד, די
שיידוועג, דער
שיידל, דאָס

שײַט, דער (די)
שייטל, דאָס
שײַכות, די
שײַך, די
שײַן, דער (דאָקומענט)
שײַנדל, דאָס
שיכט, דער
שילד, די (איבער אַ קראָם)
שילד, דער (פֿאַר דער ברוסט)
שילד־דריז, די
שילדל, דאָס
שימל, דער
שינדל, די
שינוי, דער—די
שיסל, די
שיף, די
שיפֿבראָך, דער
שיפֿל, דאָס
שיפֿער, דער
שיק, דער
שיקול־הדעת, דער
שיר־השירים, דער
שלאַבאַן, דער
שלאָגוואָרט, דאָס
שלאַכט, די
שלאַנג, די
שלאַנג, דער (וועגן אַ מענטשן)
שלאָס, דער (מיט אַ שליסל)
שלאָס, דער (פּאַלאַץ)
שלאָף, דער
שלאָפֿבאַנק, די
שלאָפֿמיטל, דער
שלאָפֿצימער, דער
שלאָפֿראָק, דער
שלאַק, דער
שלאַקס(רעגן), דער
שלוכט, די
שלום־בית, דער
שלונג, די
שלונג, דער

שלונד, דער
שלוק, דער
שלח־מנות, דער
שליאַך, דער
שלײַם, דער
שלײַמדריג, די
שלײַען, דער
שלייף, די (פֿון קאָפּ)
שלייף, דער (פֿון אַ קלייד)
שלימזל, דאָס (אומגליק)
שלימזל, דער—די (אַ מענטש)
שליפּס, דער
שלעסל, דאָס
שלעפּ, די—דער (פֿון אַ קלייד)
שלעפּ, דער (פֿון שלעפּן)
שלש־סעודות, דער
שמאַכט, די
שמאַלץ, די—דאָס
שמאַלצגרוב, די
שמאַנט, דער
שמאַראַק, דער
שמד, דער
שמד, די (יונגאַטשערײַ)
שמד־שטיק, דאָס
שמויש, דער
שמוכט, דער—די
שמונה־עשׂרה, די
שמועס, דער
שמוץ, דאָס
שמידאײַזן, דער
שמיטה־יאָר, דאָס
שמייכל, דער
שמים־פֿײַמל, דאָס
שמיני־עצרת, דער
שמיץ, דער
שמיר, דער
שמן־זית, דער
שמע־ישׂראל, דער
שמעלץ, דער
שמעלצשפּראַך, די
שמעק, דער
שם־רע, דער
שנאָל, דער (די)
שנאַפּס, דער
שנויץ, דער
שנוק, דער
שנור, דער—די
שניט, דער
שניטקראַם, די
שניי, דער
שנייקויל, די
שניפּס, דער
שנירל, דאָס
שנעל, דער
שנעק, דער
ש״ס, דער
שעה, די
שעהן־פּלאַן, דער
שעטנז, דער
שעכטהויז, דאָס
שעל, דער
שעלאַק, דער
שענק, די—דער
שעפּ, די
שעפּס, דער
שעפּס, די (בפּירוש אַ זי)
שעפּסנס, דאָס
שעפּל, דאָס
שער, די
שער, דער (טאַנץ)
שער־בלאַט, דער
שערל, דאָס
שערץ, די
שערצל, דאָס
שפּאַגאַט, דער
שפּאַט, דער
שפּאַל, דער
שפּאַלט, דער
שפּאַליר, דער
שפּאַן, דער

שפּאָן, דער
שפּאַס, דער
שפּאַציר, דער
שפּאַקטיוו, דער
שפּאַר, דער
שפּאַרבאַנק, די
שפּול, דער
שפּונט, דער
שפּור, דער—די
שפּיגל, דער
שפּיז, די
שפּיזל, דאָס
שפּיטאָל, דער
שפּייז, די
שפּײַזקראָם, די
שפּײַזרער, די
שפּײַעכץ, דאָס
שפּײַץ, דער
שפּיל, די
שפּילכל, דאָס
שפּילפּלאַץ, דער
שפּילפֿויגל, דער
שפּילצײַג, דאָס
שפּין, די
שפּינאַט, דער
שפּינדל, דאָס
שפּינוועבס, דאָס
שפּינראַד, די
שפּיץ, דער (די)
שפּיצל, דאָס
שפּעטזומער, דער
שפּענדל, דאָס
שפּערל, דער
שפּראַך, די
שפּראָך, דער
שפּראַך־וויסנשאַפֿט, די
שפּראָץ, דער
שפּראַצל, דאָס
שפּרוך, דער
שפּרונג, דער

שפּרײַז, דער
שפּריירעגן, דער
שפּריכוואָרט, דאָס
שפּרינגברעט, די
שפּרינגשנור, דער
שפּריץ, דער
שפּרענקל, דאָס
שפֿיכת־דמים, דער
שקאַרמוץ, דער
שקלאַ־וטריא, די
שראַט, דער
שראַם, דער
שראַנק, דער
שראַפּנע׳ל, דער
שרויט, דער
שרויף, דער (די)
שרונט, דער
שעפּ, די
שריט, דער
שריפֿט, די (געשריבנס)
שריפֿט, דער (צו דרוקן)
שרעטל, דאָס
שרעק, דער
ששת־ימי־בראשית, דער—די (מ״צ)

שׂ

שׂכירות, די
שׂמחת־תּורה, דער
שׂנאת־ישׂראל, די
שׂשׂון־ושׂמחה, דער

תּ

תּהילים, דער
תּוהו־ובֿוהו, דער
תּוך, דער
תּוספֿות, דער
תּורה־שבכתבֿ, די
תּורה־שבעל־פּה, די
תּחום, דער

| | |
|---|---|
| תּחית־המתים, דער | תּענית, דער |
| תּיקון־טעות, דער | תּקיעת־כּף, דער |
| תּכלית, דער | תּרבות, דער (דאָס) |
| תּלמוד בּבֿלי, דער | תּרעומות, די (מ"צ) |
| תּלמוד ירושלמי, דער | תּשבֿורת, דער |
| תּמימות, די | תּשליך, דער |
| תּמצית, דער (דאָס) | תּשעה־באָבֿ, דער |
| תּנאים, דער | תּשרי, דער |

## ד. מערצאָל פֿון סובסטאַנטיוון

פֿאַראַן פֿאַרשיידענע ענדונגען צו שאַפֿן די מערצאָל פֿון סובסטאַנטיוון. יעדע ענדונג ווערט דאָ ווײַטער געגעבן באַזונדער.

1. די ענדונג ־ן (־ען). דאָס איז איין ענדונג, איין איינציקע מאָרפֿעם וואָס טרעפֿט זיך אין צוויי געשטאַלטן: א) ווי אַ טראַפּיקער נון וואָס שאַפֿט דעם טראַף צוזאַמען מיטן קאָנסאָנאַנט וואָס קומט פֿאַר אים (למשל, טיש און טי־שן); ב) אויב עס איז ניט מעגלעך צו שאַפֿן אַ טראַף דורכן צוגעבן דעם נון, איז די ענדונג ־ען (קאַפּ׳ אַרויסרייד, עניין ג, פּונקט ד). בײַ אָט דער ענדונג איז ניטאָ קיין שינוי אין וואָקאַל פֿון וואָרט. זיך מערקן די ווײַטערדיקע אונטערפּונקטן:

א) דער גרעסטער טייל סובסטאַנטיוון וואָס באַשטייען נאָר פֿון דעם שטאַם פֿון וואָרט, למשל: אויג — אויגן, פֿלאַם — פֿלאַמען, שול — שולן; סלוי — סלויען, ריי — רייען.

ב) סובסטאַנטיוון פֿון אַ ווערבאַלן שטאַם מיט אַ פּרעפֿיקס אָדער מיט אַ קאָנווערב, למשל: פֿאַרמעסט — פֿאַרמעסטן, אַנטלויף — אַנטלויפֿן, באַשטאַנד — באַשטאַנדן; אָפּצאָל — אָפּצאָלן, דורכפֿאַל — דורכפֿאַלן, צוזאַמענפֿאָר — צוזאַמענפֿאָרן, קעגנשטעל — קעגנשטעלן.

ג) סובסטאַנטיוון מיט די סופֿיקסן ־ונג, ־קייט, ־הייט, ־שאַפֿט, ־עניש, ־עכץ, ־ערײַ, ־ס, למשל: צײַטונג — צײַטונגען, קליינקייט — קליינקייטן, פֿרײַהייט — פֿרײַהייטן, וויסנשאַפֿט — וויסנשאַפֿטן, באַגעגעניש — באַגעגענישן, טועכץ — טועכצן, בעקערײַ — בעקערײַען, געקעכטס — געקעכטסן.

ד) סובסטאַנטיוון פֿון צוויי אָדער מער טראַפֿן מיטן אַקצענט אויפֿן לעצטן טראַף, למשל: ביוראָ — ביוראָען, עסיי — עסייען, אַפּטייק — אַפּטייקן, פֿאַבריק — פֿאַבריקן, מאַשין — מאַשינען; סאַמאָוואַר — סאַמאָווארן, טעלעגראַם — טעלעגראַמען, ביבליאָטעק — ביבליאָטעקן, נאַציאָנאַליסט — נאַציאָנאַליסטן.

ה) סובסטאַנטיוון וואָס געוויינטלעך האָבן זיי ניט קיין מערצאָל, אַלע סובסטאַנטיווירונגען, ווערטער פֿון ענגליש, למשל: פֿיש — פֿישן, אויפּס — אויפּסן (די מערצאָל ווײַזט אויף פֿאַרשיידענע מינים); פֿאַרנאַכט — פֿאַרנאַכטן,

אינדערפֿרי — אינדערפֿריִען, אַרויף — אַרויפֿן, דער לאָז־מיך־געמאַך — די לאָז־מיך־געמאַכן; סטרײַק — סטרײַקן, קעמפּ — קעמפּן, קאָלעדזש — קאָלעדזשן.

ו) מערטראַפֿיקע אינטערנאַציאָנאַליזמען אויף ־אָר (און דערבײַ טראָגט זיך איבער דער אַקצענט אויפֿן פֿאַרלעצטן טראַף), למשל: פּראָפֿעסאָר — פּראָפֿעסאָ׳רן, אָרגאַניזאַטאָר — אָרגאַניזאַטאָ׳רן, אויך מיניסטער — מיניס־טאָ׳רן.

ז) סובסטאַנטיוון וואָס ענדיקן זיך אויפֿן טראַפֿיקן למד (דערבײַ קומט ניט צו אין מערצאָל נאָך אַ טראַף), למשל: נאָדל — נאָדלען, אינדזל — אינדזלען, שוואַרצאַפּל — שוואַרצאַפּלען.

ח) אַ צאָל אײנטראַפֿיקע העברעאיזמען, צוויי־און מער־טראַפֿיקע העברע־איזמען מיטן אַקצענט אויפֿן לעצטן טראַף; צוויי־ און מער־טראַפֿיקע העברעאיזמען וואָס ענדיקן זיך אויף ־ת, ־ות, ־ית; העברעאיזמען וואָס האָבן ניט קיין העברעאישע מערצאָל־ענדונג; פֿאַרשיידענע צונויפֿהעפֿטן און פֿאַר־בינדונגען, דוגמאות: שעה — שעהן, ים — ימען, גט — גטן, ברית — בריתן, חצות — חצותן, חן — חנען, לאַוו — לאַוון, אַלף — אַלפֿן, פּסק — פּסקן, תהום — תהומען; תנך — תנכן, על־חטא — על־חטאן, כּתבֿ־יד — כּתבֿ־ידן, חילול־השם — חילול־השמען; בּרוגז — בּרוגזן, צער — צערן, פּסח — פּסחן; אמת — אמתן, גלות — גלותן, משוגעת — משוגעתן, שײַכות — שײַכותן, כּזית — כּזיתן, פּרוכת — פּרוכתן, התחײַבֿות — התחײַבֿותן, מחלוקת — מחלוקתן, אַלף־בּית — אַלף־בּיתן, אָרון־קודש — אָרון־קודשן, שלח־מנות — שלח־מנותן, אַרבע־כּנפֿות — אַרבע־כּנפֿותן, עגמת־נפֿש — עגמת־נפֿשן, יקר־המציאות — יקר־המציאותן, צו־להכעיס — צו־להכעיסן, חילוקי־דעות — חילוקי־דעותן.

2. די ענדונג ־ס נאָכן אומאַקצענטירטן קלאַנג [ע]. זיך מערקן אַז דאָ רעדט זיך וועגן קלאַנג, ניט וועגן אות און האָבן דערבײַ אין זינען די ווײַטערדיקע פּרטים:

א) אַלע סובסטאַנטיוון מיט צוויי אָדער מער טראַפֿן וואָס ענדיקן זיך אויף ־ע, למשל: זיידע — זיידעס, מאַמע — מאַמעס; פֿראַגע — פֿראַגעס, שמאַטע — שמאַטעס, קאַליקע — קאַליקעס; רעליגיע — רעליגיעס, חבֿרטע — חבֿרטעס, שילערקע — שילערקעס, יישובֿניצע — יישובֿניצעס; בעריכע — בעריכעס, האַרינטע — האַרינטעס. אויך אין ווערטער מיט דער עלטערער און פֿאָלקסטימלעכער פֿאָרעם: פֿאַבריקע — פֿאַבריקעס, אידעע — אידעעס, טעלעגראַמע — טעלעגראַמעס.

בֿ) אַלע סובסטאַנטיוון וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש, האָבן צוויי אָדער מער טראַפֿן און ענדיקן זיך אויפֿן אומאַקצענטירטן וואָקאַל [ע], און די ענדונג ווערט געשריבן ־ות, למשל: חלה — חלות, מלכּה — מלכּות, משפּחה — משפּחות, הלוואָה — הלוואָות, השפּעה — השפּעות; בעל־מלאָכה — בעל(י)־מלאָכות, דין־תּורה — דין־תּורות, ליקוי־לבֿנה — ליקוי־לבֿנות;

מעשׂה — מעשׂות און מעשׂיות. אַהערצו געהערן אויך די מערצאָלן: גמרא — גמרות, סבֿרא — סבֿרות, הושענא — הושענות, אַכסניא — אַכסניות, חגא — חגאָות, גוזמא — גוזמאָות, קשיא — קשיות און אַנדערע פֿון דעם שניט.

ג) צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע סובסטאַנטיוון און סובסטאַנטיווירונגען וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש און ענדיקן אויף ־א, ־ה, י־, ־ע, שאַפֿן זייער מערצאָל מיט ־ס, אויב די ענדונג ־ות קען פֿאַרשאַפֿן שוועריקייטן בײַם דורכלייענען דאָס וואָרט. דוגמאָות: המוציא — המוציאס, חד־גדיא — חד־גדיאס, פּועל־יוצא — פּועל־יוצאס, קול־קורא — קול־קוראס, דווקא — דווקאס; הלוויה — הלוויהס, אינו־נראה — אינו־נראהס, עולם־הזה — עולם־הזהס, מה־נשתּנה — מה־נשתּנהס, לא־תעשׂה — לא־תעשׂהס; אַפּותּיקי — אַפּותּיקיס; רגע — רגעס, פּגע — פּגעס, לשון־הרע — לשון־הרעס, קריאת־שמע — קריאת־שמעס.

זיך מערקן: פּרי — פּירות, מטבע — מטבעות, קמיע — קמיעות. פֿאַראַן פֿאַלן ווען עס איז נייטיק דער אַפּאָסטראָף פֿאַר דער ענדונג ס, למשל: וצדקתך — וצדקתך׳ס.

אין די דרײַ פֿאַלן האָבן מיר געהאַט צו טאָן בלויז מיט אויסלייג־פּראָבלעמען, וואָרעם די מאָרפֿעם פֿאַר מערצאָל איז דאָ די זעלביקע.

ד) סובסטאַנטיוון־אינטערנאַציאָנאַליזמען וואָס ענדיקן זיך אויף אַ ניט־אַקצענטירטן וואָקאַל פֿון יעדער באַפֿאַרבונג און העברעאיזמען וואָס בלויז זעלטן קענען זיי קומען אין מערצאָל. דוגמאָות: געטאָ — געטאָס. עכאָ — עכאָס, ראַדיאָ — ראַדיאָס, זולו — זולוס, עסקימאָ — עסקימאָס; דײַנו — דײַנוס.

ה) אַלע נעמען פֿון מענטשן און פֿאַמיליע־נעמען, למשל: די לייבעס, די ריוועס, די שלמהס, די בת־שבֿעס; די מענדלס, די פֿייגלס; די המנס, די קיבס; די גאָלדבערגס, די פֿרידמאַנס, די פֿינקלשטיינס, די סאָלאָווייטשיקס, די רוזוועלטס, די קענעדיס.

אויב נעמען פֿון מענטשן און פֿאַמיליע־נעמען ענדיקן זיך אויף ז, זש, ס (ת), ש, צ, טש — איז די ענדונג ־עס [עס איז די זעלביקע מאָרפֿעם אין אַן אַנדער געשטאַלט]: די בּועזעס, די פּרצעס, די יהואָשעס, די ראַבּי־נאָוויטשעס, די מינצעס, די גרינהויזעס.

3. די ענדונג ־ס נאָך דעם טראַפֿיקן ־ן (־ען), נאָך ־ם און ־ער. אויך דאָ זײַנען נייטיק פּרטים:

א) סובסטאַנטיוון וואָס ענדיקן זיך אין איינצאָל אויף אַ טראַפֿיקן ־ן, אויף ־ען אָדער אויף אַן אַנדער ניט־אַקצענטירטן וואָקאַל פּלוס ־ן, למשל: איוון — איוונס, טראָפּן — טראָפּנס, קישן — קישנס; שׂטן — שׂטנס, בית־דין — בית־דינס, טלית־קטן — טלית־קטנס; קומען — קומענס, באַגינען — באַגינענס; אַלמן — אַלמנס, אַני־מאַמין — אַני־מאַמינס.

ב) אַלע סובסטאַנטיוון מיטן סופֿיקס ־ין וואָס שאַפֿט נעמען פֿון ווײַבלעכן געשלעכט, למשל: פֿרײַנדין — פֿרײַנדינס, קימפּעטאָרין — קימפּעטאָרינס, רביצין — רביצינס, פּרינצעסין — פּרינצעסינס.

ג) דאָס רובֿ צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע סובסטאַנטיוון וואָס ענדיקן זיך אין איינצאָל אויף ־עם אָדער בכּלל אויף אַ בית־אַקצענטירטן וואָקאַל פּלוס ־ם, למשל: שטורעם — שטורעמס, פּורעם — פּורעמס, לחיים — לחיימס, בית־עולם — בית עולמס; מיניסטעריום — מיניסטעריומס, פּלאַנעטאַריום — פּלאַנעטאַריומס.

ד) צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע סובסטאַנטיוון מיטן סופֿיקס ־ער וואָס ווײַזט דעם טוער, דעם מאַן, אויף אַ באַשעפֿטיקונג, אויף אַ פּראָפֿעסיע, למשל: שוסטער — שוסטערס, לערער — לערערס, יוּוועלירער — יוּוועלירערס, ווײַסנשאַפֿטלער — ווײַסנשאַפֿטלערס; אַרבעטער — אַרבעטער(ס), קינסטלער — קינסטלער(ס). אַזוי אויך: אָגער — אָגערס, קאָטער — קאָטערס; טיגער — טיגערס, אָדלער — אָדלערס; דער פֿאָטער — די פֿאָטערס, די מוטער — די מוטערס, דער שוואָגער — די שוואָגערס, די שוויגער — די שוויגערס. פּאַראַלעל אויך: קטיגור — קטיגורס, בן־יקיר — בן־יקירס, דבֿר־אַחר — דבֿר־אַחרס און דבֿר־אַחרים.

ה) דאָס רובֿ צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע סובסטאַנטיוון, נעמען פֿון אומבאַלעבטע זאַכן אויף ־ער, למשל: אַנקער — אַנקערס, בעכער — בעכערס, גלעכטער — גלעכטערס, דיאַמעטער — דיאַמעטערס, האַמער — האַמערס, ווינטער — ווינטערס, זשאַגער — זשאַגערס, טעאַטער — טעאַטערס, טעלער — טעלער(ס), מעסער — מעסער(ס), צענטער — צענטערס, רייסטער — רייסטערס, שטענדער — שטענדערס. אַנאַלאָגיש אויך: עבֿר — עבֿרס, אשר־יצר — אשר־יצרס, מפֿטיר — מפֿטירס, קל־וחומר — קל־וחומרס, פּרוזדור — פּרוזדורס און ענלעכע.

ו) אַ צאָל ווערטער פֿון לשון־קודש אויף אַ ־ל און אויף די קלאַנגען [־עד] און [־אך]: הלל — הללס, חלל — חללס, בר־מזל — בר־מזלס, שלימזל — שלימזלס און שלימזלות, אשת־חיל — אשת־חילס, טריף־פּסול — טריף־פּסולס; לא־יוצלח — לא־יוצלחס, ויבֿרח — ויבֿרחס, מי־שבירך — מי־שבֿרכס.

4. די ענדונג ־עס. דאָ זײַנען פֿאַראַן צוויי אונטערפּונקטן לויטן אָפּשטאַם פֿון וואָרט און איינער לויטן באַטײַט.

א) ווערטער פֿון לשון־קודש, וואו די ענדונג ווערט געשריבן ־ות. ווײַטער ווערן אויסגערעכנט אַלע אָפּטערע ווערטער: א) די איינטראַפֿיקע — כּוח — כּוחות, מוח — מוחות, לוח — לוחות, רוח — רוחות, ריח — ריחות און אויך מזבח — מזבחות; דור — דורות, כּוס — כּוסות, סוד — סודות, עוף — עופֿות, קול — קולות, חובֿ — חובֿות, אות — אותיות; ב) די צוויי־ אָדער דרײַ־טראַפֿיקע מיטן אַקצענט אין מערצאָל אויפֿן פֿאַרלעצטן טראַף — אוצר — אוצרות, אָרון — אָרו׳נות, ביזיון — בּיזיו׳נות, גורל — גור׳לות, גליון — גליו׳נות, דמיון — דמיו׳נות, היזק — היז׳קות, חורבן — חורבּ׳נות, חזיון — חזיונות, חייל — חיי׳לות, חלום — חלו׳מות, חסרון — חסרו׳נות, חשבון — חשבו׳נות, יסוד — יסו׳דות, כּשרון — כּשרו׳נות, לשון — לשו׳נות, מוסד — מוסדות, מזל — מז׳לות, מקום — מקו׳מות, נסיון — נסיונות, נפֿש

— נפֿשות, נצחון — נצחונות, ספֿק — ספֿיקות, קרבן — קרבנות, קרקע — קרקעות; רעיון — רעיונות, שופֿר — שופֿרות, און מדבר — מדבריות.

ב) ווערטער וואָס שטאַמען פֿון אַ סלאַוויש לשון אָדער האָבן אַ סופֿיקס פֿון אַ סלאַוויש לשון און ענדיקן זיך אויף אַ קאָנסאָנאַנט. די וויכטערדיקע דוגמאות זייַנען איינגעטיילט לויט גרופּעס: כלאַפּ — כלאַפּעס, פּיסק — פּיסקעס, קוסט — קוסטעס, קניש — קנישעס, ראַק — ראַקעס; באַטשאַן — באַטשאַנעס, טאַבון — טאַבונעס, טשערוואָנעץ — טשערוואָנצעס; אינדיק — אינדיקעס, וואַרעניק — וואַרעניקעס, פּראַלניק — פּראַלניקעס, קראַליק — קראַליקעס, קעלישיק — קעלישקעס, ספּאָדיק — ספּאָדקעס — און אַנאַלאָגיש עטלעכע אינטערנאַציאָנאַליזמען ווי גראַמאַטיק — גראַמאַטיקעס; יישובֿניק — יישובֿניקעס, וואָכערניק — וואָכערניקעס, אַלרייטניק — אַלרייטניקעס, כּל־בוניק — כּל־בוניקעס; פּראָסטאַ׳ק — פּראָסטאַקעס, פּוילי׳אַק — פּויליאַקעס, בנאַ׳ק — בנאַקעס, שוסטערו׳ק — שוסטערוקעס, בורזשוק — בורזשוקעס, יונגאַ׳טש — יונגאַטשעס, פּאַרטאַ׳טש — פּאַרטאַטשעס, פּאַרכו׳טש — פּאַרכוטשעס, קאַרגו׳ן — קאַרגונעס, בחורע׳ץ — בחורעצעס.

ג. ווערט געניצט צוזוגעבן דעם בייטעם פֿון ביטול, פֿון פֿאַרמיעִרונג און צו שאַפֿן אין מערצאָל אַ מין פֿאַרגרעסער־פֿאָרעם, למשל: שוסטער — שוסטערס און שוסטאַרעס, שרייבער — שרייבערס און שרייבאַרעס [אָבער דאָס גילט ניט שטענדיק און עס זייַנען נייטראַל אַזעלכע מערצאָלן ווי: מאַליאַרעס, מוליאַרעס, טשעסליאַרעס און אַנדערע; דאָך ווערט רעקאָמענדירט זיך האַלטן בייַ דער נייטראַלער ענדונג ־ס אין אַלע פֿאַלן.]; שטיוואַלעס, אויגאַנעס, גוואַלדעס, קוימענעס, רענדאַרעס; קאַסטענעס, שטעקענעס, וואַלקענעס.

5. די ענדונג ־ך, ־עך, ־לעך. זיך מערקן די וויכטערדיקע פּרטים:

א) אַלע סובסטאַנטיוון מיטן פֿאַרקלענער־ און צערטל־סופֿיקס ־עלע קריגן די ענדונג ־ך, למשל: בענקעלע — בענקעלעך, אייגעלע — אייגעלעך, משהלע — משהלעך, חנהלע — חנהלעך.

ב) אַלע סובסטאַנטיוון מיטן פֿאַרקלענער־סופֿיקס ־ל (־דל, ־כל) קריגן די ענדונג ־עך, למשל: בעקל — בעקלעך, טישטעכל — טישטעכלעך, פּנימל — פּנימלעך, תּפֿילין־זעקל — תּפֿילין־זעקלעך; ביינדל — ביינדלעך, שטערנדל — שטערנדלעך; זייַלכל — זייַלכלעך, קרעלכל — קרעלכלעך.

ג) אַ צאָל סובסטאַנטיוון וואָס ענדיקן זיך אויפֿן טראַפֿיקן למד און געהערן צום נייטראַלן מין, ווי די דוגמאות: דאָס אויריגנל — די אויריגנלעך, דאָס אינגבערל — די אינגבערלעך, דאָס ביסל — די ביסלעך, דאָס קרעפּל — די קרעפּלעך, דאָס שפּיצל — די שפּיצלעך; דאָס אייניקל — די אייניקלעך, דאָס ווינדל — די ווינדלעך, דאָס רענדל — די רענדלעך, דאָס שטרייַמל — די שטרייַמלעך; דאָס געלכל — די געלכלעך, דאָס פֿלאָטערל — די פֿלאָטערלעך. אַזוי אויך: דער יינגל — די יינגלעך, די מיידל — די מיידלעך.

ד) צאָלווערטער־בראָכצאָלן מיט די סופֿיקסן ־טל אָדער ־סטל, למשל:

פּערטל — פּערטלעך, צענטל — צענטלעך; צוואַנציקסטל — צוואַנציקסטלעך, הונדערטסטל — הונדערטסטלעך.

ה) סובסטאַנטיוון וואָס זייער מערצאָל־ענדונג איז ־ים שאַפֿן די מערצאָל פֿון זייערע פֿאַרקלענער־פֿאָרמען דורכן צוגעבן ־לעך צו דער מערצאָל־ענדונג, למשל: בחורל — בחורימלעך, חבֿרל — חבֿרימלעך, פּויערל — פּויערימלעך. אַזוי אויך: קינדערלעך, הערנערלעך, דערנערלעך.

6. די ענדונג ־ים. דאָ איז נייטיק צו לייגן אַכט אויף אַ צאָל פּרטים:

א) אַן ערך אַ העלפֿט איינטראַפֿיקע העברעאיזמען, למשל: חוש — חושים, דין — דינים, גוי — גוים, נס — נסים [ניסים], מת — מתים [מייסים], בן — בנים [באָנים], זמן — זמנים, חשד — חשדים [כשאָדים], תּנאַי — תּנאָים. זיך מערקן: רבֿ — רבנים, צד — צדדים.

ב) דאָס גרעסטע רובֿ צוויי־ אָדער מער־טראַפֿיקע העברעאיזמען וואָס ענדיקן זיך אויף אַ קאָנסאָנאַנט, און ווען עס קומט דערבײַ צו נאָך אַ טראַף, רוקט זיך איבער דער אַקצענט אויפֿן פֿאַרלעצטן טראַף. דוגמאות: חודש — חד׳שים. חכם — חכ׳מים, עסק — עס׳קים, מנהג — מנה׳גים, חומש — חומ׳שים [דאָ איז דער אַקצענטירטער טראַף אָ׳]; חבֿר — חבֿרים [[כאַווי׳רים], מבֿין — מבֿי׳נים, גירוש — גירו׳שים, בלבול — בלבו׳לים, אתרוג — אתרו׳גים, יתום — יתו׳מים. אָבער: גו׳אל — גואַלים, פּועל — פּו׳עלים און נאָך עטלעכע.

ג) בײַ אַ קלענערער גרופּע העברעאיזמען קומט בײַ דער ענדונג ־ים ניט צו נאָך אַ טראַף, למשל: אבֿר — אבֿרים, עיקר — עיקרים, שותּף — שותּפֿים, קרובֿ — קרו׳בֿים, ספֿר — ספֿ׳רים, בגד — בג׳דים, פּסוק — פּסו׳קים, מלמד — מל׳מדים, פּריץ — פּרי׳צים.

ד) בײַ דער מערצאָל אויף ־ים ווערט פֿון אַקצענטירטן חולם אין אָפֿענעם טראַף דער קלאַנג [אָ] אין דעם געשלאָסענעם טראַף, למשל: סו־חר — סוח־רים, יו־רש — יור־שים, שו־נא — שונ־אים, רו־צח — רוצ־חים, אַפּיקו־רס, אַפּיקור־סים. אָבער: חובֿבֿ — חובֿבֿים, צו־רר — צוררים, בו־רר — בוררים און נאָך אַנדערע.

ה) ס׳רובֿ העברעאיזמען אויף אַ טראַפֿיקן נון (אָדער ־ען) שאַפֿן זייער מערצאָל מיט די קלאַנגען „אָ׳נים", למשל: למדן — למדנים, קבצן — קבצנים, מחותּן — מחותּנים, סימן — סימנים, ענין — ענינים, שתּדלן — שתּדלנים. זיך מערקן די באַזונדערקייטן: חתן — חתנים [כאַסאָנים], אופֿן — אופֿנים [אויפֿאַנים], שכן — שכנים [שכייגים], זקן — זקנים [זקיינים], ניגון — ניגו׳נים, אבֿיון — אבֿיו׳נים.

ו) עס טרעפֿן זיך באַזונדערקייטן בײַ העברעאיזמען וואָס ענדיקן זיך אויף אַן אומאַקצענטירטן וואָקאַל: כּלי — כּלים, קונה — קונים, עולה — עולים, גבאי — גבאָים, רשע — רשעים [רעשאָאים], טמא — טמאים [טמייאים], חולה — חולאָים, עילוי — עילו׳יים, בקי — בקיאים און נאָך אַנדערע.

ז) ווערט געניצט צוצוגעבן דעם בײַטעם פֿון ביטול (אַזוי ווי 14ג). דוגמאָות: אויגאַ׳נים, פּאַרשוי׳נים, שנײַדו׳רים, שוסטײַ׳רים, וואונדײַ׳רים.

ח) עס טרעפֿט זיך די ענדונג ־ים אין עטלעכע ווערטער פֿון ניט־לשון־קודשן אָפּשטאַם און אין פּסעוודאָ־העברעאיזמען: דאָקטער — דאָק־טוירים, פּויער — פּויערים, נאַר — נאַראָנים, טײַוול — טײַוולאָנים און טייוואָלים; קיסר [קייסער] — קיסרים [קייסאָרים], דוכּס [דוקעס] — דוכּסים [דוקסים], קונדעס — קונדייסים.

ט) די ענדונג ־ים ניט לויטן לשון־קודשן נוסח: שבת — שבתים, טלית — טליתים, טעות — טעותים, תּענית — תּעניתים, תּכלית — תּכליתים; יום־טובֿ — יום־טובֿים, פּסק־דין — פּסק־דינים, דבֿר־אַחר — דבֿר־אחרים.

7. די ענדונג ־ער. דאָ ווערן אויסגערעכנט די אָפּטערע ווערטער מיט אָט דער ענדונג:

א) מיטן איבערקלאַנג פֿון [אָ] אין [ע]: אָרט — ערטער, באָד — בעדער, גאָט — געטער, גלאָז — גלעזער, דאָרף — דערפֿער, האָן — הענער, האָלץ — העלצער, וואָרט — ווערטער, טאָן — טענער. לאָך — לעכער, סאָד — סעדער, פֿאָלק — פֿעלקער (אָבער פֿאַרפֿאָלק — פֿאַרפֿאָלקן), קלאָץ — קלעצער, ראָד — רעדער, שלאָס — שלעסער, שפּאָן — שפּענער; האָרן — הערנער, דאָרן — דערנער, גאָרטן — גערטענער; פּנים — פּנימער. און צווישן צוויי אָדער דרײַ פֿאָרמען אין מערצאָל: גלאָק — גלעקער, גראָז — גרעזער, דראָנג — דרענגער, באָז — בעזער, פֿאָן — פֿענער, וואָגן — וועגענער, פֿלאָקן — פֿלעקענער און צאָן — ציינער.

ב) מיטן איבערקלאַנג פֿון [אַ] אין [ע]: באַל — בעלער, באַנד — בענדער, בלאַט — בלעטער, דאַך — דעכער, האַלדז — העלדזער, האַרץ — הערצער, וואַלד — וועלדער, לאַם — לעמער, לאַנד — לענדער, מאַן — מענער, פּאַס — פּעסער, פּלאַן — פּלענער, פּלאַץ — פּלעצער, פֿאַס — פֿעסער, פֿלאַש — פֿלעשער, קאַלב — קעלבער, שאַפֿ — שעפֿער. און צווישן צוויי אָדער דרײַ פֿאָרמען אין מערצאָל: באַרג — בערגער (געוויינטלעך בערג), זאַמד — זעמדער (פֿאַרשיידענע מינים זאַמדן).

ג) מיטן איבערקלאַנג פֿון [ו] אין [י]: בוך — ביכער, גוט — גיטער, גרובֿ — גריבער, הון — היבער, טוך — טיכער, רוט — ריטער, צונג — צינגער; שטובֿ — שטיבער און שטובן. אויך: רײַכטום — רײַכטימער, הייליק־טום — הייליקטימער.

ד) מיטן איבערקלאַנג פֿון [וי] אין [יי] אָדער [ײַ]: בויך — בײַכער, מויל, — מײַלער, הויז — הײַזער, ברויז — ברײַזער; בוים — ביימער, בוידעם — ביידעמער און בוידעמס.

ה) אָן אַן איבערקלאַנג, ווײַל אין איינצאָל מיט ע, י, יי און ײַ: ברעט — ברעטער, העמד — העמדער, פֿעלד — פֿעלדער, קערן — קערנער, געווּלבֿ — געוועלבער (אויך געוועלבן), געשלעכט — געשלעכטער (אויך געשלעכטן), געשפּענסט — געשפּענסטער (אויך געשפּענסטן); בילד —

בילדער, שטיק — שטיקער, געמיט — געמיטער, געזיכט — געזיכטער; איי — אייער, ביין — ביינער, קלייד — קליידער, שטיין — שטיינער; גײַסט — גײַסטער, ווײַב — ווײַבער, לײַב — לײַבער. אויך: געלט — געלטער, ליכט — ליכטער (מקורים פון ליכט), בעזעם — בעזעמער און בעזעמס, שטעקן — שטעקענער (געוויינטלעך שטעקנס).

ו) בײַם באַצייכענען צאָלן: צענדליק און צענדלינג — צענדליקער, צענדלינגער, הונדערט — הונדערטער, טויזנט — טויזנטער; ער איז אין די אַכציקער און זי איז אין די זעכציקער, יוגנטלעכע אין זייערע צענער יאָרן.

ז) סובסטאַנטיוון אויף ־עך, אויף ־טעך: לײַלעך — לײַלעכער, טעפּעך — טעפּעכער, קרײַטעך — קרײַטעכער, אויך קרײַטעכץ — קרײַטעכצער; האַנטעך — האַנטעכער, טישטעך — טישטעכער, פֿאַרטעך — פֿאַרטעכער, פּאַסטעך — פּאַסטעכער; לעקעך — לעקעכער (לעקעכן פון פֿאַרשיידענע מינים).

ח) בײַ סובסטאַנטיוון מיטן סופֿיקס ־עכץ ווערט די ענדונג ־ן פֿאַרביטן אויף ־ער כּדי אַרויסצוהייבן דעם בײַטעם פון ביטול, למשל: פּירעכץ — פּירעכצער, שמירעכץ — שמירעכצער, גלייבעכץ — גלייבעכצער, ווילעכץ — ווילעכצער.

8. מערצאָל אַן אַן ענדונג, בלויז מיט אַן איבערקלאַנג:

באָק — בעק, באָרד — בערד, וואָלף — וועלף, וואָרעם — ווערעם, טאָג — טעג, טאָכטער — טעכטער, טאָפּ — טעפּ, נאָגל — נעגל, נאָט — נעט, נאָמען — נעמען, פּאָדעם — פּעדעם, פּראָסט — פּרעסט, פּראָש — פּרעש, צאָפּ — צעפּ, קאָפּ — קעפּ, קאָרב — קערב, קנאָפּ — קנעפּ, ראָק — רעק, שטאָט — שטעט, שטאָך — שטעך, שלאָג — שלעג. אויך: באָך — בעך און באָכן, טאָרט — טערט און טאָרטן.

באַנד — בענד, באַנק — בענק, באַרג — בערג, גאַנג — גענג, גאַנדז — גענדז, גאַסט — געסט, באַרשט — בערשט, האַנט — הענט, האַק — העק, וואַנט — ווענט, זאַק — זעק, טאַנץ — טענץ, מאַרק — מערק, נאַכט — נעכט, פּאַטש — פּעטש, פּאַק — פּעק, פּראַסק — פּרעסק, פּראַק — פּרעק (און פּראַקן), קאַץ — קעץ, קלאַפּ — קלעפּ, קראַנץ — קרענץ, שאַנק — שענק, שלאַק — שלעק, שלאַנג — שלענג.

ברודער — ברידער, הוט — היט, הונט — הינט, זון — זין, נוס — ניס, פוס — פיס, קו — קי, קנופּ — קניפּ, שוך — שיך. אויך: ברוסט — בריסט און בריסטן, פוקס — פיקס, שנור — שניר.

הויף — הייף און הויפֿן, פֿויגל — פֿייגל און פֿויגלען, פֿלוי — פֿליי; טויז — טײַז, לויז — לײַז, מויז — מײַז.

9. מערצאָל וואָס פֿאַלט צונויף אין דער פֿאָרעם מיט איינצאָל און בלויז דער באַשטימטער אַרטיקל פון מערצאָל די איז דער אָנווײַזער אויף דער צאָל. פֿיר פֿאַלן ווערן דאָ אויסגעטיילט:

א) איינטראָפֿיקע סובסטאַנטיוון, וואו אַן איבערקלאַנג איז ניט מעגלעך:

דער העכט — די העכט, דאָס ווערק — די ווערק, דאָס פֿערד — די פֿערד, דער קנעכט — די קנעכט, דאָס רעכט — די רעכט;

דער בריוו — די בריוו, דער טריט — די טריט, די אָדער דאָס ליכט — די ליכט, דער פֿיש — די פֿיש, די קני — די קני, דער קניפּ — די קניפּ, דער שטריק — די שטריק;

דער פֿרײַנד — די פֿרײַנד, דער פֿײַנד — די פֿײַנד, די רייד — די רייד; דאָס נײַס — די נײַס, די נײַסן. זיך מערקן: די האָר — די האָר.

ב) צווייטראַפּיקע סובסטאַנטיוון: די שוועסטער — די שוועסטער (אויך שוועסטערן), דער פֿינגער — די פֿינגער, דער (דאָס) פֿענצטער — די פֿענצטער, דער (דאָס) מעסער — די מעסער (אויך מעסערס), דער טעלער — די טעלער (אויך טעלערס), דער לײַכטער — די לײַכטער (אויך לײַכטערס), דער עמער — די עמער (בעסער: עמערס), דער־די ציפּער — די ציפּער (בעסער: ציפּערן); דער אַרבל — די אַרבל, דער בייגל — די בייגל, דער לעפֿל — די לעפֿל, דער עפּל — די עפּל, דער ציגל — די ציגל, דער שטיוול — די שטיוול; דער הערינג — די הערינג, דער עדות — די עדות; דער שטערן (אין הימל) — די שטערן.

ג) בײַ אַלע סובסטאַנטיוון אָדער סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון וואָס שטאַמען פֿון נעמען פֿון שטעט, לענדער אָדער אַנדערע געאָגראַפֿישע נעמען אויף ־ער, ־אַנער, יאַנער, ־עזער און אַנדערע, למשל: דער וואַרשעווער — די וואַרשעווער, דער ניו־יאָרקער — די ניו־יאָרקער; דער יאַפּאַנער — די יאַפּאַנער, דער האָלענדער — די האָלענדער; דער אינדיאַנער — די אינדיאַנער, דער אַמעריקאַנער — די אַמעריקאַנער, דער איטאַליענער — די איטאַליענער.

ד) בײַ פֿילטראַפּיקע סובסטאַנטיוון מיטן סופֿיקס ־ער (־יקער, אַטיקער) וואָס ווײַזן דעם טוער, די פּראָפֿעסיע, דעם פֿאַך, די גרופּע וואָס מע געהערט צו איר, למשל: דער באָטאַניקער — די באָטאַניקער, דער דאָגמאַטיקער — די דאָגמאַטיקער, דער פּלאַטאָניקער — די פּלאַטאָניקער, דער כעמיקער — די כעמיקער, דער מעכאַניקער — די מעכאַניקער. דאָ איז אומעטום מעגלעך אויך די ענדונג ־ס.

10. קאָמפּליצירטע פֿאַלן פֿון מערצאָלן בײַ העברעאיזמען. צוגאָבן צו דעם וואָס איז שוין געווען דערמאָנט וועגן העברעאיזמען אין 1ח, 2ב, 2ג, 3ד, 3ג, 3ו, 4א, 6.

א) אין אַלע צונויפֿהעפֿטן, וואו דער ערשטער טייל איז לאָגישערווײַז אַן אַטריבוט צום צווייטן טייל (ווי: פֿויגלגעסט אָדער ישיבֿה־בחור), איז פֿאַראַן דער שינוי פֿאַר מערצאָל בלויז אין צווייטן טייל. דוגמאָות: כּפּרה־הינדל — כּפּרה־הינדלעך, כּישוף־מאַכער — כּישוף־מאַכערס, עיבור־יאָר — עיבור־יאָרן; מוסר־ספֿר — מוסר־ספֿרים, כּלה־מתּנה — כּלה־מתּנות, דם־שׂונא — דם־שׂונאים, עזות־פּנים — עזות־פּנימער, אָבער קבלת־פּנים — קבלת־פּנימס.

ב) ביי מער־ווייניק אָפּטע צונויפֿגעזעצטע ווערטער ווערט די מערצאָל געשאַפֿן על־פּי אַנאַלאָגיע און איז חל נאָר אויפֿן צווייטן טייל, בעת דער ערשטער טייל בלײַבט אָן אַ שינוי. דוגמאָות: מיתה־משונה — מיתה־משונות, עבֿודה־זרה — עבֿודה־זרות, עם־האָרץ — עם־האַרצים, ראָש־ישיבֿה — ראָש(י)־ישיבֿות, תּחום־שבת — תּחום־שבתן, עונג־שבת (וועגן אַן איינגעשטעלטער אונטערנעמונג) — עונג־שבתן. דאָ טרעפֿן זיך אויך צווייאיקע פֿאָרמען: חולה־מסוכּן — חולה־מסוכּנס און חולאָים מסוכּנים, מעשׂה־נורא — מעשׂה־נוראס און מעשׂים נוראָים, ראָש־הקהל — ראָש־הקהלס און ראָשי־הקהל. זיך מערקן דאָס שפּריכוואָרט „גאָט האָט אַ סך מלאָך־המוותן".

ג) אין די ווערטער אויף בעל־ איז די מערצאָל אַ טאָפּעלע: פֿון בעל־ ווערט בעלי־ און די צווייטע העלפֿט האָט די ענדונג ־ים אָדער ־ות, למשל: בעל־גאווה — בעלי־גאוות, בעל־דעה — בעלי־דעות, בעל־חובֿ — בעלי חובֿות, בעל־עגלה — בעלי־עגלות, בעל־צדקה — בעלי־צדקות; בעל־נס — בעלי־נסים, בעל־רחמן — בעלי־רחמנים. אין די גאָר אָפּט געניצטע ווערטער פֿון דעם מין הערט מען ניט קיין וואָקאַל נאָכן על־, למשל: „באַלמעלאָכעס", „באַלסימכעס", אָבער בײַם שרײַבן איז נייטיק אויפֿצוהיטן אין מערצאָל בעלי־ ווי אין בעלי־מלאָכות, בעלי־שׂמחות. ווען די צווייטע העלפֿט ענדיקט זיך אין מערצאָל אויף ־ן אָדער אויף ־ס, איז געננוג אויך אין מערצאָל בעל־, למשל: בעל־אַחריות — בעל־אַחריותן, בעל־מחלוקת — בעל־מחלוקתן, בעל־דרשן — בעל דרשנס, בעל־קורא — בעל־קוראס. ווען אין איינצאָל איז שוין דאָ די ענדונג ־ים אָדער ־ות, מוז אין מערצאָל זײַן בעלי־, למשל: בעל־יסורים — בעלי־יסורים, בעל־חלומות — בעלי־חלומות. מיר טרעפֿן אויך צווײ מערצאָל־פֿאָרמען; דוגמאָות: בעלי־תּשובֿה און בעלי־תּשובֿות, בעלי־חשבון און בעלי־חשבונות, בעלי־חי און בעלי־חיים, בעלי־גוזמא און בעלי־גוזמאָות, בעלי־תּכלית און בעלי־תּכליתים. פֿאַראַן אויך מערצאָלן וואָס שטימען אײַנגאַנצן מיט לשון־קודש: בעלי־תּורה, בעלי־קבלה, בעלי־מוח, בעלי בריתּ און נאָך אַ צאָל.

ד) ייִדיש האָט אַ היפּשע צאָל סמיכות־פֿאַרבינדונגען וואָס האָבן גרייטערהייט איבערגענומען זייער מערצאָל פֿון לשון־קודש. די דוגמאָות ווערן געגעבן בלויז אין מערצאָל: אוהבֿי־ישׂראל, שׂונאי־ישׂראל, שׂונאי־ציון, גדולי־הדור, דאגות־פּרנסה, דבֿרי־תּורה, חובֿבֿי־ציון, פּועלי־ציון, מוכרי־ספֿרים, ספֿרי־מוסר, מחללי־שבת, עובֿדי־כּוכבֿים, מסדרי־קידושין, שליחי־ציבור, שוללי־הגלות. זיך מערקן די צווײ מערצאָל־פֿאָרמען: מכניס־אורחים — מכניסי־אורחים, תּלמיד־חכם — תּלמידי־חכמים, בית־מדרש — בתּי־מדרשים.

ווען דער ערשטער טייל איז בן־, ווערט אין מערצאָל בני־, למשל: בני־בית, בני־ישׂראל, בני־נח, בני־טובֿים, בני־תּורה, אָבער: בן־יחיד — בני־יחידים, בן־מלך — בני־מלכים. ווען דער ערשטער טייל איז בר־, בלײַבט

בר־ אויך אין מערצאָל: בר־מינגס, בר־סמכאָס, בר־דעתן. ווען דער ערשטער טייל איז בת־, ווערט אין מערצאָל בנות־: בנות־ישׂראל, בנות־ציון, בנות־טובֿים, בנות־נח; זיך מערקן: בת־יחידה — בת־יחידות, בת־מלכּה — בת־מלכּות.

ה) ווען אַן אויסדרוק באַשטייט פֿון אַ שם־עצם (סובסטאַנטיוו) און אַ שם־תּואר (אַדיעקטיוו), באַקומט יעדער טייל באַזונדער אַ מערצאָל־ענדונג, למשל: גבֿירים אַדירים, גויים גמורים, אַנשים חשובֿים, ידידים נאמנים, פּוסקים אַחרונים; בהמות גסות, בשׂורות טובֿות, קהילות קדושות, מידות טובֿות. אַזוי אויך: טענות ומענות, דרישות וחקירות, יראים ושלמים.

ו) ווען אַן אויסדרוק באַשטייט פֿון צוויי שם־עצמס און דער צווייטער קומט מיט אַ פּרעפֿיקס אָדער עס איז דאָ אַ פּרעפּאָזיציע צווישן זיי, באַקומט נאָר דער ערשטער טייל די ענדונג פֿון מערצאָל, למשל: גדולים בישׂראל, עוסקים בצרכי־ציבור, קרובֿים למלכות, ברכות לבטלה, אבֿרים מן החי, פּורשים מן הציבור, יוצאים־מן־הכּלל.

מערצאָל פֿון איש — אַנשים, מערצאָל פֿון אשה — נשים.

11. פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרמען מיט אונטערשידן אין באַטײַט. 4ג, 6ז. ווײַטער קומט בלויז אַן אָפּקלײַב.

אבֿן־טובֿ — אבֿנים טובֿות — (טײַערע שטיינער), אבֿן־טובֿס (טײַערע כאַראַקטערס);

באַנד — בענדער (סטענגעס), בענד (ביכער);

באַנק — בענק (צו זיצן און קלענערע געלטקאַנטאָרן), באַנקען (בלויז גרויסע געלטקאַנטאָרן);

בן־זכר — בנים זכרים (זין), בן־זכרס (שׂמחות פֿאַרן ברית);

בעל־הבית — בעלי־בתּים (קלייניע אָדער אָרעמע אייגנטימער), באַלע־בעסלעך (ניט לאַנג חתונה־געהאַט) קליינבירגער(ס); מיטן צווייטן באַטײַט בעסער אויסצומיידן: באַלעבעסל;

ברוסט — בריסט, בריסטן (בײַ מענטשן), ברוסטן (פֿלייש);

געלט — געלטער (אַ סך געלט), געלטן (פֿאַרשיידענע מינים);

גרובֿ — גריבער (פֿאַרטיפֿונגען), גרובֿן (מינעס);

הויף — הויפֿן (געוויינטלעך), הייף (בײַ חסידישע רבֿיים);

וואַראַבייטשיק — וואַראַבייטשיקעס (פֿייגעלעך), וואַראַבייטשיקס (מיטגלידער פֿון דער משפּחה וואַראַבייטשיק);

זון — זין (פֿון אַ טאַטן), זונען (אין אַסטראָנאָמיע);

חיבור — חיבורים (ווערק), חיבורס (אַקטן פֿון צונויפֿגעמען);

חיסור — חיסורים (דעפֿעקטן), חיסורס (אַקטן פֿון אָראָפּנעמען);

טעם — טעמען (וואָס מע דערשפּירט מיט דער צונג), טעמים (מאָטיוון);

כּתבֿ — כּתבֿים (שריפֿטן), כּתבֿן (האַנטשריפֿטן);

ליכט — ליכט (אין לײַכטערס), ליכטער (זון און לבֿנה);

מאַן — מענער (געוויינטלעך), מאַנען (פֿון ווײַבער);

מאַסע — מאַסן (פֿאָלקסמאַסן), מאַסעס (אין פֿיזיק);
מאַרק — מערק (וואו מע האַנדלט), מאַרקן (דײַטשישע מטבעות);
נאַר — נאַראָנים (ניט קיין קלוגע), נאַרן (קאָמעדיאַנטן);
פּאַס — פּאַסן (לאַנגע שטיקער מאַטעריאַל), פּעסער (דאָקומענטן);
פּלאַן — פּלענער (סכעמעס, פּראָיעקטן, כּוונות), פּלאַנען (צייכענונגען, אויס־געשריבענע סכעמעס);
פֿוס — פֿיס (צו גיין), פֿוסן (אײַנסן פֿון לענג);
פֿוקס — פֿוקסן (חיות), פֿיקס (זייערע פֿעלן);
פֿיי — פֿייען (גרויסע וועווערקעס), פֿיי (זייערע פֿעלן);
צונג — צינגער (פֿון מענטשן), צונגען (פֿון בהמות);
קאַפּיטל — קאַפּיטלעך (פֿון תּהילים, קלענערע אָפּטיילן), קאַפּיטלען (גרעסערע אָפּטיילן);
קראַפּט — קראַפּטן (אין מעכאַניק), קרעפּטן (פּאַרוועלערס, אַנטיילנעמערס), זאָל עס גיין אין קריפּטן;
רבי — רביים (געוויינטלעך), רבים (חסידישע און אין קינדער־לשון);
שטערן — שטערן (אין הימל); שטערנס (פֿון פּנימער);
שלאָג — שלעג (קלעפּ), שלאָגן (פֿון פּולס, האַרץ, זייגער);
שלאַנג — שלאַנגען (וואָס קריכן), שלענג (שלעכטע מענטשן);
שמשל — שמשימלעך (קליינע שמשים), שמשלעך (וואָס מע צינדט מיט זיי אָן);
שנור — שניר (ווײַבער פֿון זין), שנורן (שטריקלעך).

12. ווערטער וואָס זײַנען נאָר אין אײנצאָל. טעאָרעטיש איז מעגלעך צו שאַפֿן מערצאָלן אויך פֿון אַזעלכע קאַטעגאָריעס ווערטער וואָס געוויינטלעך ניצט מען זיי בלויז אין איינצאָל. בכן איז ניט נייטיק זיך צוריקצוהאַלטן פֿון ניצן די מערצאָל־פֿאָרעם אויך פֿון אַזעלכע ווערטער וואָס מע האָט פֿריִער ניט באַגעגנט אין מערצאָל. ווײַטער ווערן געגעבן דוגמאָות פֿון פּראָזעס און זאַצן וואָס באַרעכטיקן אַזעלכע מערצאָלן:

אַטאָמישע וואָגן פֿאַר אוראַניומס; קריגן אין קראָם כּלערליי לעדערן; קאָרענע, ווייצענע און פּאַפּשויענע ברויטן; די חרפּות וואָס דעם אָרעמאַן קומט אויס אויסצושטיין; אים זײַנען באַשערט געבוג עגמת־נפֿשן; אין אַלטן רוים און אין הײַנטיקן ענגלאַנד זײַנען די פּראָלעטאַריאַטן גאַנץ פֿאַרשיידענע; גוטע און שלעכטע עלטערס (עלטערע יאָרן); זיך פֿאַרגינען אַלע עולם־הזהס; איבער אַלע ייִדישן איז נייטיק איין כּלל־ייִדיש; אַריסטאָקראַטן קעגן די לוויתנס אין דער געזעלשאַפֿט; דורכמאַכן אַרויפֿן און אַראָפּן; אַ סך היותן, אָבער נאָך אַלץ ניטאָ קיין שׂכלדיקע מאָטיווירונג; די לאָז־מיך־געמאַכן האָבן קיינמאָל קיינעם ניט געהאָלפֿן.

בלויז אין איינצאָל זײַנען:

א) ווערטער פֿאַר אַזעלכע באַגריפֿן וואָס על־פּי זייער מהות איז אויף זיי חל איינצאָל. דוגמאָות: דער רבונו־של־עולם, די שכינה, די כּנסת־ישׂראל,

די סטרא־אַחרא; דער כּדור־האָרץ, דער ערדקוגל, דער אוניווערס, דער עולם־ומלואו, דער סדר־העולם; דער יהי־אור, דער ואָהבֿת־לרעך.

ב) ספּעציפֿישע נעמען, געאָגראַפֿישע, פֿון אַ בוך, אַן אויסגאַבע און אין אַלע פֿאַלן אויף צו באַצייכענען נאָך איין זאַך. דוגמאָות: דער ירדן פֿאַלט אַרײַן אין ים־המלח, די מדינה ישׂראל, דער אַררט; די גאָלדענע קייט, דער פֿאָרווערטס, דער חטאת־נעורים; שטודירן אין אָקספֿאָרד.

ג) אינפֿיניטיוון וואָס ווערן גענוצט ווי סובסטאַנטיוון קענען זײַן נאָר אין איינצאָל, למשל: דאָס זײַן, דאָס ווערן, דאָס אײַנקויפֿן, דאָס צונויפֿפֿאָרן זיך, דאָס בטל מאַכן, דאָס חתונה האָבן, דאָס עוקר־מן־השורש זײַן.

ד) אין אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט בײַ ווערבן קען דער ווערבאַלער סובסטאַנטיוו זײַן נאָר אין איינצאָל, למשל: דרײַ מאָל אַ שטאַרקן קלאַפּ טאָן, עטלעכע מאָל אַ קלינג טאָן, שטענדיק אַ קוש געבן אין האַנט.

ה) סובסטאַנטיווירונגען פֿון אַדיעקטיוו אין נייטראַלן מין מיט דער ענדונג ־ע, צו באַצייכענען דאָס אַבסטראַקטע און כּוללדיקע, למשל: דאָס גוטע און דאָס שיינע אין דער וועלט, דאָס דערהויבענע באַפֿליגלט, באַטראַכטן דאָס ראָש־וראשונדיקע, דאָס לאָגיש־ריכטיקע איז ניט שטענדיק דאָס סאַמע וויכטיקע.

13. ווערטער וואָס זײַנען נאָר אין מערצאָל. עס איז מעגלעך צו שאַפֿן איינצאָלן אויך פֿון אַזעלכע ווערטער וואָס געוויינטלעך ניצט מען זיי אין דער מערצאָל־פֿאָרעם. עטלעכע דוגמאָות: איין הויז האָט זיך צעריסן, בלײַבן בײַ דער לעצטער בעבעכע, אַ פֿאַרעלטערטער כּלי־זיין, „ער איז אַ גאַנצער כּלי־קודש" (ממוס), איין מעריד בלוטיקט, דער לײַט וואָס וועט שוין אַרויסקומען פֿון אים, דאָס קינד האָט פֿאַרשלעפּט אַ תּפֿיל, „עס איז גענוג אַז עס קומט איין עלטער" (אין ייִדישע שולן פֿון ליטע).

א) זיך מערקן די ווערטער בלויז אין מערצאָל: די געבליטן, די גדערים, די ווייען בײַם געבערן, די צען־געבאָט, זײַן אין די אַנדערע (די גוטע) אומשטענדן.

ב) אַ צאָל ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש און ווערן גענוצט בלויז אין זייער מערצאָל־פֿאָרעם: ברואים, בשׂמים, זכרונות, יסורים, לומדים, מטלטלין, ממתקים, מעות, מעשׂים, משוגעים (איינצאָל — משוגענער), פּורעניות (מיט נאָך אַ מערצאָל: פּורעניותן), די פּני, רחמים, שיריים, תּחתּונים, תּכריכים, תּרעומות (מיט נאָך אַ מערצאָל: תּרעומותן). בלויז אין אַ ווענדונג: רבותי, רבותים.

ג) אַ צאָל צונויפֿזעצן פֿון שם־עצם מיט שם־תּואר און סמיכות־פֿאָרמען, גענוצט בלויז אין מערצאָל: ימים־נוראים, מים־אַחרונים, מצוות־מעשׂיות, דבֿרים־בטלים; אורים־ותומים, הרים וגבֿעות, אותות־ומופֿתים, תּהילות־ותשבחות; ראָשי־פּרקים, חילוקי־דעות, צרכי־ציבור, סתרי־תּורה, חבֿלי־לידה, הרי־חושך, טובֿי־העיר, יחידי־סגולה, אומות־העולם, מלאכי־השרת, מעשׂי־בראשית; כּל־הנערים, אַרבע־כּוסות, עשׂר־מכּות.

ד) עטלעכע געאָגראַפֿישע נעמען (ספּעציעל פֿון בערגקייטן): די אַלפּן, די קאַרפּאַטן, דאַרדאַנעלן.

## ה. די דרײַ בייגפֿאַלן (קאַזוסן)

1. דער סובסטאַנטיוו קען זײַן אין דרײַ פֿאַרשיידענע בייגפֿאַלן אָדער קאַזוסן. דער בייגפֿאַל ווײַזט אויף דער פֿונקציע פֿון סובסטאַנטיוו אין זאַץ. דער נאָמינאַטיוו אָדער דער ערשטער בייגפֿאַל דינט צו באַצייכענען דעם סוביעקט פֿון זאַץ, למשל: דער זיידע וועט באַלד קומען; דער הימל איז פֿאַרוואָלקנט; חיים הורוויץ איז דאָ נעכטן געווען. דער נאָמינאַטיוו קען אויך זײַן אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט, למשל: דער זיידע איז דער גבאי פֿון אונדזער בית־מדרש; דער הימל איז די איינציקע האָפֿענונג; חיים הורוויץ ווערט דער אַדוואָקאַט פֿון דעם באַשולדיקטן.

דער אַקוזאַטיוו אָדער דער צווייטער בייגפֿאַל דינט צו באַצייכענען דעם דירעקטן אָביעקט פֿון זאַץ, למשל: מיר וועלן באַגעגענען דעם זיידן; איך זע דעם אויסגעשטערנטן הימל; דער באַשולדיקטער האָט אָנגעשטעלט חיים הורוויצן פֿאַר זײַן אַדוואָקאַט. דער אַקוזאַטיוו קען אויך זײַן אַ צײַט־באַשטימונג און אַן אָרט־באַשטימונג, למשל: דעם גאַנצן זומער האָבן מיר פֿאַרבראַכט אין צפֿון פֿון לאַנד; איך וועל עס אָנשרײַבן די קומענדיקע וואָך; דורכגיין צו פֿוס דעם ווײַטן מהלך, איבערפֿליִען דעם אַטלאַנטיק אין פֿינף שעה.

דער דאַטיוו אָדער דער דריטער בייגפֿאַל דינט צו באַצייכענען דעם אומדירעקטן אָביעקט, למשל: דער סידור געהערט דעם זיידן; „וואָס עס שטייט אַן דער ערד מעג אָנשטיין דעם הימל"; „מע דאַרף שוין ענטפֿערן חיים הורוויצן". דער דאַטיוו קומט אויך נאָך אַלע פּרעפּאָזיציעס, למשל: „גיין מיט דעם זיידן אין בית־מדרש"; „פֿון דער שוועסטער איז שוין לאַנג קיין בריוו ניט געווען"; „בײַ דעם קינדעלע ווײַזט זיך שוין דאָס ערשטע ציינדעלע".

2. חוץ אין אויסנעם־פֿאַלן (פּונקטן 9־10), קומט ניט צו קיין שום ענדונג צום סובסטאַנטיוו אין זײַנע דרײַ בייגפֿאַלן. דרויסנדיק קען מען דער־קענען דעם בייגפֿאַל דורכדעם וואָס דער באַשטימטער אַרטיקל ווײַזט אָן אויף אים, אָדער אויך אַן אַדיעקטיוו און אַן אַדיעקטיווישער פּראָנאָם. ווען אָט די באַהילפֿיקע סימנים זײַנען בײַם סובסטאַנטיוו ניטאָ, קען מען באַשטימען דעם בייגפֿאַל דורכן אַנאַליזירן דעם זאַץ. עס קען אַפֿילו אויסקומען צו פֿאַרבײַטן אַ וואָרט פֿון איין מין מיט אַ וואָרט פֿון אַן אַנדער מין, ווען מע דאַרף גענוי באַשטימען דעם בייגפֿאַל. „איך העלף דעם חבֿר" — אין דעם זאַץ קען מען ניט וויסן צי „דעם חבֿר" איז אַן אַקוזאַטיוו אָדער אַ דאַטיוו; ערשט ווען מע פֿאַרבײַט מיט „איך העלף דער חבֿרטע", ווערט קלאָר אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיטן דאַטיוו.

3. עס קענען זײַן שוועריקייטן בײַם אונטערשיידן צווישן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו. קען דאָ אַרויסהעלפֿן אַ לאָגישער, אַן אינהאַלטלעכער פּרינציפּ: דער אַקוזאַטיוו ווײַזט געוויינטלעך אַז די טואונג גייט אַריבער אויף דער

גאַנצער זאַך אָדער אויף דער גאַנצער פּערזאָן, למשל: איך זע דאָס בילד, איך קוק אָפּ דאָס בילד; די מאַמע הייבט אויף דאָס קינד, די מאַמע טוט אָן דאָס קינד. דער אַקוזאַטיוו דריקט אויס די זאַך אָדער די פּערזאָן וואָס האָט אַ דירעקטע שײַכות צו דער טוּאונג פֿון פּרעדיקאַט. אי פּערזאָן אי זאַך קענען ווערן אויסגעדריקט אין אַקוזאַטיוו.

דער דאַטיוו דריקט אויס די אַנדערע פּערזאָן, חוץ דער פּערזאָן פֿון סוביעקט, וואָס פֿאַר איר, לטובֿה אָדער לרעה, ווערט דורכגעפֿירט די טוּאונג. דער דאַטיוו ווײַזט אַז די טוּאונג אָדער די אַרויסזאָגונג האָט אַ שײַכות צו דער פּערזאָן, אויב אַ נאָמען פֿון אַן אומבאַלעבטער זאַך איז אין דאַטיוו, איז עס אין אַ געוויסן זינען אַ פּערזאָניפֿיצירונג, ווײַל עס באַקומט זיך דאַך אַז די זאַך האָט אינטערעסן אַזוי ווי אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש.

דוגמאות פֿון זאַצן אויף צו אילוסטרירן: די מאַמע טוט אָן דאָס קינד — אַלץ וואָס מע דאַרף אָנטאָן, „די מאַמע טוט אָן דעם קינד דאָס מאַנטעלע״ — עפּעס אויפֿן קינד; מע האָט אַרויסגעוואָרפֿן דעם שיכּור פֿון שענק, „מע האָט צוגעוואָרפֿן דעם שיכּור אַ נדבֿה״; מיר דערמאָנען דעם רבין צום גוטן — אים, ווי אַ פּערזאָן אין זײַן גאַנצקייט, „מיר דערמאָנען דעם רבין אַז עס איז שוין צײַט צו פֿאַרענדיקן״ — בלויז עפּעס וואָס האָט אַ שײַכות צו אים; ער פֿאַרגעסט ניט די כּלה זײַנע, „ער שיקט דער כּלה זײַנער אַ בוקעט בלומען״; די קינדער גרייטן צו די מוטער צו דער שלעכטער בשׂורה, „מע מוז אויך דער מוטער איבערגעבן די שלעכטע בשׂורה״; די לערערין האָט פֿאַרגעלייענט דאָס ביכל פֿאַר די קינדער, „זי האָט פֿאַרגעלייענט פֿון דעם ביכל אײן מעשׂה נאָך דער צווייטער מעשׂה״; מיר הערן דאָס טײַכל זינגען בײַנאַכט, „דער הימל שענקט דעם טײַכל עטלעכע שטערן״.

4. עס איז בייטיק צו האָבן אין זינען אַזאַ כּלל: דער נאָמען פֿון דער זאַך איז אין אַקוזאַטיוו, דער נאָמען פֿון דער פּערזאָן איז אין דאַטיוו, ווען די בײדע סובסטאַנטיוון טרעפֿן זיך צונויף אין איין זאַץ. דוגמאות פֿאַר דעם כּלל האָבן מיר שוין געהאַט אין פּונקט 3. נאָך עטלעכע: „איך ברענג דער לערערקע דעם בוך״; „לאָמיר מוחל זײַן דער חבֿרטע אַזאַ האַנדלונג״; „מע דאַרף געבן דעם ייִנגעלע דאָס שטיק לעקעך״; „דער יונגאַטש פֿאַראומערט דער מאַמען דאָס לעבן״; „ער אַנטפּלעקט דער שוועסטער דאָס האַרץ״. עס זײַנען פֿאַראַן צענדלינגער און צענדלינגער ווערבן וואָס קענען האָבן אָט די צוויי אָביעקטן, למשל: אַלע ווערבן וואָס האָבן דעם באַטײַט פֿון געבן (ברענגען, דערלאַנגען, לײַען, שענקען און ענלעכע), אַלע ווערבן וואָס האָבן דעם באַטײַט פֿון לאָזן וויסן (זאָגן, איבערגעבן, מודיע זײַן, שרײַבן, טעלעג־ראַפֿירן און ענלעכע).

אַ בולטער יוצא־מן־הכּלל איז דער ווערב לערנען וואָס קומט מיט צוויי אַקוזאַטיוון, אויך דער נאָמען פֿון פּערזאָן איז נאָך לערנען אין אַקוזאַטיוו: „עס איז גרינג צו לערנען דאָס קינד די נײַע חכמה״; „די גוווערנאַנטין לערנט די טאָכטער די פֿראַנצייזישע שפּראַך״; „דעם נײַעם בחור — זאָל מען לערנען די זעלביקע גמרא״.

5. עס איז נייטיק אײַנצוזען די פֿאַרבינדונג צווישן אַקוזאַטיוו און ווערב. דער אַקוזאַטיוו קען קומען בלויז נאָך אַ טראַנזיטיוון ווערב אָדער אַז דער טראַנזיטיווער ווערב איז אַזאַ וואָס פֿאַרלאַנגט דעם אַקוזאַטיוו (אין XIII, ב. זען אויך אַקוזאַטיווישער ווערב).

6. ווערבן וואָס פֿאָדערן דעם סובסטאַנטיוו אין ד אַ ט י ו. ווײַטער קומט דאָ אַ רשימה ווערבן וואָס פֿאָדערן דעם אָביעקט אין דאַטיוו, אַפֿילו ווען דאָס איז דער איינציקער אָביעקט. די ווערבן קומען אין סדר פֿון אַלף־בית:

אויסווײַזן (זיך) — „די פּראָבלעם ווײַזט זיך אויס דעם דענקער אַ גאַנץ פּשוטע";
אויסמאַכן — „עס מאַכט ניט אויס דער קונהטע וויפֿל דאָס וועט קאָסטן";
אײַנגעבן זיך — „דאָס גיט זיך אַפֿילו דעם מײַסטער ניט אײַן";
אײַנפֿאַלן — „דעם קינד פֿאַלט אײַן אַ נײַע המצאה", דאָס קען אַפֿילו דעם גרעסטן חכם ניט אײַנפֿאַלן;
אָנקומען — „דער כּלבֿטע קומט אָן דער בעסטער ביסן";
אָנשטיין — „דער פּריצטע שטייט אַזאַ אַרבעט ניט אָן";
באַקומען — „זאָל עס דעם קראַנקן קינד וואוילבאַקומען", „דאָס עסן באַקומט דער קראַנקער פֿרוי";
באַשערט זײַן — „דער אוצר באַשערט דער אַלמנה";
בײַשטיין — „דעם זיידנס זכות זאָל בײַשטיין דעם אייניקל";
גיין (אין אומפּערזענלעכע זאַצן) — „עס גייט ניט דער שלימזלניצע"; „דער מומען גייט עס גוט";
גלוסטן זיך — „דער אשת־חיל האָבן זיך געגלוסט נײַע געשעפֿטן";
גלייבן — „מע טאָר ניט גלייבן דעם פֿערד אין וועג און דער ווײַב אין דער היים";
געהערן — „דאָס הויז געהערט דער גרושה"; „דאָס שפּילכל געהערט דעם קינד";
געלינגען — „אַלץ געלינגט דער קראַנקבשוועסטער"; „אפֿשר וועט עס געלינגען דעם בחורל";
געפֿעלן — „עס געפֿעלט דער לערערקע"; „דעם מיידעלע געפֿעלט דאָס קליידעלע";
געראָטן — „דער שנײַדערקע איז עס געראָטן"; „דעם תּלמידל איז עס ניט געראָטן";
געשען — „וואָס עס זאָל ניט געשען דער שוועסטער (דעם שוועסטערל)";
דאַנקען — „מיר דאַנקען דער בעל־הביתטע (דעם בעל־הבית, דעם באַלעבעסל)";
דוכטן (דאַכטן) זיך — „די נאַכט דאַכט זיך אויס דער וואַרטערין לענגער ווי געוויינטלעך";
דינען — „געטרײַ דינען דעם פּריץ (דער פּריצה, דעם פּריצל)".
העלפֿן — „זאָל גאָט העלפֿן דער אַביונטע"; „העלף דעם קינד אָנטאָן די שיכעלעך";

זײַן (ווי אַ פּרעדיקאַט פֿאַר זיך) — „וואָס איז אײגנטלעך דער מאַמען״?
חלומען זיך — „ווײ, וואָס עס האָט זיך דער מוטער און דעם קינד געחלומט יענע נאַכט״;
טויגן — „אַזאַ עסק טויג גאָרניט דער אונטערנעמערין״;
טרעפֿן — אַן אומגליק האָט פּאַסירט, האָט געטראָפֿן דער פֿרײַנדין מײַנער״;
לוינען — „דעם עסיי צו פֿאַרקירצן לוינט דער איבערזעצערין״;
ליגן אין — „עס ליגט דער קינסטלערין טיף אין זינען די רייד פֿון דעם קריטי־קער״; „דעם רבֿל ליגט עס אין דער לינקער פּאה״;
נאָכגײן, נאָכלויפֿן, נאָכמאַכן און אויך אַנדערע ווערבן מיטן קאָנווערב נאָך — נאָכגײן דעם קינדעלע, נאָכלויפֿן דער קאַץ, נאָכמאַכן דעם מוסטערל;
ניצן, צו נוץ (ניץ) קומען — „אַ גוטער באַלעבאָסטע קען אַלץ צו ניץ קומען״; „די שטיקלעך שטאָף קענען ניט ניצן דער שנײַדערקע״;
ענטפֿערן — „ענטפֿער דער לערערין אויף איר פֿראַגע״; „ענטפֿער דעם תּכשיטל אויף זײַן חוצפּה״;
פּאַסירן — „וואָס עס זאָל דער רײַזענדערין ניט פּאַסירן אויף איר וועג״;
פּאַסן — „דער טאָכטער דײַנער פּאַסט שוין ניט אַזאַ חתן?״ „דעם אײדעמל פּאַסט נאָך אַלץ צו לעבן בײַ שווער און שוויגער״;
פֿאַרווערן — „מע האָט פֿאַרווערט דער סאָלדאַטקע צו טראָגן געווער״;
פֿעלן — „אײן קלײניקייט פֿעלט דער שמשטע, אַ טראָפּעלע מזל״;
שאַטן, פֿאַרשאַטן — „אַזאַ עסן וועט חלילה פֿאַרשאַטן דעם קינד (דער שוואַ־כער פֿרוי)״; „וואָס קען עס שאַטן אַזאַ גיבורטע?״
שטערן — „שטער ניט דער באָבען״; „שטער ניט דעם אײניקל״.

7. נאָך די ווײַטערדיקע ווערבן דאַרף מען ניצן דעם אַקוזאַטיוו:
אָנגײן — עס גײט דעם קרובֿ, די קרובֿה, דאָס רבילע ניט אָן;
באַגעגענען — לאָמיר אַרויסגײן באַגעגענען דעם רבֿ, די רביצין, דאָס רבילע;
בעטן — בעטן דעם זיידן, די באָבע, דאָס גאַנצע משפּחהלע צום סדר;
גריסן — „גריס אין מײַן נאָמען די פֿרוי דײַנע, די חבֿרטע ליבע זיסקינד, דאָס בחורל וואָס האָדעוועט זיך בײַ אײַך״ (אָבער — „אַ גרוס דער פֿרוי דײַנער, דער חבֿרטע...״);
הייסן — „הייס די דינסט זי זאָל אַרײַנטראָגן דעם סאַמאָוואַר״; „הייס דאָס קינד אַרויסגײן״;
הערן, האָרכן — הערן די אויפֿזעערין ווי דעם קאַטער, האָרך ניט די מוסרניצע;
חושד זײַן — חושד זײַן די גנבֿטע, די יאַטיכע, דעם יונגאַטש, דאָס קונדעסל;
חנפֿע(נע)ן — די גבֿירטע, דעם גבֿיר, די מאַדאַם, דאָס מאַדאַמעלע;
לאָזן — לאָז די מאַמע צו רו, לאָז געמאַך דאָס פּיצעלע קינד (אָבער מיטן באַטײַט איבערלאָזן קומט דער דאַטיוו: „לאָז דעם ברודערל דאָס שטיקל ברויט״);

מקנא זײַן — די גבֿירטע, די שוויגער, דאָס אײדעמל (אָבער בײַ צוויי אָביעקטן:
„דער אײגענער ברודער איז מקנא דער שוועסטער דאָס גליק״);

סטראַשען — „דער מאַן סטראַשעט די ווײַב מיט גט״; „גאָר אַ משוגענער סטראַשעט די שכנה מיט פֿײַער״;

פֿאָלגן — פֿאָלג דעם טאַטן, די מאַמע, פֿאָלג דאָס געבאָט;

פֿרעגן — „פֿרעג די עצה בײַ מומע רייצע״; „ניט פֿרעג דעם רופֿא, פֿרעג דעם חולה״;

קאָסטן — אויך מיטן דאַטיוו: „עס קאָסט די מומע (דער מומען) געגנוג אויסצוהאַלטן דעם פּלימעניק״;

רופֿן — רופֿן די ייִדענע מיט כלערליי צונעמענישן, רופֿן דאָס ווײַבעלע ׳טײַבעלע מײַנע׳.

8. אין אומפּערזענלעכע זאַצן — א) קומט דער אָביעקט אין אַקוזאַטיוו, אויב דער פּרעדיקאַט ווערט אויסגעדריקט דורך אַ ווערב. בײַשפּילן: עס אַרט דעם טאַטן, די מאַמע, דאָס רבֿילע; עס פֿאַרדריסט די שכנה און דעם שכן אַז מיר זײַנען ניט פֿרום.

ב) קומט דער פֿאַרמעלער אָביעקט אין דאַטיוו, ווען דער פּרעדיקאַט האָט אין זיך אַ סובסטאַנטיוו, אַן אַדיעקטיוו אָדער אַ פּראָזע, אַן אויסדרוק. בײַשפּילן: „עס ווערט דער מוטער און דעם פֿאָטער גרינגער אויפֿן האַרצן״; „עס איז דעם ייִדן און דער ייִדישקע ביטער״; „עס איז דער גאַנצער קהילה אַ בושה און אַ חרפּה״; „עס איז דער אויפֿרוימערין דערווידער זיך צו פֿאַרען אין מיסט״; „עס איז אַ האַרצווייטיק דער פֿרײַנדין״.

9. פֿאַראַן אַ קליינע צאָל אָפּטע סובסטאַנטיוון יוצאים מן־הכּלל וואָס האָבן ענדונגען אין אַקוזאַטיוו און דאַטיוו. ווען אַקוזאַטיוו און דאַטיוו זײַנען גלײַך, קען מען אויסקומען אָן באַזונדערע ווערטער און זיי איינאיינעם אָנרופֿן אָביעקטיוו.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| נאָמינאַטיוו — | טאַטע | זיידע | רבי | מענטש | ייִד |
| אָביעקטיוו — | טאַטן | זיידן | רבין | מענטשן | ייִדן |

איך זע דעם טאַטן, זיידן, רבין, מענטשן, ייִדן; איך העלף דעם טאַטן, זיידן, רבין, מענטשן, ייִדן; איך גיי מיטן טאַטן, זיידן, רבין, מענטשן, ייִדן.

ווען צו מענטש און צו ייִד קומט צו אַן אַדיעקטיוו, קען זייער אָביעקטיוו אויסקומען אָן אַן ענדונג, למשל: עס קומט אָהער דער גרויסער ייִד — לאָמיר באַגעגענען דעם גרויסן ייִד (ייִדן); מע פֿאָרט צום גרויסן ייִד (ייִדן). ער איז אַ טײַערער מענטש; מיר האָבן ליב דעם טײַערן מענטש (מענטשן); עס איז אַ פֿאַרגעניגן צו פֿאַרברענגען מיטן טײַערן מענטש (מענטשן).

די ווערטער מאַמע, באָבע, מומע קריגן די ענדונג ־ן אין דאַטיוו — מיט דער מאַמען, באָבען, מומען.

דאָס וואָרט האַרץ האָט אין דריטן בייגפֿאַל די ענדונג ־ן: פֿון (מיטן) גאַנצן האַרצן. אָבער דאָ זײַנען פֿאַראַן אידיאָמאַטישע באַזונדערקייטן, למשל: רעדן מיט האַרץ.

10. נעמען פֿון פּערזאָנען און פֿאַמיליע־נעמען וואָס זײַנען באַקאַנט קריגן די ענדונג ־ן (־ען) אין אַביעקטיוו. בײַשפּילן: ליב האָבן משהן, שמעונען, ברוכן, יודלען, בערען, לאהן, רחלען, פֿיגען, פֿייגעלען, אסתרן; לייענען מענדעלען, שלום־עליכמען, פּרצן, לייוויקן, גראַדען; זײַן באַקאַנט מיט משהן..., רחלען..., מענדעלען...; זיך באַקענען מיט ראַבינאָוויטשן, גאָלדמאַנען, גאָלדבערגן, ביילִיסן, פּיעטרושקאַן. אָבער פֿאַמיליע־נעמען וואָס זײַנען אויס־טערליש און ספּעציעל ניט־ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען באַקומען ניט קיין ענדונג, למשל: מיט תשר״ק, מיט אל־צפֿון, מיט פֿראַנקאַרע׳, מיט ווערלע׳ן, מיט פּאַדגאָרני. ווי נאָר אַ פֿאַמיליע־נאָמען ווערט ברייט באַקאַנט, קומט צו די ענדונג: מיט ניקסאָנען, מיט לענינען, מיט רילקען, מיט פּיקאַסאָן. דאָ איז די ענדונג אָפּהענגיק פֿון פּערזענלעכן אײַנגזען.

ווען עס קומט פֿאַרן נאָמען פֿון אַ פּערזאָן אָדער פֿאַר אַ פֿאַרשפּרייטן פֿאַמיליע־נאָמען אַן אַדיעקטיוו, אָדער וואָסער ניט איז פּראָזע, אָדער אַן אַקצענטירטער באַשטימטער אַרטיקל צי אַ טיטל — קומט עס אָן דער ענדונג. בײַשפּילן: באַקענט זיך מיט מײַן שוועסטער לאה, מיט מײַן חבֿר שמעון, מיט אונדזער פֿאַרזיצער ראַבינאָוויטש, מיט דעם דאָקטער גאָלדבערג, מיט דער שיינער שושנה, מיט דעם האַרציקן שמעוני, מיט דעם העלדישן פֿײַנ־שטיין, מיט דער ליבער פֿרוי יאַסעלעוויטש. „וואָס זאָגסטו אויף מנחם־מענדלען״ — און „וואָס זאָגסטו אויף דע׳ם מנחם־מענדל?״ „זיץ איך זיך מיט מײַן טײַבעלען״ — און „זיץ איך זיך מיט דער טײַבעלע מײַנער״. הכלל, ווען עס איז שוין דאָ אַן אָנווײַז אויפֿן דאַטיוו חוץ דער ענדונג פֿון נאָמען אָדער פֿאַמיליע־נאָמען, איז שוין דערבײַ ניט נייטיק די ענדונג גופֿא.

## ו. דער פּאָסעסיוו

1. איבער מאָטיוון תּוכיקע, היסטאָרישע, פֿאָרמעל־סינטאַקטישע, דאַרף מען ניט און קען מען ניט אַרײַנרעכענען דעם פּאָסעסיוו צווישן די בייג־פֿאַלן. פּאָסעסיוו איז אַ באַזונדערע פֿאָרעם פֿון סובסטאַנטיוו אין ייִדיש. דער פּאָסעסיוו ציט זיך אָדער איז אָפּהענגיק בלויז פֿון אַ סובסטאַנטיוו אָדער אַ סובסטאַנטיווירונג. דער פּאָסעסיוו ווײַזט צו וועמען עס געהערט עפּעס. נאָר ווערטער וואָס באַצייכענען אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש קענען האָבן דעם פּאָסעסיוו. ער איז גלײַכווערטיק מיטן דאַטיוו וואָס פֿאַר אים קומט די פּרעפּאָזיציע פֿון. ׳דער גראַמאַטיקס׳ כּללים — איז אַ פֿאַלשע קאָנסטרוקציע, נאָר עס מוז זײַן: די כּללים פֿון (דער) גראַמאַטיק. דעם שכנס גאָרטן — איז אודאי אַ ריכטיקע פֿאַרבינדונג, אָבער ווען מע דאַרף עפּעס צוגעבן צום וואָרט שכן, קומט אויס צו ניצן דעם פֿון מיטן דאַטיוו: „דער גאָרטן פֿון שכן וואָס פֿאַרקויפֿט אונדז גרינס״. ווען צום פּאָסעסיוו קומט צו אַן אַדיעקטיוו, איז טעאָרעטיש מעגלעך אים צו ניצן, אָבער עס איז בעסער אים צו פֿאַר־בײַטן מיט פֿון און דאַטיוו, למשל: ׳דעם געטרײַען פֿרײַנדס הילף׳ — די הילף פֿון דעם געטרײַען פֿרײַנד. אַנשטאָט ׳דעם גוטן חבֿרס ברודער׳ איז

נייטיק: דער ברודער פֿון דעם גוטן חבֿר; אָבער ווען מע וויל אָנווײַזן אויף איינעם פֿון אַ צאָל ברידער, איז דאָ בעסער דער פּאָסעסיוו: דעם גוטן חבֿרס אַ ברודער, הגם עס איז מעגלעך אויך: אַ ברודער פֿון דעם גוטן חבֿר. הכּלל, דאָס יאָ אָדער ניט ניצן דעם פּאָסעסיוו איז אָפּהענגיק פֿון דעם, צי עס ציִען זיך ווערטער הן צו אים הן צו זײַן באַשטימענדיקן סובסטאַנטיוו. קלאָרקייט און גרינגקייט פֿון אויסדרוק זײַנען דאָ מכריע.

2. דער פּאָסעסיוו איז לאָגיש־אַדיעקטיוויש און אַן אַדיעקטיוו קומט געוויינטלעך פֿאַרן סובסטאַנטיוו. דעם אַלטן מאַנס יונגע פֿרוי איז אַ פֿולקום קאָרעקטע ווערטער־פֿאַרבינדונג, אָבער עס איז אַבסאָלוט אומ־מעגלעך: ׳די יונגע פֿרוי דעם אַלטן מאַנס׳; דאָ מוז שוין זײַן: די יונגע פֿרוי פֿון דעם אַלטן מאַן. זיך מערקן בײַ נעמען: לייבקע דעם שכנס, שיינע־פֿריידל דעם שנײַדערס.

3. דער פּאָסעסיוו, ווי יעדער אַדיעקטיוו, קען באַטראַכט ווערן ווי אַ סימן פֿון סובסטאַנטיוו אָדער פֿון אַ סובסטאַנטיווירונג. דעם עולמס אָפּ־לאָדיסמענטן, דעם עולמס אַפּלאָדירן, דעם עולמס פּאַטשן מיט די הענט, דעם עולמס אַראָפּ, אַראָפּ! דעם עולמס לאָזט־אונדז־צו־רו — אומעטום ווײַזט דאָ דער פּאָסעסיוו עולמס אַז דאָס וואָרט ווײַטער איז אַ סובסטאַנטיוו אָדער געניצט סובסטאַנטיוויש.

4. דער פּאָסעסיוו באַטײַט אָנגעהעריקייט און איז נאַטירלעך פֿאַר לעבעדיקע באַשעפֿענישן. דער פּאָסעסיוו איז אַ מיטל צו פּערזאָני־פֿיצירן אָדער אַן אויסדרוק פֿון פּערזאָניפֿיצירונג. דעם טרעגערס (אײַנ־געבויגענער) רוקן און פּאַראַלעל אויך: דעם טײַכס (גלאַטער) רוקן, ווײַל עפּעס וואָס קען האָבן אַ רוקן, קען אויך האָבן אַ פּאָסעסיוו. אַזוי איז אויך פּאַסיק: דעם בוימס בלעטן, דעם צווײַגלס בלימעלעך, דעם פֿײַערס בושע־ווען, דעם בינשטאָקס פֿאַרמעגן, דער ערדס פּראָדוקציע, דעם לאַנדס רוי־שטאָפֿן, דעם שפּריכוואָרטס חכמה, דעם מיניסטעריומס באַשלוסן, דער אַרמייס בײַ געווער. אָבער עס איז ניטאָ קיין פֿעסטער כּלל אויף צו באַ־שטימען די גרענעצן פֿאַר פּערזאָניפֿיצירונג. דעם רעדנערס שאַרפֿזיניקייט — איז אײַנגאַנצן ריכטיק, אָבער ׳דער שאַרפֿזיניקייטס ווערטלעך׳ דאַרף מען ניט רעקאָמענדירן, הגם אויך אַזוינס איז מעגלעך, ווען מע פֿאַרנעמט זיך מיטן כאַראַקטעריזירן שאַרפֿזיניקייט.

5. דער פּאָסעסיוו קען זיך ציִען צו ווערטער אין מערצאָל, אָבער דער פּאָסעסיוו גופֿא איז בלויז אין איינצאָל. עס איז נאַטירלעך: דעם פֿעטערס הויז, דעם פֿעטערס הײַזער און — די הײַזער פֿון די פֿעטערס, ווײַל עס קען זײַן ׳די פֿעטערס הײַזער׳; דעם גאָרטנס ריח, דעם גאָרטנס ריחות און — די ריחות פֿון די גערטענער, ווײַל עס קען ניט זײַן ׳די גערטענערס ריחות׳.

6. דער פּאָסעסיוו האָט די ענדונג אָדער די פֿלעקסיע ־ס וואָס ווערט ניט אָפּגעטיילט מיט קיין אַפּאָסטראָף. ווען דער סובסטאַנטיוו האָט אַ בייג־

פֿאַל־ענדונג אין דאַטיוו, קומט די מאַרפֿעם פֿון פּאָסעסיוו צו צום דאַטיוו. ווען פֿאַרן פּאָסעסיוו איז דאָ דער באַשטימטער אַרטיקל אָדער יעדער מין אַדיעקטיוו וואָס בייגט זיך, קומען זיי אין דער דאַטיווישער פֿאָרעם. דוגמאָ־אות: דעם שכנס ייִנגל, דער שכנהס ייִנגל, דעם קינדס שפּילכל; דעם גוטן שכנס מיידל, דער גוטער שכנהס מיידל, דעם גוטן קינדס שפּילכל. און דאָ איז דער אופֿן צו שאַפֿן דעם פּאָסעסיוו: דעם טאַטנס אַרבעט, דעם זיידנס שלאָפֿראָק, דעם רבינס אַנזאָג, דעם ייִדנס צרות, דעם מענטשנס באַדער־פֿעניש, דעם האַרצנס באַגער. אַזוי איז אויך בײַ סובסטאַנטיווירונגען: דעם גוטנס הילף, דער גוטערס הילף, דעם באַשיידענעמס ענטפֿער. אויף דעם זעלביקן שטייגער: וועמע(נ)ס קינד איז עס? דאָ איז עמעצנס טײַסטער, ס'איז קיינעמס דאגה ניט. זיך מערקן די דרײַ יוצאים־מן־הכּלל: דער מאַמעס (ניט דער 'מאַמענס'!) טרערן, דער באָבעס צאינה־וראינה, דער מומעס מתּנה.

בײַ נעמען און פֿאַמיליע־נעמען קומט צו דער ־ס פֿון פּאָסעסיוו צום נאָמינאַטיוו, למשל: חיימס העפֿט, לייבעס שרײַבטיש, פּערלס קליידל, אײַטעס פֿיגור; חיימסאָנס פֿאַרמעגן, ליליענטאַלס אַוועקפֿאָרן, מאַרקוזעס ווערק, אַשכּנזיס מיינונג. אַזוי אויך: שלום אַשס ראָמאַנען, זשאָרזשס פֿראַנצייזיש, חיים בעזס אַ בריוו, רותס שיינקייט, צונצס צושטײַער צו חכמת־היהדות. דער ־ס ווערט צוגעשריבן, אומאָפּהענגיק פֿון דעם צי מע קען אָדער מע קען ניט אַרויסרעדן דעם קלאַנג. אָבער — מאַרקס' קאַפּיטאַל, ווײַל עס איז ניט מעגלעך צוויי אַלצאייִנע אותיות סוף וואָרט.

אויב דער לעצטער טראָף פֿון וואָרט האָט ניט אויף זיך דעם אַקצענט, באַקומט די זעלביקע מאַרפֿעם פֿון פּאָסעסיוו די פֿאָרעם ־עס (פּאַראַלעל צו ד2ה), ווען דער נאָמען אָדער דער פֿאַמיליע־נאָמען ענדיקט זיך אויף ז, זש, ס (ת), ש, צ, טש. בײַשפּילן: בועזעס פֿעלדער, גרינהויזעס געשעפֿטן, מיזעסעס בוך, מאַרקוסעס אַמט, יהושעס פּאָעזיע, פּרצעס פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן, ראַבינאָוויטשעס ייִחוס, האַנדליאַזשעס געשעפֿטן.

7. די פֿלעקסיע ־ס טרעפֿט זיך אין יעדער פּאָסעסיווישער ווערטער־פֿאַרבינדונג בלויז איין מאָל, למשל: ר' נחמנס מעשׂיות, ר' נחמן בראַצלעווערס מעשׂיות, ר' נחמן בראַצלעווער זכרונו־לברכהס מעשׂיות; פּערעלעס חתונה, דער שייִנער פּערעלעס חתונה, אונדזער חבֿרטע פּערעלע חיימסאָנס חתונה, פּערעלע משה־יאַנקל דעם חזנס חתונה. פֿאַרשטייט זיך אַז ווען עס זײַנען דאָ צוויי פּאָסעסיוון — זײַנען אויך דאָ צוויי מאָל זײַנע ענדונגען, למשל: אונדזער חבֿרטעס, פּערעלע חיימסאָנס, חתונה. (דאָ איז פּערעלע חיימסאָן די אַפּאָזיציע. דערהערט דעם שינוי אין דער אינטאָנאַציע!).

## ז. דער קוואַנטיטאַטיוו

1. דער קוואַנטיטאַטיוו איז די כּ מ ו ת ־ פֿאַרבינדונג צווישן צוויי סובסטאַנטיוון. דאָס איז אַ קאַטעגאָריע פֿאַר זיך, געהערט ניט צו בייג־פֿאַלן, ניט צום פּאָסעסיוו, ניט צו אַן איבעררעכענונג (קויפֿן קרויט, מערן,

ציבעלעס...), ניט צו אַ פּאַראַלעליזם (די באַנקקוועטשערס די בטלנים) און דאַרף דערלערנט ווערן פֿאַר זיך, ווײַל דער קוואַנטיטאַטיוו האָט זיך זײַנע באַזונדערקייטן. אָט די פֿאַרבינדונג צווישן צוויי סובסטאַנטיוון איז זייער אָן אָפּטע און נאַטירלעכע, ווי עס ווײַזן די ווערטער אין קורסיוו:

אַ בעל־הביתטע האָט אײַנגעקויפֿט פֿינף פֿונט צוקער, אַ זעקל מעל, אַ בינטל מערן, אַ סלוי אײַנגעמאַכטס; זי טענהט אַז זי האָט אויסגעגעבן אַ גרעסערע סומע געלט ווי זי האָט זיך גערעכנט; דערצו נאָך האָט זי געדאַרפֿט שלעפּן דעם גאַנצן פּאַק זאַכן אַליין, וואָרעם פֿאַר דעם באַטרעף לייזונג שיקט מען ניט צו די פּאַרציע סחורה אין הויז אַרײַן; זי קלאָגט זיך אַז זי האָט אָנגעוואָרן דאָס לעצטע ביסל כּוחות און זי איז זיך מחיה מיט אַ טעפּעלע קאַווע און אַ שטיקל לעקעך.

2. צווישן די צוויי סובסטאַנטיוון איז דאָ בײַם קוואַנטיטאַטיוו די לאָגישע, די סעמאַנטישע פֿאַרבינדונג פֿון כּמות, פֿון קוואַנטום, גענומען דעם ענין כּמות זייער ברייט. דאָס דרויסנדיקע, דאָס קלאַנגיקע דריקט זיך אויס אין דער ספּעציעלער אינטאָנאַציע: בײדע טיילן פֿון דער פֿאַרבינדונג האָבן אויף זיך שטאַרקע אַקצענטירונגען, אָבער דאָך ווערט דער ערשטער סובסטאַנטיוו אַקצענטירט אַ ביסל שטאַרקער ווי דער צווייטער; צווישן בײדע סובסטאַנטיוון קומט אַ קורצע פּאַוזע. עס איז בולט דער חילוק צווישן צוויפּהעפּט וואָ׳נטדיגערס און דעם קוואַנטיטאַטיוו אַ וואָ׳נט דיי׳גערס.

3. דער קוואַנטיטאַטיוו באַשטייט פֿון צוויי סובסטאַנטיוון, ער האָט צוויי גלידער. צווישן זיי קען ני ט קומען ניט קיין אַרטיקל און ניט קיין פּרעפּאָזיציע. דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קען אַראָפּגעדריקט ווערן פֿון דער מדרגה סובסטאַנטיוו צו דער מדרגה אַדיעקטיוו, ער ווערט סעמאַנטיש אַדיעקטיוויזירט. אין אַ ים פֿרייד, אין אוצר געדאַנקען זײַנען די סובסטאַנטיוון ים און אוצר ניט פֿולבאַטײַטיק אין זייער סובסטאַנטיווישקייט, נאָר היטן אויף בלויז אַ טייל פֿון זייערע שטריכן. אַזוי איז אין די אַנצאַליקע מעטאַנימיעס און היפּערבאָלעס: אַ טײַך טרערן, אַ כוואַליע פּראָטעסטן, אַ שטראַל נחמה, אַ לוזשע רכילות, אַ כמאַרע עגמת־נפֿשן, אַ שפּעלטל האָפֿענונג, אַ לאַבירינט טעאָריעס, אַ פֿונק חסד, אַן אונץ מזל, אין שפּריכוואָרט „אַ וואָגן העט־איך צאָלט ניט קיין מכס״.

4. יעדער גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קען זײַן אין בײדע צאָלן:

א) בײדע גלידער אין איינצאָל: אַ גלאָז פּרוכטזאַפֿט, די ראַציע ברויט, אַ טײַסטער געלט, אַ חודש פֿײַן, די המוציא ברויט, דער שטראָם מוסר, אַ פֿערטל עוף, אַ צײַנדל קנאָבל, אַ פּרשה חומש, „דעם קאָפּ מיט אַ שרונטעלע זון זיך פֿאַרקעמט״ (אפֿרים אויערבאַך).

ב) בײדע גלידער אין מערצאָל: שורות הײַזער, דערפֿלעך גוים, בוקעטן בלומען, חמרים לײַז, בערג גזירות, קאָפּעליעס שפּילפֿייגעלעך, טאַליעס קאָרטן, וועלדלעך ניסביימער, כּיתות חסידים, שטיקלעך פּסוקים.

ג) דאָס ערשטע גליד אין איינצאָל און דאָס צווייטע גליד אין מערצאָל:

אַ שטאָט ייִדן, אַ הויפֿן מטבעות, די קוואָטע אימיגראַנטן, די פֿראַקציע רעבעלן, אַ דור תּלמידים, אַ מנין דאַוונערס, אַ טיטשקע וועלף, אַ וועלט פּאַראַבלס, אַ גאַנג ספֿרים, אַ סדרה פֿלוימען (שלום־עליכם).

ד) דאָס ערשטע גליד איז מערצאָל און דאָס צווייטע גליד איז איינצאָל: די המוציאס ברויט, פּאַרציעס פֿלייש, וואָלקנס רויך, פּאַראַגראַפֿן פּראָזע, שטראָמען באַגײַסטערונג, גלעזער ייִן־המשומר, קאַלאָריעס וואַרעמקייט, מיירעס טייג, חדשים רו, שטיקלעך מענדעלע (ממ״ס).

5. ווערטער קענען צוקומען צו ביידע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו. צום ערשטן גליד קענען צוקומען אַן אַדיעקטיוו אָדער עטלעכע אַדיעקטיוון, פּראָנאָמען, אַ פּאָסעסיוו און אַפֿילו גאַנצע פּראַזעס. דוגמאָות: אַ צען־פֿונטיק זעקל מעל, דעם ייִדנס פּעקל צרות, בײַם זאַמדיקן ברעג טײַך, דאָס געשמאַקע שטיקל לעקעך, דער קלענער געוואָרענער פּראָצענט טויטפֿאַלן, אין דעם פֿאַרדרייטן קאָמפּלעקס פּראַגעס, צווישן דער רײַכער קאָלעקציע בילדער, אײַערע און מײַנע קייטן דערפֿאַרונגען, זי ציט פּרנסה פֿון אירע אָרעמע קערבלעך אויפֿס; אַ בפּירוש פֿאַלשער, אַ ביז גאָר חניפֿותדיקער שלל קאָמפּלימענטן. פֿאָרמעל, גראַמאַטיש ציִען זיך די ווערטער צום ערשטן גליד, הגם מיר האָבן דאָ אויך פֿאַלן, ווען באַטײַטיק און לאָגיש ציִען זיי זיך גאָר צום צווייטן גליד.

דער באַשטימטער, דער אומבאַשטימטער און אויך דער נעגאַטיווער אַרטיקל (ניט האָבן קיין ברעקל רו, ניטאָ קיין קוואַל אינפֿאָרמאַציע) ווי אויך אַלע פּרעפּאָזיציעס זײַנען באַטירלעך פֿאַרן ערשטן גליד פֿונעם קוואַנטיטאַטיוו.

דער באַשטימטער, דער אומבאַשטימטער און אויך דער נעגאַטיווער אַרטיקל (ניט האָבן קיין ברעקל רו, ניטאָ קיין קוואַל אינפֿאָרמאַציע) ווי אויך אַלע פּרעפּאָזיציעס זײַנען באַטירלעך פֿאַרן ערשטן גליד פֿונעם קוואַנטיטאַטיוו.

פֿאַרן צווייטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קען אַרײַנקומען אַן אַדיעקטיוו אָדער עטלעכע אַדיעקטיוון: אַ פּאָר נײַע זײַדענע זאָקן, מחנות שוואַרצע וואָלקנס, קאַפּיטלען ייִדישע גראַמאַטיק, אַנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, סוף איצטיקן יאָרהונדערט, אַ קאָמפּלעקס געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען, דער גרעסטער חלק לאַנגע ייִדישע נעזער (ממ״ס). אַ גראַמאַדע צויטיקע שוואַרצע וועלף (פּרץ), אין מיטן אײַנגעבראָכענעם האַלב־קײַלעכדיקן מאַרק (בערגעלסאָן), דערטרונקען אין אַ ים וויסטער, אײַליקער מלאָכה (נחום שטיף).

די אַדיעקטיוון זײַנען דעפֿינירנדיקע, באַגרענעצנדיקע. אָבער ווען דער אַדיעקטיוו איז אַ באַשרײַבערישער, אַן עפּיטעט צום סובסטאַנטיוו — איז ניט מעגלעך צו ניצן דעם קוואַנטיטאַטיוו. דוגמאָות: מע זאָל ניט ניצן 'אַנהייב (דעם) בלוטיקן יאָרהונדערט', נאָר פֿאַרבײַטן מיט דער פּרעפּאָזיציאָנעלער פּראַזע — אַנהייב פֿ ו ן דעם בלוטיקן יאָרהונדערט; ניט 'גאַנצע מחנות

רחמנותדיקע מענטשעלעך' — נאָר גאַנצע מתנות פֿון רחמנותדיקע מענטשעלעך. ניט שטענדיק איז קלאָר דער אונטערשייד צווישן די ביידע מינים אַדיעקטיוון און אין אַזאַ פֿאַל זײַנען מעגלעך הן דער קוואַנטיטאַטיוו הן די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע מיט פֿון. אויב פֿאַרן צווייטן גליד זײַנען דאָ צוויי אָדער מער אַדיעקטיוון ווערט רעקאָמענדירט אויסצומײַדן דעם קוואַנטיטאַטיוו.

פּונקט ווי עס קען ניט קומען פֿאַרן צווייטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קיין שום אַרטיקל, אַזוי קען אויך דאָרטן ניט קומען קיין פּאָסעסיוו, דעמאָנסטראַטיוו אָדער כּוללדיקער פּראָנאָם און ניט קיין פּאָסעסיוו. דוגמאָות: אָנהייב ליבע, סוף ליבע, אָבער — דער אָנהייב פֿון אונדזער ליבע, דער סוף פֿון אסתּרס ליבע; אַ טייל פּאָטראָוועס, אָבער — אַ טייל פֿון לאהס פּאָטראָוועס. אַ טייל פֿון אונדזערע פּאָטראָוועס (שע); רעשטלעך צווײַגלעך און בלעטלעך, אָבער — רעשטלעך פֿון דעם וואַלדס צווײַגלעך און בלעטלעך, רעשטלעך פֿון זײַנע צווײַגלעך און בלעטלעך (פּרץ).

6. בײַם באַשטימען צי מע זאָל ניצן דעם קוואַנטיטאַטיוו אָדער די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע מיט פֿון, אָדער מיט זאָל מען האָבן אין זינען דעם מעגלעכן אונטערשייד אין באַטײַט. „אַ וואַגאָן (אויסלענדישע) סחורה איז אָנגעקומען" — דער סוביעקט איז סחורה, „אַ וואַגאָן מיט אויסלענדישער סחורה איז אָנגעקומען" — דער סוביעקט איז דאָ וואַגאָן; מע קען דאָ אײַנזען אַ קליינעם אונטערשייד אין באַטײַט. „קויפֿן צוויי פֿלעשער ביר" — באַטײַט: קויפֿן ביר אין צוויי פֿלעשער, דאָס זעלביקע אויך אין „קויפֿן צוויי פֿלעשער מיט ביר"; אָבער „קויפֿן צוויי פֿלעשער פֿון ביר" באַטײַט: ליידיקע פֿלעשער וואו עס איז געווען ביר אָדער וואָס מע ניצט געוויינטלעך פֿאַר ביר. מענדעלע מוכר־ספֿרים האָט געשריבן: „מיר זײַנען אָן עדה פֿון מילבן", ווײַל ער רעדט דאָ וועגן דער עדה וואָס באַשטייט פֿון קלייניקע מענטשעלעך. פּרצעס ר' נחמנקע פֿאַרציילט: „האָב איך פּלוצלינג אַ מתּנה פֿון פֿייגל דערזען", ווײַל ער האָט פֿריִער דערזען אַ מתּנה און דערנאָך ערשט אַז די מתּנה באַשטייט פֿון פֿייגל; אַ ביסל שפּעטער זאָגט ער: „איך זאָל זיי דערציילן פֿון דער מתּנה פֿייגל".

7. ביידע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו זײַנען אין דעם זעלביקן בייגפֿאַל. „איך טרינק אַ גלאָז מילך" — מילך איז אין אַקוזאַטיוו, דעריבער מוז קומען: „איך טרינק אַ גלאָז וואַרעמע מילך" ('וואַרעמער מילך' איז דאָ אַ גרײַז); און אויך גלאָז איז אין אַקוזאַטיוו: „איך טרינק אויס די גאַנצע גלאָז (וואַרעמע) מילך". „איז פֿאַרבליבן אַ שטיקל פּאַפּיר" — דאָ זײַנען ביידע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו אין נאָמינאַטיוו, והאָ־ראַיה: אַ ניט־פֿאַרברענט שטיקל פּאַפּיר, אַ שטיקל ניט־פֿאַרברענט פּאַפּיר. „נאָך דער שעה האַרעוואַניע" — ביידע סובסטאַנטיוון זײַנען אין דאַטיוו, ווײַל: „נאָך דער שווערער שעה האַרעוואַניע" און „נאָך דער שעה שווערער האַרעוואַניע" (דאָ איז גלײַכער: „פֿון דער שווערער האַרעוואַניע", זעט פּונקט 5).

8. דער קוואַנטיטאַטיוו אין ייִדיש האָט זיך אויסגעשפּרייט און איז פֿונאַנדערגעוואַקסן אין די לעצטע עטלעכע דורות אַדאַנק השפּעות פֿון ליטעראַרישער פּראָזע און פֿון דיכטערישע אויפֿטוען. היסטאָריש וואַקסט ער אַרויס פֿון אַ קליינער צאָל גרייטע מוסטערן פֿון גערמאַנישע דיאַלעקטן, פֿון דעם פֿאַרשוואונדענעם פּאַרטיטיוון געניטיוו און איז אויך באַווירקט געוואָרן פֿון סמיכות אין לשון קודש. קוואַנטיטאַטיוו און סמיכות דעקן זיך ניט שטענדיק. לויט אַנאַלאָגיע ווערט פֿון ערבֿ שבת און ערבֿ יום־טובֿ אויך: ערבֿ מלחמה, ערבֿ רעוואָלוציע. דאָ זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשידענע עליפּטישע באַהעפֿטונגען וואָס זעען אויס ווי קוואַנטיטאַטיוו, למשל: די פּראָבלעם לערערס באַטײַט אַז די פּראָבלעם נעמט זיך פֿון דעם וואָס עס פֿעלן אויס לערערס אָדער עס זײַנען פֿאַראַן ניט קיין פּאַסיקע לערערס; דער ענין מיט־שטימונג אין צאָל, דאָס הייסט — דער ענין וואָס מיר רופֿן אים מיט־שטימונג; דאָס פּינטעלע ייִד איז ניט קיין קוואַנטיטאַטיוו און באַטײַט אייגנט־לעך: דאָס ביסל אָדער דער פּונק, דער פֿאַרבאָרגענער עיקר וואָס פֿאַר־בלײַבט פֿון זײַן אַ ייִד, פֿון ייִדישקייט אין דעם ייִד.

## ח. די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען

1. ייִדיש האָט צוויי פֿאַרקלענער־פֿאָרמען, אַ פֿאַרקלענער־פֿאָרעם פֿון דער ערשטער מדרגה און אַ פֿאַרקלענער־פֿאָרעם פֿון דער צווייטער מדרגה; ווײַטער וועט זײַן די רייד וועגן דער ערשטער פֿאַרקלענער־פֿאָרעם אָדער דעם דימינוטיוו און וועגן דער צווייטער פֿאַרקלענער־פֿאָרעם אָדער דעם אימינוטיוו. דער טראַפֿיקער למד איז דער סופֿיקס פֿאַרן דימינוטיוו און ־עלע פֿאַרן אימינוטיוו. טיש — טי־של, טי־שע־לע — טישל זאָגט אונדז אַז די גרייס איז קלענער ווי די געוויינטלעכע, טישעלע — אַז עס איז גאָר קליין. אָבער דאָס זײַנען בלויז די ערשטע באַטײַטן פֿון די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען. די צווייטע פֿאָרעם איז גלײַכצײַטיק די צערטל־פֿאָרעם. בײדע קענען אויך אויסדריקן די באַציאונג פֿון האַרציקייט, פֿון אינטימקייט, פֿון ליבשאַפֿט פֿון איין זײַט, און פֿון דער צווייטער זײַט ביטול, אַ פּעיאָראַטיווע, אַן איראָנישע באַציאונג און כּלערליי ניואַנסן צווישן אָט די בײדע פּאָלוסן. פֿון דעם צוזאַמענהאַנג אין זאַץ אָדער אין די רייד בכלל און אויך פֿון ספּעציעלע אינטאָנאַציעס ווערט דעם הערער איבערגעגעבן דער מיין פֿון דעם ריידער. „מײַן חיימל זאָל געזונט זײַן" און „ווי ווערט מען פּטור פֿון אַזאַ חיימל" גיבן איבער דורך דעם זעלביקן חיימל גאַנץ פֿאַרשיידענע באַ־ציאונגען דורך דער אַלצאיינער פֿאָרעם. רייזעלע קען זײַן אַן עופֿעלע, אַ קינד, אַ דערוואַקסענע פֿרוי וואָס מע האָט ליב — און „אוי, איז דאָס אַ רייזעלע! אירע קללות!"

2. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן פֿאָלקישן רעדן דאָס אָפֿטע ניצן פֿאַרקלענער־פֿאָרמען, און ניט בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט קינדער. אויך ווערטער מיט סופֿיקסן (אויב עס איז ניט אין אַ סתּירה צו די ווײַטערדיקע

פונקטן 4־6 קענען האָבן די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען; דוגמאות: שײנהײטל, אַבראַמטשיקל, לײבושל, צײַטונגל, ישובֿניקל, גויעצל, יונגאַטשעלע, קאַר־יעריסטל, שפּילעכצל, מילנערל, ווירטשאַפֿטל, פּאַסקודניאַקל. אָבֿ קען דאָס לעצטע וואָרט פֿאַרמאָגן אין זיך מער ביטול ווי דער אַנטיקאָמפּלימענט פּאַסקודניאַק.

3. סעמאַנטיש באַטײַטיק קען דער טראַפּיקער למד פֿון דימינוטיוו שאַפֿן ווערטער וואָס דריקן גאָרניט אויס קיין פֿאַרמינערונג פֿון דער גרייס, נאָר זיי ווערן פֿאַרזיכדיקע ווערטער מיט אייגענע באַטײַטן. דוגמאות: פּשטל איז ניט קיין קלענער פּשט, עס איז גיכער אַ פֿאַרניינונג פֿון פּשט, אַ דרייען מיטן גראָבן פֿינגער; בענקל — איז ניט קיין קורצע באַנק אויף צו זיצן, נאָר אַן אַנדער מין געזעס, הגם בענקל קען אויך זײַן אַ דימינוטיוו פֿון באַנק מיטן באַטײַט אַ פֿינאַנס־אינסטיטוציע; אַזוי אויך הענטל פֿון דער טיר, פֿיסל פֿון טיש, קײטל פֿון זייגער, אַ דעקל פֿאַר אַ טאָפּ. אַהערצו געהערן די ווערטער ייִנגל און מיידל (סעמאַנטיש ניט קיין דימינוטיוו פֿון יונג און מויד).

זאָל מען זײַן געוואָרנט ניט צונויפֿצומישן דאָ דעם טראַפּיקן למד, דעם ניט־אַקטיוון סופֿיקס פֿאַר סובסטאַנטיוון מיטן טראַפּיקן למד פֿון דימי־נוטיוון אין אַזעלכע ווערטער ווי: שליסל, פּײַפֿל, שטײסל, קנײדל, פּיצל, בייגל, דריידל, שפּינדל, פֿליגל. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון הײַנטצײַטיקן ייִדיש געהערן צום שטאַם די טראַפּיקע למדן אין: אינדזל, לעפֿל, גאָפּל, נאָדל, מאַנדל, פּערל, שטיוול, שימל, הימל, מאַנטל, פֿידל און אַנדערע.

זיך מערקן אַז נעמען פֿון מענטשן אויף אַ טראַפּיקן למד האָבן ניט קיין שײַכות צום ענין פֿאַרקלענער־פֿאָרמען, נאָר זײַנען איגנאַנצן פּאַראַלעל צו די זעלביקע נעמען אויף ־ע. יודל איז דאָס זעלביקע וואָס יודע, פֿייגל — פֿייגע, מענדל — מענדע, רחל — ראָכע, בערל — בערע, מירל — מירע, מאָטל — מאָטע. פֿאַר דער כּלל־שפּראַך ווערט רעקאָמענדירט די פֿאָרעם אויף ־ל.

4. די ערשטע פֿאַרקלענער־פֿאָרעם ווערט געשאַפֿן מיט דער הילף פֿון טראַפּיקן למד. דערפֿון איז געדרונגען אַז דאָרטן וואו עס קען ניט זײַן קיין טראַפּיקער למד, קען ניט געמאָלט זײַן קיין ערשטע פֿאַרקלענער־פֿאָרעם. ווען אַ וואָרט ענדיקט זיך אויף אַ וואָקאַל אָדער אויף אַ דיפֿטאָנג, קען נאָר צוקומען די ענדונג פֿון דער צווייטער פֿאַרקלענער־פֿאָרעם, וואָס אין איר באַטײַט נעמט זי שוין אַרום בײדע פֿאַרקלענער־פֿאָרמען. אַזוי האָבן מיר: אייעלע, שנייעלע, פֿרויעלע, שטרויעלע, קיִעלע, רבילע. ווען אַ וואָרט ענדיקט זיך אויפֿן קלאַנג ־ע, גיסט זיך אָט דער קלאַנג צונויף מיטן ערשטן ־ע פֿון ־עלע; באַקומען זיך אַזעלכע פֿאָרמען: באָבעלע, מאַמעלע, מומעלע, פֿריידעלע, ליבעלע, חנהלע, שׂרהלע, משהלע, שלמהלע און אַזוי ווײַטער.

ווען אַ וואָרט ענדיקט זיך אויף אַ ל, קומט אַרײַן פֿאַרן טראַפּיקן למד דער צווישנקלאַנג כ, למשל: קולכל (קעלכל), מילכל, מײַלכל, זײַלכל, פֿײַלכל,

קרעלכל, פּעלכל, שטעלכל, פּאַטעלכל, זשורנאַלכל, וואַקזאַלכל, דעטאַלכל. זיך מערקן: געלכל פֿון אַן איי.

ווען אַ וואָרט ענדיקט זיך אויף אַ טראַפּיקן למד, קען עס ניט האָבן די ערשטע פֿאַרקלענער־פֿאָרעם, און די צווייטע פֿאָרעם ווערט קאָנסטרויִרט דורך פֿאַרבײַטן דעם למד אויף ־עלע. באַקומט זיך: עפּל — עפּעלע, מאַנטל — מאַנטעלע; אַזוי אויך: לעפּעלע, גאָפּעלע, פֿידעלע, שטיוועלע, בייגעלע, דריידעלע, ווערפֿעלע, פֿייגעלע, ייִנגעלע, מיידעלע.

ווען אַ וואָרט ענדיקט זיך אויף אַ נון, קומט אַרײַן פֿאַרן טראַפּיקן למד פֿון דימינוטיװ דער צווישנקלאַנג ד, למשל:ביינדל, שטיינדל, הענדל, הינדל, פּענדל, חנדל, קוימענדל, מאַשינדל, באַלקאָנדל, רעסטאָראַנדל, פּדיונדל [פּיד־יענ־דל].

אַזוי איז אויך ווען אַ צווייטראַפּיק וואָרט ענדיקט זיך אויף אַ טראַפּיקן נון, למשל: שטערנדל, רעגנדל, וואָלקנדל, רוקנדל, אײַזנדל, קערנדל, ניגונדל, וואָגנדל און וועגנדל, גערטנדל, קאַסטנדל. אָבער דאָ איז בײַ אַ טייל ווערטער פֿאַראַן נאָך אַ פֿאָרעם, ווען דער סוף־נון פֿאַלט אַרויס און עס באַקומען זיך: וועגל, גערטל, קעסטל, פּלעקל, קערל, שטעקל.

5. צי עס זײַנען מעגלעך די ענדונגען פֿון די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען, איז בייטיק צו נעמען אין באַטראַכט דעם אַקצענטירטן טראַף אינעם וואָרט. אַלע ווערטער מיטן אַקצענט אויפֿן לעצטן טראַף (און פֿאַרשטייט זיך אַז צווישן זיי זײַנען פֿאַראַן אַלע איינטראַפּיקע ווערטער) קענען האָבן בײדע פֿאַרקלענער־פֿאָרמען (תּנכל, תּנכעלע; פֿאַרדיבסטל, פֿאַרדיבסטעלע; פּאַפּירל, פּאַפּירעלע), ווײַל אַפֿילו ווען עס קומען צו צוויי טראַפֿן אין אימינוטיװ, איז דער אַקצענט נאָך אַלץ אויפֿן דריטן טראַף פֿון סוף וואָרט. דער אַקצענט קען זיך ניט רוקן ווײַטער צום פֿערטן טראַף פֿאַרן סוף. דעריבער באַקומט זיך אַז דאָס וואָרט אייניקל [עס קען דאָך ניט זײַן ׳איי׳־ני־קל־דל׳ און ניט ׳איי׳־ני־קע־לע׳] קען ניט פֿאַרמאָגן קיין שום פֿאַרקלענער־פֿאָרעם. אַזוי אויך אַזאַ וואָרט ווי פֿלאַטערל. קומען מיר צו אַזעלכע אויספֿירן:

א) ווערטער מיטן אַקצענט אויפֿן פֿאַרלעצטן טראַף קענען האָבן דעם דימינוטיװ, אָבער ניט דעם אימינוטיװ. דוגמאָות: האַנטעכל, קראַליקל, מאָל־צײַטל, מיניסטערל, מיניסטעריומל, פּריצל, חלוצל, חומשל, ספֿרל, עסקל, בית־מדרשל, מלמדל, פֿענצטערל, פֿעדערל, שוועסטערל, בעזעמל, חלומל, גוטסקייטל;

ב) דרײַטראַפּיקע ווערטער מיטן אַקצענט אויפֿן ערשטן טראַף אָדער אַלע מינים ווערטער מיטן אַקצענט אויפֿן דריטן טראַף פֿאַרן סוף קענען ניט האָבן קיין שום פֿאַרקלענער־פֿאָרעם: ייִדענע, מאַמעניו, לאָפּעטע, בעריכע, מחותּנתטע, רעכענונג, צוקערוואַרג, אייגנטום, בעל־תּשובֿהניק, קימפּעטאָריק, קרובֿישאַפֿט. אָבער אויך דאָ קענען זײַן יוצאים־מן־הכּלל: פֿון שנײַדערקע — שנײַדערקעלע, פֿון באַשעפֿעניש — באַשעפֿענישל און אַנדערע.

6. בײַם שאַפֿן די פֿאַרקלענער־פֿאָרמען קומען פֿאַר די איבערקלאַנגען

אין שטאַם פֿון וואָרט, פֿון אַ און אָ אין ע, פֿון ו אין י, פֿון וי אין יי און ײַ. אָט די איבערקלאַנגען נעמען ניט אַרום די גאַנצע גרופּעס ווערטער, זיי טרעפֿן זיך בלויז אין פֿאַרשפּרייטע און לאַנגאַניקע ווערטער. דעריבער ווערן ווײַטער געבראַכט ניט בלויז דוגמאות, נאָר אַ היפּשע צאָל איבערקלאַנגיקע ווערטער.

א) פֿון אָ אין ע — באַק, באַנד, באַנק, באַרג, באַרשט, בלאַט, גאַנדז, גאַס, דאַך, האַלדז, האַנט, האַמער, האַק, האַרץ, וואַלד, וואַנט, זאַך, זאַמד, טאַנץ, לאַנד, מאַרק, פּאַק, פּאַרך, פּלאַץ, פֿאַן, פֿאַס, פֿלאַם, פֿלאַש, קאַלב, קאַם, שאַף, שוואַלב, שטאַל, שטאַנג, שפּאַלט, שראַנק. זיך מערקן דעם חילוק אין באַטײַט: וואַסערל — קלייַנער שטראָם, וועסערל — רפֿואה אין אַ פֿלעשל; מאַנטעלע — פֿון אַ קינד, מענטעלע — פֿון אַ ספֿר־תּורה.

ב) פֿון אָ אין ע — אָרט, באָד, באָלעבאָ׳ס, באָרד, גאָרגל, גלאָז, גלאָק, גראָז, גאָרטן (גערטל), דראָט, האָז, האָן, וואָלף, וואָרט, וואָרעם, זאָק, טאָפּ טשוואָק, לאָך, לאָמפּ, לאָק, נאָגל, נאָדל, נאָז, סאָד, פּנים, פֿאָדעם, פֿראָסט, פֿראָש, צאָפּ, קאָפּ, קאָרב, קאָרט, קול, קלאָץ, קנאָפּ, קראָם, ראָד, רבֿ, שאָל, שאָף, שוואָם, שטאָך, שטאָט, שלאָס, שפּאָן. זיך מערקן: האָרל — אַ ביסל, הערל — וואָס וואַקסט; טאָכטערל און טעכטערל אָן חילוק אין באַטײַט.

ג) פֿון ו אין י — בוך, גרוב, הון, הונט, טוך, נוס, פֿוס, צונג, קו, קרוג, רוט, שוך, שטוב. זיך מערקן: בריסטל — פֿון אַ פֿרוי, ברוסטל — פֿלייש; שילכל — וואו מע דאַוונט, שולכל — קליינע שול פֿאַר קינדער.

ד) פֿון וי אין יי — אויג — אייגל, בוים —ביימל, בוידעם — ביידעמל, ברויט — בריטל, בויגן פּאַפּיר — בייגעלע פּאַפּיר, הויף — הייפֿל, זוים — זיימל, פֿויגל — פֿייגעלע, קויש — קיישל, קנויט — קנייטל, קרוין — קריינדל, רויז — רייזל. זיך מערקן: הויפּט — הויפּטל און אַ הייפּטל קרויט.

ה) פֿון וי אין ײַ — בויך, ברויז, גרויפּ, הויב, הויז, הויט, טויב, יויך, לויז, מויז, מויל, פּויק, פֿלוים, צוים, קלויז, קנויל, שויב. זיך מערקן: פֿון הויפֿן — הײַפֿל; אָן חילוק אין באַטײַט: פּויערל און פּײַערל, מויערל און מײַערל.

# IX.

# די צווייטיקע סובסטאַנטיוון

## א. דער באַגריף צווייטיקער סובסטאַנטיוו

דער עצם באַגריף צווייטיקער סובסטאַנטיוו ווערט אַרײַנגעפֿירט פֿון באַקוועמלעכקייט וועגן. אין תּוך וואָלט דער איצטיקער קאַפּיטל געקענט זײַן אַ טייל פֿון פֿריִערדיקן, אָבער דעמאָלט וואָלט דער קאַפּיטל סובסטאַנטיוו געוואָרן צו גרויס, צו האַמעטנע. די כּוונה פֿונעם צונויפֿשטעלער איז דאָך אַז דער וואָס לערנט אָדער אַפֿילו דער וואָס קוקט בלויז אַרײַן זאָל שטענדיק האָבן אַן איבערזיכטלעכן מאַטעריאַל, ווי עס פּאַסט זיך פֿאַר אַ האַנטבוך.

1. אַלע סובסטאַנטיוון וואָס אַ לשון פֿאַרמאָגט קען מען אײַנטיילן אין צוויי גרופּעס: אין ע ר ש ט י ק ע און אין צ ו ו יי ט י ק ע. אַן ערשטי־קער סובסטאַנטיוו איז אַזאַ וואָס באַשטייט בלויז פֿון זײַן שורש, אָן אַ פּרע־פֿיקס פֿאַר אים, אָן אַ סופֿיקס נאָך אים און אויך אָן איגעוויניקסטע שינויים אין אים. אַזעלכע סובסטאַנטיוון ווי: טיש, פּען, טינט, אויג, האַנט, לאָמפּ, בלײַ, בוך — זײַנען דאָך אַוודאי ערשטיקע. און אויך די צווייטראַפֿיקע: פּאַפּיר, מאַשין, אויער, פֿעדער, זייגער, חבֿר, סאָכע, פּראָגרעס — זײַנען ערשטיקע, וואָרעם מע קען פֿון זיי ניט אַראָפּנעמען קיין שום מאָרפֿעם, ניט די לענג פֿון וואָרט, די צאָל טראַפֿן, ניט דער אָפּשטאַם און די עטימאָלאָגיע פֿון וואָרט האָבן דאָ וואָס מיטצובאַשטימען. עס זײַנען אויך ערשטיקע סוב־סטאַנטיוון אין ייִדיש אַזעלכע ווערטער ווי: בהמה, הכשרה, מזומן, טרעוואָגע, סאַמאָוואַר, פּריפּעטשיק, קאַטאָוועס, אָאַזיס, גראַמאַטיק און אַזוי ווײַטער.

2. עס זײַנען צווייטיקע אַלע סובסטאַנטיוון וואָס געהערן צו צונויפֿ־העפֿטן מיט צוויי שרשים ווי: שרײַבטיש, קוואַלפּען, וואַנטזייגער, פּאַפּיר־קאָרב, אויגנמאָס און די טויזנטער אַנדערע. עס איז קלאָר אַז עס געהערן צו די צווייטיקע סובסטאַנטיוון די אַלע וואָס האָבן אַ פּרעפֿיקס אָדער אַ סופֿיקס ווי: אומגליק, געוויין, בעל־מלאָכה, שרײַבער, מאַשיניסט, חבֿריש־קייט, אויריִנגל, הענדלערײַ, פּראָגרעסיווקייט, אומפּאַרטייאישקייט. הייסט עס אַז דאָ גייט אין דעם ווי דער סובסטאַנטיוו איז אויפֿגעבויט. עס ווענדט זיך אין דעם צי דאָס וואָרט איז אין זײַן קאָנקרעטן באַטײַט אַ וואָרט בלויז מיט איין מאָרפֿעם אָדער קען צעגלידערט ווערן אין צוויי אָדער מער מאָר־

פֿעמען, חוץ די פֿלעקסיעס. ענדונגען פֿון מערצאָל, ענדונגען פֿון בייגפֿאַלן זײַנען פֿלעקסיעס.

פֿאַרקלענער־פֿאָרמען זײַנען אַרײַנגענומען אין פֿריִערדיקן קאַפּיטל אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען פֿאַרבונדן מיט פֿלעקסיעס איבער דעם וואָס אין דעם גוואַלדיקן רובֿ פֿאַלן איז דאָ ניטאָ קיין שינוי אין באַטײַט, ניט געקוקט אויף אַזעלכע ווערטער ווי: הענטל, מענ־טעלע און אַנדערע יוצאים־מן־הכּלל. אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען וועגן אַדיעקטיוו און ווערבֿ זײַנען ניט אויסגעטיילט באַזונדער די ערשטיקע און צווייטיקע אַדיעקטיוון און ווערבֿן, ווײַל דאָרטן איז אַ סך גרינגער אויסצוקומען אָן אָט דער פֿונאַנדערטיילונג.

## בֿ. צווייטיקע סובסטאַנטיוון אָן פּרעפֿיקסן און אָן סופֿיקסן

1. ערשטנס, די סובסטאַנטיוון וואָס שאַפֿן זיך פֿון אַדיעקטיוון. דוג־מאָות: די טיף, די דיק, די גיך, די פֿרי (די קאַלטע פֿרי), פֿעט, פֿרעמד, קווער (די קווער האַלט...), שאַרף, האַלבֿ, וואַרעם, ברייט, ווײַט, פֿרײַ; געשווינד, שנעל, גרינג, טונקל, נאָענט. אַ ספּעציעלע גרופּע זײַנען די קאָלירן: די טיפֿע בלוי, די גרין פֿון יונגע גראָזן, די געל איז דער קאָליר פֿון דער מערהייט בלומען. (זען סובֿ. ג17). און מיט אַן איבערקלאַנג: די לענג, די הייך, די קעלט, קרענק, גרעבֿ, קרים, רייט.

זיך מערקן די סובסטאַנטיוון: היץ פֿון הייס; בייז וואָס טעאָרעטיש האָט עס דעם סופֿיקס ס, אַזוי ווי גוטס, און דעריבער — דאָס בייז.

2. צווייטנס, די סובסטאַנטיוון פֿון ווערבאַלע שטאַמען (זע סובֿ, ג16). דעם ווערבאַלן שטאַם קען מען נעמען אי פֿון אינפֿיניטיוו אָדער פֿון דער איצטיקער צײַט אי פֿון פּאַרטיציפּ. די צאָל פֿון אַזעלכע סובסטאַנטיוון האָט גוואַלדיק זיך פֿאַרגרעסערט אין די לעצטע 50־60 יאָר. די סיבות זײַנען: די אייגענע נאָרמאַלע אינעווייניקסטע אַנטוויקלונג און דאָס נאָכמאַכן דעם רוסישן מוסטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור פֿון רוסלאַנד. עס איז אַפֿילו געוואָרן אַ מאָדע אויסצומײַדן דעם סופֿיקס ־ונג און קירצער מאַכן דאָס וואָרט וואָס קען מיטן ־ונג זײַן פֿאַרוואָרצלט אין ייִדיש. אַזאַ מאָדע קען ניט ווערן רעקאָמענדירט. (זען ווערבֿ, י4).

א) דוגמאָות מיטן ווערבאַלן שטאַם פֿון אינפֿיניטיוו: דער פֿלי, דער לויף, דער שטויס, דער זאָג, ברען, טאַנץ, מאַך, פֿיר, פֿאַל, שלאָף; סקריפּ, קוויטש, דריגע, מרוקע; אָטעם, האַנדל, שרעק. ניט שטענדיק קען מען וויסן, צי דער סובסטאַנטיוו איז פֿון דעם ווערב צי דער ווערב איז פֿון דעם סובּ־סטאַנטיוו. איז שרעק פֿאַר שרעקן (זיך)? איז שלאָף פֿאַרן שלאָפֿן? [אין דער אוראַלטער תּקופֿה פֿון דער שפּראַך־אַנטוויקלונג בכּלל איז גאָרניט געווען קיין צעטיילונג צווישן סובסטאַנטיוו און ווערבֿ.] פֿון אַ ריין־גראַמאַטישן שטאַנדפּונקט קומט אויס צו טײַטשן אי אַזוי אי פֿאַרקערט, חוץ אין די פֿאַלן, ווען מע ווייסט אויף זיכער, ווי בײַ די סובסטאַנטיוון וואָס זייער פֿריִערדיקייט איז אַ זיכערע, ווי למשל ביי די העברעאיזמען: חלום, גנבֿ, הכשר און אַנדערע, אָדער פֿון דער אייגענער געשיכטע פֿון ייִדיש, ווי למשל:

קיניגן פֿון קיניג. אַזוי איז מען אויך זיכער אַז דער ווערב איז פֿריִער ווען ער האָט אַ פּרעפֿיקס אָדער אַ קאָנווערב.

ב) דוגמאָות מיט אַ פּרעפֿיקס: דער פֿאַרנעם, דער פֿאַרצוים, דער פֿאַרזיי; צענעם, צעלייג, צעמאָל; דערגרייך, דערוויַז, דערלייג; באַשאַף, באַנעם, באַוויַז; אַנטוויקל, אַנטשטיי, אַנטרין (אין די ווערטער מיט אַנט־וואָלט דער צוגאָב פֿון סופֿיקס ־ונג זיכער געווען בעסער).

ג) ווען מע האָט דאָ צו טאָן מיט ווערבן וואָס פֿאַרמאָגן קאָנווערבן, איז דער קאָנווערב פֿון פֿאַרנט, ווי עס איז אין פּאַרטיציפּ, אָבער קיין גע־איז אין מיטן ניטאָ, אַזוי אַז דער יסוד איז בפּירוש פֿון אינפֿיניטיוו. דוג־מאָות: דער צונויפֿפֿאָר, דער צוזאַמענפֿאָר, דער אַריַינפֿאָר, איַינפֿאָר, אַרי־בערפֿאָר, אויספֿאָר, אָנפֿאָר, אָפּפֿאָר, אַראָפּפֿאָר, אַרונטערפֿאָר; אַוועקקום, אויסקום, אויפֿקום, אומקום, אונטערקום; איבערבליַיב, איַינשריַיב, אָנזאָג, אָנטקעגנלויף, אַנידערפֿאַל, אָפּהילך, אַראָפּלאָז, אַרויסכאַפּ, אַרויפֿשטיַיג, אַרומנעם, אַרונטערפֿאַל, אַריבערטראָג, אַריַינזאָג; בייַזיץ, דורכפֿלי, מיטליַיד, נאָכשפּיל, פֿאָרלייג, פֿאַרבייַמאַרש; צוגליַיך, צורוף, צוזינג.

ד) דוגמאָות מיטן ווערבאַלן שטאַם פֿון פּאַרטיציפּ: דער ריס, דער שפּרונג, דער וואונק, דער בראָך, גאַנג, שניט, גאָס, שטאָך, טראָט, ביס, וואונטש, פֿאַרדראָס, צעצונד. אויך דאָ ווערן אויסגעניצט ווערבן מיט פּרע־פֿיקסן און מיט קאָנווערבן. אויך דאָ קען אויפֿקומען דער ספֿק, צי דער ווערב איז געווען פֿריִער צי דער סובסטאַנטיוו.

## ג. סופֿיקסן איבערצוגעבן געפֿילן

1. פֿון די כּלערליי אופֿנים אויסצודריקן אַ געפֿיל האָבן דאָ צו אונדז אַ שייַכות בלויז די סופֿיקסן. מיט זייער הילף ווערן איבערגעגעבן דיאַ־מעטראַל־אָקעגנדיקע געפֿילן: ליבשאַפֿט, צערטלעכקייט, גרייטשאַפֿט צו פֿאַרציִען — פֿון איין זייַט, און ביטול, פֿאַראַכטונג, דאָס קוקן מיט מיגל, ווי אויף אַ נבֿזה — פֿון דער צווייטער זייַט. אויף בײדע פֿאַלן זיַינען פֿאַראַן געניג שפּראַכיקע מיטלען און ביַי אַ נעגאַטיווער באַציאונג נאָך מער ווי ביַי אַ פּאָזיטיווער. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס די אַלע סופֿיקסן האָט ייִדיש אַריַינבאַקומען פֿון סלאַווישע לשונות.

2. דער סאַמע פֿאַרשפּרייטער צערטל־סופֿיקס איז ־ינקע. ראשית־כּל קומט ער צו צו נעמען הן פֿון קינדער הן פֿון דערוואַקסענע. לייבינקע איז ניט דווקא אַ קליין קינד, נאָר אויך אַ גרויסער און דערוואַקסענער זון ביַי דער מאַמען און ביַי יעדערן וואָס האָט אים ליב. אַזוי אויך: הירשינקע, שמולינקע (פֿון שמואל), משהינקע (דער אויסלייג מיט אַ ה וואָס ווערט ניט אַרויסגערעדט!), זלאַטינקע, ברכהינקע, סערינקע (פֿון סערע), שרהינקע (אַרויסגערעדט: 'סאָרינקע'). ביַי נעמען איז דער פּאַראַלעל צום סופֿיקס ־עלע פֿון אימינוטיוו (זעז סובֿ' ח4־6).

־ינקע איז ניט בלויז ביַי נעמען. אָט זיַינען געוויינטלעכע פֿאַרמען:

טאַטינקע, מאַמינקע, זיידינקע, באָבינקע, זונינקע, גאָטינקע און אַפֿילו ברוי־טינקע („גאָטינקע, גיב ברויטינקע" און אַ ציטאַט פֿון אַן אָרעמען בעל־מלאָכה אין ליטע: „מײַן ווײַב זאָגט ניט ברויט, נאָר ברויטינקע, ווײַל ניט אַלעמאָל איז דאָ ברויט אין שטוב"). אין רייד פֿון דערוואַקסענע, ספּעציעל פֿון דער מאַמען צום קינד, קען ־ינקע צוקומען ממש צו יעדער וואָרט: זופּינקע, פֿוסינקע, בײַכינקע, טרערינקע, שוכינקע.

אַט דער סופֿיקס באַשטייט פֿון צוויי טראַפֿן. דאַרף מען נעמען אין אַכט עס זאָל זיך ניט באַקומען אַז דער אַקצענט זאָל גאָר זײַן אויפֿן פֿערטן טראַף פֿונעם סוף. קען מען צו חיים (כאַ־אים) אָדער צו דוד (דאָ־וויד) ניט צו־געבן דעם צווייטראַפֿיקן סופֿיקס (פֿאַרגלייכן סוב׳ ח5). דעריבער פֿאַלט אַרויס דער סוף ־ע און מיר האָבן: פֿון טאַטע — טאַטינקע, אָבער פֿון פֿאָ־טער לאָזט זיך ניט מאַכן קיין שום קירצונג; פֿון אַבֿרהם קען געשאַפֿן ווערן אַווראָ׳מינקע און פֿון דוד — דאָ׳דינקע. דעריבער באַקומט זיך דער שטו־מער ה אין אַלע נעמען פֿון לשון־קודש מיט אַ ה צום סוף.

זען וועגן ־ינקע אין אַדיעקטיוו (אַדי׳, וו11). מיר האָבן אים אויך אין ווערבן: שלאָפֿינקען, עסינקען, וואַשינקען, טרינקינקען און אַנדערע.

3. די זייער פֿאַרשפּרייטע סופֿיקסן ־עניו און ־שי זײַנען אין דער כלל־שפּראַך אַזוי ווי פּאַראַלעל צו ־ינקע. קען מען דאָ אויסקומען מיט אַ סעריע דוגמאָות: לייבעניו, האַרשעניו, שמולעניו, משהניו, סערעניו, שׂרה־ניו; טאַטעניו, מאַמעניו, זיידעניו, באָבעניו, זונעניו, כּלהניו, גאָטעניו. ־שי בינדט זיך מיט נעמען בלויז ווי אַ זעלטענער יוצא־מן־הכּלל, אָבער איז גאַנץ נאַטירלעך אין: זיידעשי, באָבעשי, טאַטעשי, מאַמעשי, טאָכטערשי, בחורשי, מיידלשי, כּלהשי.

זיך מערקן: מע דאַרף אַרויסזאָגן און שרײַבן לייביש, בעריש, ניט ׳לייבוש׳, „בערוש׳, ווײַל קיין סופֿיקס ־וש׳ איז אין ערגעץ ניטאָ.

4. ־טשע, ־טשיק זײַנען ווייניקער פֿאַרשפּרייטע סופֿיקסן וואָס קו־מען צו צו נעמען: אַורעמטשע, אַורעמטשיק; ראובֿטשע, ראובֿטשיק (פֿון ראובֿן); פֿײַוועטשע, פֿײַוועטשיק (פֿון פֿײַוול); שׂרהטשע, חיהטשע, ראָכטשע, פֿון רחל. [אַרויסרייד: ׳סאָרטשע׳, ׳כײַטשע׳.]

5. אינטערעסאַנט איז דער גאָר אָפֿטער סופֿיקס ־קע וואָס דריקט אויס פֿאַרשיידענע געפֿילן: א) ליבשאַפֿט, צערטלעכקייט, ספּעציעל בײַ יענע נעמען וואו מען קען ניט האָבן דעם סופֿיקס ־ינקע אָדער ־עלע, ווי בײַ: זלמנקע, דודקע; ב) נאָענטקייט, אינטימקייט ווי בײַ: פֿײַוועקע, ראובֿקע, משהקע (אַרויסגערעדט ׳מוישקע׳), שׂרהקע, חנהקע (אַרויסגערעדט: ׳סאָר־קע׳, ׳כאַנקע׳), ליבקע, אסתּרקע, בלומקע; ברודערקע, שוועסטערקע (די ביידע ווערטער אויך ניט צו אַ לײַבלעכן ברודער אָדער שוועסטער), בת־יחידקע. [די ווײַבערשע נעמען רבֿקה און מלכּה האָט מען פֿאַלקיש אויפֿ־גענומען ווי די נעמען מיט דעם סופֿיקס ־קע און מע האָט געשאַפֿן: ריווע און מאַלע.] ג) דער זעלביקער סופֿיקס דינט אויך ווי אַ פֿאַרקלענער־פֿאָרעם

און ד) ווי דער געוויינטלעכער אופֿן אָנצורופֿן אַ מענטשן במשך פֿון זײַן גאַנץ לעבן, חוץ אויף דער עלטער. דוגמאָות פֿאַר א) און ד) קענען זײַן די זעלביקע ווי פֿריִער. דאָס זעלביקע וואָרט אויף ־קע איז מסוגל אויסצודריקן די פֿיר אויסגערעכנטע כּוונות פֿון דעם רײדער און אפֿשר נאָך אַנדערע, אָבער בשום־אופֿן ניט קיין דרך־ארץ. קען מען אַן אַלטן און חשובֿן מאַן אָנרופֿן ר׳ דודל און קיינמאָל ניט ׳ר׳ דודקע׳; בײַ אַ פֿרוי איז יאָ מעגלעך: אסתּרקע די צדיקית, חוץ אסתּרל די צדיקת.

6. די צאָל סופֿיקסן וואָס דריקן אויס ביטול איז גאַנץ חשובֿ. שווער צו געפֿינען אַ חילוק אַפֿילו אין ניואַנס פֿון באַטײַט. ווערן זיי אויסגערעכנט אין אַ צופֿעליקן סדר.

־אַטש — פֿאַרטאַטש, יונגאַטש, פֿערדאַטש, פּרומאַטש, פֿורמאַטש (פֿון פֿורמאַן).

־אַק — פּרומאַק, פּוליאַק, פּראָסטאַק, שטומאַק, כיטריאַק, צבֿועק (אַרויסגערעדט: ׳צוואו(י)אַק׳).

־ון — קאַרגון, פּאַטשקון, פֿאַרכון, דײַטשון, קבצו׳ן (פֿון קבצן).

־עץ — בחורע׳ץ, גנבֿעץ, גויעץ, תּמעץ, מוידע׳ץ (ווער עס יאָגט זיך נאָך מוידן).

־וק — שנײַדערו׳ק, שוסטערוק, בורזשוק, חזירוק, ממזרוק.

־ומש — ליגנו׳טש, פֿאַרכוטש, שטינקוטש, יאַנקוטש, פּײַוואוטש.

־ורע — ליגנו׳רע, מאַדו׳רע, חסידו׳רע, פּריצו׳רע, יענטו׳רע.

די מערצאָלן וואָס דריקן אויך אויס פֿאַרגרעסערונג פֿון דער געוויינטלעכער מאָס זײַנען גלײַכצײַטיק אויך אַ מיטל אויסצודריקן ביטול. דוגמאָות: אויגאַנעס, שטיוואַלעס, שוסטאַרעס, שרײַבאַרעס. (זען סוב׳ ד4בב.ג. זען ־ניק, 1ז).

## ד. סופֿיקסן פֿאַר ווײַבלעכע נעמען

1. פֿאַר די זיִען איז בײַ אַ טייל באַשעפֿענישן פֿאַראַן אַ באַזונדער וואָרט, למשל: מאַן — פֿרוי, ייִנגל — מיידל, פֿעטער — מומע, אָגער — קליאַטשע, גאַנער — גאַנדז און אַזוי ווײַטער. דאָ האָבן מיר צו טאָן בלויז מיט די סופֿיקסן וואָס שאַפֿן ווײַבלעכע נעמען פֿון די מענלעכע.

די אָפֿטסטע זײַנען ־ין און ־קע. עס טרעפֿט זיך אַז דאָס איז אַ פּאָרל אָן שום חילוק אין באַטײַט. דאָך האָבן מיר אַ היפּשע צאָל פֿאַלן וואו דער אונטערשייד צווישן זיי איז אַ קלאָרער. ־ין איז מער פֿאָרמעל, עפּעס אַ ביסל חשובֿער; ־קע איז טאָגטעגלעכער, עמך׳דיקער, פֿאָלקסטימלעכער, ווען די טרעגערס פֿון די ווײַבלעכע נעמען זײַנען פֿון דעם אייגענעם סאָציאַלן שיכט. ווײַטער קומט אויף די שאלה, צי מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ טוערין אָדער בלויז מיט דער פֿרוי פֿון אַ טוער. שנײַדערין, למשל, איז אפֿשר אַ

ביסל חשובֿער ווי שנײַדערקע, אָבער בײדע ווערטער קענען באַצײכענען די טוערין גופֿא, בעת שנײַדערין קען ניט באַצײכענען די פֿרוי פֿון אַ שנײַדער. פֿון שוסטער קען גאָרניט ווערן שוסטערין, אַ פֿרוי איז מיט דער אַרבעט פֿון שוסטערײַ גאָרניט געווען פֿאַרנומען, און עס קען זײַן בלויז דער ווײַבלעכער נאָמען שוסטערקע — די פֿרוי פֿון אַ שוסטער. סאָלדאַטקע האָט געקענט הײסן בלויז די פֿרוי פֿון אַ סאָלדאַט, וואָרעם פֿרויען גופֿא האָבן דאָך ניט געדינט. מאָדיסטקע און אויך מאָדיסטין האָט גאָרניט געהאַט צו זיך דעם מענלעכן נאָמען, ווײַל דאָס איז געווען אַ פּראָפֿעסיע וואו נאָר פֿרויען זײַנען געווען באַשעפֿטיקט. פֿאַרשטײט זיך אַז שוחטקע איז בלויז די ווײַב פֿון דעם שוחט. קומט אויס צו האָבן אין זינען דעם לעבן־שטײגער וואָס ייִדיש האָט אָפּגעשפּיגלט.

און ווען דער שטײגער האָט זיך געביטן, זײַנען אויך אויפֿגעקומען נײַע ווײַבלעכע נעמען. עס איז געקומען די מאַשיניסטין און מאַשיניסטקע, די סאָציאַליסטין און סאָציאַליסטקע, די זינגערין איז צוגעקומען צו דער זינגערקע וואָס האָט געקאָנט פֿריִער באַטײַטן סתּם אַ פֿרוי וואָס האָט ליב צו זינגען, די אַרטיסטין און אַרטיסטקע און אַפֿילו די דעלעגאַטין און דעלעגאַטקע. אין די אַלע שפּעטער צוגעקומענע ווײַבלעכע נעמען איז שוין ניטאָ דער באַטײַט: די ווײַב פֿון עמעצן.

און אַ צאָל באַזונדערקײטן. אַרבעטער איז רעלאַטיוו נײַ, פֿריִער איז געווען די פֿאָרעם אַרבעטאָרע, האָבן מיר דעם ווײַבלעכן נאָמען אַרבעטאָרין און אַרבעטערין. אויך בירגער איז משמעות שפּעטער ווי די פֿאָרעם בערגער מיטן זעלביקן באַטײַט, האָבן מיר בלויז בירגערין און ניטאָ קײן 'בירגערקע'. עס קען נאָר זײַן בלאָנדינקע, ניט 'בלאָנדינין' מחמת משונה־דיקײט אין קלאַנגען (בעת עס קען יאָ זײַן אי ברונעטין אי ברונעטקע). דאָקטערקע איז די פֿרוי וואָס איז אַלײן אַ דאָקטער, אַזוי אויך צאָנ־ (צײן־) דאָקטערקע, און די פֿרוי פֿון אַ דאָקטער איז געווען דאָקטערשע. [דער סופֿיקס ־שע מיטן באַטײַט: די פֿרוי פֿון עמעצן, געווײנטלעך מחוץ דעם ייִדישן קרײַז: גענעראַלשע, גובערנאַטאָרשע — איז כמעט ווי פֿאַרשוואונדן אין מאָדערנעם געברויך.] פֿון ווירט איז פֿאַראַן בלויז ווירטין. וועשין האָט ניט קײן מענלעכן נאָמען, אָבער פֿון וועשער זײַנען פֿאַראַן בײדע פֿאָרמען. צו קעכין איז אויסגעקומען צוצוגעבן שפּעטער דעם זעלטענעם קאָך. דער ווײַבלעכער נאָמען פֿון רבֿ אָדער רבי איז די לאַנגאָניקע רביצין. שילערין איז אין מזרח־אײראָפּעאישן ייִדיש אַ קינד פֿון דער וועלטלעכער סבֿיבֿה, בעת פֿריִער איז געווען תּלמידה און תּלמידקע. ייִדישקע באַטײַט געווײנטלעך: אַ ייִדישע מײדל, ניט קײן ייִדענע, אויך אַן אינטערעסאַנטע פֿאָרמירונג.

־ין איז נאָר אײנעם אויסלײג, דער נאָרמאַלער אַרויסרײד איז מיט אַ טראַפּיקן בון און מע הערט ניט דעם אונטערשײד צווישן מערצאָל אַרטיסטן און דעם ווײַבלעכן נאָמען אַרטיסטין.

־ינע איז אַ חנעוודיק־פֿאָלקישער סופֿיקס אין פֿרײַנדי׳נע, קײסערי׳נע, שוועגערי׳נע (מיט בײַטעם פֿון חוזק), הענדלערי׳נע (אויך מיט חוזק). שי־

לערי׳נע, פֿאַרשטייט זיך אַז אַזאַ וואָרט ווי באַלעריבע האָט צו חוזק קיין שייכות ניט.

2. דער סופֿיקס ־טע פֿאַרבינדט זיך כמעט בלויז מיט ווערטער פֿון לשון־קודש. דוגמאָות: חבֿרטע, פּריצטע, קונהטע, גנבֿטע, שׂררהטע, עקשנטע, יחסנטע, בעל־הביתטע (באַלעבאָסטע), שכנטע, בחורטע, דבֿר־אַחרטע (וועגן אַ פֿרוי), כּלבֿטע (אַרויסרייד: קלאַפּטע, וועגן אַ פֿרוי און ׳קעלעפּטע׳ וועגן אַ צויג), דיינטע, שמשׂטע, חזנטע, טהורטע (וואָס איז שוין געווען אין מקווה), נאמנטע, יורשטע, כּזבֿנטע, מבֿינטע. דאָ טרעפֿן זיך אויך גאַנץ קאָמפּלי־צירטע פֿורעמונגען, למשל: לאָ־יוצלחטע, מכניס־אורחטע, מענה־לשונטע, בעני־בפּתחטע, מחשבֿה־זרהטע (שיינע פֿרוי וואָס רופֿט אַרויס זינדיקע גע־דאַנקען). פֿון דער צווייטער זײַט די פּשוטע: פּויערטע, ליגנערטע, קלעז־מערטע (וואָס געווייטלעכער איז קלעזמרקע).

עס איז אויך פֿאַראַן דער טאָפּעלער סופֿיקס ־ינטע: האַרינטע, בערינטע, מומחינטע. מיר האָבן אויך די פֿאַרטאָפּלונג פֿון סופֿיקסן אין: מחותּנתטע, נגידתטע, מלומדתטע, מגידתטע, משומדתטע. מיר האָבן אויך פֿאַלן וואו ייִדיש באַפֿרידיקט זיך מיט דעם ווײַבלעכן נאָמען פֿון לשון־קודש, מיטן סופֿיקס ־ה, ווי אין די ווערטער: חלוצה, טיפּשה, טמאה, גויה (אויסגע־לייגט: גויע), נגידה, ערילה (׳אַריילע׳, אָפּטער — ערלטע), שכנה. פֿון צדיק ווערט צדיקת (׳צאַדייקעס׳). פֿון חסיד באַגעגענען מיר: חסידה, חסידקע, חסידיתטע.

3. דער סופֿיקס פֿון סלאַוויש ־יכע שאַפֿט ווײַבלעכע נעמען פֿון פֿאַר־שיידענע יסודות: בע׳ריכע, ליי׳ביכע; יאַ׳טיכע, יאַ׳לדיכע; פֿע׳רדיכע (בלויז אַ נאַרישע פֿרוי), הי׳נטיכע (זי פֿון אַ הונט און אַ שלעכטע פֿרוי); פּי׳רשטיכע, באַראַ׳ניכע (אַנשטאָט פּירשטין און באַראָנעסע, מיט אַ בײַטעם פֿון ביטול, באַציט זיך צו פֿרויען וואָס האָבן גאַרניט אַזאַ טיטל). פֿאַר דער ווײַב פֿון עמעצן מיטן מענלעכן נאָמען: זלמני׳כע, קלמני׳כע, בערעלי׳כע, פֿײַוועלי׳כע. און פֿון פֿאַמיליע־נעמען: גאָלדבערגי׳כע, גאָלדמאַני׳כע, בערגמאַני׳כע, קלייני׳כע, מאַרקי׳כע. מיטן אַקצענט אויפֿן סופֿיקס אויך: שלעפּערי׳כע, שלומפּערי׳כע, מלמדי׳כע (צו די אָפּטערע שלעפּערקע, שלומפּערקע, מלמדקע).

אויב דער מענלעכער נאָמען האָט דעם סופֿיקס ־ניק, איז דער ווײַב־לעכער נאָמען מיט ־ניצע, ישובֿניצע, נודניצע, כּל־בוניצע (כּל־בוֹקע — העפּט מיט פֿאַרשיידענע נאָטיצן בײַ תּלמידים אין ליטע). פֿאַלקיש האָט מען אויפֿגענומען דאָס וואָרט מפֿונק ווי דאָס וואָלט געהאַט דעם סופֿיקס ־ניק און עס איז געוואָרן די מפֿוניצע. אויב דער מענלעכער נאָמען האָט געהאַט דעם פֿאַראַכטלעכן סופֿיקס ־אַק, האָט דער ווײַבלעכער נאָמען באַ־קומען ־אַצקע: פּראָסטאַצקע, פּרומאַצקע.

4. לסוף ־עסע בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען ווי: פּאָעטעסע, באַראָנעסע, פּרינצעסין. [בײַם אָפּלאַכן אַ פֿרוי מיטן נאָמען שפּרינצע — שפּרינצעסע.]

## ח. סופיקסן צו ווערבאַלע שטאַמען

1. די סופיקסן וואָס דינען צו שאַפן סובסטאַנטיוון פון ווערבאַלע שטאַמען זיינען זייער אַקטיוו. אַזעלכע סובסטאַנטיוון זיינען זייער גרויס אין צאָל אין דעם שוין פאַראַנענעם ווערטער־אוצר און עס קומען כסדר צו אַזעלכע נעאָלאָגיזמען, וואָס עס איז ביז גאָר שווער צו באַשטימען, צי זיינען זיי טאַקע נייע ווערטער, ווייל ממש יעדער ־ריידער קען זיי גרינג און אָן אַ בפירושער כוונה אַרויסברענגען אין פּראָצעס פון רעדן. דער באַטייט פון די ווערטער איז אויך געוויינטלעך אינגאַנצן קלאָר, אויב מע פאַרשטייט דעם באַטייט פון דעם ווערבאַלן שטאַם.

2. ראשית־כל איז דאָ דער סופיקס ־ער וואָס גיט ממש אוניווער־סאַל איבער דעם טוער וואָס טוט טאָן די טואונג פון דעם ווערב. ווער עס אַרבעט איז אַן אַרבעטער, ווער עס בינדט איין איז אַן איינבינדער, ווער עס זאָגט אָן איז אַן אָנזאָגער, ווער עס צינדט אונטער איז אַן אונטערציג־דער, ווער עס לייענט איז אַ לייענער, ווער עס באַטראַכט איז אַ באַטראַכטער.

מע וואָלט געקענט אָנפילן מיט אַזעלכע דוגמאות גאַנצענע זייטן. אָבער שוין די עטלעכע מוסטערן ווייזן אונדז אַז די סובסטאַנטיוון אויף ־ער באַזירן זיך אויפן אינפיניטיוו און אַז זיי באַקומען זיך לייכט פון ווערבן מיט פּרעפיקסן און מיט קאָנווערבן. לאָמיר עס אילוסטרירן: אַנט־וויקלער, באַפרייער, געפינער, דערגרייכער, פאַרזאָרגער, צעטומלער; אַוועק־לויפער, אויסטרינקער, אויפהייבער, איינעמער, אָנברענגער, אונטערשע־רער, איבערפירער, מיטנעמער, דורכפירער, אָפּקויפער, בײַוואוינער, צו־נויפשטעלער. און עס איז דאָך קלאָר אַז אַזעלכע סובסטאַנטיוון מיט ־ער בייטיקן זיך ניט אין קיין אויסטייטש. ־ער דינט אויך צו לאָזן ווערטער פאַר מכשירים, למשל: הייבער, פאַר מאַטעמאַטישע באַגריפן, למשל: טייל־ווייזער, כפלער.

ווען דער סובסטאַנטיוו איז פון אַ ווערב אָן אַ פּרעפיקס און אָן אַ קאָנ־ווערב, קענען זיך שוין באַקומען באַזונדערקייטן אין באַטייט. רייטער איז טאַקע יעדערער וואָס רייט, אָבער געוויינטלעך האָט מען דאָ אין זינען עמעצן וואָס איז אין דער אָפּטיילונג פון אַרמיי מיט פערד; זעצער קען אויך זיין דער וואָס זעצט ברויט אָדער מצות אין אויוון, אָבער די געוויינט־לעכע פאַרבינדונג איז מיט אַ טייל פון דרוקאַרבעט; פירער איז אויך אַ פירער פון קלעצער און אַפילו פון מיסט, אָבער דאָס וואָרט אַסאָציאירט זיך מיט געזעלשאַפטלעכקייט, מיט מדינה.

דאָ טאָר מען ניט פאַרגעסן די סובסטאַנטיוון וואָס זייער יסוד איז אַ סובסטאַנטיוו. מיר האָבן דאָך: בעדער, קרעמער, הענדלער, גערט(ע)נער, גלעזער, פייקלער, פידלער, גלעזער, קריטיקער, מוזיקער, און אַזאַ וואָרט ווי שניידער וואָס ניט יידיש האָט עס געשאַפן פון ווערב שניידן און אַזאַ וואָרט ווי שוסטער, וואו מיר ווייסן גאָרניט אָן אַן אויספאָרשונג וואָס דער 'שוסט' קען באַטייטן, און מע קען דאָ דעם ־ער גאָרניט באַטראַכטן ווי

אַ סופֿיקס, און ער פֿאַלט אַהער אַרײַן אין דער גרויסער אַנאַלאָגישער ריי. הונדערטער, צענער, פֿינפֿער האָבן זיך זייער אייגענעם באַטײַט. דער ־ער קען אויך האָבן די פֿאָרעם פֿון ־נער: מילנער, רעדנער, מחוצנער (ווער עס איז ניט קיין מיטגליד פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין און פֿאַרנעמט אַ שטעל. דאָס וואָרט איז אויפֿגעקומען דאַכט זיך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן), און אויך די פֿאָרעם ־לער: טישלער, וויסנשאַפֿטלער, מיטצײַטלער, קאָ־צעטלער.

דער ־ער איז בכלל ניט קיין סופֿיקס אין אַזעלכע ווערטער ווי: זומער, האַמער, טעאַטער, צווינטער, מעסער, פֿעפֿער, צענטער, מעטער, דיאַמעטער, דאָקטער. זיי זײַנען אַלע ערשטיקע סובסטאַנטיוון.

3. דער סופֿיקס ־עניש איז ניט קיין קלענערער יחסן ווי ־ער. די באַזע איז אויך דאָ דער אינפֿיניטיוו און דער באַטײַט איז אַזוי ווי דער באַטײַט פֿון אינפֿיניטיוו: דער עצם פּראָצעס פֿון דער טואונג און בלויז טיילווײַז אויך דער רעזולטאַט. ווי פֿאַרשפּרייט עס איז ־עניש קען מען זען פֿון אַזאַ קליינעם עקספּערימענט, ווען מע זאָל די סובסטאַנטיוון אויף ־ע פֿון פֿריִערדיקן פּונקט פֿאַרבײַטן מיט סובסטאַנטיוון אויף ־עניש: טועניש, אײַנבינדעניש, אָנזאָגעניש, אונטערצינדעניש, לייעניש, באַטראַכטעניש, אַנטוויקלעניש, ..., צעטומלעניש, אַוועקלויפֿעניש, ... צונויפֿשטעלעניש. און אַ פּאַק מיט ־עניש פֿון מענדעלעס מוכר־ספֿרים: שטופּעניש, קוועטשע־ניש, יאָגעניש, לויפֿעניש, דולעניש, קערעניש, פּוצעניש, דערשטיקעניש, דערוואָרגעניש, אײַנשטעלעניש, אײַנשפּאַרעניש, אויסטראַכטעניש, אויס־דאַרעניש, איבערטראַכטעניש, איבערפּוצעניש, צונויפֿלויפֿעניש, אונטער־וואַרטשעניש, אונטערזאָגעניש, אונטערהידעניש, זאַכעניש, זוכעניש. דער זיידע האָט געהאַט אַ בפֿירושע נטיה צו דעם ־עניש און זיכער געשאַפֿן נעאָלאָגיזמען מיט זײַן הילף. אָבער אויף וואָסערע ווערטער קען מען דאָ אַ טײַטל טאָן מיטן פֿינגער ווי נײַשאַפֿונגען? אפֿשר אויף די עטלעכע אין קורסיוו.

דער סופֿיקס ־עניש האָט ליב זיך צונויפֿצוזיווגן מיטן פּרעפֿיקס גע־. מוסטערן פֿון זייער שלום־בית: געדרייעניש, געדרינגעניש, געבערעכעניש, געלאַדעניש, געפּענטעניש, געדרעטעניש, געשטופּעניש, געשטיקעניש, גע־שנײַצעניש, געשפּריצעניש. אין לאַנגאָניקע, טיף־אײַנגעוואָרצלטע סובסטאַנ־טיוון קען דאָ פֿאָרקומען אַן איבערקלאַנג: באַדערפֿעניש, באַהעלטעניש. ־עניש קען אויך בײַ אַלטע בירגערס זיך אָנשליסן אין אַדיעקטיוון: וויס־טעניש, טריקעניש, פֿינצטערניש. פֿון לעצטן וואָרט זעען מיר אַז נאָך ־ער ווערט פֿון ־עניש: ־ניש: אײַנבירגערניש, פֿאַרפֿעפֿערניש.

4. דער סופֿיקס ־ונג קען אויך צוגעזעצט ווערן כּמעט צו יעדן ווער־באַלן שטאַם. דער באַטײַט איז געוויינטלעך: דער פּראָצעס פֿון דער טואונג און גלײַכצײַטיק אויך דער רעזולטאַט פֿון דער טואונג. דער סופֿיקס קומט צו אַלע מינים ווערבאַלע שטאַמען, אָבער זעלטן צו אַ שטאַם פֿון לשון־קודש

און ווײַכט ווי אַ שד פֿאַר ווײַרעך פֿון ווערבן און ווערבאַלע סופֿיקסן וואָס ייִדיש האָט זיי פֿון אַ סלאַוויש לשון.

דוגמאָות: גלײַכונג, זעאונג, הערונג, היילונג, בייגונג, מיינונג, האַנדלונג, פּרוּוואונג, קליידונג, רײַבונג. מיט פּרעפֿיקסן פֿון ווערב: אַנטוויקלונג, באַשרײַבונג, באַפֿרײַאונג, דערקלערונג, פֿאַרזיסונג, צעשטראַלונג, באַיאַאונג, פֿאַרניינונג, צעצווײַגונג, דערשײַנונג (די ווערטער אין קורסיוו זײַנען רעלאַטיוו נײַע). מיט קאָנווערבן: אויסענדיקונג, אויפֿשטײַגונג, אונטערהעלפֿונג, איבערשנײַדונג, אײַנאָטעמונג, אָנזאָגונג, אָפּפֿאַרבונג, דורכבּרעכונג, מיטפֿײַערונג, צעשמעלצונג. אָפֿט נאָך ־יק אינעם ווערבאַלן שטאַם: פֿאַראייניקונג, קרעפֿטיקונג, שעדיקונג, בלוטיקונג, געוועלטיקונג, באַשעפֿטיקונג, פֿאַרשטענדיקונג, באַרעכטיקונג, באַגנעדיקונג, (פֿאַר)גלאַטיקונג. אָפֿט נאָך די סוף־קלאַנגען ־ער אין ווערבאַלן שטאַם: מונטערונג, לענגערונג, (פֿאַר)ברידערונג, (פֿאַר)לײַכטערונג, (פֿאַר)מינערונג, (צע)שפּליטערונג, באַפֿעלקערונג, בעסערונג, העכערונג, פֿאַרעלטערונג. נאָכן ווערבאַלן סופֿיקס ־יר: פֿאַרפֿומירונג, רעאַליזירונג, פֿינאַנסירונג, רעמאָנטירונג, אַקרעדיטירונג. מיט אַ לשון־קודשן עלעמענט: כשרונג, הפֿקרונג, (אײַנ)חזרונג, אײַנסדרונג, פֿאַרסמונג, פֿאַרסך־הכּלונג, פֿאַרתּכלונג.

זיך מערקן: רעכענונג, האָפֿענונג און די סובסטאַנטיוון ניט פֿון אַ ווערבאַלן שטאַם — צײַטונג, פֿעסטונג.

מיט אַ באַזונדערן כּיוון זײַנען אָנגעזאַמלט אַזוי פֿיל דוגמאָות פֿאַרן סופֿיקס ־ונג. אָט דער סופֿיקס מיט גאָר אַן אַלטן יחוס, וואָרעם ער טרעפֿט זיך אַזוי אָפֿט אין גלאָסן, אין טײַטשווערטער, אין איבערזעצונגען פֿון סידור און מחזור, אין מוסר־ספֿרים, אָט דער מעכטיקער סופֿיקס — גראָד אויף אים איז געפֿאַלן אַן אומחן בײַ אַ צאָל מאָדערנע שרײַבערס. וואָס מער מע באַקענט זיך מיט דעם סופֿיקס — אַלץ ליבער ווערט ער.

5. דער סופֿיקס ־ערײַ איז אויך פּאָפּולער, אָבער ער קען זיך ניט גלײַכן צו די וואָס זײַנען באַטראַכט געוואָרן אין די פּונקטן 2־4. ער איז צונויפֿגעוואַקסן פֿון ־ער און אַרכאַאישן סופֿיקס ־ײַ. דער באַטײַט: דויערדיקע טואונג, אויך באַשטענדיקע טואונג; אין אַ צאָל פֿאַלן קלײַבט דער ריידער אויס אָט דעם סופֿיקס אויסצודריקן אומצופֿרידנקייט, אַפֿילו בפּירושע ביטול־באַציאונג. דוגמאָות: זינגערײַ, קלינגערײַ, יאָגערײַ, פֿליִערײַ, פֿרעסערײַ, זויפֿערײַ, (באַ)ריידערײַ, באַרימערײַ, שפּאַרערײַ, רײַסערײַ, פֿײַפֿערײַ, שילטערײַ, טומלערײַ, זידלערײַ. דער זעלביקער סופֿיקס קען אויך צוקומען צו אַ סובסטאַנטיוו, דהײַנו בײַ: פּאַרכערײַ, שטותערײַ, בייזערײַ, טענהרײַ, מלאָכהרײַ, עניוותערײַ (איראָניש וועגן אַ טואונג וואָס איז דער היפּוך פֿון עניוות). עס זײַנען אינטערעסאַנט די קירצונגען אין: חזירײַ, מוסרײַ, מסורײַ.

עס פֿאַרגרעסערט די דויערדיקייט פֿון דער טואונג, ווען עס קומט צו דער פּרעפֿיקס גע־. מיר ברענגען ווידער פֿון מענדעלען: געקלאַפּערײַ, געזיפֿצערײַ, געקרעכצערײַ, געפּאַטשערײַ, געווינטשערײַ, געפּלוידערײַ, גערײדערײַ, גערוקערײַ, געווערטלערײַ.

־ערײַ באַטײַט ניט בלויז טואונג, מלאָכה, נאָר אויך דעם וואַרשטאַט

פֿון בעל־מלאָכה, דעם אָרט וואו די טואונג ווערט דורכגעפֿירט (זען סוב׳, ג13). האָבן מיר די סובסטאַנטיוון מיטן טאָפּעלן באַטײַט: בעקערײַ, בערשט־ערײַ, פֿאַרבערײַ, וועבערײַ, וועשערײַ, שמידערײַ, סטאָלערײַ, פֿריזירערײַ, קוילנבערענערײַ, שטיינהאַקערײַ.

6. דער סופֿיקס ־עכץ קומט אין אונדזער רײ אויפֿן לעצטן אָרט, ווײַל ער איז ווייניקער פֿאַרשפּרייט ווי די פֿריִער־דערמאָנטע און דערצו נאָך ניט גלײַך אין די דיאַלעקטן (אין פּוילישן דיאַלעקט מער ווי אין די אַנדערע). דאָך איז פֿאַראַן איצט די נטיה אים צו ניצן מיטן ווערבאַלן שטאַם אויך דאָרטן וואו ער איז פֿריִער אין דער שפּראַך פֿון פֿאָלק ניט געווען. זײַן באַטײַט איז פֿאַרשיידנדיק. ־עכץ איז פֿאַראַן אין דער וועלט פֿון קאָנ־קרעטע זאַכן אָן שום אָפּשאַצונג לגנאַי אָדער לשבֿח: שפּײַעכץ, קרײַטעכץ, שאָלעכץ, שמירעכץ, טייגעכץ, שווענקעכץ, געשווילעכץ, זעגעכץ. ־עכץ באַטײַט אויך רעזולטאַט פֿון אַ טואונג און אויך דעם פּראָצעס פֿון דער טו־אונג מיט אַ נייטראַלן אָפּשאַצן: פּרעגלעכץ, דעמפּעכץ [אָבער ניט געקעכטס, ווײַל דער סופֿיקס איז דאָ גאָר ־ס], שטיקעכץ, טועכץ (טואונג איז אַ מאָ־דערן וואָרט), ברענעכץ (וואו דאָס וואָרט שטײַער האָט אויסגעפּעלט), בליִ־עכץ, בראָטעכץ, שטריקעכץ, ריידעכץ, שמעלצעכץ.

אין גרויסן רובֿ פֿאַלן ברענגט ־עכץ אַרײַן אַ בפּירוש נעגאַטיווע אָפּ־שאַצונג, אַז די אַרבעט גופֿא און איר רעזולטאַט זײַנען ניט גוט, טויגן ניט איבער עפּעס אַ סיבה. דאָס איז באַשײַמפּערלעך אין די סובסטאַנטיוון: שפּילעכץ, לייזעכץ, שרײַבעכץ, שטופּעכץ, בײַסעכץ, זינגעכץ, וואַשעכץ, (גע)מישעכץ, אויסשטעלעכץ, צושטעלעכץ, פֿאַרליבעכץ, באַשפּײַזעכץ, דער־נערעכץ, פֿאַרזייעכץ, פֿאַרשמירעכץ (אָהער קענען אויך געהערן טועכץ, בליִעכץ, ריידעכץ). זיך מערקן די בכיוון־געשאַפֿענע נעאָלאָגיזמען: שטרע־בעכץ (נאַרישע שטרעבונג), האָפֿעכץ (פֿאַלשע אָדער נאַרישע האָפֿענונג), ווילעכץ (שלעכטער ווילן), וואוינעכץ (וואָס איז ניט פּאַסיק פֿאַר אַ מענטשן), גלייבעכץ (פֿאַלשער, נאַרישער, ווילדער גלויבן). כדאַי צו פֿאַרגעדענקען דאָס פֿאָלקסוואָרט געהינטעכץ (די נידעריקסטע שיכטן, די אוממאָראַלישע מענטשן, דער אָפּפֿאַל אין דער געזעלשאַפֿט).

## ז. סופֿיקסן צו אַדיעקטיוון

1. דאָ פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן און כמעט דעם גאַנצן זאַל דער אוני־ווערסאַלער סופֿיקס ־קייט. מעשׂה בעל־הבית קומט ער צו צו אַלע אַדיעק־טיוון וואָס באַצייכענען אַן אייגנשאַפֿט אָדער אַ סימן און טעאָרעטיש ממש צו אַלע פּאַרטיציפּן. זײַן באַטײַט: די אַבסטראַקטע אידיי וואָס נעמט צונויף, וואָס איז איבער אַלע קאָנקרעטע זאַכן מיט דער אייגנשאַפֿט פֿון דעם אַד־יעקטיוו אָדער פּאַרטיציפּ, פּשוטער גערעדט: ־קייט באַצייכנט די אייגנ־שאַפֿט אָדער דעם מצבֿ. דער זעלביקער סופֿיקס קען אויך באַצייכענען אַ פּרט־פֿאַל וואו די אייגנשאַפֿט אָדער דער אַדיעקטיווישער סימן איז בנמצא.

דאָ איז דער ענין אַזוי קלאָר און קיין אַנדערע צוגאָב־באַטײַטן זײַנען ניטאָ. קען מען זיך באַנוגענען מיט די דוגמאָות:

זיסקייט, ביטערקייט, הויכקייט, נידעריקייט, שיינקייט, מיאוסקייט, רײַכקייט, אָרעמקייט, קליינקייט, גרויסקייט, פֿלינקייט, קראַנקייט, איידל־קייט, עזותקייט, פֿוילקייט, גרייטקייט, גוטסקייט, מענטשלעכקייט, מענטשיש־קייט, איינזאַמקייט, דאַנקבאַרקייט, פֿריקרעקייט, תמעוואַטעקייט, בעסערקייט.

־יקייט איז צונויפֿגעשמאָלצן פֿון ־יק פּלוס ־קייט. דוגמאָות: קלייני־קייט, נידעריקייט, וואָרהאַפֿטיקייט, גוטיקייט, גלײַכגילטיקייט, אונטערטע־ניקייט, רואיקייט, איצטיקייט, צײַטיקייט, גוטהאַרציקייט; פֿײַעריקייט און פֿײַערדיקייט, סליבעדיקייט, צרהדיקייט, בטבֿעדיקייט, אומעטיקייט, סאַמע־טיקייט, פֿאַרצײַטיקייט, נעכטיקייט, רעגנבויגיקייט, טיילעוודיקייט.

פֿון פּאַרטיציפּן: געפֿאַלנקייט, באַטראַכטקייט, אָפּגעזונדערטקייט, אָפּגעלאָזנקייט, אויסגעהאַלטנקייט, אויפֿגעשײַנטקייט, דורכגעדרונגענקייט, אָנגעבלאָזנקייט, אײַנגעמאַרינירטקייט, אַרומגערינגלטקייט, אַרײַנגעוואָרצלט־קייט, צוריקגעהאַלטנקייט; צונויפֿגענומענקייט, אַנידערגעזונקענקייט, מיט־באַטייליקטקייט.

2. פֿון סופֿיקס ־הייט איז אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש ווייניק־וואָס גע־בליבן: פֿרײַהייט, גלײַכהייט, טרײַהייט, שיינהייט (אַ שיינע פֿרוי); קינדהייט, מענטשהייט, גאָטהייט, פֿון סובסטאַנטיוון, איינהייט.

3. ־ס קען מען אויך באַטראַכטן ווי אַ באַזונדערן סופֿיקס אין די אַבסטראַקטע סובסטאַנטיוון: גוטס, שלעכטס, רחמנותדיקס, אַכזריותדיקס, שיינס, ברוטאַלס, אינדיווידועלס.

־ס איז זיכער אַ סופֿיקס, ווען דער סופֿיקס שטייט צו צו אַן אַדיעקטיוו אָדער צו אַ פּאַרטיציפּ און עס באַקומט זיך אַ סובסטאַנטיוו מיט אַ קאָנ־קרעטן באַטײַט. מיר האָבן אים, לדוגמא, אין אַזעלכע ווערטער: גרינס, מיל־כיקס, געבראַטנס, געזאַלצנס, געבעקס, געקעכטס, באַדעקנס, שעפּסנס, פֿאַר־באַרגנס, געפּרעגלטס, שיינס („איך וועל דיר דערציילן עפּעס שיינס”), גע־שריפּטס, בלאָלעכס, געלבלעכס. דער באַטײַט איז דאָ: כּוללדיקס, די סוב־סטאַנטיוון וואָס מע רופֿט זיי אויך זאַמלנעמען, אַ ל ץ וואָס איז... און אַ פּ ר ט פֿון דעם.

4. פֿאַראַן אויך אַ זעלטן־געניצטער סופֿיקס ־לינג אין די סובסטאַנ־טיוון: ליבלינג, וויצלינג, שוואַכלינג, פֿרילינג, הויפּטלינג, צווילינג, צענד־לינג, דרײַלינג, פֿינפֿלינג (מיטן באַטײַט: האַנט, אין וואָוויליונגערישן „ווּעסט דערפֿילן מײַן פֿינפֿלינג, ווּעסטו אַנדערש רעדן”), גלעטלינג, אָפּשטאַמלינג, (נעאָלאָגיזמען).

4. זען צאָל ב1־2.

## ז. סופֿיקסן צו פֿאַרשיידענע יסודות

1. מיר האָבן דאָ אַ מין כּל־הנערים. אויפֿן ערשטן אָרט לויט דער אָפֿטקייט קומט דער סופֿיקס פֿון סלאַוויש ־ניק וואָס איז המצאָהדיק און קען זײַן ממש אומגעריכט. ער גיט דעם מענטשן לויט זײַן אייגנשאַפֿט, זײַן באַשעפֿטיקונג, זײַן אָרט, זײַן כאַראַקטעריסטיק. דער סופֿיקס דריקט אויס אַמאָל אַ קוים־קוימיקן בײַטעם פֿון ביטול ביז צום שאַרפֿסטן ביטול און אָפּלאַכעניש.

מיר היבן דאָ אָן מיט דוגמאָות פֿון פֿאַרשיידענע יסודות: קלויזניק, וואָכערניק, נודניק, פּאַסקודניק, גענאַרניק, אַלרײַטניק, טעאַטערניק, בעזדעטניק (ווער עס האָט ניט קיין קינדער), פֿאַראיבלניק, שלימזלניק, אַקציזניק, קאַפּויערניק, האָלדאָפּניק, אַוואַנטורניק, יאַ'בעדניק (מסר), טאַנדעטניק, פּוסט־און־פּאַסניק, טראָ'מבעניק, דערו'נטערניק, נאַרקאָטניק (אַ נײַ וואָרט).

עס איז באמת טשיקאַווע וואָס אָט דער סלאַווישער ־ניק האָט געשאַפֿן אַזאַ גרויסע צאָל סובסטאַנטיוון פֿון לשון־קודשן יסוד. מוז מען דאָ געבן אַ גרעסערע צאָל דוגמאָות: יִשו'בניק, ע'זותניק, לה'כעיסניק, מוסרניק, חבדניק, מסי'רניק, י'קרותניק, הקדשניק, שמדניק, טרפֿותניק, כּפּרהניק, הכנעהניק, חוצפּהניק, חני'פֿותניק און חניפֿו'שניק, בית־מ'דרשניק, יסורימניק, מוכר־ספֿרימניק, נע־ונדניק, ימח־שמוניק, למד־וואָוניק, בעל־העזהניק, בעל־גאַ'והניק, בעל־תּשובֿהניק, מרה־שחורהניק, כּל־בוניק, מה־יפֿיתניק, מה־יעשׂהניק, עולם־הזהניק, אָסור־לרחמניק, אַתּה־בחרתּניק (אַנשטאָט 'אַתּה־בחרתּנוניק'), בעזח'רפּהניק (ווער עס האָט ניט קיין חרפּה), רכילותניק.

=ניק קען אַמאָל ווערן אַ שטרויכלשטיין, אויב מע נעמט אים אָן ווי אַ סופֿיקס, בעת ער איז ניט מער ווי די ענדונג פֿון אַ וואָרט וואָס ייִדיש האָט עס איבערגענומען ווי עס שטייט און גייט פֿון אַ סלאַוויש לשון, למשל קרופּניק. אַקעגן זשע איז אין פּאָ'מעגיצע אָדער פּאָמו(י)ניצע יאָ פֿאַראַן דער סופֿיקס =ניצע, דער ווײַבלעכער נאָמען פֿאַר די ווערטער אויף =ניק. =יק קען אויסזען ווי אַ סופֿיקס אין: האַרבעריק, קאָשיק, גאַניק און אַנדערע, בעת אין־דער־אמתן איז דאָ קיין שום סופֿיקס ניטאָ. =יק איז גאָר זעלטן אַ סופֿיקס, ווי אין נבֿזיק (פֿון נבֿזה).

2. דער סופֿיקס ־קע — זען ג5. אַהער קומען צו אַזעלכע רעלאַטיוו־נײַע ווערטער ווי: מאַכערײַקע, לאַכערײַקע מיטן באַטײַט: אַ קליינע ליטעראַרישע אַרבעט אָן אַ באַזונדערן ווערט און דאָס זעלביקע, אָבער אַזאַ וואָס איז הומאָריסטיש.

3. דער סופֿיקס ־שאַפֿט האָט אַ פֿאַרשיידנדיקע נאַטור, אָפּהענגיק פֿון וואָרטקלאַס וואָס דינט אים ווי אַ יסוד. ווען דער סופֿיקס קומט מיט אַן אַדיעקטיוו, באַטײַט ער דאָס זעלביקע וואָס ־קייט און באַצייכנט טאַקע אַן אייגנשאַפֿט. מע זעט עס אַרויס פֿון די דוגמאָות: ענגשאַפֿט, ליבשאַפֿט, נאָענטשאַפֿט, קלוגשאַפֿט, געפֿאַנגענשאַפֿט, גענייטשאַפֿט, געוואוינטשאַפֿט, געטרײַשאַפֿט, יונגשאַפֿט, איידלשאַפֿט. ־שאַפֿט טיילט זיך דאָך אָפּ פֿון ־קייט מיט דעם וואָס ער ווײַזט אויף אַ באַשטענדיקער אייגנשאַפֿט, אַפֿילו אויף אַ שטריך פֿון כאַראַקטער.

ווען ־שאַפֿט פֿאַרבינדט זיך מיט אַ סובסטאַנטיוו קען ער אויך האָבן דעם זעלביקן באַטײַט וואָס עס קומט אַרויס פֿון אַ זיווג מיט אַן אַדיעקטיוו און עס קומט נאָך צו דער אָנווײַז אויף דער פֿאַרבינדונג פֿון איינעם צום צווייטן. אָט זײַנען די דוגמאות: בריהשאַפֿט, פֿרײַנדשאַפֿט, ברודערשאַפֿט, פֿאָטערשאַפֿט, מוטערשאַפֿט, מענערשאַפֿט, קרובֿישאַפֿט. דערצו נאָך איז דער זעלביקער סופֿיקס אַן אָנווײַזער אויף אַ מצבֿ, אויף אַ צושטאַנד: קנעכט־שאַפֿט, אָרעמשאַפֿט, קוואַטערשאַפֿט, מדינהשאַפֿט, גבֿירישאַפֿט, ייִנגלשאַפֿט, מיידלשאַפֿט, קינד(ער)שאַפֿט, עופֿעלעשאַפֿט, דערוואַקסליגשאַפֿט. אָבער אָפֿטער פֿון אַלץ איז דאָ דער באַטײַט — אָנגעהעריקייט צו אַ קרײַז, צו אַ גרופּע, ווי מיר האָבן עס אין: אַרבעטערשאַפֿט, גבֿירימשאַפֿט, מחותני(ם)־שאַפֿט, ברידערשאַפֿט, סטודענטנשאַפֿט, לערערשאַפֿט, מיטגלידערשאַפֿט, פֿי־רערשאַפֿט, געזעלנשאַפֿט (אַ גרופּע חבֿרים), עלטערנשאַפֿט („די עלטערנ־שאַפֿט פֿון אונדזער שול איז אַ גאַנץ אַקטיווע"), לייענערשאַפֿט, דינערשאַפֿט. עס איז גרינג צו באַמערקן אַז דאָס זעלביקע וואָרט קען ברענגען די אַלע אָנגעוויזענע באַטײַטן.

און בענקשאַפֿט איז אין ייִדיש פֿאַרבונדן מיטן ווערב בענקען. און מיר האָבן געגנומען פֿאַרטיקערהייט די ווערטער: הערשאַפֿט, ווירטשאַפֿט, וויסנ־שאַפֿט, לײַדנשאַפֿט, געזעלשאַפֿט, מאַנשאַפֿט. עס איז פֿריש דער חשק צו שאַפֿן נעאָלאָגיזמען מיט דעם סופֿיקס: דאַנקשאַפֿט, זיווגשאַפֿט, אייבער־שאַפֿט און אַנדערע.

4. דער סופֿיקס ־וואַרג איז ניט קיין איבערקלײַבער אין דעם זינען אַז ער קען צושטיין אי צו אַן אַדיעקטיוו, אי צו אַ סובסטאַנטיוו, אי צו אַ ווערב. געוויינטלעך ברענגט ער מיט זיך דעם באַטײַט: אַ זאַמלונג, אַ צו־נויפֿנעם פֿון ענלעכע זאַכן אָדער מענטשן, אַ זאַמלוואָרט (זען 31). מיט אַן אַדיעקטיוו: אַלטוואַרג, יונגוואַרג, קליינוואַרג, רויוואַרג (ניט־באַאַרבעטע מאַטעריאַלן), שיינוואַרג (גרופּע שיינהייטן וואָס זײַנען געקומען צו אַ קאָנ־טעסט). מיט סובסטאַנטיוון: אײַזנוואַרג, קופּערוואַרג, בלעכוואַרג, גאָרטנ־וואַרג, פּעלצוואַרג, רויכוואַרג, נעאָלאָגיזמען ווי: שוכוואַרג, זאָקנוואַרג, אויסשטעלוואַרג און די המצאָה פֿון המצאָהוואַרג. מיט אַ ווערבאַלן שטאַם: באַשוואַרג, הייצוואַרג, שפּילוואַרג, ברענוואַרג, בראַכוואַרג, פֿאַרוואַרג, שרײַב־וואַרג, שטרײַטוואַרג, פֿליוואַרג.

5. ניטאָ קיין סירכא אין דעם סופֿיקס ־טום וואָס טרעפֿט זיך בלויז אין געציילטע סובסטאַנטיוון. אָט זײַנען די אָפֿטסטע ווערטער: הייליקטום, אייגנטום, רײַכטום, ייִדנטום, קריסטנטום.

6. צום טראַפֿיקן למד אין צאָל ב־1־2 איז בייטיק צוצושטעלן דעם סופֿיקס ־ל וואָס האָט געשפּילט אַ ראָלע אין דער ווײַטער תּקופֿה פֿון פֿאַר־ייִדיש און פֿאַר ייִדיש גופֿא איז ער שוין געווען אַ הלך־לעולמו. מיר האָבן אים אין אַזעלכע ווערטער ווי: שליסל, שטייסל, האַנדל, פֿליגל, גאָפּל, לעפֿל און אַנדערע, און דער באַטײַט איז געווען אַ קלאָרער: מכשיר, מיטל פֿאַר

עפּעס. מיר האָבן דעם ווערבּל און דריידל פּאָר שפּילן און מעסטל אַ כּלי אויף צו מעסטן, און שפּעטער איז צוגעקומען אַ דריידל מיטן באַטייט: אַ קונץ, אַ פֿאַרדריי וואָס איז ניט־איינגאַנצן ערלעך ווי אויך אַ פּשטל. עס איז אויפֿגעקומען אַ פּרווו אויפֿצולעבן אָט דעם סופֿיקס, און מע האָט געשאַפֿן פּאָר אַ זומערפֿייגעלע דאָס וואָרט פֿלאַטערל, פֿאַרן שטיינדל אין דאָמינאָ אָן אַ שום אײַנקריץ — אַ נישטל (וועגן אַ מענטשן איז עס דער רעזולטאַט פֿון אָפּהאַקן גאָר פֿון גאַרנישט), און אין מעכאַניק — אַ הייבל (געבליבן איז הייבער).

7. עס געהערן ניט צו ייִדישע סופֿיקסן די אַלע וואָס מע טרעפֿט זיי אין אינטערנאַציאָנאַליזמען: — (אַט)אָר (דיקטאַטאָר, קאָאָפּעראַטאָר, פּראָ־פֿעסאָר), ־וּם (מאַקסימום, מעמאָראַנדום), ־יוּם (פּרעזידיום, מיניסטעריום), ־(ט)וּר (קולטור, בראָשור), ־אַט (דיפּלאָמאַט, מאַגיסטראַט), ־יק (לאָגיק, סיסטעמאַטיק), ־יטעט (נאַציאָנאַליטעט, אויטאָריטעט), ־(י)אַל (ריטואַל, מאַ־טעריאַל), ־אַנץ און ־ענץ (רעפּרעזענטאַנץ, עקסיסטענץ) און נאָך אַנדערע.

עס זײַנען יאָ ייִדישע סופֿיקסן ־יסט און ־יזם, ווײַל מיט זיי האָט מען געשאַפֿן נײַע ווערטער, ווי למשל: ציוניסט, בונדיסט, ייִדישיסט, העבראַיסט, תּלמודיסט, פֿאָלקיסט; חסידיזם, ציוניזם, בונדיזם, פֿאָלקיזם, אחד־העמיזם, דובנאָוויזם, ייִדישיזם, קיומיזם.

8. ־ע און יע צום סוף וואָרט קענען אַרויסרופֿן וויכּוחים. פֿאַרשטייט זיך אַז עס איז ניטאָ קיין סופֿיקס אין אַזעלכע ווערטער ווי: טאַטע, זיידע אָדער מאַמע, באָבע, אַוודאי ניט אין די העברעאיזמען מיטן קלאַנג [ע] צום סוף: הלכה, גמרא, פּרי. די פֿראַגע איז ווי ווײַט אַ מיטל צו פֿאַרייִדישן קען אָנגערופֿן ווערן אַ סופֿיקס, ווען עס קומט ניט צו קיין שום חידוש אין באַטײַט. ווען ייִדיש נעמט איבער אַ וואָרט מיט אַן אומאַקצענטירטן [אַ] צום סוף, מוז דאָך זיך באַווײַזן דער קלאַנג [ע]. מיר האָבן דאָך גאָר קיין ברירה ניט און עס מוז בײַ אונדז אַרויסקומען: פּאַלמע, פּרעסע, סצענע, אַמעריקע, מאָסקווע. צענדליגער אינטערנאַציאָנאַליזמען, וואָס אין ייִדיש מיט אַ צוויי דורות צוריק האָבן געהאַט צום סוף ־ע, האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון אָט דער ענדונג און פֿון פֿאַ׳בריקע איז פֿאַבריק, פֿון מאַשינע — מאַשי׳ן, פֿון טעלעגראַמע — טעלעגראַ׳ם און אַזוי ווײַטער. בכל־אופֿן איז עס אַזוי אין דער איצטיקער כּלל־שפּראַך. ווייסט ניט דער צוגויפֿשטעלער פֿון דעם איצטיקן קורס גראַמאַטיק פֿון קיין איין וואָרט מיט אַזאַ ־ע צום סוף וואָס זאָל קענען פּרעטענדירן אויף דער ראָלע פֿון אַ וואָרט מיט אַ סופֿיקס.

־יע האָט געקענט זיך אָפּהאַלטן ווי אַן ענדונג מיט מער חשיבֿות. אָבער אין תּוך האָט ניט אָט די ענדונג קיין שום יחוס. אויך ניט ווען מע האָט געאָגראַפֿישע נעמען ווי: איטאַליע, נאָרוועגיע, פֿלאַנדריע. אויך ניט אין די אינטערנאַציאָנאַליזמען: נאַציע, רעליגיע, סימפּאַטיע, סימפֿאָניע, כעמיע, לאָטעריע, קאָלעגיע, געאָגראַפֿיע, כראָנאָלאָגיע, כרעסטאָמאַטיע און אַ סך צו זיי.

9. וועגן סובסטאַנטיוון פֿון נעמען פֿון שטעט און לענדער זען אַדי׳, ב 4.

10. פֿאַראַן נאָך סופֿיקסן פֿון סלאַווישע לשונות וואָס האָבן זיך איינגעפֿעסטיקט בלויז אין געציילטע ווערטער. דאָ קומען דרײַ סופֿיקסן פֿון אָט דעם מין: ־אַרניע (שלאָסאַרניע, הינטאַרניע, וואַלצאַרניע, שפּיזאַרניע אָדער שפּײַזאַרניע); ־אַניע (ווינטשעוואַניע, האָדעוואַניע, האַרעוואַניע, שפּילעוואַניע, ד״ה אײַנשפּריצונג, פֿון שפּילקע); ־סטווע (פּאַסקודסטווע, היפּאָקריטסטווע, הולטײַסטווע, שאַרלאַטאַנסטווע).

11. אַחרון־אַחרון חבֿיבֿ. יִידיש האָט אַרײַנגענומען אין די שאַפֿערישע פֿורעמס דעם סופֿיקס פֿון לשון־קודש ־ות (אַרויסגערעדט: עס). אין קרײַז פֿון יִידיש־ריידערס זײַנען אויפֿגעקומען די ווערטער אין יִידיש און פֿון יִידיש אַריבער אין לשון־קודשן באַנוץ, אָדער גלײַכצײַטיק געוואָרן הן יִידישע הן לשון־קודשע ווערטער. דוגמאָות זײַנען: מבֿינות, מגידות, עקשנות, נדבֿנות, יקרנות, ידענות, ישרנות.

## ח. פּרעפֿיקסן צו זאַכווערטער

1. מע קען ניט נעמען אין באַטראַכט די פּרעפֿיקסן וואָס זײַנען אַרײַנגעגלידערט אין אינטערנאַציאָנאַליזמען (אַ־, אינטער־, דיס־, טראַנס־ און אַ סך אַנדערע). קען מען דאָ האָבן צו טאָן בלויז מיט דרײַ באמת־יִידישע פּרעפֿיקסן, דערצו נאָך מיט לעבעדיקע, מיט שעפֿערישע פּרעפֿיקסן. צווישן דעם דרײַלינג איז דער וויכטיקסטער פּרעפֿיקס גע־.

גע־ קען זײַן זייער אַלט, וואָרעם אין דעם גערמאַנישן קאָמפּאָנענט פֿון יִידיש איז ער פֿאַרטראָטן גאַנץ פּראָמינענט, און גע־ קען זײַן שפּאָגל־נײַ, ווי דער מיטל צו שאַפֿן אַ נעאָלאָגיזם וואָס איז ערשט הײַנט אײַנגעפֿאַלן דעם ריידער אָדער שרײַבער אויף אויסצודריקן אַ נײַעם באַגריף, אויף צו באַנאָמענען עפּעס וואָס איז פֿריִער גאָרניט געווען אָדער אויף אָנצורופֿן עפּעס וואָס האָט שוין געהאַט זײַן וואָרט אין יִידיש, אָבער דער ריידער צי דער שרײַבער איז מיט דעם ניט געווען באַקאַנט. זען צווייט׳, ה 3, ה 5.

2. לאָמיר זיך פֿאַרנעמען מיט די פֿאַרשיידענע פֿונקציעס פֿון גע־:

א) דער פּרעפֿיקס ברענגט אַרײַן דעם באַטײַט פֿון אַ קאָלעקטיוו, פֿון אַ גרופּע וואָס שטעלט צונויף אָן איינס. די דוגמאָות: געשטערן, געביי׳ן, געבליטן, געבערג, געצווײַג, געבלעטער, געהיי׳לץ, געצײַ׳ג, געזעמל, געפּע׳ק, געשפּאַ׳ן, גערע׳ר (נעאָלאָגיזם, אַ סיסטעם רערן).

ב) ווײַזט אויפֿן כּלל אָדער אַ פּרט פֿונעם כּלל לויטן באַטײַט פֿון וואָרט אָן דעם פּרעפֿיקס. די דוגמאָות: געמיש, געוועב, געביי, געברויך, געווייך, געקלאָג, געוועט, געשפּאַט, געמעלק, געשמעלץ, געבעק(ס), געטראַנק, גע־זאַנג, געבײַ, געשריי. די פֿאַרבינדונג דאָ איז מיט אַ **ווערבאַלן** שטאַם וואָס קען קומען אויך מיט אַ שינוי.

ג) באַטײַט אַז דער סובסטאַנטיוו האָט אין זיך עפּעס וואָס איז מער, איז גרעסער, איז אַרומנעמיקער. דוגמאָות: געוויסער, געוויטער, געשטאַנק, געסרחה, געטומל, גערודער, גערייד, געראַנגל, געשלעג, גערויש, געפּיל־דער, געקראַך.

ד) ווײַזט אויף פֿאַרלענגערונג אין צײַט. זען צווייט׳ ה5. נאָך דוגמאָות: געדויער, געדריי, געהילך, געיאָמער, געגרייט, געכשר, געשטאַמל, געדוגער, געלויב, געהאָווקע. אויך דאָ איז די פֿאַרבינדונג מיט אַ ווערבאַלן שטאַם. אַהער באַלאַנגען אויך אַ טייל דוגמאָות פֿון פֿרײַערדיקן אונטערפּונקט, ווי פֿון דאָרטן קענען אַ טייל יענע דוגמאָות אַריבערגעפֿירט ווערן אַהער.

ה) שאַפֿט דעם סובסטאַנטיוו, וואָס אָן גע־ איז ער גאָרניט פֿאַראַן אָדער האָט גאָר אַן אַנדער באַטײַט. דוגמאָות: געזינד, געפּעס, גע־ זעץ, גע־ בורט, געדראַנג, געבאָט, געהאַלט, געשמאַק, גענאָד, גערוך, געלענק, גע־ לעכטער, געדערים. [דאָס אויסלייגן מיט ־עם׳ איז אַ גרײַז, ווײַל עס דאַרף אונדז ניט אַנגיין דער אָפּשטאַם פֿון וואָרט, נאָר ווי דאָס פֿאָלק באַנעמט אָט דאָס פּשוטע פֿאָלקסוואָרט.]

ו) ווי אַ צוגאָב צום פֿרײַערדיקן אונטערפּונקט און ווי אינפֿאָרמאַציע — אַן אָנווײַז אַז אַ היפּשע צאָל אַזעלכע סובסטאַנטיוון האָבן מיר געגומען פֿאַרטיקערהייט, למשל: געזיכט, געזעלשאַפֿט, געשלעכט, געפֿאַר, געוויכט, געריכט, געפֿיל, געדאַנק, געשעפֿט. איבער דער סיבה וואָס גע־ איז אַזאַ אָפֿטער און פֿילבאַטײַטיקער פּרעפֿיקס ווערט ער אויך דאָ אויפֿגענומען ווי אַ פּרעפֿיקס.

3. דער פּרעפֿיקס אומ־ פֿאַרנעמט בײַ די סובסטאַנטיוון אַ סך ווייניקער אָרט, איז ניט אַזוי אָפֿט ווי בײַ די אַדיעקטיוון (זען אַדי׳, ז1). דער באַטײַט פֿון דעם אומ־ און די אָפֿטקייט זײַנע איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פֿון דעם צו וואָס ער שליסט זיך אָן.

א) אינטערעסאַנטער פֿון אַלץ איז די פֿאַרבינדונג מיט אַ סובסטאַנ־טיוו וואָס באַשטייט בלויז פֿון שטאַם. די נעגאַציע איז אַ פֿולשטענדיקע און עס קומען דערבײַ צו פֿאַרשיידענע ניואַנסן און בײַבאַטײַטן. אומגליק איז אַ סך ערגער ווי דאָס פֿעלן פֿון גליק; אומאמת איז אַן אייפֿעמיזם פֿאַר ליגן; אוממענטש איז עמעצער וואָס איז גאָרניט קיין מענטש, ממש אַ ווילדע חיה; אומגאָט איז גאָרניט קיין גאָט, אַ געץ („דער זעלביקער ׳פֿירער׳ קען בײַ איינעם זײַן אַ גאָט און בײַ אַן אַנדערן אַן אומגאָט”). דעריבער קומען דאָ אַ סך דוגמאָות: אומגאָס, אומגאַסט, אומגעלט, אומהאַנט, אומוויסן, אומ־ וועג, אומחן, אומיושר, אומכּבֿוד, אומלײַט, אומסדר, אומפּאָר, אומפֿאָלק, אומפֿרײַנד, אומצוכט, אומצײַט, אומרו, אומרעכט, אומשולד, אומשײַכות, אומשלום, אומשׂכל, אומתּכלית.

ב) שטענדיק מיט אַ נעגאַציע און מיט אַ פֿולער אָדער אַמאָל אויך טיילווײַזער פֿאַרניינונג קומט דער אומ־ בײַ סובסטאַנטיוון וואָס זיי אַליין זײַנען געבוירט פֿון אַדיעקטיוון אָדער פּאַרטיציפּן. זייער צאָל איז גאַנץ גרויס,

דאָס שאַפֿן אַזעלכע סובסטאַנטיוון איז גאַנץ גרינג און עס איז גענוג אַ צענדליק דוגמאות: אומאָפּהענגיקייט, אומבאַגרענעצטקייט, אומגעוואונטשנקייט, אומגעניטקייט, אומדערגרייכלעכקייט, אומסימפּאַטישקייט, אומצופֿרידנקייט, אומקולטורעלקייט, אומראַציאָנעלקייט, אומרחמנותדיקט. אַלע ווערטער האָבן דאָ דעם סופֿיקס ־קייט.

ג) קומט מיטן באַטײַט אָרום: אומקרײַז, אומגעגנט, אומגרענעץ, אומוואַנדער, אומהיל, אומטאַנץ, אומלייג, אומפּאָרער, אומפּירער, אומפּלי, אומשטעל, אומשפּרײַז.

ד) קומט מיט סובסטאַנטיוון וואָס זיי אַליין שטאַמען פֿון ווערבן מיטן קאָנווערב אום. דאָ פֿעלט דער באַטײַט: ניט, ווײַל דער גאַנצער סובסטאַנטיוו מיט זײַן אומ־ איז דער זעלביקער וואָס איז באַריכות באַטראַכט געוואָרן בײַם פּונקט ב2. עטלעכע דוגמאות: אומדריי, אומבייג, אומהאַנג, אומוואַרף, אומטויש, אומיאָג, אומכאַפּ, אומברענג.

ה) גיט צו גאָר אַן אַנדער באַטײַט ווי דאָס וואָרט אַן אומ־: אומזאַץ, אומשטאַנד, אומבראַך, אומגאַנג, אומהאַלדז (טיכל אָרום האַלדז), אומוואַנדל, אומוועגד, אומלאַג, אומלאַד, אומפֿאַל, אומפֿאַנג, אומצאָל (ד"ה אַ גרויסע צאָל), אומקרויט, אומראַס.

4. בעל־ נידערט אַראָפּ אָדער דערהייבט זיך צו אַ פּרעפֿיקס. דוגמאות פֿון יידישע שאַפֿונגען: בעל־טאַקסע, בעל־תשובֿהניק, בעל־בטחון, בעל־גאווה, בעל־גוזמא, בעל־גוף, בעל־דבֿר, בעל־דמיון, בעל־דעה, בעל־דרשער, בעל־העזה, בעל־חשבון, בעל־חתונה, בעל־טובֿה, בעל־כּעסן, בעל־מוח, בעל־מוסף, בעל־מופֿת, בעל־מצווה(טניק), בעל־משפּחה, בעל־נעילה, בעל־עגלה, בעל־קורא, בעל־קריאה, בעל־שם־טובֿ, בעל־תּפֿילה.

5. דער פּרעפֿיקס אַנטי־, וואָס זײַן אינטערנאַציאָנאַליסטישער יחוס ציט זיך ביז צו גריכיש און איז אַרײַן אין אַזוי פֿיל לשונות, טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט אין אינטערנאַציאָנאַליזמען וואָס זײַנען אַרײַן אין יידיש. אָט דער אַנטי־ האָט אין אונדזער שפּראַך־פֿאָרשטעלונג באַקומען אַ פֿאַרזיכדיקן פֿורעם און געוואָרן אַן אייגענער פּרעפֿיקס. אין די ווערטער אַנטיסעמיט און אַנטיסעמיטיזם איז אַלץ אינטערנאַציאָנאַליסטיש, אָבער אין אַנטי־ייִד, אַנטי־יידישקייט און אַנטישמד איז דאָך פֿאַראַן דער יידישער פּרעפֿיקס אַנטי־. אַזוי טרעפֿט מען אים אויך אין נאָך ווערטער, דהײַנו, אַנטי־אמת, אַנטי־אמתדיקייט, אַנטי־גלות, אַנטי־גלותדיקייט, אַנטי־גלותיזם, אַנטי־זכרונותדיקייט (בײַ אַ. צייטלין), אַנטי־חסידישקייט, אַנטי־יוניאָן, אַנטי־יחידישקייט, אַנטי־ישׂראל, אַנטי־לבֿנון, אַנטי־עקדה (בײַ שמואל ניגער), אַנטי־פּאַלעסטינעץ (סוף 19טן יאָרהונדערט, ווען עס איז געוואָרן די באַוועגונג פֿון די פּאַלעסטינצעס), אַנטיפּאָלקיזם, אַנטיפֿרומקייט, אַנטישלומדיקייט. דאָס זײַנען אַלץ ווערטער וואָס זײַנען אויפֿגעקומען ווי נעאָלאָגיזמען. איז דער פּרעפֿיקס אַנטי־ אַ שעפֿערישער עלעמענט און איז מסוגל אַרײַנצוברענגען נאָך מער

נײַע ווערטער. אויב פֿיזיק האָט אַ נײַעם באַגריף אַנטי־מאַטעריע, איז מעגלעך אויף ייִדיש עס צו זאָגן אַנטישטאָף אָדער גאָר אַנטיחומר.

## ט. צונויפֿהעפֿטן

1. צונויפֿהעפֿטן ווערן אָנגערופֿן אַזעלכע סובסטאַנטיוון (און אַדיעקטיוון) וואו עס ווערן צונויפֿגעבונדן אין איין וואָרט צוויי אָדער מער שטאַמען. אַ צונויפֿהעפֿט באַשטייט פֿון צוויי טיילן. געוויינטלעך איז דער צווייטער טייל דער עיקרדיקער פֿון שטאַנדפּונקט פֿון באַטײַט. ווערט ער אָנגערופֿן דער יסוד־טייל, און דעם ערשטן טייל רופֿן מיר אָן דער באַשטים־טייל. דעם אַקצענט אָדער דעם הויפּט־אַקצענט האָט דער באַשטים־טייל. דער גראַמאַטישער מין איז געוויינטלעך לויטן יסוד־טייל (ענין ג, 23). פֿויגלנעסט באַטײַט: נעסט פֿון אָדער פֿאַר אַ פֿויגל, פֿאָלקשפּראַך, באַטײַט: די שפּראַך פֿון פֿאָלק, לערן־אינסטיטוציע — די אינסטיטוציע וואָס איז באַשטימט פֿאַרן לערנען. ביידע טיילן פֿון צונויפֿהעפֿט האָבן געוויינטלעך זייער קלאָרן באַזונדערן באַטײַט, הגם דער באַשטים־טייל איז אַדיעקטיוויש לגבי דעם יסוד־טייל, וואָרעם ער באַגרענעצט, ער טײַטשט אויס, ער דעפֿינירט דעם יסוד־טייל.

צונויפֿהעפֿטן אין ייִדיש — דאָס איז אַן אומבאַגרענעצט געביט. חוץ די גרייטע וואָס דער ריידער אָדער דער שרײַבער פֿאַרמאָגט שוין, קען מען אין פּראָצעס פֿון רעדן אָדער שרײַבן שאַפֿן צונויפֿהעפֿטן וויפֿל עס איז נייטיק אויף איבערצוגעבן וואָס מע האָט אין זינען.

2. צווישן די צונויפֿהעפֿטן איז נייטיק אונטערצושיידן די קליינע גרופּע צונויפֿשמעלצן, וואו עס איז פֿאַראַן אַ שינוי אין איינעם פֿון די טיילן אָדער איינער פֿון די טיילן ווערט אַרויסגערעדט ניט גענוג קלאָר, ניט גאַנצערהייט. בײַשפּילן: אויריגל, אָרעמאַן, זונטיק, האַנטעך, בראַנפֿן, קימפּעט, ווײַמפּערל, שלימזל. בדרך־כּלל לאָזט זיך ניט שאַפֿן אַ נײַער צונויפֿשמעלץ.

עס איז כּדאַי אויך אויסצוטיילן יענע צונויפֿהעפֿטן וואָס זייער באַטײַט דרינגט ניט אַרויס פֿון דעם באַטײַט פֿון די ביידע טיילן, נאָר שאַפֿט אַ נײַ וואָרט פֿאַר אַ זאַך, פֿאַר אַ באַגריף. דוגמאות: נאָזהאָרן, ים־פֿערד, קאָפּ־עקל באַטײַטן — אַ גרויסע זויג־חיה מיט אַ דיקער פֿעל און מיט אַ האָרן איבערן פּיסק, אַ גרויסע זויג־חיה וואָס לעבט אין ים, די וואַסערלאַרווע פֿון אַ פֿראָש. אַ וואַלפֿצאָן איז אַ לענגלעך שטיקל פֿון אַ ביין אָדער פֿון אַן אַנדער מער־וויניק האַרטן שטאָף וואָס מע גיט קינדער צו בײַסן ווען עס שנײַדן זיך בײַ זיי די מילכציינדלעך; נאָזטיכל איז ניט דווקא פֿאַר דער נאָז, מע ווישט זיך אויך אָפּ דעם שטערן מיט אַ נאָזטיכל; אַ זומערפֿייגעלע איז ניט קיין פֿייגעלע עס איז אַ פֿלאַטערל; אין אַ שלאָפֿראָק קען מען אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין, אָבער שלאָפֿן אין דעם שלאָפֿט מען ניט; שער־בלאַט מוז ניט האָבן אַ צייכענונג פֿון אַ טויער; פֿאַקנטרעגער איז ניט יעדערער וואָס טראָגט סתּם אַ פּאַק, נאָר מיט ביכלעך און ספֿרימלעך, ציצית, מזוזות און ענלעכס.

אַהערצו געהערן אויך: יאָרצייט, נאָדלבוים, נעצהײַטל און אַ היפּשע צאָל אַנדערע ווערטער. דער גרענעץ איז דאָ ניט שטענדיק אַ קלאָרער.

דאָ האָט מען ניט גענומען אין באַטראַכט דעם אָפּשטאַם פֿון וואָרט, בלויז זײַן באַטײַט אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש.

3. דער יסוד־טייל קען דאָך זײַן בלויז אַ סובסטאַנטיוו, אָבער דער באַשטים־טייל קען זײַן —

א) אַ סובסטאַנטיוו, ווי אין: ערדאַרבעט, עפּלקוואַס, האָניקלעקעך, מערנצימעס, האַלצהעקער, גאָטזוכער, הימל־קאָליר, האַרצקלעמעניש, כּלל־שפּראַך, פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר;

ב) אַן אַדיעקטיוו, ווי אין: גלײַכוווערטל, זויערמילך, וואָויללערנער, עלטערזיידע, גוטהאַרציקייט, שוואַרצאַפּל, האַלבאינדזל, שיינרעדנער, ביטער־זאַלץ, אָרעם־מאַלצײַט;

ג) אַ ווערבאַלער שטאַם, ווי אין: ניימאַשין, ברענגלאָז, לייענבוך, שמעלצאויוון, שיק־ייִנגל, זינגפֿייגעלע, וויקלשנור, פֿאָרש־פּראָיעקט, רעווידיר־קאָמיסיע, אַסאָציאיר־סיסטעם;

ד) אויך פֿון אַנדערע וואָרטקלאַסן, פֿון גאַנצע פֿראַזעס און אויסדרוקן, ווי אין: דריט־חלק, יאָ־ענטפֿער, מהיכא־תּיתי־באַציאונג, מה־דאָך־פּשטל, איבער־און־צוליב־פּלאָנטער, פֿאַרוואָס־תּקופֿה, לאָז־מיך־געמאַך־שטימונג, נעשה־ונשמע־פֿרומקייט, ואהבֿת־לרעך־כּמוך־מאָראַל, אַ קוצו־של־יוד־קריגערײַ.

דער ערשטער טייל פֿון צונויפֿהעפֿט ווערט דאָ אויפֿגענומען ווי אַ סעמאַנטישער איינס.

4. אַ צונויפֿהעפֿט קען באַשטיין נאָר פֿון צוויי טיילן. אויב מע ניצט אַ צונויפֿהעפֿט פֿון דרײַ אָדער מער טיילן, איז עס אַ חטא קעגן ייִדיש. ניט ׳פֿאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר־באַשלוסן׳, נאָר באַשלוסן פֿון פֿאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר; ׳שלום־עליכם־ פֿאָלק־אינסטיטוט׳ קלינגט ווי אַן איבערזעצונג פֿון ענגליש; ׳אַרבעטער־רינג־לערערקורסן׳ איז אויף אַ קאָרעקטן ייִדיש — לערערקורסן פֿון אַרבעטער־רינג. אָבער מיתה־משונה־קאָליר, תּנא־ברא־קאָפּ און ענלעכע זײַנען פֿולקום קאָרעקטע צונויפֿהעפֿטן, ווייל מיתה־משונה, תּנא־ברא זײַנען באַטײַטיקע איינסן. נאָר אין אַ טאָפּעלן צונויפֿהעפֿט, אַ רעזולטאַט פֿון אַן אויסרעכענען, קען מען האָבן דרײַ און מער טיילן, למשל: וואַלד־ און פֿעלד־היהלעך, וואַלד־, פֿעלד־ און גאָרטן־היהלעך; אַרטילעריע־ און אינפֿאַנטעריע־אָפּטיילן; עבֿרי־, חומש־ און גמרא־תּלמידים.

5. צונויפֿבינדונגען מיט צוויי גלײַכע אַקצענטן געהערן ניט צו די צונויפֿהעפֿטן, למשל: טאָ׳טע־מאַ׳מע, גאָ׳פּל־מע׳סער, זולל־וסובֿא, אַכילה ושתיה, בהמה גסה.

די סיסטעם סמיכות איז געבויט אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג ווי צונויפֿהעפֿטן: דער אַקצענט איז אויפֿן צווייטן טייל, בײַם איבערפֿראַזירן

מוז מען אָנהייבן פֿון ערשטן טייל, דער מין ווערט געוויינטלעך באַשטימט פֿון ערשטן טייל, למשל: דער זכות־אָבֿות, דער זכות וואָס מע האָט פֿון די אָבֿות; דער שׂכר־לימוד, דער שׂכר וואָס מע צאָלט פֿאַרן לימוד. ווען מע האָט צו טאָן מיט ווערטער פֿון לשון־קודש, דאַרף מען געוואָרנט זײַן ניט צונויפֿצומישן סמיכות מיט צונויפֿהעפֿט. חתונה־מתּנה, ישיבֿה־בחור, כּנסת־בנין, בית־מדרש־שמש, פּורים־סעודה, ווערטער־סדר, קעשענע־גנבֿ, קהל־שטיבל, מדרגה־ווײַזער, נבֿיאים־רייד — זײַנען אַלע צונויפֿהעפֿטן.

אָבֿער קען מען ניט פֿאַרבײַטן דעם ערשטן טייל פֿון צונויפֿהעפֿט מיט אַן אַדיעקטיוו, ווײַל דער באַטייט ווערט אַן אַנדערער. דוגמאָות: פֿויגלשע נעסט קען זײַן אַ שטיבל מיט שלום־בית; קהלש שטיבל קען זײַן יעדער שטיבל וואָס געהערט צום קהל, בעת קהל־שטיבל איז בלויז די קאַנטאָר פֿון דער קהילה, איר ביוראָ; נבֿיאישע רייד פֿאַרמאָגן אייגנשאַפֿטן וואָס מע פֿאַרבינדט זיי מיט אַ נבֿיא, בעת נבֿיאים־רייד זײַנען בלויז פֿון נבֿיאים.

די געציילטע אייגנאַרטיקע צונויפֿבינדונגען פֿון דעם טיפּ יונגערמאַ׳ן, וואוילער־יו׳נג, גוטער־ברו׳דער, גוטער־ייִ׳ד געהערן ניט צו די צונויפֿהעפֿטן, ווײַל דער אַקצענט איז שאַרף אויף דעם צווייטן טייל און זיי האָבן זייערע באַזונדערקייטן. די צוויי פּריוואַט־נעמען פֿון איין פּערזאָן שאַפֿן אויך ניט קיין צונויפֿהעפֿט, ווי חיים־מ׳שה, משה־בע׳ר, גיטע־מי׳נע, רחל־ל׳אה.

6. ווען בײדע טײלן פֿון צונויפֿהעפֿט זײַנען **ס ו ב ס ט אַ נ ט י װ ן**, קען צווישן זיי אַרײַנקומען אַ פֿאַרבינדקלאַנג, וואָס זײַן פֿונקציע איז צו פֿאַרגרינגערן דאָס אַרויסרעדן און אויפֿצוהיטן די ריטמיק פֿון דער שפּראַך.

דער וויכטיקסטער פֿאַרבינדקלאַנג איז ס וואָס שאַפֿט צוזאַמען מיטן פֿריִערדיקן קאָנסאָנאַנט אַ מין האַלב־טראַף און איז אַ מחיצה צווישן דעם שטאַרק־אַקצענטירטן טראַף פֿון באַשטים־טייל און דעם שוואַכערן אַקצענט פֿון יסוד־טייל. בלוטסטראָפּן, מאַנספֿאַרשוין, פֿאָלקסלידל, לאַנדסמאַן, שלאָקס־רעגן, שיפֿסקאַרטע, דאָרפֿסיונג, קהלס־לײַט, וואָרטסמאַן — זײַנען אַלע פֿאַר־שפּרייטע און צום טייל לאַנגאָניקע צונויפֿהעפֿטן מיטן ס אינדערמיטן.

וועגן ניצן אָדער אויסמײַדן דעם סמך איז נייטיק אָנצווײַזן:

א) ניט עקספּערימענטירן מיטן אַרויסוואַרפֿן דעם סמך דאָרטן וואו ער איז אײַנגעפֿעסטיקט אין שפּראַכבאַנוץ;

ב) דאָרטן וואו דער סמך קען ניט אויספֿירן זײַן פֿונקציע צו פֿאַרגרינ־גערן דאָס אַרויסרעדן, דאַרף מען אים ניט. דעריבער קומט קיין סמך פֿאַר אָדער נאָך ס, ש, ז, צ. דוגמאָות: לעבן־סטאַנדאַרד, שלאָס־מעכאַניזם; פֿאָלק־שול, פֿליישבאַנק; גרונטזאַך, האָלדזבאַנד; שניטצײַט, בליצלאָמפּ;

ג) מע דאַרף אויך ניט דעם סמך, ווען עס איז פֿאַראַן אַן אַנדער פֿאַר־בינדקלאַנג, ווען דער ערשטער טייל ענדיקט זיך אויף אַ וואָקאַל, אויף אַ דיפֿטאָנג, אויף אַ דלד, אַ ־ט און אַוודאי ניט אויף ־סט. דוגמאָות: בריוון־טרעגער, ציגנמילך; טײלעפֿלע, גומי־קלעפּעכץ, בראָווע־געשרייען; גואָלד־

ריס, ערדגײַסט, זאַמדקאַסטן; לופטמענטש, שטאָטגאָרטן, בעטגעוואַנט; דינסט־מיידל, האַרבסטווינט, פּאָסטקאַרטל;

ד) ווען עס טרעפן זיך צונויף אַלצאיינע קלאַנגען סוף באַשטים־טייל און אָנהייב יסוד־טייל קומט געוויינטלעך אַ סמך צווישן זיי: בלוטסטראָפּן, קהלס־לײַט, קריגסגעריכט, שאַפּונגסגײַסט, דאָרפסבּור, קאָמפּסטראַנט (אָבער באַנקקוועטשער און די וואָס גייען לויטן פּרײַערדיקן אונטערפּונקט, ווי פּאָסטטויב און אַנדערע);

ה) עס איז פֿאַראַן אַ בפירושע טענדענץ פֿון סעריעס. צונויפהעפטן מיט די זעלביקע באַשטים־טיילן האָבן אַ נטיה אַלע אָדער יאָ אָדער ניט צו האָבן דעם סמך. גאָר בולט איז עס בײַם באַשטים־טייל פֿאָלק: פֿאָלקס־מעשׂה, פֿאָלקסלערער, פֿאָלקספּאַרטיי, פֿאָלקסווערטל, פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג, פֿאָלקס־אינסטינקט, פֿאָלקס־מאָטיוו, פֿאָלקסמענטש, פֿאָלקס־חכמה, פֿאָלקסליד. אַזוי איז אויך מיטן באַשטים־טייל לעבן: לעבנס־חכמה, לעבנספֿרייד, לעבנס־באַדינגונגען, לעבנסדראַנג, לעבנסקרײַז, לעבנסציל, לעבנסטאָג, לעבנס־פֿאַרהעלטענישן; אָבער לעבנשטייגער איבער דעם שין. אַזוי אויך צום טייל מיטן באַשטים־טייל אַרבעט, ניט געקוקט אויף דעם טית: אַרבעטסטאָג, אַרבעטסמאַן, אַרבעטספּרוי, אַרבעטסמענטש, אַרבעטספֿרייד, אַרבעטסלויז, אַרבעטסלעבן, אַרבעטספּריז (חוץ די ווערטער וואו מע קען אַרבעט באַטראַכטן ווי אַ ווערבאַלן שטאַם, ווי אין: אַרבעטס־דיסציפּלין, אַרבעט־באַדינגונגען און אַנדערע).

אַ דוגמא פֿון אַ סעריע אָן דעם סמך בײַם באַשטים־טייל טאָג: טאָגלוין, טאָגבוך, טאָגליכט, טאָגהיים, טאָג־אָרדענונג, בײַטאָג־רו, טאָג־פּלאַטערל.

הגם דער פֿאַרבינדקלאַנג ־ס שטאַמט אָפּ פֿון דער ענדונג פֿון אַמאָליקן געניטיוו און איז אידענטיש מיט דער ענדונג פֿון פּאָסעסיוו, האָט עס ניט מער קיין שום סעמאַנטישע שײַכות מיטן געניטיוו און אויך ניט מיטן פּאָסעסיוו. ־ס איז געוואָרן אַן ענין פֿון וואוילקלאַנג און צום טייל פֿון שפּראַכיקער טראַדיציע.

7. דער טראַפּיקער בוך (און ־ען וואו ער קען ניט אַרײַנקומען) קען אויך דינען ווי אַ פֿאַרבינדקלאַנג צווישן די ביידע טיילן פֿון צונויפהעפט. זײַן אָפּשטאַם איז פֿון דער מערצאָלענדונג און פֿון דעם אַדיעקטיווישן סופֿיקס, אָבער זײַנע פֿונקציעס זײַנען די זעלביקע וואָס בײַ ־ס. טרעפט זיך דער פֿאַרבינדקלאַנג ־ב (־ען) אויך דאָרטן וואו עס קען גאָרניט געמאָלט זײַן די מערצאָל־ענדונג ־ן.

דאָ ווײַטער ווערט געגעבן אַ רשימה צונויפהעפטן, אײַנגעבירגערטע און נײַערע, הן וואו דער טראַפּיקער בוך איז בלויז אַ פֿאַרבינדקלאַנג און הן וואו ער איז אַ רעגולערע מערצאָל־ענדונג וואָס דינט גלײַכצײַטיק ווי אַ פֿאַרבינדונג צווישן די ביידע טיילן פֿון צונויפהעפט:

אַבאָנענטנפּרײַז, אַטלעטנפֿוס, אָקסניאָד, באַקנביין, בלומענקראַנץ, בריוון־טרעגער, גאַסנקינד, גענדזנשמאַלץ, דאַמענשנײַדער, דיסקטוואַרפֿער, דעמבנ־

האַלץ, האַנשפּרונג, האַרפֿנשפּילער, וואַכנבלאַט, וואַלצנדרוק, וואַנצן־ריח, זונענשטראַל, זייפֿנבלאָז, זשיראַפֿנהאַלדז, חצותן־תּפֿילה, טאַנצנזאַל [פֿאַלקיש], טאַלגרינס, טירנפּוץ, טריטנמאָס, יאַמשנהאַלץ, ירידן־האַנדל, לייבנגרוב, ליפּנזאַלב, מאַראַנצנזאַפֿט, מענטשנפֿלייש, נוסנבוים, סופֿן־שורה, ערנוואַך, פֿאַלמען־אַליי, פֿאַרפֿומען־ריח, פֿויסטנהעלד, פֿלוימענצימעס, פֿערדנפֿלייש, פֿערדנשטאַל, פֿרויענהאַנט, צאַפּנשטונק, צוואַנגענהענטל, ציגנמילך, קאַפּן־שורה, קאַצנשפּרונג, קאַרטנטישל, קאַרשנבוים, קוטנמאַכער, קלאַסנקאַמף, ריפּנביין, רעכטן־תּביעה, שאָסייען־שטויב, שטאַמען־ייִחוס, שטאַרן־בלינדקייט, שטריקנדרייער, שעפּסנריפּל.

די ענדונג ־ער (פֿון מערצאַל, פֿון דעם סופֿיקס און סתּם ווי די לעצטע קלאַנגען פֿון אַ וואָרט) שפּילט די ראָלע פֿון אַ פֿאַרבינדונג און דעריבער נייטיקן זיך אַזעלכע צונויפֿהעפֿטן מיט ־ער אין קיין שום אַנדער פֿאַרבינד־קלאַנג. עטלעכע אַזעלכע צונויפֿהעפֿטן: היגעראַיי (אויך פֿון איין הון), קינדער־מאַנטל, קינדערהיים, קינדערגאָרטן, ביכערשראַנק, מענערשניידער, פֿייערלע־שער, לערערקורסן, וואַסערמיל, וועטער־נבֿיא.

8. אַ צונויפֿהעפֿט באַשטייט פֿון צוויי טיילן, אָבער יעדער צונויפֿהעפֿט איז איין וואָרט. אַ וואָרט ווערט ניט געשפּאָלטן, הייסט עס אַז אַ צונויפֿהעפֿט ווערט געשריבן ׳איינאיינעם. ווען די פֿאַרבינדונג איז מיט אַ מקף, איז עס אויך אַ צייכן פֿון איין וואָרט. דער מקף קומט צו פֿאַרגרינגערן דעם לייענער, ער זאָל אָן איבעריקער אָנשטרענגונג אויפֿכאַפּן דעם באַטײַט פֿון וואָרט. די זאָרג פֿון דעם וואָס שרײַבט קאָרעקט באַשטייט אין דעם אַז דאָס זע־בילד בײַם לייענער זאָל ניט זײַן האַמעטנע, ער זאָל ניט דאַרפֿן אַרײַנקוקן אין יעדן אות באַזונדער. מע לייענט דאָך ניט אות נאָך אות, נאָר דאָס אויג כאַפּט אויף גאַנצע גרופּעס אותיות. אויף דעם סמך ווערן געגעבן די ווײַטערדיקע כּללים פֿאַרן אויסלייג פֿון צונויפֿהעפֿטן:

א) זיך ניט פֿאַרנעמען מיטן ציילן די טראַפֿן, ווײַל אין דעם איז קיין זינען ניט פֿאַראַן און ווײַל ניט שטענדיק איז גרינג צו דערגיין וואָס עס הייסט די קירצסטע פֿאָרעם פֿון וואָרט. דערבײַ זינדיקט מען נאָך קעגן באַגריף וואָרט, וואָרעם שרײַבמאַשין איז איין וואָרט און שרײַבמאַשיניסטקע מיט די צוויי סופֿיקסן וואָס קומען צו איז דאָך אַן אַנדער וואָרט

ב) אַ מקף איז נייטיק אין לענגערע צונויפֿהעפֿטן, אָן שום באַשטימען פֿאַרויס וואָס עס באַטײַט לענגערע. דאָ קען מען זיך פֿאַרלאָזן אויפֿן אײַנזען פֿון דעם וואָס שרײַבט, ווײַל עס איז ניט וויכטיק דאָ צו האָבן אַן אַבסאָלוטע איינהייטלעכקייט. דוגמאָות פֿון לענגערע צונויפֿהעפֿטן: טעאַטער־פֿאַרשטעלונג, מאַנדאָלין־אָרקעסטער, פֿאָלקס־לערערשאַפֿט, גראַמאַפֿאָן־טישל, רעווידיר־קאָמיסיע, האַנטווערקער־פֿאַראײן, ספּאָרט־פֿאַרמעסטעניש, הענדלער־פֿאַר־דינסט, שפּראַכן־סיסטעם, שפּראַך־סיסטעם.

ג) אַ מקף איז נייטיק, ווען עס טרעפֿן זיך צונויף אַלצאיינע אותיות און צוויי־אותיות פֿאַר איין קלאַנג, און בכּלל וואו ער העלפֿט גרינגער

אַפּצוזונדערן דיביידע טיילן פֿון צונויפֿהעפֿט מיט אַ צאָל קאָנסאָנאַנטן. דוגמאָות: נײַ־ייִדיש, אַרמיי־יאָך, יובילײ־יאָר, פּרווו־ווירע, בערוו־וויבירירונג, סוויסטש־קלאַנג, בלישטש־זשעני, פּאַטש־זשעסט, הירזש־זשמעניע, האַרץ־סקלעראָז, קינבאַק־קראַמפּ, טרעשטש־שפּאַלט.

ד) דער מקף איז נייטיק בײַ אַ צונויפֿהעפֿט וואָס איז אַ נעאָלאָגיזם, איז נײַ און ניט געגנוג באַקאַנט, וואָס איינער פֿון זײַנע טיילן איז אַ וואָרט פֿון לשון־קודש, וואָס זײַן באַשטים־טייל איז אַ נאָמען. דוגמאָות: זע־בילד, זאַך־אָביעקט, וואָפֿן־רו, זשורי־מוז, אולצער־וואונד, קו־פּאָקן, דאַמף־וואַלץ, זונען־האַרץ, פֿײַער־פֿאַרב, פֿויגל־קיניג; יוגנט־חבֿר, ווערטער־סדר, שלאָף־חדר, שער־בלאַט, פּורים־באַל, הכנסה־שטײַער, חן־גריבל, קנס־מאַל, ים־שפּיגל, רויב־חיה; מענדעלע־גאַס, אָרט־שול, ייִוואָ־אויסגאַבע, אָזע־קאָמיטעט, שזר־פּאַרק, מאַנגער־פּריז, דובנאָוו־בוך, שטיינבאַרג־קלוב.

דעם גאַנצן ענין אויסלייג פֿון צונויפֿהעפֿטן זאָל מען ניט אויפֿנעמען ווי אַ פּאַק גזירות, נאָר זיך פֿאַרלאָזן אויפֿן שׂכל־הישר און כּסדר האָבן אין זינען דעם לייענער. בײַ אַ ספֿק צי מע זאָל יאָ אָדער ניט אַרײַנשטעלן דעם מקף — איז יאָ אַרײַנשרײַבן.

# X.

# דער אַדיעקטיוו

## א. כאַראַקטער פֿון אַדיעקטיוו

1. דער אַדיעקטיוו איז אַ באַזונדעריער וואָרטקלאַס. לויטן באַטײַט איז דער אַדיעקטיוו ס׳רובֿ אַ נאָמען פֿון אַן אייגנשאַפֿט (דאָס גוטע קינד, די געשמאַקע שפּײַז, דער געטרײַער פֿרײַנד). דער אַדיעקטיוו קומט צוזאַמען מיט אַ סובסטאַנטיוו; בלויז ווען דער אַדיעקטיוו ווערט אַליין געניצט ווי אַ סובסטאַנטיוו קען ער אויסקומען אָן אַן אַנדער סובסטאַנטיוו (גיין צום קראַנקן פּאַטער אין שפּיטאָל, אָפּעקפֿירן דעם קראַנקן אין שפּיטאָל). אין זאַץ איז דער אַדיעקטיוו אַן אַטריבוט אָדער אַ טייל פֿון נאָמינאַלן פּרעדיקאַט (די רײַכע מומע גיט אַ טײַערע מתּנה, די מומע איז אַ רײַכע און די מתּנה איז אַ טײַערע).

צום שטאַם פֿון אַדיעקטיוו קענען צוקומען פֿלעקסיעס, זאָגט מען אַז דער אַדיעקטיוו בייגט זיך, מע קען אים דעקלינירן. דער אַדיעקטיוו קען ס׳רובֿ האָבן צוויי פֿאָרמען: אַ קירצערע און אַ לענגערע. ער פֿאַרמאָגט אויך פֿאַר־גלײַכגראַדן. דער אַדיעקטיוו האָט אויך זײַנע אייגענע סופֿיקסן.

2. דער נאָמען ׳אייגנשאַפֿט־וואָרט׳ אַדיעקטיוו איז ניט פּאַסיק, ווײַל עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַדיעקטיוון וואָס באַצייכענען אַ סימן (דער ווײַסער שניי), ווײַזן אָן דעם מאַטעריאַל (אַ זײַדענער טלית), דעם אָרט (ירושלימער אַלט־שטאָט), די צײַט (דער נעכטיקער טאָג), די גרופּע (ייִדישע פּירוגעס), דעם אָפּשטאַם פֿון אַ לאַנד (אַמעריקאַנער עולה), די פּאָזיציע אין אַ ריי (דער ערשטער אַפּליקאַנט, די לעצטע בקשה) און געהערן נאָך צו אַנדערע סעמאַנ־טישע גרופּעס. עס איז אויך ניט פּאַסיק דער נאָמען ׳בײַוואָרט׳, ווײַל ס׳רובֿ פּראָנאָמען זײַנען בײַווערטער און אַלע פּרעפּאָזיציעס זײַנען דאָך אַוודאי בײַווערטער. דעריבער וועט מען דאָ ווײַטער ניצן בלויז — אַדיעקטיוו.

3. דער אַדיעקטיוו ציט זיך נאָר צו אַ סובסטאַנטיוו. אַן אַדיעקטיוו קען קריגן פֿאַרשיידענע ניואַנסן אין באַטײַט, אָפּהענגיק פֿון סובסטאַנטיוו וואָס צו אים ציט ער זיך. אַ גוטער און אַ גוטער בעל־מלאָכה האָבן פֿאַרשיידענע באַטײַטן פֿאַר דעם זעלביקן אַדיעקטיוו גוטער: אַ גוטער מענטש קען זײַן אַ שלעכטער בעל־מלאָכה און אַ שלעכטער מענטש קען זײַן אַ גוטער בעל־מלאָכה.

4. דאָס זעלביקע וואָרט מיט די זעלביקע קלאַנגען קען געהערן הן צו די אַדיעקטיוון הן צו די סובסטאַנטיוון. באַשטימען באַשטימט עס די פֿונקציע אין זאַץ. לדוגמא: „מײַן יאַנקעלע איז אַ קינד אַ גוטס" — גוטס איז אַן אַדיעקטיוו, „איך ווינטש דיר אַלדאָס גוטס" — גוטס איז אַ סובסטאַנטיוו; „דער הימל איז בלאָ" — בלאָ איז אַן אַדיעקטיוו, „בלאָ איז מײַן באַליבטער קאָליר" — בלאָ איז אַ סובסטאַנטיוו.

5. די קורצע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו ווערט אַן אַדווערב, אויב דאָס וואָרט ציט זיך צו אַ ווערב. „די פֿרוי איז שיין" — שיין איז אַן אַדיעקטיוו, „די פֿרוי טוט זיך שיין אָן" — שיין איז אַן אַדווערב. „דאָס קינד איז מיר טײַער" — טײַער איז אַן אַדיעקטיוו, „איך האָב טײַער באַצאָלט פֿאַרן קינדס וויגעלע" — טײַער איז אַן אַדווערב.

6. עס איז נייטיק דער באַגריף אַדיעקטיווירונג. מיר האָבן עס ווען דער סובסטאַנטיוו איז אַ טייל פֿון נאָמינאַלן פּרעדיקאַט. „איז ער אַ בהמה (אַ פֿערד, אַן אָקס)!" — דאָ ווערן די סובסטאַנטיוון אַדיעקטיווירט, זיי באַצייכענען נאָר איין אייגנשאַפֿט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די דערמאָנטע סובסטאַנטיוון.

## ב. די לאַנגע און די קורצע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו

1. בדרך־כּלל לאָזט זיך זאָגן אַז דער אַדיעקטיוו האָט די פֿעאיקייט צו האָבן צוויי פֿאָרמען, אַ לאַנגע און אַ קורצע, הגם ניט אַלע אַדיעקטיוון פֿאַרמאָגןביידע פֿאָרמען. די קורצע פֿאָרעם איז דער שטאָם פֿון אַדיעקטיוו (מערקט זיך: ניט דער שורש! פֿליישיק, ליבלעך, קופּערן, תּמעוואַטע זײַנען אַדיעקטיוויש שטאַמען, אָבער זייערע שרשים זײַנען: פֿלייש, ליב, קופּער, תּם). די קורצע פֿאָרעם איז אַן שום פֿלעקסיע, אַן דער ענדונג פֿון צאָל, פֿון גראַמאַטישן מין, פֿון בייגפֿאַל. די לאַנגע פֿאָרעם איז דער שטאָם פּלוס אַן אַדיעקטיוויש פֿלעקסיע. קען מען די לאַנגע פֿאָרעם אָנרופֿן פֿלעקסיווער אַדיעקטיוו.

2. פֿאַראַן אַדיעקטיוון וואָס קענען האָבן נאָר די פֿלעקסירטע פֿאָרעם. דאָס זײַנען אַדיעקטיוון מיטן סופֿיקס ־ן (־ען) וואָס שאַפֿן זיך פֿון שטאָפֿנעמען, וואָס ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע: פֿון וואָס איז עס געמאַכט? בײַ אַזעלכע אַדיעקטיוון ווײַזט זייער פֿלעקסיע אָן אויף דער צאָל, אויפֿן גראַמאַטישן מין, אויפֿן בייגפֿאַל. מיר קענען זאָגן: דער שיינער מאַנטל און דער מאַנטל איז שיין, די שיינע יאַקע און די יאַקע איז שיין, דאָס שיינע קלייד און דאָס קלייד איז שיין; מיר קענען אויך זאָגן: דער וואָלענער מאַנטל, די וואָלענע יאַקע, דאָס וואָלענע קלייד. מיר קענען אָבער ניט זאָגן: 'דער מאַנטל (די יאַקע, דאָס קלייד) איז וואָלן' (נאָר — איז פֿון וואָל). דאָס זעלביקע אויך ווען מע זאָל ניצן אַן אַנדער אַדיעקטיוו מיטן סופֿיקס ־ן (־ען), למשל: זײַדן, פֿלאַנעלן. קומען מיר צום אויספֿיר וועגן דער גאַנצער גרופּע אַדיעקטיוון וואָס שאַפֿן זיך פֿון שטאָפֿנעמען מיט דעם זעלביקן סופֿיקס.

3. אויך סופּערלאַטיוון מיטן סופֿיקס ־סט־ קענען האָבן נאָר די פֿלעקסירטע פֿאָרעם. מיר זאָגן: דער מאַנטל איז טײַער, דער מאַנטל איז טײַערער; מיר קענען ניט זאָגן: ׳דער מאַנטל איז טײַערסט׳, נאָר דער מאַנטל איז דער טײַערסטער. דאָס זעלביקע איז חל אויף אַלע סופּערלאַטיוון.

אויך די אַדיעקטיוון אונטערשטער, אייבערשטער, פֿאָדערשטער, הינטערשטער האָבן ניט קיין קורצע פֿאָרעם.

4. אַדיעקטיוון וואָס ווערן געשאַפֿן פֿון נעמען פֿון שטעט און לענדער מיטן סופֿיקס ־ער האָבן נאָר די קורצע פֿאָרעם. זיי קענען ניט האָבן קיין שום פֿלעקסיע צו זיך, זיי בייגן זיך ניט, זיי זײַנען אומדעקלינירלעך. פֿאַר דעם ־ער קען אַרײַנקומען נאָך אַ סופֿיקס. דוגמאָות: פֿון אַמעריקע — אַמעריקאַנער, פֿון אַפֿריקע — אַפֿריקאַנער, פֿון ענגלאַנד — ענגלענדער, פֿון אַרגענטינע — אַרגענטינער, פֿון תּל־אָבֿיבֿ — תּל־אָבֿיבֿער, פֿון ניו־יאָרק —ניו־יאָרקער, פֿון ווילנע — ווילנער, פֿון וואַרשע — וואַרשעווער, פֿון אַדעס — אַדעסער; ניו־יאָרקער גאַסן, אַפֿריקאַנער שבֿט, אַמעריקאַנער בירגער, תּל־אָבֿיבֿער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, ווילנער שולהויף, וואַרשעווער חבֿרה, בוענאָס־אײַרעסער קהילה.

אַגבֿ זײַנען אָט די אַדיעקטיוון גלײַכצײַטיק אויך סובסטאַנטיוון (מע קען ניט זאָגן אַז זיי ווערן סובסטאַנטיווירט): דער אַמעריקאַנער איז געקומען, מיר באַגעגענען דעם אַמעריקאַנער; די ווילנער האָבן הײַנט אַן אָוונט, קענסטו ניט דעם ווילנער?

5. אַדיעקטיוון מיט צוויי אָדער מער טראָפֿן אין שטאַם וואָס זײַנען אַרײַן אין ייִדיש פֿון אַ סלאַוויש לשון אָדער מיט אַ סופֿיקס פֿון סלאַוויש, מיט אַן ־ע צום סוף פֿון שטאַם, האָבן אי די לאַנגע אי די קורצע פֿאָרעם און זײַנען אין אַלע פּרטים גלײַך צו אַדיעקטיוון פֿון גערמאַנישן און לשון־קודשן קאָמפּאָנענט. [אַן ערך ביזן סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען זיי ניט געווען פֿלעקסיוו, זיי האָבן ניט געהאַט קיין לאַנגע פֿאָרעם] דוגמאָות: ער איז אַ מאָדנער מענטש, דאָס מאָדנע אָנטאָן־זיך, די מאָדנע פֿאַרווײַלונג; עפּעס אַ תּמעוואַטער יונג, האָב ניט צו טאָן מיט דעם תּמעוואַטן יונג; די זאַך איז פּריקרע, אַ פּריקרער ענטפֿער, אויסקומען אַן דעם פּריקרען ענטפֿער.

6. יעדער פּאַרטיציפּ האָט דעם דין פֿון אַן אַדיעקטיוו אויך בנוגע דער לאַנגער און קורצער פֿאָרעם. דוגמאָות: די מוטער איז פֿאַרמאַטערט, לאָז אָפּרוען די פֿאַרמאַטערטע מוטער, ער איז צעוויטיקט, טרייסט דעם צעוויטיקטן חבֿר; דאָס קינד איז פֿאַרווײנט, נעם אויף די הענט דאָס פֿאַרווײנטע קינד, שפּיל זיך מיט דעם פֿאַרווײנטן קינד.

דאָס זעלביקע איז אויך בײַ גערונדיוון: דאָס וויינענדיקע קינד לאָזט ניט צו רו, גיב אַ שפּילכל דעם וויינענדיקן קינד, וואָס ביסטו אַזוי וויינענדיק? די רפֿואה איז אויסהיילנדיק, דער דאָקטער האָט פֿאַרשריבן אַן אויסהיילנדיקע רפֿואה.

7. עס קען זײַן אַן אונטערשייד אין באַטײַט צווישן דער קורצער און

דער לאַנגער פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו. דער חילוק אין באַטײַט קומט אויף, ווען מע האָט צו טאָן מיט אַזאַ אייגנשאַפֿט, וואָס זי קען זײַן אָדער צײַטווײַליק אָדער באַשטענדיק. אַזעלכע אייגנשאַפֿטן ווי: קראַנק, געזונט, רואיק, גליקלעך, געטרײַ, ריין, ברודיק, שיין, מיאוס, פֿרײַנדלעך און נאָך הונדערטער צו זיי — קענען זײַן אָפּהענגיק פֿון דער צײַט. האָט זיך בײַ זייערע אַדיעקטיוון אײַנגעשטעלט אַז ווען זיי קומען אין זאָץ ווי אַ טייל פֿון נאָמינאַלן פּרעדיקאַט, ווײַזט זייער קורצע פֿאָרעם אַז די אייגנשאַפֿט איז בלויז צײַטווײַליק, בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט דער צײַט פֿון איבערגעבן דעם ענין, און זייער לאַנגע פֿאָרעם ווײַזט אויף באַשטענדיקייט פֿון דער אייגנשאַפֿט. „די מאַמע איז קראַנק" — דאָס הייסט אַז איצט איז זי ניט געזונט, זי קען (וועט) ווערן געזונט שפּעטער (מאָרגן, אין אַ וואָך אַרום...); „די מאַמע איז אַ קראַנקע" — דאָס הייסט אַז זי איז באַשטענדיק אַ קראַנקע, לכל־הפּחות, אַ לענגערע צײַט אַ קראַנקע. „ער איז געווען פֿרײַנדלעך" — דערציילט אַז אין אַ באַשטימטער סיטואַציע איז דער בעל־דבֿר געווען פֿרײַנדלעך און דאָס באַטײַט נאָך ניט אַז ער האָט אַ טבֿע צו זײַן אַ פֿרײַנדלעכער מענטש; „ער איז געווען אַ פֿרײַנדלעכער" — גיט אונדז איבער אַז לויט זײַן נאַטור איז יענער געווען אַ פֿרײַנדלעכער.

דאָרטן וואו מע פֿילט ניט קיין נויטווענדיקייט צו מאַכן אַ סעמאַנטישן אונטערשייד צווישן דער קורצער און דער לאַנגער פֿאָרעם בלײַבן זיי גלײַכבאַטײַטיק. „דער הימל איז בלאָ" און „דער הימל איז אַ בלאָער" זאָגן אַבסאָלוט דאָס זעלביקע. אַזוי אויך „דער מעסער איז טעמפּ" און „דער מעסער איז אַ טעמפּער". ווען עס קומען צו אויסטײַטשונגען, אויפֿקלערונגען, איז מער ניטאָ קיין חילוק אין באַטײַט צווישן דער קורצער און דער לאַנגער פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו, למשל: „זינט דער טאַטע איז געשטאָרבן, איז די מאַמע קראַנק", „די מאַמע איז הײַנט אַ קראַנקע, קומט בעסער מאָרגן".

## ג. בייגונג פֿון אַדיעקטיוו

1. די בייגונג אָדער די דעקלינאַציע פֿון אַדיעקטיוו באַשטייט אין דעם וואָס צו זײַן שטאָם קומען צו ענדונגען, פֿלעקסיעס. די פֿלעקסיעס וואָס קומען צו זײַנען אָפּהענגיק פֿון דעם סובסטאַנטיוו וואָס צו אים ציט זיך דער אַדיעקטיוו. איז דער סובסטאַנטיוו אין מערצאָל מוז אויך דער אַדיעקטיוו זײַן אין מערצאָל, דאָס הייסט די פֿלעקסיע זײַנע מוז אָנווײַזן אויף דעם; געהערט דער סובסטאַנטיוו צו איינעם פֿון די דרײַ גראַמאַטישע מינים, מוז דער אַדיעקטיוו זיך צופּאַסן צו דעם געגעבענעם מין דורכן צוקריגן פֿלעקסיעס וואָס זײַנען פֿאַר דעם באַשטימט; דאָס אייגענע איז אויך בנוגע דעם בייגפֿאַל. געפֿינט זיך דער אַדיעקטיוו אונטער דרײַ פֿאָרמען פֿון אָפּהענגיקייט מצד דעם סובסטאַנטיוו. מיר זעען די דרײַ פֿאָרמען פֿון אָפּהענגיקייט בײַ אַלע דרײַ גראַמאַטישע מינים.

בײַם גייטראַלן מין שפּילט נאָך אַ ראָלע דער אַרטיקל, צי ער איז דער

באַשטימטער אָדער דער אומבאַשטימטער. עס איז אויך וויכטיק דער אָרט פֿון אַדיעקטיוו, צי ער קומט פֿאַר אָדער נאָך דעם סובסטאַנטיוו.

אין מערצאָל, דאָס הייסט ווען דער סובסטאַנטיוו איז אין מערצאָל, האָט דער אַדיעקטיוו וואָס ציט זיך צו אים נאָר איין פֿלעקסיע ־ע, אומאָפּהענגיק פֿון גראַמאַטישן מין און אומאָפּהענגיק פֿון דעם בייגפֿאַל: גוטע מענער, גוטע פֿרויען, גוטע קינדער, וועט ניט זײַן די רייד וועגן מערצאָל.

2. אָט איז די טאַבעלע פֿאַרן בייגן אַדיעקטיוון:

| | מענלעך | ווײַבלעך | נייטראַל |
|---|---|---|---|
| נאָמינאַטיוו | דער גוטער מאַן | די גוטע פֿרוי | דאָס גוטע קינד |
| אַקוזאַטיוו | דעם גוטן מאַן | די גוטע פֿרוי | דאָס גוטע קינד |
| דאַטיוו | דעם גוטן מאַן | דער גוטער פֿרוי | דעם גוטן קינד |

לאָמיר געדענקען: פֿאַר יעדן גראַמאַטישן מין זײַנען פֿאַראַן בלויז צוויי פֿאָרמען פֿאַר די דרײַ בייגפֿאַלן. פֿאַרן מענלעכן מין איז איין פֿאָרעם דער נאָמינאַטיוו, דער אַקוזאַטיוו און דער דאַטיוו האָבן אַ בשותּפֿישע פֿאָרעם; פֿאַרן ווײַבלעכן מין האָבן נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו די זעלביקע פֿאָרעם און דער דאַטיוו האָט אַן אַנדער פֿאָרעם; פֿאַרן נייטראַלן מין האָבן נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו די זעלביקע פֿאָרעם און דער דאַטיוו האָט די זעלביקע פֿאָרעם ווי בײַם מענלעכן מין.

בײַם מענלעכן און ווײַבלעכן מין בלײַבן די פֿלעקסיעס די זעלביקע, ווען אַנשטאָט דעם באַשטימטן אַרטיקל וועלן מיר אַוועקשטעלן דעם אומבאַשטימטן: אַ גוטער מאַן קומט אָן, אַ גוטע פֿרוי קומט אָן; איך זע אַ גוטן מאַן, איך זע אַ גוטע פֿרוי; איך גיב עפּעס אַ גוטן מאַן, איך גיב עפּעס אַ גוטער פֿרוי. די פֿלעקסיעס בלײַבן אויך אומעטום די זעלביקע, ווען דער אַדיעקטיוו קומט נאָכן סובסטאַנטיוו: אָט איז דער מאַן דער גוטער, אָט איז די פֿרוי די גוטע; איך זע דעם מאַן דעם גוטן, איך זע די פֿרוי די גוטע; איך גיב עפּעס דעם מאַן דעם גוטן, איך גיב עפּעס דער פֿרוי דער גוטער. אויך אין נייטראַלן מין מיטן באַשטימטן אַרטיקל קען מען אַוועקשטעלן דעם אַדיעקטיוו נאָכן סובסטאַנטיוו אָן שום שינוי אין די פֿלעקסיעס: אָט איז דאָס קינד דאָס גוטע, איך זע דאָס קינד דאָס גוטע, איך גיב עפּעס דעם קינד דעם גוטן.

3. אָט זײַנען די אַנדערשקייטן בײַם נייטראַלן מין:

| | דער אַדיעקטיוו איז פֿאַרן סובסטאַנטיוו | דער אַדיעקטיוו איז נאָכן סובסטאַנטיוו |
|---|---|---|
| נאָמינאַטיוו | אָט איז אַ גוט קינד | אָט איז אַ קינד אַ גוטס |
| אַקוזאַטיוו | איך זע אַ גוט קינד | איך זע אַ קינד אַ גוטס |
| דאַטיוו | איך גיי מיט אַ גוט קינד | איך גיי מיט אַ קינד אַ גוטס |

די פֿאָרעם בלײַבט דאָ די זעלביקע פֿאַר אַלע דרײַ בייגפֿאַלן. אויב עס

איז בכלל ניטאָ קיין אַרטיקל, איז עס גלײַך ווי עס וואָלט געווען דער אומ־באַשטימטער אַרטיקל: „גוט קינדעלע מײַנס‟, „מײַן קינדעלע מײַן גוטס‟.

4. בײַם בייגן אַדיעקטיוון זײַנען פֿאַראַן פֿינף פֿאַרשיידענע פֿלעקסיעס:

א) ־ע בײַ אַלע מערצאָלן; אין נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו בײַ אַדיעקטיוון וואָס ציִען זיך צו סובסטאַנטיוון פֿון ווײַבלעכן מין („עס קומט די גוטע חבֿרטע‟, „איך זע שוין די גוטע חבֿרטע‟); אין נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו בײַ אַדיעקטיוון וואָס ציִען זיך צו סובסטאַנטיוון פֿון נייטראַלן מין, אויב זיי קומען מיטן באַשטימטן אַרטיקל („עס קומט דאָס גוטע מיידעלע‟, „איך זע שוין דאָס גוטע מיידעלע‟).

ב) ־ער אין נאָמינאַטיוו פֿון אַן אַדיעקטיוו וואָס ציט זיך צו אַ סובסט־טאַנטיוו פֿון מענלעכן מין („דער גוטער חבֿר העלפֿט מיר‟); אין דאַטיוו פֿון אַן אַדיעקטיוו וואָס ציט זיך צו אַ סובסטאַנטיוו פֿון ווײַבלעכן מין („איך וואַרט אויף הילף פֿון דער גוטער חבֿרטע‟).

ג) ־ן, דער טראַפֿיקער נוןְ, אין אַקוזאַטיוו און דאַטיוו פֿון אַן אַדיעקטיוו וואָס ציט זיך צו אַ סובסטאַנטיוו פֿון מענלעכן מין („איך באַגעגן אַ גוטן פֿרײַנד‟, „איך גיב אַ מתּנה דעם גוטן פֿרײַנד‟); אין דאַטיוו בײַ אַדיעקטיוון וואָס ציִען זיך צו סובסטאַנטיוון פֿון נייטראַלן מין, אויב זיי קומען מיטן באַשטימטן אַרטיקל („איך גיב אַ צוקערקע דעם גוטן קינד‟).

וועגן די אַנדערע פֿאָרמען פֿון דער זעלביקער מאָרפֿעם זען פּונקט 5.

ד) ־ס אין אַלע בייגפֿאַלן בײַ אַדיעקטיוון וואָס ציִען זיך צו סובסטאַנ־טיוון פֿון נייטראַלן מין, אויב די אַדיעקטיוון קומען נאָך די סובסטאַנטיוון און האָבן פֿאַר זיך דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל („אַ קלייד אַ זײַדנס איז פּאַסיקער פֿאַר דער שׂמחה‟, „זי האָט געקויפֿט אַ קלייד אַ זײַדנס‟, „זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ קלייד אַ זײַדנס‟).

ה) די נול־פֿלעקסיע אָדער די נול־ענדונג. דאָ איז פֿאַראַן אַ גאַנצע ריי ענדונגען, און אויב אין איין פֿאַל איז קיין שום ענדונג ניטאָ, דינט דאָס פֿעלן פֿון דער ענדונג אויף אָנצוווײַזן אויף אַ קלאָרער באַזונדערקייט פֿון אַ פֿאָרעם. אין אַזאַ פֿאַל קומט אַרײַן דער באַגריף נול־ענדונג. ווערט פֿאָרמולירט אַזאַ כּלל: ווען דער אַדיעקטיוו שטייט פֿאַרן סובסטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין און מע ניצט דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל, האָט אַזאַ אַדיעקטיוו די נול־ענדונג („אַ זײַדן קלייד איז פּאַסיקער פֿאַר דער שׂמחה‟, „זי האָט געקויפֿט אַ זײַדן קלייד‟, „זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ זײַדן קלייד‟).

קיין ענדונג ־עם קען ניט זײַן בײַם בייגן אַדיעקטיוון.

5. ניט שטענדיק קען קומען דער טראַפֿיקער נון, אָנגעוויזן בײַ 4. עס קען אים פֿאַרבײַטן אַ פּשוטער נון, ־ען, ־עם און עס קענען זיך שאַפֿן נאָך באַזונדערקייטן. די מאָרפֿעם איז די זעלביקע, אָבער אָפּהענגיק פֿון אַדיעק־טיווישן שטאַם קען זי קריגן אַזעלכע דרײַ פֿאָרמען:

א) די ענדונג ־ען, ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ וואָקאַל, אַ

דיפֿטאָג, אויף אַ מם, למשל: אויפֿן בלאָען הימל, אין פֿריִען באַגינען, פֿון דעם רויען פֿלייש, מיט דעם געטרײַען חבֿר, נעמען אַ קרומען שטעקן, אין אַזאַ עקסטרעמען פֿאַל, באַגעגענען דעם פֿרומען ייִד(ן).

ב) די ענדונג ־עם, ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ נון, למשל: אין דעם שיינעם ברוינעם קליידל; מיט דעם קליינעם, גרינעם היטעלע. ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ טראַפֿיקן נון, קומט אַרײַן פֿאַר אים ־ע־, למשל: זײַדן — מיטן זײַדענעם טיכל, וואָלן — אָנטאָן אַ וואָלענעם מאַנטל, זעלטן — מקבל פּנים זײַן דעם זעלטענעם גאַסט, אָפּגעגעסן — נאָכן אָפּגע־געסענעם מיטאָג. דער ־ע־ קומט ניט אַרײַן, ווען דער אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף ־ערן: אײַזערן — מיט אַן אײַזערנעם שטאַנג, גלעזערן — אין דעם גלעזערנעם אַלמער. זיך מערקן דעם אַדיעקטיוו נײַ — אַרויסלייענען פֿון דעם נײַעם בוך, דעם אַדיעקטיוו גענוי — קען אויך זײַן מיט אַ גענויעם באַריכט.

עס קומט צו בלויז דער מם, ווען דער שטאַם פֿון אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף ־נע, למשל: געבן אַ מאָדנעם ענטפֿער, אין אַ סמוטנעם טאָג, איבער דעם כמורנעם הימל.

ג) די ענדונג ־ן וואָס איז ניט טראַפֿיק, ווען אַן אַדיעקטיווישער שטאַם איז אַרײַן אין ייִדיש פֿון אַ סלאַוויש לשון און ענדיקט זיך מיט אַן ־ע (זעה ב5), למשל: הערן דעם פֿריקרען ענטפֿער, דערפֿילן אַ טערפּקען טעם. אָבער ווען דער שטאַם פֿאַרמאָגט אַ סופֿיקס פֿון סלאַוויש, פֿאַלט דער סוף ־ע אַרויס און דער נון ווערט טראַפֿיק, למשל: שמועסן מיטן תּמעוואַטן יונג, גיין מיט אַ סוקעוואַטן (סענקאַטן) שטעקן, געבן עפּעס דעם האַרבאַטן בעטלער, אויסמײַדן דעם פּיסקאַטן שכן.

6. ווען דער שטאַם פֿון אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף אַ טראַפֿיקן ל מ ד, קומט צו די געוויינטלעכע נון־ענדונג (זעה 4ג), אָבער פֿאַרן למד קומט אַרײַן ־ע־, למשל: איידל — זיך טרעפֿן מיטן איידעלן פֿרײַנד, נאָבל — באַוואונדערן דעם נאָבעלן אויפֿטו, וואָלוול — באַצאָלן אַ וואָלוועלן פּרײַז, שפּל — אַ רחמנות אויפֿן שפּלן [שאָפֿעלן] אָרעמאַן, טאָפּל — אין אַ טאָפּעלן חשבון.

7. ווען דער אַדיעקטיוו קומט אָן אַ סובסטאַנטיוו, ער פֿאַרבײַט אַ סובסטאַנטיוו, ווערט סובסטאַנטיווירט, בייגט ער זיך ווי אַן אַדיעקטיוו. לדוגמא: דער קראַנקער איז שוין אין שפּיטאָל, די קראַנקע איז שוין געזונט געוואָרן, דאָס קראַנקע דאַרף געהיילט ווערן; באַזוכן דעם קראַנקן, היילן די קראַנקע, ניט פֿאַרזען אַלדאָס קראַנקע; פֿאַדען אַרום דעם קראַנקן, געבן דער קראַנקער די מעדיצין; קעגן דעם קראַנקן אין דער געזעלשאַפֿט.

דער כּלל נעמט שוין אַרום די ווערטער פֿאַר אַבסטראַקטע באַגריפֿן וואָס זײַנען סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פֿון נייטראַלן מין: דאָס גוטע, דאָס שיינע, דאָס דערהויבענע, דאָס פֿאַרפֿאַלענע און אַזוי ווײַטער. זייער דאַטיוו איז: פֿאַרבינדן זיך מיט דעם גוטן אין דער וועלט, זיך בייגן פֿאַר דעם שיינעם און פֿאַר דעם דערהויבענעם, פֿון דעם פֿאַרפֿאַלענעם וועט קיין רוח ניט אַרויס־

קומען. דער זעלביקער כּלל נעמט אויך אַרום די סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פֿון נייטראַלן מין אויף ־ס. די דוגמאָות זײַנען שפּריכווערטער: „אויף גוטס איז איטלעכער אַ מבֿין", „אַז מע היט אָפּ פֿרעמדס, קומט מען צו אייגנס", „צו בעסערס איז גאָר קיין שיעור ניטאָ", „אויף נידעריקס טרעט מען".

8. דער פּאָסעסיוו פֿון סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון האָט די געוויינטלעכע ענדונג ־ס און זי קומט צו צו דער פֿאָרעם פֿון דאַטיוו. דוגמאָות: דעם קראַנקנס טעמפּעראַטור, דער קראַנקערס טעמפּעראַטור; דעם אַנטלאָפֿענעמס פֿאַרמעגן, דער אַנטלאָפֿענערס פֿאַרמעגן, נאָך דעם אַנטלאָפֿענעמס צוריקקומען.

## ד. קאָמפּאַראַטיוו און סופּערלאַטיוו

1. אַ גרונטשטריך פֿון אַדיעקטיוו איז זײַן פֿעאיקייט צו האָבן פֿאַרגלײַכגראַדן. די רייד דאַרף זײַן בלויז וועגן צוויי פֿאַרגלײַכגראַדן: דעם קאָמפּאַראַטיוו און דעם סופּערלאַטיוו; דעם שטאַם גופֿא איז ניט נייטיק אַרײַנצורעכענען צווישן די פֿאַרגלײַכגראַדן ווי אַ מין יסוד־גראַד.

קלאָר אַז אַדיעקטיוון וואָס גיבן איבער אַן אייגנשאַפֿט קענען האָבן פֿאַרגלײַכגראַדן, ווי: ריין — ריינער, ריינסטער; רײַך — רײַכער, רײַכסטער; אָרעם — אָרעמער, אָרעמסטער; פּאַסקודנע — פּאַסקודנער, פּאַסקודנעסטער; מסוכּן — מסוכּנער, מסוכּנסטער. טעאָרעטיש גענומען און פֿון אַ סעמאַנטישן שטאַנדפּונקט קען יעדער אַדיעקטיוו האָבן אי דעם קאָמפּאַראַטיוו אי דעם סופּערלאַטיוו. איין קאָליר קען זײַן בלאָ, אָבער אַן אַנדער קאָליר קען אין פֿאַרגלײַך מיט דער בלאָקייט וואָס ווערט אָנגענומען ווי אַ יסוד זײַן בלאָער און נאָך אַן אַנדער קאָליר קען זײַן דער בלאָסטער („עס איז דער בלאָסטער הימל וואָס איך האָב אַמאָל געזען", שאַגאַלס בלאָסטע פֿאַרבן). ווען עמעצער האָט אַ סך פֿלייש קען מען זאָגן אַז ער איז אַ פֿליישיקער, קען אַ צווייטער זײַן אַ פֿליישיקערער און אַ דריטער דער פֿליישיקסטער צווישן זיי. איינער קען זײַן אײַנגעעקשנט, דער צווייטער אײַנגעעקשנטער און דער דריטער דער אײַנגעעקשנטסטער. וואו דער פּאָטענציאַל פֿון עלעקטרע איז העכער, קען מען זאָגן אַז דאָרטן איז עלעקטרישער. אויב מע לעבט שוין אין דער אַטאָמישער תּקופֿה, וועלן אונדזערע אייניקלעך לעבן נאָך אין אַטאָמישערע צײַטן.

2. עס האַלט זיך אין איין פֿאַרשפּרייטן דאָס פֿרײַערע ניצן די פֿאַרגלײַכגראַדן. אויך אַדיעקטיוון פֿון שטאָפֿנעמען קענען אין באַשטימטע סיטואַציעס קריגן די פֿאַרגלײַכגראַדן. אָט איז אַ זײַדן (אַ וואָלן) קלייד, אָבער אַ צווייט קלייד קען זײַן זײַדענער (וואָלענער), ווײַל דער פּראָצענט זײַד (וואָל) איז דאָרטן גרעסער, און אַ דריט קלייד קען זײַן דאָס זײַדנסטע (וואָלנסטע), ווײַל עס איז פֿון הונדערט פּראָצענט זײַד (וואָל).

אַפֿילו בײַ אַדיעקטיוון פֿון נעמען פֿון לענדער און שטעט קענען אויפֿקומען די פֿאַרגלײַכגראַדן (אַ ביסל שפּאַסיק). דוגמאָות: „איך בין מער

אַמעריקאַנער ווי דו, איך בין אַהער געקומען נאָך אַ קינד; ער איז דער סאַמע אַמעריקאַנער צווישן אונדז, ער איז דאָ געבוירן געוואָרן"; „ער איז מער וואַרשעווער, ער קען אַלע גאַסן און געסלעך", „ער איז דער סאַמע וואַרשעווער, די משפּחה זײַנע איז אַ וואַרשעווער פֿון דור־דורות". דאָ, מיטן סופֿיקס ־ער, מוז מען אָנקומען צו די אַנאַליטישע פֿאַרגלײַכגראַדן (זען ווײַטערדיקן פּונקט), אָבער בײַ אַן אַנדער סופֿיקס גילט אויך די סינטעטישע פֿאָרעם: דער אַמעריקאַנישסטער, דער ווילנערישסטער.

3. ייִדיש פֿאַרמאָגט צוויי אופֿנים צו שאַפֿן די פֿאַרגלײַכגראַדן: דעם סינטעטישן און דעם אַנאַליטישן אופֿן. דער סינטעטישער אופֿן איז מיט דער הילף פֿון סופֿיקסן, ־ער פֿאַרן קאָמפּאַראַטיוו און ־סט־ פֿאַרן סופּערלאַטיוו; דער אַנאַליטישער אופֿן איז מיט דער הילף פֿון צוגאָב־ווערטער, מער פֿאַרן קאָמפּאַראַטיוו און סאַמע פֿאַרן סופּערלאַטיוו. דער אַנאַליטישער אופֿן איז פֿרײַער ווי דער סינטעטישער, מע ניצט אים אויך דאָרטן וואו דער סינטעטישער איז צו האַמעטנע, אומבאַקוועם. די אַדיעקטיוון וואָס זײַנען דערמאָנט אין פֿריִערדיקן פּונקט קענען אַלע שאַפֿן זייערע פֿאַר־גלײַכגראַדן אַנאַליטיש און ניט אַלע קענען עס טאָן אויף אַ סינטעטישן אופֿן. עס איז אַ סך גלײַכער צו ניצן די אַנאַליטישע פֿאַרגלײַכגראַדן בײַ אַדיעק־טיוון פֿון נעמען פֿון שטאָפֿן: דער סאַמע בריליאַנטענער קאָפּ, דאָס מער וואָלענע קלייד, די סאַמע אײַזערנע פֿעסטונג, דער מער גלעזערנער פֿאַסאַד.

ווען דער אַדיעקטיוו איז אַ לאַנגער, איז תּמיד כּדאַי צו ניצן די אַנאַלי־טישע פֿאַרגלײַכגראַדן, ניט די סינטעטישע. דוגמאָות: דער סאַמע (דער מער) אוהבֿ־ישׂראלדיקער רבי, די מער (די סאַמע) אַהבֿת־ישׂראלדיקע שיטה, דער מער הכּל־יכולדיקער אינזשינער (הגם עס איז מעגלעך: דער הכּל־יכולדיקסטער), די מער (די סאַמע) אומאויסמײַדלעכע סכּנה (הגם עס איז מעגלעך: אַן אומאויסמײַדלעכערע, די אומאויסמײַדלעכסטע).

צוליב דעם אַרויסרעדן באַקוועמער קומט אויס צו ניצן דעם אַנאַלי־טישן סופּערלאַטיוו פֿון די אַדיעקטיוון וואָס ענדיקן זיך אויף ־ס ט: דער סאַמע וויסטער, דער סאַמע פּראָסטער, אָבער דעם קאָמפּאַראַטיוו איז באַ־קוועם: אַ וויסטערע מדינה, אַ פּראָסטערער מענטש. אויך די פֿיר אַדיעק־טיוון: איבערשטער, אונטערשטער, פֿאָדערשטער, הינטערשטער קענען האָבן בלויז אַנאַליטישע פֿאַרגלײַכגראַדן.

4. ייִדיש האָט אַרײַנגענומען פֿון לשון־קודש דעם פּרעפֿיקס שבֿ־ און עס האָט זיך געשאַפֿן אַ פּעריפֿראַסטישע פֿאָרעם פֿאַרן סופּערלאַטיוו: קלוג־שבֿקלוג, נאַריש־שבֿנאַריש, אָרעם־שבֿאָרעם, ערלעך־שבֿערלעך און ענלעכס.

5. געוויינטלעך זײַנען בײדע פֿאַרגלײַכגראַדן פֿאַרלעך וואָס קומען צוזאַמען. אָבער עס זײַנען פֿאַראַן עטלעכע באַזונדערקייטן. עס קען אויך זײַן אַ פֿאָרעם פֿון אַ פֿאַרגלײַכגראַד אָן דעם יסוד פֿאַר דעם. בילכער איז נאָר אין קאָמפּאַראַטיוו און עס פֿעלט אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש אי דער יסוד אי דער סופּערלאַטיוו. קעקער [חשובֿער, העכערדיקער] איז אויך נאָר אין

קאָמפּאַראַטיוו. דער מינדסטער איז נאָר אין סופּערלאַטיוו, מינער קען מען באַטראַכטן ווי אַ ניט־כּלליקע פֿאָרעם פֿון קאָמפּאַראַטיוו. ווייניק און מער זײַנען אומדעקלינירלעכע אַדיעקטיוון, אָבער זייערע קאָמפּאַראַטיוון ווייניקער און מערער זײַנען גלײַך צו אַלע געוויינטלעכע קאָמפּאַראַטיוון; אַזוי זײַנען אויך זייערע סופּערלאַטיוון: אין די מערסטע פֿאַלן, מיטן ווייניקסטן דערפֿאָלג.

6. קאָמפּאַראַטיוון און סופּערלאַטיוון בייגן זיך אַזוי ווי אַדיעקטיוון פֿון זייער יסוד. דער סופּערלאַטיוו קען האָבן בלויז די לאַנגע פֿאָרעם, קומט מיט דעם באַשטימטן אַרטיקל. דוגמאָות: מיטן גרעסערן חלק, מיט דער גרעסטער מערהייט; אויף אַ באַשיידענערן אופֿן, מיט אַ באַשיידענערער סומע; דאָס טײַערסטע מעבל, די ווײַטערע קרובֿה, דער גראַטנסטער קבלת־פּנים.

7. בײַם שאַפֿן די פֿאַרגלײַכגראַדן בײַ אַ צאָל אַדיעקטיוון קומט פֿאָר אַן איבערקלאַנג אין אַקצענטירטן וואָקאַל פֿון שטאַם:

א) פֿון [אַ] אין [ע] בײַ די אַדיעקטיוון: אַלט — עלטער, עלטסטער; קאַלט — קעלטער, קעלטסטער; לאַנג — לענגער, לענגסטער; אַרג — ערגער, ערגסטער.

ב) פֿון [אָ] אין [ע] בײַ די אַדיעקטיוון: נאָענט — נעענטער, נעענטסטער; גראָב — גרעבער, גרעבסטער; קלאָר — קלערער, קלערסטער; שמאָל — שמעלער, שמעלסטער; חשובֿ — חשובֿער [׳כעשעווער׳ און כאָשעווער], חשובֿסטער [׳כאָשעווסטער׳], אָפּט — עפּטער (אויך אָפּטער), אָפּטסטער; וואָלוול — וועלוועלער, וואָלוולסטער.

גרעבער, קלערער, שמעלער — וועגן קאָנקרעטע אייגנשאַפֿטן: „ער פֿרעסט צו פֿיל און ווערט אַלץ גרעבער“; „דער מעד (דער ווײַן) דאַרף שטיין לענגער אין קעלער און וועט ווערן קלערער“; „דאָס קליידל דאַרף ווערן שמעלער“. גראָבער, קלאָרער, שמאָלער — וועגן אַבסטראַקטע אייגנשאַפֿטן: „ער איז שטענדיק געווען ניט געַנוג איידל, איצט איז ער נאָך גראָבער“; „זײַן געדאַנק ווערט איצט אויסגעדריקט פּרעציזער, קלאָרער“; „זײַן באַנעם ווערט שמאָלער, זײַן האָריזאָנט מער אײַנגעענגט“. פֿאַרשטייט זיך אַז דאָס זעלביקע איז שייך צו די סופּערלאַטיוון.

ג) פֿון [ו] אין [י] בײַ די אַדיעקטיוון: געזונט — געזינטער, געזינטסטער; יונג — ייִנגער, ייִנגסטער; קלוג — קליגער, קליגסטער, פֿרום — פֿרימער, פֿרימסטער; קורץ — קירצער, קירצסטער; טונקל — טינקעלער, טינקלסטער (אויך: טונקעלער, טונקלסטער); קרום — קרימער, קרימסטער (אויך: קרומער, קרומסטער). ווען מע האָט צו טאָן מיט אַן אַבסטראַקטער אייגנשאַפֿט, דאַרף זײַן טונקעלער, קרומער: „דעם שרײַבערס סטיל איז געוואָרן טונקעלער און זײַנע מאָטיווירונגען קרומערע“.

זיך מערקן אַז דער דיפֿטאָנג וי בלײַבט בײַ די פֿאַרגלײַכגראַדן אָן אַן איבערקלאַנג, למשל: וואויל — וואוילער, וואוילסטער; רוי — רויער, רויסטער;

רויט — רויטער, רויטסטער; קויטיק — קויטיקער, קויטיקסטער; ברוגז — ברוגזער, ברוגזסטער.

8. אַט די אַדיעקטיוון שאַפֿן זייערע פֿאַרגלײַכגראַדן ווי יוצאים־מן־הכּלל:

גוט — בעסער, בעסטער; שלעכט — ערגער, ערגסטער; גרויס — גרעסער, גרעסטער; הויך — העכער, העכסטער; קליין — קלענער, קלענסטער; שיין — שענער, שענסטער.

9. בײַם שאַפֿן דעם קאָמפּאַראַטיוו פֿון אַדיעקטיוון אויף די טראַפּיקע למד און נון, פֿאַרלירן זיי זייער טראַפּיקייט, ווײַל זיי באַגעגענען זיך מיטן וואָקאַל ע פֿון דעם סופֿיקס: איידל — איידעלער, וואָלוול — וועלוועלער; געראָטן — געראָטענער, באַלויכטן — באַלויכטענער.

ווען דער שטאַם פֿון אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף ־ע, קומט צו צום קאָמפּאַראַטיוו בלויז ־ר: מאָדנע — מאָדנער, פּאַראַדנע — פּאַראַדנער, בידנע — בידנער, תּמעוואַטע — תּמעוואַטער.

דער קאָמפּאַראַטיוו פֿון משוגענער איז משוגענער: „זי איז אַ גענוג משוגענע, אָבער איר שוועסטער איז נאָך משוגענער".

דער סופּערלאַטיוו פֿון אַדיעקטיוון וואָס ענדיקן זיך אויף ־ס קריגט צו בלויז ־ט־: דער זיסטער האָניק, די ווײַסטע וואַנט, די מיאוסטע אויפֿפֿירונג. קלאָר אַז דאָ איז גלײַכער דער אַנאַליטישער אופֿן.

עס טרעפֿט זיך אַז די זייער אָפֿטע אַדיעקטיוון גרויס, גאַנץ, האַלב זאָלן זיך ניט בייגן, און דאָס איז אינגאַנצן קאָרעקט. דוגמאות: רעדן מיט גרויס חוצפּה, מיט גרויס דרך־ארץ, וואַרטן אויף גרויס טאָג; אַ גאַנץ ווינטער זיצן אין שטוב, פֿאַרנעמען אַ גאַנץ צײַטונג מיט עפּעס, קומען מיט גאַנץ כּאַליאַסטרע; די האַלב ווילנע איז דאָ געווען, פֿאַרלירן אַ האַלב חדר, מיט אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק.

10. נאָכן קאָמפּאַראַטיוו קומען די פּרעפּאָזיציעס פֿ ו ן און פֿ אַ ר אָדער די קאָניונקציעס ו ו י און א י י ד ע ר: קליגער פֿון אים, שענער פֿאַר די חבֿרטעס, וויכטיקער ווי די אַנדערע פֿאַרשטייערס, דער וועג איז געפֿערלעכער איידער אַלע אַנדערע. נאָכן סופּערלאַטיוו קומען די פּרעפּאָזיציעס פֿ ו ן און צ ו ו י ש ן און אויך פֿ ו ן צ ו ו י ש ן: דער געראָטנסטער פֿון אַלע תּלמידים, דער שטאַרקסטער צווישן דער חבֿרה, דער העכסטער פֿון צווישן אַלע בערג.

11. דער קאָמפּאַראַטיוו ע ל ט ע ר האָט צוויי באַטײַטן: מער ווי אַלט און ווייניקער ווי אַלט. לדוגמא:

„מײַן פֿאָטער איז שוין אַלט און מײַן פֿעטער, זײַן ברודער, איז נאָך עלטער";
„מײַן פֿאָטער איז דער מיטלסטער צווישן זײַנע ברידער, איינער פֿון מײַנע פֿעטערס איז שוין אַן אַלטער מאַן און דער מיזיניק אין דער משפּחה איז נאָך אין זײַנע עלטערע יאָרן, אַ יאָר צען ייִנגער פֿון מײַן פֿאָטער"; „די עוולה איז

קעגן די עלטערע מענטשן פֿון אַ יאָר זעכציק, וואָס זיי איז שווער צו קריגן אַרבעט".

## ה. דער אוניווערסאַלער אַדיעקטיווישער סופֿיקס ־יק (־דיק)

1. ווען סופֿיקסן צו שאַפֿן אַדיעקטיוון זען ענין ו. דאָ איז די רייד בלויז וועגן איין סופֿיקס וואָס איז גוואַלדיק פּראָדוקטיוו, וואָס שאַפֿט אַדיעקטיוון אין די טויזנטער און וואָס וועגן אים קומט אויס צו רעדן מער בפּרוטרוט. דאָס איז דער סופֿיקס ־יק אָדער ־דיק, איין סופֿיקס, איין מאָרפֿעם אין צוויי פֿאָרמען. פֿאַראַן אַ צאָל פּאַראַלעלע פֿאָרמען און זיי ביידע האָבן דעם זעלביקן באַטײַט. דער באַטײַט פֿון דעם אוניווערסאַלן סופֿיקס איז: וואָס איז פֿון, האָט די אייגנשאַפֿט פֿון, איז שייך צו, וואָס איז ווי.

2. ־יק קומט צו, ווען דאָס יסוד־וואָרט איז איינטראַפֿיק אָדער האָט דעם אַקצענט אויפֿן לעצטן טראַף. דוגמאָות: מילכיק, פֿליישיק, ביניק, שטייניק, באַרגיק, קאַנטיק, רוישיק, יאָריק, צײַטיק; איצטיק, הײַנטיק, צוויאיק, צווייטיק, דערוויַליק, פֿאַרנאַ׳כטיק, אויבנאויי׳פֿיק, מעבֿר־לי׳מיק, טוטוויי׳איק, טאָג־אײַ׳ן־טאָג־אוי׳סיק, נאָכאַנאַ׳נדיק, פֿאַרזי׳כיק [וואָס ווערט געטאָן פֿאַר זי׳ך, צוליבן אייגענעם נוצן]; תּהומיק, סמ׳יק, מעת־לעתיק, רעשיק [׳ראַשיק].

3. ־יק קומט אויך צו, ווען אין אָנהייב איז דאָ נאָך אַ טייל, ווען דער יסוד־טייל פֿון צונויפֿהעפֿט איז איינטראַפֿיק. דוגמאָות: איי׳נזילביק, צוויי׳־טראַפֿיק, דרײַ׳עקיק, פֿי׳רפֿיסיק, פֿי׳למאָליק, די׳־וועלטיק, יע׳נע־וועלטיק, גאָ׳לדלאָקיק, פֿרי׳מדשפּראַכיק, מי׳נערווערטיק, היי׳סבלוטיק, בלאָ׳אויגיק, רוי׳טבאַקיק, שוואַ׳רצהאָריק, גו׳טהאַרציק.

4. ־יק איז פּאַראַלעל צו ־דיק, ווען דער סופֿיקס קומט צו צו אַ צווייטראַפֿיקן שטאַם מיטן אומאַקצענטירטן ־ער צום סוף. דוגמאָות: וואַסער — וואָסעריק און וואַסערדיק, פֿײַער — פֿײַעריק און פֿײַערדיק, טרויער — טרויעריק און טרויערדיק, ציטער — ציטעריק און ציטערדיק, געדויער — געדויעריק און געדויערדיק. אָבער אַזוינס איז נאָר אין אַ צאָל פֿאַלן. פֿון הונגער איז בלויז הונגעריק.

ווײַל עס ווערט אָפּגעהיט דער כּלל פֿון פּונקט 2 ווערן ס׳רובֿ אַדיעקטיוון געשאַפֿן ניט מיט ־יק, נאָר מיט ־דיק: ווינטערדיק, אייטערדיק, וואונדערדיק, געפֿילדערדיק, זשאַווערדיק, מעסערדיק, לעכערדיק, ביינערדיק, ציינערדיק.

5. מע ניצט די פֿאָרעם ־יק, אַנשטאָט און פּאַראַלעל צו ־דיק, ווען דער שטאַם פֿון סובסטאַנטיוו ענדיקט זיך אויפֿן ניט־אַקצענטירטן קלאַנג ע. דוגמאָות: אַנשטאָט כוואַליעדיק — כוואַליק, סלינעדיק — סליניק, כמאַרעדיק — כמאַריק, סטרונעדיק — סטרוניק, פּליאַמעדיק — פּליאַמיק.

עס ווערט דאָ אָפּגעגעבן די בכוֹרה דער קירצערער פֿאָרעם. אָבער אין ווערטער פֿון לשון־קודש דאַרף פֿאַרבלײַבן דער פֿולער שטאַם: בהמה —

בּתמהדיק, לבֿנה — לבֿנהדיק, צרה — צרהדיק, חרטה — חרטהדיק, במילא — במילאדיק. אין דער פּאַטעטישער שפּראַך האָט זיך אײַנגעפּעסטיקט לבֿנ׳יק.

6. אַ גאַר גרויסע צאָל אַדיעקטיוון אויף ־יק שאַפֿן זיך פֿון ווערבאַלע שטאַמען. נעאָלאָגיזמען פֿון דעם שניט האָבן זיך שטאַרק געמערט במשך פֿון די לעצטע 50—60 יאָר. דער באַטײַט איז: וואָס מע קען טאָן (לויטן שטאַם פֿון ווערב), וואָס האָט די טבֿע צו. דוגמאָות: בײַסיק, ברעניק, ברויזיק, גיסיק, זינגיק, טריפֿיק, יויריק, לויפֿיק, פּליסיק, קריכיק, רײַסיק, שווימיק, שטייאיק, שיפֿיק, שרעקיק.

ווען עס קומען צו ווערבאַלע פּרעפֿיקסן און קאָנווערבן, פֿאַרבלײַבט די זעלביקע סיסטעם: באַגעריק, באַטרעפֿיק, באַשרײַביק, דערפֿרייאיק, פֿאַר־געביק, צעברעכיק; אויפֿגייאיק, אונטערוויסיק, איבערצײַגיק, אײַנשטימיק, אָנזעאיק, אָפּשטויסיק, אַרומנעמיק, אַרײַננעמיק, נאָכגעביק, צוזאָגיק.

7. ווען דער סופֿיקס ־יק (און ־דיק, ווען ־יק איז ניט מעגלעך) קומט צו צו אַן אַדיעקטיווישן שטאַם, באַטײַט ער אַ פֿאַרמינערונג פֿון דער אייגנ־שאַפֿט. גלאַטיק איז ווייניקער גלאַט אײדער גלאַט אָן דעם סופֿיקס. אַזוי אויך: מידיק, אומזיסטיק, גערעכטיק; ייִנגלשדיק, היימישדיק, טײַוולשדיק.

8. ווען דער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ ט, קומט דער סופֿיקס ־יק, כאָטש עס וואָלט געדאַרפֿט זײַן ־דיק [צו פֿאַרגרינגערן דאָס אַרויסרעדן]. דוגמאָות: אומעט — אומעטיק, צוקונפֿט — צוקונפֿטיק, סאַמעט — סאַמעטיק, דימענט — דימענטיק, טשאָלנט — טשאָלנטיק.

9. ווען דער אַדווערביאַלער יסוד ענדיקט זיך אויף אַ ־ן, פֿאַלט ער אַרויס און מע ניצט ־יק. דוגמאָות: פֿאַראַכטאָגן — פֿאַראַכטאָגיק, פֿאַראַיאָרן — פֿאַראַיאָריק, פֿאַרצײַטן — פֿאַרצײַטיק, פֿאַר־צוויי־וואָכן — פֿאַרצוויי־וואָכיק, צומערשטן — צומערשטיק. אַזוי אויך פֿון: נעכטן — נעכטיק, פֿרימאָרגן — פֿרימאָרגיק [וואָלקיק פֿון וואָלקן איז אַ טעות].

10. אין אַלע אַנדערע פֿאַלן, חוץ די וואָס זײַנען אָנגעוויזן בײַ די פּונקטן 2—9, קומט די פֿאָרעם פֿון סופֿיקס ־דיק. די צאָלן פֿון אַזעלכע אַדיעקטיוון איז אין־לשער גרעסער ווי די אַדיעקטיוון אויף ־יק. דוגמאָות: רעגנבויגנדיק, וואָלקנדיק, קרומרוקנדיק; פֿליגלדיק, קליינקעפּלדיק, שלענגל־דיק; בוזעמדיק, שטורעמדיק, ליאַרעמדיק; מאַמעדיק, מוראדיק, צרהדיק, בטבֿעדיק; אַאַזיסדיק, באַזיסדיק, מיטאָסדיק, צימעסדיק; קאַטאַוועסדיק, שמועסדיק; לאַקרעצדיק, גרענעצדיק, אין־ניוועצדיק; שאָלעכצדיק, טייגעכצ־דיק, שפּײַעכצדיק; פֿרילינגדיק, העריגנדיק, זונטיקדיק; צו־להכעיסדיק, פֿונ׳־זיכדיק, פֿאַ׳רזיכדיק, [פֿאַ׳ר זיך, זעלבשטענדיק, ביט־אָפּהענגיק].

11. כּמעט אַלע ווערטער פֿון לשון־קודש האָבן דעם אַקצענט ניט אויפֿן לעצטן טראַף, נאָר אויפֿן פֿאַרלעצטן. דעריבער זײַנען דאָ אַזוי פֿיל הונדער־טער ווערטער וואָס שאַפֿן זייער אַדיעקטיוו מיט ־דיק. זאָלן די דוגמאָות קומען לויטן אַלף־בית: אַגבֿדיק, בראשיתדיק, גן־עדנדיק, דבֿקותדיק, הבל־הבֿלימ־דיק, ווּתרנותדיק, זמירותדיק, חמצדיק, טינופֿדיק, יום־טובֿדיק, כּישופֿדיק,

לאָ־יוצלחדיק, מיושבֿדיק, נצחונדיק, ספֿקדיק, עבֿרידיק, פּלפּולדיק, ציונדיק, קשה־עורפֿדיק, רחבֿותדיק, שבתדיק, שׂכלדיק, תּאוותדיק.

## ז. די אַנדערע אַדיעקטיווישע סופֿיקסן

1. גלײַך נאָך ־יק (־דיק) איז דער סאַמע אָפֿטער אַדיעקטיווישער סופֿיקס ־יש. זײַן באַטײַט: וואָס איז בײַ אָדער וואָס איז פֿון (מיט). פּריציש באַטײַט: וואָס איז ווי בײַ אַ פּריץ, וואָס איז אויף אַ פּריצישן אופֿן. פּויעריש באַטײַט: וואָס איז ווי בײַ אַ פּויער, וואָס איז אויף אַ פּויערישן אופֿן. האַרמאָניש באַטײַט: וואָס איז מיט האַרמאָניע, וואָס האָט אין זיך האַרמאָניע. פּעריאָדיש באַטײַט: וואָס איז פֿון פּעריאָד צו פּעריאָד. דער ־יש קען אָפֿט מיטברענגען בײדע באַטײַטן, אַזוי למשל באַטײַט מלמדיש: וואָס איז ווי בײַ אַ מלמד און וואָס איז פֿון אַ מלמד; שטיפֿעריש באַטײַט: וואָס איז ווי בײַ אַ שטיפֿער און וואָס איז פֿון אַ שטיפֿער. ווען דער אַדיעקטיוו קען האָבן נאָך אַן אַנדער סופֿיקס, איז דער באַטײַט פֿון ־יש בלויז: וואָס איז ווי בײַ. אַזוי באַטײַט מיטלעלטעריש בלויז וואָס איז ווי אין מיטלעלטער, בעת מיטלעלטערלעך באַטײַט וואָס איז פֿון, אין דער צײַט פֿון מיטלעלטער; רעדן מיר וועגן מיטלעלטערלעע שלעסער אין די יאָרהונדערטער פֿון מיטלעלטער און מיטלעלטערישע שלעסער, וואָס מע האָט זיי אויפֿגעבויט גאָר אין אַ שפּעטערער צײַט אויפֿן מוסטער, אויפֿן שטייגער פֿון מיטלעלטער. אַזוי אויך: אַמעריקאַנער פּראָדוקציע און אַמעריקאַנישע, ווי אין אַמעריקע. דאָ איז פֿאַראַן אַן אינטערעסאַנטע באַרײַכערונג פֿון ניואַנסן.

פֿאַראַן נאָך אַ דינערער מיטל צו ניואַנסירן בײַ דעם זעלביקן סופֿיקס: ווײַבעריש הייסט וואָס איז ווי בײַ ווײַבער, אָן אָנצוהערעניש אויף עפּעס פּעיאָראַטיווס, און ווײַביש הייסט וואָס איז ווי בײַ אַ ווײַב. ווי בײַ אַ פֿרוי, אָבער מיט אַ בײַטעם פֿון ביטול. אַזוי אויך קינדעריש און קינדיש. דאָס איז אפֿשר באַווירקט פֿון אַזעלכע אַדיעקטיוון ווי: בעריש טובֿה, הינטיש לעבן, יאָלדישער ענטפֿער, דאָרפֿישע פֿירונגען, מאָדיש מיט בײַטעם פֿון ביטול לגבי מאָדערן. ס'איז כאַראַקטעריסטיש וואָס אין דער פֿרומער וועלט האָט מען גענוצט וועלטיש אַנשטאָט וועלטלעך. אָבער אין דעם עצם סופֿיקס איז געווײנטלעך ניטאָ קיין שום אָנצוהערעניש אויף נעגאַטיווס, ווי מע זעט עס בײַ: גבֿיריש, נגידיש, יתומיש, גופֿיש, סוחריש, חסידיש, שטאָטיש, אינטעליגענטיש, פֿרויאיש, ייִדישע מנהגים.

ווען דער סובסטאַנטיווישער יסוד פֿון דעם אַדיעקטיוו ענדיקט זיך אויף דעם קלאַנג ע, פֿאַלט ער אַרויס בײַם אַדיעקטיוו: סצענע — סצעניש, היסטאָריע — היסטאָריש, מלוכה — מלוכיש, בעל־מלאָכה — בעל־מלאָכיש. פֿאַראַן פֿאַלן ווען עס איז ריכטיק צו לאָזן די ה צום סוף פֿון אַ העברעאיזם, כּדי צו פֿאַרגרינגערן דעם לייענער, ער זאָל גיכער אויפֿכאַפּן דאָס וואָרט, למשל: בּריהש, לבֿנהש, אַבֿעיהש, כּפּרהש, כּפֿירהש, בּכורהש. און אַוודאַי קענען ניט קומען קיין צוויי יודן נאָך דער ריי, בכן אַפּריאָרי — אַפּריאָריש.

אין אינטערנאַציאָנאַליזמען קומען דאָ פֿאָר הן קירצונגען הן אויסברייטערונגען לגבי דעם סובסטאַנטיוו, למשל: לאָגיק — לאָגיש, גראַמאַטיק — גראַמאַטיש, פּאָליטיק — פּאָליטיש; כאַאָס — כאַאָטיש, עליפּס — עלפּטיש, סיסטעם — סיסטעמאַטיש, פּראָלעטאַריער — פּראָלעטאַריש, לעגענדע — לעגענדאַריש. דאָס ווייַזט נאָר אַז ייִדיש האָט פּאַרטיקערהייט גענומען אי דעם סובסטאַנטיוו אי דעם אַדיעקטיוו.

די זעלביקע מאָרפֿעם האָט נאָך אַ פֿאָרעם: ש. מיר טרעפֿן זי, ווען דער סובסטאַנטיווישער יסוד ענדיקט זיך אויף די קלאַנגען ער, למשל: חבֿרש, ממזרש, חזירש, קינדערש, ווייַבערש, פּויערש, קעלבערש, פֿעלקערש, ביכערש, מוסרש. דאָ איז אומעטום פֿאַראַן דער פּאַראַלעלער — יש. אָבער ווען דער סובסטאַנטיווישער יסוד איז אַ טוער מיטן סופֿיקס ־ער, איז פֿאַראַן נאָר איין פֿאָרעם מיט ־ש, למשל: אויפֿטועריש, זוכעריש, שלעפּעריש, מיטצייַטלעריש, פֿרעסעריש, בלאָפֿעריש. [עס איז ממש צו באַוואונדערן דעם פֿאָלקישן חוש: וואו מע פֿילט ניט מער די ענדונג ־ער ווי אַ סופֿיקס, קען אויך זייַן: שנייַדערש, שוסטערש, סטאָליערש.] ווען דער סובסטאַנטיווישער יסוד ענדיקט זיך אויף אַ טראָפּיקן למד, איז דאָ דער אַדיעקטיווישער סופֿיקס בלויז ־ש, למשל: מיידלש, ייִנגלש, האָנדלש, שטעטלש, אייניקלש, בלבולש, עובֿר־בטלש, מנחם־מענדלש, פֿויגלש, הימלש, הײלש, הללש.

2. דער סופֿיקס **טראָפּיקער נון** מיט דער פּאַראַלעלער געשטאַלט ־ען ווייַזט אויפֿן מאַטעריאַל, אויפֿן שטאָף. פֿאַרשטייט זיך אַז ווען עס קומט צו אַן ענדונג, ווערט פֿון טראָפּיקן נון אַ פּשוטער, מיט אַן ע פֿאַר אים; זייַדן טיכל — מיט דעם זייַדענעם טיכל; לייַוונטן רעקל — לייַוונטענע הויזן. אָבער נאָך ־ער בלויז איין ע נאָכן נון: קופּערן פֿענדל — אין קופּערנעם פֿענדל, זילבערן טעצל — אין זעלבערנעם טעצל.

אַ גרעסערע צאָל דוגמאָות מיטן טראָפּיקן נון: קאָרן, ווייצן, ערדן; וואָלן, ציצן, סאַמעטן, טוכן, פֿלאַנעלן, ברעזענטן; מעטאַלן, גאָלדן, שטאָלן, בלעכן; זאַמדן, וואַקסן און וועקסן, פּאַפּירן, צייַגן; אָראַנזשן, קאַרשן, מערן (די מערענע אימפּעריאַלן אויף ראָש־השנה). און דוגמאָות מיט ־ען: בורשטינען, צינען, בלייַען, סאַטינען, צעראַטען, ניילאָנען, שטיינען, וואולקאַנען, ציטרינען, עפּלבוימען (די עפּלבוימענע הכנעה). אין דעם לעצטן בייַשפּיל איז שוין פֿאַראַן אַ פֿיגוראַטיווער באַנוץ פֿון מאַטעריאַלן, ווי למשל אויך אין: קעצענע פֿאַלשקייט, קעמלנער אויסדויער, גראָזענע שטילקייט, זייַדענע אידלקייט, סאַמעטענער יחוס.

זיך מערקן: אייַזערן, גלעזערן, הילצערן, בלייַערן, צינערן, גילדערן.

3. דער אַדיעקטיווישער סופֿיקס ־לעך איז דרייַגעשטאַלטיק (מע קען אויך אָננעמען אַז דאָ האָבן מיר דרייַ פֿאַרשיידענע סופֿיקסן) און איז אָפּהענגיק פֿון דעם צו וואָס ער ווערט צוגעפּעסטיקט:

א) ווען ־לעך קומט צו צו אַן **אַדיעקטיוו**, ווייַזט ער אַז די אייגנשאַפֿט איז אין אַ קלענערער מאָס, איז אַ מין פֿאַרקלענער־סופֿיקס. דוג־

מאָות: רויטלעך, שוואַרצלעך, ווײַסלעך, גרינלעך; זיסלעך, ביטערלעך, זויער־לעך, האַרבלעך; נאַסלעך, פֿעטלעך, אַלטלעך, שאַרפֿלעך, שטײַפֿלעך, לענגלעך, ברייטלעך, אַפּטלעך, פֿרעמדלעך, שווערלעך, שטײַפֿלעך, דינלעך. און צווישן צוויי למדן קומט אַריין אַ ב: העלבלעך, קילבלעך.

ב) ווען ־לעך קומט צו צו אַ װ ע ר ב אַ ל ן ש ט אַ ם, װײַזט ער אַז מע קען עס טאָן, מע קען עס דורכפֿירן, עס איז מעגלעך אויך: מע דאַרף עס טאָן. דוגמאָות: דערגרייכלעך און אויך אומדערגרייכלעך, באַדויערלעך, דערלאָזלעך, צעלאָזלעך, פֿאַרלאָזלעך, געברויכלעך, דערטרעגלעך, פֿאַרגעבלעך, פֿאַרבײַט־לעך, אַנטזאָלצלעך; ניצלעך, וואַשלעך, טרינקלעך (וואַשלעכע שטאָפֿן, טרינק־לעכע צעלאָזונג). ווען דער ווערב האָט אַ קאָנווערב, קומט דער קאָנווערב אין סאַמע אָנהייב פֿון דעם אַדיעקטיוו, ווי אין: אויסמײַדלעך, אויסמעסטלעך, אָנטאַפּלעך, אויפֿפֿירלעך, איבערענטפֿערלעך, אײַנרײַסלעך, אָפּקויפֿלעך, (אום)־אָפּשאַצלעך, צוגלײַכלעך.

אין אַ סך פֿאַלן קען מע דאָ דעם סופֿיקס ־לעך פֿאַרבײַטן מיטן סופֿיקס ־יק (זען ה6).

ג) מיט פֿאַרשיידענע באַטײַטן, ווען ־ ל ע ך קומט צו צו אַ ס ו ב ס ט אַ נ־ טיוו. דאָ קומט אויס צו געבן גאָר אַ סך דוגמאָות מיטן באַטײַט שטענדיק און איין מאָל אין באַשטימטן צײַט־אָפּשניט: יערלעך, טעגלעך, חודשלעך, וועכנטלעך, מאָנאַטלעך (יאָריק באַטײַט וואָס איז אַלט אַ יאָר, צוויי־חדשימדיק וואָס איז אַלט צוויי חדשים און אַזוי ווײַטער). מיטן זעלביקן באַטײַט וואָס דער סופֿיקס ־יש (ש): פֿאָטערלעך, מוטערלעך, ברודערלעך און ברידער־לעך, יוגנטלעך, צײַטלעך, מענטשלעך, פֿרײַנדלעך, פֿרײַנדשאַפֿטלעך. וואָס איז אַזוי ווי פֿול מיט עפּעס — שרעקלעך, גליקלעך, געפֿערלעך, וואונדער־לעך, פֿאָלקסטימלעך, געזעצלעך, קינסטלעך. וואָס האָט אַ שײַכות צו: פּערזענ־לעך, געזעלשאַפֿטלעך, קירכלעך, בירגערלעך, וועלטלעך, קריסטלעך. מיטן זעלביקן באַטײַט וואָס דער סופֿיקס ־יק (־דיק): איינהײַטלעך, זאַכלעך, מענלעך, ווײַבלעך, דורכשניטלעך, צוטריטלעך, קערפּערלעך, גײַסטלעך, ענדלעך, געטלעך. בריוולעך ((דורך בריוו), אַפּעטיטלעך (וואָס רופֿט אַרויס אַפּעטיט).

4. דער סופֿיקס ־עוודיק ווײַזט אויף אַ באַשטענדיקער אייגנשאַפֿט. דאָס ניצן דעם סופֿיקס איז געוואָרן אַ סך אָפֿטער אין דעם איצטיקן יאָר־הונדערט. דוגמאָות: חנעוודיק, שעמעוודיק, רירעוודיק, שרעקעוודיק, שפּאָ־רעוודיק, אָנזעעוודיק, שפּירעוודיק, פֿאָלגעוודיק, באַריידעוודיק, פֿילעוודיק. דער זעלביקער סופֿיקס באַטײַט אויך: וואָס קען, וואָס עס איז מעגלעך: היילעוודיק, פֿליסעוודיק, שפּאַלטעוודיק, שמעלצעוודיק, ציִעוודיק, טיילעוודיק, באַמערקעוודיק, ברענעוודיק, בייגעוודיק, ירשעוודיק.

5. דער סופֿיקס ־עדיק איז אַזוי ווי אַ צווילינג ענלעך אויפֿן סופֿיקס ־עוודיק, אָבער ניט שטענדיק. ער קען קומען בלויז פֿון אַ ווערבאַלן יסוד און איז ניט מער ווי אַזוי ווי אַ צווילינג, וואָרעם זײַן אָפּשטאַם איז אַן

אַנדערער: ער קומט פֿון גערונדיוו מיט אַ קלאָרן אונטערשייד אין באַטײַט. שטייענדיק הייסט וואָס שטייט איצט, שטייעדיק — וואָס זײַן טבֿע איז צו שטיין (אַ שטייעדיקער לאָמפּ קען ליגן אײַנגעפּאַקט); קומענדיק — וואָס איז איצט אין פּראָצעס פֿון קומען, קומעדיק — וואָס האָט שטענדיק די טבֿע צו קומען (דעריבער איז די צײַט פֿון ווערבֿ די קומעדיקע צײַט). נאָך דוגמאָות מיט ־עדיק: ליגעדיק, קריכעדיק, לעבעדיק, ברענעדיק, פֿלאַמעדיק, קלעפּעדיק, טראָגעדיק (שוואַנגער), שרײַעדיק, האַוקעדיק. אין דעם רובֿ פֿאַלן קען מען אויסקומען מיט ־יק אַליין (ברעניק, פֿלאַמיק, קריכיק און אַנדערע), אָבער ניט דאָרטן וואו מע וויל אַקעגנשטעלן דעם גערונדיוו און ניט בײַ פֿעסט־אײַנגעפֿונדעוועט אַדיעקטיוון ווי טראָגעדיק און ניט נאָכן סופֿיקס פֿון ווערבֿ ־קע. דער סופֿיקס ־עדיק איז ניט פֿאַרשפּרייט איבער אַלע דיאַלעקטן, דאַרף אָבער אַרײַנקומען אין כלל־שפּראַך.

6. דער סופֿיקס ־לאָז איז זיכער אַ דײַטשמעריזם און עס איז דאָ די נטיה אים צו פֿאַרבײַטן מיטן פּרעפֿיקס אָנ־ (זען 21), אָבער אין אַ צאָל פֿאַלן איז דער אַדיעקטיוו מיט ־לאָז באַקוועמער ווי מיט אָנ־. חוצדעם האָבן אַ היפּשע צאָל ווערטער מיט ־לאָז זיך אײַנגעפֿעסטיקט אין שפּראַכבאַנוץ. דוגמאָות: אַרבעטלאָז, באָדנלאָז, געזעצלאָז, האַרצלאָז, הילפֿלאָז, מאַכטלאָז, שוצלאָז, צוועקלאָז, קינדערלאָז, רעכטלאָז, אינהאַלטלאָז, אויסזיכטלאָז, האָפֿע־נונגלאָז. ווען אָט די ווערטער זײַנען בײַטיק, איז דאָ דער היתּר זיי צו ניצן.

7. די דײַטשמערישע סופֿיקסן ־באַר און ־זאַם האָבן ניט קיין אָרט אין כלל־ייִדיש. מיט ־באַר האָבן זיך אײַנגעבירגערט בלויז די אַדיעקטיוון דאַנקבאַר, גאַנגבאַר, און אפֿשר אויך אוממיטלבאַר. מיט ־זאַם — איינזאַם, אַרבעטזאַם, אויפֿמערקזאַם.

־האַפֿט דאַרף מען ניט באַטראַכטן ווי אַ סופֿיקס און ווערטער מיט ־האַפֿט זײַנען אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן: מוסטערהאַפֿט (יק), וואָרהאַפֿטיק, שטאַנדהאַפֿט(יק).

8. די אַדיעקטיווישע סופֿיקסן פֿון סלאַווישע לשונות ־אַטע און ־עוואַטע ווערן אויפֿגענומען ווי סופֿיקסן פֿון דעם אַדיעקטיוו אין ייִדיש, כאָטש די ווערטער פֿון סלאַוויש זײַנען אַרײַן אין ייִדיש צוזאַמען מיט די סופֿיקסן. ־אַטע טרעפֿט זיך בלויז אין עטלעכע ווערטער: פּיסקאַטע, סמאַר־קאַטע, האָרבאַטע, פּאַנפֿאַטע, סענקאַטע, פּאַרכאַטע.

־עוואַטע האָט זיך מער פֿאַרשפּרייט. דער סופֿיקס גיט צו דעם באַטײַט פֿון ־לעך וואָס פֿאַרמינערט די אייגנשאַפֿט. ער קומט צו אויך צו אַדיעקטיוון וואָס האָבן ניט קיין שײַכות צו סלאַוויש און קען העלפֿן שאַפֿן נײַע ווערטער. דוגמאָות: סוקעוואַטע, סענקעוואַטע, פּיפּקעוואַטע, גרודעוואַטע, גוזעוואַטע, קאָלטענעוואַטע, שמאַטעוואַטע, טראַנטעוואַטע, צאַצקעוואַטע, נאַרישעוואַטע, לעקעכעוואַטע, פֿריצעוואַטע, יאָלדעוואַטע, שוטהוואַטע, תּמעוואַטע, משוגע־וואַטע.

־נע, דער זייער אָפֿטער סלאַווישער סופֿיקס אין אַדיעקטיוון, איז אין ייִדיש אויפֿן גרענעץ פֿון יאָ־ און ניט־סופֿיקס. לאָמיר דאָ פֿאַרצייכענען די

אַדיעקטיוון: מאָדנע, נודנע, קאַפּריזנע, כמורנע, כמאַרנע, סמוטנע, אַפּעטיטנע, אינטערעסנע, פּאַסקודנע, קוואַדראַטנע.

9. די סופֿיקסן אין די אינטערנאַציאָנאַליזמען ־אַ׳ל און ־ע׳ל האָט ייִדיש גענומען גרייטערהייט פֿון דער פֿרעמד. ווי מיר האָבן איבערגענומען עקספּערימענט, האָבן מיר אויך אַזוי געטאָן מיט עקספּערימענטאַל. אַזוי אויך: קולטור — קולטורעל, נאַציע — נאַציאָנאַל, נאָרמע — נאָרמאַל, פּראָווינץ — פּראָווינציעל און נאָך אַ סך. דאָרטן וואו עס קען זיין הן ־אַל הן ־על האָט זיך איינגעשטעלט אַז אויף ־אַל ענדיקט זיך אַ סובסטאַנטיוו און אויף ־על אַן אַדיעקטיוו: דער אינטעלעקטואַל און דער אינטעלעקטועלער קרייז, דער פּראָווינציאַל און די פּראָווינציעלע פּריילין, דער ראַציאָנאַל פֿאַר עפּעס וואָס איז (ניט) שׂכלדיק און די ראַציאָנעלע מאָטיווירונג. עס איז ניט נייטיק דער צוגאָב פֿון דעם סופֿיקס ־יש צו דעמאָנסטרירן אַז מע האָט דאָ אַן אַדיעקטיוו: ניט ׳נאַציאָנאַליש׳, נאָר נאַציאָנאַל, אויך ניט: ׳פּונקטואַליש׳׳ נאָר פּונקטועל; ניט ׳ראַציאָנאַליש׳, נאָר ראַציאָנעל. אָבער מוזיקאַליש.

10. דער סופֿיקער ־ער שאַפֿט די אַדיעקטיוון פֿון נעמען פֿון שטעט און לענדער: לאָדזשער, בריסקער, ווילנער, גראָדנער, אַרגענטינער; מעקסיקאַנער, אַפֿריקאַנער, אַמעריקאַנער, בראַזיליאַנער; וואַרשעווער.

11. די סופֿיקסן ־ינקע, ־יטשקע, ־טשינקע דינען אויף צו פֿאַרצערטלען. קלייניקער, שיינינקע, יונגינקער, צאַרטינקע; יונגיטשקער, קלייניטשקע, נידעריטשקע, גוטיטשקע; פֿייַנטשינקער, קליינטשיקער.

## ז. די אַדיעקטיווישע פּרעפֿיקסן

1. דער וויכטיקסטער (כמעט דער איינציקער) אַדיעקטיווישער פּרעפֿיקס איז אומ־ וואָס ברענגט אַרייַן נעגאַציע. דער גרונטבאַטייַט איז: ניט. אומ־ איז זייער אַן אַקטיווער פּרעפֿיקס און קען צוגעשטעלט ווערן צו אַן אַ צאָל בייַשפּילן. אָט דער פּרעפֿיקס שטעלט זיך צו אַן שום שוועריקייטן צו אינטערנאַציאָנאַליזמען (אומטראַנזיטיוו, אומדעמאָקראַטיש, אומדירעקט, אומלאָיאַל, אומלעגאַל, אומגאַלאַנט, אומפּאָפּולער, אומדירעקט, אומקאָמפּעטענט, אומקאָנסטיטוציאָנעל). דער אומ־ איז שטענדיק מעגלעך בייַ אַדיעקטיוון מיטן סופֿיקס ־לעך (זען 3ו), ווי מיר האָבן אים בייַ: אומגלייבלעך, אומדערטרעגלעך, אומדערקלערלעך, אומדורכדרינגלעך, אומפֿאַרגלייַכלעך, אומפֿאַרגעסלעך, אומניצלעך, אומדעקליגירלעך, אומדערלאָזלעך, אומפֿאַרענטפֿערלעך. ער איז אויך אָפֿט פֿאַראַן בייַ אַדיעקטיוון מיטן סופֿיקס ־לעך פֿון אַן אַנדער מין (זען 3ו), ווי מיר האָבן אים בייַ: אומהיימלעך, אוממעגלעך, אוממענטשלעך, אומגליקלעך, אומברידערלעך, אומצייַטלעך, אומגעזעצלעך, אומאָפּעטיטלעך, אומדורכשניטלעך, אומפּעריזענלעך. אומ־ האָט אויך אַ טבֿע צוצוקומען צו אַדיעקטיוון מיט אַנדערע סופֿיקסן ווי ־יש, ־יק, (־דיק) און אַנדערע: אומסוחריש, אומדזשענטלמעניש, אומפּרויאיש, אומקינדעריש,

אומייִדיש; אומצײַטיק, אומציכטיק, אומנוציק, אומפּעאיק, אומוויסיק; אומ־פּשרהדיק, אומכּסדרדיק, אומזעלבשטענדיק, אומדערבאַרעמדיק, אומהכנסה־דיק; אומדאַנקבאַר, אומדורכזעעוודיק, אומאויפֿמערקזאַם.

מיט דער זעלביקער גרינגקייט קומט צו דער אומ־ צו אַ פּאַרטיציפּ (אומגעבעטן, אומגעמאָסטן, אומגעצוואונגען, אומגעגעסן, אומגעוואַשן, אומ־געזאָלצן; אומגעלערנט, אומגעפֿורעמט, אומגעמעשׂרט, אומגעוויקט). אָבער גראָד ווען עס קומט צו גאָר אָפּטע, אַזוי צו זאָגן ערשטיקע אַדיעקטיוון, קומט אויס צו זײַן אַפּגעהיט, ווײַל ניט שטענדיק קען דאָ צוקומען דער אומ־. קיין כּלל לאָזט זיך דערבײַ ניט אײַנשטעלן. ס׳רובֿ איז אויך דאָ דער אומ־ גאַנץ באַטירלעך (אומגעזונט, אומגעטרײַ, אומגוט, אומגלײַך, אומעכט, אומ־קלאָר, אומגראָד, אומרייך, אומזויבער, אומגענוי). אָבער פֿון דער צווייטער זײַט איז ניט אויסגעקומען צו באַגעגענען דעם פּרעפֿיקס אומ־ בײַ אַזעלכע אַדיעקטיוון ווי: גרויס, קליין, הויך, נידעריק, פּוסט, פֿעט, מאָגער, גראָב, דיק, זיס, ביטער, זויער. די סיבה איז אַ סעמאַנטישע ווײַל דער אַנטאָנים איז אַ באַקאַנטער אַדיעקטיוו. ס׳רובֿ שאַפֿט דאָך דער אומ־ די פֿולע נעגאַציע און עס ווערט אַן עכט אַנטאָנימיש פּאָרל: פּראַקטיש — אומפּראַקטיש, פּראָ־דוקטיוו — אומפּראָדוקטיוו, אָפּהענגיק — אומאָפּהענגיק, באַגרענעצט — אומבאַגרענעצט, גראָד — אומגראָד, דאַנקבאַר — אומדאַנקבאַר און אַזוי ווײַטער.

און דאָך זײַנען אויך בײַ דעם פּרעפֿיקס פֿאַראַן ניואַנסן אין באַטײַט. אין אַ צאָל פֿאַלן איז די נעגאַציע ניט קיין פֿולע, למשל: אומצײַטיק איז ניט דאָס זעלביקע וואָס ניט־צײַטיק, נאָר איז צווישן צײַטיק און ניט־צײַטיק, הגם נעענטער צום נעגאַטיוון פּאָלוס; אומאָנגעטאָן באַטײַט בלויז ניט־גענוג, ניט־פּאַסיק אָנגעטאָן, בעת ניט־אָנגעטאָן באַטײַט אינגאַנצן ניט אָנגעטאָן. פֿון דער צווייטער זײַט האָט אומגעזאָלצן אין זיך מער זאַלץ ווי עס קען האָבן עפּעס וואָס איז ניט־געזאָלצן. הכּלל, ניט שטענדיק באַטײַט אומ־ דאָס זעלביקע וואָס ניט־. קיין שום אַלגעמיינער אָנווײַז פֿאַרן באַנוץ איז דאָ ניט מעגלעך.

און נאָך אַנדערע ניואַנסן צום גרונטבאַטײַט. ווען אומ־ קומט צו צו אַ פּאַרטיציפּ וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ קאָנווערב, איז דער באַטײַט אַפֿט: ניט דורכגעפֿירט ביזן סוף, למשל: אומאָפּגעקאָכט — טאָקע געקאָכט, אָבער ניט געקאָכט ביזן סוף; אומאויסגעזויגן — געזויגן, אָבער ניט ביזן סוף. אומגע־דאַוונט באַטײַט: נאָך ניט געדאַוונט, אומגעגעסן — נאָך ניט געגעסן. אומגעזונט באַטײַט: וואָס איז ניט גוט פֿאַרן געזונט. אומריין — איז ניט בלויז וואָס איז שמוציק, נאָר אויך וואָס האָט אין זיך אַ צומיש פֿון נאָך אַ זאַך צום באַשטאַנד, אָדער וואָס איז פֿון אַן עטישן אָדער רעליגיעזן שטאַנדפּונקט שלעכט (אומרייִנער אַלקאָהאָל, אומריין מויל, אומריין געלט). הכּלל, אַפֿילו דער אַדיעקטיווישער פּרעפֿיקס אומ־ איז ניט קיין פּשוטע פּרשה פֿאַר דעם וואָס וויל ניצן אַ באמת־ריינעם ייִדיש.

פֿאַראַן אַדיעקטיוון מיט אומ־ וואָס אָן אָט דעם פּרעפֿיקס טרעפֿן זיי זיך

גאָר זעלטן אָדער אינגאַנצן ניט. דוגמאָות: אומאויפֿהערלעך, אומבאַהאָלפֿן, אומברחמנותדיק, אומגעלומפּערט, אומגעהײַעריש, אומגעריכט, אומזיניק, אומבתּרבות(דיק).

2. דער אַדיעקטיווישער פּרעפֿיקס אָנ־ מיטן באַטײַט: וואָס עס איז ניטאָ, וואָס עס פֿעלט — איז געוואָרן אַ יחסן בלויז אין די לעצטע 50—60 יאָר. פֿון עלטערע מקורים און פֿון מויל פֿון פֿאָלקסמענטשן איז מעגלעך צו פֿאַרצייכענען ניט מער ווי געציילטע אַזעלכע אַדיעקטיוון: אָנמעכטיק, אָנ־פֿאַרביק, אָנפּיסיק, אָנהענטיק, אָנזוניק, אָניום־טובֿדיק, אָנפּשרהדיק, אָנירוּ־שהדיק, אָנבײַנערדיק, אָנאַרבלדיק, און אפֿשר נאָך עטלעכע צו דעם צענדלינג. געקומען צו זײַן נײַ־געוואונענער גדולה איז אָט דער פּרעפֿיקס איבער דרײַ סיבות:

א) צו געפֿינען אַ פֿאַרבײַט פֿאַר דעם סופֿיקס ־לאָז (זען 61): אָנהאַרציק, אָנהילפֿיק, אָנווערטיק, אָנזאָרגיק, אָנזאָרגעווודיק, אָנזאָרגנדיק, אָנזאַלציק, אָנמאַכטיק, אָנקינדערדיק, אָנרעגנדיק, אָנאײנהאַלטיק, אָנאויפֿהעריק;

ב) געענוי איבערצוגעבן אויפֿן זעלביקן מוסטער די אַדיעקטיוון אין די סלאַווישע לשונות מיטן פּרעפֿיקס bez, без (געוועזן זייער פּאָפּולער אין דער ליטעראַטור און פּרעסע פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד): אָנאָטעמדיק, אָנבלוטיק, אָנקלאַנגיק, אָנבלומיק, אָנבאַלויניק, אָנבאָרדיק, אָנערדיק, אָנפּערדיק, אָנטאַ־לאַנטיק, אָנעקיק, אָנפּענצטערדיק, אָנקערנערדיק, אָנקריזיסדיק;

ג) איבער דעם וואָס עס איז ביז גאָר באַקוועם צוצושטעלן דעם פּרע־פֿיקס צו העברעאיזמען: אָנבושהדיק, אָנבפּיוונדיק, אָנמדינהש, אָנמזלדיק, אָננשמהדיק, אָנפּניותדיק, אָנסיבהדיק, אָנרווחדיק, אָנרחמימדיק, אָנתּאווהדיק, אָנתּחתּונימדיק, אָנתּירוצ(ימ)דיק, אָנתּנאָיאיק, אָנתּנאָימדיק.

3. כּמעט צו אַלע אַדיעקטיוון און פּאַרטיציפּן וואָס מע ניצט אַדיעקטי־וויש קען מען צושטעלן ניט־ (פֿאַרבונדן מיט אַ מקף צום אַדיעקטיוו). דוגמ־אָות: ניט־צוגעפּאַסט, ניט־באַרעכטיקט, ניט־אָפּגעזונדערט, ניט־געוואָרנט, ניט־געפֿעלשט; ניט־סימעטריש, ניט־פֿולקום, ניט־שייך, ניט־רעכט, ניט־כּשר, ניט־בפּירוש. אין תּוך איז אָט דער ניט־ אויך אַ פּרעפֿיקס, וואָרעם אַזעלכע אַדיעקטיוון ווערן אַרויסגערעדט אינאײנעמדיק, דער באַטײַט איז אַ האַרעלע מילדער ווי בשעת דער ניט קומט באַזונדער, אָפּגעטיילט.

## ה. אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן

1. זען קאַפּיטל IX, ענין ט. דער גאַנצער ענין אַדיעקטיווישע צונויפֿ־העפֿטן איז פּאַראַלעל צו די סובסטאַנטיווישע צונויפֿהעפֿטן. אַ צאָל אַדיעק־טיווישע צונויפֿהעפֿטן ווערן געשאַפֿן פֿון די סובסטאַנטיווישע מיטן צוגאָב פֿון אַן אַדיעקטיווישן סופֿיקס. דוגמאָות: לאַנדווירטשאַפֿטלעך, נעצהײַטלדיק, ישיבֿה־בחוריש, וואָיללערבעריש, הימל־קאַליריק, כּלל־שפּראַכיק, דאָרפֿס־יונגיש, קליינבירגערלעך, פֿלאַם־פֿײַערדיק, מערווערטיק, אַכטעקיק, גלײַכ־

וואָגיק, מיטלעלטערלעך, מיטלעלטעריש, גרויספּאַרנעמיק, האַלב־לבֿנהדיק, יונגפֿרויאיש.

2. דאָס צונויפֿהעפֿטן דעם אַדיעקטיוו איז געוויינטלעך גלײַכצײַטיק מיטן צובינדן דעם אַדיעקטיווישן סופֿיקס, באַקומט זיך: ענדגילטיק, לעצט־גילטיק, הייסבלוטיק, בלוטדאָרשטיק, אָפֿנהאַרציק, גרויסאַרטיק, קלײנקעפּיק, לעבנספֿעאיק, לעבנסלוסטיק, פּלאַנמעסיק, אַלטפֿרענקיש, קורצפֿיסיק, הײַנט־צײַטיק, צופֿרידנשטעליק, שטאַנדהאַפֿטיק און נאָך און נאָך.

3. פֿאַראַן גאַנצע סעריעס אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן מיט ערשטע טיילן פֿיל־ (פֿילצאָליק, פֿילזײַטיק, פֿילגעשטאַלטיק), פֿול־ (פֿולשטענדיק, פֿולבלוטיק, פֿולווערטיק), אייגן־ (אייגנהענטיק, אייגנאַרטיק, אייגנמאַכטיק), גלײַך־ (גלײַכצײַטיק, גלײַכווערטיק, גלײַכמעסיק), פֿאַרשיידן־ (פֿאַרשיידן־פֿאַרביק, פֿאַרשיידן־פֿאָרמיק, פֿאַרשיידן־מיניק), לאַנג־ און קורצ־ (לאַנג־טערמיניק און קורצטערמיניק, לאַנגווײַליק און קורצווײַליק, לאַנגיאָריק און קורציאָריק), ווײַט־ (ווײַטזיכטיק, ווײַטגרייכיק, ווײַט־בעסטער), גוט־ (גוטגינציק, גוטמוטיק, גוט־שכניש), וואויל־ (וואוילטעטיק, וואוילקענעוודיק, וואויל־טעמיק), גרויס־ (גרויסמוטיק, גרויסשטאַטיש, גרויס־פֿאַרנעמעריש), ברייט־ (ברייטהאַרציק, ברייטזיניק, ברייט־פֿאַרנעמעריש), אויך קליין־ און מיט די צאָלן איינ־, צווײ־, דרײַ־, פֿיר־ און נאָך אַנדערע.

ווי דער צווייטער טייל פֿון אַדיעקטיווישן צונויפֿהעפֿט איז פּראָדוקטיוו ־פֿול. דוגמאָות: פּראַכטפֿול, אימפּעטפֿול, פֿאַרבנפֿול, אויסדרוקפֿול, סודות־פֿול, אויטאָריטעט־פֿול. פֿאַראַן אויך אַ סעריע מיט ־רײַך, ווי אין: פֿאַרבנ־רײַך, אינהאַלטרײַך, אידייען־רײַך, אײַנפֿאַל־רײַך.

4. בײַ אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן איז ניט שייך יסוד־טייל און באַשטים־טייל און מע דאַרף בלויז ניצן: ערשטער טייל און צווייטער טייל. דער אַקצענט איז אויפֿן ערשטן טייל, אָבער וואו עס זײַנען דאָ צוויי אַקצענטן בלײַבט דאָ דער באַגריף צונויפֿהעפֿט אויך בײַ אַ פּאַראַלעליזם, אויך בײַ צוויי באַזונדערע אייגנשאַפֿטן: רבניש־גבֿיריש, האַרעפּאַשנע־קבצניש, צו־להכעיסדיק־פֿאַרעטעריש, ליגנעריש־גוזמאַדיק, גוטמוטיק־וואוילגינעריש.

5. אומעטום וואו עס זײַנען פֿאַראַן צוויי אַקצענטן קומט צווישן די צוויי טיילן פֿון צונויפֿהעפֿט דער מקף, ווי אין: ווי׳סן־דאָ׳רשטיק, גו׳ט־באַקאַ׳נט, שווע׳ר־פֿאַרשטע׳נדלעך, בי׳טער־אָ׳רעם, ש׳כלדיק־מאָטיווי׳רט.

נ י ט בינדט זיך צו צום אַדיעקטיוו מיט אַ מקף: ניט־שאַרף, ניט־בולט, ניט־קענטיק, ניט־פּלאַנמעסיק, ניט־כּדאַיע באַמיאונגען.

האַלב־ ווי דער ערשטער טייל פֿון צונויפֿהעפֿט קומט צו מיט אַ מקף: האַלב־פֿליסיק, האַלב־פֿינצטער, האַלב־גערעכט, האַלב־געבאַקן, האַלב־דער־וואַקסן, האַלב־פּאַראַליזירט, האַלב־געזונט, האַלב־קראַנק. אָבער דאָרטן וואו עס זײַנען ניטאָ קיין בולטע צוויי אַקצענטן קען מען אויסקומען אָן דעם מקף: ניט לאָזן דעם האַלבקראַ׳נקן אַרויסגיין, אַרויסגעבן אַ האַלביע׳רלעכן זאַמל־בוך, קומען מיט אַ האַלבגעבאַ׳קענעם פּלאַן.

6. עס איז נייטיק אַרויסצוהייבן די אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן וואָס זייער ערשטער טייל איז אַ סובסטאַנטיוו און וואָס די פֿאַרבינדונג באַטײַט: וואָס איז אַזוי ווי... דאָ קומט שטענדיק אַ מקף. דאָ זײַנען נייטיק אַ סך דוגמאָות: פֿעלדזן־שטאַרק, אײַזן־שטאַרק, מויער־שטאַרק, אײַזן־פֿעסט, הימל־הויך, הימל־ווײַט, וויאַרסטן־ווײַט, צוקער־זיס, האָניק־זיס, שניי־ווײַס, יאָרן־לאַנג, טויט־הונגעריק, טויט־שטיל, טויט־ערנסט, טויט־בלאַס, פּונקט־גוט, מרור־האַרב, לולבֿ־טרוקן, שפּיגל־נײַ, שפּיגל־שטיל, נאָגל־נײַ, פֿונק־נײַ, קיזל־רוי.

אַהערצו געהערן אויך: שפּאָגל־נײַ, שפּאָגל־פֿריש; שטאָק־פֿינצטער, שטאָק־טויב, שטאָק־שטיל, שטאָק־הייזעריק; פּיטש־נאַס, ריך־רויט, קיז־רוי.

7. ווען דער צונויפֿהעפֿט באַטײַט אַ קאָליר אָדער קאָלירן, איז שטענדיק נייטיק אַ מקף: בלוי־ווײַס, רויט־בלאָ־ווײַס, העל־גרין, העל־בלוי, טונקל־בלוי, טונקל־גרין, העל־בלאָנד, טונקל־בלאָנד, אַש־גרוי, פּערל־גרוי, פּערפּל־ברוין, פֿונק־רויט, אָליוון־גרין, בלאָנע־בלוין, הימל־בלאַנקעט און אַנדערע.

8. דער אויסלייג פֿון אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן פֿאַלט צונויף מיטן אויסלייג פֿון די סובסטאַנטיווישע צונויפֿהעפֿטן. אויך דאָ זאָל מען בײַ אַ ספֿק אַרײַנשרײַבן אַ מקף.

## XI.

# דאָס צאָלוואָרט

דאָס צאָלוואָרט איז אייגנטלעך ניט קיין באַזונדערער וואָרטקלאַס. אין תּוך איז עס אַ גרויסע סעמאַנטישע גרופּע, וואָס דאַרף צעטיילט ווערן צווישן עטלעכע וואָרטקלאַסן, מיט אַ צאָל ספּעציעלע שטריכן.

## א. יסוד־צאָלן און סדר־צאָלן

1. די יסוד־צאָלן זײַנען: איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר, פֿינ(ע)ף, ... צען, על(ע)ף, צוועל(ע)ף, דרײַצן, פֿערצן, פֿופֿצן, זעכצן, זיבעצן, אַכצן, נײַנצן, צוואַנציק, איין־און־צוואַנציק, צוויי־און־צוואַנציק, ... נײַן־און־צוואַנציק, דרײַסיק, איין־און־דרײַסיק, ... פֿערציק... פֿופֿציק, זעכציק, זיבעציק, אַכציק, נײַנציק, נײַן־און־נײַנציק, הונדערט, הונדערט (און) איינס, הונדערט (און) צוויי, הונדערט (און) צען... הונדערט נײַן־און־נײַנציק, 288 — צוויי הונדערט (און) אַכט־און־אַכציק; 1,653,874 — איין מיליאָן, זעקס הונדערט דרײַ־און־פֿופֿציק טויזנט אַכט הונדערט פֿיר־און־זיבעציק.

זייער זעלטן קומט אויס אָנצושרײַבן מיט אותיות גרויסע צאָלן. אין אַזאַ פֿאַל ווערט רעקאָמענדירט אָפּצוטיילן מיליאָנען מיט אַ קאָמע. וואָס די צאָל איז גרעסער ווערט זי אָנגערופֿן פֿריִער. אַנדערש איז בלויז צווישן איין־און־צוואַנציק ביז נײַן־און־נײַנציק. ווי אַן אָנזעאיקע דערמאָנונג און אַ פֿאַר־גרינגערונג פֿאַרן אויג דאַרפֿן זײַן דאָ צוויי מקפֿן.

2. יסוד־צאָלן וואָס קומען אַליין, פֿאַר זיך, זײַנען סובסטאַנטיוון. דוג־מאָות: „צוויי מאָל צוויי איז פֿיר"; „זיבן איז אַ ליגן"; „הונדערט און הונ־דערט איינס איז (ניט) גלײַך אַלצאיינס"; „אויפֿן פּרײַז־צעטל זע איך טאַקע הונדערט, אָבער איך וועל אַראָפּדינגען צוואַנציק"; די ערשטע דרײַ, די מיטלסטע פֿינף.

אַ יסוד־צאָל וואָס קומט פֿאַר אַ סובסטאַנטיוו אָדער פֿאַר אַ וואָרט צי ווערטער צו אַ סובסטאַנטיוו — איז אַן אַדיעקטיוו. עס ווערט אַן אַדיעקטיוו וואָס בייגט זיך ניט, אַן אַדיעקטיוו אַן איבוואַריאַנט. דוגמאָות: די צוויי (טײַערע און זעלטענע) ביכער, דעם נפֿטרס פֿינף כּתבֿ־ידן, פֿאַרמאָגן אפֿשר אַ צען הײַזער, צוויי־און־דרײַסיק קאָרטן אין דער טאַליע, די דרײַ מעדאַלן און אויך די מעדאַלן די דרײַ.

אַ זעקס־און־זעכציק, אַן איין־און־צוואַנציק — נעמען פֿון קאָרטנשפּילן

— זײַנען נאַטירלעכע סובסטאַנטיווירונגען. נעמען פּאָר געלט מיטן סופֿיקס ־ער זײַנען געוויינטלעכע סובסטאַנטיוון: אַ צווייער, דרײַער, פֿינפֿער, צע־נער, צוואַנציקער, פֿופֿציקער, הונדערטער און אַזוי אויך: „בײַט מיר אויס אַ פֿינף־און־צוואַנציקער אויף סאַמע ראַדנע דרײַער".

3. נאָך אַ יסוד־צאָל קומט דער נאָמען פֿון דער מאָס אין איינצאָל. דוגמאָות: קויפֿן דרײַ אַרשין שטאָף, אָפּפֿאָרן פֿערציק קילאָמעטער, באַצאָלן צוועלף רובל, איבערשיקן טויזנט בושל תּבֿואה, אַראָפּנעמען אַפֿשר צען עמער פֿלוימען, אַ מאַשין מיט צוויי הונדערט פֿערדנקראַפֿט, אַ נחלה פֿון פֿופֿצן דונאַם גוטער ערד, אַ לעמפּל פֿון פֿינף־און־זיבעציק וואָלט, פֿינף אַמפּער עלעקטריע, ח"י (אַכצן) גילדוין (פּאָר) מפּטיר, אַן אַפּטייל פֿון (מיט) הונדערט מאַן. [מאַן ווערט אויפֿגענומען ווי אַ מין מאָס, אָבער: הונדערט באַוואָפֿנטע מענער.] זיך מערקן: „נײַן רבנים זײַנען ניט קיין מנין, אָבער צען בעלי־עגלות זײַנען אַ מנין".

ווען דער נאָמען פֿון דער מאָס ענדיקט זיך אויף דעם קלאַנג ע, קומט די מערצאָל: דרײַ קאָפּיקעס, הונדערט לירעס, צען פּרוטות, צוויי הונדערט קאָלאָריעס, צוואַנציק סעקונדעס, צוויי שמיטות.

4. ווען מע האָט צו טאָן מיט אַ מאָס פֿון צײַט, ווערט די סיטואַציע גאַנץ קאַפּריז. פֿאַרצייכענען מיר: פֿינף מינוט, דרײַ שעה, צוויי מעת־לעת, נײַן מאָנאַט, הונדערט יאָר; דרײַ טעג און דרײַ נעכט, צוויי וואָכן, נײַן חדשים, דרײַ יובֿלען. ווען דאָס צאָלוואָרט ווערט אויפֿגענומען ווי אַן עכטער סוב־סטאַנטיוו און קומט אין מערצאָל, איז אויך דער נאָמען פֿון דער צײַט־מאָס אין מערצאָל: צענדליקער (צענדליגער), הונדערטער, טויזנטער מינוטן, מעת־לעתן, שעהן, יאָרן.

5. סדר־צאָלן זײַנען אַדיעקטיוון וואָס ווערן געשאַפֿן פֿון די יסוד־צאָלן מיט די סופֿיקסן ־ט־ און ־סט־. דאָס זײַנען אַדיעקטיוון וואָס קענען האָבן נאָר די לאַנגע פֿאָרעם. אָט איז זייער ריי: ערשטער, צווייטער, דריטער, פֿערטער, פֿי(נ)פֿטער, זעקסטער, זיבעטער, אַכטער נײַנטער, צענטער, עלפֿ־טער, צוועלפֿטער, דרײַצנטער, פֿערצנטער, פֿופֿצנטער, זעכצנטער, זיבעצנ־טער, אַכצנטער, נײַנצנטער, צוואַנציקסטער, דרײַסיקסטער ... זיבעציקסטער, אַכציקסטער, נײַנציקסטער, הונדערטסטער, טויזנטסטער, מיליאָנסטער.

די צונויפֿגעזעצטע סדר־צאָלן קומען אַזוי: איין־און־צוואַנציקסטער, נײַן־און־נײַנציקסטער, צוויי טויזנט פֿינף הונדערט זעקס־און־זיבעציקסטער. זיך מערקן דעם אופֿן שרײַבן: דער (דעם) 9טער (9טן) אין חודש, דער (דעם) 19טער (טן), דעם 20סטן, דעם 100סטן.

## ב. ברוכצאָלן

1. ברוכצאָלן (אויך: בראָכצאָלן) זײַנען סובסטאַנטיוון וואָס ווערן גע־שאַפֿן מיט די סופֿיקסן ־טל און ־סטל. [מע קען אויך זאָגן אַז דאָס איז איין סופֿיקס וואָס האָט צוויי פֿאָרמען.] די ריי זייערע הייבט זיך אָן מיט איין

(אַ) דריטל, דערנאָך: אַ פֿערטל, פֿי(נ)פֿטל, זעקסטל, זיבעטל, אַכטל, נײַנטל, צענטל, עלפֿטל, צוועלפֿטל, דרײַצנטל, פֿערצנטל, פֿופֿצנטל, זעכצנטל, זיבעצנטל, אַכצנטל, נײַנצנטל, צוואַנציקסטל, איין־און־צוואַנציקסטל... דרײַסיקסטל, ... הונדערטסטל, טויזנטסטל, מיליאָנסטל. נאָך פֿאַר אַט דער ריי, לויט דער זעלביקער סיסטעם: איינסטל, צווייטל וואָס זײַנען ניט קיין ברוכצאָלן און באַצייכענען אַן איינס אָדער אַ צוויי אין קאָרטן, אין דאָמינאָ, אין דאָמקעס. אויך די ווײַטערדיקע ברוכצאָלן זײַנען גלײַכצײַטיק פֿאַרזיכדיקע סובסטאַנטיוון ווי למשל: שלאָגן אַ צווייטל מיט אַ דריטל, אַ נײַנטל מיט אַ צענטל, קריגן כּמעט אַלע זעקסטלעך.

2. אַ מקף פֿאַרבינדט דעם ציילער מיטן טיילווײַזער פֿון ברוכצאָל. דער טיילווײַזער איז שטענדיק אין איינצאָל. דוגמאות: צוויי־דריטל, דרײַ־פֿערטל, אַכט־צענטל, זיבעצן־צוואַנציקסטל, איין־און־דרײַסיק־הונדערטסטל, „דו האָסט ניט מער ווי אַ טויזנטסטל שאַנס“.

ווען עס קומט אַ גאַנצע צאָל פֿאַר דער ברוכצאָל, איז מען זיך נוהג בײַם אַרויסזאָגן און בײַם אָנשרײַבן מיט אותיות אַזוי: דרײַ און (מיט) אַ דריטל, פֿינף און (מיט) פֿיר־פֿינפֿטל, אַכצן און זיבן־און־דרײַסיקסטל. בײַ דער צענער־סיסטעם פֿון ברוכצאָלן איז דאָ די ברירה אָדער צו ניצן און צי מיט, אָדער אָנצורופֿן אין מערצאָל, למשל: איינס און צוועלף־הונדערטסטל אָדער איינס און צוועלף־הונדערטסטלעך, דרײַצן און דרײַצן־טויזנטל, אָדער דרײַצן דרײַצן־טויזנטלעך.

ווען מע ניצט חלק בײַ אַ ברוכצאָל, באַקומען זיך געוויינטלעכע סובסטאַנטיווישע צונויפֿהעפֿטן: דריט־חלק, פֿערט־חלק, צענט־חלק, צוועלפֿט־חלק. [ניט ניצן אַט די סיסטעם בײַ שפּעטערע צאָלן. עס איז ניט גוט ׳צוואַנציקסט־חלק׳, ׳הונדערטסט־חלק׳.]

3. אַנשטאָט און אַ האַלב, און אַ העלפֿט איז דאָ די סעריע: אַנדער־האַלבן אָדער אַנדערטהאַלבן, צווייטהאַלבן, דריטהאַלבן, פֿערטהאַלבן, . . . צענטהאַלבן, עלפֿטהאַלבן, צוועלפֿטהאַלבן, ... נײַנצנטהאַלבן, צוואַנציקסט־האַלבן. וואָס ווײַטער אין דער ריי אַלץ זעלטענער ווערן אַט די פֿאָרמען. בײַם אַרויסרעדן ווערט דער ה פֿאַרשלונגען. די צאָלווערטער זײַנען אַדיעקטיוון־אינוואַריאַנטן. „אַזעלכע ייִנגעלעך (מיידעלעך) גייען אויף אַנדערט־האַלבן פּיים און דאָך האָבן זיי חן“. אַנשטאָט הונדערט פֿופֿציק ניצט מען אויך: אַנדערטהאַלבן הונדערט, אַנשטאָט פֿופֿצן הונדערט — אַנדערטהאַלבן טויזנט. אַזוי אויך: אַנדערטהאַלבן, צווייטהאַלבן מיליאָן.

## ג. אַדיעקטיווישע און אַדווערביאַלע צאָלווערטער

1. צו די יסוד־צאָלן קומט צו דער סופֿיקס ־ערליי מיטן באַטײַט: וואָס איז פֿון ... מינים (סאָרטן, גרופּעס). עס באַקומען זיך דערבײַ אַדיעקטיוון־אינוואַריאַנטן. די ריי איז אַזאַ: צווייערליי, דרײַערליי, פֿירערליי,... צע־

נערליי, עלפֿערליי, ... צוואַנציקערליי, ... הונדערטערליי, טויזנטערליי. אַהערצו געהערן כּלערליי און איינערליי.

2. מיטן פּרעפֿיקס זאַלבע־ שאַפֿן זיך אַדווערבן. זיי באַטײַטן: וויפֿל עס זײַנען פֿאַראַן אין אַ גרופּע. אַט איז די ריי: זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, זאַלבעפֿערט, ..., זאַלבעצענט, זאַלבעעלפֿט, זאַלבעצוועלפֿט, זאַלבעצוואַנ־ציק(סט). „אַ הון איז גוט צו עסן זאַלבעצווייט: איך און די הון"; „אַז עס קומט שבת, עסט ער נאָר זאַלבעצווייט: ער און דער טשאָלנט"; „עסן זאַל־בעדריט און בענטשן מזומן"; „מיר זײַנען שוין זאַלבעצענט און מע קען זיך שטעלן דאַוונען בציבור". אויך שפּאַסיק: לעבן איינזאַם, שטענדיק זאַלבע־איינס.

פּאַראַלעל דערצו איז די קאָנסטרוקציע: צוויי אירע, דרײַ אירע, ..., צען אירע. אירע באַטײַט אייגנטלעך: פּערזאָן, פּאַרשוין, מיטגלידער פֿון (אין) אַ גרופּע. „איין ביכל אויף פֿיר אירע", „אירע אַ פּאָר מנינים יידן", „מלאָכים קומען היטן, זעכציק אירע בײַ יעדער וויג".

3. עס קומט אויס אײַנצוטיילן אין אַ באַזונדערער גרופּע די זאַצ־ווערטער: ערשטנס, צווייטנס, דריטנס, פֿערטנס, ... מע קען אָט די זאַצ־ווערטער אָפּטיילן מיט קאָמעס: „ערשטנס, ווייל איך עס ניט; צווייטנס, קען איך עס ניט".

## ד. די עטלעכע באַזונדערקייטן

1. בײַם ציילן ניצט מען איינס אַנשטאָט איין. אויך: איינס אַזייגער, נומער איינס [פֿון בעסטן סאָרט], איינס פּראָצענט — אַנשטאָט צען פּראָ־צענט, די הייך איז איינס אַכציק [איין מעטער און אַכציק סאַנטימעטער]. איינס באַטײַט אויך: ערשטנס — „איינס, איז עס איבער מײַנע כּוחות און צוויי, קיינער האָט עס ניט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר".

איין איז דער אַדיעקטיוו, איינס איז דער סובסטאַנטיוו. דוגמאָות: איינס פֿון די צוויי, איינס אויף איינס, איינס בײַ די איינס, „איינס איז קיינס", „איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מחותן", „עס קען ניט ווערן צען, ווען איינס איז ניטאָ".

2. אַנשטאָט איינס אַזייגער, צוויי אַזייגער, צען אַזייגער, עלף אַזייגער, צוועלף אַזייגער — קען מען ניצן אויך: איינסע, צווייע... צענע, עלפֿע, צוועלפֿע.

3. כּדי אַרויסצוהייבן, כּדי צו לייגן מער אַכט, ווערט אַרײַנגעשטעלט מאָל: צוויי מאָל צען גאָלדענע אימפּעריאַלן, אַ בקשה מיט צוויי מאָל הונ־דערט אונטערשריפֿטן, געוויגען צוויי מאָל הונדערט טויזנט.

4. עס געהערן ניט צו די צאָלווערטער אַזוינע סובסטאַנטיוון ווי צענד־ליק, צענדלינג, טוץ, אַזוינע זאַמלנעמען ווי אַ שאָק, אַ מאַנדל (אייער) און

ענלעכע. פֿאַרגלײַכט: באַצאָלן הונדערט דאָלאַר און באַצאָלן אַ מאה דאָלאַרן. דאָ זײַנען די פֿאַרבינדונגען קוואַנטיטאַטיוו.

עס איז מחוץ דעם צאָלוואָרט און זײַנע אייגנקייטן: געפֿינען ק״ן (150) תּירוצים, אַלף — אַלפֿי־אַלפֿים, בטל ווערן בשישים, אַ שמינית שבשמינית גאווה, תּרפּ״ט אַלפֿים און ענלעכס; ווי אויך ניט קיין בגימטריאָס, למשל: „ער איז שוין אַריבער זײַנע כּלבֿ (52) יאָרן״.

5. איין קען ווערן אַ פֿלעקסיווער אַדיעקטיוו, ווען עס קומט מיטן באַטײַט: איינציק, בלויז, הויל, למשל: די איינע זאַך, זײַן אין איינע צרות.

6. בײַ אַדיעקטיווישע יסוד־צאָלן איז וויכטיק דער אָרט, צי עס איז פֿאַר אָדער נאָך אַן אַנדער אַדיעקטיוו. „די דרײַ באַרימטע פּערזענלעכקייטן״ רעדט מען וועגן יעדער באַרימטער פּערזענלעכקייט באַזונדער, „די באַרימטע דרײַ פּערזענלעכקייטן״ — מע רעדט וועגן די דרײַ פּערזענלעכקייטן צוזאַמען. „דרײַ גאַנצע קליידלעך״ — דרײַ קליידלעך וואָס זײַנען גאַנץ, „גאַנצע דרײַ קליידלעך״ — ניט מער ווי דרײַ קליידלעך, סך־הכּל דרײַ קליידלעך. קען אויך זײַן דער קוריאָז: „גאַנצע דרײַ צעריסענע קליידלעך״.

## XII.

# דער פּראָנאָם

לויט דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען הייסט דער וואָרטקלאַס — דער פֿאַר־נאָמען. צו אים דאַרפֿן געהערן ווערטער וואָס פֿאַרבײַטן, פֿאַרטרעטן, קומען אַנשטאָט אַ נאָמען פֿון אַ זאַך אָדער פֿון אַן אײַגנשאַפֿט. אין תּוך איז דאָ דער ענין קאָמפּליצירטער, ווײַל ווערטער וואָס געהערן צו אָט דעם וואָרט־קלאַס האָבן אייגענע, פֿאַרזיכדיקע באַטײַטן און פֿאַרבײַטן ניט אַנדערע ווערטער. דאָס זײַנען ווערטער וואָס עס איז ביז גאָר שווער אויסצוטײַטשן און וואָס זײַנען נייטיק אין לשון. דער פּראָנאָם בעמט אַרום אַ קליינע גרופּע ווערטער וואָס צעפֿאַלט זיך אין עטלעכע אונטערגרופּעס. די דאָזיקע ווער־טער האָבן זיך זייערע באַזונדערקייטן וואָס מע געפֿינט ניט אין אַנדערע וואָרטקלאַסן. דעריבער טאַקע איז דער פּראָנאָם באַרעכטיקט מע זאָל אים באַטראַכטן ווי אַ באַזונדערן וואָרטקלאַס.

## א. די פּערזענלעכע פּראָנאָמען

1. די פּערזענלעכע פּראָנאָמען זײַנען: איך, דו, ער, זי, עס און אין זייערע מערצאָל: מיר, איר, זיי; מע און מען.

2. די פּערזענלעכע פּראָנאָמען זײַנען סוביעקטן פֿון זאַצן (און אין ספּעציעלע פֿאַלן טיילן פֿון נאָמינאַלע פּרעדיקאַטן): איך זאָג דעם אמת; דו דאַרפֿסט עס טאָן, ער איז דער לערער; זי איז די לערערין; עס וועט ווערן בעסער; מיר וועלן אײַך העלפֿן; איר לאָזט זיך פֿאַרפֿירן; זיי שטימען באַלד אָפּ; מע זאָגט אַזוי, זאָגט מען טאַקע אַזוי?

די פּערזענלעכע פּראָנאָמען ביגדן זיך מיט ווערבן. מיט זיי און אַ דאַנק זיי בײַט זיך דער ווערב לויט דער פּערזאָן, בייגט זיך דער ווערב.

3. איך און דו און אַלע מערצאָל־פֿאָרמען פֿון די פּערזענלעכע פּראָ־נאָמען בעמען אַרום אַלע גראַמאַטישע מינים. ער איז אַ באַשעפֿעניש פֿון מענלעכן געשלעכט און האָט אין זיבען אַ סובסטאַנטיוו פֿון מענלעכן מין, זי איז אַ באַשעפֿעניש פֿון ווײַבלעכן געשלעכט און האָט אין זיבען אַ סוב־סטאַנטיוו פֿון ווײַבלעכן מין; עס האָט אין זיבען און קען פֿאַרבײַטן אַ סוב־סטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין און באַצייכנט, ציט זיך צו עפּעס וואָס איז אַלץ־אַרומנעמיק און (אָדער) וואָס איז אומבאַשטימט, ווי אין די זאַצן: עס רעגנט, עס וועט ווערן קילער, עס ציט מיך צו אים, עס איז אַ שווער געפֿיל. מע און מען — דאָס איז דער אומבאַשטימטער פּערזענלעכער פּראָנאָם וואָס

לאַגישערהייט איז עס אַ מערצאָל און לויט דער פֿאָרעם אַן איינצאָל פֿון דער דריטער פּערזאָן: מע רעדט אַז...; נו, רעדט מען אַז...

4. ווען מע האָט בפֿירוש אין זינען אַ באַשעפֿעניש פֿון מענלעכן געשלעכט, אָבער דאָס וואָרט וואָס דריקט עס אויס איז פֿון נייטראַלן מין, ווערט עס פֿאַרביטן ניט מיט עס, נאָר מיט ער. דוגמאות: —„וואָס מאַכט דײַן חתנדל?״ —„ער איז נאָך ניט געזונט און מע וועט דאַרפֿן אָפּלייגן די חתונה״; „דאָס ענדל האָט שוין אָרום זיך די היבער, ער פּירט זיך שוין מעשׂה האָן״. אַזוי אויך ווען מע האָט אין זינען אַ באַשעפֿעניש פֿון ווײַבלעכן געשלעכט און דאָס וואָרט איז פֿון נייטראַלן מין, ווערט עס פֿאַרביטן ניט מיט עס, נאָר מיט זי. דוגמאות: „דאָס ווײַבל איז שיין, זי איז מלא חן״; „אָט קומט מײַן שוועסטערל, זעט ווי זי האָט זיך אויסגעפּוצט״; „דאָס קעלבל האָט זיך אָפּגעקעלבט, זי גיט איצט אַ סך מילך״.

5. מע און מען — דאָס איז אייגנטלעך איין מאָרפֿעם אין צוויי פֿאָרמען. פֿאַר ן ווערב קומט מ ע. בלויז ווען דער ווערב הייבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל אָדער אַ דיפֿטאָנג, קומט מען פֿאַרן ווערב: מע האָרעוועט, מען אַרבעט; מע פֿרעסט, מען עסט; מע קומט צו הילף, מען אינטערווענירט, מען איז זיך משתדל; מע משפּט, מען אורטיילט; מע פּראָטעסטירט, מען אַפּאָנירט; מע קרעכצט, מען אײַקעט; מע מאַכט זיי פֿאַר אַדללײַט, מען איידלט זיי; מען אויקעט. נאָכן ווערב איז שטענדיק בלויז מ ע ן: האָרעוועט מען, משפּט מען, קרעכצט מען, קומט מען צו הילף, פּאָרעט מען זיך. עס ווערט רעקאָמענדירט ניט צו שרײַבן מ׳ (מ׳זאָגט, מ׳איגנאָרירט), ווײַל מע רעדט דאָך אַרויס מע אָדער מען; אַנשטאָט מע געווינט מען דאָך גאָרנישט.

6. מיר קומען איצט צו די קאַזוסן, די בייגפֿאַלן פֿון די פּערזענלעכע פּראָנאָמען, חוצן באַמינאַטיוו אין די פּונקטן 1־4. שוין אין דער צווייטער העלפֿט נײַנצטן יאָרהונדערט איז דער געניטיוו (מײַנער, דײַנער, זײַנער, אירער) כּמעט פֿאַרשוואונדן פֿון דער רײדשפּראַך און איז איצט ניט נייטיק פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. האָבן די פּערזענלעכע פּראָנאָמען די זעלביקע דרײַ בייגפֿאַלן וואָס דער באַשטימטער אַרטיקל און דער אַדיעקטיוו. אָט איז די טאַבעלע:

| נאָמינאַטיוו | איך | דו | ער | זי | עס | מיר | איר | זיי |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַקוזאַטיוו | מיך | דיך | אים | זי | עס | אונדז | אײַך | זיי |
| דאַטיוו | מיר | דיר | אים | איר | אים | אונדז | אײַך | זיי |

7. זען אין קאַפּיטל דער סובסטאַנטיוו, ענין ה, פּונקטן 2־8. אַזוי ווי עס איז בײַ די פּערזענלעכע פּראָנאָמען פֿאַראַן דער בולטער חילוק צווישן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו (בײַ די פּראָנאָמען: מיך און מיר, דיך און דיר, זי און איר, עס און אים), ברענגען מיר אַ שלל זאַצן און פֿראַזעס וואָס קענען העלפֿן אײַנצולערנען דאָס ריכטיקע ניצן דעם אַקוזאַטיוו און דעם דאַטיוו:

א) דער פערזענלעכער פראָנאָם איז אַ דירעקטער אָביעקט. איך זע דיך, (זי, עס); דו זעסט מיך (זי, עס); זיי באַגעגענען מיך (דיך, זי, עס); ער באַשרײַבט מיך (דיך, אים, זי, עס); אויפֿהייבן מיך (דיך, אים, זי, עס); אָנטאָן מיך (דיך, אים, זי, עס); אַרויסוואַרפֿן מיך (דיך, אים, זי, עס); זיי דערמאָנען מיך (דיך, אים, זי, עס) צום גוטן; עס גייט מיך (דיך, אים, זי) ניט אָן; זיי באַגעגענען מיך (דיך, אים, זי, עס); איר בעט מיך (אים, זי, עס); זיי גריסן מיך (דיך, זי עס); הייס מיך (זי, עס) צו טאָן אַזאַ אַרבעט; זיי הערן מיך (דיך, זי, עס) ווי דעם פּאַראַיאַריקן שניי; זאָל מען ניט חושד זײַן מיך (דיך, זי); זיי חנפֿענען מיך (דיך, זי); לאָז מיך (אים, זי) צו רו; ער סטראַשעט מיך (דיך, זי); ער פֿאָלגט מיך (דיך, זי, עס); [פֿאָלג מיר אַ גאַנג, ווײַל דאָ זײַנען פֿאַראַן צוויי בייגפֿאַלן.] ער פֿרעגט מיך (דיך, זי, עס); זיי רופֿן מיך (דיך, זי, עס).

ב) דער פערזענלעכער פּראָנאָם איז אַן אומדירעקטער אָביעקט. עס שטייט מיר (דיר, אים, איר) ניט אָן; ער וועט ענטפֿערן מיר (דיר, איר, אים) אויפֿן בריוו; ער טוט מיר (דיר, אים, איר, אים) אָן דעם מאַנטל; עס ווערט מיר (דיר, איר, אים) גרינגער אויפֿן האַרצן; מיר (דיר, אים, איר, אים) מאַכט עס ניט אויס; מיר (דיר, אים, איר) גיט זיך עס אײַן; אַ נײַע המצאה איז מיר (דיר, אים, איר, אים) אײַנגעפֿאַלן; מיר (דיר, אים, איר) איז עס שווער אָנגעקומען; זאָל עס מיר (דיר, איר, אים) באַשערט זײַן; עס גייט מיר (דיר, אים, איר) גאַנץ גוט; עס גלוסט זיך מיר (דיר, אים, איר, אים); גלייבן מיר (דיר, אים, איר, אים); דאָס געהערט מיר (דיר, אים, איר אים); דאָס וועט מיר (דיר, איר, אים) זיך אײַנגעבן, געלינגען; עס געפֿעלט מיר (דיר, איר); עס וועט מיר (דיר, אים, איר, אים) געראָטן; געטרײַ דינען מיר (דיר, איר, אים); זאָל גאָט מיר (דיר, אים, איר, אים) העלפֿן; צו וואָס טויג עס מיר (דיר, אים, איר)? שטער מיר (איר, אים) ניט אין דער אַרבעט!

8. אַנשטאָט דו ניצט מען איר, ווען מע ווענדט זיך צו עמעצן וואָס מע קען ניט, צו אַן עלטערן, צו דעם וואָס מע וויל אים אַרויסווײַזן דרך־ארץ. אַנשטאָט צו דוצן — אירצט מען. „קומט אַרײַן, וועט איר מיר זאָגן וועט איר זײַט"; „רבי, ווען וועט איר צוריקקומען?"; „ווען וועט איר מיר געבן דאָס וואָרט, פֿרײַנד פֿאָרזיצער?"; „ביסטו נאָך אַ בחור אָדער זײַט איר שוין אַ חתונה־געהאַטער?" [אַ רבי פֿלעגט דוצן נאָר קליינע קינדער, בחורים־לעך פֿלעגט ער שוין אירצן. אין דער אייגענער משפּחה האָט מען גערדוצט דעם פֿאָטער און די מוטער, אָבער עלטערע קרובֿים וואָס מען איז ניט געווען אינטים־באַגענט מיט זיי פֿלעגט מען אירצן.]

9. די דיאַלעקטישע עץ אַנשטאָט איר און ענק אַנשטאָט אײַך האָבן זיך ניט פֿאַרפֿעסטיקט אין כּלל־ייִדיש. די פֿאָלקסטימלעכע איבערחזורונגען פֿון פערזענלעכע פּראָנאָמען („מי'ר גייען מיר", „דו' זאָגסטו", „זי' קומט זי") זײַנען נייטיק בלויז דעמאָלט ווען מע וויל פּינקטלעך איבערגעבן

עמעצנס רייד, אָבער אין אַזאַ פֿאַל זײַנען באַרעכטיקט אַלע מינים דיאַלעקטישע ווערטער און פֿאָרמען.

סע איז פּאַראַלעל צו עס און איז פֿולבאַרעכטיקט. ווען עס טרעפֿן זיך צונויף אַזעלכע קלאַנגען וואו ס איז שווערלעכער ווי ע, איז גלײַכער צו ניצן סע: סע שטשעמעט, סע זשומעט, סע טשעשעט און ענלעכע. ס׳ — די קירצונג — איז תּמיד באַקוועם און שטימט מיטן אַרויסרעדן.

10. וועגן ז י ך זען ווערב, ענין יד.

# ב. די פּאָסעסיווע פּראָנאָמען

1. די פּאָסעסיווע פּראָנאָמען זײַנען אַזוי ווי אַדיעקטיוון און זיי האָבן אַ קורצע און אַ לאַנגע פֿאָרעם. די קורצע פֿאָרעם פֿון די פּאָסעסיווע פּראָנאָמען: מײַן, דײַן, זײַן, איר, זײַן, אונדזער, אײַער, זייער. די קורצע פֿאָרעם בייגט זיך ניט, דעקליגירט זיך ניט, אָבער זי איז ניט אינוואַריאַנטיש, ווײַל די מערצאָל איז: מײַנע, דײַנע, אירע,... זייערע.

2. די פּאָסעסיווע פּראָנאָמען זײַנען אַטריבוטן. זיי קומען, ווען מע דאַרף זיי, למשל: „וואָס עפּעס לייגסטו אַרײַן דײַן האַנט אין מײַן (איר, זײַן) קעשענע?" עס איז דאָך ניט בייטיק: „איך לייג אַרײַן מײַן האַנט אין מײַן קעשענע", איז עס טאַקע קעגן דעם גוסט פֿון ייִדיש און מע דאַרף זאָגן: „איך לייג אַרײַן די (אַ) האַנט אין (דער) קעשענע". ווען אַ פּאָסעסיווער פּראָנאָם חזרט זיך איבער עטלעכע מאָל, באַקומט זיך אַזאַ פֿאַרזעעניש: „איך לייג אַרײַן מײַן האַנט אין מײַן קעשענע און נעם אַרויס מײַן טיכל זיך אָפּצווישן מײַן שטערן" — אַנשטאָט: „איך לייג אַרײַן די האַנט אין קעשענע און נעם אַרויס אַ טיכל זיך אָפּצווישן דעם שטערן".

3. מײַן און דײַן נעמען אַרום באַשעפֿענישן פֿון ביידע געשלעכטער. זײַן קען זיך ציִען בלויז צו אַ באַשעפֿעניש פֿון מענלעכן געשלעכט און איר צו אַ באַשעפֿעניש פֿון ווײַבלעכן געשלעכט. דוגמאָות: מײַן גאַלמעסער, מײַן אונטערקליידל, דײַן שווערס פֿאַרמעגן און זײַן קאַרגשאַפֿט, דײַן שוויגערס מענה־לשון און אירע קללות, דאָס ייִנגעלע און זײַנע שטיפֿערײַען, דאָס מיידעלע און אירע שפּילכלעך; „מײַן מאַן (מײַן ווײַב), דײַנע טענות האָבן ניט קיין גרונד"; „האָט זי צרות פֿון איר מאַן, דײַנע טענות..."; „האָט ער צרות פֿון זײַן ווײַב, אירע טענות...".

4. דער פּאָסעסיווער פּראָנאָם אין זײַן קורצער פֿאָרעם קומט שטענדיק פֿ אַ ר ן סובסטאַנטיוו און פֿאַר די אַנדערע ווערטער וואָס ציִען זיך צו דעם סובסטאַנטיוו: מײַן חבֿר, מײַן גוטער (געטרײַער, איבערגעגעבענער) חבֿר, מײַן ברודערס חבֿר, מײַן זאַמלונג פּאָסטמאַרקעס, מײַנע אָנגעזאַמלטע פּאָסטמאַרקעס, קאָפּיעס פֿון מײַנע פֿאַראַיאָריקע און פֿאַר־צוויי־יאָריקע בריוו. בלויז אין דער פּאָעטישער שפּראַך קען זיך טרעפֿן אַז דער פּאָסעסיווער פּראָנאָם אין זײַן קורצער פֿאָרעם זאָל קומען נאָכן סובסטאַנטיוו, ווי: טײַע־

דער ברודער מײַן, טײַערע שוועסטער מײַן. אויך דאָרטן ווערט עס ניט רעקאָמענדירט.

5. די לאַנגע פֿאָרעם פֿון פּאָסעסיווע פּראָנאָמען דעקלינירט מען ווי דעם אַדיעקטיוו: ברודער מײַנער, שוועסטער מײַנע — נאָמינאַטיוו; זען דעם ברודער מײַנעם, די שוועסטער מײַנע — אַקוזאַטיוו; מיט דעם ברודער מײַנעם, מיט דער שוועסטער מײַנער — דאַטיוו. אין מערצאָל איז די ענדונג שטענדיק ־ע, ווי בײַ אַדיעקטיוון: מײַנע ברידער, אירע ברידער, אונדזערע ברידער און שוועסטער.

6. עס איז קלאָר פֿון פּונקט 5 אַז די לאַנגע פֿאָרעם פֿון פּאָסעסיווע פּראָנאָמען קומט נ אָ כ ן סובסטאַנטיוו: זײַן מוטער — די מוטער זײַנע, מיט זײַן מוטער — מיט דער מוטער זײַנער. אָבער עס קען אויך זײַן די לאַנגע פֿאָרעם פֿון אָט די פּראָנאָמען, אויב פֿאַרן סובסטאַנטיוו קומט אַרײַן דער אומבאַשטימטער אַרטיקל: מײַנער אַ ברודער, זײַנע אַ שוועסטער, אירע אַ חבֿרטע, אונדזערע (עפּעס) אַ קרובֿה. דער באַטײַט פֿון דעם אַ איז: אײנע(ר) פֿון.

7. כּדי בולטער אַרויסצוהייבן ווערט אויסגעטיילט באַזונדער דער נייטראַלער מין. די ענדונג אין נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו איז ־ס: „קינדעלע (מיידעלע, ייִנגעלע, ווײַבעלע) מײַנס, קום צו מיר"; „איך זע דאָס קינדעלע (מיידעלע, ייִנגעלע, ווײַבעלע) דײַנס (זײַנס, אײַערס, זייערס)". דאָס שטימט מיטן אַדיעקטיוו פֿון נייטראַלן מין, אָבער די פּונקטן 4א און 3ב קענען אפֿשר פֿאַרפֿירן. די ענדונג אין דאַטיוו איז ווי בײַ אַדיעקטיוון: מיט דעם קינדעלע מיינעם (אירן, זייערן), אָבער אויך דאָ קען אין דאַטיוו זײַן די פּאַראַלעלע פֿאָרעם מיט ־ס: מיט דעם קינדעלע מײַנס, ווי מיט אַ קינדעלע מײַנס.

8. אַ פּאָסעסיווער פּראָנאָם אָן אַ סובסטאַנטיוו איז אין דער לאַנגער פֿאָרעם: ער איז מײַנער, זי איז אײַערס, דאָס איז זײַנס. דאָס אַבסטראַקטע איז שטענדיק מיטן ־ס: „מײַנס איז דײַנס, נעם זיך וואָס דו ווילסט"; „מײַנס איז מײַנס און דײַנס איז דײַנס — זאָגט אַ רשע".

## ג. די דעמאָנסטראַטיווע פּראָנאָמען

1. צו די דעמאָנסטראַטיווע פּראָנאָמען געהערן ראשית־כּל דער, די, דאָס. עס איז דער באַשטימטער אַרטיקל מיט אַ בולטן אַקצענט: דע'ר וואָרט שווין דאָ; די' וועט ניט זײַן קיין גוטער עדות; דאָ'ס איז אַלץ, מער דאַרף מען ניט; דע'ם לאָז ניט אַריבער איבער דער שוועל; דע'ר זאָגט ניט קיין וואָרט; די' וועלן אַלץ איבערקערן האָרנעם־קאָרנעם. אָט דע'ר פּראָנאָם ווערט נאָך פֿאַרשטאַרקט מיט אָט און אָטאָ פֿאַר אים: אָט דאָ'ס לאַנד איז אונדזער אײנציקס; אָטאָ דע'ר ווײַסער־חבֿרהניק; דער שרײַבער פֿון אָט די' שורות; אָט די' מיידל וועט עס זײַן דײַן כּלה? מיט איר האָסטו עסקים? מיט אָטאָ דע'ר?

2. די פּראָנאָמען דער, די, דאָס, די בייגן זיך ווי דער באַשטימטער אַרטיקל. זיי קענען פֿאַרבײַטן די פּערזענלעכע פּראָנאָמען. דוגמאָות: „איך האָב ליב דעם לערער, דער דערציילט אונדז שיינע מעשׂיות"; „אַיאָ, די באָבע, די בראַנגט שטענדיק גוטע זאַכן"; „דאָס ייִנגסטע קינד, דאָ'ס איז אײַנגעבאַקן אין האַרצן"; „מײַן בעסטער חבֿר מיט דע'ם איז שווער זיך צו שיידן". פֿון די דוגמאָות איז קלאָר אַז אָט דער אופֿן פֿאַרבײַטן דעם פּערזענלעכן פּראָנאָם מיטן דעמאָנסטראַטיוון איז אַן אויסדרוק פֿון אַפֿעקטיווקייט. דאָ האָבן מיר אַגבֿ אַ שטריך פֿון שלום־עליכמס לשון און אָט זײַנען צוויי ציטאַטן פֿון אים: „האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט זײַן שטעטעלע, אײדער ער האָט דאָס פֿאַרלאָזן"; „וויאָ! מאַך איך צום פֿערדל און נעם זיך אָן מיט האַרץ און גיב דעם אַ פּאָר שמיצלעך".

אָפֿטער ווי אין די אַנדערע פֿאַלן קומט פֿאָר דער פֿאַרבײַט פֿון עס אויף דאָס אין אַזאַ קאָנסטרוקציע: „קלמבקע קנאַקניסל — דאָס איז זײַן צונאָמען"; „דער גן־עדן — דאָס איז בײַ אים אַ זאַטער מאַלצײַט"; „ער איז זייער אַ פֿעאיקער מענטש — דאָס ווייסן אַלע".

3. צו די דעמאָנסטראַטיווע פּראָנאָמען געהערן: אַזאַ' וואָס בייגט זיך ניט און קען אָבער האָבן אויך די פֿאָרעם אַזאָס (אַזאַ קינד — אַ קינד אַזאָס) און דעם מחיצה־נון — אַזאַן (אויף אַזאַן אופֿן, בײַ אַזאַן אַסיפֿה); אַזוינער (אַזוינע, אַזוינעם, אַזוינס); אַזעלכער (אַזעלכע, אַזעלכן, אַזעלכס און אויך אַזעלכעס); דער זעלביקער און אויך דער זעלבער (די זעלביקע, דאָס זעלביקע, דעם זעלביקן); דער דאָזיקער (די דאָזיקע, דעם דאָזיקן, דאָס דאָזיקע). דער אייגענער קען אויך זײַן אַ פּראָנאָם, ווען דאָס וואָרט באַטײַט: דער זעלביקער.

4. די דעמאָנסטראַטיווע פּראָנאָמען קענען האָבן די פֿאָרעם פֿון דעם פּאָסעסיוו: דעמס מיינונג, אַזוינעמס, אַזעלכנס און אַזעלכערס, דעם זעלביקנס און דעם זעלבנס, דעם דאָזיקנס.

## ד. די אינטעראָגאַטיווע און רעלאַטיווישע פּראָנאָמען

1. ראשית־כּל געהערן צו די פֿרעג־פּראָנאָמען ווער? וועגן אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש און וואָס? וועגן אַן אומבאַלעבטער זאַך. דער אָביעקטיוו פֿון ווער איז וועמען? און די פֿאָרעם פֿון פּאָסעסיוו איז וועמענס און וועמעס. וואָס איז אַן אינוואַריאַנט. אין דער זעלביקער גרופּע פּראָנאָמען: וואָס פֿאַר אַ און די קירצונג סאַראַ, וואָסער — די אַלע דרײַ מיט דעם זעלביקן באַטײַט. דוגמאָות: „וואָס פֿאַר אַ (סאַראַ, וואָסער) מין מענטש איז ער?"; „וואָס פֿאַר אַ (סאַראַ, וואָסער) בילד איז דער מאָלער גרייט אָוועקצושענקען?"; „מיט וואָס פֿאַר אַ (וואָסער) פּלאַן קומט איר צו דער פֿאַרזאַמלונג?" זיך מערקן: סאַראַ האָט ניט קיין דאַטיוו.

וועלכער איז דער פּאַסיקער פֿרעג־פּראָנאָם, ווען עס איז פֿאַראַן אַ ברייטער באַטש פֿון צוויי. די בייגונג־פֿאָרמען זײַנען: וועלכע, וועלכן, וועלכס און

װעלכעס. „װעלכער בחור איז דער שענסטער?", „װעלכע שװעסטער פֿון די דרײַ איז זײַן כּלה?", „װעלכן פֿון די קינדער שיקט איר שטודירן?", „װעלכעס קינד טראָגט בײַ אײַך אַ כּתונת־פּסים?"

2. די רעלאַטיװישע פּראָנאָמען זײַנען די זעלביקע װאָס די אינטער־ראָגאַטיװע. דער גרויסער אונטערשייד איז אין דער אינטאָנאַציע און אין דער פֿונקציע אין זאַץ. דוגמאָות: „װער עס איז װעט קומען צו הילף"; „װער עס האָט די מאה — האָט די דעה"; „װער עס גיט — דער קריגט"; „װאָס עס איז — איז רק בעסער װי װאָס עס װעט זײַן", „װאָס מע װיל בײַטאָג חלומט זיך בײַנאַכט"; „װאָס עס איז גוט פֿאַר בערלען איז גוט פֿאַר שמערלען"; „װעמען גאָט װיל שטראָפֿן — נעמט ער אים צו דעם שׂכל"; „װעמען דער מזל גיט ניט קיין שײַן איז גלײַכער זיך לייגן אין קבֿר אַרײַן"; „װעמע(נ)ס פֿעלד יענעמס געלט".

„איך װייס דערװײַל ניט װעלכער פֿון דעם טאַטנס ישיבֿה־בחורים װעט זײַן מײַן חתן"; „איך װייס ניט װעלכעס פֿון די קינדער איך זאָל מיטנעמען מיט זיך". װען מיר האָבן אַזאַ זאַץ: „דער פֿרעמדער, מיט װעלכן איך האָב נעכטן זיך באַגעגנט בײַ אײַך, מאַכט אַ גוטן אײַנדרוק" — איז קלאָר אַז דאָ קען ניט זײַן די רייד װעגן עפּעס אַ רײ, בלויז װעגן אַן אײנציקן; איז גלײַ־כער דאָ אויסצוקומען אָן 'מיט װעלכן': „דער פֿרעמדער װאָס איך האָב..." אָנשטאָט: „דער פּראָפֿעסאָר דורך װעלכן מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנ־צוקומען אין געשלאָסענעם סעמינאַר, קען מיך פֿון פֿאַראַיאָרן" — דאַרף זײַן: „דער פּראָפֿעסאָר װאָס דורך אים האָט זיך מיר אײַנגעגעבן...". [זען זאַץ, ענין ח.]

## ה. פֿאַרשיידענע פּראָנאָמען

מע קען נאָך אײַנטיילן די פּראָנאָמען אין עטלעכע גרופּעס לויט זייערע באַטײַטן אָדער לויט זייערע פֿאָרמען. עס איז אָבער גלײַכער און איבער־זיכטלעכער צו באַטראַכטן באַזונדער אַ צאָל פּראָנאָמען אָדער זיי געבן אין גאָר קלײנע גרופּקעלעך.

1. אַבי װאָס, אַבי װאָסער, אַבי װער, אַבי װעלכער הייבן אַרויס אַז עס איז קיין חילוק ניט. מאַכן אַ פּאָר הײזלעך פֿאַר אַבי װעמען פֿון די קינ־דער פֿון אַן אַבי װאָסערן שטאָף; קויפֿן אַבי װאָס פֿאַר אַבי װעלכן פֿון די קינדער.

2. עמעצער קען האָבן די פֿאָרמען: עמעצן, עמעצנס. קיין מערצאָל איז דאָ ניטאָ, עמעץ קען זײַן בלויז אין נאָמינאַטיװ. „עמעצ(ער) איז אַרײַנגעקו־מען", „איך האָב עמעצן באַגעגנט", „דאָ זײַנען געבליבן עמעצנס קאַלאָשן". װען מע װייסט אַז דער 'עמעצער' איז אַ פֿרוי, בעסער ניט ניצן אָט דעם פּראָנאָם נאָר: „אַ פֿרוי איז אַרײַנגעקומען", „דאָ זײַנען געבליבן אַ פֿרויס קאַלאָשן".

3. יענער קען האָבן די פֿאָרמען: יענער מאַן, יענע פֿרוי, יענס קינד, זען יענעם מאַן, געבן עפּעס יענער פֿרוי, צונעמען עפּעס יענעמס, יענערס. די מערצאָל איז דאָ אָפּט און פֿאַרשטייט זיך בלויז יענע: יענע מענער, פֿרויען, קינדער.

4. יעדער וואָס קומט פֿאַרן סובסטאַנטיוו (אויך ווען דער סובסטאַנטיוו קומט מיט אַן אַדיעקטיוו) דאַרף מען לאָזן אָן שום שינוי און בייגונג: יעדער מאַן, יעדער פֿרוי, יעדער קינד, רעדן מיט יעדער מאַן (פֿרוי, קינד), בעטן יעדער מאַן (פֿרוי, קינד). ווען דאָ איז נייטיק דער פּאָסעסיוו, באַקומט מען: יעדער מאַנס, יעדער פֿרויס, יעדער קינדס. פֿאַראַן אויך די פֿאָרעם יעדערנס: „ס'איז יעדערנס עסק".

און דאָך זײַנען מעגלעך די פּאַראַלעלע פֿאָרמען: אין אַביעקטיוו פֿון מענלעכן מין יעדן (באַגעגענען יעדן עולה) און דער פּאָסעסיוו — יעדנס (אַרויפֿלייגן שטײַערן אויף יעדנס פֿאַרמעגן) אין נאָמינאַטיוו און אַקוזאַטיוו פֿון ווײַבלעכן מין יעדע (יעדע תּלמידה האָט געמוזט דורכגיין דעם עקזאַמען, איך קען יעדע חבֿרטע פֿון מײַן קלאַס), אין דאַטיוו יעדער (געבן יעדער חבֿרטע אַ מתּנה) און דער פּאָסעסיוו ווײַבלעך יעדערס; אָבער ווען די פֿאַרבינדונג איז מיט אַ סובסטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין בלײַבט בלויז יעדער, בשום־אופֿן ניט ׳יעדעס׳.

ווי באַלד דער זעלביקער פּראָנאָם קומט אָן אַ סובסטאַנטיוו אָדער עס איז דאָ אַ מחיצה צווישן דעם פּראָנאָם און דעם סובסטאַנטיוו, קריגט ער די פֿאָרעם יעדערער וואָס בייגט זיך ווי אַן אַדיעקטיוו: „יעדערער ווייסט עס, יעדערער פֿאַרשטייט עס", „זיך פֿאַרשטענדיקן מיט יעדערן פֿון די מיטגלי־דער", „זיך צונויפֿרעדן מיט יעדערער פֿון די פֿרײַנדינעס", „יעדערן פֿון די קינדער דאַרף מען שטעלן פּאַקן", „יעדערס פֿון די קינדער קריגט אַן אײַנ־שפּריצונג". קיין מערצאָל קען דאָ ניט זײַן.

אַיעדער איז פּונקט אַזוי לעגיטים און האָט די זעלביקע סיסטעם פֿאָרמען ווי יעדער. זיך מערקן: יעדער איינציקער.

5. יעטווידער איז אַזוי ווי יעדער: יעטווידער מאַן, יעטווידער פֿרוי, יעטווידער קינד. דער פּראָנאָם איז אינוואַריאַנטיש, חוץ דער פֿאָרעם אין אַביעקטיוו יעטווידערן: „רעדן מיט יעטווידערן (פֿון אײַך)". [עס איז אויך לעגיטים דער אויסלייג יעטוועדער.]

6. איטלעכער איז אַן אַדיעקטיווישער פּראָנאָם הגם אָן אַ מערצאָל. מיט אַ סובסטאַנטיוו פֿון מענלעכן מין זײַנען די פֿאָרמען: איטלעכער, איטלעכן און פֿון ווײַבלעכן מין: איטלעכע, איטלעכער. די פּאָסעסיוון זײַנען: איטלעכנס, איטלעכערס. מיט אַ סובסטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין — איטלעך: איטלעך קינד, רעדן מיט איטלעך קינד, איטלעכס פֿון די קינדער, רעדן מיט איטלעכן פֿון די קינדער.

7. עטלעכע דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ באַזונדערער פּראָנאָם וואָס איז בלויז אין מערצאָל און בייגט זיך ניט, ווי עס איז דער כּלל פֿאַר מערצאָל פֿון אַדיעקטיוון.

8. אייניקע דאַרף ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָנאָם, בלויז די מערצאָל־פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו אייניק. 'אייניקע זאָגן', 'אייניקע האַלטן' און ענלעכס דאַרף מען ניט ניצן. ייִדיש האָט אַ סך פּינקטלעכערע אויסדרוקן: טייל, אַ גרעסערער טייל, אַ קלענערער טייל, אַ ביסל, עטלעכע, אַ געוויסע צאָל, אַ היפּשער טייל און נאָך אַנדערע. בכן, קען מען און דאַרף מען אויסקומען אָן דעם אומקלאָרן און ניט־ייִדישלעכן פּראָנאָם 'אייניקע'.

9. קיינער, קיין איינער איז אַן אַדיעקטיוויש פּראָנאָם. קיין ווערט באַטראַכט ווי דער נעגאַטיווער אַרטיקל. די פֿאָרמען פֿון פּראָנאָם קיינער: „קיינער קען אים דאָ ניט”; „מיר האָבן דאָ קיינעם ניט געזען”; „דער שטעקן איז קיינעמס ניט, מעגסט אים נעמען”, „קיינע פֿון די פֿרויען וויל עס ניט טאָן”; „מײַנע פֿרויען, איך וועל עס קיינער פֿון אײַך ניט אָפּגעבן”; „וועמענס פֿאַטשיילע איז עס? קיינערס ניט?”; „קיינס פֿון די קינדער האָט עס ניט צעבראָכן”.

10. דער פּראָנאָם אַנדער פֿירט זיך לויט אַ באַזונדערער, אַן אייגנאַרטיקער סיסטעם. ווען אַנדער קומט מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל און שטייט פֿאַרן סובסטאַנטיוו — בייגט זיך דער פּראָנאָם אַנדער בכלל ניט, ער איז אַן אינוואַריאַנט. דאָ ווערן געגעבן אַ סך דוגמאות: דאָס איז אַן אַנדער מאַן, אַן אַנדער פֿרוי, אַן אַנדער קינד; אַרומגיין אַ פּאָר יאָר מיט אַ מיידל פֿון אייגענעם שטעטל און חתונה האָבן מיט גאָר אַן אַנדער מיידל פֿון אַן אַנדער שטעטל; חתונה געהאַט האָט זי מיט אַן אַנדער מאַן; איך טרעף אים שטענדיק מיט אַן אַנדער קינד אויף די הענט; מע דאַרף עס טאָן אויף אַן אַנדער אופֿן; פּלאָנטערט ניט, ס'איז אַן אַנדער ענין, גאָר אַן אַנדער פֿראַגע; איצט הערן מיר גאָר אַן אַנדער זינגען; דער קערפּער באַוועגט זיך מיט אַן אַנדער גיכקייט; אַ קוק טאָן דורך אַן אַנדער פֿאַרביק גלעזל; ער האָט אָנגעטאָן אַן אַנדער נײַעם מלבוש; אויסווישן מיט אַן אַנדער טרוקענער שמאַטע; דאָס זײַנען אַן אַנדער מאַנס (אַן אַנדער פֿרויס) קליידער.

ווען דער פּראָנאָם אַנדער קומט מיטן באַשטימטן אַרטיקל, ווען ער קומט נאָכן סובסטאַנטיוו, ווען ער קומט אינגאַנצן אַליין, אָן אַ סובסטאַנטיוו — בייגט זיך אָט דער פּראָנאָם אַנדער ווי יעדער אַדיעקטיוו. מיר ברענגען ווידער אַ סך דוגמאות: דאָס איז דער אַנדערער מאַן, דאָס איז אַ מאַן אַן אַנדערער, ער איז געוואָרן אַן אַנדערער; דאָס איז זײַן אַנדערע פֿרוי, דאָס איז די אַנדערע פֿרוי, די פֿרוי די אַנדערע; עס איז אַרײַן דאָס אַנדערע קינד (דאָס קינד דאָס אַנדערע) וואָס מיר האָבן פֿריִער ניט געהאַט געזען; דער ענין איז אַן אַנדערער, אָט דעם אַנדערן ענין וועלן מיר באַטראַכטן שפּעטער; די אַנדערע פֿראַגע וועט אויך שטיין אויפֿן סדר־היום; דער קערפּער באַוועגט זיך איצט מיט אַ גיכקייט אַן אַנדערער, לאָמיר אויסרעכענען די אַנדערע גיכקייט; אַ קוק טאָן דורך דעם אַנדערן פֿאַרביקן גלעזל; אָנטאָן דעם אַנדערן נײַעם מלבוש; אויסווישן מיט אַ שמאַטקע, אַן אַנדערער, אַ טרוקענער; דאָס זײַנען דעם אַנדערן מאַנס (דער אַנדערער פֿרויס) קליידער.

אין מערצאָל איז פֿאַראַן נאָר איין פֿאָרעם: אַנדערע, ווי בײַ אַנדערע אַדיעקטיוון.

מיר וואָרענען קעגן פּלאָנטערן אַנדערס מיט אַנדערש. אַנדערס איז אומדזער פּראָנאָם וואָס ציט זיך צו אַ סובסטאַנטיוו פֿון נייטראַלן מין, וואָס קומט מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל און וואָס שטייט נאָכן סובסטאַנטיוו: „דאָס איז אַ קינד אַן אַנדערס"; אַנדערש איז דער אַדווערב: „עס איז געשען אַנדערש ווי בײַ די איבעריקע קינדער". נאָך דוגמאָות: „ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך פֿאַר אים אָנגעהויבן אַ לעבן גאָר אַן אַנדערס"; „איין קינד איז אַ גוטס, אַ געראָטנס, דאָס אַנדערע איז אָבער אַן אַנדערס, עפּעס אַ שלימזל"; „דאָס לערנען אין אַ ישיבֿה איז אַן אַנדערס ווי אין אַ וועלטלעכער שול"; „ער רעדט אַנדערש ווי פֿריִער, געלאַסענער, איידעלער"; „איך האָב עס אַנדערש פֿאָר־שטאַנען ווי דו טײַטשסט עס אויס"; „אַנדערש וואָלט מײַן ליד געקלונגען, כ'זאָל פֿאַר גוֹיִים גויִאיש זינגען" (פּרץ).

עס קען ניט זײַן 'אַן אַנדערש מאָל', ס'מוז זײַן: אַן אַנדער מאָל. „ער זאָגט עפּעס אַנדערס" — עפּעס אַן אַנדער זאַך; „ער זאָגט עפּעס אַנדערש" — אויף אַן אַנדער אופֿן, אויף אַן אַנדער שטייגער.

11. מע באַטראַכט אויך דעם אַדיעקטיוו באַזונדער ווי אַ פּראָנאָם מיט די זעלביקע אייגנשאַפֿטן ווי דער פּראָנאָם אַנדער. דאָס איז ניט נייטיק פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. אַ באַזונדערע פֿראַגע, די באַזונדערע פֿראַגע — די פֿאַר־בינדונגען ווײַזן אַז באַזונדער איז אַ געוויינלעכער אַדיעקטיוו. אָבער אויך דאָ דאַרף מען זײַן געוואָרנט ניט צו פּלאָנטערן באַזונדערס, דעם אַדיעקטיוו אין נייטראַלן מין (אַ קינד אַ באַזונדערס) מיטן אַדווערב באַזונדער און באַזונדערש (זיך אויפֿפֿירן באַזונדערש גוט, עס קומט אַרויס באַזונדער געראָטן).

12. דער פּראָנאָם אַלדאָס (אָפֿט אַרויסגערעדט 'אַלדעס') קומט געוויינט־לעך מיט סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון אויסצודריקן דאָס אַבסטראַקטע: „ווינטשן עמעצן אַלדאָס גוטס, אַלדאָס גוטע". דער דאַטיוו איז: אַלדעם און אַלעם. דוגמאָות: „אויסרעדן אויף שכנים אַלדאָס בייז"; „געבוירן ווערן אין אַלדאָס גוטס (אין אַלעם גוטן), „אַלדאָס שיינע איז ניטאָ בײַ קיינעם".

אַלדי קען באַטראַכט ווערן ווי די מערצאָל פֿון אַלדאָס, אָבער אויך ווי אַ באַזונדערער פּראָנאָם וואָס קען זײַן בלויז אין מערצאָל. „טראָג זיך אָפּ צו אַלדי גוטע [= שוואַרצע] יאָר".

אַלצדינג, אַלדינג, אַלדאָסדינג זײַנען סובסטאַנטיווישע פּראָנאָמען וואָס נייטיקן זיך ניט אין נאָך אַ סובסטאַנטיוו, זיי קומען פֿאַרזיכדיק, זעלבשטענדיק: „צוגרייטן אַלצדינג וואָס מע דאַרף פֿאַר דער נסיעה"; „אַז מע ווייסט וואָס מע וויל וויסן, ווייסט מען אַלדינג"; „טאָן אַלדאָסדינג פֿאַרן קראַנקן קינד".

13. אַלע איז אַ פּראָנאָם וואָס קומט בלויז אין מערצאָל און בייגט זיך ניט, ווען עס קומט מיט אַ סובסטאַנטיוו. אַלע נעמט אַרום אַ גאַנצע גרופּע אָן שום אויסנאָם: אַלע מענטשן מוזן שטאַרבן, חרובֿ מאַכן אַלע ייִדישע קהילות, אַרעסטירן אַלע רעבעלן, פֿאַרברענען אַלע הײַזער, פֿאַרנעמען אַלע וויכטיקע פּאָזיציעס; שלום מאַכן מיט אַלע שונאים, אַנטלויפֿן פֿון אַלע סכּנות, בעטן געלט בײַ אַלע קרובֿים.

אָן אַ סובסטאַנטיוו ווערט עס אין אַקוזאַטיוו און דאַטיוו אַלעמען. „וואָס

עס איז גוט פֿאַר אַלעמען איז אויך גוט פֿאַרן יחיד", "זען אַלעמען אין אַ ניי ליכט", "זיך געזעגענען מיט אַלעמען", "באַלאַנגען צו אַלעמען און צו קיינעם ניט", "מע קען ניט יוצא זײַן פֿאַר אַלעמען", "אויף אַלעמען זיך בייזערן און זיך קריגן מיט אַלעמען".

דער פּאָסעסיוו פֿון אַלע איז אַלעמענס: פּילן אַלעמענס צרות און ווייטיקן, אַרויסקומען גאַנצערהייט פֿון אַלעמענס הענט; "ווען וועט קומען אונדזער אַלעמענס גליקלעכע שעה?"

14. אַלץ איז דער פּראָנאָם וואָס באַטײַט: דער פֿולער סכום זאַכן (ענינים, באַגריפֿן) וואָס מע האָט אין זינען. אַלץ בייגט זיך ניט. דוגמאָות פֿון ווערטלעך און שפּריכווערטער: "אַלץ איינאײנעם איז ניטאָ ביי קיינעם"; "אַלץ איז ביי יידן צו וויניק, נאָר שׂכל האָט איטלעכער גענוג"; "ניט אַלץ איז גאָלד וואָס גלאַנצט"; "געוווען אַלץ: אי תּורה, אי סחורה, אי געפּוצטע שטיוול"; "אַז דער סוף איז גוט — איז אַלץ גוט". אַלץ און ניט 'אַלעס' ביי אייגענע פֿאַרבינדונגען: צוגרייטן אַלץ, מיטנעמען אַלץ, האָבן אַלץ אין זינען, אויסלערנען אַלץ צום עקזאַמען, אויסדערציילן אַלץ.

אַלעס, וואָס איז אַרכאַאיש, איז געוווען באַטירלעך אין מערבֿ-יידיש, טויג פֿאַר דער כּלל-שפּראַך בלויז אין שפּריכווערטער מיט אַ גראַם ("דער דלות מעג אַלעס", "דעם דלות פּאַסט אַלעס", "אַ דאָקטער קען אַלעס, אָבער ניט אַרויסטרײַבן דעם דלות", און — "ענדע גוט — אַלעס גוט").

אַלעמען און אַלעם קען מען באַגעגענען אין אַ צאָל פֿאַרגליווערטע אויס-דרוקן ווי דעם דאַטיוו פֿון אַלץ: זײַן ניט מיט אַלעמען, ד"ה ניט אינגאַנצן געזונט; עס איז שוין נאָך אַלעמען, ד"ה שוין פֿאַרשפּעטיקט. שוין קיין האָפּ-נונג ניטאָ; געבן אַן ענטפֿער אויף אַלעם; "נאָך אַלעם האָב איך דאָך קיין שאָדן ניט געבראַכט".

15. אַלערליי און כּלערליי זײַנען אַדיעקטיוויש פּראָנאָמען וואָס בײַטן זיך ניט: כּלערליי זאַכן, אַלערליי רייד; מיט כּלערליי זאַכן, פֿון אַלערליי רייד.

## ו. אויפֿן גרענעץ

1. פֿאַראַן אייגנאַרטיקע ווערטער וואָס געהערן גלײַכצײַטיק צו די פּראָנאָמען און אויך צו אַנדערע וואָרטקלאַסן. זיי זײַנען גרענעץ-ווערטער. אַזאַ אינטערעסאַנט וואָרט איז אַ סך. סעמאַנטיש איז אַ סך אַ פּראָנאָם, וואָרעם דאָס וואָרט פֿאַרבײַט דאָך אַ היפּשע צאָל קוואַנטומס. פֿאָרמעל איז אַ סך אַ סובסטאַנטיוו: עס קומט דאָך מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל און קען אויך קומען מיטן באַשטימטן אַרטיקל — דער סך: "דער סך געלט וואָס ער האָט עס!"; "דער סך כּבֿוד וואָס מע קריגט עס פֿון אַזעלכע קינדער". און ווען אַ סך ציט זיך צו אַ ווערב — איז עס דאָך אַן אַדווערב: "אַ ביטער האָרץ רעדט אַ סך"; "שווײַגן אַ סך איז אַ קנאַפּע חכמה" (שוו). און אַגבֿ, עס איז אויך פֿאַראַן די פֿאָרעם אַסכן (אין דאַטיוו, אָן אַ סובסטאַנטיוו): "ס'איז גוט מיט אַסכן אין פֿײַן זײַן פֿאַראייניקט" (ה. לייוויק).

2. אַזאַ וואָרט איז אויך אַ ביסל („אַ ביסל און אַ ביסל ווערט אַ פֿולע שיסל"; „מעגסט ליידן אַ ביסל"; „אַ ביסל גוטס קומט אויך צו נוץ"). קען אין אַט דער גרופּע אַריינגענומען ווערן אויך טייל און ס׳רובֿ. אויך עפּעס און גאָרנישט זיינען סעמאַנטישע קאַנדידאַטן אַריינגענומען צו ווערן צווישן פּראָנאָמען.

3. פֿאַראַן אויך גרענעץ־פֿאַלן צווישן פּראָנאָם און אַדיעקטיוו. דאָס וואָרט באַזונדער איז שוין דערמאָנט ביים פּונקט 11. אַזאַ וואָרט ווי געוויסער איז אויך אויפֿן גרענעץ. מיר רעקאָמענדירן עס צו באַטראַכטן ווי אַן אַדיעקטיוו. אויפֿן סמך פֿון שפּריכוואָרט „אַז עס קלינגט איז אַ חגא" אַזאַ זאַץ: „ס׳רובֿ מענטשן האַלטן אַז ווען עס קלינגט איז אַ חגא, טייל מענטשן זאָגן גאָר אַז עס איז אַ פּגר אָדער אַ שׂריפֿה, געוויסע מענטשן חכמהן זיך אַז דער פֿויער ביי די גלעקער האָט זיך אָנגעשיכּורט".

4. פּראָאַדווערבן (זען אַדוו׳, ב) האָבן בלויז אַ ווייטע סעמאַנטישע קרובֿישאַפֿט מיט די פּראָנאָמען, ווייל זיי זיינען אויך פֿאַרבייטערס, אָבער דאָך ניט פֿון נאָמינאַ — פֿון אַדווערבן.

5. פֿאַראַן אַ קינדער־רעטעניש: „פֿאַר וואָס קויפֿט אַן אַלטער גלח אַ שטעקן (מיט אַ זילבערן הענטל)?" דער ערשטער ריכטיקער (אָדער פֿאַלשער) ענטפֿער איז: „פֿאַר געלט", ווייל דער הערער האַלט אַז די פֿראַגע איז דאָ אַ צווייוואָרטערדיקע — פֿאַר און דער פּראָנאָם וואָס; דער צווייטער ריכטיקער (אָדער פֿאַלשער) ענטפֿער איז: „ווייל עס איז אים שווער צו גיין אָן אַ שטעקן", ווייל דער הערער האַלט אַז די פֿראַגע איז געווען פֿאַרוואָס. קען מען שפּילעוודיק דרייען אַהין און אַהער, און דער פֿרעגער קריגט קיינמאָל ניט קיין ריכטיקן ענטפֿער. רייד קענען דאָ זיין צווייטייטשיק. אָבער ניט ווען דער אויסלייג איז אַ ריכטיקער.

# .XIII

# די פּרעפּאָזיציעס

## אַ. די ראָלע פֿון פּרעפּאָזיציעס

1. די קלײנע װערטע(ר)לעך, די פּרעפּאָזיציעס, שפּילן אַ גרױסע ראָלע אין אַלע אינדאָ־אײראָפּעאישע און סעמיטישע לשונות, אַפֿילו װען זײ באַ־האַלטן זיך, װי אין אונדזער לשון־קודש, טײלװײַז אונטער דער מאַסקע פֿון פּרעפֿיקסן. זײער מערכה אין די גראַמאַטיקעס איז ניט שטענדיק אַ גענוג גוטע, װײַל מע לײגט װײניק אַכט אױף זײ, זײ װערן באַװאָלט, אפֿשר דערפֿאַר װאָס זײ קומען קײנמאָל ניט אַלײן, נאָר צוזאַמען מיט אַ סובסטאַנטיװ, מיט אַ צאָלװאָרט, מיט אַ פּראָנאָם און מיט אַן אַדיעקטיװ װאָס קומט נאָך זײ — שאַפֿן זײ אײן זאַצגליד. די ראָלע פֿון די פּרעפּאָזיציעס איז באַזונדער גרױס בײַ אַן אַנאַליטישן שפּראַכבױ — און דאָס איז דאָך אַ הױפּט־אײגנשאַפֿט פֿון אונדזער גראַמאַטיק.

אַלע פּרעפּאָזיציעס קומען מיטן דאַטיװ.

2. װײַטער האָט מען דאָ צו טאָן מיט איבער פֿערציק פּרעפּאָזיציעס. װאָלט געװען ניט פּאַסיק זײ אַלע אױסצושטעלן װי זעלנערס נאָכן סדר פֿון אַלף־בית; װערן זײ אײַנגעטײלט אין פֿינעף ענינים. די אײַנטײלונג גופֿא איז ניט געבױט אױף אַ פֿעסטן פּרינציפּ, ניט אױף אַ לאָגישן יסוד; זי זעט בלױז אױס צו זײַן באַקװעם. און ראשית־כּל אַ װאָרענונג: פֿאַראַן פּרעפּאָזיציעס װאָס בײַם פֿאַרבינדן אַ סובסטאַנטיװ מיט אַ סובסטאַנטיװ אָדער אַ װערב מיט אַ סובסטאַנטיװ זײַנען זײ אמתע, עכטע פּרעפּאָזיציעס, אָבער בײַם פֿאַרבינדן אַ זאַץ מיט אַ זאַץ אָדער אַ זאַצטײל מיט אַ זאַצטײל צי אַ זאַצגליד מיט אַ זאַצגליד װערן זײ קאָניונקציעס. זען קאַפּ׳ קאָנ׳.

## בּ. די פּרעפּאָזיציע פֿון

1. פֿון איז די אָפֿטסטע פּרעפּאָזיציע אין ייִדיש, װי דער ענגלישער of, װי דער פֿראַנצײזישער de. ער קען זיך טרעפֿן צװײ אָדער אַפֿילו דרײַ מאָל כּסדר, אױב באַשטימטע װערטער־פֿאַרבינדונגען צװינגען עס אַרױף. דרך־אַגבֿ װערן אָנגעװיזן אַנדערע פּרעפּאָזיציעס װאָס קענען זײַן פֿאַרבײַטערס מיט דעם זעלביקן באַטײַט. עס איז שױן דערמאָנט װאו מע דאַרף אים ניט בײַם פּאָסעסיװ און בײַם קװאַנטיטאַטיװ (זען סוב׳, ו1, ז1, ז5, ז6). דאָ װײַטער קומען די אַלע פֿאַלן װאו מע דאַרף אים יאָ.

2. פֿון האָט אַן אָרטבאַטײַט און ווײַזט פֿונוואַנעט אַ זאַך קומט. פֿונוואַנעט עפּעס באַוועגט זיך, קומט ער נאָך ווערבן וואָס באַצייכענען אַ באַוועגונג; פֿון ווײַזט אויף אַ מהלך. דוגמאָות: פֿאָרן פֿון ירושלים, זיך לאָזן גיין פֿון יריד, אַרויסנעמען טעפּלעך פֿון אויוון, שטאַמען פֿון (דער) ליטע, עטלעכע מײַל פֿון שטאָט, אַ מהלך פֿון צוואַנציק קילאָמעטער.

פֿון בינדט זיך מיט אונטער און הינטער און עס ווערט פֿון אונטער, פֿון הינטער: פֿון אונטער די בעטן, פֿון אונטער דער שאַל, פֿון הינטער דער טיר, פֿון הינטער די וואָלקנס. די פּרעפּאָזיציע פּאָרט זיך מיט ביז, צו, אַרויס און עס באַקומען זיך צונויפֿגעזעצטע פּרעפּאָזיציעס פֿון — ביז, פֿון — צו, פֿון — אַרויס. דער ערשטער טייל איז פֿאַרן וואָרט, דער צווייטער טייל נאָך אים. דוגמאָות: פֿון ירושלים ביז תּל־אָבֿיבֿ, פֿון ווילנע ביז ביאַליסטאָק; פֿון קאָפּ ביז פֿיס, פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן; גיין פֿון שטוב צו שטוב, פֿון בערלען צו שמערלען; לײַכטן פֿון בלאָטע אַרויס; אַרויסקוקן פֿון דער גמרא אַרויס.

אָרט ווערט פֿאַרשטאַנען ניט בלויז ווי אַ געאָגראַפֿישער פּונקט, נאָר אויך ווי אַ טייל פֿון קערפּער, און האָט אויך מעטאַנימישע טײַטשן, ווי מע קען עס זען פֿון אַזעלכע פֿראַזעס און זאַצן: אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג, זיך אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ, אַראָפּ פֿון זינען; „ייִדעלעך פֿריש פֿון די אייעלעך" (ביאַליק); אַרויסגיין פֿון די כּלים; אַרויסשפּרינגען פֿון דער אייגענער הויט; זײַן פֿון גרעסטן ייחוס, פֿון אַ הויכן שטאַנד; „דער חילוק פֿון אַ גוטן קאָפּ ביז אַ שלעכטן קאָפּ איז אַ גראָשנדיק ליכטל" (אין נאָמען פֿון ווילנער גאון), „דאָס פֿישעלע אין טײַכעלע איז נאָך ווײַט פֿון בײַכעלע" (שוו).

3. פֿון ווײַזט אָן די צײַט ווען עפּעס הייבט אָן געשען, למשל: פֿון הײַנט אָדער פֿון נעכטן, אַ מעשׂה פֿון אַמאָל, פֿון מלך סאָבעצקיס צײַטן, פֿון מײַן קומען קיין ארץ־ישׂראל. דער פֿון בינדט זיך צונויף מיט פֿאַר: די יאָרן פֿון פֿאַר דער מלחמה, פֿון פֿאַרן עמיגרירן קיין אַמעריקע. די פּרעפּאָזיציע פּאָרט זיך מיט אָן און מיט אויף און עס באַקומען זיך די צונויפֿגעזעצטע פּרעפּאָזיציעס פֿון — אָן, פֿון — אויף: פֿון שׂמחת־תּורה אָן, פֿון קדמונים אָן, פֿון דעם זיידנס פּטירה אויף.

4. פֿון ווײַזט אויף אַ ס י ב ה פֿאַר אַ געשעעניש אָדער פֿאַרוואָס די געשעעניש איז ניט פֿאָרגעקומען. דוגמאָות: ציטערן פֿון שרעק, זיך קײַקלען פֿון געלעכטער, שטאַרבן פֿון טיפֿוס, אומקומען פֿון פֿראָסט, פֿון וועלף; „פֿון פֿיל ליידן קומט אַרויס לײַדן", „זי פֿלאַטערט פֿון צאָרן, פֿון בלוט איז זי רויט" (אַנסקי).

די פּרעפּאָזיציע פֿאַר קען דאָ זײַן אַ פֿאַרבײַטער און אויך אויס אין עלטערן לשון און עד־היום אין פּוילישן דיאַלעקט. דאָ איז אויך נאַטירלעך איבער און מחמת.

פֿון ווענן ווײַזט אויף אַ צ י ל און קומט צוזאַמען פֿאַרן סובסטאַנטיוו אָדער דער סובסטאַנטיוו ווערט אַרײַנגעשטעלט אינמיטן. דער פֿאַרבײַטער

איז דאָ צוליב. מיר זעען אַזאַ פֿון: פֿון ייִדנס וועגן, פֿון קידוש־לבֿנה וועגן, פֿון תּורה און חכמה וועגן; „גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן פֿון די קליינע קינדערס וועגן", „פֿון וועגן געלט גייט קיין שידוך ניט אָפּ" (שוו.).

5. עס קומט פֿון פֿאַרן אָביעקט נאָך די ווערבן: רעדן, דערציילן, שמועסן, אויסזאָגן, הערן, דערוויסן זיך, וויסן, טראַכטן, קלערן, חלומען, היטן, באַוואָרענען, שטאַמען, וואַקסן און אַנדערע מיט אַן ענלעכן באַטײַט. די זעלביקע פּרעפּאָזיציע קומט אויך נאָך געוויסע פּרעדיקאַטיווע אַדיעקטיוון ווי פֿרײַ, אָפּהענגיק, צופֿרידן. דוגמאָות: וויסן פֿון אַ לעבן אויף דער וועלט, שמועסן פֿון דעם איצטיקן מצבֿ, חלומען פֿון אַ בעסערער וועלט, אָפּלאַכן (חוזק מאַכן) פֿון דעם שלימזל.

נאַטירלעך זײַנען אויך: וועגן און מכּוח. דאָ קענען אויך קומען די פֿאַר־בײַטערס איבער און פֿאַר.

6. פֿון האָט די פֿונקציע צו ווײַזן צ אָ ל און מ אָ ס. אָט איז דער קוואַנטיטאַטיווער פֿון: אַ וועג פֿון הונדערט קילאָמעטער, אַ שטיק סחורה פֿון פֿינף מעטער, אַ מויער פֿון צוואַנציק גאָרן, אַ זקן פֿון עטלעכע און זיבעציק יאָר, אַ באַגעגעניש פֿון אַ פּאָר מינוט.

אַ באַוואָרעניש: עס איז ניט שייך די פּרעפּאָזיציע אין די קאָנסטרוקציעס פֿינף קילאָמעטער די לענג, צען מעטער די הייך און אין ענלעכע.

7. פֿון האָט די פֿונקציע צו ווײַזן דעם שטאָף, דעם מאַטעריאַל פֿון וואָס עפּעס איז געמאַכט. אָט איז דער קוואַליטאַטיווער פֿון: אַ קלייד פֿון זײַד, אַ בראָשקע פֿון גאָלד, מלבושים פֿון אַטלעס; „דער סערפּ איז פֿון שטאָל, די סאָכע פֿון אײַזן" (פֿרוג).

8. נאָך די פֿאַרגלײַכגראַדן קען אויך קומען פֿון: „אַ מענטש איז אַמאָל שטאַרקער פֿון אײַזן און אַמאָל שלאַפֿער (שוואַכער) פֿון אַ פֿליג"; „אַ געמאַכטע מכשפֿה איז ערגער פֿון אַן אמתער" (שוו.); דאָס ערגסטע פֿון דער תּוכחה, דאָס בעסטע פֿון די עשׂר־מכּות, דאָס שענסטע קינד פֿון דער גאַנצער משפּחה. זען אַדי׳, ד107.

9. אין דער פֿולער פּ אַ ס י ו ו ע ר קאָנסטרוקציע קומט פֿון און ווײַזט אויף דעם טוער, אויפֿן סוביעקט אין דער אַקטיווער פֿאָרעם. אַ פּאָר דוגמאָות פֿון פּאַסיווישן פֿון: געבענטשט געוואָרן פֿון זײַן ליבן נאָמען; אַלץ ווערט באַשײַנט פֿון דער זון; באַלוינט געוואָרן פֿון דער פֿאַרוואַלטונג; ער איז פֿאַרגעסן געוואָרן פֿון גאָט און פֿון לײַט.

10. דער פּ אַ ר ט י ט י ו ו ע ר פֿון טיילט אויס עמעצן אָדער עפּעס פֿון אַ גרופּע, פֿון אַ קאָלעקטיוו: אין איינס פֿון די זומערדיקע טעג; אויסלערנען איינע פֿון די חכמות; איינער פֿון דער חבֿרה דאַרף עס ברענגען; ער איז פֿון די נגידים אין שטעטל.

דאָ קען אויך געמאָלט זײַן דאָס פֿאַרקערטע, דאָס צונויפֿשטעלן דאָס גאַנצע פֿון טיילן: „אַ זאַך באַשטייט געווייכטלעך פֿון אַ סוביעקט און פֿון אַ

פּרעדיקאַט"; „פֿון קערבדלעך אַ היפּעלע, פֿון טראַפּנדלעך אַ טײַכעלע" (שם).

ווען דער פּאַרטיטיווער פֿון קומט נאָך אַ טראַנזיטיוון ווערב, באַטײַט עס אַז עס רעדט זיך בלויז וועגן אַ טייל. לייענען דאָס בוך — דאָס הייסט דאָס גאַנצע בוך, לייענען פֿון דעם בוך — בלויז אַ טייל; עסן די געריכטן — הייסט אַלע געריכטן, עסן פֿון די געריכטן — בלויז אַ טייל.

11. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע און דאָס סאַמע קאָמפּליצירטע אין דער טעריע פֿונעם איז דער אַטריבוטיווער פֿון וואָס פֿאַרבײַט דעם ניט־פֿאַראַנענעם פּאָסעסיוו בײַ אומבאַלעבטע זאַכן און קומט אַנשטאָט דעם פּאָסעסיוו איבער ספּעציעלע טעמים (איבערן ריטעם, ספּעציעלער באַטאָנונג, דער קאָנסטרוקציע פֿון גאַנצן זאַץ, פּינקטלעך איבערצוגעבן דעם געדאַנק פֿונעם ריידער). מיר ברענגען אַ גרעסערע צאָל פֿאַרשיידענע אַטריבוטיווע פֿראַזעס:

אַ מזל פֿון אַ גביר, אַ מציאה פֿון אַ גנבֿ, אַ לשון פֿון אַ מאַרק־ייִדענע, אַ מתּנה פֿון זײַן ליבן נאָמען; דער מלך פֿון קאָרטן; די ברייט פֿון דער שאָפֿע; דער טויער פֿון שטאָט; דאָס קליגגל פֿון מעסערל; אַ וועלט פֿון פֿעלדער און וועלדער; זכרונות פֿון פֿאַרגאַנגענע יאָרן; „גאָט פֿון אַבֿרהם, פֿון יצחק און פֿון יעקבֿ, באַהיט מיך און דײַן פֿאָלק ישׂראל..." (פֿון דער באַרימטער תּחינה וואָס באַגלייט דעם אָוועקגייענדיקן שבת); „בעסער אַ פּאַטש פֿון אַ חכם אײדער אַ קוש פֿון אַ נאַר" (שם); „איך האָב ניט מײַן פֿרײַנדס אַדרעס" און „איך האָב ניט דעם אַדרעס פֿון מײַן פֿרײַנד וואָס האָט זיך אַריבערגעקליבן אויף אַן אַנדער דירה"; דער אַלטער מוטערס נחת — זי האָט נחת, דער נחת איז דער אַלטער מוטערס — און „מע האָט נחת פֿון איר".

## ג. די וויכטיקסטע און אָפֿטסטע פּרעפּאָזיציעס

1. אין ווײַזט אויף אָרט וואו עפּעס געפֿינט זיך, עפּעס ווערט געטאָן: „אין פּינטשעוו טאָגט שוין", „קיין בעסער אָרט איז ניטאָ אין דער וועלט ווי די הײם", „אין דרײַ ערטער גיט מען קיין כּבֿוד ניט אָפּ: אין תּפֿיסה, אין בית־הכּ(י)סא און אין מרחץ" (שם). אין ווײַזט אויף אַ ריכטונג פֿון אַ באַוועגונג: פֿאָרן אין ווילנע, עמיגרירן אין אַרגענטינע. דאָ ווערט פֿאַרביטן די פּרעפּאָזיציע קיין. „בעסער אין גויאישע הענט ווי אין ייִדישע מײַלער" (שם). אָרט ווערט אויך אויפֿגענומען מעטאָנימיש: עס עגבערט אין מוח, אײַנגעשפּאַנט אין אַ יאָך, אונטערטונקען זיך אין ים־התּלמוד, גיין אין פֿײַער און אין וואַסער, „תּורה אין קעפּעלע, קאַשע אין טעפּעלע" (שם); עס קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט; איבערזעצן אין עבֿרית, אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש; גיין אין אַ קורץ קלײדל, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע; אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק.

אין ווײַזט אויף דער צײַט ווען עס פּאַסירט עפּעס, און דערבײַ האָט מען אין זינען אַ טייל פֿון דער צײַט און נאָר זעלטן די גאַנצע צײַט: אַרײַנקומען אין אָוונט, ניט קענען שלאָפֿן אַ פּאָר שעה אין יענער נאַכט. [ניט שלאָפֿן

יענע נאַכט — ד״ה אין משך פֿון דער גאַנצער נאַכט.] ניט צומאַכן קיין אויג אין יענער נאַכט, אין דרײַ יאָר דורכמאַכן דעם גאַנצן קורס.

אין װײַזט אויפֿן ש ט י י ג ע ר װי מע טוט עפּעס, װי עס געשעט עפּעס. גיין אין קאָמפּאַניע, זײַן אין אָפּאָזיציע, טאָן אין אײַלעניש, שטיין אין געהאַקטע װאונדן, אײַנשטעלן אין אַ סדר, מתפּלל זײַן אין אימה און אין יראה.

עס קומט אין פֿאַרן אָביעקט נאָך די װערבן: גלייבן, דערמאָנען, געדענקען, באַגרײַפֿן, נעמען נקמה, בענטשן זיך, שולדיק זײַן, אַנטװיקלען זיך, זיך באַטייליקן, און אין פֿאַרשידענע אידיאָמאַטישע אויסדרוקן. דוגמאָות: גלייבן אין מענטשן, זיך דערמאָנען אין די יונגע יאָרן, געדענקען אין גאָט, אַרײַנקוקן טיף אין אַן עניק, מגולגל װערן אין אַ הונט, נעמען אָנטייל אין יענעמס לײַדן, רעדן אין לערנען (װעגן אַ פּראָבלעם אינעם לערנען), אַרײַנקומען אין התפּעלות, בלײַבן אין אַ פֿאַרלעגנהייט, אַרײַנפֿאַלן אין אַ מרה־שחורה.

2. אויף װײַזט אויף אָ ר ט, קומט נאָך װערבן װאָס באַצייכענען אַ פּאָזיציע, װאָס װײַזן אַ באַװעגונג. דער באַטײַט פֿון אָרט קען דאָ זײַן אַן אויסגעברייטערטער און קען באַטײַטן אויך אַ גליד פֿון קערפּער, אַ שטאָף, אַן אינסטרומענט. דוגמאָות: גיין אויף אַ װעג, אויף דער גאַס; פֿאָרן אויף ירידים; װאױנען אויפֿן צװייטן גאָרן; „אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿײַערל״ (מ. װאַרשאַװסקי), „קומען אויף אַ װײַל און זען אויף אַ מגל״ (שװ); אַ װאונד אויף דער האַנט; אַ פֿלעק אויף די הויזן; „איינער האָט דאָס אויף דער לונג, דער אַנדערער אויף דער צונג״ (שװ); לאָזן אויפֿן װאַסער, שטיין אויף הייסע קוילן.

אויף װײַזט אויף צ ײַ ט בײַם ענטפֿערן אויף פֿראַגעס: װען? װי לאַנג? דוגמאָות: לײַען אויף עטלעכע שעה, פֿאַרטיק מאַכן אויף מאָרגן, אַרויספֿאָרן אויפֿן גאַנצן זומער, קומען אַהיים אויף יום־טובֿ, אַ גאַסט אויף איין טאָג, נעמען דאָס חופּה־קלייד אויף אָפּנוץ.

אויף װײַזט אויף ש ט י י ג ע ר װי אַזוי אַ טואונג װערט אָפּגעטאָן. דוגמאָות: זאָגן עפּעס אויף קאַטאָװעס, רעדן אויף מאַמע־לשון, זיך האָדעװען אויף טרוקן ברויט, האַנדלען אויף ליבק, האָבן אויפֿן קאָפּ, קענען אויף אויסװייניק, אויסבײַטן אויף רענדלעך, זיך האַלטן אויף אַ האָר. די זעלביקע פּרעפּאָזיציע װײַזט אויך ביז װאָסער מ ד ר ג ה, בשײַכות מיט װאָס אין די אויסדרוקן: טויב זײַן אויף איין אויער, קאַרג זײַן אויף אַ קאָפּיקע און מילד זײַן אויף אַ הונדערטער, איבערשרעקן אויף טויט, טויגן אויף כּפּרות, אַ גזירה נאָר אויף ייִדן, „אַ פֿרוי איז לײַכטער אויף טרערן װי אַן אָרעמאַן אויף אַ זיפֿץ״ (שװ).

אויף װײַזט אויפֿן צ י ל אָדער דער כּוונה פֿון דער טואונג. דוגמאָות: קלײַבן אויף הכנסת־כּלה, ניט האָבן אויף שבת, כּשרן אויף פּסח, קומען אויף לעקעך און בראָנפֿן, בעטן אויף אַ גוט יאָר (אויף גוטע קינדער, אויף רעגן); אַרבעטן אויף אַ שטיקל ברויט, נעמען געלט אויף שׂכר־לימוד, שטודירן אויף דאָקטער, „ניטאָ קיין טראָפּנס אויף האַרצװייטיק״ (שװ). דער זעלביקער אויף

ווײַזט אויפֿן סמך, אויפֿן גרונט פֿון אַ טואונג, ווי מע זעט עס פֿון די אויס־דרוקן: איבערלאָזן די שטוב אויף הפֿקר, אויף דער עלטערער טאָכטער, אויף דער אַלטער באָבען; אויף מײַן וואָרט, אויף מײַן יהדות, אויף מײַן יאָגדעס; „אויף נסים טאָר מען זיך ניט פֿאַרלאָזן"; „אויף פֿרעמדע חשבונות לעבט מען ניט לאַנג" (שוו).

אויף קומט פֿאַר אַן אָביעקט נאָך אַ גרויסער צאָל ווערבן, ווי עס ווײַזן די אויסדרוקן: אַכטונג געבן אויף די קינדער, אָנגלייגן זיך אויף עמעצן, אַרויסקוקן אויף עפּעס, ברוגז ווערן אויפֿן חבֿר, האָפֿן אויף משיחן, השגחה האָבן אויף כּשרות, טײַטלען אויף אַ שטעל אין בוך, כּפֿלען אויף צען; שפּילן אויפֿן פֿידל, אויף אַ פֿלייט; אַ געזונט אויף אײַך; אַ רפֿואה שלמה אויף אַלע אבֿרים; אַ בראָך (קלאָג, מיתה משונה) אויף דיר און אויף דײַן גאַנצער טרייפֿענער משפּחה; רחמנות האָבן אויפֿן יתום, די השפּעה פֿונעם רבין אויף די חסידים.

3. פֿאַר קומט מיט אַן אָביעקט וואָס ווײַזט ל ט ו ב ת אָדער ל ר ע ה ווען עס איז די טואונג. דאָ איז פֿאַראַן דער גרונטבאַטײַט פֿון דאַטיוו: איינער פֿאַר אַלע, אַלע פֿאַר איינעם; טאָן אַלץ פֿאַר די קינדער, גאַראַנטירן פֿאַרן פֿרײַנד; „איטלעכער פֿאַר זיך, גאָט פֿאַר אונדז אַלע"; „פֿאַר דרײַ האָט גאָט אָנגעגרייט אַ באַזונדערן גן־עדן: פֿאַר רבנים, פֿאַר נאמנים און פֿאַר מלמדים — נאָר ער שטייט נאָך עד־היום ליידיק" (שוו). די פּרעפּאָזיציע מאַכט בולטער דעם אומדירעקטן אָביעקט: קויפֿן דעם קינד אַ ליאַלקע און קויפֿן פֿאַרן קינד אַ ליאַלקע.

פֿאַר קומט מיט די באַטײַטן וואָס פּאַסט זיך, וואָס האָט דעם גלײַכן ווערט און פֿאַרבײַט אַ נ ש ט אָ ט, במקום. אַ גרעסערע צאָל דוגמאָות: ער איז פֿאַר מי״ר ניט קיין חבֿר; אַ כּלה פֿאַרן אַלטן בחור, אַ מורה־הוראה פֿאַר דער שטאָט, אַ מלמד פֿאַרן גרעאָטענעם יינגל; „פֿאַר אַ הונגעריק בײַכל איז קירבעס אויך אַ מאכל" (שוו); אַן אויג פֿאַר אַן אויג, אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן; פֿאַר קיין געלט אין דער וועלט; ער קען באַקומען פֿיר וואָכן פֿאַר אַ חודש; „אַן אָקס פֿאַר אַ גראָשן — און דער גראָשן איז ניטאָ" (שוו); באַצאָלן פֿאַר דיר; זיך אונטערשרײַבן פֿאַרן דירעקטאָר; אַרײַנגיסן וואַסער פֿאַר אָקעוויט.

פֿאַר קומט מיט די באַטײַטן אַזוי ווי, אויף צו זײַן ווי, בנוגע צו, וואָס שייך צו. אַ היפּש ביסל דוגמאָות: האַלטן פֿאַר אַ פֿרײַנד, פֿאַר אַן ערלעכן, פֿאַרן פֿירשפּרעכער; מאַכן ווײַבער פֿאַר וויסטע עגונות; מאַכן די קינדער פֿאַר גוֹיים; אָפּגעבן פֿאַר אַ זעלנער; ניט נעמען פֿאַר אומגוט; נעמען פֿאַר ליב; באַטראַכטן דעם אָנהייבער פֿאַר אַן אמתן פּאָעט; פֿאַר זיבע יאָרן איז ער הויך געוואַקסן; פֿאַר אַ פּאָר חדשים איז עס געענוג; „פֿאַר אַ גנבֿ איז קיין שלאָס ניט פֿאַראַן"; „ווער עס טויג ניט פֿאַר זיך דער טויג ניט פֿאַר יענעם" (שוו).

פֿאַר קומט נאָכן ק אָ מ פּ אַ ר אַ ט י וו : „וואָס איז העכער פֿאַר אַ הויז? וואָס איז פֿלינקער פֿאַר אַ מויז?". די פּרעפּאָזיציע האָט אַ ס י ב ה־באַטײַט

און אויך אַ צ י ל באַטײַט: „פֿאַר מורא איז דאָס העמד װײַס געװאָרן"; „פֿאַר נויט עסט מען װײַס ברויט", „אַז מען אַנטלויפֿט פֿאַר פֿײַער, באַגעגנט מען דאָס װאַסער" (שוו), טאָן עפּעס פֿאַרן אייגענעם פֿאַרגעניגן, זאַמלען כּוחות פֿאַר דער צוקונפֿט, דינגען זיך פֿאַר אייער; „עס שלאָגן זיך אַלע פֿאַר אַ שטיקעלע חלה"; „אַ מיידל דאַרף זיך פּוצן פֿאַר פֿרעמדע בחורים און אַ װײַבל פֿאַרן אייגענעם מאַן" (שוו). פֿאַר קומט מיט אַ ש ט ײ ג ע ר באַטײַט: אָננעמען פֿאַר דער האַנט, כאַפּן גאָט פֿאַר דער באָרד, שלעפּן פֿאַר דער פּאָלע, רײַסן פֿאַר די האָר, רעדן פֿאַר פֿײַער און פֿאַר װאַסער.

װען פֿאַר האָט אַן אָרטבאַטײַט װײַזט ער אויפֿן פֿ אָ ר נ ט פֿון אַ זאַך; װען ער האָט אַ צײַטבאַטײַט װײַזט ער אויף אַ צײַט װאָס איז א ײ ד ע ר עס הייבט זיך אָן אַן אַנדער טערמין. דוגמאָות: שטיין פֿאַר אַ װאַנט, פֿאַר אַ שפּיגל, עס ליגט פֿאַר די אויגן, פֿאַר די פֿיס; „אַז מע װאַרפֿט פֿאַר זיך געפֿינט מען הינטער זיך" (שוו); אַ שעה פֿאַר ליכטבענטשן, אַ װאָך פֿאַר פּסח, אַ יאָר פֿאַר דער ערשטער װעלט־מלחמה; „פֿאַ'ר יוגנט לעבט מען ניט, פֿאַ'ר עלטער שטאַרבט מען ניט"; „אַ טאַנץ גייט ניט פֿאַר קיין (דעם) עסן" (שוו).

4. בײַ איז אין דער פֿאָלקשפּראַך אָפֿטער װי אין דער ליטעראַטור־שפּראַך. ביצט בײַ װאו עס לאָזט זיך נאָר און דערנענטערט זיך אין דעם פּונקט צו דער פֿאָלקשפּראַך.

װען בײַ האָט אַן אָרטבאַטײַט איז ער ל ע ב ן , ניט װײַט פֿון. דאָ קען אויך אַרײַנקומען אַ צװייטיקער אָרטבאַטײַט מיט אַ טײַטש: דאָרטן װאו עס געפֿינט זיך די שייכדיקע פּערזאָן. אילוסטראַציעס: שטיין בײַ דער װאַנט, בײַם כּותל־מערבֿי, װאַרטן בײַ דער טיר, שטיין בײַם טײַך און בעטן אַ טרונק װאַסער; אַ חתונה בײַ אונדזער הויז; זײַן בײַם זיידן, בײַ דער שכנה, דינען בײַ אַ גבֿיר; בײַ מײַן רבין איז געװען אַ גניבֿה.

דער בײַ מיט אַ צײַטבאַטײַט און מיט אַ תּנאַי־באַטײַט איז גאָר פּשוט. מיר זעען עס פֿון די דוגמאָות: אויסהערן ביידע צדדים בײַ אַ משפּט; ניט לייענען בײַם עסן; „בײַ דעם גלעזל געפֿינט מען אַ סך גוטע פֿרײַנד"; „דאָס שענסטע לידגעזאַנג... ניט זינג בײַם בלײַען, נאָר זינג בײַם אונטערגאַנג"; ניט לייענען בײַ אַזאַ שװאַכער באַלײַכטונג, בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן קען מען שוין עפּעס טאָן; „בײַ אַ בריה אַ װײַב האָט דער מאַן אַ שיינע באָרד" (שוו).

בײַ קומט מיט אַן אָ ב י ע ק ט און פֿאַרבײַט פֿאַר, פֿון, בנוגע, לגבי, װאָס שייך צו. די װײַטערדיקע שפּריכװערטער אילוסטרירן עס: „בײַ אַ פֿוילן װאַקסט דער װעג אונטער די פֿיס"; „בײַ אַ פֿערד קוקט מען אין די ציין, בײַ אַ מענטשן — אויפֿן שׂכל"; „בײַ גאָט איז אַלץ מעגלעך"; „דער מענטש איז בײַ זיך אַליין פֿאַרנאַרט". פֿון אַ פֿאָלקסלידל: „בײַ מיר ביסטו שיין, בײַ מיר האָסטו חן, בײַ מיר ביסטו טײַערער װי גאָלד".

בײַ פֿאַרבײַט דעם פּ אָ ס ע ס י װ אָדער דעם פּאָסעסיװן פּראָנאָם. דוג־מאָות: בײַ דער מאַמען הינטערן פֿאַרטעך, װי בײַם טאַטן אין װײַנגאָרטן; דאָס פּנים בײַם אַלטן פֿישער; אַן אָפֿטער גאַסט בײַ גאָלדען אין שטוב; בײַ מיר

איבערן קאָפּ; עס פֿלאַמט בײַ איר דאָס פּנים. „אַ גוטער טאַטע בײַ זיי, אַ גאָלד... בײַ משהלען און בײַ דבֿורהלען ברענען די אײגעלעך... אַ מאָדנע מאַמע בײַ זיי" (שע).

5. מיט איז אַ ביז גאָר אָפֿטע פּרעפּאָזיציע, אָבער דאָס רובֿ פֿאַלן בײַם ניצן זי איז שוין אין די דרײַ באַטײַט־גרופּעס: א) בײַם פֿאַרבײַטן די קאָניונקציע און ווי מע טרעפֿט עס — דער טאַטע מיט דער מאַמען, דער פֿעטער מיט דער מומען, די ייִדענע מיט דער גויע, די לבֿנה מיט די שטערן, אַ זון מיט אַ רעגן, שרײַבן קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס, עסן קובעבע מיט אינדיקזאָמען; ב) נאָך קעגנזײַטיקע ווערבן און בײַם באַצייכענען אַ באַציאונג צווישן מענטש און מענטש אָדער מענטש און זאַך — זיך חבֿרן מיט גוטע מענטשן, זיך קריגן מיט עמעצן, זיך איבערבעטן מיטן ברוגזן, אַ דין־תּורה מיטן ווײַנט, אַ משפּט מיטן שכן, דער אָרעמאַן מיט זײַנע בעבעכעס, „מיט אַ נאַר איז אַ איבעריקער צער" (שוו); ג) די פֿאַרבינדונג פֿון איין זאַך מיט אַ צווייטער, מיט אַ סך אַנדערע זאַכן — אַ וועלט מיט וועלטעלעך, אַ בוים מיט פּירות, אַ הויז מיט אַ גרויסן הויף, טײַכן מיט פֿיש, פֿעלדער מיט זאַנגען, אַ טעלער פֿיש מיט ראָסל, אַ סוכּה מיט באַצירונגען, אַ מעשׂה מיט אַ חנוכּה־לאָמפּ, מיט אַ ירושה־בעכער.

מיט ווײַזט אויפֿן שטייגער, אויפֿן אופֿן פֿון אַ טואונג, אויפֿן אינסטרומענט ווי מע האָט עס אין די ווערטער־פֿאַרבינדונגען: לאַכן מיט טרערן, קוקן מיט גדלות, באַהענגען מיט בלעכלעך און אײַזנדלעך, סטראַשען מיט באַשטראָפֿן, מיט גאָטס הילף טאָן אַ גוט שטיקל אַרבעט, פֿינטלען מיט די אויגן, האָרעווען מיטן ביטערן שווייס, אָנגיסן די כּוסות מיט ווײַן, קריצן מיט די ציין; בערל (יאַנקל) מיטן פֿידל, שמערל מיטן באַס; דער שוסטער מיט אַ נאָל און דער שנײַדער מיט אַ שער; „מיט נסים מאַכט זי שבת און מיט בוכנצעס ליגט זי די קינדער שלאָפֿן" (שע); „אַז מע בריט זיך אָפּ מיט הייסן, בלאָזט מען אויפֿן קאַלטן" (שוו); „מיט ברויט און קרויט פֿאַרטרײַבט מען די נויט" (שוו).

מיט קומט נאָך געוויסע אַדיעקטיוון און ווערבן: פֿול מיט חן, גלײַך מיט די חשובֿסטע, גרויס מיט חכמה, שטאָלץ מיט ייִחוס; וואױינען (אין שכנות) מיטן גאַנצן קנאַקער, האַנדלען מיט צירונג, לערנען מיט די קינדער, זיך געזעגענען מיטן חבֿר, זײַן פֿאַרנומען מיט דער אַרבעט, זיך אַרומרינגלען מיט כּלערליי זאַכן; „מיט וואָס הייבט זיך אָן דער טויט און מיט וואָס לאָזט ער זיך אויס?" (שפּאַסיקע רעטענישׂ). מיט אין כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן: אַ בעל־מלאָכה מיטן נאָמען...; מיט דער נאַכט האָט די מהומה זיך אײַנגעשטילט (ווען די נאַכט איז געקומען); לויפֿן מיט דער לאַנגער גאַס (לענג־אויס).

6. צו איז אַן אָפֿטע פּרעפּאָזיציע מיט זייער אַ קלאָרן גרונטבאַטײַט: ווײַזט אויף קומען נענטער צו עמעצן אָדער צו אַ באַשטימטן אָרט: גיין צום רבין, פֿאָרן צו דער מאַמען, זיך דערנענטערן צום כּותל־מערבֿי (צו יד־ושם,

צו די קבֿרים פֿון די געפֿאַלענע זעלנערס). אַזוי אויך: שווימען צום ברעג; אָנגעמען פֿאַר אַן אויער און צופֿירן צו דער טיר; צוקומען צום קינדס וויגעלע; „דער ווײַטסטער וועג איז צו דער (אייגענער) קעשענע" (שוו). באַוועגונג איז לאַגישערווײַז פֿאַרבונדן מיט צ י ל. האָבן מיר דעם צו פֿאַר אַ ציל: גיין אין שול צו סליחות, זיך אַראָפּלאָזן צום טײַך צו תּשליך, אויפֿשטיין צו דער אַרבעט, פֿאַרבעטן צו דער סעודה, צו דער חתונה; פֿאָרן צו קריגן ירושה און באַצאָלן פֿאַר דער קבֿורה.

צו קומט נאָך באַשטימטע ווערבן, אין דער ערשטער ריי נאָך ווערבן וואָס האָבן דעם קאָנוועריבֿ צו, אין ספּעציעלע אויסדרוקן: זיך אײַנהערן צו זײַנע מאָטיווירונגען, זיך טוליען צו דער מאַמען, זיך (צו)טשעפּען צו עמעצן; זיך צוגעוווינען צו צרות, צו אַ גוט לעבן; האָפֿן צו גאָט, צווינקען צו איר, צודריקן צו דער וואַנט, צובינדן זיך צו אַ קרובֿ; עס פּאַסט צום רומל, עסן צו דער זעט; אַז אַך און ווי איז צו מײַנע יאָרן; טרינקען לחיים צו עמעצן; מאַכן אַ סוף צו אַזעלכע פּירונגען; שמייכלען צום קינד; איבערלאָזן יענעם צו זײַן גורל; זײַן גוט (שלעכט) צו די אייגענע, אַ רפֿואה צו אַלע פּלאָגן, שטרעבן צו אַן אומדערגרייכלעכן אידעאַל; פֿאַרגלײַכן צו עמעצן.

## ד. די אַנדערע פֿילבאַטײַטיקע פּרעפּאָזיציעס

1. אויס ווערט אַלץ ווינציקער אין דער כּלל־שפּראַך, געוועזן איך־לשער אָפּטער אין אַרכאַאישן לשון, אין מערבֿ־ייִדיש און אין פּוילישן דיאַלעקט. זינט אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט אַלץ מער און מער פֿאַרביטן געוואָרן דורך פֿון. דער עיקר־באַטײַט: אָ ר ט פֿונוואַנעט עמעצער אָדער עפּעס קומט — „אויס דעם קוימען גייט אַ רויך"; אַרויסקומען אויס דער מוטערס טראַכט, „אַ הונט (אַ שיכּור, אַ נאַר, אַ וואָגן היי) גייט מען אויס דעם וועג"; „אויס די אויגן — אויסן האַרצן" (שוו).

אויס ווײַזט אויפֿן אָ פּ ש ט אַ ם , אויף דער ס י בּ ה , אויפֿן מ אַ ־ ט ע ר י אַ ל פֿון וואָס עפּעס איז געמאַכט. דוגמאָות: זאָגן עפּעס אויס בייזקייט, אויס נײַגעריקייט; שווײַגן אויס מורא, אויס דרך־ארץ; טאָן אויס ליבשאַפֿט, אויס פֿרומקייט; מאַכן עפּעס אויס אַ גוטער סחורה; וואָס איז אויס דיר געוואָרן! „אַ האַרץ איז נישט אויס אײַזן"; „אויס קינדער ווערן לײַט און אויס לײַט ווערן דראַבעס" (שוו).

2. אום איז געוועזן אַ חשובֿע און פֿיל באַטײַטנדיקע פּרעפּאָזיציע ביז צום 19טן יאָרהונדערט. אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש זײַנען פֿאַרבליבן בלויז רעשטלעך. אָבער דאָס וואָס איז פֿאַרבליבן דאַרף אויפֿגעהיט ווערן אין דער כּלל־שפּראַך. ווײַזט אום אויף צײַט, אָבער בלויז אין פֿאַרבינדונג מיט דאַטעס פֿון ייִדישן לוח און מיט ייִדישע פּירונגען. דוגמאָות: „מע טאָר ניט טראָגן (פֿאָרן, אַרבעטן) אום שבת"; „אום פּסח טאָר מען ניט עסן קיין חמץ"; „לייענען די מגילה אום פּורים"; „אום ראָש־השנה האָט דער גרעסטער קבצן אַ טראָפּעלע האָניק"; „אום חשוון מאַכט מען חשבון", „איטלעכער משוגע־

נער ווערט אום תּמוז קלוג" (שוו). [אַ באַוואָרעניש: אין אַט אַזעלכע פֿאַלן נ י ט ניצן די פּרעפּאָזיציע אין, וואָס זי איז דאָ קיינמאָל גאָרניט געווען, נאָר פֿון אום איז געוואָרן 'אים' און פֿון 'אים' האָט מען גענומען הערן און אַרויסרעדן 'אין'.] אום איז פֿאַרבליבן בײַ די פֿאַרשיידענע ליציטאַציעס אין שול (בײַם קויפֿן אַן עליה, אַ פּסוק פֿון אַתּה־הראית, פּתיחת־האָרון): אַכצן גילדוין אום ששי, דרײַ מאָל ח"י אום מפֿטיר. עס איז כּדאַי אויפֿצוהיטן דעם אום דאָרטן וואו ער איז פֿאַראַן אין אַ שפּריכוואָרט, אין אַן אײַנגעפֿונדעוועטן אויסדרוק, ווי אין: „אַ טרונק בראָנפֿן וואַרעמט אום ווינטער און קילט אום זומער"; „אַז מע זינגט אום זומער, ווייִנט מען אום ווינטער"; עס גייט אום מײַן (דײַן, זײַן) לעבן; אַרומוויקלען (אַרומדרייען) אום אַ פֿינגער, קומען אַ יאָר אום אַ יאָר, אַ וואָך אום אַ וואָך.

3. אונטער ווײַזט אָן אויף ע ל ט ע ר , אויף צ ײַ ט , אויף אַ כּ מ ו ת : די מיטלסטע איז אונטער דער עלטסטער, קינדער אונטער פֿינף דאַרפֿן ניט קיין בילעטן, אַ ייִנגל אונטער בר־מצווה; אָנקומען נאָך אַ הלוואה אונטער אַ יום־טובֿ; זײַן אונטער דער צײַט (אין הויכע מאָנאַטן פֿון שוואַנגערשאַפֿט); „מע קען עס ניט קויפֿן אונטער הונדערט דאָלאַר"; „אונטער אַ פֿינף־און־צוואַנציקער ווילן מיר ניט נעמען פֿון אײַך".

אונטער טרעפֿן מיר אין אַ סך אידיאָמאַטישע אויסדרוקן, למשל: אונטער די אויגן, אונטער דער האַנט (די הענט, אונטער דער נאָז, אונטער דער פּאָלע), זאָל עס בלײַבן אונטער אונדז, זוכן אונטער דער ערד, פֿאַלן אונטער דער שווערד, צעקריכן אונטער די הענט, קריכן אונטער די נעגל, זײַן די שענסטע אונטער אַלע כּלות, דער בעסטער אונטער אַלע תּלמידים. זײַן געוואָרנט ניט צונויפֿצופּלאָנטערן אונטער מיט הינטער.

4. איבער ווײַזט אויף אַן אָ ר ט וואָס איז העכער און איז דער היפּוך פֿון אונטער, ווײַזט אויך אויף אַן אָרט וואָס איז אַ ק ע ג ן און אויף אַ שטח וואו עפּעס שפּרייט זיך אויס. דוגמאָות: האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ בריקל איבער אַ טײַכל, אָוועקשטעלן דאָס פּינטל איבערן שין; אַרומפֿאָרן איבער דער ברייטער וועלט, איבער אַלע שבֿעה ימים, שפּאַצירן איבער די אַלייען פֿון פּאַרק; „ווי קומט אַ קאַץ איבערן וואַסער?"; „איז געפֿלויגן די גאָלדענע פּאַווע איבער אַלע פֿעלדער" (פֿל); „איבער אַ נידעריקן צוים שפּרינגען אַלע ציגן" (שוו); זיך אַריבערגעבן איבער דער גרענעץ; באַרימט ווערן איבער דער לענג און איבער דער ברייט פֿון לאַנד. דאָ קען אויך זײַן דער אויסגעברייטערטער באַטײַט פֿון אָרט: אַ גלעט איבערן בעקל, אַ קאָמפּרעס איבערן קאָפּ, אַ שמיר איבער די ליפּן, עס גייט דורך אַ סקרוך איבערן לײַב, ווערן רויט איבער די אויערן, אַ בעל־חובֿ איבערן קאָפּ, פֿאַרליבט איבער די אויערן.

איבער ווײַזט אויף אַ מ צ בֿ , אויף אַ כּמות, אויף אַ סאָציאַלן שטאַפּל, אויף אַ מאָראַלישער מדרגה: ליגן איבער דער קאַנאַפּע, ליגן איבער ביכער (זיי לערנען), וואַכן איבער דער קראַנקער טאָכטער; פֿאַרמאָגן איבער אַ

מיליאָן; געבן טרינקגעלט איבער אַ דרײַער; האַרעווען איבער די כּוחות; איבער די הונדערט־און־צוואַנציק אין גן־עדן; „חן גייט איבער שיין", „גוטסקייט איבער דער מאָס טויג אויך ניט" (שוו).

איבער ווײַזט אויף דער סיבה פֿון אַ טואונג, פֿון אַ סיטואַציע: אַ גערייד איבער אַ קלייניקייט, אַ ברוגז איבער אַן אומפֿאַרשטענדעניש, פֿאַלן איבער אַ שטרוי; „איבער אַ קליין שרײַפֿעלע קען קאַליע ווערן די גאַנצע מאַשין"; „איבער אַ הון און אַ האָן איז דער בית־המקדש חרובֿ געוואָרן"; „הינט בײַסן זיך איבער אַ ביין און אבֿלים איבער אַ ירושה" (שוו).

איבער קומט מיט אַן אָביעקט און פֿאַרבײַט די פּרעפּאָזיציע וועגן ווי אויף אַנדערע פּרעפּאָזיציעס: ריידן, שרײַבן, שמועסן, טראַכטן איבער עמעצן, עמעצנס מצבֿ; אָפּלאַכן, רחמנות האָבן איבער אַ יתום, אַ קאַליקע, אַן אָרעמאַן.

5. אָן האָט אַן אָרט־באַטײַט, ווײַזט אויף אַ דרויסנדיקן אָנריר, אויף אַ צונויפֿטרעף, אַ צונויפֿקום פֿון צוויי זאַכן ווי אין די פֿאַרבינדונגען: זיך אָנהאַלטן, זיך אָנשפּאַרן אָן עפּעס, זיך האַלטן אָן דער מאַמעס פֿאַרטעך, זיך אָנשלאָגן אָן שטענדער, קלאַפּן איין פֿוס אָן אַנדערן, זיך שלאָגן קאָפּ אָן שטיין, עס קלאַפּט צאָן אָן צאָן; „ווע די כּלה איז אויף דער צײַט, קוקן די מחותּנים אָן אַ זײַט"; „אַ מעסער שאַרפֿט זיך אָן אַ מעסער" (שוו).

אָן קומט נאָך די ווערבן: דערמאָנען (זיך), פֿאַרגעסן, געדענקען, דער־קענען, אָנזען, באַמערקן, ווענדן זיך, טראַכטן, פֿאַרדינען, לייקענען, פֿעלשן און אַנדערע מיט די זעלביקע באַטײַטן. דוגמאָות: „אָן אייזל דערקענט מען אָן די לאַנגע אויערן, אַ נאַר אָן דער לאַנגער צונג"; „אָן די גרויע האָר דערקענט מען די יאָר"; „דערקען דאָס גלעקל אָן דעם קלאַנג און דאָס פּיקסל אָן דעם גאַנג" (שוו); אָוועקפֿאָרן און פֿאַרגעסן אָן אַלץ און אָן אַלע־מען; פֿאַרדינען אָן עמעצן אַ מצווה. אָן איז מעגלעך אין דער כּלל־שפּראַך אַזוי ווי אין. אָפּגעבן די בכורה דער פּרעפּאָזיציע וועגן. [ניט צונויפֿ־פּלאָנטערן מיט אָן ה1].

6. אַנטקעגן, אַקעגן — זען קעגן, פּונקט 15.

7. אַרום האָט ראשית־כּל אַן אָרט־באַטײַט: גיין אַרום די ווענט פֿון דער אַלט־שטאָט, אַרומפֿאָרן אויפֿן רעדל אַרום דעם פּאַרק, פֿאָדען אַרום די בייטן, שטיין אויף דער וואַך אַרום דעם קיבוץ, אַרום דעם פּרעזידענט, אַרומרײַזן אַרום דעם שוואַרצן קאָנטינענט. אַרום באַטײַט אויך: אָן ערך — דאָס קאָסט אַרום אַ הונדערטער, לײַען אַרום אַ טויזנטער.

אַרום האָט דעם זעלביקן באַטײַט וואָס וועגן, אָבער עס איז דאָ פֿאַראַן אַ קלייִנער חילוק אין באַטײַט, וואָרעם דער אַרום איז ווייניקער פּינקטלעך. דוגמאָות: זיך מתווכח זײַן אַרום דער שווערער עקאָנאָמישער סיטואַציע, פֿירן אַ וויכּוח פֿאַר וועמען צו שטימען בײַ די וואַלן, זיך קריגן אַרום די הוצאָות, קומען צו אַ הסכּם אַרום דער אַרבעט פֿון דער קאָמיסיע, זיך דינגען אַרום קויפֿן דאָס הויז.

8. דורך האָט אַן אָרט־באַטײַט, ווי מע זעט עס קלאָר מיט דער הילף פֿון די אילוסטרירונגען: גיין דורכן לאַנגן קאָרידאָר, פֿאָרן דורכן גאַנצן מדבר, קלעטערן דורכן קעלער, אַ ציטער גייט דורך דורכן גאַנצן לײַב, עגבערן דורך דער וואַנט, פֿירן קאָרן דורך די בערג און דורך די טאָלן. און אויך פֿיגוראַטיוו: עס שמייכלט דורך טרערן אַ קינד, אַ שטראַל ליכט ברעכט זיך דורך דעם יִיאוש וואָס האָט זיי אַרומגענומען; דורך די שווערע חומרות פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן באַווײַזן זיך איצט פֿאַרגרינגערונגען.

דורך ווײַזט מיט ווּעמענס הילף אָדער אַדאַנק ווּעמען עפּעס איז געשען און קען אויך אָנווײַזן דאָס פֿאַרקערטע. דוגמאָות: פֿועלן עפּעס דורך דער שתּדלנות פֿון כּלל־טוער; „דורך אַ פֿאַרטאַטש וועט אין גיוועץ גיין די גוטע סחורה"; „דורך דער קראַנקנשוועסטער איז אָנגעקומען די גוטע בשׂורה"; „דורך דעם קליינעם מײַזעלע איז דער מעכטיקער לייב אַרויס פֿון דער נעץ". דורך ווײַזט אויך אָן אויפֿן אינסטרומענט, אויפֿן מיטל: שרײַבן דורכן הילכער, דערזען וואָס עס טוט זיך דורך די איקס־שטראַלן, דורכן מיקראָסקאָפּ, דורכן טעלעסקאָפּ; פֿאַרטרײַבן קעלט דורך וואַלענע וועש, גערעטעוועט ווערן דורך די פּעקלעך וואָס חבֿרים האָבן אַרײַנגעשיקט אין לאַגער. דורך טרעפֿט זיך נאַטירלעכערווײַז בײַ דער פּאַסיווער זאַץ־קאָנסטרוקציע.

9. הינטער איז דער היפּוך פֿון פֿאַרויס און פֿאַר און דאַרף ניט צונויפֿגעמישט ווערן מיט אונטער (זען 3ד). דירעקט און אויך אומדירעקט ווײַזט די פּרעפּאָזיציע אויפֿן אָרט. דוגמאָות: באַהאַלטן הינטער דער וואַנט; די רויטע ייִדעלעך הינטער דעם סמבטיון; ווי וואָס עס טוט זיך הינטער די הרי־חושך; הינטער דער טיר פֿון גן־עדן; די לבֿנה הינטער די וואָלקנס; אַ קינדעריש שטימעלע הינטער דער אַלטער פּרוזי; „קוקט מען פֿאַר זיך איז שלעכט, קוקט מען הינטער זיך איז נאָך ערגער"; „הינטערן קינד זײַנען גרייט דער מאַמעס הענט (דעם מלאכס פֿליגלען)"; „הינטערן בראַנפֿן באַהאַלט זיך דער נאַר (דער רשע, דאָס ווייכע האַרץ)" (שוו). [אַז מע ווערט שיכּור, רעדט מען נאַרישקייטן, וואַרפֿט מען זיך שלאָגן אָדער זיך קושן.]

הינטערן פֿאַרהאַנג פֿירט דירעקט צו ניצן אָט די פּרעפּאָזיציע ווי אַ מיטל אַראָפּצונעמען די מאַסקע, אויפֿצודעקן דאָס עכטע, דאָס באַמתדיקע. מיר זעען עס פֿון אַזעלכע זאַצן: „הינטער זײַן אָנבאָט איז דאָ די גרייטקייט..."; „די כּוונה הינטער זײַן גוטסקייט איז אונדז אָפּצונאַרן"; „פֿון הינטער זײַן סטראַשען קוקט אַרויס זײַן מורא פֿאַר אונדז".

10. וועגן, אַ רעלאַטיוו אָפֿטע פּרעפּאָזיציע, האָט אַ דורכזיכטיקן באַטײַט, איז קלאָרער ווי דער איבערגעלאָדענער פֿון אָדער ווי דער אַן וואָס קען זײַן צווייטײַטשיק צי ווי דער אין וואָס איז פֿילבאַטײַטיק. דוגמאָות: „קיינער דאַרף ניט וויסן ניט וועגן אונדזערע פֿריידן, ניט וועגן אונדזערעליידן"; „די צוקונפֿט וואָס וועגן איר חלומט מען אַזוי פֿיל"; „מע

דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן (וועגן אַן אַרט וואו איבערצונעכטיקן)"; רעדן וועגן עמעצן, וועגן פּאַראַיאַריקן שניי, וועגן דעם איצטיקן מצבֿ; זיך זאָרגן וועגן זעלבער, וועגן דעם קראַנקן, וועגן די קינ־דער; שרײַבן וועגן אַ וויכטיקן ענין; הערן וועגן דער ישועה (וועגן דער קאַטאַסטראָפֿע). אין די אַלע זאַצן און פּראַזעס האָבן מיר אַן אומדירעקטן אָ ב י ע ק ט, וואָס ער איז ניט אַלעמאָל אָפּהענגיק פֿון אַן אומטראַנזיטיוון ווערב. דערציילן איז אַ טראַנזיטיווער ווערב און מע דערציילט די מעשׂה, אָבער מע דערציילט וועגן דער מעשׂה וואָס האָט נעכטן פּאַסירט מיט אים. פֿאַרוואָס קומט דאָ אַרײַן וועגן? וואָרעם ניט אַבסאָלוט אַלץ, ניט מיט אַלע פּרטים און פּרטימלעך. מע קען טראַכטן וועגן דער פּראָבלעם, אָבער מע דאַרף דורכטראַכטן די פּראָבלעם, וואָרעם דער קאָנווערב דורך זאָגט שוין: גרינטלעך, אין דער טיף.

וועגן קען זיך געפֿינען צווישן צוויי סובסטאַנטיוון און דעמאָלט איז דער צווייטער סובסטאַנטיוו מיט דער פּרעפּאָזיציע אַן אַטריבוט צום ערשטן און באַטײַט: בנוגע, בשײַכות, מיט. „דײַן וואָנטש וועגן אונדזער צוקונפֿט (וועגן אונדזער לערנען זיך, וועגן איר) זאָל טאַקע מקוים ווערן". אַזוי אויך: די תּפֿילה וועגן רעגן, די קללה וועגן אַ דורכפֿאַל, די בקשה וועגן בירגער־שאַפֿט, דער אָפּמאַך וועגן דעם אויסצאָלן דעם חובֿ, די פֿאַרשטענדיקונג וועגן דער פּראָגראַם.

11. נאָך האָט פֿריִער פֿון אַלץ אַ צ ײַ ט ־ און אַן אָ ר ט ־ באַטײַט. דוגמאָות: שבת נאָך וואָרעמעס, יום־כּיפּור נאָך מנחה, זיך פֿילן גוט נאָך דער קראַנקייט, די פֿרייד נאָכן באַפֿרײַט ווערן, „און אַזוי גייט שטיל און רואיק טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר" (פֿרוג); „וואָס וועט אַ באָק נאָך זיבן יאָר?" (שפּאַסיק פֿאַלקסרעטעניש); דאָס הויז נאָך אונדזער גאָרטן, דאָס געסל נאָכן בית־מדרש; נאָכגייען נאָכן רבין, לויפֿן נאָכן מאַרשירנדיקן אָרקעסטער; שפּרײַזן נאָך דער רייניקייט אונטער דער חופּה (בײַם אַרײַנ־ברענגען אַ נײַע ספֿר־תּורה אין בית־מדרש).

נאָך ווײַזט אויפֿן צ י ל: גיין נאָך חנוכּה־געלט, קומען אין וועלדל נאָך גרינס אויף שבֿועות, איבערקערן די שטוב נאָכן בונט שליסלען, שיקן דעם שמשׂ נאָכן בעל־דבֿר, גיין צום שטאָטישן ברונעם נאָך וואַסער, קריגן אַ בקשה נאָך אַ שיפֿסקאַרטע; „נאָך אַ פֿעדער יאָגט ער זיך, אַ פֿערענע לאָזט ער אַרויס" (שוו). אין תּוך איז אויך פֿאַראַן די פֿאַרשטעלונג וועגן ציל אין די אויסדרוקן: דאָרשטן נאָך אַ ביסעלע שלאָף (רו, פֿרייד, פֿרײַנד־שאַפֿט), בענקען נאָך די אַוועקגעפֿאָרענע קינדער, (נאָך דעם שטילן שטעטל, נאָכן חתן וואָס איז אין מיליטער), אויסגיין פֿונעם חיות נאָך אַ קינד; דאָס באַדערפֿעניש נאָך אַ גרעסערער דירה (מער הכנסה, אַ בעסער לעבן).

נאָך באַטײַט דאָס זעלביקע וואָס לויט, על־פּי. אָט זײַנען די באַווײַזן: „אַזוי קומט אויס נאָך דער פּשוטער לאָגיק"; „נאָכן געזעץ נאָך טאָר מען עס ניט"; „נאָך זײַן פֿאַלשער כּוונה נאָך וואָלטן מיר געדאַרפֿט אויפֿגעבן די

גאַנצע זאַך"; „גאָט גיט די קעלט נאָך די קליידער"; „דער גוט־יאָר איִך איז נאָך דעם פֿריינדלעכן ,אַ גוטע וואָך אייַך'" (שוו). דאָ האָט מען אויך געזען אַז עס קען קומען די פֿאַרטאָפּעלונג נאָך — נאָך.

עס איז בפּירוש אַ גרייַז צו ניצן נאָך, ווען עס דאַרף זייַן קיין. ניט ,פֿאָרן נאָך וואַרשע', ,עמיגרירן נאָך אַמעריקע'; עס מוז זייַן: פֿאָרן קיין וואַרשע, עמיגרירן קיין (אין) אַמעריקע.

12. צווישן האָט פֿריִער פֿון אַלץ אַן אָרט־ און אַ צייַט־באַטייַט. דוגמאָות: צווישן די ווענט פֿון בית־מדרש, דער דורכגאַנג צווישן די הויפֿן, צווישן די בײדע שטעטלעך איז דער מהלך בלויז פֿון צען קילאָמעטער; „צווישן תּבֿואות שמוצערן די גרילן" (ממוס), זיצן (לעבן, שפּאַצירן) צווישן די גרויסע בערג; אַ גרינער טאָל צווישן צוויי טייַכן; „ווילדע געגנדז פֿליעס־קען זיך ערגעץ צווישן וויספּעס דאָ אין טייַך" (ממוס); צווישן מנחה און מעריבֿ, צווישן טאָג און נאַכט, „צווישן אסתּר־תּענית און פּורים — אַ טאָג, צווישן פּורים און אסתּר־תּענית — אַ יאָר"; צווישן רופֿן נאָך הילף און קריגן הילף; „צווישן באַלד און שוין קען מען אויסציִען די פּיס" (שוו); „צווישן אומר און עושה אַרייַנכאַפּן אַ כּוסע" (פֿוול).

צווישן ווייַזט אויף אַ חילוק, אַ מצבֿ, אַ שייַכות. דוגמאָות: אַ פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַצן, געשלעג צווישן ייִנגלעך און שקצים, אַ חילוק ווי צווישן טאָג און נאַכט; די פּשרה צווישן ביידע צדדים; אַן אָפּמאַך צווישן פֿרייַנד; „צווישן אַלע שוסטער איז דער בעסטער שנייַדער יאָסל דער קאָטליער (דער סטאָליער, דער באָנדער)"; „צווישן פֿיל וועלף ווערט דער האָז טויט"; „צווישן יאָ און ניין ליגט מען אַוועק די ציין (...ווערט חרובֿ דאָס געביין)" (שוו).

13. צוליבֿ ווייַזט אויף אַ ציל און (אָדער) בינדט זיך מיט אַן אומדירעקטן אָביעקט לטובֿת, צום גונסטן עמעצן אָדער עפּעס. אייגנטלעך איז דער זינען פֿון דער פּרעפּאָזיציע אַ קלאָרער און זי איז כּמעט אייַנ־טייַטשיק; דאָך האָט די פּרעפּאָזיציע ניט קיין גוטן מזל, וואָרעם מע ניצט זי אויך דאָרטן וואו זי דאַרף ניט זייַן, וואָרעם מע פֿאַרבייַט זי מיט איבער וואָס ווייַזט אויף אַ סיבה. איז נייטיק אַרויסצוהייבן ווען מע דאַרף יאָ ניצן דעם צוליבֿ כּדי אויסצומייַדן דעם פּלאָנטער. ווען מע ניצט ,צוליבן טויט', ,צוליבֿ דער קראַנקייט', ,צוליבֿ דער מלחמה' — זינדיקט מען קעגן דעם ליבן צוליבֿ וואָס שוין זייַן אייגענער מהות בינדט זיך בלויז מיט גוטס. דערבייַ ווייַזט מען אַז מע טראַכט ניט גענוג קלאָר און מע פּלאָנטערט צווישן ציל און סיבה. ווען מע טרעפֿט בייַ אַן אײדעלן פּאָעט „צוליבֿ די קינדערס תּפֿילה / זאָלן קוואַלן פֿליסן קילע", קען מען אים מוחל זייַן, ווייַל דאָ האָט אים אַזוי אונטערגעזאָגט דער ריטעם און די פֿאַרבינדונג מיט קינדער, מיט תּפֿילה — און „וואָס עס פּאַסט פֿאַר אַ מלאך טויג ניט פֿאַרן גלח".

דוגמאָות פֿאַרן צוליבֿ: טאָן עפּעס צוליבֿ דיר (אייַך, דער מאַמען,

אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט, דעם קינדס געזונט, צוליבן פֿאַרזאָרגן זיך אויף דער עלטער); זיך מקריבֿ זײַן צוליבן אידעאַל (פֿאָלק, קיום־האומה, ראַ־טעווען די אייגענע); שפּאָרן צוליבן פֿאָרן זומער קיין ארץ־ישׂראל (שיקן דעם זון שטודירן, העלפֿן דעם חבֿר); זיך אָנשליסן אָן פֿאַרבאַנד צוליבן קריגן נײַע באַקאַנטשאַפֿט.

אַגבֿ איז צוליב אויך אַ קאָנווערב: „צוליבטאָן קאָסט תמיד טײַער" (שוו).

14. קעגן (און אויך אַקעגן, אַנטקעגן) ווײַזט אויף דער באַציאונג פֿון אַקעגנדיקייט, אויף קעגנערישקייט, אויף אַ סתירה, אויף אַ פֿײַנדלעכן אײַנשטעל. מיר האָבן עס אָט דאָ: אַרויסטרעטן קעגן שׂונא, זיך בונטעווען קעגן דער מאַכט, זיך שטעלן קעגן פּאָליצײַ (קעגן קאָנקורענט, קעגן מסור, קעגן רובֿ דעות), העצן קעגן ייִדן, רעדן קעגן עלטערע, טאָן עפּעס קעגן אייגענעם ווילן, אײַנווענדן קעגן דער פֿאַלשער טענה, אינטערעסן פֿון שטאַט אַקעגן די אינטערעסן פֿון דאָרף, זיך פֿאַרטיידיקן קעגן איבערפֿאַל.

קעגן ווײַזט אויף אָרט וואָס איז אויף אַן אַנדער זײַט, אויף דער סיטואַציע אַקעגנאיבער, אויפֿן פֿאַרקלענערן דעם אָפּשטאַנד, אויך אויף אַ צײַטווײַליקער פּאָזיציע. דאָס ווערט אילוסטרירט דורך (מיט) די ווײַטער־דיקע אויסדרוקן: שטיין אַקעגן דעם הויז (פֿאַרקאָן, אירע פֿענצטער, אַקעגן זײַן גערטל), זיצן אויף אַ באַנק אַקעגן דעם אומבאַקאַנטן, וואויגען קעגן דעם קלוב, נעמען אַ קוילעטש און לייגן אים קעגן די בענטשליכט (ווי אַ סגולה זיי זאָלן ניט שמעלצן); רײַטן קעגן דעם חתן, לויפֿן קעגן די מוזי־קאַנטן, אויפֿהייבן די פּאַטשיילע קעגן דער זון, זאָגן דעם אמת גלײַך אַקעגן זײַן פּנים, לייענען קעגן דער שײַן פֿון לאָמפּ.

קעגן ווײַזט אויף צײַט (געוויינטלעך מיטן בײַבאַטײַט: אַן ערך). מיר האָבן עס אין: צוריקגיין אַהיים קעגן אָוונט, זיך נעמען צום לערנען קעגן סוף פֿון סעמעסטער, אויפֿשטיין קעגן זונאויפֿגאַנג, אָרגאַניזירן די אונטער־נעמונג קעגן פּורים, ווערן פֿרימער אַקעגן די ימים־נוראָים; ניט קעגן נאַכט געדאַכט (דערמאָנען ווען עס איז שוין פֿינצטער אַזעלכע ווערטער ווי טויט, מת, בית־עולם אָדער אַ נאָמען פֿון אַן אומפֿרײַנדלעכן פֿאַרשטאָרבענעם). געניצט אויך בײַם באַצייכענען די נאַכט צווישן צוויי טעג: די נאַכט פֿון זונטיק קעגן מאָנטיק.

קעגן באַטײַט אויך: וועגן, בנוגע צו, לגבי, אין פֿאַרגלײַך מיט (צו). דוגמאָות: אַקעגן וואָס האָט איר עס געזאָגט? אַקעגן דעם וואָס איר זאָגט...., קעגן אים איז זײַן ברודער אַ גאַנצער בריה (אַ קנאַקער, אַ חכם); בלעם איז געווען אַ הונט קעגן אים (ער איז ערגער פֿון בלעמען); זיך פֿאַרזינדיקן קעגן פֿאָטער; זײַנע מיטעלע יאָרן זײַנען ווייניקער פּראָדוקטיוו קעגן זײַן עלטער; אָרעמענער האָבן דאָך ווייניקער געליטן אַקעגן ייִדן; פֿאַרגלײַכן צוויי אויס־גאַבעס איינע קעגן דער אַנדערער; „פֿילאַדעלפֿיע קעגן ניו־יאָרק איז אַזוי ווי אײַשישיק קעגן ווילנע" (שע).

## ה. איין־ און צוויי־באַטײַטיקע פּרעפּאָזיציעס

דאָ קומט אַ לענגערע רשימה אַזעלכע פּרעפּאָזיציעס וואָס מע קען אָנווײַזן אויף זייער באַטײַט און אויף ניצן זיי בקיצור נמרץ. די רשימה איז נישט קיין אינגאַנצן פֿולע, די גאָר זעלטענע פּרעפּאָזיציעס ווערן נישט דער־מאָנט.

אַדאַנק — ווײַזט אויף עמעצן אָדער אויף עפּעס וואָס פֿון דעם קומט אַרויס אַ טובֿה. באַקומען אַ שטעל אַדאַנק דעם פֿרײַנד, ניצול ווערן אַדאַנק דער פֿינצטערניש.

אויסער — חוץ, מחוץ, פֿון דרויסן, מיטן אויסנעם פֿון. „אַלץ איז אין די הענט פֿון הימל אויסער יראת־שמים"; אויסער דײַן (אונדזער, זײַן, איר) שאָדן אויף מיר (אונדז, זיי) געזאָגט — ד"ה: עס גייט אים (אײַך, זיי) גאַנץ גוט.

אָן — האָט אַ נעגאַטיוון באַטײַט, ווײַזט אַז עס פֿעלט, ס'איז נישטאָ דאָס צו וואָס די פּרעפּאָזיציע באַציט זיך, היפּוך פֿון מיט. אָן אַן אויסנעם, אָן אַן אויפֿהער, אָן אַן אונטערשייד; אַ רבֿ אָן אַ רביצין איז אַ האַלבע מעשׂה; אָן האַרץ און אָן נשמה; אָן דיר און אָן האָפֿן — ד"ה מע וועט אויסקומען אָן דיר, שׂמחת־תּורה אָן בראָנפֿן. [נישט פֿלאָנטערן מיט אָן, ד5.]

אַנשטאָט — ווײַזט אויף אַ פֿאַרבײַט, אַ סובסטיטוט. אסתּר ווערט די מלכּה אַנשטאָט ושתּין; האָבן אַנשטאָט אַ האַרץ אַ שטיין אין ברוסט; אַנשטאָט אַ טובֿה קען גאָר אַרויסקומען אַ רעה; אַנשטאָט צו געבן אַן ענטפֿער, אָפּקומען מיט אַ חכמהלע.

ביז — האָט אַן אָ ר ט־, אַ צ ײַ ט־ און אַ מ ד ר ג ה־באַטײַט: צופֿירן ביזן טויער, „פֿון ירדן ביז וואָלגע איז פֿאַלג מיך אַ גאַנג" (האָפֿשטיין); „ביז זיבעציק יאָר לערנט מען שׂכל און מע שטאַרבט אַ נאַר" (שוו); לאַכן ביז טרערן, גוט ביז (צו) דער קעשענע. פֿאַראַן אויך די פֿאָרמען: ביזקל, ביסקל, ביסקן און פֿאַלקיש אויך ביסקעלע: ביסקעלע וואָס, ביסקעלע ווען. ביז איז אויך אַ קאָניונקציע.

במקום — דאָס זעלביקע וואָס אַנשטאָט.

בנוגע — וואָס שייך צו. נישט קומען צו קיין באַשלוס בנוגע דער פֿראַגע; וואָס איז בנוגע אַכצן און דרײַצן?

בעת, בשעת — ביידע מיט דעם זעלביקן באַטײַט: אין דער צײַט פֿון. בעת (בשעת) דער שׂמחה, דער חתונה, דעם מזל־טובֿ; „אַ ווײַב בשעת כּעס איז גאָרנישט קיין שפּאָס" (שוו); „בשעת דער תּפֿילה באַדאַרף מען די פֿיס גלײַך (צו) האַלטן". די ביידע פּרעפּאָזיציעס זײַנען אָפֿטע קאָניונקציעס.

ווידער — דאָס זעלביקע וואָס קעגן. האָט אַן אַרכאַאישן בײַטעם. ווידער גאָט און ווידער לײַט; „ווידער דעם רבונו־של־עולם קען קיינער נישט באַשטיין" (שוו). איז אַ קאָניונקציע נאָכן קאָמפּאַראַטיוו.

זינט — פֿון אַ באַשטימטן פּונקט אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט. זינט זײַן אָפּפֿאָר, זינט פֿאַראַיאָרן, הוסטן זינט סוכות. [ניט ניצן 'זײַט'.] איז אויך אַ קאָניונקציע.

חוץ — דאָס זעלביקע אָבער אָפּטער און בעסער ווי אויסער. וואוינען חוץ דער שטאָט, אַלע חוץ חיימען (רייזלען); קיין זאַך ניט האָבן אין מויל חוץ אַ גלאָז טיי; ניט פֿאַרמאָגן קיין שום צירונג חוץ דער באָבעס שטערנטיכל; חוץ זײַן שאָדן אויף מיר געזאָגט.

כּלפּי — קעגן, לגבי, בנוגע. טענות כּלפּי מלכות; „רעדן כּלפּי גאָט און בלײַבן אָן עצה, אָן ראָט".

כּפֿי — לויט, אויפֿן אופֿן פֿון. „מײַן כּוונה איז תּמיד גוצן צו ברענגען אונדזערע ייִדעלעך כּפֿי מײַן מעגלעכקייט" (ממוס).

לגבי — אין פֿאַרגלײַך מיט, בנוגע. לגבי יענעמס דערגרייך האָט ער קוים וואָס אויפֿגעטאָן, דורכפֿאַלן לגבי אונדז.

לויט — על־פּי, נאָך דער סיטואַציע נאָך, בהסכּם מיט. לויט זײַן מיינונג, לויט דײַנע רייד, לויט אונדזער בקשה.

לטובֿת — צום גונסטן, צוליב דער טובֿה. עפּעס טאָן לטובֿת דעם פֿרײַנד, אַ נײַ געזעץ לטובֿת די ניט־פֿאַרמעגלעכע.

לכּבֿוד — כּדי צו ערן, אָפּצוגעבן כּבֿוד. קויפֿן פֿיש לכּבֿוד שבת; פּראַוועון אַ באַנקעט לכּבֿוד דעם בעל־יובֿל.

לעבן — נעבן, באַענט פֿון. זיך באַזעצן לעבן אונדז, געשרייען לעבן דער תּפֿיסה, אומרוען לעבן דער גרענעץ.

לענג־אויס — פּאַזע, אין דער לענג פֿון. לענג־אויס דער פֿאַרפּעסטיקטער ליניע, לענג־אויס דעם ים.

לפֿי — לויט, על־פּי. לפֿי זײַן מיינונג, לפֿי אונדזערע תּקנות, לפֿי דעם תּלמוד.

לרעה — צום שלעכטן. לרעה דעם שוואַכן, לרעה דעם קעגנער.

מאַנק — צווישן (בלויז אין מערצאָל). מאַנק הײַזער, מאַנק מענטשן, מאַנק גוטע און פֿרומע לײַט.

מחוץ — דאָס זעלביקע וואָס חוץ. מחוץ דעם סדר־היום; מחוץ דער הילף וואָס ער קריגט.

מחמת — איבער, מיט דער סיבה. מחמת נויט עסן ווײַס ברויט; מחמת דעם שווערן מצבֿ; מחמת די פֿרײַנדלעכע באַציאונגען; מחמת וואָס זאָגסטו עס?

מכּוח — וואָס הערט זיך מכּוח דעם וויכּוח? מכּוח אַכצן און דרײַצן, מכּוח די נײַע אויסגעפֿינסן. שמועסן מכּוח פּאָליטיקע און מכּוח ייִדישע מיליאָנערן. איבערשמועסן מכּוח דער נסיעה, זאָרגן זיך מכּוח כּלל־ישׂראל, קלאָגן מכּוח פּרנסה.

נעבן — דאָס זעלביקע וואָס לעבן.

על־פּי — לויט, בהסכּם מיט, ווי אָנגעוויזן. אַזוי קומט אויס על־פּי לאָגיק (שׂכל, יושר); על־פּי בחירה, ניט על־פּי צופֿאַל; אויסטײַטשן על־פּי פּשט, אַנאַליזירן על־פּי תּלמוד; „על־פּי דעם געזעץ פֿון נויטווענדי־קייט, ... על־פּי די געבאָטן פֿון פֿאָרויס־באַשטימונג, — על־פּי דעם אַלעמען וואָלט ניט געטאָרט זײַן קיין ייִדיש פֿאָלק" (א. צייטלין).

פֿאַזע — נאָענט און לענג־אויס. גיין פֿאַזע דעם ברעג פֿון טײַכל, גערטענער פֿאַזע דעם וועג, די כאַטעס פֿאַזע דעם וואַלד.

צווישן — דאָס זעלביקע וואָס זינט. אַזוי ווי זינט, אויך אַ קאָניונקציע.

קיין — צו נאָך. פֿירן קיין ארץ־ישׂראל, קומען קיין ירושלים, קיין בוענאָס־איירעס. בעסער פֿאָרן פֿון ווין גלײַך קיין לאָנדאָן. עמיגרירן קיין אויסטראַליע.

## .XIV

# דער ווערב

## א. כאַראַקטער פֿון ווערב

1. דער ווערב איז איינער פֿון די צוויי וויכטיקסטע וואָרטקלאַסן. אפֿשר אויף דער זעלביקער מדרגה פֿון וויכטיקייט און אָפּטקייט איז דער סובסטאַנטיוו. צוזאַמען שאַפֿן זיי די גרויסע מערהייט זאַצן וואָס מיר הערן, רעדן אַרויס אָדער לייענען און שרײַבן. דער סובסטאַנטיוו איז נאָרמאַל דער סוביעקט פֿון זאַץ און דער ווערב איז זײַן פּרעדיקאַט.

2. די גאַנצע וועלט, אויף וויפֿל זי דערגייט צו אונדז און מיר באַנעמען זי מיט דער הילף פֿון אונדזערע חושים, איז אין אָרט און אין צײַט. דער טייל סובסטאַנטיוון וואָס זײַנען נעמען פֿון זאַכן אין דער רעאַלער וועלט בינדן זיך מיט אָרט; אַלע ווערבן, אַלע פֿאָרמען פֿון ווערב בינדן זיך מיט צײַט. איז פֿאַסיק דער נאָמען צײַטוואָרט פֿאַרן ווערב.

3. סובסטאַנטיוו און ווערב זײַנען בולט־אַנדערשדיקע וואָרטקלאַסן לויט זייער פֿונקציעס אין זאַץ. דאָך זײַנען זיי געקניפּט און געבונדן אויפֿן שטח פֿון וואָרטשאַפֿונג. פֿון סובסטאַנטיוון האָבן זיך געשאַפֿן און עס שאַפֿן זיך גרינג ווערבן, ווי למשל: קיניגן, וויטיקן, קינדלען, הימלען, זיך בחורן, האַלדזן, ספֿקן, כוואַליען זיך, נעסטן, וואָלקענען, הכשרן. עס זײַנען דאָך פֿאַראַן טויזנטער ווערבן, געשאַפֿענע פֿון אַ סובסטאַנטיוו מיט דער הילף פֿון שינויים אין וואָקאַל, מיט אַ סופֿיקס, פּרעפֿיקס און אַ קאָנווערב. פֿון דער צווייטער זײַט האָבן זיך געשאַפֿן און עס שאַפֿן זיך סובסטאַנטיוון פֿון ווערבן אָן און מיט אַ סופֿיקס (־ונג, ־עכץ, ־עניש, ־ער, ־ערײַ).

4. דער ווערב, ווי דער סובסטאַנטיוו, פֿאַרמאָגט די קאַטעגאָריע צאָל. דער ווערב איז אינגאַנצן פֿרײַ פֿון יעדער השפּעה מצד דעם גראַמאַטישן מין.

5. קאָניוגירן אַ ווערב הייסט צושטעלן צו זײַן ווערבאַלן שטאַם די פֿלעקסיעס וואָס זײַנען אָפּהענגיק, וואָס ווערן אַרויסגעצוואונגען פֿון די פּערזענלעכע פּראָנאָמען (זע פּראָנאָם א, 1־5). אָט די קאָניוגאַציע איז פֿאַראַן בלויז אין דער פֿאָרעם וואָס מע רופֿט די איצטיקע צײַט. אַלע אַנדערע פֿאָרמען ווערן געשאַפֿן מיט דעם באַטייליקן זיך פֿון הילפֿסווערבן.

6. צײַט אין וואָרטקלאַס צײַטוואָרט איז אַזוי ווי אַ ליניע וואָס ציט

זיך פֿון פֿריִער צו שפּעטער. דאָס איז אויך איינער פֿון די מאָטיוון פֿאַרוואָס דער אינפֿיניטיוו, דער פּאַרטיציפּ און דער גערונדיוו ווערן ניט אַרײַנגענומען אין קאַפּיטל ווערבֿ, נאָר ווערן אויסגעטיילט באַזונדער ווי אַ וואָרטקלאַס פֿאַר זיך.

7. אַלדאָס ווײַטערדיקע אין דעם קאַפּיטל פֿאַרנעמט זיך מיט גראַמאַטישע פֿאָרמען, מיט אַלגעמיין־גילטיקע פֿאָרמען, און מײַדט אויס יענע לעקסישע בינדונגען וואָס קענען צוגעבן דעם זעלביקן באַטײַט פֿון דער אָדער יענער גראַמאַטישער פֿאָרעם. עס איז נייטיק גאַנץ ספּעציעל צו האָבן דאָס אין זינען בײַ מאָדוסן און אַספּעקטן.

8. דער ווערבֿ ווערט אָנגערופֿן לויט זײַן אינפֿיניטיוו. אַזוי פֿיגורירט ער אויך אין ווערטערביכער.

# בֿ. אײַנטיילונג פֿון ווערבֿן

1. ראשית־כּל איז נייטיק אויסצוטיילן די עטלעכע ה י ל פֿ ס װ ע ר בֿ ן וואָס האָבן ניט קיין באַזונדערן, קיין פֿאַרזיכדיקן באַטײַט, נאָר זיי העלפֿן שאַפֿן ווערבאַלע פֿאָרמען. די הילפֿסווערבֿן זײַנען: זײַן, האָבן, ווערן, וואָלטן, פֿלעגן, זאָלן, לאָזן, טאָן, וועלן. אָט די הילפֿסווערבֿן זײַנען ניט קיין באַזונדערע זאַצגלידער, נאָר שאַפֿן אַ זאַצגליד צוזאַמען מיט נאָך אַ ווערבֿ וואָס איז זעלבשטענדיק, פֿולבאַטײַטיק. אין זאַץ „ער האָט געגעבן דעם ריכטיקן ענטפֿער" איז דער פּרעדיקאַט האָט געגעבן; אין זאַץ „זאָל מען אויסניצן אַזאַ געלעגנהייט" איז דער פּרעדיקאַט זאָל אויסניצן. אין ספּעציעלע סיטואַציעס — און אַנדערע אין זייער עיקר־באַטײַט — זײַנען די דערמאָנטע ווערבֿן זעלבשטענדיקע, פֿאַרזיכדיקע: „איך בין דאָ געווען אַ גאַנצן טאָג"; „איך טראַכט, בכן — איך בין"; „ער האָט אַ סך געלט"; „אַלץ וואָס וואַקסט און לעבט איז אין פּראָצעס פֿון ווערן" (דאָ איז ווערן אין תּוך אַ סובסטאַנטיווירונג); „פֿאַרוואָס לאָזסטו אים טאָן אַזוינס?"; „דו טוסט די זעלביקע אַרבעט". וועגן יעדערן פֿון די הילפֿסווערבֿן וועט נאָך זײַן די רייד ווײַטער.

2. עס איז אויך נייטיק אויסצוטיילן מ אָ ד אַ ל ע ווערבֿן. זיי ווערן פֿולבאַטײַטיק נאָר אינאיינעם מיט נאָך אַ ווערבֿ וואָס ווערט אַרויסגערעדט אָדער פֿאַרשטאַנען פֿון צוזאַמענהאַנג. די מאָדאַלע ווערבֿן דריקן אויס די באַציאונג פֿון דעם רײדער. די מאָדאַלע ווערבֿן האָבן אַ באַזונדערקייט בײַם קאָניוגירן (אָן אַן ענדונג אין דער דריטער פּערזאָן איינצאָל) און בײַם פֿאַרבינדן מיטן אינפֿיניטיוו (אָן דעם פּאַרטיקל צו). די מאָדאַלע ווערבֿן זײַנען: דאַרפֿן, מוזן, מעגן, (ניט) טאָרן, וועלן (איך וויל) לאָזן, קענען. [די הילפֿסווערבֿן וואָס זײַנען נייטיק צו שאַפֿן די מאָדוסן פֿון ווערבֿ רעכנט מען אַרײַן צווישן די מאָדאַלע (זאָלן, לאָזן, וואָלטן, פֿלעגן), אָבער עס איז גלײַכער זיי צוצורעכענען צו די הילפֿסווערבֿן, ווײַל אַזוי אַרום שאַפֿט זיך אַן אויסגעהאַלטענע סיסטעם.]

3. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון וואָרטשאַפֿונג איז באַקוועם איינצוטיילן ווערבן איז זעקס גרופּעס: א) וואָרצלדיקע ווערבן, וואו דער ווערבאַלער שטאַם פֿאַלט צונויף מיטן וואָרצל פֿון וואָרט, למשל: פֿאַרבן, ציילן, טורעמען, קריוועדען, שוואַרצן, וואַרעמען, כּישופֿן, משפּטן, טענהן, חשבונען; ב) ווערבן מיט אַ בייט אין וואָקאַל אָדער דיפֿטאָנג פֿון וואָרצל, למשל: קרענקען, קעפּן, שמעלן, קירצן, ווערעמען, לייזן, פֿעדעמען; ג) ווערבן מיט סופֿיקסן, למשל: רייניקן, בלוטיקן, רייכערן, לופֿטערן, קייטלען, מעקען, הולטייעווען, ווילדעווען, שלאָפֿינקען; ד) ווערבן מיט פּרעפֿיקסן, למשל: אַנטלויפֿן, באַזיגן, געברויכן, דערמאָנען, פֿאַרטרעטן, צעגיסן; ה) ווערבן מיט קאָנווערבן, למשל: אויסזאָגן, אויפֿזינגען, אַוועקפֿירן, איבערמאַכן, אומדרייען, אונטערזאָגן, אָנזאָגן, אָפּרייסן, איינשמירן, אַראָפּנעמען; ו) צונויפֿגעזעצטע ווערבן, וואָס באַשטייען פֿון צוויי טיילן, אַן אינוואַריאַנט און אַ הילפֿסווערב, למשל: מקנא זיין, אויסן זיין, מסכּים זיין, געוואויר ווערן, מרוצה ווערן, משוגע ווערן, רחמנות האָבן, חתונה האָבן, מורא האָבן, תּפֿילה טאָן.

4. ווערבן געהערן אָדער צו דער ערשטער אָדער צו דער צווייטער קאָניוגאַציע. צו דער ערשטער קאָניוגאַציע געהערן אַלע ווערבן וואָס זייערע פֿלעקסיעס לויט פּערזאָנען קומען צו דירעקט צום ווערבאַלן שטאַם. דוגמאָות: מאַכן — דו מאַכ־סט, מיר מאַכ־ן; פֿליִען — דו פֿלי־סט, מיר פֿלי־ען; נעכטיקן — דו נעכטיק־סט, מיר נעכטיק־ן; פֿאַרריכטן — דו פֿאַרריכט־סט, מיר פֿאַרריכט־ן; מסרן — דו מסר־סט, מיר מסר־ן. צו דער צווייטער קאָניוגאַציע געהערן די ווערבן וואָס פֿ אַ ר זייערע פֿלעקסיעס לויט פּערזאָנען איז פֿאַראַן אַן ע, וואָס איז אָדער אַ טייל פֿון אַ סופֿיקס אָדער אַ ספּעציעלער קאָניוגיר־סופֿיקס. דוגמאָות: האָרעווען — דו האָרעווע־סט, ער האָרעווע־ט; האַווקען — דו האַווק־ע־סט, ער האַווק־ע־ט; קוויטשען — דו קוויטש־ע־סט, ער קוויטש־ע־ט; הוידען — דו הויד־ע־סט, ער הויד־ע־ט; גנבֿ(ענ)ען — גנבֿ־ע־סט, ער גנבֿ־ע־ט.

צו דער ערשטער קאָניוגאַציע געהערן אַלע ווערבן פֿון גערמאַנישן קאָמפּאָנענט פֿון ייִדיש און כּמעט אַלע ווערבן־העברעאיזמען. צו דער צווייטער קאָניוגאַציע געהערן די ווערבן וואָס ייִדיש האָט זיי איבערגענומען פֿון אַ סלאַוויש לשון און די וואָס האָבן אַ סופֿיקס וואָס שטאַמט אָפּ פֿון סלאַוויש און אויך עטלעכע ווערבן־העברעאיזמען. פֿאַראַן עטלעכע ווערבן וואָס געהערן צו ביידע קאָניוגאַציעס: זיפֿצן און זיפֿצען, קרעכצן און קרעכצען. דער ווערב יעטן (אויך: יעטען), וואָס איז פֿון אַ גערמאַנישן אָפּשטאַם, געהערט צו ביידע קאָניוגאַציעס: איך יעט און איך יעטע, דו יעטס(ע)סט, ער יעט(עט) און אַזוי ווייטער.

5. עס איז נייטיק אויסצוטיילן באַזונדער די ווערבן וואָס קומען מיטן פּראָנאָם זיך. די באַזונדערע אונטערגרופּעס פֿון די ווערבן מיט זיך ווערן באַטראַכט שפּעטער.

6. לויט זייער פֿונקציע אין זאַץ און אויך לויט זייער באַטייט ווערן ווערבן איינגעטיילט אין טראַנזיטיווע און אומטראַנזיטיווע. אַ טראַנזיטיווער איז אַזאַ ווערב וואָס דריקט אויס אַ טואונג וואָס גייט אַריבער

פֿון דעם טוער אויף עמעצן אָדער עפּעס; אַ טראַנזיטיווער ווערבֿ קען האָבֿן אַ דירעקטן אָבֿיעקט. אַ טראַנזיטיווער ווערבֿ קען ווערן אַ טייל פֿון אַ פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע, וואו פֿון דירעקטן אָבֿיעקט אין דער אַקטיווער קאָנסטרוקציע ווערט דער סובֿיעקט פֿונעם זאַץ און פֿון דעם סובֿיעקט אין זאַץ מיט דער אַקטיווער קאָנסטרוקציע ווערט אַן אומדירעקטער אָבֿיעקט. שלאָגן איז אַ טראַנזיטיווער ווערבֿ, ווײַל — „דער שטאַרקער (מענטש) שלאָגט דעם שוואַכן (מענטשן)" מיטן דירעקטן אָבֿיעקט און עס איז מעגלעך די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע: „דער שוואַכער (מענטש) ווערט געשלאָגן פֿון דעם שטאַרקן (מענטשן)". ליבֿן איז אַ טראַנזיטיווער ווערבֿ, ווײַל — „די גליקלעכע מוטער ליבֿט דעם פּעאיקן זון" מיטן דירעקטן אָבֿיעקט און עס איז מעגלעך די פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע: „דער פּעאיקער זון ווערט געליבֿט פֿון דער גליקלעכער מוטער". געוויינטלעך דערקענט מען צי דער ווערבֿ איז אַ טראַנזיטיווער אָדער ניט, אויבֿ מע ווייסט נאָר זײַן באַטײַט. אָבֿער דאָך איז נייטיק צו זײַן געוואָרנט, וואָרעם ניט שטענדיק פֿאַלט צונויף די טראַנזיטיווקייט פֿון אַ ווערבֿ מיט זײַן עקוויוואַלענט אויף אַן אַנדער לשון.

אַן אומטראַנזיטיווער איז אַזאַ ווערבֿ וואָס זײַן טואונג גייט ניט דירעקט אַריבער אויף אַן אַנדער פּערזאָן אָדער זאַך, וואָס קען ניט האָבֿן נאָך זיך אַ שטאַרק־באַהערשטן אַקוזאַטיוו אָדער קען ניט האָבֿן נאָך זיך, קען ניט פֿאָדערן קיין דירעקטן אָבֿיעקט. אַן אומטראַנזיטיווער ווערבֿ קען ניט זײַן דער פּרעדיקאַט אין אַ זאַץ מיט אַ פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. פֿליִען איז אַן אומטראַנזיטיווער ווערבֿ, ווײַל אין זאַץ „די טויבֿ פֿליט צום (פֿון) טויבֿנשלאַק" קען ניט צוגעשטעלט ווערן, קען ניט צוגעטראַכט ווערן קיין דירעקטער אָבֿיעקט; אויך אין זאַץ „די טויבֿ פֿליט אַ ווײַטן מהלך ביזן טויבֿנשלאַק" איז ניטאָ קיין שטאַרק־באַהערשטער אַקוזאַטיוו און קיין דירעקטער אָבֿיעקט: „אַ ווײַטן מהלך" ענטפֿערט ניט אויף דער פֿראַגע וועמען? אָדער וואָס? און עס איז ניט מעגלעך „אַ ווײַטער מהלך ווערט געפֿלויגן פֿון דער טויבֿ ביזן טויבֿנשלאַק". שלאָפֿן און כראָפּען זײַנען בײדע אומטראַנזיטיווע ווערבֿן, ווײַל אין דעם זאַץ „די פֿאַרמאַטערטע מענטשן שלאָפֿן פֿעסט און כראָפּען גאַנץ געשמאַק" איז ניטאָ קיין דירעקטער אָבֿיעקט, און אויבֿ עס איז נאָך מעגלעך אין ייִדיש „דאָ ווערט געכראָפּעט גאַנץ געשמאַק", איז אַבֿסאָלוט אוממעגלעך „... ווערט געכראָפּעט פֿון די פֿאַרמאַטערטע מענטשן".

דער זעלביקער ווערבֿ קען אין איין באַטײַט זײַן טראַנזיטיוו און אין אַ צווייטן אומטראַנזיטיוו. אין זאַץ „דער שטאַרקער שלאָגט דעם שוואַכן" איז דער ווערבֿ שלאָגן געגעבֿן געוואָרן ווי אַ מוסטער פֿון אַ טראַנזיטיוון ווערבֿ, אָבֿער אין זאַץ „דער זייגער שלאָגט צוועלף" איז שלאָגן אַן אומטראַנזיטיווער ווערבֿ. דער ווערבֿ אויסנעמען איז אין עטלעכע באַטײַטן טראַנזיטיוו (אויסנעמען אַ תּנאַי, אויסנעמען די ספֿר־תּורה און אַנדערע), אָבֿער מיטן באַטײַט: נושׂא חן זײַן — איז אויסנעמען אומטראַנזיטיוו. אַוועקציִען מיטן באַטײַט: אַוועקשלעפּן איז טראַנזיטיוו און מיטן באַטײַט: אַוועקגיין אַוועקלויפֿן, אַוועקפֿאָרן איז דער ווערבֿ אומטראַנזיטיוו.

פֿאַראַן ווערבן וואָס עס איז שווער, ווײַל אומפּינקטלעך, זיי צוצורעכענען צו די טראַנזיטיווע אָדער אומטראַנזיטיווע. איז דעריבער נייטיק אײַנצופֿירן דעם טערמין אַ ק ו ז אַ ט י ו ו י ש ע ר ווערב. דאָס איז אַזאַ ווערב וואָס האָט נאָך זיך אַן אַקוזאַטיוו, אָבער די טואונג גייט ניט אַריבער אויף עפּעס אָדער אויף עמעצן אַזוי דירעקט ווי בײַ אַ טראַנזיטיוון ווערב און קיין פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע ווערט ניט גענוצט מיט אַט אַזאַ ווערב. געטרײַ צו די אײַנגעשטעלטע באַגריפֿן, איז דאָ דערמאָנט דער ווערב שלאָפֿן ווי אַ מוסטער פֿון אַן אומטראַנזיטיוון ווערב, אָבער אין די פֿאַרבינדונגען: שלאָפֿן אַ זיסן (פֿעסטן, געשמאַקן) שלאָף איז כּדאַיער צו באַטראַכטן דעם ווערב שלאָפֿן ווי אַן אַקוזאַטיוויש. אַזוי אויך אין די פֿראַזעס: חלומען אַ חלום, אָפּחושכן אַ לעבן, אויסווייִנען ביטערע טרערן, אויספּאַסטן אַלע מאַנטיקן און דאַנערשטיקן, אַפֿילו אין באַקומען (האָבן, קריגן) קינדער זײַנען די ווערבן ניט קיין טראַנזיטיווע און ניט קיין אומטראַנזיטיווע, זיי זײַנען אַקוזאַטיוויש.

7. פֿ ו ל ע ווערבן זײַנען די וואָס האָבן אַלע ווערבאַלע פֿאָרמען און ד ע פֿ ע ק ט י ו ו זײַנען די ווערבן וואָס געוויסע פֿאָרמען פֿעלן זיי. ד ר י ט - פּ ע ר ז אָ נ י ק ע ווערבן פֿאַרמאָגן ניט די ערשטע און די צווייטע פּערזאָן. ווען מע ניצט דעם אויסדרוק 'אומפּערזענלעכער ווערב', האָט מען גאָר אין זינען — אומפּערזענלעכער זאַץ, דאָס הייסט אַ זאַץ אָן אַ קלאָרן סוביעקט. די טענדענץ אין דער כּלל־שפּראַך איז פֿון די דעפֿעקטיווע ווערבן מאַכן פֿולע ווערבן און פֿון די דריטפּערזאָניקע — געוויינטלעכע פּערזאָניקע ווערבן. עס רעגנט, עס שנייט און ענלעכע זאַצן האָבן ווי אַ סוביקט דעם פּראָנאָם עס. אַזוי איז אויך עס דער סוביעקט אין די זאַצן: עס אַרט (קימערט) מיך ניט, עס גייט מיך ניט אָן און ענלעכע. ע ס האָט דאָ אַ קלאָרן באַטײַט: אַלדאָס אַרומיקע, דער מצבֿ, די סיטואַציע. עס רעגנט איז טאַקע בלויז אין דער דריטער פּערזאָן, אָבער מעטאַפֿאָריש איז דאָך בלי־ספֿק מעגלעך: „איך רעגן מיט מתּנות, ווען איך קום אַהיים"; „דו רעגנסט מיט ליגנס, הער שוין אויף"; „ער האָט פֿריִער גערעגנט מיט רייד, איצט פּליוכעט ער שוין".

## ג. די איצטיקע צײַט

1. דער באַגריף צײַט אין גראַמאַטיק בינדט זיך מיט דעם וואָס רעדט. די צײַט פֿון אַרויסזאָגן איז דער צענטראַלער פּונקט. ווען די טואונג אָדער דער מצבֿ פֿון ווערב איז גלײַכצײַטיק מיטן אַרויסזאָגן, איז דער ווערב אין דער איצטיקער צײַט; ווען די טואונג אָדער דער מצבֿ זײַנען געווען פֿריִער פֿאַרן אַרויסזאָגן, איז דער ווערב אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט; ווען די טואונג אָדער דער מצבֿ איז שפּעטער, נאָכן אַרויסזאָגן, איז דער ווערב אין דער קומעדיקער צײַט. „נעכטן בין איך געווען אין ירושלים און געשטאַנען בײַם כּותל־מערבֿי"; „איך בין אין ירושלים און שטיי בײַם כּותל־מערבֿי"; „איך וועל זײַן אין ירושלים און וועל שטיין בײַם כּותל־מערבֿי" — אין די דרײַ זאַצן

מיט די דריט צײַטן פֿון ווערב ווערט דאָס ביצן די גראַמאַטישע צײַט באַשטימט דורכן קאָנקרעטן מאָמענט פֿון אַרויסזאָגן.

2. די איצטיקע צײַט קומט אויס אָן אַ הילפֿסווערב. נאָר אין דער איצטיקער צײַט איז דאָ די דירעקטע פֿאַרבינדונג מיט אָדער די אָפּהענגיקייט פֿון די פּערזענלעכע פּראָנאָמען. אָט איז די טאַבעלע מיט די פֿלעקסיעס פֿון דער איצטיקער צײַט:

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| איך | זאָג— | פּלי— | רעד— | האַלט— | עס— | מעסט— | רעכן— | קוויטשע— |
| דו | זאָג—סט | פּלי—סט | רעד—סט | האַלט—סט | עס—ט | מעסט— | רעכנ—סט | קוויטשע—סט |
| ער (זי, עס) | זאָג—ט | פּלי—ט | רעד—ט | האַלט— | עס—ט | מעסט— | רעכנ—ט | קוויטשע—ט |
| מיר | זאָג—ן | פּלי—ען | רעד—ן | האַלט—ן | עס—ן | מעסט—ן | רעכנ—ען | קוויטשע—ן |
| איר | זאָג—ט | פּלי—ט | רעד—ט | האַלט— | עס—ט | מעסט— | רעכנ—ט | קוויטשע—ט |
| זיי | זאָג—ן | פּלי—ען | רעד—ן | האַלט—ן | עס—ן | מעסט—ן | רעכנ—ען | קוויטשע—ן |

פֿאַר די דרײַ פּערזאָנען און זעקס פּערזענלעכע פּראָנאָמען (פֿאַרן קאָנ־יוגירן זײַנען זי, עס, מע אָן אַלצאײנע דריטע פּערזאָן) האָבן מיר סך־הכּל פֿיר פֿלעקסיעס: די נול־ענדונג פֿאַר דער ערשטער פּערזאָן אײנצאָל, ־סט פֿאַר דער צווייטער פּערזאָן אײנצאָל, ־ט פֿאַר דער דריטער פּערזאָן אײנצאָל און דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל, טראַפֿיקער ־ן פֿאַר דער ערשטער און דריטער פּערזאָן מערצאָל.

3. די סיסטעם ענדונגען איז פֿאַר אַלע ווערבן אַן אויסגעהאַלטענע. גאָר בולט זעט מען עס בײַ דער נול־ענדונג פֿון דער ערשטער פּערזאָן אײנצאָל. די באַזונדערקייטן אין אַרויסרייד און אין אויסלייג ווערן דאָ באַשטימט פֿון אַלגעמיינע פּרינציפּן:

א) די ענדונג ־ען אין פֿליִען, ווײַל עס קען ניט קומען קיין טראַפֿיקער נון נאָך אַ וואָקאַל אָדער אַ דיפֿטאָנג, אַזוי אויך נאָך אַ טראַפֿיקן למד, נאָך אַ מם, נון, נאָך נג און נק. דעריבער: מיר (זיי) בויען, קניִען, ווייען, האַנדלען, טרייסלען, קומען, קעמען, קענען, ברענען, זינגען, שפּרינגען, זינקען, טרינקען.

ב) איבער דעם מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ אין אונדזער אויסלייג ווערט אין אַלע פּערזאָנען אָפּגעהיט דער דלד אין רעדן, אויך ווען עס ווערט אַרויס־גערעדט ווי אַ טית אָדער פֿאַרשווינדט אינגאַנצן בײַם אַרויסרעדן. זיך היטן פֿון אַ גרײַז בײַם אָנשרײַבן: ער באָדט, בינדט, שמידט, צינדט, שנײַדט און אַנדערע ווערבן וואָס זייער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ דלד.

ג) איבערן פּרינציפּ אַז עס קענען ניט קומען קיין צוויי אַלצאײנע אותיות, ווען עס טרעפֿן זיך צונויף אַ לעצטער אות פֿון שטאַם מיט דעם זעלביקן אות פֿון אַ סופֿיקס אָדער פֿלעקסיע, איז ניטאָ קיין ענדונג ־ט פֿון דער דריטער פּערזאָן אײנצאָל און דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל אין ווערבן וואָס זייער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ ט. בכן האָבן מיר: ער (איר) האַלט־, אַרבעט־, טראַכט־, וואַרט־, בראָט־, היט־, גיט־ און אַנדערע.

איבער דעם זעלביקן פּרינציפּ קען ניט צוקומען די ענדונג ־סט פֿאַר דער צווייטער פּערזאָן אײנצאָל צו ווערבן וואָס זייער שטאַם ענדיקט זיך

אויף אַ סמך. בכן האָבן מיר בלויז ־ט אין: דו עס־ט, דו ניס־ט, דו פֿאַרגעס־ט, דו ווייס־ט, דו הייס־ט און אַנדערע.

און ווען דער שטאָם פֿון ווערב ענדיקט זיך אויף ־סט, באַקומט זיך אַז די איינציקע ענדונג איז ־ן און מיר האָבן: איך, דו, ער, איר מעסט, און אַזוי אויך: איך, דו, ער, איר הוסט, קאָסט, פּאַסט, גלוסט און אַנדערע.

ד) ווען צו אַ טראַפּיקן נון פֿון שטאָם קומט צו די ענדונג ־ען מוז דאָך פֿאַרן נון אַרײַנקומען אַן ע. דעריבער האָבן מיר אין דער ערשטער און דריטער פּערזאָן מערצאָל פֿון רעכן — מיר (זיי) רעכענען. און אַזוי אויך: פֿון ירשן — מיר (זיי) ירשענען, אויך בײַם אַרויסרעדן: מיר (זיי) „באַסענען" (נתנען), „כעזשבענען" (חשבונען).

ה) מיר זעען אַז די צווייטע קאָניוגאַציע איז אין תּוך די זעלביקע וואָס די ערשטע און מע טאָר דאָ ניט פֿאַרגעסן דעם ע אויך פֿאַר דער ענדונג ־ן למשל: טורקען, פּיסקעווען, וואָלאָטשען, מלויצען, טשאַדען, (ש)טשעפּען.

4. דאָס דיאַלעקטישע אַרויסרעדן אַן עין נאָך אַ דיפֿטאָנג פֿאַר די ענדונגען ־ט און ־סט איז ניט בהסכּם מיטן כּללישן אַרויסרייד און טאָר זיכער זיך ניט אַפּשפּיגלען אין אויסלייג. ניט „עס ווייעט אַ ווינט", נאָר עס וויט אַ ווינט; ניט „ער קײַעט אַ שטרוי", נאָר ער קײַט אַ שטרוי; ניט „דו בויעסט אַ הויז", נאָר דו בויסט אַ הויז.

5. א) די איצטיקע צײַט פֿון ווערבן זײַן: איך בין, דו ביסט, ער איז, מיר זײַנען און מיר זענען, איר זײַט און איר זענט, זיי זײַנען און זיי זענען.

ב) די איצטיקע צײַט פֿון ווערב האָבן: איך האָב, דו האָסט, ער האָט, מיר האָבן, איר האָט, זיי האָבן.

ג) די איצטיקע צײַט פֿון ווערב געבן: איך גיב, דו גיסט, ער גיט, מיר גיבן, איר גיט, זיי גיבן.

ד) די איצטיקע צײַט פֿון ווערב טאָן: איך טו, דו טוסט, ער טוט, מיר טוען, איר טוט, זיי טוען.

ה) די דריטע פּערזאָן איינצאָל איז אָן דער ענדונג ־ט בײַ די הילפֿס־ווערבן און די מאָדאַלע ווערבן: ער פֿלעג (געוויינטלעך — ער פֿלעגט), ער זאָל, לאָז ער (אָבער מיטן באַטײַט: דערלויבן — לאָזט ער), ער דאַרף, ער מוז, ער מעג, ער טאָר ניט, ער קען, ער וויל. אויך בײַם ווערב טויגן — ער טויג (ניט).

6. ווען ד ו קומט נאָכן ווערב, ווערט פֿון דעם איין וואָרט: וואָס רעדסטו? וואָס זאָגסטו? זיצסטו און טוסטו גאָרניט, פֿאַרטרײַבסטו דעם אומעט מיט פֿריילעכער מוזיק, וויטיקסטו איבער צרות פֿון פֿרײַנד, האָסטו כּוחות? מילא, ביסטו' גערעכט.

7. אין רעדן קומען פֿאַר קירצונגען. אַנשטאָט איך — כ'; כ'זאָג דיר דעם אמת, כ'מיין עס טאָקע, כ'דעכן אַזוי. אַנשטאָט ער אָדער — ר'; ר'איז דאָ, ר'האַלט ניט קיין צוזאָג, ר'זאָגט צו דאָס טעלערל פֿון הימל, ר'מיינט

טאַקע אַז עס וועט אים (אײַך) אָפּגיין גלאַט. אַנשטאָט עס אָדער סע — ס׳: ס׳איז(ז) גוט, ס׳רעגנט, ס׳האָט גערעגנט, ס׳וועט רעגענען, ס׳קומען שווערע צײַטן, ס׳פּירט זיך אַזוי. דו׳סט ווערט אַרויסגערעדט אַנשטאָט: דו ביסט, דו האָסט, דו וועסט; „דו׳סט אַנטלאָפֿן, וועל איך דיך כאַפּן אַן אַנדער מאָל"; „דו׳סט זיך ניט אַרויסדרייען"; „דו׳סט געוואוינען דאָס מאָל" מיר׳ן ווערט אָפֿט געניצט אַנשטאָט מיר וועלן (מיר׳ן באַלד קומען, מיר׳ן עס פֿאַרריכטן, מיר׳ן באַצאָלן ביז אַ גראָשן), אָבער מע דאַרף עס ניט ניצן אַנשטאָט מיר האָבן אָדער מיר זענען. איכ׳ל ווערט אָפֿט געניצט אַנשטאָט איך וועל (איכ׳ל קומען העלפֿן, איכ׳ל האַלטן וואָרט, איכ׳ל אויסלייגן דאָס געלט). איר׳ט ווערט געניצט אַנשטאָט איר וועט (איר׳ט דאָך העלפֿן, איר׳ט מירצעשעם קומען, איר׳ט ניט האָבן קיין פֿאַראיבל).

דאָ זײַנען פֿאַראַן פֿאַרמען אויך פֿון דער פֿאַרגאַנגענער און דער קומעדיקער צײַט, ווײַל די הילפֿסווערבן בײַ זיי זײַנען דאָך אין דער איצטיקער צײַט.

8. חוץ גלײַכצײַטיקייט צווישן אַרויסרעדן, צווישן אינפֿאָרמירן און דעם וואָס עס געשעט, ווײַזט די איצטיקע צײַט אויף באַשטענדיקייט, אויף אַזעלכס וואָס איז גילטיק אַלעמאָל, איז ניט אָפּהענגיק פֿון דער צײַט. דוגמאות: „דער ייִד איז אָפֿט דאָס כפּרה־הינדל"; „אָרעם איז ניט גוט"; „קיינמאָל שטאַרבט מען ניט צו שפּעט"; „אַז מע לייגט גוט אַרײַן — נעמט מען גוט אַרויס"; „אַז מע לייגט זיך אַליין איבערן בענקל, פֿאַרדינט מען כשר די שמיץ".

מע ניצט אָפֿט די איצטיקע צײַט אַנשטאָט דער פֿאַרגאַנגענער צו מאַכן די רייד פּשוטער, דאָס דערציילן לעבעדיקער. עטלעכע ציטאַטן פֿון שלום־עליכמען: „פֿאַר איך מיר אַזוי מיט מײַן וועגעלע איבער די דאַטשעס, שטעלט מיך עמעצער אָפּ"; „איך גיי מיר אַרויס צו מײַן וואָגן און טראָג אַרײַן פֿון דאָרטן אַלע גוטע זאַכן וואָס מע האָט מיר אײַנגעפּאַקט און שטעל דאָס אַלצ־דינג אויס אויפֿן טיש"; „איך קאָן מיך מער נישט אײַנהאַלטן. פֿאַר גרויס פֿרייד לאָז איך אַרויס אַ קוויטש. בײדע דרייען זיך אויס צו מיר... איך שפּרינג אונטער און פּאַטש מיך מיט בײדע הענט אין די ליטקעס".

מע ניצט אויך די איצטיקע צײַט אַנשטאָט דער קומעדיקער כּדי אַרויס־צוהייבן אַז מען איז זיכער, אַז עס וועט טאַקע געשען. דוגמאות: „ווי איך בין אַ ייִד, די נײַע וואָך באַצאָל איך אײַך דעם חוב"; „עס איז בײַ אונדז געבליבן אַז איך פֿאָר זיך דורך קיין יעהופּעץ"; „פֿריִער וועל איך פֿאַרענדיקן די אַרבעט, דערנאָך ערשט רו איך אויס די בייגער"; „געענוג זיך צוריק־געצויגן, מאָרגן גייען מיר איבער אין אַנגריף"; „באַר ניט זאָרגן, אויב ניט הײַנט — העלפֿט גאָט מאָרגן".

אין גערעדטן לשון ניצט מען די איצטיקע צײַט אַנשטאָט פֿאַרשיידענע ווערבאַלע פֿאָרמען וואָס זײַנען אַ סך קאָמפּליצירטער, אַנשטאָט דעם תּנאַי־אופֿן, אַנשטאָט דעם אימפּעראַטיוו. אילוסטראַציעס פֿאַר דעם פֿון שלום־עליכמען: „ווען איך פֿאַרמאָג כאָטש אַ צענט־חלק...", אַנשטאָט: ווען איך זאָל, ווען איך וואָלט; „כאַפּט דער רוח די טינט!", אַנשטאָט: זאָל, לאָז כאַפּן;

„אַ בחורל פֿון פֿינף יאָר שטעלט זיך אַוועק טאַנצן מיט אַ קעלבל”, אַנשטאָט: זאָל זיך אַוועקשטעלן; „זאָגט בעסער, ייִדן, וואָס טו איך מיט דער גרענעץ?”, אַנשטאָט: וואָס זאָל איך טאָן; „מע טוט אויס דאָס העמד און מע פֿאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע אין וואַסער”, אַנשטאָט: טוט אויס, פֿאַר־קניפּט, גייט אָדער איר זאָלט אויסטאָן, איר זאָלט פֿאַרקניפּן און גיין. „איין הונדערטער, ווען איר גיט מיר אָצינד, מאַך איך פֿון אים... צוויי הונדערט”, אַנשטאָט: וואָלט מיר געבן, וועל איך מאַכן.

הכלל, אויב די צײַט פֿון ווערב אָדער דער אופֿן פֿון ווערב איז פֿאַר־שטענדלעך פֿון קאָנטעקסט, פֿון גאַנצן שמועס, קען מען ניצן די איצטיקע צײַט אויך פֿאַר די אַנדערע צײַטן און פֿאַר קאָמפּליצירטערע אופֿנים.

## ד. די פֿאַרגאַנגענע צײַט

1. די פֿאַרגאַנגענע צײַט באַשטייט פֿון צוויי טיילן: פֿון דעם הילפֿסווערב האָבן וואָס בייגט זיך און פֿון דעם פּאַרטיציפּ. אָט זײַנען דוגמאָות: איך האָב געזאָגט (גערעדט, געהאַלטן, געגעסן, געמאָסטן, גערעכנט, געקוויטשעט), דו האָסט געזאָגט (גערעדט...), ער האָט געזאָגט (גערעדט...), מיר האָבן געזאָגט (גערעדט...), איך האָט געזאָגט (גערעדט...), זיי האָבן געזאָגט (גערעדט...).

2. פֿאַראַן אַ קליינע גרופּע ווערבן וואָס שאַפֿן זייער פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט דעם הילפֿסווערב זײַן. זייער צאָל איז אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש קלע־נער ווי אין ייִדיש פֿון די פֿריִערדיקע דורות. אין גערעדטן לשון איז דאָ אַ קלאָרע טענדענץ צו פֿאַרבײַטן דעם הילפֿסווערב זײַן מיט דעם כּמעט באַ־שטענדיקן הילפֿסווערב האָבן. די ליטעראַטור־שפּראַך איז בײַ דעם פּונקט קאָנסערוואַטיווער. עס זײַנען ניטאָ קיין שום כּללים וואָס זאָלן באַשטימען וועלכע ווערבן קומען אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט מיטן הילפֿסווערב זײַן. דעריבער ווערט יעדער ווערב באַטראַכט באַזונדער אין די דרײַ אונטער־גרופּעס וואָס ניצן דאָ דעם הילפֿסווערב זײַן.

3. די הילפֿסווערבן זײַן און ווערן שאַפֿן זייער פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט זײַן. דוגמאָות: ער איז דאָ געווען, ער איז געווען אַ קבצן, זיי זײַנען געווען אויף צרות; ער איז געוואָרן אונדזער פֿאַרשטייער; וואָס ביסטו געוואָרן אַזאַ יחסן? איך בין געוואָר (געוואויר) געוואָרן; עס איז אים נמאס געוואָרן, מיר זײַנען ניצול געוואָרן. זיך מערקן אַז די צונויפֿגעזעצטע ווערבן מיט זײַן שאַפֿן זייער פֿאַרגאַנגענע צײַט מיטן הילפֿסווערב האָבן: מסכּים זײַן — איך האָב מסכּים געווען, מטריח זײַן — דו האָסט זיך מטריח געווען, גובֿר זײַן — ער האָט גובֿר געווען אַלע שוועריקייטן.

4. די ווײַטערדיקע צוועלף ווערבן שאַפֿן זייער פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט זײַן:

בלײַבן — איך בין געבליבן אין דער היים, ער איז אויסגעבליבן, זיי זײַנען פֿאַרבליבן אין שטעטל.

גיין — דער חסיד איז געגאַנגען צו פֿוס צום רבין; די יאָרן זײַנען אים אויסגעגאַנגען; די זון איז אויפֿגעגאַנגען; ער איז אומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ; די זון איז אונטערגעגאַנגען, „זינט הויז איז איבערגעגאַנגען אין פֿרעמדע הענט" (ממוס); „ס'איז מיר נישט אײַנגעגאַנגען די פֿרישע פֿלוימען" (שע); ביסטו געגוג זיך אָנגעגאַנגען הײַנט; די וויטיקן זײַנען פֿאַרגאַנגען. זיי זײַנען דערגאַנגען ביזן דערפֿל, אָבער — „זיי האָבן שוין מיט זייער שׂכל דער־גאַנגען" (ממוס).

געשען — וואָס איז דאָ געשען? וואָס איך דערצייל אײַך איז געשען פֿאַרצײַטן.

זיצן — מיר זײַנען געזעסן און געקנאַקט קערלעך; „מיר זײַנען אַמאָל אויסגעזעסן איבער איר גאַנצע נעכט" (שע); „שוין אויפֿגעזעסן בין איך אַ פֿאַרחלומטער" (פּרץ); ער איז קיינמאָל ניט אײַנגעזעסן אויף איין אָרט.

לויפֿן — אַ צעשראָקענער בין איך געלאָפֿן; ער איז אויסגעלאָפֿן צו אַלע קרובֿים נאָך אַ גמילות־חסדל; אַ בײַל איז אויפֿגעלאָפֿן אויפֿן שטערן; ער איז אומגעלאָפֿן ווי אַ משוגענער; ווײַסע־חבֿרהניקעס זײַנען אונטערגע־לאָפֿן און געראַטעוועט דעם יונג; דאָס קליידל איז פֿון וואַשן אײַנגעלאָפֿן, אָבער — „האָט זיך נאָך אַזױנס פֿאַרלאָפֿן?" (ש. עטינגער); „האָט זיך נאָך אַזאַ מעשׂה ניט פֿאַרלאָפֿן" (י. אַקסענפֿעלד).

ליגן — איך בין געלעגן און זיך אָפּגערוט; מיר זײַנען ניט אײַנגעלעגן אויף אונדזערע געלעגערס; ביסט אויסגעלעגן אין בעט ביז צוועלף בײַטאָג, אָבער — האָסט אויסגעלעגן די קראַנקייט, האָסט געגוג זיך אָנגעלעגן.

פֿאַלן — דאָס קינד איז געפֿאַלן; וואָס איז דיר אײַנגעפֿאַלן? איר הלבשה איז אונדז אויפֿגעפֿאַלן; דער שׂונא איז אָנגעפֿאַלן אויף אונדז; אָבער — דער שׂונא האָט אונדז באַפֿאַלן.

פֿאָרן — ווען ביסטו אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים? די דעלעגאַטן זײַנען זיך צונויפֿגעפֿאָרן פֿון אַ סך לענדער; די באַן איז אָנגעפֿאָרן צו דער סטאַנ־ציע; אָבער — מיר האָבן אויסגעפֿאָרן אַלע לענדער פֿון מערבֿ־אייראָפּע; איר האָט אויסגעפֿאָרן דעם וועג.

פֿליִען — דער עראָפּלאַן איז געפֿלויגן הויך איבער די וואָלקנס; די פֿייגעלעך זײַנען אַוועקגעפֿלויגן; אַ משוגעת איז אָנגעפֿלויגן אין קאָפּ אַרײַן.

קומען — ביסט אָנגעקומען צו דער ריכטיקער צײַט; עס זײַנען אויפֿ־געקומען גאָר קורצע קליידלעך; עס איז מיר אויסגעקומען זיך צו וואַלגערן אין דער פֿרעמד; וויפֿל זענט איר אָפּגעקומען! אָבער — זיי האָבן איבער־געקומען די צרות; מיר האָבן בײַגעקומען דעם שׂונא, און אַוודאי איך האָב אים געקומט געלט.

שטאַרבן — ער איז פּלוצעם געשטאָרבן; אַלע זײַנען אויסגעשטאָרבן פֿון הונגער און פֿון קראַנקייטן; דער פֿוס איז אים אָפּגעשטאָרבן.

שטיין — איך בין געשטאַנען און געוואַרט; דער זכות איז אים בײַ־געשטאַנען; בײַ וועמען ביסטו אײַנגעשטאַנען? דו ביסט דאָך אַליין באַ־

שטאַנען אויף דעם! ער איז אויסגעשטאַנען אין דער ריי אַ פּאָר שעה, אָבער — ער האָט אויסגעשטאַנען צו קויפן ברויט, ער האָט אויסגעשטאַנען די קראַנקייט, ער איז און האָט אויסגעשטאַנען אַ סך צרות.

מיר זעען אַז אַפילו בײַ די צוועלף ווערבן קען געמאָלט זײַן דער הילפס־ווערב האָבן, ווען זיי קומען מיט אַ פּרעפיקס אָדער אַ קאָנווערב, ווען דער לכתחילה אומטראַנזיטיווער ווערב קריגט דעם באַטײַט פון אַ טראַנזיטיוון אָדער אַפילו פון אַן אַקוזאַטיווישן, אָדער ווען צו דעם ערשטיקן באַטײַט קריגט ער אַ צווייטיקן באַטײַט.

5. צו דער דריטער אונטערגרופּע פון ווערבן, וואו מיר טרעפן אין זייער פאַרגאַנגענער צײַט דעם הילפסווערב זײַן, געהערן די ווערבן וואָס קומען אויך מיט האָבן. בײַ זיי איז שווער אַנצוווײַזן וואָסער הילפסווערב איז מער באַרעכטיקט. צו אָט דער גרופּע געהערן נײַן ווערבן:

געלינגען — דער ווערב האָט זיך פאַרשפּרייט ערשט אין די לעצטע צוויי דורות און אין דער ליטעראַטור־שפּראַך האָט זיך פאַרפעסטיקט „עס איז מיר געלונגען", אָבער פון גערעדטן לשון זײַנען פאַרצייכנט „עס האָט מיר געלונגען", „עס האָט אים אויסגעלונגען".

געראָטן — אַ סך אַן עלטערער און מער אײַנגעוואָרצלטער ווערב ווי דער ערשטער מיט די כאַראַקטעריסטישע זאַצן „דאָס ברויט האָט געראָטן", „דער יריד האָט געראָטן", אָבער גלײַכצײַטיק „די שותפות איז געראָטן", „אָט דער תירוץ איז געראָטן".

הענגען — צום טייל מאַכט מען דאָ אַן אונטערשייד צווישן אומטראַנזיטיוון און טראַנזיטיוון ווערב: „דאָס בילד איז שוין לאַנג געהאַנגען אויף דער וואַנט" און „ווען האָט איר אויפגעהאַנגען דאָס בילד?" אָבער מע טרעפט אויף סתירות — אין דער תלמוד־תורה־פּושקע וואָס האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט" (י. אָפּאַטאָשו), „די אויערן האָבן בײַ אים אַראָפּגעהאַנגען" (ש. עטינגער). פון רייד: „אַ קול־קורא איז אויסגעהאַנגען אין שול. ווער האָט אויסגעהאַנגען דעם קול־קורא?" „אויף די ווערבעס האָבן מיר אויפגעהאַנגען אונדזערע האַרפן" (תי).

פגרן — פּאַראַלעל צו שטאַרבן: „דער הונט איז געפגרט" און אַן אַ בכיוון־פּעיאָראַטיוון באַטײַט — „מיר האָבן געפגרט פאַר אַ שטיקל ברויט".

קריכן — מיט אַ דיאַלעקטישן אונטערשייד, ווײַל אין פּוילן איז געקראָכן, אין ליטע — האָט געקראָכן, אין אוקראַיִנע בײדע הילפסווערבן. אין דער ליטעראַטור־שפּראַך אָפטער איז (אַרײַנ)געקראָכן.

רינען — אַזוי ווי קריכן. „איז פון בײדע דאָס בלוט גערונען" (ש. עטינגער) און אַ דור שפּעטער „האָט דאָס בלוט גערונען און מע האָט ניט געקענט אָפּשטעלן".

שווימען — ער איז ווײַט געשוואומען און דערטרונקען געוואָרן", „ער האָט געשוואומען אין זײַנע פאַנטאַזיעס".

שטײַגן — „זיי זײַנען געשטיגן צום שפּיץ באַרג"; „די פּרײַזן האָבן

געשטיגן פֿון יאָר צו יאָר"; „דער ישיבֿה־בחור האָט אויפֿגעשטיגן אין לערנען".

שפּרינגען — „איך בין געשפּרונגען איבערן פּלויט"; „ווי ער האָט געשפּרונגען פֿאַר שׂמחה" (י. אַקסענפֿעלד), „האָבן גאָר איילן־הויך געשפּרונגען" (ש. עטינגער).

6. עס איז נייטיק אויסצורעכענען נאָך צען ווערבן, וואָס מע קען טרעפֿן ביי זיי דעם הילפֿסווערב זײַן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט, אָבער מע מוז רעקאָמענדירן פֿאַר זיי דעם הילפֿסווערב האָבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט. די צען ווערבן זײַנען: אויסברעכן, דרינגען, הינקען, וואַקסן, זינקען, טרעטן, פֿליסן, פֿרירן, רײַטן, שלאָפֿן.

עטלעכע מאָטיווירונגען: ניט בלויז „ער האָט אויסגעבראָכן אַ שויב", נאָר אויך „עס האָט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל"; ס'איז שטענדיק „ער האָט געדרונגען" און „ער האָט אַרײַנגעדרונגען אין דעם ענין", און אויב „פֿון וואָס איז דאָס געדרונגען?" — איז דאָ ניטאָ די פֿאַרגאַנגענע צײַט; פֿון די ספּורי־מעשׂיות („האָבן געוואַקסן זייער שיינע עפּל"), דורך מענדעלע מוכר־ספֿרים („די שׂנאה האָט געוואַקסן") אַזש ביז י. קיפּניסן („די קווייטן האָבן זיך אַזוי שיין צעוואַקסן") איז אומעטום דער ווערב וואַקסן מיט דעם הילפֿסווערב האָבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט; דער ווערב שלאָפֿן קען ניט אַרויסרופֿן קיין ספֿקות, ווײַל ער קומט מיט האָבן אויך אין דעם גערעדטן לשון פֿון פּוילישע ייִדן, אין ספּורי־מעשׂיות, ביי ש. עטינגערן און ביי מענדעלען.

7. דער הילפֿסווערב איז נייטיק נאָר איין מאָל, ווען עס קומען נאָך דער רייִ צוויי אָדער מער ווערבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט. דאָס איז אַבסאָלוט זיכער, ווען דער הילפֿסווערב איז דער זעלביקער. דוגמאָות מיט האָבן: „האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעהויבן צו דערציילן און ממש זיך פֿאַרכליניעט פֿון התפּעלות"; „זיי האָבן ניט געהאַט קיין כּוחות ווײַטער צו גיין, געמוזט זיך אָפּשטעלן און גענומען זיך גרייטן איבערצונעכטיקן אויפֿן פֿרײַען פֿעלד"; „האָט זיך צעשריִען אויף זיי און געטופּעט מיטן פֿוס"; „האָבן די קינדער געהאַט אַ סך מדריכים און אָנגעהערט זיך אַזוי פֿיל מוסר" (די לעצטע צוויי זאַצן פֿון שע). דוגמאָות מיט זײַן: „ער איז געפֿאַלן, געבליבן ליגן אויפֿן אָרט און געשטאָרבן"; „ער איז פֿול געוואָרן מיט שׂמחה, אַרײַנגעקומען אין אַן עקסטאַז, געפֿלויגן ממש אין די הימלען"; „מיר זײַנען ביי זיי געווען נאָר איין מעת־לעת, געלאָפֿן אָנקוקן די אויסשטעלונג און געפֿאָרן ווײַטער"; „דער אַלטער איז געלעגן אויפֿן אויוון, דורכגענומען געוואָרן פֿון דער וואַרעמקייט און געווען גוואַלדיק צופֿרידן".

אויך ווען עס איז נייטיק אַן אַנדער הילפֿסווערב, ניט דער וואָס מיט אים הייבט זיך אָן די רייִ — קען מען אים דורכלאָזן. אויך ווען די הילפֿסווערבן וואָלטן דאַרפֿן זיך בײַטן, איז מען יוצא מיטן ערשטן. דוגמאָות (די דורכגעלאָזטע הילפֿסווערבן קומען אין קוואַדראַט־קלאַמערן): „איך בין נתפּעל געוואָרן און [האָט] ניט אויפֿגעהערט צו טאַנצן"; „איך האָב אַלץ קיין צײַט ניט געהאַט, [בין] געזעסן און [האָב] געלערנט"; „האָט דאָס אָפּגעזאָגט, [האָט] אַ שמיץ געגעבן די סוסים און [איז] געפֿאָרן ווײַטער"; „האָבן

זיך אונדזערע זיידעס אַמאָל פֿאַרשלאָסן, (זענען) געזעסן דריי טעג און דריי נעכט און (האָבן) געזאָגט תּהילים״ (די פֿיר זאַצן זענען שע). „איך בין געבליבן אין דער היים, (האָב) זיך געזעצט לייענען און (האָב) ניט באַ־מערקט ווי דער אָוונט איז פֿאַרביי״; „דער חסיד איז געגאַנגען צו פֿוס צום רבין, (האָט) פֿאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד און (איז) ניט אָנגעקומען צו קבלת־שבת״.

אַוודאי קען מען אומעטום אַרײַנשטעלן די הילפֿסווערבן כּדי צו פֿאַר־פֿאַמעלעכן דאָס דערציילן און צוליב כּלערליי אַנדערע סטיליסטישע מאָ־טיוון און כּוונות.

ביים באַטראַכטן די ענינים פֿון די פּונקטן 3־6 זײַנען ניט נייטיק קיין שום כּללים וועגן די הילפֿסווערבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צייט, ווײַל עס זײַנען ניטאָ אַזעלכע וואָס קענען זײַן אַלגעמיין־גילטיק און זיי קענען אויך אָוועקפֿירן פֿון דער טענדענץ וואָס איז דערמאָנט אין פּונקט 2.

## ה. די קומעדיקע צײַט

1. די קומעדיקע צײַט באַשטייט פֿון צוויי טיילן: פֿון אַ ספּעציעלן הילפֿסווערב און דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב. מיר ניצן די ווערבן פֿון ג2: איך וועל זאָגן, דו וועסט פֿליִען, ער וועט רעדן, זי וועט האַלטן, מע וועט עסן, מיר וועלן מעסטן, איר וועט רעכענען, זיי וועלן קוויטשען. דאָ איז ניטאָ קיין שום יוצא־מן־הכּלל הן בנוגע דעם אינפֿיניטיוו, הן בנוגע דעם הילפֿסווערב.

2. דער הילפֿסווערב איז דאָ אַ דעפֿעקטיווער ווערב און ער פֿאַרמאָגט בלויז די פֿאָרמען: וועל, וועסט, וועט, וועלן, וועט, וועלן. טעאָרעטיש איז דאָ דער אינפֿיניטיוו וועלן, אָבער אַזאַ אינפֿיניטיוו פֿאַר זיך איז גאָרניט בנמצא. ווען ער טרעפֿט זיך, איז עס דאָך דער אינפֿיניטיוו פֿון ווערב וואָס זײַן איצטיקע צײַט איז איך וויל, דו ווילסט, ...

חוץ די קירצונגען, דערמאָנט ביי ג7, זײַנען אין דער קומעדיקער צײַט פֿאַראַן די קירצונגען כ׳וועל, איך וועל, און ר׳וועט, ער וועט, איר וועט.

## ו. די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט

1. חוץ די דריי הויפּטצײַטן, וואָס אָן זיי קען קיין ייִדיש־רעדנדיקער ניט אויסקומען, פֿאַרמאָגט ייִדיש נאָך צוויי צײַטן: די לאַנגפֿאַרגאַנגענע און די צווייטע קומעדיקע. דאָס זײַנען צוגאָב־צײַטן און ס׳רובֿ ניצט מען זיי ניט אין נאַטירלעכן און פּשוטן רעדן. מע דאַרף אָבער זיך אויסלערנען צו ניצן אויך די צוגאָב־צײַטן כּדי אונדזער רעדן זאָל זײַן פֿינקטלעכער און אַפֿילו קלאָרער.

2. די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט ווײַזט אויף אַ טואונג אָדער געשעעניש וואָס איז געווען פֿריִער ווי אַן אַנדער טואונג אָדער געשעעניש אין דער

פֿאַרגאַנגענער צײַט. „איך האָב געהאַט פֿאַרענדיקט די אַרבעט, ווען די געסט זײַנען אָנגעקומען" — דאָ האָבן מיר צוויי פֿאַרשיידענע שטאַפּלען אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט: פֿריִער האָב איך פֿאַרענדיקט די אַרבעט, ערשט דערנאָך, שפּעטער זײַנען אָנגעקומען די געסט. דאָס הייסט אַז בעת דאָס אָנקומען פֿון די געסט איז געווען אַן איצטיקייט, איז דאָס פֿאַרענדיקן מײַן אַרבעט שוין געווען אַ פֿאַרגאַנגענקייט. געוויינטלעך דריקט מען זיך דאָ אויס אויף עטלעכע אופֿנים מיט צוויי ווערבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט, דהײַנו: „איך האָב שוין פֿאַרענדיקט די אַרבעט, ווען די געסט זײַנען אָנגעקומען", אָדער „ווען די געסט זײַנען אָנגעקומען, האָב איך שוין פֿאַרענדיקט די אַרבעט", אָדער „איך האָב שוין פֿאַרענדיקט די אַרבעט, זײַנען אָנגעקומען די געסט". ווײַל עס איז דאָ ניטאָ קיין שום חילוק אין די אַלצ־איינע פֿאָרמען פֿון די ווערבן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט, קען זיך אויך באַקומען אַז הן דאָס פֿאַרענדיקן די אַרבעט און הן דאָס אָנקומען פֿון די געסט איז געשען גלײַכצײַטיק אָדער כמעט גלײַכצײַטיק. מע העלפֿט זיך אַרויס מיטן אַדווערב שוין, אָבער דאָך קען בלײַבן עפּעס אַן אומקלאָרקייט. דעריבער דאַרף מען ניט פֿאַראייניפֿאַכן אַזעלכע פֿאָרמען פֿון לשון און מע זאָל ניט אויסמײַדן די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט.

3. די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט פֿון אַ ווערב ווערט צונויפֿגעשטעלט פֿון צוויי טיילן: פֿון הילפֿסווערב האָבן אָדער זײַן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט פּלוס דעם פּאַרטיציפּ פֿון ווערב וואָס מע בייגט. איך האָב געזאָגט — די פֿאַרגאַנגענע צײַט, איך האָב געהאַט געזאָגט — די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט. אַזוי אויך: איך האָב געהאַט געגעסן, דו האָסט געהאַט גערעכנט, ער האָט געהאַט פֿאַרענדיקט, מע האָט געהאַט געלערנט, מיר האָבן געהאַט געזונגען, איר האָט געהאַט באַצאָלט, זיי האָבן געהאַט אָפּגעאַרבעט. הכלל, ווען דער ווערב שטעלט צונויף זײַן פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט האָבן, זײַנען אין זײַן לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט ניטאָ קיין שום שוועריקייטן און קיין שום יוצא־מן־הכּלל.

4. אויב אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט פֿון אַ ווערב איז בין, ביסט, ..., קומט אין דער לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט בין געווען, ביסט געווען, ... בכן דאַרף זיך באַקומען: בין געבליבן — בין געווען געבליבן, ביסט געפֿאָרן — ביסט געווען געפֿאָרן, איז געפֿלויגן — איז געווען געפֿלויגן, זײַנען געקומען, זײַט געווען געלעגן. דאָס איז די עלטערע פֿאָרעם, דאָס איז נוסח ליטע און אין פֿאַרשיידענע אײַנדזל־ריידענישן. אָבער איבער גאַנץ פּוילן און גאָר קאַנטיק אין דער ליטעראַטור־שפּראַך האָט זיך געהאַט אײַנגעשטעלט אַ צונויפֿמיש פֿון צוויי הילפֿסווערבן בײַ דער לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט: בין געהאַט און האָב געווען בײַ ווערבן וואָס בייגן זיך מיט זײַן. אַזוי טרעפֿן מיר: „איז געהאַט געשטאַנען אויף דער סאַמע שוועל פֿון שמד" (אַהרן צייטלין), „זי איז נאָך ניט געהאַט אַרויס פֿון יענער וועלט" (י. אָפּאַטאָשו), „זינט זײַן לעבן נישט געהאַט געפֿאָרן אויף דער באַן" (י. י.

טרונק), „ס'איז געהאַט געבליבן אין אים אַן עקשנות" (י. באַשעוויס). ווערט רעקאָמענדירט פֿאַר דער כּלל־שפּראַך:

די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט פֿון ווערבן וואָס בײַ זיי איז דער הילפֿס־ווערב זײַן טיף פֿאַרוואָרצלט (זען ד4) ווערט אויסגעפֿאַרעמט מיט בין גע־ווען, ביסט געווען, .... בײַ אַלע אַנדערע ווערבן וואו די פֿאַרגאַנגענע צײַט קען זיך טרעפֿן מיטן הילפֿסווערב זײַן — קומט די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט מיט בין געהאַט, ביסט געהאַט, .... דוגמאָות: „איך בין געהאַט אַוועקגע־שוואומען פֿון ברעג"; „דאָס קינד איז געהאַט אַרײַנגעקראָכן צו דער מאַמען אין בעט"; „מיר זענען שוין געהאַט אַרײַנגעשטיגן אין וואַגאָן", „צוליב וואָס זענט איר געהאַט געשפּרונגען דורכן פֿענצטער?" (זען ד5).

5. בכן האָבן מיר, אָפּהענגיק פֿון דעם ווערב, דרײַ מעגלעכע פֿאַר־בינדונגען פֿון הילפֿסווערבן פֿאַר דער לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט: האָב גע־האַט, בין געווען און בין געהאַט. אָבער ווען מע דאַרף פֿורעמען די לאַנג־פֿאַרגאַנגענע צײַט פֿאַר די הילפֿסווערבן זײַן און ווערן — איז פֿאַראַן נאָר איין מעגלעכקייט מיט בין געהאַט. דוגמאָות: „איך בין געהאַט געווען אין ירושלים"; „דו ביסט געהאַט געוואָרן דער אָנפֿירער", „עס איז געהאַט געווען אין אַן אַנדער תּקופֿה"; „זיי זײַנען געהאַט געוואָרן רײַך". זיך מערקן דעם אונטערשייד: „דער ווינטער איז שוין געווען אַריבער" — די פֿאַר־גאַנגענע צײַט, „דער ווינטער איז געהאַט אַריבער" — די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט.

## ז. די צווייטע קומעדיקע צײַט

1. די צווייטע קומעדיקע צײַט ווײַזט אויף אַ טואונג אָדער געשעעניש וואָס וועט זײַן, וועט געשען פֿריִער ווי אַן אַנדער טואונג אָדער געשעעניש אין דער קומעדיקער צײַט. „ווען איך וועל האָבן פֿאַרענדיקט די אַרבעט, וועל איך גיין צו גאַסט" — דאָ האָבן מיר צוויי ווערבן אין אַ קומעדיקער צײַט, אָבער די קומעדיקייט איז ניט קיין גלײַכצײַטיקע: פֿריִער וועט זײַן פֿאַרענדיקט די אַרבעט און ערשט דערנאָך, שפּעטער וועט געשען דאָס גיין צו גאַסט. „ווען עס וועט האָבן אויפֿגעהערט רעגענען, וועלן מיר אַרויסגיין אין דרויסן" — פֿריִער וועט אויפֿהערן רעגענען און ערשט דערנאָך, שפּעטער וועלן מיר אַרויס פֿון שטוב. „ווען די קינדער וועלן שוין זײַן געקומען, וועט מען דאָך ניט אַרבעטן מער" — פֿריִער וועלן קומען די קינדער, דערנאָך וועט זײַן אַ סיטואַציע אַז מע וועט ניט קענען אָדער ניט וועלן מער אַרבעטן.

עס איז פֿאַרשטענדלעך אַז די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט קומט אויס צו ניצן אָפּטער ווי די צווייטע קומעדיקע צײַט, וואָרעם וואָס עס איז שוין געווען ווייסן מיר גענוי ווי עס איז פֿאָרגעקומען די קייט פּאַסירונגען, וואָס עס איז געשען פֿריִער און וואָס שפּעטער; וואָס שייך דער קומעדיקייט, קענען מיר בלויז פּלאַנירן, זיך פֿאָרשטעלן אָדער אויסדריקן אונדזערע באַגערן. איז במילא זעלטענער די נייטיקייט אין דער צווייטער קומעדיקער צײַט,

אָבער אויך דאָ זײַנען פֿאַראַן סיטואַציעס, ווען די צווייטע קומעדיקע צײַט איז דער פּאַסיקער מיטל פֿאַרן פּינקטלעכן אויסדריקן זיך. „קומט ניט אַזוי שפּעט. ביז איר וועט קומען, וועלן די אַנדערע חבֿרים שוין זײַן (האָבן) אַוועקגעגאַנגען" — דאָ איז קלאָרער און בולטער די ריי פּאַסירונגען ווי דאָס וואָלט געווען בײַם ניצן די געוויינטלעכע קומעדיקע צײַט וועלן אַוועקגיין.

2. די צווייטע קומעדיקע צײַט פֿון אַ ווערב ווערט צונויפֿגעשטעלט פֿון צוויי טיילן: פֿון הילפֿסווערב האָבן אָדער זײַן אין דער קומעדיקער צײַט פּלוס פּאַרטיציפּ פֿון דעם ווערב וואָס מע בייגט. איך וועל זאָגן — די קומע־דיקע צײַט, איך וועל האָבן געזאָגט — די צווייטע קומעדיקע צײַט. אַזוי אויך: דו וועסט האָבן געגעסן, זי וועט האָבן געלערנט, מיר וועלן זײַן (האָבן) אַוועקגעפֿלויגן.

ווען אין דער לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט איז דאָ דער הילפֿסווערב ה אָ ב ן — איז ער אויך פֿאַראַן אין דער צווייטער קומעדיקער צײַט. דוגמאָות: האָב געהאַט געפֿונען — וועל האָבן געפֿונען, האָב געהאַט געזוכט — וועל האָבן געזוכט, האָט געהאַט זיך געשפּילט — וועט האָבן זיך געשפּילט, האָבן געהאַט געשלאָפֿן — וועל האָבן געשלאָפֿן.

דעריבער אויך (זען 5) — „איך וועל האָבן געווען בײַ אים, איידער איר וועט קריגן די תּשובֿה"; „איידער ער וועט קריגן אַ גרויסע קלי־ענטור, וועט ער האָבן געוואָרן אַן ענערגישער געזעלשאַפֿטלעכער טוער".

ווען אין דער לאַנגפֿאַרגאַנגענער צײַט איז דאָ דער הילפֿסווערב ז ײַ ן — קען ער בלײַבן אויך אין דער צווייטער קומעדיקער צײַט, אָבער אויך אין אַזאַ פֿאַל קען קומען דער הילפֿסווערב ה אָ ב ן. דוגמאָות: ער איז געווען אַוועקגעפֿאָרן — ער וועט זײַן אַוועקגעפֿאָרן און ער וועט האָבן אַוועק־געפֿאָרן; מיר זײַנען געווען געקומען — מיר וועלן זײַן געקומען און מיר וועלן האָבן געקומען.

זעען מיר אַז דער ענין צווייטע קומעדיקע צײַט איז אַ סך ווייניקער קאָמ־פּליצירט ווי דער ענין לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט און בײַם ניצן די צווייטע קומעדיקע צײַט האָט מען פֿרײַערע הענט.

## ח. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע

1. ביז איצט האָט מען געהאַט צו טאָן מיט דער אַקטיווער קאָנסטרוקציע פֿון זאַץ, ווײַל די ווערבן זײַנען אַלע געווען אין אַקטיוו, דער פֿאָרמעלער סוביעקט און דער לאָגישער סוביעקט פֿון זאַץ זײַנען צונויפֿגעפֿאַלן. „די מאַמע האַלט דאָס קינד אויף די הענט" — דער סוביעקט איז דאָ די מאַמע, זי איז די וואָס טוט עפּעס, איר טואונג גייט אַריבער אויפֿן דירעקטן אָביעקט, אויפֿן קינד. „די מומע האָט געבראַכט מתּנות פֿאַר אונדז אַלעמען" — די מומע, דער סוביעקט פֿון זאַץ, איז די וואָס האָט עפּעס געטאָן און דאָס וואָרט מתּנות זאָגט אונדז וואָס אייגנטלעך זי האָט געבראַכט, אויף וואָס די טואונג

איז אַריבערגעגאַנגען. דאָס אויפֿשטעלן בײדע זאַצן איז לויט דער אַקטיווער זאַץ־קאָנסטרוקציע.

2. איצט לאָמיר בײדע זאַצן אויפֿשטעלן אויף אַן איבערגעקערטן אופֿן: „דאָס קינד ווערט געהאַלטן פֿון דער מאַמען אויף די הענט”; „מתּנות זײַנען פֿון דער מומען געבראַכט געוואָרן פֿאַר אונדז אַלעמען”. מיר האָבן דאָ דעם זעלביקן אינהאַלט פֿון די זאַצן, אָבער זײ זײַנען אַרויסגעקומען גאָרניט אַזוי גלאַט און פּשוט. אַנשטאָט דעם ווערב אין אַקטיוו איז איצט דער ווערב אין זײַן פּאַסיווער קאָנסטרוקציע: אַנשטאָט האַלט — ווערט געהאַלטן, אַנשטאָט האָט געבראַכט — איז געבראַכט געוואָרן. עס האָבן זיך געביטן מיט די ערטער דער סוביעקט און דירעקטער אָביעקט: אַנשטאָט די סוביעקטן די מאַמע און די מומע — די סוביעקטן דאָס קינד און מתּנות; אַנשטאָט די אָביעקטן דאָס קינד און מתּנות — די אָביעקטן פֿון דער מאַמען און פֿון דער מומען. דורך אָט דעם איבערבײַטן איז מען אַריבער פֿון דער אַקטיווער זאַץ־קאָנסטרוקציע צו דער פּאַסיווער זאַץ־קאָנסטרוקציע.

3. אָט די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז מעגלעך נאָר בײַ טראַנזיטיווע ווערבן, בײַ די וואָס פֿאָדערן דעם דירעקטן אָביעקט. ווערט פֿון אָט דעם דירעקטן אָביעקט, פֿון דעם אַקוזאַטיוו, אַ סוביעקט, אַ נאָמינאַטיוו, און פֿון דעם סוביעקט ווערט אַן אומדירעקטער אָביעקט, אַ דאַטיוו מיט אַ פּרעפּאָזיציע. נאָך עטלעכע דוגמאָות: אַזאַ געשעעניש וועט באַשריבן ווערן אין די צײַטונגען; דער אַפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן מיט דעם נעכטיקן שׂונא; דער תּלמיד איז דורך דעם לערער באַשטראָפֿט געוואָרן; דער אַלטער מאַן איז צעממיטש געוואָרן פֿון די כוליגאַנעס. אין די זאַצן איז דאָ די פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע: דער ווערב אין פּאַסיוו, דער אומדירעקטער אָביעקט אַנשטאָט דעם סוביעקט אין אַקטיוו, דער סוביעקט אַנשטאָט דעם דירעקטן אָביעקט אין אַקטיוו.

4. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע מוז קומען מיטן הילפֿסווערב ווערן. עס מוז קומען דער פּאַרטיציפּ פֿונעם ווערב וואָס מע בײגט אים. זײַנען די פֿאָרמען פֿון די דרײַ הויפּטצײַטן:

איצטיקע צײַט — איך ווער, דו ווערסט, ער ווערט, מיר ווערן, איר ווערט, זײ ווערן געלויבט (באַרעדט, געמאַטערט, געקויפֿט, אויסגעביטן, געמסרט);

פֿאַרגאַנגענע צײַט — איך בין, דו ביסט, ער איז, מיר זײַנען, איר זײַט, זײ זײַנען געוואָרן געלויבט (געמאַטערט, ...);

קומעדיקע צײַט — איך וועל, דו וועסט, ער וועט, מיר וועלן, איר וועט, זײ וועלן ווערן געלויבט (געמאַטערט...).

די צוגאָב־צײַטן קענען ניט זײַן אין פּאַסיוו. ווען פֿאַרן זאַץ איז נייטיק די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע, פֿאַרבײַט מען די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט מיט דער פֿאַרגאַנגענער און די צווייטע קומעדיקע מיט דער קומעדיקער צײַט.

קומט אַנשטאָט „איז געהאַט געוואָרן געלויבט" — איז געוואָרן געלויבט, אַנשטאָט „וועט זײַן געוואָרן געלויבט" — וועט ווערן געלויבט.

5. אין געוויינטלעכן רעדן איז די פּאַסיווע זאַץ־קאָנסטרוקציע איך־לשער זעלטענער ווי די אַקטיווע. אויך אין דער ליטעראַטור־שפּראַך און אַפֿילו אין טאָגצײַטונגען איז נייטיק אויסצומײַדן די פֿולע פּאַסיווע קאָנ־סטרוקציע וואָס מאַכט שווער דעם סטיל. בײַם איבערזעצן אַ פּאַסיווע קאָנסטרוקציע פֿון אַן אַנדער שפּראַך אויף ייִדיש עצהן מיר אַ קלער צו טאָן: פּאַסט דאָ ניט בעסער, איז דאָ ניט ייִדישלעכער די אַקטיווע קאָנסטרוק־ציע?

און דאָך זײַנען פֿאַראַן פֿאַלן, ווען עס איז נ י י ט י ק אַנצוקומען צו דער פּאַסיווער זאַץ־קאָנסטרוקציע:

א) מע וויל דווקא, ווען מע האָט אין זינען בכּיוון אַרויסצוהייבן דאָס וואָרט וואָס ווערט דער סוביעקט אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. דוגמאָות: אַנשטאָט אַרויסצוזאָגן די מיינונג אַז די צײַטונגען וועלן באַשרײַבן אַזאַ געשעעניש — שטעלן מיר דעם טראָפּ אויף אַזאַ געשעעניש און מיר ניצן דעם נוסח פֿון זאַץ וואָס איז פֿריִער דערמאָנט געוואָרן; אַנשטאָט צו דערציילן אַז די סטודענטן גופֿא האָבן אָרגאַניזירט דעם קלוב — קומט עס ווי אַ מין צוגאָב־אינפֿאָרמאַציע און דער עיקר איז בײַם דערציילן וואָסער קלוב דאָס איז, ניצן מיר גאָר „דער קלוב איז אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון די סטודענטן גופֿא"; אַנשטאָט „די מערהייט אויף יענער פֿאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע נאָך אַ לענגערער דעבאַטע" — קען אויסקומען צו זאָגן „די רעזאָלוציע איז נאָך אַ לענגערער דעבאַטע אָנגענומען געוואָרן דורך דער מערהייט אויף יענער פֿאַרזאַמלונג", וואָרעם די כּוונה איז בעיקר צו רעדן וועגן דער רעזאָלוציע און ניט וועגן דער מערהייט וואָס האָט געקאָנט צופֿעליק זײַן אויף יענער פֿאַרזאַמלונג.

ב) ווען עס קומט אויס צוצוגעבן אַ פּראָזע אָדער אַ בײַזאַץ און דער סדר פֿון די ווערטער אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע איז גורם אַז דער גאַנצער זאַץ זאָל אַרויסקומען קלאָרער און גרינגער. דוגמאָות: אַנשטאָט „שדכנים, וואָס האָבן געוואָלט אויסניצן יעדע רגע און זענען פֿאַרסאַ־פּעטע, פֿאַרשמײַעטע אַרומגעלאָפֿן פֿון איין שטעטלשן גבֿיר צום צווייטן, האָבן בעתן יריד געשלאָסן אויף גיך שידוכים אַן אַ האַנט און אַן אַ פֿוס" — איז בעסער: „שידוכים אַן אַ האַנט און אַן אַ פֿוס זענען בעתן יריד געשלאָסן געוואָרן דורך שדכנים, וואָס האָבן געוואָלט אויסניצן יעדע רגע און זענען פֿאַרסאָפּעטע, . . ."; וואָרעם אין ערשטן נוסח איז דער פּרעדיקאַט צו ווײַט אָפּגערוקט פֿון סוביעקט; אַנשטאָט „זיי האָבן נעבעך איבערגעקערט גאַנצע דערפֿער, גאַנצע שטעט אין טשערעדעס שאָף" — איז גלײַכער ווי בײַ מענ־דעלע מוכר־ספֿרים: „גאַנצע דערפֿער, גאַנצע שטעט זענען נעבעך דורך זיי איבערגעקערט געוואָרן אין טשערעדעס שאָף", ווײַל די כּוונה פֿון שרײַבער איז געווען אַרויסצוהייבן סאַראַ חורבן זיי, די שדים, האָבן געבראַכט, און

ווײַל אין ערשטן נוסח בלײַבט אומקלאָר צו וועמען דער נעבעך באַציט זיך; אַנשטאָט „די אַלטע שטרויענע דעכלעך, די נעבעכדיקע שיצערס פֿון ווינטן און רעגנס, האָבן אַרומגעגריזעט די הונגעריקע ציגן״ — איז ניט ערגער, נאָר אַ ביסל קלאָרער די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע „די אַלטע שטרויענע דעכלעך, ... , זענען אַרומגעגריזעט געוואָרן פֿון די הונגעריקע ציגן״, וואָרעם שוין אין ערשטן נוסח איז דער סדר פֿון די ווערטער דער זעלביקער וואָס אין צווייטן.

הכּלל, מע קען ניט און מע דאַרף ניט אַרויסוואַרפֿן די פּאַסיווע זאַץ־קאָנסטרוקציע, נאָר עס איז נייטיק זי צו ניצן מיט אײַנזען און באַוואָרעניש.

6. בײַם ענין ב, פּונקט 6, איז דערמאָנט „דאָ ווערט געכראָפּעט גאַנץ געשמאַק״. אַזוי איז אויך מעגלעך „עס ווערט געטאַנצט אַזש ביז באַגינען״. הייסט עס אַז עס איז פֿאַראַן אַ פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אויך בײַ אומטראַנזיטיווע און אַוודאי בײַ אַקוזאַטיווישע ווערבן. עס איז אָבער לחלוטין אוממעגלעך בײַ זיי די פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע. דער ווערב קען זײַן אין פּאַסיוו, אָבער עס קען ניט זײַן קיין פּאַסיווע זאַץ־קאָנסטרוקציע. דער סוביעקט פֿון זאַץ איז געוויינטלעך אָדער עס אָדער ער ווערט פֿאַרשטאַנען, הגם ניט אַרויסגערעדט.

אין אַזעלכע פֿאַלן באַקומט זיך אַזוי ווי אַ מין פֿאַרגרעסער־פֿאָרעם פֿונעם ווערב. לאָמיר זיך אַרײַנטראַכטן אין אַזעלכע זאַצן: „אוי, ווערט דאָ געהוליעט!״; „געוונג ביטערע טרערן זײַנען אויסגעוויינט געוואָרן״; „דער מינדסטער תּענית איז אויסגעפּאַסט געוואָרן״; „עס וועט ווערן געגאַנגען מיט פֿריילעכער מוזיק״; „איצט ווערט שוין געפֿלויגן ביז צו דער לבֿנה״, „אין די יונגע יאָרן ווערט געחלומט וועגן טעלערל פֿון הימל״; „אַז עס איז ניטאָ קיין ברירה, ווערט ריזיקירט״. פֿאַקטיש זענען אַזעלכע זאַצן פֿולקום באַרעכטיקטע אין הײַנט־צײַטיקן גערעדטן לשון און עס דאַרף ניט זײַן קיין סיבה זיי אויסצומײַדן אין דער כּלל־שפּראַך. עס זעט אויס אַז דער פֿורעם מיט טראַנזיטיווע ווערבן (עס ווערט געזאָגט, עס איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן, יעדער סעיף וועט ווערן אָפּגעהיט, און אַזוי ווײַטער) האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אויף די ווערבן וואָס זײַנען ניט טראַנזיטיוו, אָבער בלויז ביז צו אַ גרענעץ. דערבײַ האָט זיך באַקומען אַ מעגלעכקייט אויסצודריקן אַ קנייטש אין באַטײַט, אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון ווערב.

7. ניט שטענדיק ווען מע טרעפֿט דעם הילפֿסווערב ווערן איז פֿאַראַן די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע. מיט ווערן ווערט צונויפֿגעשטעלט אַ גאַנצע גרופּע צונויפֿגעזעצטע ווערבן (זעה יג4). דער אומבייגיקער טייל איז ס׳רובֿ אַ העבּרעאיזם, אָבער עס זײַנען פֿאַראַן גענוג אַזעלכע צונויפֿגעזעצטע ווערבן וואָס זײַנען לויט זייער באַטײַט ניט קיין פּאַסיוון און מע דאַרף זיי ניט צונויפֿמישן מיט דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. אַזעלכע ווערבן רופֿט מען אויך אָן נייטראַלע, ווײַל זיי געהערן דאָך ניט צו קיין איינער פֿון די

קאָנסטרוקציעס, ניט צו דער אַקטיווער, ניט צו דער פּאַסיווער. מיר ברענגען לדוגמא:

אַנטרונען ווערן, אַנטשוואונדן ווערן, אַנטשוויגן ווערן, אַנטשטאַנען ווערן, אַנטשטוינט ווערן, אַנטשטומט ווערן, אַנטשטילט ווערן, אַנטשלאָפֿן ווערן, פֿאַרשוואונדן ווערן, פֿאַרלאָרן ווערן, פֿאַרשוואַרצט ווערן, פֿאַרוואָרפֿן ווערן, געשוואָלן ווערן, איינגעזונקען ווערן, פֿאַרפֿרוירן ווערן, פֿאַרוואָגלט ווערן, פֿאַרצאַפּלט ווערן, צוגעזאָטן ווערן, צעפּלאַצט ווערן. ווען די ווערבן קומען אין אַ ספּעציעלן באַטייַט, געהערן צו דער גרופּע אויך: געהרגעט ווערן, דערטרונקען ווערן, פֿאַרברענט ווערן, אויסגעריסן ווערן, אָנגעצונדן ווערן, באַגראָבן ווערן, פֿאַרשטערט ווערן און נאָך אַ היפּשע צאָל אַנדערע.

## ט. די מאָדוסן פֿון ווערב

1. דער מאָדוס פֿון אַ ווערב דריקט אויס די באַציאונג פֿון דעם וואָס רעדט צו זייַנע רייד. דער מאָדוס דריקט אויס פֿאַקטנדיקייט אָדער ניט־פֿאַקטנדיקייט, מעגלעכקייט אָדער אוממעגלעכקייט, געוואונטשנקייט אָדער אַן אַנדער אייַנשטעלונג פֿון דעם וואָס רעדט. ביז איצט איז געווען די רייד וועגן ווערבאַלע פֿאָרמען בלויז אין איין מאָדוס, דעם דירעקטן אָדער דעם אינדיקאַטיוו, וואָס ער גיט איבער וועגן אַ געשעעניש אָדער אַ מצבֿ ווי וועגן אַ פֿאַקט אין עפּעס אַ צייַט, מע קען זאָגן אויף אַ פֿאַקטנדיקן אופֿן. אויך דער ווערב אין ייִדיש, וואָס איז אַ סך פּשוטער ווי אין די גערמאַנישע און סלאַווישע לשונות און אוודאי ניט אַזוי קאָמפּליצירט ווי אין לשון־קודש, האָט לכל־הפּחות נאָך דרייַ מאָדוסן חוצן אינדיקאַטיוו. די דרייַ מאָדוסן זייַנען: דער אימפּעראַטיוו, דער קאָנדיציאָנאַל און דער קאָניונקטיוו.

מע קען אויפֿשטעלן אויך אַנדערע סיסטעמען מיט מער מאָדוסן אויפֿן יסוד פֿון באַטייַטיקע סימנים, אָבער אין דעם וואָלט ניט געווען קיין פּראַקטישער נוצן. דעריבער איז כדאַיער צו דערפֿירן די מאָדוסן פֿון ייִדישן ווערב ביז צו דער איבערזיכטלעכסטער מדרגה.

2. דער אימפּעראַטיוו, ממש דער אומפֿאַרמייַדלעכער מאָדוס ווי עס איז דער אינדיקאַטיוו, דריקט אויס אַ באַפֿעל, אַ באַגער, אַ וואונטש, אַ בקשה, אַ קללה. [דער אָפּטאַטיוו ווערט דאָ ניט אויסגעטיילט באַזונדער.] אין תּוך האָט דער אימפּעראַטיוו בלויז די צוויי פֿאָרמען פֿאַר דער צווייטער פּערזאָן. מע קען זאָגן אַז דער אימפּעראַטיוו האָט בלויז די איצטיקע צייַט, אָבער נאָך ריכטיקער איז צו זאָגן אַז דער אימפּעראַטיוו האָט ניט קיין צייַטן.

אין זייַנע צוויי פֿאָרמען איז דער אימפּעראַטיוו געבונדן מיט דער איצטיקער צייַט פֿון אינדיקאַטיוו. אויב מע קען די איצטיקע צייַט פֿון אַ ווערב, קען מען אויך זיין אימפּעראַטיוו; אויב מע קען דעם אימפּעראַטיוו פֿון אַ ווערב, ווייסט מען אויך ווי צו בייגן דעם ווערב אין דער איצטיקער צייַט. אימפּעראַטיוו איינצאָל פֿאַלט צונויף מיטן שטאַם פֿון ווערב אָדער מיט דער ערשטער פּערזאָן איינצאָל פֿון דער איצטיקער צייַט, דאָס הייסט אַז דאָ איז פֿאַראַן די נולענדונג; אימפּעראַטיוו מערצאָל פֿאַלט צונויף מיט

דער צווייטער פּערזאָן מערצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט, דאָס הייסט אַז די ענדונג איז ־ט. דוגמאָות: זאָג — זאָגט, פֿלי — פֿליט, רעד — רעדט, האַלט — האַלט, עס — עסט, מעסט — מעסט, רעכן — רעכנט, קוויטשע — קוויטשעט; מסר — מסרט, חנפֿע — חנפֿעט; האָב מורא — האָט מורא; זײַ מפֿסיק — זײַט מפֿסיק; ווער געבענטשט — ווערט געבענטשט; באַזינג — באַזינגט, פֿאַרגעס — פֿאַרגעסט, צערײַס — צערײַסט; זאָג אויס — זאָגט אויס, טראַכט זיך אַרײַן — טראַכט זיך אַרײַן, טראָג צו — טראָגט צו.

זיך מערקן דעם אימפּעראַטיוו פֿון זײַן — זײַ און אַז אַנשטאָט ווייס ניצט מען אָפֿט זײַ וויסן. די הילפֿסווערבן פֿלעגן און וואָלטן קענען לאָגישערווײַז ניט האָבן דעם אימפּעראַטיוו. די מאָדאַלע ווערבן דאַרפֿן און מוזן פֿאַרבײַטן דעם אימפּעראַטיוו אין איינצאָל מיט דער צווייטער פּערזאָן איינצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט (דו דאַרפֿסט עס וויסן, דו מוזסט אַנטלויפֿן).

כּדי ניט אָנצוקומען צו נאָך אַ מאָדוס איז פּראַקטיש אַרײַנצונעמען אין דעם אימפּעראַטיוו אויך די ערשטע און די דריטע פּערזאָן. די ערשטע פּערזאָן ווערט צונויפֿגעשטעלט פֿון לאָמיך אין איינצאָל און לאָמיר אין מערצאָל פּלוס דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב. דוגמאָות: לאָמיך (לאָמיר) אַזוי וויסן פֿון בייז, לאָמיך (לאָמיר) דעם חתן מקבל־פּנים זײַן, לאָמיך (לאָמיר) אײַך אויס־דערציילן דעם גאַנצן אמת, לאָמיך (לאָמיר) זיך איבערבעטן, לאָמיך (לאָמיר) הנאה האָבן פֿון די אייניקלעך. די דריטע פּערזאָן ווערט צונויפֿגעשטעלט פֿון זאָל ער און זאָלן זיי אין מערצאָל פּלוס דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב. אַנשטאָט זאָל — זאָלן קען קומען פּאַראַלעל לאָז ער — לאָזן זיי. דוגמאָות: זאָל (לאָז) ער זײַן געבענטשט — זאָלן (לאָזן) זיי זײַן געבענטשט, זאָל (לאָז) משיח שוין קומען — זאָלן (לאָזן) שוין קומען ישועות און נחמות אויף כּל־ישׂראל. אויף אַזאַ אופֿן איז די פֿולע טאַבעלע פֿאַרן אימפּעראַטיוו:

| | איינצאָל | מערצאָל |
| --- | --- | --- |
| ערשטע פּערזאָן | לאָמיך זאָגן | לאָמיר זאָגן |
| צווייטע פּערזאָן | זאָג | זאָגט |
| דריטע פּערזאָן | זאָל (לאָז) ער זאָגן | זאָלן (לאָזן) זיי זאָגן |

אַנשטאָט דער קאָמפּליצירטער קאָנסטרוקציע פֿון דער דריטער פּערזאָן בײַם אימפּעראַטיוו ווערט געניצט די דריטע פּערזאָן פֿון דער איצטיקער צײַט. דוגמאָות: כאַפּט אים דער רוח (שוואַרציאַר)! כאַפּן זיי אַרײַן די אמתע פּאַרציע! קײַט ער (קײַען זיי) די ערד! גייט ער (גייען זיי) איבער די הײַזער! פֿאַלט ער (פֿאַלן זיי) דורך מיט אַ טראַסק! די אינטאָנאַציע באַשטימט דאָ אַז מע האָט צו טאָן מיטן אימפּעראַטיוו און ניט מיטן אינדיקאַטיוו.

אַגבֿ ווערן אַלע קללות — פֿאַלן זאָלן זיי אין טיפֿע ימען! — אַרײַנגערעכנט אין דער ספֿערע פֿון אימפּעראַטיוו: מעסטן זאָל מען אים תכריכים! ווער געשוואָלן ווי אַ פּויק! אײַננעמען זאָלן זיי אַ מיתה־משונה! — און אַזוי אָן אַ סוף.

3. דער קאָנדיציאָנאַל דריקט אויס אַ תּנאַי, אַ באַדינג, אַ השערה, דער קאָנדיציאָנאַל ווײַזט אַז דער תּנאַי אָדער די השערה זײַנען ניט בהסכּם מיט דער וואָר. „אויב עס וואָלט ניט געדעגנט, וואָלטן מיר געגאַנגען שפּאַצירן" — אָבער עס האָט יאָ גערעגנט און מיר זײַנען ניט געגאַנגען שפּאַצירן. „אויב איך וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איך געפֿאָרן אויף פּסח קיין ארץ־ישׂראל" — אָבער פֿון אָט דעם גוטן פּלאַן איז קיין זאַך ניט אַרויס־געקומען, וואָרעם עס האָבן אויסגעפֿעלט די ממתּקים. אויב מע ווייס נאָך ניט צי דער תּנאַי אָדער די השערה קענען ווערן פֿאַקטנדיק, זאָל מען ניט ניצן דעם קאָנדיציאָנאַל; דעריבער האָט ניט דער קאָנדיציאָנאַל די קומעדיקע צײַט. „אויב איך וועל האָבן געלט, וועל איך אויף פּסח פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל"; „אויב עס וועט ניט רעגענען, וועלן מיר גיין שפּאַצירן".

דער קאָנדיציאָנאַל ווערט אויך געניצט אויסצודריקן אַ העפֿלעכע, אַזוי ווי אַ מין אומדרייסטע בקשה: „איך וואָלט אײַך בעטן, איר זאָלט מיך אויסהערן ביזן סוף"; אפשר וואָלט איר זיך מטריח זײַן און איבערגעבן אָט דעם פּעקל מײַן פֿרײַנד".

דער הילפֿסווערב פֿאַרן קאָנדיציאָנאַל איז: איך וואָלט, דו וואָל(ט)סט, ער וואָלט, מיר וואָלטן, איר וואָלט, זיי וואָלטן. אין רייד הערט מען אויך די קירצונגען כ׳וואָלט און אַפֿילו כ׳אָלט, ר׳וואָלט. די איצטיקע צײַט פֿון קאָנ־דיציאָנאַל ווערט אויפֿגעשטעלט פֿון אָט דעם ספּעציעלן הילפֿסווערב און דעם אינפֿיניטיוו — „אויב איך קריג אַ גרעסערע הלוואה, וואָלט איך קויפֿן די דירה"; „אַז דו קריגסט ניט קיין אַנדער אַרבעט, וואָלסטו אָננעמען יענע שטעלע?"

די פֿאַרגאַנגענע צײַט קאָנדיציאָנאַל ווערט אויפֿגעשטעלט פֿון אָט דעם ספּעציעלן הילפֿסווערב און דעם פּאַרטיציפּ פֿון ווערב — „וואָלט איך געהאַט קרעדיט, וואָלט איך עס געקויפֿט"; „אַז ער וואָלט ניט געקראָגן קיין אַנדער אַרבעט, וואָלט ער אָנגענומען יענע מאָגערע שטעל". גראַד בײַם קאָנדיציאָנאַל קומט אָפֿט אויס צו ניצן די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט — „בײַ אַ געזיכערטן קרעדיט אין אַ באַנק וואָלט איך עס געהאַט געקויפֿט"; „איך וואָלט געוועזן געקומען צו אײַך נאָך אײדער איך האָב באַקומען אײַער בריוו".

דוגמאות פֿאַרן קאָנדיציאָנאַל פֿון פֿאָלקסלידער און שפּריכווערטער: „וואָלט איך געווען אַ רבֿ, קען איך ניט קיין תּורה; וואָלט איך געווען אַ סוחר, האָב איך ניט קיין סחורה"; „וואָלט זי האָבן פֿערד־און וואָגן, וואָלט זי צו אים לויפֿן; וואָלט זי האָבן אַ זעקעלע געלט, וואָלט זי אים אָפּקויפֿן"; „אַ קאַץ זאָל האָבן פֿליגל, וואָלט זי אַלע פֿייגעלעך אין דער לופֿט אויסגע־וואָרגן"; „אַז אַלע מענטשן וואָלטן צ׳יען אויף איין זײַט, וואָלט די וועלט זיך איבערגעקערט"; „זײַן וואָרט זאָל זײַן אַ בריק, וואָלט איך מורא געהאַט אַריבערצוגיין"; „ווען ס׳וואָלט ניט געווען מײַן נאַר, וואָלט איך אויך געלאַכט".

4. מיר האָבן שוין באַגעגנט דעם הילפֿסווערב זאָלן אין דער ערשטער און אין דער דריטער פּערזאָן פֿון אימפּעראַטיוו און אויך בײַם פֿאַרבײַטן

װאָלטן׳ אין קאָנדיציאָנאַל. מיט דער הילפֿסווערב זאָלן דינט אויך צו שאַפֿן אַנדערע מאָדוסן פֿון ווערב מיט אַ צאָל פֿאַרשיידענע באַטײַטן: פֿאַרוואונדערונג, באַדויערונג, היפּאָטעז, חיובֿ, חרטה, אָנזאָג און אַנדערע. ניט דער באַטײַט נאָר דער פֿאָרמעלער סימן פֿון דעם זעלביקן הילפֿסווערב פֿאַראייניקט עטלעכע פֿאַרשיידענע מאָדוסן אונטער איין דאַך. פֿאַר אַזאַ מאָדוס פֿון ווערב איז ניטאָ קיין גרייטער נאָמען, ווערט אים געגעבן דער נייטראַלער נאָמען קאָניונקטיוו. צום קאָניונקטיוו ווערן אַרײַנגערעכנט די ווערבאַלע פֿאָרמען אין אַזעלכע זאַצן:

„אַזאַ טײַערער ייִד זאָל האָבן אַ ביטערן סוף!"; „אַ געבילדעטער מענטש זאָל רעדן אַזעלכע נאַרישקייטן!"; „די צעשפּאָלטענע אָפּאָזיציע זאָל אַרויס בײַ די וואַלן מיט אַ קלאָרער מערהייט"; „זאָל ער נאָר אַרײַנפֿאַלן צו מיר אין די הענט!"; „זאָל נאָר קומען דער שלום, און די וואונדן וועלן זיך פֿאַרהיילן"; „זאָל געוועזן שׂכל אין די יונגע יאָרן!"; „זאָל געוועזן אָנגענומען דעם אָקס פֿאַר די הערנער און ניט דרייען אַהין און אַהער". און בײַ שלום־עליכמען טרעפֿט מען: „פֿאָרט ער אַוועק און זי בלײַבט דאָ — און מע זאָל דאָס לאָזן אַפֿילו אַ טרער"; „זאָל איך זײַן אַ נבֿיא אַז די זאַך וועט פּלאַצן"; „אַז דער טאַטע זאָל אויפֿשטיין און זען וואָס פֿאַר אַ זון ער האָט..."; „איר זאָלט געוועזן זען זײַן רציחהדיק פּנים", „זאָל איך שטאַרבן, אויב דו וועסט זיך רירן פֿון אָרט"; „ער זאָל געוועזן גיין אַנדערש!".

דאָ קענען זײַן די זעלביקע צײַטן ווי בײַם קאָנדיציאָנאַל: די איצטיקע צײַט — זאָלסטו קויפֿן, די פֿאַרגאַנגענע צײַט — זאָלסטו האָבן געקויפֿט, די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט — זאָלסטו געווען האָבן (האָבן געהאַט) געקויפֿט. אָט די קאָמפּליצירטע פֿאָרמען דאַרפֿן פֿאַרצייכנט ווערן, אָבער זיי ווערן ניט רעקאָמענדירט צום ניצן.

5. חוץ דער צווייטער פּערזאָן אין אימפּעראַטיוו ווערן אַלע מעגלעכע מאָדוסן געשאַפֿן מיט הילפֿסווערבן, אַנאַליטיש, אָן שום שינויים אין ווערב גופֿא. צום פֿאַרשטאַרקן אָדער קלאָרער צו מאַכן קומען נאָך צו די ווערטלעך: נעכײַ, כײַ, נעכײַבי, כאָטש, טאַקע, דווקא און אַנדערע. עס איז גלײַכער זיי אויסצומײַדן, אַפֿילו די וואָס זײַנען כּלל־ייִדישע, און אַוודאי ניט די דיאַלעקטישע.

## י. די אַספּעקטן פֿון ווערב

1. דער אַספּעקט פֿון אַ ווערב ווײַזט צי די טואונג אָדער דער צושטאַנד איז שוין פֿאַרענדיקט אָדער ציט זיך נאָך, איז בלויז איין מאָל אָדער אַ סך מאָל, איז כּסדרדיק, דויערדיק אָדער פּלוצעמדיק. די אַספּעקטן האָבן צו טאָן מיט דער קאַטעגאָריע צײַט, אָבער בײַ זיי איז צײַט ניט קיין גלײַכע האָריזאָנטאַלע ליניע וואָס ציט זיך פֿון פֿריִער דורך איצט צום שפּעטער, נאָר די ליניעס ווערן קאָמפּליצירטע, ציִען זיך אויך ווערטיקאַל, זיינען זיגזאַגיש.

די אַספּעקטן ווײַזן אויך מיט וויפֿל טואונג מע קען אָנפֿילן די צײַט, זיי דריקן אויס אינטענסיווקייט פֿון דער טואונג.

בײַם באַטראַכטן אין גראַמאַטיק דעם ענין אַספּעקטן פֿון ווערב איז נייטיק צו לאָזן אין אַ זײַט די כּלערליי אידיאָמאַטישע אויסדרוקן און די אַלע לעקסיקאַלע וואַריאַציעס וואָס דינען אויך צו באַצייכענען עפּעס פֿון דעם שטח וואָס געהערט צו אַספּעקטן. נאָר געציילטע אײַנגעשטעלטע ווערבאַלע פֿאָרמען געהערן טאַקע צו גראַמאַטיק, און אין ייִדיש זײַנען זיי אַלע אויפֿגעשטעלט אַנאַליטיש מיט הילפֿסווערבן און אַזעלכע ווערבן וואָס ווערן אַראָפּגעדריקט צו דער מדרגה פֿון הילפֿסווערבן. אויך די באַטײַטן וואָס ווערבאַלע פּרעפֿיקסן און קאָנווערבן גיבן צו דעם שטאָם פֿון ווערב דאַרפֿן ניט געהערן צום ענין אַספּעקטן.

2. דער אַספּעקט פֿון פֿ י ל מ אָ ל י ק ײ ט שאַפֿט זיך מיט דעם ספּעציעלן הילפֿסווערב פֿלעגן און דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב. „ווען מיר זײַנען געווען שכנים פֿלעגן מיר אַרײַנקומען איינער צום צווייטן"; „די צוויי חבֿרים פֿלעגן מאַכן צוזאַמען די היימאַרבעטן"; „אַ קרענקלעכע, פֿלעגט זי ווינטער־צײַט זיך צוקילן"; „די קאָמיסיע פֿלעגט נעמען אין באַטראַכט די אָנווײַזונגען פֿון די ספּעציאַליסטן"; „איך פֿלעג דאַרפֿן שלעפּן שווערע פּעק און פֿלעג פֿאַרמאַטערט ווערן"; „דו פֿלעגסט ניט בלײַבן שולדיק קיין ענטפֿער"; „אוי, פֿלעגן מיר הנאה האָבן פֿון שפּילן זיך מיט די קינדער" — אויף אַזאַ שטייגער קען יעדערער וואָס רעדט ייִדיש אַרויסזאָגן טויזנטער זאַצן, אָט אַזוי פּשוט ווי מע ניצט די דרײַ הויפּטצײַטן פֿון ווערב.

און טאַקע מחמת דעם האָט מען צוגערעכנט די פֿאָרעם מיט פֿלעגן צו די צײַטן פֿון ווערב און מע האָט עס קלאַסיפֿיצירט ווי די 'פֿילמאָליקע פֿאַרגאַנגענע צײַט' און ניט אַרײַנגענומען צווישן די אַספּעקטן פֿון ווערב. אָבער דאָס איז ניט באַקוועם, ווײַל לויטן באַטײַט געהערט אָט די פֿאָרעם צו די אַספּעקטן.

דער הילפֿסווערב פֿלעגן בייגט זיך נאָרמאַל: איך פֿלעג, דו פֿלעגסט, ער פֿלעגט, מיר פֿלעגן, איר פֿלעגט, זיי פֿלעגן. פֿאַרן אינפֿיניטיוו איז ניט נייטיק דער פּאַרטיקל צו (ווי עס איז אין פּוילישן דיאַלעקט). ווײַבאַלד דער אַספּעקט רעדט וועגן אַ טואונג אַ סך מאָל, איז דאָ לאָגיש ניט שייך די איצטיקע צײַט און אויך ניט די קומעדיקע צײַט, אויך ניט קיין איינער פֿון די מאָדוסן — בלויז די פֿאַרגאַנגענע צײַט. די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט איז אָבער יאָ מעגלעך: „איך פֿלעג שוין זײַן אַרײַנגעקומען צו זיי, נאָך איידער מע פֿלעגט זיך זעצן צום טיש"; „דער לערער פֿלעגט פּונקט צו דער מינוט צונעמען די העפֿטן און די גוטע תּלמידים פֿלעגן שוין האָבן פֿאַרענדיקט זייערע אויפֿגאַבעס"; „דער פּאָליציסט פֿלעגט אַוועקטרײַבן די בעטלערס, אָבער זיי פֿלעגן שוין האָבן אָנגעקליבן געננוג נדבֿות". דער פּאַסיוו איז אויך נאַטירלעך: „מע פֿלעגט באַשטראָפֿט ווערן פֿאַרן האַלטן אָפֿן די קראָם אין אַ חגא"; „אַ תּענית־ציבור פֿלעגט אויסגערופֿן ווערן בײַ יעדער נײַער גזירה"; „די פּסוקים פֿלעגן פֿאַרטײַטשט ווערן בהסכּם מיט דער טראַדיציע"; „וואָס פֿלעגסטו אַזוי שטאַרק באַווירקט ווערן פֿון זײַנע רייד?"

עס איז ניט נייטיק כּסדר איבערצוחזרן דעם הילפסווערב פלעגן און מע קען אים פאַרבײַטן מיט דער געוויינטלעכער פאַרגאַנגענער צײַט, ווען פון קאָנטעקסט איז ממילא קלאָר אַז עס רעדט זיך וועגן פילמאָליקייט. לדוגמא אַזאַ דערציילן: „מע פלעגט בײַ אונדז זיצן ביז שפּעט אין אָונט, מע האָט געשפּילט אין דאַמקעס, געזעסן סתּם און געשמועסט. מע פלעגט אויך פאַר־לייענען שלום־עליכמען, זיך פאַרווײַלן מיט זײַן הומאָר אָדער מע האָט דער־ציילט אַנעקדאָטן. אַזוי פלעגט מען פאַרברענגען אַ פּאָר שעה און קיינער האָט זיך ניט געלאַנגווײַליקט". (פאַרגלײַכן מיט 7ד).

3. דער אַספּעקט פון באַשטענדיקייט שאַפט זיך מיטן הילפסווערב טאָן און דעם אינפיניטיוו פון ווערב. דוגמאות: „מע טוט אויסראַמען דעם חמץ, די זון טוט שײַנען, די ביימער טוען בליִען"; „וואָס טוסטו נאָר זיפצן און קרעכצן?"; „דער ייִד האָט געטאָן וואַנדערן פון איין לאַנד צום אַנדערן"; „איך וועל טאָן ווי מײַן זיידע, איך וועל טאָן הונגערן, אויב עס וועט קיין ברויט ניט זײַן". און פון פאָלקסלידער: „בײַ מיר, אָרעם שנײַדערל, טוט מײַן הערצעלע ציִען"; „בוימל אויפן וואַסער טוט דאָך פון אויבן אַרויפ־שווימען"; „איך האָב מיך אין איינעם געטאָן פאַרליבן"; „וואָס טוען עלטערן קלערן, וואָס מיינען זיי פאַרט דערמיט?"; „וואָס טוסטו מיט אַנדערע ריידן און פון מיר טוסטו זיך אָפּשיידן?"

אָט דער אַספּעקט פון באַשטענדיקייט איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פאָלקישער פּאָעזיע און די קינסטלערישע פּאָעזיע האָט גענומען ווײַכן פון אים. אויך אין דער ריידשפּראַך שטויסט מען זיך אָן אויף דעם אַספּעקט זעלטענער ווי מיט אַ פּאָר דורות פריִער. איז אויף דעם אַספּעקט אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שטעמפּל פון פּרימיטיווקייט. און אַוודאי קען מען ניט רעקאָמענ־דירן צו ניצן אָט דעם אַספּעקט צו אָפט, כּסדר אַנצוקומען צו אים ווי דעם מיטל אויסצודריקן באַשטענדיקייט. אָבער דאָס הייסט ניט אַז מע דאַרף אָט דעם אַספּעקט אַרײַנלייגן אין חרם און אַז ער טויג ניט פאַרן הײַנטצײַטיקן סטאַנדאַרדיזירטן לשון. ווען מע דאַרף באמת דעם אַספּעקט פון באַשטענ־דיקייט צוליב סטיליזירן אָדער כּדי אַרויסצוהייבן דאָס באַשטענדיקע טאָן, איז ער אַבסאָלוט כּשר. מיר באַגעגענען אים אויך אין דער מאָדערנער פּאָעזיע: „און פייגל־געזאַנג טוט פאַרוויגן די ביימער/ אין טאָג פון נצחון, אין טאָג פון גאולה" (א. סוצקעווער).

4. דער אַספּעקט פון מיטאַמאָליקייט, וואָס דריקט אויך אויס אַז די טואונג איז פּלוצעס, אומגעריכט און האַסטיק, פאַרמאָגט דרײַ באַ־שטאַנדטיילן: דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל אַ, דעם סובסטאַנטיוו וואָס איז דער ווערבאַלער שטאַם און דעם הילפסווערב טאָן. אָט האָבן מיר כאַראַקטע־ריסטישע זאַצן: „איך קען זיך ניט אײַנהאַלטן און מוז אַ לאַך טאָן"; „ער האָט אַ קיצל געטאָן דאָס קינד אין בײַכעלע"; „קענסט עפענען די טיר און אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין צימער"; „וועל איך אים כאַפּן, וועל איך אים אַ פּאַרפּאָר טאָן אין זײַן טרייפענעם פּרצוף"; „מע וועט אַן

אַרבעט טאָן אַלע צוזאַמען און זיך אַ באַפֿרײַ טאָן פֿון דער באַשטעלונג אײנס און צוויי"; „לאָמיר אַ פֿלי טאָן קיין אילת און זיך אַ וואַרעם טאָן אין דער זון"; „מע דאַרף אים אַ פֿאַרשטאָפּ טאָן דאָס מויל, ער זאָל ניט קענען אַ שרײַ טאָן"; „ער וואָלט זיך געטאָן אַ צעהוליע, אויב איך וואָלט אים געטאָן אַ רוק אַרײַן אַ פֿינפֿערל אין האַנט".

בײַ אַ צאָל ווערבן קען דער ווערבאַלער שטאַם קומען אין צוויי געשטאַלטן, ווי ער איז אין דער איצטיקער צײַט צי אין אינפֿיניטיוו אָדער ווי ער איז אין פּאַרטיציפּ: אַ שפּרונג טאָן און אַ שפּרינג טאָן, אַ וואַרף טאָן און אַ וואָרף טאָן, אַ ביס טאָן און אַ בײַס טאָן, אַ ריס טאָן און אַ רײַס טאָן, אַ לאָף טאָן און אַ לויף טאָן, אַ קלונג טאָן און אַ קלינג טאָן, אַ בראָך טאָן און אַ ברעך טאָן, אַ שטאָך טאָן און אַ שטעך טאָן, אַ שניט טאָן און אַ שנײַד טאָן, אַ קניפּ טאָן און אַ קנײַפּ טאָן, אַ פֿאַרדריס טאָן און אַ פֿאַרדראָס טאָן. אַזוי איז אָבער בלויז אין דער קלענערער צאָל ווערבן. ס'רובֿ איז גובֿר דעם שטאַם אין אינפֿיניטיוו איבערן שטאַם אין פּאַרטיציפּ: אַ הייב טאָן (ניט אַ הויב טאָן), אַ בייג טאָן (ניט אַ בויג טאָן), אַ זינג טאָן, אַ ווינטש טאָן, אַ שווים טאָן, אַ פֿלי טאָן, אַ מעסט טאָן, אַ פֿלעכט טאָן, אַ נעם טאָן, אַ שטאַרב טאָן, אַ שרײַב טאָן, אַ שרעק טאָן, אַ דינג טאָן און נאָך אַ סך אַנדערע. זיך מערקן: אַ דרוק טאָן איז פֿון ווערב דרוקן, אַ דריק טאָן — פֿון ווערב דריקן; פֿון ווערב שמײַסן איז אַ שמײַס טאָן און אַ שמיץ טאָן (הגם לויטן פּאַרטיציפּ וואָלט געקענט זײַן אַ 'שמיס' טאָן).

דער ווערבאַלער שטאַם ווערט בײַ אָט דעם אַספּעקט באַטראַכט ווי אַ פֿולער סובסטאַנטיוו און מע קען צושטעלן צו אים אַן אַדיעקטיוו: אַ פֿאַרשטיקטן לאַך טאָן, אַ גיכן קוק טאָן, אַ הויכן פֿלי טאָן, אַ מחיהדיקן וואַרעם טאָן, אַן אמתן צעהוליע טאָן, אַ שטאַרקן ריס טאָן, אַ טיפֿן שטאָך טאָן און אַזוי ווײַטער. דאָס אייגענע איז חל אויף אַדיעקטיווישע פּראָנאָמען און אויף אַדיעקטיווישע צאָלווערטער: יענעם ביס טאָן, אַ צווייטן קלאַפּ טאָן. עס קען זיך אויך טרעפֿן דער באַשטימטער אַרטיקל פֿאַרן סובסטאַנטיוו: דעם אמתן הוליע טאָן, פֿלעגט דעם טיפֿסטן שניט טאָן, דעם פֿרײַנדלעכן שמייכל טאָן.

פּאַראַלעל צום הילפֿסווערב טאָן קומט אין דעם אַספּעקט פֿון מיטאַמאַליקייט דער ווערב געבן. דוגמאָות: אַ שפּרונג געבן, אַ קוש געבן, אַ קוק געבן, אַ קוויטש געבן, אַ שטויס געבן, אַ פּאַטש געבן; געבן אַן עס אָפּ, געבן אַ קום אַרײַן, געבן אַ לויף אַרויס, געבן אַ רעכן אָן, געבן אַ פֿאָר צונויף, געבן אַ פֿאַל אַראָפּ. געוויינטלעך איז ניטאָ קיין שום חילוק צווישן טאָן און געבן בײַם אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט, און דאָך קען מען זיך אָנשטויסן אויף דינע ניואַנסן: אַ קוש געבן אַ מיידל און אַ קוש טאָן דעם של־ראָש; אַ פּאַטש געבן אין באַק אַרײַן און אַ פּאַטש טאָן איבערן בעל־מימר (בעלעמער) עס זאָל ווערן שטיל; אַ קנײַפּ געבן אין בעקל און אַ קנײַפּ טאָן דאָס ווייכע פֿון ברויט; אַ קריץ געבן אין שטיין און אַ קריץ טאָן מיט די ציין.

קיינער מאָנט ניט קיין קנס, אויב מע פֿאַרבײַט דאָ די יוצרות, אָבער דאָך זאָל מען אײַנזען אַז אין דעם ווערב געבן בײַם אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט בלײַבט מער פֿון זײַן עיקר־באַטײַט ווי בײַם הילפֿסווערב טאָן.

דער ווערב געבן פֿאַרלאַנגט די זאַך אין אַקוזאַטיוו און די פּערזאָן אין דאַטיוו: געבן דעם קינד די צאַצקע, געבן דער כּלה די מתּנה. קומט אויך דער דאַטיוו פֿון פּערזאָן בײַ אונדזער אַספּעקט: געבן דער פֿרוי אַ קוש, געבן דעם קינד אַ קניפּ — אָבער אַ קוש טאָן די פֿרוי, אַ קניפּ טאָן דאָס קינד, וואָרעם קושן און קנײַפּן זײַנען טראַנזיטיווע ווערבן מיטן אַקוזאַטיוו פֿון דירעקטן אָביעקט. אויך דאָ זעען מיר ווי די פֿאָרעם מיט געבן איז אַ מין צווישן וואו פֿון איין זײַט איז דער ווערבאַלער אַספּעקט און פֿון דער אַנדערער זײַט איז אַן אידיאָמאַטישער אויסדרוק.

ווען מע טרעפֿט די ווערבן דערלאַנגען, כאַפּן, לאָזן זיך, מאַכן מיטן ווערבאַלן שטאַם (דערלאַנגען אַ פּאַטש, כאַפּן אַ קלאַפּ, לאָזן זיך לויפֿן, מאַכן אַ טראַט אָדער אַ טריט), האָט מען צו טאָן מיט אידיאָמאַטישע אויסדרוקן, אָבער דאָ איז ניט שייך דער אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט, וואָרעם בײַ די פֿיר ווערבן, אויך ווי בײַ אַנדערע, איז בפֿירוש באַגרענעצט זייער באַנוץ מיטן ווערבאַלן שטאַם. מע קען אַ טראַכט טאָן אָדער אַ טראַכט געבן, אָבער מע קען ניט 'דערלאַנגען אַ טראַכט', 'כאַפּן אַ טראַכט', 'מאַכן אַ טראַכט'. אויך געבן אַ געשריי איז אַן אידיאָמאַטישער אויסדרוק, וואָרעם עס איז ניט לויט דעם פֿורעם פֿון אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט. גראַמאַטיק איז די לערע פֿון פֿורעמס.

דער סובסטאַנטיוו אינעם אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט קען זיך טרעפֿן אויך אין זײַן פֿאַרקלענער־פֿאָרעם. דוגמאות: טאָן אַ שמייכעלע, געבן אַ קניפּעלע, טאָן אַ הוסטעלע, געבן אַ זיפֿצעלע, טאָן אַ ריסעלע, געבן אַ זאָגעלע אַרײַן, פֿאַר אָט דעם פֿאַלקישן אויפֿטו איז ניט צו געפֿינען אַ פּאַראַלעל אַנדערש־וואו. און ווער קען אַזוינס איבערזעצן אויף אַן אַנדער לשון?

דער אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט קען ניט זײַן אין אַ פּאַסיווער קאָנסט־רוקציע. מע קען אים אויך ניט אויפֿשטעלן בײַ צונויפֿגעזעצטע ווערבן.

5. דער אַספּעקט פֿון גערדויערדיקייט באַשטייט פֿון דרײַ טיילן: דעם ווערב האַלטן, דער פּרעפּאָזיציע אין און דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב. כאַראַקטעריסטישע זאַצן: „אַז מע קומט צום גביר נאָך אַ נדבֿה — איז אָדער ער האַלט אין עסן, אָדער ער האַלט אין שלאָפֿן"; „די זון האַלט שוין אין זינקען, לאָמיר אומדרייען דאָס שיפֿל און פֿאָרן צוריק"; „דער זיידע האַלט אין דאַווענען אָדער ער האַלט אין זאָגן תּהילים"; „מיר האָבן געהאַלטן אין לערנען, נעמט מען און מע טרײַבט אונדז גאָר אַרויס פֿון בית־מדרש"; „קומט ניט צו אונדז, ווען מיר וועלן האַלטן אין אַרבעטן; עס טונקלט און דאָס לעמפּל האַלט שוין אין אויסגיין". די געדויערדיקייט ווערט אונטער־געשטראָכן מיט דעם וואָס אין דער צײַט פֿון איין פּראָצעס, פֿון איין טואונג אָדער צושטאַנד געשעט אויך אַ צווייטע טואונג, איז אויך מעגלעך נאָך אַ

צושטאַנד, ווי למשל: האַלטן אין וואַרעמען זיך אויף דער זון און זיך צוקוקן צו אַ ספּאָרט־פֿאַרמעסט, האַלטן אין עסן און אין לייענען אַ צײַטונג, האַלטן אין אויספּוצן די כּלה נאָך בײַם אָנקומען פֿון דעם מסדר־קידושין. אָבער דער אַספּעקט נייטיקט זיך ניט דווקא אין גלײַכצײַטיקייט: מע קען סתּם האַלטן אין שפּילן קאָרטן צי אין לערנען, צי אין שאַטקעווען קרויט. ווען עמעצער זאָגט „די זון זינקט", קאָנסטאַטירט ער בלויז אַז עס קומט פֿאָר דער פּראָצעס ווי די זון נידערט אַראָפּ אין מערבֿ פֿון האָריזאָנט; ווען ער זאָגט „די זון האַלט אין זינקען" ווײַזט ער אויך אָן אַז אָט דער פּראָצעס איז אַ געדויערדיקער.

דער אַספּעקט פֿון געדויערדיקייט קען אויך זײַן אין אַ פּאַסיווער קאָנסטרוקציע (האַלטן אין פֿאַרבערענט ווערן) און מע קען אים אויפֿשטעלן בײַ צונויפֿגעזעצטע ווערבן (האַלטן אין הנאה האָבן, האַלטן אין מצרף זײַן, האַלטן אין טאָן אַ שידוך).

6. מע קען באַטראַכטן ווי אַ באַזונדערן אַספּעקט אָדער ווי אַ מין אונטעראַספּעקט צום פֿריִערדיקן (זען פּונקט 5) די קאָנסטרוקציע האַלטן אין איין פּלוס אינפֿיניטיוו. צום באַטײַט פֿון געדויערדיקייט קומט נאָך צו אויסשליסלעכקייט, דאָס הייסט אַז די טואונג איז ניט בלויז אַ געדויערדיקע, נאָר אַז זי נעמט אַזוי אַרום דעם טוער אַז קיין שום אַנדער טואונג איז שוין ממש אוממעגלעך. בטבֿע איז פֿאַראַן אַ גוזמא אין אָט דעם אַספּעקט.

כאַראַקטעריסטישע זאַצן: „דער מתמיד האַלט אין איין לערנען"; „ניט זיי לייענען, ניט זיי שפּאַצירן, זיי האַלטן אין איין שפּילן אין קאָרטן"; „נאָך סוכּות הייבן זיך אָן די צוגרייטונגען צום ווינטער און די באַלעבאָסטעס האַלטן אין איין שאַטקעווען קרויט"; „קומסט פֿון הונגערלאַנד? וואָס האַלטסטו אין איין עסן?"; „איך בין אַ גאַנצן טאָג פֿאַרנומען מיט אים, איך האַלט אין איין פֿאַרריכטן וואָס ער מאַכט קאַליע"; „די זקנים זיצן אַרום אויוון און האַלטן אין איין זאָגן תּהילים"; „דער בחורעץ הייבט ניט אָן צו לערנען, ער האַלט די גאַנצע צײַט אין איין ספּאַרטעווען"; „דו האָסט געהאַלטן אין איין אַרגומענטירן, אָבער קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט"; „אַז איך וועל קומען אַהיים פֿון רעזערוו־דינסט, וועל איך מסתּמא עטלעכע טעג האַלטן אין איין שלאָפֿן"; „ער האָט געהאַלטן אין איין אויסגעפֿרעגט ווערן ביזן מודה זײַן זיך".

7. דער אַספּעקט פֿון אָנהייביקייט שאַפֿט זיך דורכדעם וואָס דער ווערב נעמען און דער פּאַראַלעלער ווערב נעמען זיך ווערן אַראָפּגעדריקט צו דער מדרגה פֿון אַ הילפֿסווערב מיטן באַטײַט: אָנהייבן. דערבײַ קומט צו אַ קליינער שינוי אין באַטײַט אָדער עס שאַפֿט זיך אַ בײַבאַטײַט: נעמען און נעמען זיך אָנשטאָט אָנהייבן ווײַזן אָן אַז מע הייבט עפּעס אָן אויף אָן ערנסט, אָדער מיט אָנשטרענגונג, אָדער אויף אַ לענגערער צײַט. „ער האָט אָנגעהויבן לערנען" — הייסט אַז פֿריִער האָט ער ניט געלערנט, דערנאָך האָט

ער אין אַ באַשטימטער צײַט אָנגעהויבן זיך צו פֿאַרנעמען מיט דעם; „ער האָט גענומען לערנען" — הייסט ער האָט אָנגעהויבן לערנען מיט אַן אָנצוּ־הערעניש אויפֿן לערנען ווי עס באַדאַרף צו זײַן, מיט חשק, מיט התמדה; „ער האָט זיך גענומען צום לערנען" — הייסט ניט בלויז אָנגעהויבן לערנען, נאָר טאַקע בפֿירוש מיט חשק און מיט התמדה, מיט אָנשטרענגונג.

כאַראַקטעריסטישע זאַצן: „איך האָב גענומען אַרבעטן זיבן שעה אַ טאָג"; „איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט און זי פֿאַרענדיקט אין עטלעכע טעג"; „מיר באַשטעלן ניט קיין מאַליער, מיר נעמען אַליין אויספֿאַרבן די ווענט"; „מיר נעמען זיך צום אויספֿאַרבן די ווענט, מיר זײַנען דאָך אַמאָל געווען מאַליאַרעס"; „די קיבוצניקעס וועלן מאָרגן נעמען אַראָפּנעמען די פּירות"; „די קיבוצניקעס וועלן מאָרגן זיך נעמען צום אַראָפּנעמען די פּירות"; „דו דאַרפֿסט שוין מאָרגן נעמען אײַנפּאַקן די זאַכן"; „דו דאַרפֿסט שוין מאָרגן זיך נעמען צום אײַנפּאַקן די זאַכן, דו האָסט דאָך אַזוי פֿיל מיטצונעמען"; „דער פֿירער מיט אַחריות נעמט מזהיר זײַן (וואָרענען, אַלאַר־מירן, מתרה זײַן) קעגן די סכּנות"; „דער פֿירער מיט אַחריות נעמט זיך צום מזהיר זײַן (וואָרענען,...) קעגן די סכּנות".

מע קען אויך נעמען זיך אויסטיילן ווי אַ באַזונדערן אַספּעקט (ווי עס איז אויס־געטיילט האַלטן אין איין פֿון האַלטן אין, אָבער דאָס וואָלט צו שטאַרק פֿאַרגרעסערט די צאָל אַספּעקטן).

8. פֿ אַ ר ע נ ד י ק ט ק י י ט  פֿון אַ באַוועגונג ווײַזט דער אַספּעקט וואָס שטעלט זיך צונויף פֿון קומען פּלוס צו פּלוס דעם אינפֿיניטיוו פֿון אַ ווערב וואָס באַטײַט אַ באַוועגונג. מיר האָבן: קומען צו גיין, קומען צו לויפֿן, קומען צו שפּרינגען, קומען צו פֿליִען, קומען צו פֿאָרן, קומען צו רײַטן, קומען צו שווימען, קומען צו שוועבן, קומען צו שטראָמען, קומען צו פֿליסן, קומען צו וואַנדערן, קומען צו שיפֿלען זיך, קומען צו פֿלאַטערן און אַנדערע.

עטלעכע דוגמאָות: „אַז משיח וועט קומען צו פֿאָרן, וועלן מיר האָבן גוטע יאָרן; אַז משיח וועט קומען צו רײַטן, וועלן מיר האָבן גוטע צײַטן" (קינדערלידל); „קום איך אַרײַן צו שפּרינגען אויף אַ פּיסעלע לויז..." (פּורים־לידל); „דו קומסט צו גיין גאָר גיך, נאָר מיט צעריסענע שיך"; „געקומען צו לויפֿן מיט דער ידיעה אַז די באָבע האָט חתונה געהאַט"; „לעבעדיקערהייט קומען צו שווימען איבערן לעבער־ים".

מע קען דאָ זיך פּשטלען אַז עס איז גאָרניט קיין אַספּעקט, ווײַל דער ווערב קומען באַטײַט טאַקע: דאָס אָנקומען צו דעם אָרט, צו דעם ציל וואָס די באַוועגונג האָט געהאַט אין זינען צו דערגרייכן, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גאַנצער סעריע אַלצאיינע אויסדרוקן דאַרף מען דאָ דערזען אַ גראַמאַטישע קאַטעגאָריע.

9. עד כּאָן אַספּעקטן. אַזאַ פֿאַרבינדונג ווי ברענגען פּלוס צו פּלוס אינפֿיניטיוו פֿון אַ ווערב ווערט ניט אַרײַנגערעכנט צווישן די אַספּעקטן, כאָטש אויך דאָ ווערט אָנגעוויזן אַז אַ טואונג איז דערפֿירט געוואָרן ביז אַ סוף, ביז אַן אָנגעמערקטן ציל. דאָס זאָגן דאָך די אויסדרוקן: ברענגען צו

טראָגן, ברענגען צו שלעפּן, ברענגען צו פֿירן און נאָך עטלעכע. אָבער די צאָל אַזעלכע אויסדרוקן איז אַ שטאַרק באַגרענעצטע, איז עס באַקוועמער איבערצולאָזן צו דער אידיאָמאַטיק (זען פּונקט 1).

אַ סך אָפֿטער איז די פֿאַרבינדונג האַלטן פּלוס ביַים, פּלוס אינפֿיניטיוו פֿון אַ ווערב, ווי: האַלטן ביַים פֿאַרענדיקן אַן אַרבעט, האַלטן ביַים אָפּגעבן עקזאַמען, האַלטן ביַים מודה זיַין, האַלטן ביַים אויסגיין פֿון הונגער, האַלטן ביַים דערטרונקען ווערן און אַזוי וויַיטער. אָבער דאָ איז דאָס צייַטלעכע, דאָס אַספּעקטישע גיכער לעקסיקאַליש איידער גראַמאַטיש. עס איז ניט איינגאַנצן אַזוי ווי האַלטן אין און האַלטן אין איין (זען פּונקטן 5 און 6).

אַוודאי קענען ניט פֿאַררעכנט ווערן צווישן אַספּעקטן די פֿאַרבינדונגען: גרייטן זיך, קלייַבן זיך, אָנהייבן, געבן (צו וויסן, צו פֿאַרשטיין), ברענגען אין (אָרדענונג) און נאָך און נאָך פֿון דעם מין ווערבן, וויַיל דאָס וואָלט געהייסן פֿאַרבייַטן גראַמאַטיק אויף לעקסיק.

אונטער דער השפּעה פֿון ענגליש און דערנאָך אויך פֿון ייִדיש אין צפֿון־אַמעריקע האָט מען גענומען אָפֿט ניצן דעם ווערב גיין מיטן באַטייַט: קלייַבן זיך, גרייטן זיך, זיך נעמען צו עפּעס. איז די וואָרענונג: „איך גיי אָנשרייַבן הֶעם בריוו״, „ער גייט ענטפֿערן אויף יענעמס טענות״ און ענלעכע, ווען עס איז גאָר ניטאָ די טוּונג פֿון ג י י ן — אָט אַזעלכע אויסדרוקן זייַנען ניט קיין כּשר־ייִדישע. בלויז אין יענע פֿאַלן ווען עס קומט טאַקע אויס צו גיין איז דער ווערב ג י י ן באַרעכטיקט, ווי למשל: „דער בעטלער שטייט פֿאַר דער טיר, איך גיי אים געבן אַ נדבֿה״; „דער רעדנער האָט שוין אָנגעהויבן און איך גיי (אין זאַל) אים אָפּהערן״; „גוט וואָס דו האָסט אָנגעקלונגען. איך גיי הוליען מיט אייַך איבאַיינעם״.

# יא. די ווערבאַלע פּרעפֿיקסן

1. עס זייַנען פֿאַראַן זעקס ווערבאַלע פּרעפֿיקסן: אַ נ ט ־, ב אַ ־, ג ע ־, ד ע ר ־, פֿ אַ ר ־, צ ע ־. אין קיין שום פֿאָרעם טיילן זיך די פּרעפֿיקסן ניט אָפּ, ניט אין דער איצטיקער צייַט, ניט אין אימפּעראַטיוו, ניט אין פּאַרטיציפּ: איך דערצייל, זיי דערציילן, דערצייל! ער האָט דערציילט. ווען אַ ווערב האָט איינעם פֿון די ווערבאַלע פּרעפֿיקסן, קומט ניט צו דער פּרעפֿיקס ג ע ־ ביַים פּאַרטיציפּ: ער איז אַנטלאָפֿן, דו האָסט באַוויזן, ער האָט געפֿונען, מיר האָבן זיך דערשראָקן, איר האָט פֿאַרקויפֿט, זיי האָבן צעריסן.

קיינער פֿון די ווערבאַלע פּרעפֿיקסן האָט נ י ט אויף זיך דעם אַקצענט.

2. דער פּרעפֿיקס אַנט־ גיט צו דעם באַטייַט א) פֿון אַוועק, פֿון אַוועקנעמען, פֿון צונעמען, למשל: אַנטלויפֿן, אַנטבלעטערן, אַנטזאָלצן, אַנטפֿאַלן; ב) פֿון מאַכן עס זאָל ווערן אויס, למשל: אַנטמוטיקן, אַנטשאַפֿן, אַנטגופֿן, אַנטגויאישן; ג) פֿון אַרייַנקומען אין אַ צושטאַנד, למשל: אַנטוואַכן, אַנטשלאָפֿן ווערן, אַנטברענען, אַנטשטומט ווערן; ד) פֿון אויף, פֿונאַנדער און אַנדערע, למשל: אַנטוויקלען, אַנטדעקן, אַנטשטיין, אַנטוועקן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש ביַי אַ צאָל ווערבן מיט אַנט־ די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע, אָבער אָן דעם באַטייַט פֿון פּאַסיוו: אַנטלאָפֿן ווערן, אַנטרונען

ווערן, אַנטשוויגן ווערן, אַנטשטומט ווערן, אַנטדרימלט ווערן, אַנטשלאָפֿן ווערן, אַנטבונדן ווערן. עס טרעפֿט זיך דאָ די פּאַראַלעלע פֿאָרעם אָן דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע, למשל: אַנטלויפֿן, אַנטרינען.

דער פּרעפֿיקס אַנט־ העלפֿט שאַפֿן נעאָלאָגיזמען, למשל: אַנטאײגענען, אַנטאַרבן, אַנטבירגערן, אַנטגײַסטיקן, אַנטבעל־גופֿן, אַנטדאָרשטן, אַנטוואַלדן, אַנטוועלדערן, אַנטווערטיקן.

אין דער ריידשפּראַך קען אַרויספֿאַלן ט פֿון דעם פּרעפֿיקס: „די גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט אַנשלאָפֿן ווערן"; „פֿאַר שרעק איז אים דער מאַמעס מילך אַנפֿאַלן (געוואָרן)".

3. זייער אַ גרויסע צאָל ווערבן פֿאַרמאָגן דעם פּרעפֿיקס באַ־ און מיט דעם פּרעפֿיקס איז גרינג צו שאַפֿן נעאָלאָגיזמען, למשל: באַטעמען, באַבלימלען, באַגראַמען, באַדענקמאָלן, באַוועכטערן, באַסימנען, באַרויזן. דער פּרעפֿיקס באַ־ גיט צו דעם ווערב פֿאַרשיידענע באַטײַטן, פֿירט דורך פֿאַרשיידענע פֿונקציעס: א) פֿון אַן אומטראַנזיטיוון ווערב ווערט אַ טראַנזיטיווער, למשל: באַדאַנקען, באַטראַכטן, באַדינען, באַרעדן, באַוויינען; ב) ווײַזט דאָס אַרײַנפֿירן אין צושטאַנד, למשל: באַגליקן, באַגײַסטערן, באַ(אומ)רואיקן, באַפֿרוכפּערן, באַפֿרידיקן; ג) ווײַזט אַז די טואונג ווערט דורכגעפֿירט גרינטלעך, למשל: באַאַרבעטן, באַגנבֿענען, באַגראָבן, באַזינגען, באַקעמפֿן; ד) ווײַזט, פֿאַרקערט, אַז די טואונג איז פֿון אויבן, למשל: באַזילבערן, באַוואַשן, באַזאַלצן, באַפֿאַרבן, באַשפּריצן; ה) גיט צו גאָר אַ נײַעם באַטײַט, למשל: באַדויערן, באַהאַלטן, באַנעמען, באַפֿאַלן, באַקומען; ו) דער ווערב איז ניט מעגלעך אָן דעם פּרעפֿיקס, למשל: באַיאָען, באַליידיקן, באַנײַען, באַפֿעלן, באַפֿרײַען; ז) נאָך אין פֿאַרשיידענע פֿאַלן און מיט פֿאַרשיידענע באַטײַטן, למשל: באַדאַרפֿן, באַעוולען, באַגרענעצן, באַלוינען, באַשוכן.

4. דער פּרעפֿיקס גע־ טרעפֿט זיך בלויז אין געציילטע ווערבן. אין גרופּע ווערבן איז גאָרניט בנמצא אָן דעם גע־: געווינען, געפֿינען, געלינגען, געבוירן ווערן, געוועלטיקן, גענייטן זיך, גענענען, געפֿעלן. אין אַט די ווערבן איז גע־ אַ פּרעפֿיקס בלויז פֿון אַ היסטאָרישן שטאַנדפּונקט. אָבער עס זײַנען דאָ געציילטע עטלעכע ווערבן, וואו גע־ איז דער פּרעפֿיקס אויך הײַנטצײַטיק: געברויכן, געדויערן, געטרויען, גענאַרן זיך, געראָטן, געזעגענען זיך.

5. דער פּרעפֿיקס דער־ איז אַ לעבעדיקער, אַן אַקטיווער פּרעפֿיקס וואָס איז מסוגל צו שאַפֿן זייער אַ סך ווערבן. [קיין פּרעפֿיקס ער־ איז אין דער כּלל־שפּראַך ניטאָ.] זײַן עיקר־באַטײַט איז דערפֿירן ביזן סוף, ביזן דערגרייכן דעם ציל פֿון דער טואונג, למשל: דערטראָגן, דערשלעפּן, דערגרייכן, דערגרונטעווען זיך, דערוואַקסן, דערוואַרטן זיך, דעריאָגן, דערפֿירן, דערצאָלן, דעררעדן זיך. ס'איז דאָ אויך דער ניואַנס פֿון אָפּטאָן אינגאַנצן, אַבסאָלוט: דערהרגענען, דערטרענקען, דערשיסן, דערווישן, דערציִען (צו אַ שפּעטערדיקן טערמין).

אויך דאָ זײַנען פֿאַראַן ווערבן וואָס קריגן צו אַ נײַעם באַטײַט מיט דער הילף פֿון פּרעפֿיקס דער־, למשל: דערציילן, דערקענען, דערווײַזן, דער־לויבן, דערציִען (מחנך זײַן). פֿון דעם שלל נעאָלאָגיזמען מיט דער־ עט־לעכע גאָר טשיקאַווע: דערהײַנטיקן, דערוואָגלען, דערכוואַליען, דערפֿינטלען זיך, דערפֿריידן.

6. דער פּרעפֿיקס פֿאַר־ איז דער אָפּטסטער, דער פֿאַרשפּרייטסטער צווישן די ווערבאַלע פּרעפֿיקסן. ער ברענגט מיט די באַטײַטן פֿון באַ־ און פֿון דער־. זײַנע אַ כאַראַקטעריסטישע פֿונקציע איז אָנווײַזן אויף אַ היפּוך, אויף דעם וואָס איז ניט געראָטן, וואָס איז דורכגעפֿירט ניט־גוט, למשל: פֿאַרדרייען, פֿאַרבײַטן, פֿאַרגיסן, פֿאַרזען, פֿאַרהערן, פֿאַרקוקן, פֿאַרשלעפּן, פֿאַרטיילן, פֿאַרפֿירן, פֿאַרשפּילן. פֿון דער צווייטער זײַט ווײַזט דער זעל־ביקער פּרעפֿיקס אָן אויף דורכפֿירן אַ טואונג גוט, פֿעסט, ביזן סוף, למשל: פֿאַרפֿעסטיקן, פֿאַראַנקערן, פֿאַראייביקן, פֿאַרשטאַרקן, פֿאַרטיפֿן, פֿאַרבלענדן, פֿאַרזיכערן, פֿאַרקיטלען, פֿאַרהאַקן, פֿאַרלעשן. מיט אָט דער פֿונקציע בינדט זיך דאָס שאַפֿן ווערבן פֿון דעם יסוד וואָס איז דער קאָמפּאַראַטיוו פֿון אַן אַדיעקטיוו: פֿאַרשענערן, פֿאַרקלענערן, פֿאַרבעסערן, פֿאַרגרעסערן, פֿאַר־גרינגערן, פֿאַרייִנגערן, פֿאַרגיכערן, פֿאַרמילדערן, פֿאַרגעזינטערן, פֿאַרמערן.

אַ וויכטיקע פֿונקציע פֿון פֿאַר־ איז דאָס אָנווײַזן אויף אַ בײַט, אויף אַ שינוי אין דעם אַרום אָדער אין דעם געמיט פֿון מענטשן, למשל: פֿאַר־ווײַסן, פֿאַרצוימען, פֿאַרבויען, פֿאַרביטערן, פֿאַרדולן, פֿאַרהונגערן, פֿאַר־ייִדישן, פֿאַרגויאישן, פֿאַרכישופֿן, פֿאַרמענטשלעכן. פֿאַר־ קען אויך צוגעבן אַ נײַעם באַטײַט דעם ווערב, למשל: פֿאַרבײַסן, פֿאַרבעטן, פֿאַרברענגען, פֿאַרגעבן, פֿאַרדינען, פֿאַרהערן (עקזאַמענירן), פֿאַרזאָרגן, פֿאַרנעמען, פֿאַר־שיקן, פֿאַרשטיין. פֿאַראַן ווערבן וואָס האָבן ניט קיין ווערבאַלן שטאַם אָן דעם פּרעפֿיקס פֿאַר־: פֿאַרגעסן, פֿאַרלירן, פֿאַרלאַנגען, פֿאַרלענדן, פֿאַר־טיליקן, פֿאַרצוקן, פֿאַרטיידיקן, פֿאַרלעצן, פֿאַרדריסן, פֿאַרדאַרבן. און פֿאַראַן אויך ווערבן וואו פֿאַר־ גיט צו בלויז אַ דינעם ניואַנס, ווי: פֿאַרבוכן לגבי בוכן, פֿאַרבלײַבן לגבי בלײַבן, פֿאַרהאַפּן לגבי האַפּן, פֿאַרלייקענען לגבי לייקענען, פֿאַרענדיקן לגבי ענדיקן.

און לסוף פֿון דעם פּונקט אַ צענדלינג נעאָלאָגיזמען: פֿאַראָביונען, פֿאַר־בדלותן, פֿאַרגופֿן, פֿאַרזיווגן, פֿאַרלידערן, פֿאַרהײַנטיקן, פֿאַרמשוגענען, פֿאַר־געדיכטערן, פֿאַררייסטערן, פֿאַרתּהילימען.

7. דער פּרעפֿיקס צע־ איז אויך אַן אַקטיווער ווערטער־שאַפֿערישער פּרעפֿיקס. דאָ איז נייטיק ראשית־כּל אויסצומײַדן דעם טעות פֿון פֿאַרמישן, פֿאַרפּלאָנטערן דעם פּרעפֿיקס צע־ מיט דעם קאָנווערב צו, וואָס זײַן שליחות איז פֿאַראייניקן, צונויפֿבינדן, דערנענטערן, בעת דער צע־ טיילט פֿונאַנדער, שיידט פֿונאַנדער. עס איז נייטיק זיך אַרײַנטראַכטן אין דעם חילוק אין באַטײַט צווישן: צו׳גיין און צעגיי׳ן, צו׳נעמען און צענע׳מען, צו׳בינדן און צעבי׳נדן, צו׳טיילן און צעטיי׳לן, צו׳כאַפּן און צעכאַ׳פּן, צו׳ציִען און צעציִ׳־

ען, צו׳לייגן און צעליי׳גן, צו׳שלאָגן און צעשלאָ׳גן, צו׳שטעלן און צעשטע׳לן, צו׳לאָזן און צעלאָ׳זן. ווערט קלאָר אַז דער עיקר־באַטײַט פֿון דעם צ ע ־ איז פֿ ו נ אַ נ ד ע ר, אַז מיטן צ ע ־ פֿאַרנעמט דער ווערב מער שטח, מער צײַט, ווי עס ווײַזן די ווערבן: צעבלאָזן, צעגיסן, צעטראָגן, צעפּאַטלען, צעפּלאָנטערן, צעפּראַלן, צעפּראָשען, צעפּירן, צעקנעפּלען, צערוקן. דער פּרעפֿיקס צ ע ־ דינט אויף פֿונאַנדערצוטיילן אויף שטיקלעך, אויף ברעקלעך, ווי אין די ווערבן: צעברעכן, צעברעקלען, צעגלידערן, צעדריבלען, צעהאַקן, צעזעגן, צעמאָלן, צעפּליקן, צעקלאַפּן, צערײַסן.

דער פּרעפֿיקס צ ע ־ האָט אַ בפֿירושע נטיה צו דעם זיך. מיר זעען עס אין די ווערבן: צעהרגענען זיך, צעוואַקסן זיך, צעוויינען זיך, צעווערטלען זיך, צעזינגען זיך, צעלויפֿן זיך, צעפֿאָרן זיך, צעפּלאָקערן זיך, צעקאָכן זיך, צעקושן זיך, צעקריכן זיך, צערעכענען זיך. צע־ העלפֿט אויך פֿון אומטראַנזיטיווע ווערבן שאַפֿן טראַנזיטיווע, למשל: צעטומלען, צעטרייסלען, צערודערן, צעבלוטיקן, צעווייטיקן. פֿון די נעאָלאָגיזמען מיט צע־: צעלעפֿלען, צעגאָפּלען, צעפּלעשלען, צעהכשרן, צעשטיינדלען, צעצונטערן זיך, צעשורשן זיך, צעהללוען זיך, צעגוססן זיך, צעהתלהבֿותן זיך.

## יב. די קאָנווערבן

1\. די קאָנווערבן שטאַמען כּמעט אַלע אָפּ פֿון פּרעפּאָזיציעס אָדער פֿון אַדווערבן. ווען זיי בינדן זיך צונויף מיט אַ ווערבאַלן שטאַם, שאַפֿן זיי נײַע ווערבן אין די טויזנטער. די קאָנווערבן קומען אינאיינעם מיטן אינפֿיניטיוו, מיטן גערונדיוו און מיטן פּאַרטיציפּ, אָבער אָפּגעטיילט און נאָכן שטאַם אין דער איצטיקער צײַט און אין אימפּעראַטיוו. יעדער קאָנווערב גיט צו זײַן באַטײַט אָדער זײַנע באַטײַטן. דער קאָנווערב האָט שטענדיק אויף זיך דעם אַקצענט. כּמעט יעדער קאָנווערב איז אַן אַקטיווער וואָרטשאַפֿערישער עלעמענט.

צוויי דוגמאָות: פֿון אויס און זאָגן ווערט אַ נײַער ווערב אויסזאָגן, און אין אינפֿיניטיוו איז דער אויס פֿאַרבונדן מיט זאָגן, בכן אויך אין דער קומעדיקער צײַט און אין אַלע אַנדערע ווערבאַלע פֿאָרמען וואָס ווערן געשאַפֿן מיטן אינפֿיניטיוו; דער אויס איז אויך פֿאַרבונדן מיטן ווערבאַלן שטאַם אין פּאַרטיציפּ — אויסגעזאָגט, בכן אויך אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט און אין יענע ווערבאַל׳ע פֿאָרמען וואָס האָבן אין זיך דעם פּאַרטיציפּ; דער גערונדיוו — אויסזאָגנדיק. אָבער אין דער איצטיקער צײַט קומט דער קאָנווערב אויס נאָכן ווערבאַלן שטאַם, אָפּגעטיילט, אָפּגעזונדערט פֿון שטאַם, און דער קאָנווערב ווערט אַ באַזונדערער סדר־איינס, צווישן שטאַם און קאָנווערב קענען אַרײַנקומען אויך אַנדערע ווערטער: „איך זאָג אויס“, „דו זאָגסט מיר ניט אויס“, „ער זאָגט אַלעמען אויס דעם סוד“. אַזוי איז אויך אין אימפּעראַטיוו: „זאָג מיר אויס“, „זאָגט אונדז אויס“. דער ווערב צונעמען

האָט דעם קאָנווערב צו און עס באַקומט זיך: „איך נעם צו, דו נעמסט צו...", „נעם ניט צו!" „איך האָב צוגענומען".

זיך מערקן אַז עס קען זײַן אויספֿאַרריכטן, אונטערבאַוואָפֿענען, אײַנ־דערקוטשען — דאָס הייסט אַז דער קאָנווערב קען קומען פֿאַר אַ ווערבאַלן פּרעפֿיקס. עס קען ניט זײַן 'צוזאַמענאויסטראָגן', 'מיטצוזאָגן' — ווײַל צוויי קאָנווערבן קענען ניט זיך צונויפֿטרעפֿן. עס קען בלויז זײַן: אויסטראָגן צוזאַמען, צוזאָגן מיט (אַן ערנוואָרט).

א. זאַרעצקי האָט אין זײַן פּראַקטישע גראַמאַטיק, מאָסקווע 1927, גערופֿן דעם קאָנווערב ווערבאַלער צוגאָב.

2. די קאָנווערבן אַהין און אַהער ווײַזן אויף דער ריכטונג, למשל: אַהינלויפֿן און אַהערלויפֿן, אַהינוואַרפֿן און אַהערוואַרפֿן.

3. דער קאָנווערב אַוועק ווײַזט אויף אַ ריכטונג אין אַן אַנדער זײַט און אויף דערווײַטערן זיך (אַוועקקערן, אַוועקשאַרן, אַוועקפֿאָרן, אַוועקשטראָמען), אויף אָפּטיילן, אויף באַזײַטיקן (אַוועקהאַקן, אַוועקוואַשן), אויף דורכפֿירן אַן אַרבעט ביזן סוף (אַוועקהרגענען, אַוועקקויפֿן), אויף טאָן אַ לענגערע צײַט (אַוועקאַרבעטן, אַוועקדינען). דער אַ וו ע ק האָט נאָך אַנדערע צוגאָב־באַטײַטן וואָס טרעפֿן זיך זעלטענער (אַוועקזעצן, אַוועקלאָזן, אַוועקלייגן, אַוועקמאַכן, אַוועקנעמען, אַוועקפֿאַלן).

4. דער קאָנווערב אויס געהערט צו די אָפֿטסטע קאָנווערבן וואָס שאַפֿן טויזנטער ווערבן. אויס גיט צו פֿאַרשיידענע באַטײַטן, די אָפֿטסטע זײַנען: דורכפֿירן אַן אַרבעט ביזן סוף (אויסבאַקן, אויסוואַשן, אויסגנבֿענען); טאָן אומגעריכט, פּלוצעם (אויסדונערן, אויסשרײַען); אַרויסברענגען פֿון אַ פֿריִערדיקן צושטאַנד (אויסוואָרצלען, אויסגרינען זיך); פֿאַרניצן דעם גאַנצן מאַטעריאַל (אויסברענגען דאָס האָלץ, אויסנייען אַלע פֿעדעם); איז גלײַכווערטיק מיט אַרויס (אויסאָטעמען, אויסגיסן). ווען דער ווערב קומט מיט זיך, ווײַזט דער קאָנווערב אַז אַ טואונג ציט זיך אַ לענגערע צײַט איידער עס הערט אויף (אויסוויינען זיך, אויסטענהן זיך). א ו י ס קען אויך אײַנגאַנצן בײַטן דעם באַטײַט פֿון ווערב, ווי: אויסקומען לגבי קומען, אויסלייען לגבי לייען, אויסגיין לגבי גיין, אויסשטיין לגבי שטיין.

אַ סך פֿאַרשיידענע באַטײַטן האָבן די ווערבן: אויסאַרבעטן (זיך), אויסבײַטן, אויסגיין, אויסגלײַכן, אויסגעבן, אויסדרייען (זיך), אויסהאַלטן, אויסזען, אויסזעצן, אויסכאַפּן, אויסלאָזן (זיך), אויסלייגן, אויסלייזן, אויסמאַכן, אויסנעמען, אויספֿירן, אויסציִען, אויסקומען, אויסרעדן, אויסרײַסן (זיך), אויסריכטן, אויסשטיין, אויסשטעלן (זיך), אויסשלאָגן, אויסשרײַבן (זיך).

5. דער קאָנווערב אויף שאַפֿט אַ היפּשע צאָל ווערבן, אָבער אַ סך ווייניקער ווי אויס. אויף גיט צו פֿאַרשיידענע באַטײַטן. די אָפֿטסטע זײַנען: דורכפֿירן אַן אַרבעט ביז דער נייטיקער מדרגה (אויפֿבאַקן, אויפֿהאָדעווען); טאָן אומגעריכט, מיטאַמאָל (אויפֿבליצן, אויפֿצאַפּלען); איז גלײַכווערטיק מיט אַרויף (אויפֿבויען, אויפֿזעצן); איז גלײַכווערטיק מיט צונויף, צוזאַמען

(אויפקלײַבן, אויפטרײַבן); איז ענלעך אין באַטײַט צו צע־ און פונאַנדער (אויפטרייסלען, אויפרייצן); ווײַזט אַז עס איז פון אויבן אָדער אויבנאויפיק (אויפגיסן לגבי אויסגיסן, אויפווײַסן לגבי אויסווײַסן); ווײַזט אויף עפענען, אָפּדעקן, באַפרײַען פון אַ באַגרענעצונג (אויפהאַקן, אויפריגלען, אויפשליסן). אויף קען אויך אינגאַנצן בײַטן דעם באַטײַט פון ווערב, ווי: אויפכאַפּן לגבי כאַפּן, אויפברענגען לגבי ברענגען, אויפלייזן לגבי לייזן, אויפדעקן לגבי דעקן.

אַ סך פאַרשיידענע באַטײַטן האָבן די ווערבן: אויפברענגען, אויפגיין, אויפגעבן, אויפהאַלטן (זיך), אויפהייבן (זיך), אויפוואַרפן, אויפוועקן (זיך), אויפזעצן (זיך), אויפטאָן, אויפכאַפּן (זיך), אויפלייגן (זיך), אויפלעבן, אויפמאַכן (זיך), אויפנעמען (זיך), אויפעסן (זיך), אויפפירן (זיך), אויפציִען (זיך), אויפקומען (זיך), אויפרופן (זיך), אויפרײַסן (זיך), אויפריכטן (זיך), אויפשטיין, אויפשטעלן (זיך), אויפשלאָגן (זיך), אויפשרײַבן. דער אויף קען אויך האָבן צוויי אַקעגנדיקע באַטײַטן מיט דעם זעלביקן ווערב: אויפבינדן באַטײַט אי צונויפבינדן אי אָפּבינדן, אויפפלאָנטערן באַטײַט אי פאַרפלאָנטערן אי מאַכן אויס פלאָנטער.

6. דער קאָנווערב אום איז געווען אַ סך אָפטער אין עלטערן לשון ווי ער טרעפט זיך אין אונדזער הײַנטצײַטיקער שפּראַך. ער באַטײַט דאָס זעלביקע וואָס אַרום וואָס האָט אים פאַרביטן: אַנשטאָט אומבינדן ניצט מען אַרומבינדן, אַנשטאָט אומלויפן — אַרומלויפן, אַנשטאָט אומפאָרן — אַרומפאָרן, אַנשטאָט אומקוקן זיך — אַרומקוקן זיך. אום באַטײַט אויך: טאָן אַ לענגערע צײַט אָדער פון צײַט צו צײַט, ווי אויך אין פאַרשיידענע ערטער (אומוואַנדערן, אומזוכן, אומטראָגן, אומפירן); איז גלײַכווערטיק מיטן קאָנווערב איבער און באַטײַט ווידער, פונדאָסנײַ, אויף אַ נײַעם אופן (אומאַרבעטן, אומבויען, אומבינדן); איז ענלעך צו די קאָנווערבן אײַן און אַנידער און ווײַזט אַז די טואונג איז דורכגעפירט ביזן סוף (אומוואַלגערן, אומפאַלן, אומוואַרפן). דער קאָנווערב אום קען אויך אינגאַנצן בײַטן דעם באַטײַט פון ווערבאַלן שטאַם און דערבײַ אויך האָבן דעם באַטײַט פון דעם פּרעפיקס אומ־ פון אַדיעקטיוון און פון סובסטאַנטיוון (אומפּראַקטיש, אומאָפּהענגיק, אוממאמת). דאָס זעט מען אין די ווערבן: אומברענגען, אומקומען, אומקערן. עס האָבן פאַרשיידענע באַטײַטן די ווערבן: אומגיין, אומדרייען (זיך), אומלויפן, אומקוקן (זיך), אומקערן (זיך).

7. דער קאָנווערב אונטער ברענגט ראשית־כל אַרײַן דעם באַטײַט פון דער פּרעפּאָזיציע אונטער, ווײַזט אויף אַ טואונג וואָס איז שייך צום אונטערשטן טייל פון אַ זאַך (אונטערבייגן, אונטערהייצן, אונטערנייען, אונטערשאָבן, אונטערשטופן). חוץ־לזה ווײַזט דער קאָנווערב אויף אַ טואונג וואָס ווערט דורכגעפירט פון צײַט צו צײַט, מיט איבעררײַסן (אונטעראַרבעטן, אונטערהונגערן, אונטערהוסטן); אויף אַ טואונג וואָס ווערט דורכגעפירט כסדר, אָבער ניט אין אַ גרויסער מאָס (אונטערטרײַבן, אונטער־

שטופּן, אונטערשטיפּן); אויף דעם אַז מע דאַרף נאָך אַ ביסל טאָן כּדי צו פֿאַרענדיקן (אונטערבאָרגן, אונטערבראָטן, אונטערפֿאַרבן).

שוין בײַ די לעצטע צוויי באַטײַטן פֿון קאָנווערב אונטער איז דאָ די השפּעה פֿון דעם סלאַווישן קאָמפּאָנענט און גאָר בולט טרעט אָט די השפּעה אַרויס בײַם באַטײַט: לעבן, האַרט בײַ, נאָענט, ווי אין די ווערבן: אונטערגיין נאָענט, אונטערלויפֿן, אונטערשטעלן און ענלעכע, אויך בײַם באַטײַט פֿון קאָנווערב צו, ווי אין די ווערבן: אונטערראַמען, אונטערשאַרן, אונטערבאַמקען, אונטערזיגלען און ענלעכע. האָט זיך געשאַפֿן אַ גאַנצע גרופּע ווערבן מיט אונטער וואָס האָבן צוויי פֿאַרשיידענע באַטײַטן, למשל: אונטערגיין — אומקומען און צוקומען נאָענט; אונטערלייגן — לייגן עפּעס פֿון אונטן און צוגעבן, מוסיף זײַן; אונטערקומען — האָבן אַן אָרט וואו צו זײַן און צוגיין אומבאַמערקט; אונטערלאָזן — מותּר זײַן און אַראָפּלאָזן; אונטערנעמען — נעמען אויף זיך דורכצופֿירן און אָננעמען פֿון אונטן.

עס האָבן פֿאַרשיידענע באַטײַטן די ווערבן: אונטערגיין, אונטערהאַלטן, אונטערהייבן, אונטערוואַרפֿן, אונטערטראָגן, אונטערכאַפּן, אונטערלייגן (זיך), אונטערפֿאָרן, אונטערפֿירן, אונטערקומען, אונטעררוקן (זיך), אונטערשטעלן (זיך), אונטערשלאָגן, אונטערשפּאַרן, אונטערשפּרינגען.

עס זײַנען געוועזן אַ צאָל ווערבן אין אַרכאַאישן לשון, אין מערבֿ־ייִדיש און איצט ווערן זיי אויפֿגענומען ווי דײַטשמעריזמען, וואו אונטער איז ניט קיין קאָנווערב, נאָר אַ ווערבאַלער פּרעפֿיקס וואָס טיילט זיך אין קיין שום פֿאָרעם ניט אָפּ פֿונעם שטאָם. זיי אַלע דאַרפֿן ניט אַרײַנגענומען ווערן אין דער כּלל־שפּראַך. דאָך האָבן די ווײַטערדיקע פֿיר ווערבן זיך אַזוי אײַנגעפֿעסטיקט אַז עס איז ניט מעגלעך זיי צו פּסלען. די ווערבן זײַנען: אונטערהאַ׳לטן — אַמוזירן, פֿאַרווײַלן; אונטערהאַ׳נדלען — קאָמוניקירן וועגן דורכקומען מכּות עפּעס; אונטערזו׳כן — באַטראַכטן, אויסהערן פֿון אַ דאָקטער, אַנאַליזירן, רעווידירן; אונטערשטיי׳ן זיך — זיך דערוועגן עפּעס צו טאָן, זיך אונטערנעמען.

8. דער קאָנווערב איבער ווײַזט ראשית־כּל אַז די טואונג ווערט דורכגעפֿירט נאָכאַמאָל אָדער פֿונדאָסנײַ, אָדער אַ סך מאָל (איבערוואַשן, איבערציילן, איבערמאַכן, איבערקרעכצן). איבער האָט אויך אַן אָרט־באַטײַט, אַזוי ווי אַריבער (איבערזעצן, איבערלייגן, איבערפֿליִען) און אַ צײַט־באַטײַט (איבערנעכטיקן, איבערזומערן). חוץ־לזה ווײַזט דער איבער אַז די טואונג איז מער ווי מע דאַרף, איבער דער מאָס (איבערזאַלצן, איבערעסן זיך) אָדער אויף אַ טואונג וואָס איז מער ווי בײַ אַן אַנדערן (איבעריאָגן, איבערקליגן, איבערשרײַען). דער זעלביקער קאָנווערב ווײַזט אויפֿן פֿאַרענדיקן (איבערברעכן, איבערלייענען, איבערשפּאַלטן) און אויף דורכלעבן עפּעס און אויפֿהערן (איבערגיין, איבערוויינען זיך, איבערלײַדן, איבערקרענקען).

איבער גיט צו אַ נײַעם באַטײַט דעם ווערב. דוגמאות: איבערהייבן זיך — זיך איבערנעמען, אי׳בערזעצן — אויף אַן אַנדער לשון, איבער־טראָגן — סובֿל זײַן, איבערטרײַבן — מגזם זײַן, איבערכאַפּן — עסן אַ ביסל און גיך, איבערלייגן זיך — זיך באַטראַכטן, איבערענטפֿערן — אָנפֿאַר־

טרויען, איבערפירן — קאַליע מאַכן, איבערקומען — אַרויסקומען בשלום פון אַ שווערן מצבֿ, איבערקערן — חרובֿ מאַכן, איבעררעדן — פאַרפירן, איבעררעכענען זיך — זיך מיישבֿ זײַן, איבערשטיין — פאַרטראָגן, איבער־טראָגן לײַדן, איבערשרײַבן — קאָנפיסקירן אַ פאַרמעגן.

עס האָבן פאַרשיידענע באַטײַטן די ווערבן: איבעראַרבעטן, איבער־בײַטן (זיך), איבערבלײַבן, איבערגיין, איבערגעבן (זיך), איבערדרייען (זיך), איבערוואַרפן (זיך), איבערוועגן, איבערזאָגן, איבערזעצן, איבערטראָגן (זיך), איבערכאַפן (זיך), איבערלאָזן, איבערלויפן, איבערלייגן, איבערמאַכן (זיך), איבערנעמען (זיך), איבערפאָרן, איבערפירן, איבערציִען, איבערקומען, אי־בערקערן (זיך), איבעררעדן, איבעררײַסן (זיך), איבערשטעלן, איבערשלאָגן.

אויך איבער איז אַ פּרעפיקס בײַ אַ צאָל ווערבן, אַזוי ווי אונטער. אויך זיי דאַרפן ניט אַרײַנגענומען ווערן אין דער כּלל־שפּראַך. בלויז צוויי ווערבן זײַנען דאָ יוצאים־מן־הכּלל: איבערצײַ׳גן וואָס בלײַבט פּאַראַלעל צו אי׳בערצײַגן און איבעררא׳שן וואָס האָט די פאַרהאַנט לגבי אי׳בערראַשן.

9. ניטאָ קיין פּרעפּאָזיציע 'אײַן' און ניטאָ קיין אַדווערב 'אײַן'. אײַן איז בלויז אַ קאָנווערב וואָס גיט צו פאַרשיידענע באַטײַטן דעם שטאַם פון ווערב. ראשית־כּל האָט אײַן אַן אָרט־באַטײַט: אַרײַן אין עפּעס אָדער אין דער ריכטונג צום אינעווייניק (אײַנבויען, אײַנפּאַקן, אײַנשרײַבן, אײַנקלאַ־מערן, אײַנשפּײַכלערן). דער קאָנווערב האָט אויך אַ צײַט־באַטײַט, אָנווײַז־דיק פון איין זײַט אויפן אָנהייב פון אַ טואונג און פון דער צווייטער זײַט אַז די טואונג ווערט דורכגעפירט ביזן סוף (אײַנהייצן, אײַנזאַלצן, אײַנ־דרימלען, אײַנמאָנען, אײַנהיטן, אײַנוואָרפן). אײַן ווײַזט אַז דער רעזולטאַט פון דער טואונג באַפרידיקט דעם טוער (אײַנגעפינען, אײַנרעדן, אײַנלערנען, אײַנזינגען). אין אַ צאָל ווערבן קומט אויס אַז די טואונג איז דורכגעפירט בלויז צום טייל (אײַנשנײַדן, אײַנווײַסן). אײַן איז אויך ענלעך אין באַטײַט צום קאָנווערב צונויף (אײַנזאַמלען, אײַנוועבן) און צום קאָנווערב אַרום (אײַנוויקלען, אײַנדעקן).

אײַן קען מיטברענגען מיט זיך אינגאַנצן אַ נײַעם באַטײַט לגבי דעם עיקרדיקן באַטײַט פון שטאַם. דוגמאות: אײַנריכטן — אײַנבלאָטיקן; אײַנ־האַלטן — אויך: בטל מאַכן; אײַנמאַכן — אײַנשמירן; אײַננעמען — אויך: קאָנטראָלירן, דיסציפּלינירן; אײַנקומען — אויך אײַנדאַרן; אײַנברענגען — אײַנשפּאָרן; אײַנטראָגן — אויך: פאַרשרײַבן, פאַרנאָטירן; אײַנשטיין אויך: וואוינען, לעבן בײַ עמעצן; אײַנגיין — אויך: אײַנדאַרן, שטאַרבן. די ווערבן אין קורסיוו האָבן אַ צאָל באַטײַטן, אַזוי אויך די ווערבן: אײַנבײַסן (זיך), אײַנברעכן (זיך), אײַנגעבן, אײַנגראָבן (זיך), אײַנדרייען (זיך), אײַנוואָרפן, אײַנזאַלצן, אײַנזעען, אײַנזעצן (זיך), אײַנטאָן, אײַנלאָזן (זיך), אײַנלייגן, אײַנ־פאַלן, אײַנפירן, אײַנציִען, אײַנרעדן, אײַנרײַסן, אײַנשטעלן (זיך), אײַנשלאָגן, אײַנשלינגען, אײַנשליסן.

זעען מיר אַז דער קאָנווערב אײַן איז אַן אויפטוערישער, אַ שעפע־רישער קאָנווערב. ווען ער איז אויך אַ שותּף מיט זיך, גיט ער צו גאָר אַן

אַנדער באַטײַט. אַזוי האָבן מיר: אײַנלעבן זיך, אײַנעסן זיך, אײַנבילדן זיך, אײַנטרויען זיך, אײַנעקשנען זיך און אַנדערע.

10. דער קאָנווערב אָן האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער פּרעפּאָזיציע אָן וואָס ווײַזט אַז עס איז ניטאָ, אַז עס פֿעלט (אָן געלט), און האָט נאָר אַ טיילווײַזע פֿאַרבינדונג מיט דער פּרעפּאָזיציע אָן וואָס האָט אַן אָרט־באַטײַט (אָן דער וואַנט). דער קאָנווערב האָט אויך אַן אָרט־באַטײַט, ווען ער ווײַזט אויף אַן אָנריר פֿון עפּעס אויף עפּעס (אָנבינדן, אָנהאַלטן, אָנפּעסטיקן) אָדער ווײַזט אַז איינס קומט אויף דאָס אַנדערע (אָנבויען, אָנלאָדן, אָנקלייען). אָבער אפֿשר איז אָפֿטער דער צײַט־באַטײַט וואָס דער קאָנווערב אָן ברענגט אַרײַן: ער ווײַזט אויפֿן פֿאַרענדיקן, אויף אינגאַנצן דורכפֿירן (אָנזייגן, אָנ־צייכענען, אָנשאַרפֿן), אָדער גאָר פֿאַרקערט אַז די טוּונג הייבט זיך ערשט אָן, אַז די אַרבעט איז דורכגעפֿירט בלויז אַ ביסל (אָנבייגן, אָנוואַשן, אָנ־שמירן). עס איז כאַראַקטעריסטיש דער באַטײַט: אַ גרעסערע צאָל, אַפֿילו מער ווי מע דאַרף (אָנבאַקן, אָנטראָגן, אָנווינטשן).

ווי אײַן, קען אויך אָן מיטברענגען מיט זיך אינגאַנצן אַ נײַעם באַטײַט לגבי דעם עיקרדיקן באַטײַט פֿון שטאַם. דוגמאָות: אָנגיין — אײַנגעבן זיך; אָנגעבן — מעלדן; אָנהייבן — נעמען פֿון אַ גאַנצער זאַך, פֿון אַ פֿולן סכום; אָנזעצן — באַנקראָטירן; אָנטאָן — גורם זײַן; אָנמאַכן — פֿאַרברודיקן; אָנ־פֿאַלן — זיך צוכאַפּן צו עפּעס; אָנפּײַפֿן — אָפּנאַרן; אָנצינען — אויפֿוועקן נײַגער; אָנקומען אויך: צו עמעצן נאָך הילף; אָנשטיין — זײַן פּאַסיק. די ווערבן אין קורסיוו האָבן אַ צאָל באַטײַטן, אַזוי אויך די ווערבן: אָנבלאָזן (זיך), אָנגרייטן (זיך), אָנדרייען, אָנהאַלטן (זיך), אָנהענגען (זיך), אָנוואַרפֿן (זיך), אָנווײַזן, אָנווערן, אָנזאָגן (זיך), אָנזען (זיך), אָנטאַפּן, אָנטראָגן, אָנ־טרײַבן, אָנטרעטן, אָנכאַפּן (זיך), אָנליגן (זיך), אָננעמען (זיך), אָנקוקן, אָנ־קלאַפּן, אָנרוקן (זיך), אָנרירן (זיך), אָנשטויסן (זיך), אָנשטעלן (זיך), אָנ־שלאָגן (זיך), אָנשפּאַרן.

דער קאָנווערב אָן איז נאָך מער אויפֿטועריש און ניט ווינציקער פֿאַר־שפּרייט ווי אײַן. אויך אין דער שותּפֿות מיט זיך קען ער קריגן פֿאַרן ווערב אַן אַנדער באַטײַט (אָנבלאָזן זיך, אָנצאַצקען זיך, אָנשלאָגן זיך) און קען קומען מיט אַ ווערב וואָס איז אָן זיך בכלל ניט בנמצא (אָנשלאָפֿן זיך).

11. דער קאָנווערב אַנטקעגן, דאָס זעלביקע וואָס אַקעגן און קעגן, גיט צו די באַטײַטן פֿון דער פּרעפּאָזיציע אַנטקעגן און פֿון דעם אַדווערב אַנטקעגן. עס איז דאָ סך־הכּל אַ גאָר דינער אונטערשייד אין באַטײַט צווישן אַדווערב און קאָנווערב: אין לויפֿן אַנטקעגן ווערט די ריכטונג אָנגעוויזן בולטער ווי אין אַנטקעגנלויפֿן. פֿון דער צווייטער זײַט אָבער איז אין אַד־ווערב פֿאַראַן בלויז דער אָנווײַז אויף דער ריכטונג און אין דעם קאָנווערב קענען צוקומען אָנצוהערענישן, בײַבאַטײַטן וועגן דעם אופֿן ווי די טוּונג פֿון ווערב ווערט דורכגעפֿירט. אַזוי איז נאַטירלעך: אַנטקעגנלויפֿן מיט אַ חניפֿה־שמייכעלע.

כאַראַקטעריסטישע ווערבן מיט דעם קאָנווערב: אַנטקעגנאַרבעטן, אַנט־קעגנבריגנען, אַנטקעגנגיין, אַנטקעגנווירקן, אַנטקעגנטראָגן, אַנטקעגנטרעטן, אַנטקעגנלאַכן, אַנטקעגנלייגן, אַנטקעגנפֿאָרן, אַנטקעגנקומען, אַנטקעגנשטעלן.

12. דער קאָנווערב אַנידער גיט צו דעם באַטײַט פֿון אַראָפּ, אין דער נידער, צו דער נידער, אויך דעם באַטײַט פֿון אַוועק. די וויכטיקסטע ווערבן: אַנידערוואַרפֿן, אַנידערזעצן, אַנידערלייגן, אַנידערפֿאַלן, אַנידערשטעלן. די צאָל ווערבן מיט אָט דעם קאָנווערב איז אַ באַגרענעצטע.

13. דער קאָנווערב אָפּ (בלויז אַ קאָנווערב!) איז פֿון די אַקטיווסטע, פֿון די אָפּטסטע קאָנווערבן און ער גיט צו פֿאַרשיידענע באַטײַטן דעם שטאַם פֿון ווערב. אויך בײַ דעם זעלביקן ווערב קען אָפּ צוגעבן פֿאַרשיידענע באַ־טײַטן. די וויכטיקסטע באַטײַטן זײַנען:

א) ביזן סוף פֿאַרענדיקן אַ טואונג, למשל: אָפּבאַקן, אָפּזינגען, אָפּ־מאָלן, אָפּשנײַדן;

ב) אויפֿהערן עפּעס צו טאָן, למשל: אָפּאַרבעטן, אָפּהאַנדלען, אָפּהילכן, אָפּטאַנצן, אָפּמאַכן;

ג) טאָן עפּעס ביז ווי געהעריק, אויף גיך, יוצא צו זײַן, למשל: אָפּ־דאַוונען, אָפּזאָגן, אָפּמאָלן, אָפּמשפּטן, אָפּפּלעטן;

ד) טאָן עפּעס אַ לענגערע צײַט, למשל: אָפּהאָרעווען, אָפּהוסטן, אָפּ־חושכן, אָפּטומלען, אָפּקרענקען;

ה) פֿאַרשטאַרקט, מאַכט עמפֿאַטישער דעם באַטײַט פֿון שטאַם, למשל: אָפּלייקענען, אָפּלערנען, אָפּפּאַטשקען, אָפּקויפֿן, אָפּשוויצן;

ו) ווײַזט אַז אַ טייל פֿון אַ טואונג איז דורכגעפֿירט געוואָרן (און דאָס איז גענוג), למשל: אָפּגיין, אָפּגיסן, אָפּזופּן, אָפּקײַען, אָפּריבען;

ז) גיט איבער דעם באַטײַט פֿונדאַסנײַ, ווידער, צוריק, למשל: אָפּ־בויען, אָפּבייגן, אָפּברענגען, אָפּוואַקסן, אָפּמאַכן;

ח) איז כּמעט גלײַכבאַטײַטיק מיט אַוועק אָדער אַרויס און ווײַזט אויף אַ בײַט אין דער ריכטונג, למשל: אָפּוואַרפֿן, אָפּטרײַבן, אָפּפֿאָרן, אָפּקײַקלען, אָפּשלעפּן;

ט) איז גלײַכבאַטײַטיק מיט אַראָפּ, למשל: אָפּבלאָזן, אָפּהייבן, אָפּלאָדן, אָפּנעמען, אָפּרעכענען;

י) קען בײַטן דעם באַטײַט פֿון שטאַם, למשל: אָפּהאַלטן, אָפּזעצן, אָפּ־רעכענען זיך, אָפּשפּאַנען, אָפּשפּיגלען.

אַ גרויסע צאָל ווערבן מיט אָפּ האָבן פֿאַרשיידענע באַטײַטן: אָפּאָטע־מען, אָפּאַרבעטן, אָפּבינדן (זיך), אָפּברעכן, אָפּגיין, אָפּגעבן (זיך), אָפּדאַנקען, אָפּדרייען, אָפּהאַלטן (זיך), אָפּהאַקן, אָפּהיטן, אָפּהייבן, אָפּוואַרטן, אָפּוואַרפֿן, אָפּווענדן (זיך), אָפּזאָגן (זיך), אָפּזעצן, אָפּטאָן (זיך), אָפּטיילן, אָפּטראָגן, אָפּ־טרעטן, אָפּכאַפּן, אָפּלאָזן, אָפּלויפֿן, אָפּלייגן (זיך), אָפּמאַכן, אָפּנעמען, אָפּ־

פֿאַלן, אָפּפֿירן, אָפּצאָלן, אָפּציִען, אָפּקומען, אָפּקלאַפּן, אָפּקערן, אָפּרופֿן (זיך), אָפּרײַסן (זיך), אָפּריכטן, אָפּרעדן, אָפּשאַצן, אָפּשטיין, אָפּשטעלן (זיך), אָפּ־שלאָגן, אָפּשנײַדן, אָפּשפּאַרן.

14. דער קאָנווערב אַפֿע׳ר און זײַן פּאַראַלעל אָפֿי׳ר האָט מען מיט דורות פֿריִער געניצט אַ סך אָפֿטער ווי אין דער הײַנטצײַטיקער שפּראַך. דער עיקר־באַטײַט איז נאָר איינער: פֿון אונטן אַרויף, פֿון הינטער פֿאָרויס. כאַראַקטעריסטישע ווערבן: אַפֿערברענגען, אַפֿערגעבן, אַפֿערהייבן, אַפֿער־וואַרפֿן, אַפֿערזעצן, אַפֿערטראָגן, אַפֿעריאָגן, אַפֿערלייגן, אַפֿערנעמען (זיך), אַפֿערציִען, אַפֿערקומען, אַפֿערקוקן, אַפֿעררופֿן, אַפֿערשטאַרצן, אַפֿערשטעלן (זיך), אַפֿערשיסן.

15. די זיבן קאָנווערבן אַראָ׳פּ, אַרוי׳ס, אַרוי׳ף, אַרו׳ם, אַרו׳נטער, אַרי׳בער, אַרײַ׳ן מיט אַר־ האָבן אַלע אַ קאָנקרעטן אָרט־באַטײַט און זיי גיבן איבער דעם זינען פֿון די שייכדיקע אַדווערבן. זיי שאַפֿן זייער אַ גרויסע צאָל ווערבן. יעדערער פֿון די זיבן קאָנווערבן גיט אויך צו פֿאַרשיידענע אַנדערשדיקע באַטײַטן: אַראָפּזעצן, אַראָפּלאָזן, אַראָפּשלינגען; אַרויסטרעטן, אַרויסכאַפּן (זיך), אַרויסלאָזן; אַרויפֿאַרבעטן (זיך), אַרויפֿלייגן, אַרויפֿשטעלן; אַרומדרייען (זיך), אַרומנעמען, אַרומקוקן (זיך); אַרונטערגיין, אַרונטערזעצן, אַרונטערפֿאַלן; אַריבערטראָגן, אַריבערכאַפּן (זיך), אַריבערשטײַגן; אַרײַנלייגן (זיך), אַרײַנמישן (זיך), אַרײַנפֿירן.

16. דער קאָנווערב בײַ האָט זייער אַ באַגרענעצטע פֿונקציע און קומט בלויז מיט עטלעכע ווערבאַלע שטאַמען. דער באַטײַט איז ענלעך צום באַ־טײַט פֿון די פּרעפּאָזיציעס בײַ, מיט, צוזאַמען, צו. ווערבן מיט בײַ: בײַ־וואוינען, בײַזײַן, בײַזיצן, בײַטראָגן, בײַלייגן, בײַקומען (גובֿר זײַן), בײַ־שטיין (דער זכות זאָל אים בײַשטיין), בײַשטײַערן.

17. דער קאָנווערב דורך (און די פּאַראַלעלע פֿאָרעם אַדורך) שאַפֿט אַ גרעסערע צאָל ווערבן. דער עיקר־באַטײַט פֿון קאָנווערב איז דער זעל־ביקער וואָס פֿון דער פּרעפּאָזיציע דורך. ראשית־כּל קומט דורך מיט די שטאַמען וואָס באַטײַטן אַ באַוועגונג: דורכבראָדיען, דורכגיין, דורכפֿליִען, דורכרײַטן. דערנאָך קומט דער באַטײַט פֿון דורך און דורך: דורכבויערן, דורכהאַקן, דורכלעכלען, דורכשטראַלן. דער דורך האָט צו טאָן מיט גיסיקע און שיטיקע שטאָפֿן: דורכזײַען, דורכזיפּן, דורכמישן, דורכרינען. ווײַטער ווײַזט דער קאָנווערב אַז די טואונג ווערט דורכגעפֿירט ביזן סוף: דורכ־בלעטערן, דורכווייקן, דורכטראַכטן, דורכקוקן. עס זײַנען דאָ קעגנזײַטיקע (רעציפּראָקאַלע) ווערבן: דורכווערטלען זיך, דורכקריגן זיך, דורכשמועסן זיך, דורכשרײַבן זיך.

עס טרעפֿט אויך אַז דורך גיט צו דעם ווערב אַן אַנדער באַטײַט לגבי זײַן שטאַם: דורכגנבֿענען זיך — אומבאַמערקט דורכגיין; דורכהאַלטן — בײַקומען; דורכטרײַבן — פֿאַריאָגן; דורכלאָזן — מוחל זײַן, מוותּר זײַן; דורכמאַכן — איבערלעבן; דורכנעמען — קריטיקירן; דורכפֿירן — אָפּע־

רירן, אַדמיניסטרירן; דורכקומען — אײַנגיין אויף אַ פּשרה; דורכרײַבן זיך — ווערן געניט; דורכשלאָגן זיך — האָבן חיונה.

18. דער קאָנווערב מיט ברענגט מיט דעם באַטײַט פֿון דער פּרעפּאָזיציע מיט און פֿון די אַדווערבן צוזאַמען, אינאיינעם. פֿון די אַן ערך דרײַצענדליגע ווערבן וואָס האָבן אָט דעם קאָנווערב אַ צענדליגע דוגמאָות: מיטאַרבעטן, מיטבאַטייליקן זיך, מיטהעלפֿן, מיטירשען, מיטלײַדן, מיטנעמען, מיטעסן, מיטפּילן, מיטקעמפֿן, מיטשיקן.

19. דער קאָנווערב נאָך ווײַזט אויף אַ באַוועגונג פֿון הינטן (נאָכלויפֿן, נאָכיאָגן, נאָכפֿליִען, נאָכקלעטערן, נאָכשפּרינגען); אויף אַ קלאַנג הינטער דעם זעלביקן מין קלאַנג (נאָכבילן, נאָכברומען, נאָכמעקען, נאָכפֿײַפֿן, נאָכשרײַען); בכלל אויף טאָן עפּעס הינטער עמעצן (נאָכוואַרפֿן, נאָכטראָגן, נאָכפֿירן, נאָכקוקן, נאָכשלעפּן). דאָ איז נייטיק ספּעציעל אַרויסצוהייבן די ווערבן וואָס באַצייכענען אימיטירן (נאָכזינגען, נאָכפֿורעמען, נאָכקרימען, נאָכרעדן, נאָכשפּילן).

ווערבן מיט נאָך ווײַזן אַז די טואונג ווערט דורכגעפֿירט ביזן סוף (נאָכווישן, נאָכפּרווון, נאָכקומען, נאָכשיקן, נאָכשפּירן) און אַז זי ווערט דורכגעפֿירט גרינטלעך (נאָכהיילן, נאָכטראַכטן, נאָכפֿאָרשן, נאָכצאָלן). דער קאָנווערב באַטײַט אויך פֿונדאַסנײַ, נאָכאַמאָל (נאָכאַרבעטן, נאָכדערציילן, נאָכדרוקן, נאָכרעכענען, נאָכשרײַבן). אין תּוך האָט מען דאָ צו טאָן בלויז מיט ניואַנסן פֿון צוויי עיקר־באַטײַטן: הינטער און נאָכמאַכן, אָדער עס קען דערפֿירט ווערן צו איין גרונטיקן באַטײַט: הינטער אין אָרט און אין צײַט.

20. דער קאָנווערב פֿאַר האָט געמוזט אָפּטרעטן פֿאַר פֿאָרויס, אָפּער, פֿיר אָדער פֿאַר ווערבן מיט אַנדערע שטאַמען. אין דער כּלל־שפּראַך קענען בלײַבן בלויז די ווערבן: פֿאַרבאַשטימען, פֿאַרברענגען, פֿאָרגעבן (אַ טורעם), פֿאָרדאַטירן, פֿאַרהאַלטן, פֿאָרוואַרפֿן, פֿאָרזאָגן, פֿאָרזען, פֿאָרלייגן, פֿאָרלייענען, פֿאָרקומען, פֿאָרשטעלן, פֿאָרשלאָגן, פֿאָרשפּילן.

21. די קאָנווערבן פֿאַרבײַ און פֿאָרויס גיבן צו נאָר די באַטײַטן פֿון די אַדווערבן. ביידע האָבן אַן אָרט־באַטײַט (פֿאַרבײַגיין, פֿאַרבײַמאַרשירן, פֿאַרבײַפֿליִען, פֿאַרבײַקריכן, פֿאַרבײַשפּרינגען; פֿאָרויסגיין, פֿאָרויסמאַרשירן, פֿאָרויספֿליִען, פֿאָרויסקריכן, פֿאָרויסשפּרינגען). פֿאָרויס האָט אויך אַ צײַט־באַטײַט (פֿאָרויסבאַשטימען, פֿאָרויסזאָגן, פֿאָרויספּילן, פֿאָרויסקנסען, פֿאָרויסשאַצן).

22. דער קאָנווערב פֿונאַנדער האָט דעם באַטײַט פֿון פּרעפֿיקס צע־ (זען יאָ7), האָט ער אויך אַן אָרט־באַטײַט; אין דעם פֿאַל איז עס: פֿאַרנעמען מער אָרט. אַזוי איז עס בײַ די ווערבן: פֿונאַנדערבויען, פֿונאַנדערוויקלען, פֿונאַנדערזייען, פֿונאַנדערשטעלן. דער קאָנווערב באַגעגנט זיך אין באַטײַט אויך מיט דעם פּאָפּולערן אָפּ אין אַזעלכע ווערבן ווי: פֿונאַנדערבינדן, פֿונאַנדערגרענעצן, פֿונאַנדערקלײַבן, פֿונאַנדערשיידן. אין אַ צאָל ווערבן איז דער באַטײַט פֿון פֿונאַנדער כּמעט דער זעלביקער וואָס פֿון אויס: פֿונאַנ־

דעראַרבעטן, פֿונאַנדערלאָזן, פֿונאַנדערפּלאָנטערן, פֿונאַנדערשיפֿריירן. עס איז נייטיק זיך צו מערקן די כאַראַקטעריסטישע ווערבן מיט זיך פֿון דעם שניט: פֿונאַנדערגיין זיך, פֿונאַנדערלויפֿן זיך, פֿונאַנדערפֿרעגן זיך, פֿונאַנ־דערשרייַבן זיך.

23. דער קאָנוורערב פֿיר האָט גלייַכצייַטיק אי אַ פֿאָלקישן אי אַן אַר־כאַאישן בייַטעם. יאָ אָדער ניט ניצן אָט דעם קאָנוורערב איז אַן ענין פֿון סטיל. ער פֿאַרבייַט דעם פֿאָר (פּונקט 20) און באַטייַט געוויינטלעך דאָס זעלביקע וואָס אַנטקעגן (פּונקט 11) און אויך אַפֿיר און אַפֿער (פּונקט 14). עס האָבן זיך באַגעגנט (אין ליטעראַטור און אין רייד פֿון כמעט בלויז דרום־דיקע) ווערבן מיט פֿיר: פֿירברעטגען, פֿירגלאַנצן, פֿירגעבן, פֿירהאָבן, פֿיר־האַלטן, פֿירוואַרפֿן, פֿירווייַזן, פֿירזאָגן, פֿירזען, פֿירטאַנצן, פֿירטרייַבן, פֿיר־לאָזן, פֿירלויפֿן, פֿירהעלפֿן, פֿירלייגן, פֿירלייענען, פֿירנעמען (זיך), פֿירצאָלן, פֿירציִען, פֿירקומען, פֿירקריכן, פֿירריידן, פֿירשטיין, פֿירשנייַדן, פֿירשפּרעכן, פֿירשרייַבן.

24. וועגן דעם זייער אַקטיוון, אָפֿטן, ווערטער־שאַפֿערישן קאָנוורערב צו איז שוין געווען די רייד (יא7). איבער דער פֿאַרשפּרייטקייט פֿון דעם קאָנוורערב ווערן דאָ אָנגעוויזן די ווייַטערדיקע אונטערפּונקטן:

א) ראשית־כּל האָט צו אַן אָרט־באַטייַט און ווייַזט אויפֿן פֿאַרנעמען וויניקער אָרט, אויפֿן נעענטער מאַכן, נעענטער ווערן, למשל: צובֿרענגען, צוּוואַרפֿן, צוטוליען, צופֿאָרן, צופֿליִען;

בּ) האָט אַ צייַט־באַטייַט און ווייַזט אויפֿן פֿאַרנעמען וויניקער צייַט, למשל: צוגרייטן (זיך), צולויפֿן, צופֿאָלן, צוקלייַבן, צוריכטן;

ג) ווייַזט אויפֿן פֿאַרענדיקן, אַז די טואונג איז דורכגעפֿירט ביזן סוף, למשל: צוּווינקען, צוטראָגן, צולייענען, צוקוקן (זיך), צורופֿן;

ד) ווייַזט אויף אַ טייל פֿון אַ טואונג (וואָס געוויינטלעך איז עס גענוג), למשל: צובֿרוינען, צובֿרענען, צוטרינקען, צוצאָלן, צוריישן;

ה) ווייַזט אויפֿן צופּאַסן, אויפֿן אַרייַנפּאַסן, למשל: צובֿאָמקען, צוגלייַכן, צוקריגן, צושנייַדן, צושפּילן;

ו) קומט מיט ווערבן וואָס באַטייַטן פֿאַרמאַכן, פֿאַרשליסן, למשל: צודעקן, צודראָטעווען, צוקלאַפּן, צושטאָפּן, צושפּאַרן;

ז) קומט מיט ווערבן וואָס באַטייַטן אייַנפֿעסטיקן, למשל: צוטשעפּען, צונאָגלען, צוניט(עווע)ן, צוקוועטשן, צוקנעפּלען;

ח) האָט דעם באַטייַט פֿון קאָנוורערב אַוועק, למשל: צוגנבֿענען, צונעמען, צוענדיקן, צוראַבעווען;

ט) האָט אַ גרויסע צאָל ווערבן מיט פֿאַרשיידענע באַטייַטן, למשל: צובייַסן, צוגעוויינען, צודריקן, צוהאַלטן, צוהערן זיך, צוּווינטשן, צולאָזן, צועסן זיך, צופּסקענען, צופּראַווען, צופֿרישן, צוקילן זיך, צוקלערן, צוקלעפּן זיך, צוריכטן, צושאַנסן, צושטיין, צושטימען, צושפּאָרן, צושרייַבן (זיך).

כמעט אַלע דערמאָנטע ווערבן געהערן גלײַכצײַטיק צו מער ווי צו איין אונטערגרופּע.

25. די קאָנווערבן צוזאַמען און צונויף זײַנען אַ פּאָר. לויטן באַטײַט און לויטן באַנוץ זײַנען זיי גלײַך. אַ סך שפּעטער און אַ סך פֿאָלקישער איז דער צונויף און מיט אים קומען ווײַטער אַלע דוגמאות. דער באַטײַט פֿון די קאָנווערבן איז דער זעלביקער וואָס פֿון די אַדווערבן צחאַמען, אינאיינעם. צונויף איז בלויז אַ קאָנווערב.

אַ צענדלינג דוגמאות: צונויפֿברענגען, צונויפֿהעפֿטן, צונויפֿזוצן, צונויפֿ־לײַען, צונויפֿפּאַסן, צונויפֿפּירן, צונויפֿקלײַבן, צונויפֿרופֿן, צונויפֿשטוקעווען, צונויפֿשמעלצן. זיך מערקן די ווערבן מיט זיך פֿון דעם שניט: צונויפֿחבֿרן זיך, צונויפֿלעבן זיך, צונויפֿפּאָרן זיך, צונויפֿרעדן זיך, צונויפֿשטויסן זיך.

26. דער קאָנווערב צוריק האָט צוויי פּאַראַלעלע פֿאָלקישע פֿאָרמען קאַריק און קריק. זײַן באַטײַט איז פֿון די אַדווערבן צוריק, ווידער, פֿונדאַסניי און אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג. דוגמאות: צוריקבאַקומען, צוריקגיין, צוריק־האַלטן, צוריקטרעטן, צוריקצאָלן, צוריקקריגן, צוריקקערן זיך, צוריקרופֿן, צוריקשלאָגן, צוריקשפּרינגען.

27. חוץ די קאָנווערבן, אויסגערעכנטע אין די פּונקטן 2—26, זײַנען פֿאַראַן נאָך אַנדערע וואָס קענען זיך צונויפֿפּאָרן בלויז מיט אַ פּאָר אָדער אַמאָל בלויז מיט איין ווערב. אַזוי האָבן מיר: צופֿרי׳דנזײַן, צופֿרי׳דנשטעלן; צורע׳כטמאַכן, צורע׳כטשטעלן; צושטאַ׳נדקומען, צושטאַ׳נדבֿרענגען; צוליב׳־טאָן און נאָך אַנדערע. אַ ראָיה פֿאַר דעם אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט קאָנווערבן איז דער שטאַרקער אַקצענט (און ניט אויף דעם צו!) און די פֿאַרגאַנגענע און קומעדיקע צײַטן פֿון די ווערבן: „איך האָב אים צופֿרידנ־געשטעלט‟, „מיר וועלן אײַך צופֿרידנשטעלן‟; „זיי האָבן אַלץ צורעכטגעמאַכט‟, „ער וועט אַלץ צורעכטמאַכן‟; „די אונטערנעמונג איז שוין לאַנג צושטאַנד־געקומען‟, „ווען וועט עס סוף־כּל־סוף צושטאַנדקומען?‟; „אַ דאַנק וואָס איר האָט אונדז צוליבגעטאָן‟, „מיר בעטן אַז איר זאָלט אונדז צוליבטאָן‟.

אויב עס קען זײַן ניט בלויז „מיר זיינען צופֿרידנגעווען‟, נאָר אויך „מיר זײַנען געווען צופֿרידן‟, איז עס נאָר אַ באַווײַז אַז דער ווערב צופֿרידנזײַן און די פֿאַרבינדונג זײַן צופֿרידן זײַנען כּמעט אינגאַנצן גלײַכבאַטײַטיק. עס קען אָבער ניט זײַן: ׳איך האָב עס געמאַכט צו רעכט (צורעכט)׳, ׳די אונטער־נעמונג איז געקומען צו שטאַנד׳ און ענלעכס.

צו נישט מאַכן, צו האַנט קומען, צו פֿלײַסן טאָן און ענלעכע זײַנען ניט קיין ווערבן מיט קאָנווערבן, ווײַל דאָ פֿעלן די סימנים וואָס ווערן אָנגעוויזן אויבן.

## יג. צונויפֿגעזעצטע ווערבן

1. אַ צונויפֿגעזעצטער ווערב איז אַזאַ ווערב וואָס באַשטייט פֿון צוויי טיילן: פֿון אַ הילפֿסווערב און פֿון אַ וואָרט אָדער אַן אויסדרוק וואָס שטאַמט (כּמעט שטענדיק) פֿון לשון־קודש. ביידע טיילן אינאיינעם זײַנען סעמאַנטיש

איין וואָרט. פֿאַראַן פֿינף באַזונדערע גרופּעס צווישן די צונויפֿגעזעצטע ווערבן. אַ גרויסער באַשטאַנדטייל אין דעם לשון־קודשדיקן קאָמפּאָנענט פֿון יידיש זײַנען די צונויפֿגעזעצטע ווערבן.

2. בײַם שאַפֿן פֿאַרשיידענע ווערבאַלע פֿאָרמען ווערט קאָניוגירט בלויז דער הילפֿסווערב און עס בלײַבט אָן שום שינוי דאָס וואָרט וואָס איז דער טרעגער פֿון באַטײַט. אָט איז די טאַבעלע פֿון פֿאָרמען בײַם ווערב זוכה זײַן:

איצטיקע צײַט: איך בין זוכה, דו ביסט זוכה...;

פֿאַרגאַנגענע צײַט: איך האָב זוכה געווען, דו האָסט זוכה געווען...;

קומעדיקע צײַט: איך וועל זוכה זײַן, דו וועסט זוכה זײַן...;

לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט: איך האָב געהאַט זוכה געווען, דו האָסט געהאַט זוכה געווען...;

צווייטע קומעדיקע צײַט: איך וועל האָבן זוכה געווען, דו וועסט האָבן זוכה געווען....

אימפּעראַטיוו: זײַ זוכה, זײַט זוכה; לאָמיך זוכה זײַן, לאָמיר זוכה זײַן; זאָל ער זוכה זײַן, זאָלן זיי זוכה זײַן;

קאָנדיציאָנאַל: איך וואָלט זוכה זײַן, דו וואָל(ט)סט זוכה זײַן...; איך וואָלט זוכה געווען, דו וואָל(ט)סט זוכה געווען...;

קאָניונקטיוו: איך זאָל זוכה זײַן, דו זאָלסט זוכה זײַן...; איך זאָל געווען זוכה זײַן, דו זאָלסט געווען זוכה זײַן....

אַספּעקט פֿון פֿילמאָליקייט: איך פֿלעג זוכה זײַן, דו פֿלעגסט זוכה זײַן...; איך פֿלעג האָבן זוכה געווען, דו פֿלעגסט האָבן זוכה געווען...;

אַספּעקט פֿון באַשטענדיקייט: איך טו זוכה זײַן, דו טוסט זוכה זײַן....

דער אַספּעקט פֿון מיטאַמאָליקייט קען ניט קאָנסטרואירט ווערן בײַ די צונויפֿגעזעצטע ווערבן. די אַנדערע אַספּעקטן קענען טעאָרעטיש געשאַפֿן ווערן, אָבער דאָס איז אָפּהענגיק פֿון איטלעכן ווערב באַזונדער, פֿון זײַן יחידישן באַטײַט. למשל: „ער האָט אײַן מסכּים זײַן", „דו האָטסט אײַן איין מסכּים זײַן", „ער נעמט מסכּים זײַן", „זי האָט בײַם מרוצה ווערן".

בײַ די צונויפֿגעזעצטע ווערבן זאָל מען האָבן אין זינען אַז דאָ קענען זיך טרעפֿן דעפֿעקטיווע ווערבן, ספּעציעל ווען זיי באַשטייען פֿון גאַנצע אויסדרוקן.

3. די וויכטיקסטע גרופּע צונויפֿגעזעצטע ווערבן קומען מיטן הילפֿס־ווערב זײַן. זיי זענען פֿאַראַן אין די שוועררע הונדערטער. אָט די גרופּע אַליין איז אין צאָל מער ווי אַלע אַנדערע גרופּעס אינאיינעם. ברענגען מיר אַ סך אַזעלכע צונויפֿגעזעצטע ווערבן:

יוצא זײַן, חושד זײַן, מוחל זײַן, גובֿר זײַן, גוזר זײַן, מודה זײַן, עולה זײַן, בוגד זײַן, סותר זײַן; מטריח זײַן, מכבד זײַן, מקנא זײַן, מקיים זײַן, מקריבֿ זײַן, מודיע זײַן, מציל זײַן, מתפּלל זײַן, מחייבֿ זײַן, מקצר זײַן, מל זײַן, כּדאַי זײַן, שייך זײַן, אָסור זײַן, נע־ונד זײַן, חל זײַן, בנמצא זײַן, ביכולת זײַן; עולה־לתּורה זײַן, עולה־יפֿה זײַן, נושא־חן זײַן, נושא־פּנים זײַן, מקבל־פּנים זײַן,

חוטא־בעגל זײַן, ממלא־מקומו זײַן, פּותר־חלום זײַן, מסיג־גבֿול זײַן, מאריך ימים ושנים זײַן; זיך מפֿרנס זײַן, זיך מרחם זײַן, זיך מודה זײַן, זיך נוקם זײַן, זיך מײַשבֿ זײַן, זיך משתּתּף זײַן, זיך מתחתּן זײַן, זיך מתעסק זײַן.

די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז ניט שײך בײַ צונויפֿגעזעצטע ווערבן מיטן הילפֿסווערב זײַן. אויבֿ אַזוינס איז בײַטיק אויף אויסצודריקן וואָס דער רײדער וויל זאָגן, קומט פֿאַר אַן איבערבײַט אין הילפֿסווערב און אַנשטאָט זײַן קומט ווערן. דוגמאָות: איך ווער זוכה, איך ווער מסכּים, איך ווער בכּוח דאָס צו טאָן; איך בין זוכה געוואָרן, איך בין מסכּים געוואָרן, איך בין בכּוח געוואָרן דאָס צו טאָן; איך וועל זוכה ווערן, איך וועל מסכּים ווערן, איך וועל בכּוח ווערן דאָס צו טאָן. פֿאַרשטײט זיך אַז אַזאַ איבערבײַט אין דעם הילפֿסווערב איז מעגלעך בלויז בײַ אַ קלײנעם טײל צונויפֿגעזעצטע ווערבן.

צו דער גרופּע צונויפֿגעזעצטע ווערבן קען מען צורעכענען אויסן זײַן („ער איז עפּעס אויסן"; „איך בין אויסן געווען אים צו וואָרענען"; „אַז דו ווײסט ניט וואָס דו וועסט מאָרגן אויסן זײַן"), געפֿעלן זײַן (נאָר אין דער איצטיקער צײַט און אין דער קומעדיקער צײַט, אָבער אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט געפֿעלן ווערן: „איך בין אים געפֿעלן געוואָרן"), וויסן זײַן (שטאַרק דעפֿעקטיוו, בלויז אין אימפּעראַטיוו און אין קאָניונקטיוו).

4. צו דער צווייטער גרופּע געהערן די צונויפֿגעזעצטע ווערבן וואָס קומען מיטן הילפֿסווערב ווערן. אַ דוגמא פֿאַרן בײגן: איך ווער פּטור, איך בין פּטור געוואָרן, איך וועל פּטור ווערן; איך בין געווען פּטור געוואָרן, איך וועל זײַן פּטור געוואָרן; ווער פּטור, לאָמיר פּטור ווערן, זאָל ער פּטור ווערן; איך וואָלט פּטור געוואָרן, זאָל איך נאָר פּטור ווערן; איך פֿלעג פּטור ווערן, איך טו פּטור ווערן, איך האַלט אין בײַם פּטור ווערן, איך נעם פּטור ווערן.

אַ צאָל צונויפֿגעזעצטע ווערבן פֿון דער גרופּע:

בטל ווערן, בדלות ווערן, מכולה ווערן, קאַליע (אויך אַ העבֿראיזם!) ווערן, אין כּעס ווערן; מקוים ווערן, משוגע ווערן, מפֿורסם ווערן, מרוצה ווערן, מושווה ווערן, מגולגל ווערן, מטושטש ווערן, מבֿוזה ווערן; נמאס ווערן, נפֿטר ווערן, נעלם ווערן, נבֿהל ווערן, ניצול ווערן, נתפּעל ווערן, נשתּומם ווערן, נשתּנה ווערן, נחרם ווערן, נתרומם ווערן, בדיל־הדל ווערן, נמאס ומאוס ווערן, מלא־שׂמחה ווערן, מחוסר־לחם ווערן, נעלם־מכּל־חי ווערן, עולה־לגדולה ווערן.

אַ טײל פֿון די ווערבן קענען אויך קומען מיטן הילפֿסווערב זײַן: מלא־שׂמחה זײַן, בדלות זײַן, קאַליע זײַן, אין כּעס זײַן, משוגע זײַן.

די נײטראַלע ווערבן אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע (זען חז) געהערן ניט צו די צונויפֿגעזעצטע ווערבן. דעם ווערב געוואויר ווערן קען מען צורעכענען אי צו די צונויפֿגעזעצטע ווערבן פֿון אָט דער גרופּע אי צו די נײטראַלע ווערבן מיט ווערן.

5. צו דער דריטער גרופּע געהערן די צונויפֿגעזעצטע ווערבן וואָס קומען מיטן הילפֿסווערב האָבן.

זייער צאָל איז אַ קליינע. די אָפֿטע ווערבן זײַנען דאָ:

חתונה האָבן, חרטה האָבן, מורא האָבן, פּחד האָבן, רחמנות האָבן, הנאה האָבן, חשק האָבן, אַ קיום האָבן, בדעה האָבן, ביד האָבן, נחת האָבן, מחזקות האָבן, תּרעומות האָבן, מגע־ומשׂא האָבן, ישוב־הדעת האָבן.

צו דער גרופּע געהערן אויך די ווערבן אָן העברעאיזמען: ליב האָבן, האָלט האָבן, פֿײַנט האָבן, אין זינען האָבן, פֿאַראיבל האָבן.

עס זײַנען ניטאָ קיין שום באַזונדערקייטן בײַם בייגן די ווערבן פֿון אָט דער גרופּע.

6. צו דער פֿערטער גרופּע געהערן די צונויפֿגעזעצטע ווערבן וואָס קומען מיטן הילפֿסווערב טאָן. נאָר אַ קליינע צאָל ווערבן זײַנען דאָ פֿאַפּולער: תּפֿילה טאָן, תּשובֿה טאָן, צדקה טאָן, חסד טאָן; אַן עוולה טאָן, אַ רעה טאָן, אַ טובֿה טאָן, (צו־) להכעיס טאָן, אַ שידוך טאָן; אַן עבֿירה טאָן, אַ מצווה טאָן. צו דער גרופּע געהערט אויך דער ווערב ווײ טאָן.

7. עס איז מעגלעך אײַנצושטעלן נאָך אַ פּאָר באַזונדערע גרופּעס צווישן די צונויפֿזעצטע ווערבן. דאָס וואָלט אָבער באַטײַט צו שטאַרק זיי צעברעקלען און קיין נוצן וואָלט פֿון דעם ניט אַרויסגעקומען. דעריבער איז כּדאַיער אַלע ווערבן מיט פֿאַרשיידענע באַהעלפֿנדיקע ווערבן אַרונטערצו־נעמען אונטער איין טלית. זאָל עס הייסן די פֿאַרשיידענע גרופּע.

אין אָט דער גרופּע גייען ראשית־כּל אַרײַן די ווערבן מיט מאַכן (חתונה מאַכן, בטל מאַכן, מבֿטל מאַכן, קאַליע מאַכן, חרובֿ מאַכן, אַ ברית מאַכן, אַ ברכה מאַכן, שהיות מאַכן, חוזק מאַכן, (אַ) ויבֿרח מאַכן, אַ תּל מאַכן, אל־מלא־רחמים מאַכן, שהחיינו מאַכן, וואָס מע קען טאַקע אויך אויס־טיילן אין אַ באַזונדערער גרופּע. אַהער באַלאַנגט אויך דער ווערב צו נישט מאַכן. עס האָט אָפּגעהאַלטן פֿון אויסטיילן אָט די קליינע גרופּע באַזונדער דער אומשטאַנד וואָס דאָ האָט דער ווערב מאַכן נאָך אויפֿגעהיט צום טייל זײַן ערשטיקן באַטײַט.

פֿאַראַן אויך עטלעכע צונויפֿגעזעצטע ווערבן מיט גיין. (לאַיבוד גיין, אויף קידוש־השם גיין, אין ניוועץ גיין), מיט האַלטן (מלחמה האַלטן, שמירה האַלטן, זיך האַלטן אַן עצה) און די אידיאָמען מיט פּראַווען (פּראַווען חצות, פּראַווען אַ יום־טובֿ, פּראַווען אַ ברית, פּראַווען אַ סדר, פּראַווען שלש־סעודות, פּראַווען שבת).

באַקומען און קריגן זײַנען דאָ פּאַראַלעל צו האָבן אין די ווערבן: באַקומען (קריגן) ליב, האָלט, פֿײַנט. אויך: מורא (פּחד) קריגן.

זיך מערקן די עכטע און פֿאַרשפּרייטע צונויפֿגעזעצטע ווערבן: נקמה נעמען, חלה נעמען; בדלות שטעלן, שטעלן פּיס; עדות זאָגן, גומל בענטשן, קריעה רײַסן, רכילות טרײַבן, שבֿעה זיצן, אַ מחלוקת פֿירן, כּורעים פֿאַלן, אַרײַנלייגן אין חרם, אָפּריכטן גלות, זיך שלאָגן מיט דער דעה, אַן עין־הרע

געבן. אָט די ווערבן שטעלן צונויף די פֿאַרשיידענע גרופּע צונויפֿגעזעצטע ווערבן.

אַ הערה צו דער מעטאָדיק. עס וואָלט געווען מעגלעך און מע וואָלט געפֿינען לאָגישע באַרעכטיקונגען אַז בײַ די צונויפֿגעזעצטע ווערבן זאָלן זײַן. סך־הכּל צוויי גרופּעס: מיט זײַן און מיט ווערן. אַלדאָס איבעריקע קען פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אידיאָמאַטישע אויס־דרוקן אָן אַ שײַכות צו גראַמאַטיק. דאָ איז פֿאַרטראַכטן דער וועג פֿון פּשרה. סוף־כּל־סוף גייט דאָך עס איינעם צוקלעפּן אָן עטיקעטקע און דערבײַ ווערט געגעבן אַ געלעגנהייט נאָך עפּעס זיך צוצולערנען.

## יד. ווערבן מיט זיך

1. זיך איז אַ פּערזענלעכער פּראָנאָם וואָס ציט זיך צו אַלע דרײַ פּערזאָנען אין איינצאָל און אין מערצאָל. זיך בײַט זיך ניט אין דער כּלל־שפּראַך. כּל־זמן זיך איז אַ פּראָנאָם, קען ער זײַן בלויז אין אַקוזאַטיוו אָדער אין דאַטיוו [אין נאָמינאַטיוו איז זיך בלויז ווי אַ סובסטאַנטיווירונג: „דער זיך איז בײַ אים שוין צו וויכטיק"].

לאָמיר עס אילוסטרירן: „איך זע זיך אין שפּיגל", „דו זעסט זיך אין שפּיגל", ... „איר זעט זיך אין שפּיגל", „זיי זעען זיך אין שפּיגל"; „די ווײַסע האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון שקלאַפֿערײַ, אַ סך יאָרהונדערטער שפּעטער האָבן זיי באַפֿרײַט די שוואַרצע"; „אַ מענטש מעג ברענגען זיך פֿאַר אַ קרבן, אָבער ניט קיין אַנדער מענטשן"; „ער האָט זיך געזוכט, ביז ער האָט סוף־כּל־סוף זיך געפֿונען, ווען ער האָט עולה געווען"; „דו האָרפּסט זיך געבן נאָך אַ האַלב יאָר פֿאַר דער דיסערטאַציע", „זיי האָבן זיך אונטערגעלייגט נאָך אַ דעקע", „זי זאָגט זיך אַליין אַז זי איז נאָך ניט גרייט איבערצונעמען דאָס געשעפֿט". [אין די לעצטע דרײַ זאַצן איז זיך אין דאַטיוו.]

דער פּראָנאָם זיך האָט כּמעט שטענדיק אויף זיך דעם אַקצענט. ער איז אַ באַזונדערער זאַצטייל. געוויינטלעך איז זיך אַ טייל פֿון ווערב, ניט קיין באַזונדערער זאַצטייל און האָט ניט אויף זיך דעם אַקצענט. אָבער זיך איז שטענדיק אַ סדר־איינס פֿאַר זיך. ווײַטער ווערן גרופּירט די ווערבן וואָס זיך איז זייערער אַ טייל, וואָס צוזאַמען מיטן ווערב אין זײַן באַשטימטער פֿאָרעם שטעלן זיי צונויף איין באַטײַטיק וואָרט.

2. מיט זיך שאַפֿן זיך רעפֿלעקסיווע ווערבן, דאָס הייסט אַזעלכע וואו די טואונג באַציט זיך צום טוער. דוגמאות פֿון גאַר פּשוטע רעפֿלעקסיווע ווערבן: זיך וואַשן, זיך באָדן, זיך פֿאַרקאָמען, זיך לערנען, זיך דערטרינקען, זיך פֿאַרברענען, זיך דערהייבן, זיך לויבן, זיך אָנטאָן, זיך פּוצן. און דוגמאות פֿון נאָך ווערבן וואָס זײַנען אין תּוך רעפֿלעקסיוו: זיך באַגײַסטערן, זיך באַ־האַלטן, זיך אײַנהאַלטן, זיך גרייטן, זיך אָפּגעבן, זיך ריינוואַשן, זיך פֿאַרטיידיקן, זיך באַשולדיקן, זיך אויסצייכענען, זיך דערגידעריקן. אַהער געהערן אויך די ווערבן זיך באַפֿרײַען און זיך מקריב זײַן, ווען דער זיך ווערט ניט אַרויס־געהויבן.

בײַ אָט די רעפֿלעקסיווע ווערבן און בײַ אַלע אַנדערע ווערבן מיט זיך

האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר דער כלל־שפּראַך אַז זיך בייט זיך ניט ניט לויט דער פּערזאָן און ניט לויט דער צאָל: איך פּוץ זיך, איך דערנידעריק זיך (ניט 'איך פּוץ מיך', 'איך דערנידעריק מיך'), דו פּוצסט זיך, דו דערנידעריקסט זיך, ער (זי, עס, מע) פּוצט זיך, מיר פּוצן זיך, איר פּוצט זיך, זיי פּוצן זיך.

עס איז אַן אינטערעסאַנטער פֿאַל ווי אַזוי די כלל־שפּראַך איז אַוועק ניט לויט דעם רובֿ ייִדיש־ריידערס, נאָר לויט דער שיטה וואָס האָט פֿאַר־איינפֿאַכט די קאָניוגאַציע.

3. מיט זיך שאַפֿן זיך קעגנזייטיקע (רעציפּראָקאַלע) ווערבן, וואו די טוּאונג איז מעגלעך ווען לכל־הפּחות צוויי טוּערס פֿירן זיך דורך אינאיינעם און וואו געוויינטלעך רעדט זיך וועגן אַ גרופּע וואָס איז פֿאַרנומען מיט דער טוּאונג. דאָ קען דער זיך אַנגעצייכנט ווערן. דוגמאָות פֿון גאָר פּשוטע קעגנזייטיקע ווערבן: שלאָגן זיך, ראַנגלען זיך, קריגן זיך, קושן זיך, האַלדזן זיך, גלעטן זיך, בייטן זיך, בייסן זיך, רייסן זיך, זען זיך, חבֿרן זיך, אירצן זיך, געפֿעלן זיך, נעמען זיך (וועגן חתן־כּלה). ווייטער איז נייטיק צו נעמען אין אַכט אַז דער פּרעפֿיקס צע־ (זען יא7) און די קאָנווערבן צונויף (זען יב25) ווי אויך פֿונאַנדער (זען יב22) שאַפֿן לאָגישערווייז אַ היפּשע צאָל רעציפּראָקאַלע ווערבן. און נאָך דוגמאָות: צעהרגענען זיך, צוזאַמענטרעפֿן זיך, צונויפֿלעבן זיך, פֿונאַנדערפֿאָרן זיך; פֿאַראייניקן זיך, פֿאַרשטיין זיך, דערציילן זיך, באַקעמפֿן זיך, אויסמיידן זיך, אַנטרעפֿן זיך. אַ שפּאַסיק ווערטל: „זיי האָבן זיך ליב — ער זי'ך און זי זי'ך".

קעגנזייטיקע ווערבן, אַזוי ווי די רעפֿלעקסיווע, באַגעגענען זיך גאַנץ אָפֿט. אין די דוגמאָות פֿאַר די רעפֿלעקסיווע ווערבן איז זיך געשטעלט פֿאַרויס בלויז איבערן איינדרוק אַז אַזוי איז עס אָפֿטער אין אונדזערע רייד.

4. מיר רופֿן אַן נייטראַלע זיך־ווערבן די וואָס קענען ניט געמאָלט זיין אָן דעם זיך. ראשית־כּל זיינען דאָ כאַראַקטעריסטיש די ווערבן וואָס בינדן זיך מיט געפֿיל, שטימונג, איבערלעבונג, ווי: פֿרייען זיך, שעמען זיך, דאַכטן זיך, סטאַרען זיך, פּלייסן זיך, מרחם זיין זיך, דערבאַרעמען זיך, חנדלען זיך, בחורן זיך, עקשנותן זיך, מיישבֿ זיין זיך, מייאש זיין זיך, ביידערן זיך, כּעסן זיך, ברוגזן זיך, באַרימען זיך, ייִחוסן זיך, יחסנען זיך, פֿאַרבענקען זיך, פֿאַרליבן זיך. הכּלל, דאָ וואַרפֿן זיך אין די אויגן ווערבן וואָס באַצייכענען וואָסער ניט איז אינעווייניקסטן מצבֿ: דערוועגן זיך, פֿוילן זיך, קוויקן זיך, קווענקלען זיך, קליג(לע)ן זיך, מוחן זיך, שׂכלען זיך, חכמהן זיך, וויצלען זיך, חקירהן זיך, חקרנען זיך, חידושן זיך, פֿאַרגלוסטן זיך, שיינען זיך, באַפֿריינדן זיך, ברידערן זיך, בעסערן זיך, באַ(ג)נוגען זיך.

צו אָט דער גרופּע מיט זיך קומען צו ווערבן מיט די פֿאַרשיידנסטע באַטייטן. ווערט געגעבן אַזאַ געמיש: פֿעדערן זיך, עקן זיך, פֿאַרען זיך, כוואַליען זיך, שלענגלען זיך, יאָווען זיך, ספּראַווען זיך, נייטיקן זיך, סודען זיך, עסקן זיך, קהלן זיך, אַנטשליסן זיך, דערוויסן זיך, דערפֿרעגן זיך,

צעווייגען זיך; זיך מתחייב זײַן, זיך מתנצל זײַן, זיך נוקם זײַן, זיך נוהג זײַן, זיך מתקנא זײַן.

צווישן די אַלע ווערבן זײַנען אויך דאָ קעגנזײַטיקע. מיר זעען דאָ אומעטום, און אַזוי אויך אין דער ווײַטערדיקער גרופּע, ווי דער זיך טוט אויף אַ סך מער ווי דאָס אָנווײַזן אויף דער ריכטונג אָדער צווישנווירקונג פֿון דער טואונג, נאָר העלפֿט באַצייכענען די טואונג גופֿא.

5. מיר טיילן אויס אין אַ באַזונדערער גרופּע די ווערבן מיט זיך וואו זיך באַהעפֿט זיך טאַקע צו ווערבן וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דער שפּראַך, אָבער דערבײַ קומט אויף אַ נײַער באַטײַט וואָס עס איז כּדאַי זיך אַרײַנצוטראַכטן אין אים. בכן קומט אויס דאָ צו געבן בײַדע ווערבן:

בלאָזן — בלאָזן זיך; גאָרגלען (גערגלען) דעם האַלדז מיט זאַלצוואַסער — גאָרגלען (גערגלען) זיך ווי אַ חזן; גלײַכן (אין געאָמעטריע) — גלײַכן זיך צו עמעצן; גראָבן די ערד — גראָבן זיך אין אַן עניק, אין אַ פּראָבלעם; הערן אַ קלאַנג — הערן זיך (וועגן אַ ריח); וואַלגערן לאָקשן — וואַלגערן זיך אין דער פֿרעמד; טראָגן אַ משׂא — טראָגן זיך ווי דער ווינט; כאַפּן עפּעס — כאַפּן זיך אַז עס איז געווען אַ טעות; מאַכן עפּעס — מאַכן זיך (מאַלע וואָס עס מאַכט זיך); עסן — עסן זיך איבער אַן עוולה; פֿירן עמעצן פֿאַר דער האַנט — פֿירן זיך ווי די זיידעס; קלײַבן — קלײַבן זיך, גרייטן זיך; רײַסן עפּעס פֿון דער ערד — רײַסן זיך צו רעדן; רעכענען עפּעס צו טאָן — רעכענען זיך מיט עמעצן; שיקן — שיקן זיך (ווי פּאַסט עס, ווי שיקט זיך גאָר אַזוינס אָפּצוטאָן); שפּאַרן אין זאַק, אין קופֿערט — שפּאַרן זיך, אַמפּערן זיך מיט עמעצן.

אַזוי אויך: אויסגעבן זיך, אויסווײַזן זיך, אויסוויקלען זיך, אויסשרײַבן זיך (מער ניט קענען שרײַבן), אויפֿכאַפּן זיך, אויפֿפֿירן זיך, איבערלייגן זיך, אײַנלעבן זיך, אָננעמען זיך, באַטראַכטן זיך, באַנעמען זיך, באַקומען זיך, דערשלאָגן זיך און נאָך אַ סך אַנדערע.

כּמעט אומעטום קומט דאָ דער זיך צו אַ פֿיגוראַטיוון, צו אַ מעטאַנימישן באַטײַט. מעג מען אים אָנרופֿן דער פֿיגוראַטיווער זיך.

6. ספּעציפֿיש, אייגנאַרטיק איז דער זיך וואָס ווײַזט אַז די טואונג פֿונעם ווערב איז דורכגעפֿירט אַן אַ באַזונדערער אָנשטרענגונג, אַז עס באַקומט זיך אַזוי ווי פֿון זיך. טאָ זאָל דערלויבט זײַן אים אָנצורופֿן פֿונזיכדיקער זיך. ער ווערט אילוסטרירט דורך אַ צאָל זאַצן:

„ייִדיש רעדט זיך"; „עס איז אַ גוטער ראָמאַן, ער לייענט זיך געשמאַק"; „סע לאַכט זיך ווי סע מאַכט זיך"; „בײַ אונדז טומלט זיך פֿאַר די וואַלן"; „זייער ליבע באַקט זיך אויף דער זון"; „אַלץ איז גוט, ווען עס ענדיקט זיך גוט"; „אייגעם לעבט זיך און בײַם צוויטן שלעפּט זיך"; „ארץ־ישׂראל וועט זיך אויסשפּרייטן איבער דער גאָרער וועלט"; „דער זון האָט זיך פֿאַרדרייט מיט אַ פּרוי וואָס איז אַ סך עלטער פֿון אים"; „שנײַדערס אין אַמעריקע זאָגן: זאָרגט ניט, עס וועט זיך אויספּרעסן"; „ביר אין אַ גלאָז וועפּט זיך

אויס"; „קליידער פֿון די בעסטע שטאָפֿן ניצן זיך אויך אָפּ"; „עס וועט זיך אָנקלײַבן אַ פֿול קערבעלע יאַגדעס"; „אַז דער רבי טאַנצט, טאַנצט זיך מיט מער התלהבֿות".

אַהער קומען אַרײַן אויך די אומפּערזענלעכע ווערבן: עס ווילט זיך, עס גלוסט זיך, עס גענדזלט זיך אים (ער האָט אַ באַגער צו עפּעס וואָס איז גוט, איז געשמאַק).

7. באָענט צום פֿונזיכדיקן זיך אָדער ווי אַן אונטערגרופּע בײַם פּונקט 6 איז דער זיך וואָס באַטײַט: סתּם אַזוי, אַזוי זיך, אָן אַ באַזונדערן צוועק, פֿון פֿאַרגעניגן וועגן. עטלעכע אילוסטראַציעס: „אין די זומערדיקע שבֿתים שפּאַציר איך זיך אין וועלדל"; „קויף איך זיך אַ פֿאַרביק טיכעלע" [דאָ האָט זיך פֿאַרביטן דעם מיר: שפּאַציר איך מיר, קויף איך מיר]; „דו פֿליסט זיך אַרום איבער דער וועלט און ווילסט אין ערגעץ ניט פֿאַרבלײַבן אויף שטענדיק"; „זיי ליגן זיך אויסגעצויגן אויפֿן גראָז ווי די גראַפֿן"; „לאָמיר זיך דורכגיין נאָך דער וועטשערע"; „די בחורים זײַנען זיך געגאַנגען אויף איין זײַט גאַס און די מיידלעך אויף דער צווייטער".

8. ז י ך קען און געוויינטלעך דאַרף ער פֿאַרבײַטן דעם פּ אַ ס י וו אין אַן ערך אַזעלכע זאַצן: אַנשטאָט „נאָך דער מלחמה איז דער מצבֿ געביטן געוואָרן" — ...האָט דער מצבֿ זיך געביטן; אַנשטאָט „די פּרײַזן אויף שפּײַז זײַנען געהעכערט געוואָרן" — ...האָבן זיך געהעכערט; [אָבער ווען מע דאַרף אָנווײַזן ווער עס האָט געהעכערט קומט אויס צו ניצן די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אָדער אינגאַנצן איבערצובויען דעם זאַץ.] אַנשטאָט „די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַרצויגן געוואָרן כּמעט ביז צוועלף אַזייגער" — ...האָט זיך פֿאַרצויגן כּמעט ביז צוועלף אַזייגער; אַנשטאָט „אין דער לאַבאָראַטאָריע ווערן אויסגעצייכנט עטלעכע ביאָלאָגישע עקספּערימענטן" — ...צייכענען זיך אויס עטלעכע.... (פֿאַרגלײַכן מיט ח5).

## טו. ווערבן לאָזן זיך שאַפֿן

1. זינט ייִדיש איז געבוירן געוואָרן איז קאָנטיק די נטיה צו שאַפֿן נײַע ווערבן, אַזעלכע וואָס מע האָט ניט איבערגענומען פֿון דער גערמאַניש רעדנדיקער סבֿיבֿה, נאָר זיי געפֿורעמט אונטער דער השפּעה פֿון לשון־קודש בײַם איבערזעצן פֿון תּנך. פֿאַרן שם־עצם מלך איז געווען גרייט דאָס וואָרט קיניג, אָבער פֿאַרן פּעל מלך, וימלך, וימליכו און די אַנדערע פֿאָרמען פֿון דעם ווערבֿ איז ניט געווען קיין גרייט וואָרט ניט אין דעם גערעדטן לשון פֿון אַרום און ניט אין דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור־שפּראַך. האָט מען דעם ווערבֿ אויסגעפֿורעמט — קיניגן. דער תּנך האָט דאָך עס אויפֿגעפֿאָדערט אַן ערך 300 מאָל. און אַזוינס האָט דאָך פּאַסירט אויך מיט אַנדערע ווערבן וואָס האָבן זיך באַגעגנט בײַם איבערזעצן שטעלן פֿון תּנך. די גרעסערע ראָלע פֿון ווערבֿ אין לשון־קודש לגבּי זײַן ראָלע אין גערמאַניש (אין אַלט־הויכ־

דײַטש, אין מיטל־הויכדײַטש) האָט מיטגעשפּילט אין עפֿענען טויערן פֿאַר אין ייִדיש אויפֿגעקומענע נײַע ווערבן.

2. די אייגענע אינעווייניקסטע אַנטוויקלונג פֿון ייִדיש, וואָס האָט געפֿירט צום פֿאַרמינערן די ענדונגען פֿון סובסטאַנטיוון און אַדיעקטיוון פֿון איין זײַט און בײַ ווערבן פֿון דער צווייטער זײַט, האָט אָפּגעריבן די דרויסנ־דיקע פֿאָרמעלע סימנים. ווערט גרינגער דער איבערגאַנג פֿון איין וואָרטקלאַס (סובסטאַנטיוו און אַדיעקטיוו) צום צווייטן (צום ווערב). די גראַמאַטישע צוימען אַרום די וואָרטקלאַסן ווערן כּסדר נידעריקער. שטייט ניט מער דאָס שפּראַכגעפֿיל ווי אַ שומר בײַ די וואָרטקלאַסן. האָט מען פֿון ווערבן גענומען שאַפֿן אַלץ מער סובסטאַנטיוון אָן אַ באַזונדערן סופֿיקס (ווי פֿון שלאָפֿן — דער שלאָף, פֿון אויסקומען — דער אויסקום); פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען פֿון סובסטאַנטיוון און אַדיעקטיוון אויפֿגעקומען אַלץ מער ווערבן (ווי פֿון די פֿאַרב — פֿאַרבן, פֿון שוואַרץ — שוואַרצן, און מע האָט דאָך: איך פֿאַרב, איך שוואַרץ). עס גייט ניט אין דעם צי היסטאָריש איז אין די קאָנקרעטע פֿאַלן דער ווערב טאַקע אויסגעוואַקסן פֿון די נאָמינאַלע וואָרטקלאַסן; עס גייט נאָר אין ווײַזן ווי דאָס שפּראַכגפֿיל איז געוואָרן גרייט אַריבערצופֿירן דעם ווערב פֿון סובסטאַנטיוו און פֿון אַדיעקטיוו.

פֿאַראַן אַ גרויסע גרופּע פֿאַלעך, וואו דער ווערב רופֿט אָן די טואונג און דער סובסטאַנטיוו דעם מיטל, דעם מכשיר דורכצופֿירן די טואונג. דוגמאָות: די זעג — איך זעג, די באַרשט — איך באַרשט, די זייף — איך זייף, די זיפּ — איך זיפּ; דער האַמער — איך האַמער, דער בויער — איך בויער, דער צימבל — איך צימבל, דער טײַטל — איך טײַטל, דער הובל — איך הובל. פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע פֿאַלעך וואו די סעמאַנטישע שײַכותן צווישן סובסטאַנטיוו און ווערב זײַנען גאַנץ פֿאַרשידענע. דוגמאָות: דער טאַנץ — איך טאַנץ, דער שמיד — איך שמיד, דער האַלדז — איך האַלדז אים, דאָס קלייד — איך קלייד אים, די באָד — איך באָד זיך, דער בליץ — עס בליצט; דער וואונדער — איך וואונדער זיך, דאָס פֿערטל — איך פֿערטל דעם חלק, דאָס ברעקל — איך ברעקל; די הוידע — איך הוידע אים, די קריוודע — קריוודע מיך ניט.

און דוגמאָות פֿון פֿאַלעך צווישן אַדיעקטיוו און ווערב: ווײַס — איך ווײַס, שטאַרק — איך שטאַרק אים, קאַרג — קאַרג ניט, שטיל — שטיל דאָס קינד, דאַר — עס דאַרט דער קאָפּ; וואַרעם — וואַרעם זיך, ברודיק — ברודיק ניט, נעכטיק — איך נעכטיק, אײדל — איך אײדל אים, ברוגז — ברוגז אים ניט, בעסער — בעסער אים, ערגער — איך ערגער; צײַטיק — צײַטיקן, שטענדיק — שטענדיקן, ציכטיק — איך ציכטיק, טונקל — עס טונקלט. און פֿון צווישן נעאָלאָגיזמען: בלייך — בלייכן, העל — עס העלט, אייביק — אייביקן, פֿאַרביק — פֿאַרביקן, ווינציק — ווינציקן.

3. **גרונטיקע** זײַנען די ווערבן וואָס קומען אָן אַ פּרעפֿיקס אָדער אַ קאָנווערב און אָן אַ סופֿיקס. בײַ גרונטיקע ווערבן פֿאַלן צונויף דער ווער־

באַלער שטאַם מיטן שורש. כּמעט אַלע גרונטיקע ווערבן האָבן אַן איינ־טראַפּיקן ווערבאַלן שטאַם. אָט זײַנען אַזעלכע שטאַמען לויטן סדר פֿון אַלף־בית: אייל, בוי, גיי, דאַנק, הייב, וואַרף, זוך, חצות („חצות ביט יעדע נאַכט"), טו, יאָג, כּוס („איך כּוס שוין דעם דריטן כּוס"), כאַפּ, לויף, מיין, נעם, סם, עס, פּלעט, פֿיר, צי, קוק, רײַס, שרעק, שׂכר, תּחום. און אָט זײַנען צוויי־טראַפּיקע ווערבאַלע שטאַמען: אָטעם, בײַטל, גליווער, דלובע, הרגע, וואונדער, זאָטל, חוזק, טענה, יאַדע, כּשר, כּריפּע, לײַטער, מאָזל, נישטער, סאַרווער, ענטפֿער, פּאַלמעס, פֿושער, צאַפּל, קאָליר, שטורעם, שׂרפֿע, תּביעה („וואָס תּביעהט ער?"). דרײַטראַפּיקע ווערבאַלע שטאַמען זײַנען כּמעט ניטאָ.

אינטערעסאַנט זײַנען די גרונטיקע ווערבן די העבֿרעאיזמען. ייִדיש פֿאַרמאָגט זיי אין די הונדערטער. רעכנט מען דאָ אויס אַ האַלבן הונדערט אין דער פֿאָרעם פֿון זייערע אינפֿיניטיוון: שמען (האָבן אַ שם), קנסן (פֿאַראַ־לעל צו קנסענען), מלן (נוסח ליטע פֿאַר מלען), חנען זיך (פּאַראַלעל צום אָפּטערן חנדלען זיך), מתן (גראָב וועגן שטאַרבן), זמגען, תּמען, סודען זיך (מסתּמא פֿון דעם מערבֿ־ייִדישן סודותן זיך), צחוקען (שפּילן אין קאָרטן, ארויסגערעדט: צכאָקן, צאָכקען, צאַכקען); אַוירן, אומרן, אַפּשרן, אַשר־יצרן; בורן, בטלען, בקיצורן; גזרן, גוססן (אויך: גוסען); דברן, דורסן; הכשרן, הפֿקרן, זמרן, זיווגן; חרפּהן (פֿון מערבֿ־ייִדיש), חיותן, חיבורן, חנפֿענען, חשוונען זיך (נעאָלאָגיזם), טובֿלען, טועמען (נעאָלאָגיזם); ייִתורן, יעלהן, יצרן; כּפּתּורן, לומרן, מוכרן, מופֿקרן, מעשׂרן, מנחמען (אין מערבֿ־ייִדיש); ניזוקן, עולה־רגלען, ספּקן, סך־הכּלען, עומרן (אין מערבֿ־ייִדיש), קוברן, קטיגורן, קבצנען, קול־דממה־דקהן (נעאָלאָגיזם), תּחית־המתימען (נעאָלאָגיזם).

מיר זעען ווי אויפֿטועריש עס קומען אויף אָט די ווערבן און זייער צאָל ווערט כּסדר גרעסער, ווײַל עס קומען דאָ כּסדר צו נעאָלאָגיזמען, הגם פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען פֿאַרגעסן געוואָרן מערבֿ־ייִדישע ווערבן וואָס זײַנען געווען זאַפּטיק און בייטיק. אַ טייל פֿון די גרונטיקע ווערבן־העבֿרע־איזמען האָבן פֿריִער געהאַט דורכגעמאַכט דעם גלגול פֿון צונויפֿגעזעצטע ווערבן, און ערשט ווען מע האָט זיי גענוצט אַ היפּשע צאָל מאָל און זיי האָבן אַראָפּגענידערט סאָציאַל פֿון די לעפֿצן פֿון תּלמידי־חכמים צום פּשוטן פֿאָלק, זײַנען זיי געוואָרן פּשוטע ווערבן. אַזוי איז בלי־ספֿק פֿריִער געווען זײַן אין ספֿק און ערשט דערנאָך ספֿקן. אין טײַטש־חומש האָבן מיר חלש ווערן, דערנאָך האָבן די לייענערינס עס געקירצט אין חלשן; פֿריִער איז געווען מפּיל־זײַן, שפּעטער איז אויפֿגעקומען מפּלען; פֿריִער טובֿל זײַן, דערנאָך טובֿלען.

אַ סך גרונטיקע ווערבן זײַנען אַזוי ווי מוטערס וואָס קינדלען אַן פֿולע שטיבער. אַזוי קריגן מיר פֿון שרעקן: דערשרעקן, פֿאַרשרעקן, צעשרעקן, אַוועקשרעקן, אויסשרעקן, אויפֿשרעקן, אײַנשרעקן, אָנשרעקן, איבערשרעקן, אונטערשרעקן, אָפּשרעקן, אַפּערשרעקן, אַראָפּשרעקן, אַרויסשרעקן, אַרונטער־שרעקן, אַרײַנשרעקן, דורכשרעקן, מיטשרעקן, פֿונאַנדערשרעקן, צושרעקן, צונויפֿשרעקן, קאַריקשרעקן. אַזוי אויך פֿון שנײַדן: באַשנײַדן, דערשנײַדן, פֿאַרשנײַדן, צעשנײַדן, אַוועקשנײַדן, אויסשנײַדן, אויפֿשנײַדן, אומשנײַדן,

אונטערשנײַדן, איבערשנײַדן, אײַנשנײַדן, אָנשנײַדן, אָפּשנײַדן, נאָכשנײַדן, אַרומשנײַדן, אַרויסשנײַדן, אַרונטערשנײַדן, אַרײַנשנײַדן, דורכשנײַדן, נאָכ־שנײַדן, פֿאַרבײַשנײַדן, צונויפֿשנײַדן. און אַפֿילו פֿון סמען: פֿאַרסמען, צעסמען, אױעקסמען, אויססמען, אָנסמען, אָפּסמען, אַפֿערסמען, אַראָפּסמען, אַרומסמען, דורכסמען, מיטסמען, צוסמען. מיר זעען דאָ בחוש די גוואַלדיקע עשירות פֿון ניואַנסירונגען בײַ ווערבן.

4. בײַם שאַפֿן ווערבן טרעפֿט מען זיך אָן אויף **איבערקלאַנגען**. דער איבערקלאַנג קען זײַן דער אײנציקער ווערב־שאַפֿנדיקער כּוח און ער קען אויך קומען צוזאַמען מיט אַ פּרעפֿיקס אָדער אַ קאָנווערב. (זען אויך ידל). די גאַנצע סיסטעם פֿון איבערקלאַנגען איז אַ באַגרענעצטע ווײַל אין דעם גרויסן רובֿ פֿאַלן קומט מען אויס אָן איר בײַם אויספֿורעמען דעם ווערב. מע באַדאַרף דאָ אויך זײַן שטאַרק אָפּגעהיט, ווײַל דער איבערקלאַנג איז שוין געווען אין מערצאָל אָדער אין דימינוטיוו צי אין קאָמפּאַראַטיוו, וואָס דער ווערב איז געבויט אויף זײַ. עס ווערן אויסגעטײלט די פֿינף נאַטיר־לעכע פֿאַלן:

א) פֿון אַ אין ע, ווי בײַ: קאַם — קעמען, פֿאַלש — פֿעלשן, וואַקס — וועקסן, באַרשט — אויך: בערשטן, קראַנק — קרענקען, דאַמפּ — דעמפּן, קוואַל — אויך: קוועלן, לאַגער — אויך: לעגערן; זאַט — זעטן זיך, קאַלב — קעלבן זיך; מאַכט — מעכטיקן זיך, קראַפֿט — קרעפֿטיקן, לאַסט — באַלעס־טיקן, נאַכט — נעכטיקן (אין די לעצטע פֿיר ווערבן קומט דער איבערקלאַנג צוזאַמען מיטן סופֿיקס ־יק). ווען מיר האָבן פֿון בלאַט — בלעטערן, פֿון וואַלד — באַוועלדערן, בויט זיך דער ווערב אויף דער מערצאָל; ווען מיר האָבן פֿון לאַנג — לענגערן, פֿון אַלט — עלטערן זיך, שטאַמט דער ווערב פֿון קאָמפּאַראַטיוו; ווען מיר טרעפֿן די פֿאַרבינדונגען פֿאַלב — פֿעלבלען, טאַנץ — טענצלען, איז דער יסוד פֿאַרן ווערב דער דימינוטיוו. [אין דעם ווערב העקערן איז דער פֿונדאַמענט פֿאַרן ווערב ניט האַק, נאָר העקער, דאָס הייסט דער קצבֿ אָדער דעם קצבֿס געהילף.]

ב) פֿון אָ אין ע, ווי בײַ: קאָפּ — קעפּן, שפּאָט — אויך: שפּעטן, שמאָל — שמעלן, קלאָר — קלערן, אָפֿן — עפֿענען, אָטעם — אויך: עטעמען, אָדער — אויך: עדערן, צאָרן — צערענען, יאָר — יערן זיך; שאָד — שעדיקן, גנאָד — באַגנעדיקן (אין די לעצטע צוויי צוזאַמען מיטן סופֿיקס ־יק); ראָד — רעדלען, בלאָז — בלעזלען זיך (אין די לעצטע צוויי פֿון דימינוטיוו); פֿאָלק — באַפֿעלקערן (פֿון מערצאָל). צוזאַמען מיט פֿאָכן האָבן מיר פֿעכלען און צוזאַמען מיט קאָכן האָבן מיר קעכלען, קומט צוזאַמען מיטן איבערקלאַנג אויך דער סופֿיקס ־ל פֿון פֿאַרקלענערן און צערטלען.

ג) פֿון ו אין י, ווי בײַ: קורץ — קירצן, קרום — קרימען, טרוקן — טריקענען, גרוס — גריסן, שוץ — שיצן, ברודער — ברידערן זיך, קומער — קימערן זיך, נוץ — ניצן, קלוג — קליגן זיך, גענוג — געניגן, מונטער — מינטערן, רומפּל — רימפּלען, הופּן — היפּערן, דרוק — דריקן, וואונטש

— ווינטשן, וואונק — ווינקען, רום — באַרימען זיך, גוט — באַגיטיקן, קונץ — קינצלען (צוזאַמען מיטן סופֿיקס ־ל).

ד) פֿון ױ אין ײַ, ווי בײַ: נויט — נייטן, קרוין — אויך: קרײַנען, גרויס — גרייסן זיך, רויט — רייטלען זיך, פֿלוי — (אויס)פֿלייען, טויב — (באַ־, פֿאַר־)טייבן, רויך — אויך: רייכערן, גלויבן (סובסטאַנטיוו) — גלייבן (ווערב), פּאַראַלעל צו צוגעוואויגען — אויך: צוגעווייגען.

ה) פֿון ױ אין ײַ, ווי בײַ לויטער — לײַטערן, זויער — זײַערן, ברויז — ברײַזן (אָבער דער ים ברויזט), לויז — לײַזן, צויג — אָפּצײַג(לע)ן זיך, ברויען און די פּאַראַלעלע פֿאָרעם ברײַען, קויקלען און די אָפּטערע פֿאָרעם קײַקלען, צוימען און צײַמען. [פֿײַקלען געהערט ניט אַהער, ווײַל דער ווערב איז פֿון פֿײַקל.]

מיר וועלן זיך אָנשטויסן אויף נאָך איבערקלאַנגען בײַ פֿאַרבינדונגען מיט סופֿיקסן.

5. מיר גייען איצט אַריבער צו די ווערבאַלע סופֿיקסן און הייבן אָן מיטן אָפּטסטן צווישן זיי, מיט ־יר. ער טרעפֿט זיך בײַ הונדערטער אינטערנאַציאָנאַליזמען. דוגמאות: אילומינירן, אימפּאָרטירן, אַקצענטירן, באַלאַנסירן, בודזשעטירן, דיזשורירן, טעסטירן, מאָטיווירן, ניוועלירן, פֿענסיאָנירן, פּראָגרעסירן, פּרעטענדירן, קאָנטראָלירן, רעגיסטרירן, רעפּאָרטירן, שיפֿרירן. דער זעלביקער סופֿיקס קריגט אויך די פֿאָרעם ־ י ז י ר, אויך בלויז בײַ אינטערנאַציאָנאַליזמען: נאַציאָנאַליזירן, קאָלאָניזירן, קאַנאַליזירן, נאָרמאַליזירן, פּולוועריזירן, רעאַליזירן, (רע)אָרגאַניזירן. מע שטויסט זיך אויך אָן אויף ־ י צ י ר, אָבער דאָס איז ניט קיין סופֿיקס, נאָר פֿון ק ווערט צ: פֿון פּראַקטיק — פּראַקטיצירן, אָבער אויך: פּראַקטיקירן, פֿון פֿאַבריק — פֿאַבריצירן, אָבער אויך זעלטענער: פֿאַבריקירן. מע האָט כּמעט אַלע ווערטער גענומען פֿאַרטיקערהייט און קוים קען מען דאָ געפֿינען עפּעס וואָס איז אויפֿטועריש. די צאָל אַזעלכע ווערבן איז געוואָרן גרעסער און גרעסער, זינט מע האָט אָנגעהויבן רעדן און שרײַבן אויף ייִדיש וועגן וויסנשאַפֿטלעכע און בכלל קולטורעלע ענינים. הגם דער סופֿיקס ־יר איז אַ לאַנגאַניקער, זײַנען די ציטירטע ווערבן און זייער גאַנצער מין פֿאַרבליבן ניט־פֿאַרוואָרצלט.

די בולטע ראיה פֿאַר דעם איז דאָס פֿעלן פֿון פּרעפֿיקס גע־ אין פּאַרטיציפּ צו ווערבן וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ וואָקאַל אָדער דיפֿטאָנג, אַפֿילו ניט ווען זיי ווערן פּאָפּולער. דעריבער איז: אינטערעסירט, ניט ׳געאינטערעסירט׳, אַמוזירט, ניט ׳געאַמוזירט׳. אַזוי אויך: אַמטירט, אָפּערירט, עמיגרירט, עקזאַמענירט, אימפּאָרטירט, אויטאָריזירט. עס דאַרף אויך ניט צוקומען דער גע־ ווי אַ פֿערטער טראַף וואָס לענגערט צו שטאַרק דאָס וואָרט און דעריבער: דעקלאַמירט, מאָטיווירט, רעמאָנטירט, רעפּאָרטירט, רעפּעטירט, רעצענזירט און ענלעכע.

בײַ די ווײַטערדיקע ווערבן קען זײַן מיט אָדער אָן דעם גע־ אין דעם פּאַרטיציפּ, אָפּהענגיק פֿונעם סטיל; מיט דעם גע־ באַקומט זיך אַ מער

פֿאָלקישער כאַראַקטער פֿונעם וואָרט. עס איז כּדאַי צו באַמערקן אַז ווען דער פּאַרטיציפּ קומט זעלבשטענדיק („געשטאָלצירט מיט די קינדער, האָט ער ניט געזשאַלעוועט אויף זייער שטודירן") נעמט ער גיכער אָן דעם פּרעפֿיקס גע־ איידער ווי אַ טייל פֿון דער פּאַרגאַנגענער צײַט. ווען דער פּרעפֿיקס טרעפֿט זיך אָפּטער, קומט ער דאָ ווײַטער אין קלאַמערן: (גע)בראַ־קירט, גאַסטירט, גוסטירט, גרימירט, דאַטירט, דיקטירט, האַלבירט, (גע)־מאַרקירט, מאַרשירט, מעבלירט, נערווירט, סערווירט, ראַזירט, (גע)שטאָל־צירט, (גע)שפּאַצירט, שפּיאָנירט. לייגט אַכט אויף די פֿאָלקסווערטער: גוסטירן, האַלבירן, מאַרקירן.

6. פֿאַרשיידנדיק זײַנען די פֿונקציעס פֿון סופֿיקס ־עווע וואָס איז פֿון סלאַווישן אָפּשטאַם. ראשית־כּל קומט אָט דער סופֿיקס בײַ ווערבן וואָס שטאַמען פֿון אַ סלאַוויש לשון: בונטעווען, בושעווען, בראַנעווען, האָרעווען, זבורעווען, זשאַלעווען, זשעבערעווען, טינקעווען, טשאַטעווען, טשעסלעווען. דער ־עווע וואָס באַצייכנט אַרבעט, אַ מלאָכה, קומט אויך מיט שרשים וואָס זײַנען ניט פֿון סלאַוויש: גרונטעווען, הובלעווען, ביצעווען, קיטעווען, לאָדע־ווען, גאָרסעווען, קאַנטעווען, וואַטעווען, פֿוטרעווען, שטעמפּלעווען.

דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פֿון סופֿיקס ־עווע באַשטייט אין דעם וואָס ער גיט צו אַ בפֿירושן אָדער קוים־קוימיקן בײַטעם פֿון ביטול. פֿון דער גרויסער צאָל אַזעלכע ווערבן: באַנקעטעווען, בהלהווען, גוואַלדעווען, דאַטשע־ווען, הערשעווען, ווילדעווען, חבדעווען, טאַנדעטעווען, יאַלדעווען, יונגאַטשע־ווען, כאַלטורעווען, לאַפּעווען (אַרומנעמען מיט די לאַפּעס), לצעווען, מיניס־טרעווען, נע־ונדעווען, פֿושעווען, קהלעווען (זיך קהלן), קללהווען, שוסטרע־ווען, תּכלעווען. זיך מערקן די נעאָלאָגיזמען: זכרונעווען, מלחמהווען, פּאָע־טעווען.

ווען חער שורש ענדיקט זיך אויף אַ ־ה אָדער אויף אַ ־ע, קען פֿאַרשטייט זיך צוגעזעצט ווערן בלויז ־וע־.

7. דער סופֿיקס ־ל (מיטן טראָפּיקן למד צום סוף פֿון ווערבאַלן שטאַם) איז אָפֿט, איז אויפֿטועריש און האָט אַ באַזונדערן קלאַנגיקן חן. באַדאַרף מען ניט קאַרגן די דוגמאָות: בורבלען, בײַטלען, בינטלען, בעטלען, בליצלען, בלינצלען, גריבלען זיך, וויצלען זיך, זאַמלען, טינטלען, טריפּלען, פּשטלען זיך, פֿינקלען, פֿעכלען, צערטלען, קייטלען (זיך) קײַקלען, קינדלען, קיצלען, קליגלען זיך, קלינגלען, קעכלען, קעצלען זיך, קרענקלען, רייטלען זיך, רינגלען, שוואַרצלען.

דער ווערבאַלער סופֿיקס ־ל איז אַזוי ווי אַ שוועסטערקינד פֿון סופֿיקס בײַם דימינוטיוו (זען סוב׳, חו), און שוועסטערקינדער זעען אָפֿט אויס גלײַך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דער ווערבאַלד סופֿיקס ברענגט מיט פֿאַרקלענע־רונג פֿון דער טואונג און עס איז מעגלעך אויך אַ פֿאַרצערטלעכונג. ווײַסן הייסט: מאַכן ווײַס; ווײַסלען באַטײַט: מאַכן אַ ביסל ווײַסער. ווער מיר האָבן די ווערבן: בלעזלען, בערשטלען, ברעקלען, גלעקלען, ווערטלען זיך, לידלען,

טענצלען, שלענגלען זיך און אַנדערע פֿון דעם שניט, קען מען זאָגן אַז די זײַנען אויפֿגעשטעלט אויף די פּאַרקלענער־פֿאָרמען. אָבער עס איז ניטאָ קיין שום נוצן אין אויסטײלן באַזונדער אָט די ווערבן פֿון די פֿריִער אויסגערעכנטע.

עס האָט יאָ אַ זינען אויסצוטײלן די אַלע ווערבן וואו דער טראַפּיקער למד איז צום סוף פֿון זייער שורש אין ייִדיש (ניט פֿון אַ היסטאָרישן שטאַנד־פּונקט גענומען). עס איז גאָר ניטאָ דער ווערבאַלער סופֿיקס ־ל אין די ווערבן: גאַרגלען, האַגלען, האַנדלען, הובלען, העקלען, וואָגלען, וואַקלען זיך, טובֿלען, יובֿלען, יכלען [׳יאָכלען׳].

8. דער ווערבאַלער סופֿיקס ־ער בינדט זיך:

א) מיט ־ער אין קאָמפּאַראַטיוו, דהײַנו: בעסערן, העכערן, גרע־סערן, לינדערן, לענגערן, מילדערן, עלטערן (זיך), ייִנגערן (זיך), בייזערן זיך, פֿאַרערגערן, פֿאַרטיפֿערן, פֿאַרלײַכטערן, באַרײַכערן, דערנענטערן (זיך), פֿאַר־גיכערן, פֿאַרביליקן;

ב) מיט דער ענדונג ־ער פֿון מערצאָל, דהײַנו: בלעטערן, רעדערן, גלעקערן, לעכערן, גלידערן, ציינערן, באַפּעלקערן, פֿאַרגעטערן, צעשטיקערן, פֿאַרשטיינערן;

ג) מיטן סופֿיקס ־ער פֿון סובסטאַנטיוו וואָס באַצייכנט דעם טוער, דהײַנו: קרעמערן, שנײַדערן, מערדערן, שוסטערן, שרײַבערן, דאָקטערן, מײַסטערן, פֿישערן, פֿושערן, קירזשנערן. [ניט אומעטום איז דאָ פֿאַראַן דער סופֿיקס ־ער, בלויז די לעצטע צוויי קלאַנגען אין נאָמען פֿון אַ טוער, און דאָ קען אויך זײַן אַ בײַטעם פֿון ביטול.]

אַחוצדעם זײַנען פֿאַראַן ווערבן מיט ־ער פֿון די פֿאַרשיידנסטע געביטן: רייכערן, שלעפּערן, לופֿטערן, טרילערן, לאָקערן, מאַטערן, וואָכערן, אײַנבּיר־גערן, טרייבערן, נישטערן.

מיר האָבן אַ סך ווערבן אויף ־ערן וואו סע שיקט זיך ניט אײַנצוזען אין זיי דעם ווערבאַלן סופֿיקס ־ער, נאָר וואָס זײַנען גאָר גרונטיקער אָדער פּשוטע ווערבן, געשאַפֿענע פֿון סובסטאַנטיוון אָדער אַדיעקטיוון מיט די לעצטע צוויי קלאַנגען (ער) אין זייער שטאַם. דוגמאָות: זומערן, האַמערן, הונגערן, יאָמערן, וואונדערן זיך, פּלאָנטערן, פֿײַערן, הויקערן, טרויערן, וואַנדערן, וואַלגערן, פּודערן; זײַערן, לײַטערן, (פֿאַר)ביטערן, (פֿאַר)זיכערן, זויבערן, מונטערן, דערווידערן.

אַוודאי איז ניטאָ קיין שום סופֿיקס אין די העברעאיזמען מיט די לעצטע צוויי קלאַנגען [־ער], ווי אין: אַווירן, הכשרן, זמרן, חזירן, חיבורן, חזרן, כּשרן, מוסרן, מזמורן, מסרן, מעשׂרן, משוררן, סדרן, פּגרן, פּטרן.

9. דער ווערבאַלער סופֿיקס ־יק קען זיך בינדן בלויז מיטן אַדיעקטי־ווישן סופֿיקס ווי מע זעט עס אין די ווערבן: (פֿאַר)איבעריקן, בלוטיקן, (פֿאַר)גוואַלדיקן, באַגינציקן, באַגנעדיקן, גרונטיקן, (פֿאַר)דעכטיקן, באַוואַל־דיקן, (באַ)ווייליקן, באַזײַטיקן, זינדיקן, (פֿאַר)לײַזיקן, מוטיקן, מעכטיקן,

נעכטיקן, צײַטיקן, ציכטיקן, קאַנטיקן, קויטיקן, קינציקן, רונדיקן, שטוביקן, שטענדיקן. און ווײַטער איז דער ־יק ניט קיין טייל פֿון אַן אַדיעקטיוו, נאָר אַ פֿאַרזיכדיקער סופֿיקס: ענדיקן, פּײַניקן, רייניקן, שעדיקן, קרייציקן, באַרעכטיקן, באַלאַסטיקן, געוועלטיקן, באַשעפֿטיקן, פֿעסטיקן, דערקונדיקן (זיך).

אין ווייטיקן, פֿרישטיקן, האַרבעריקן, פֿאַרטיידיקן איז ניטאָ קיין סופֿיקס, ווײַל ־יק איז דאָ אַ טייל פֿון שורש.

10. דער סופֿיקס ־קע (און ניט ק אַליין, ווײַל דער ע בלײַבט דאָך אין אַלע פֿאָרמען פֿון ווערב) גיט איבער דאָס נאָכמאַכן קלאַנגען. דוגמאות: בעקען, מוקען, מעקען, כניקען, כריוקען, מורקען, מרוקען, קוואַקען, באַמקען, באָמקען. עס איז אויך אָנאָמאַטאָפּעאיש: סמאָטשקען, טראַסקען, פֿאָרסקען, און אַפֿילו: צאַצקען (זיך). פֿאַרשטייט זיך אַז דאָ קען מען שאַפֿן אַזוי פֿיל ווערבן וויפֿל עס זײַנען נייטיק אויף איבערצוגעבן דאָס נאָכמאַכן אַ קלאַנג וואָס מע האָט פֿריִער ניט געהאַט געפּרוווט עס צו טאָן.

.XV

# די ווערבידן

## א. כאַראַקטער פֿון אינפֿיניטיוו

1. מע רופֿט אָן דעם אינפֿיניטיוו פֿון ווערב, ווען מע וויל אָנווײַזן אויף אַלע זײַנען פֿאָרמען. אַזוי פֿירט מען זיך, אַזוי פֿירן זיך די ווערטערביכער. אָבער עס איז באַקוועמער און אויך פּאַסיקער אויסצוטיילן דעם אינפֿיניטיוו צוזאַמען מיטן גערונדיוו און מיטן פּאַרטיציפּ אין אַ באַזונדערן וואָרטקלאַס, ווײַל אָט די פֿאָרמען האָבן ניט די הויפּט־אייגנשאַפֿט פֿון ווערב זיך צו בײַטן לויט צײַטן און פּערזאָנען און פֿאַרמאָגן אויך אַנדערע שטריכן וואָס דער ווערב האָט זיי ניט. דער אינפֿיניטיוו האָט אַ צווייאיקן כאַראַקטער: זײַן ווערבאַלן און סובסטאַנטיווישן מהות.

2. דער אינפֿיניטיוו איז אַ באַשטאַנדטייל פֿון אַ צאָל צונויפֿגעזעצטע ווערבאַלע פֿאָרמען. ער העלפֿט שאַפֿן: די קומעדיקע צײַט (איך וועל זאָגן), די צווייטע קומעדיקע צײַט (איך וועל האָבן געזאָגט), אַזוי אויך אין דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע (איך וועל ווערן געלויבט), אין דער ערשטער און דריטער פּערזאָן פֿון אימפּעראַטיוו (זאָל ער זאָגן, לאָמיר זאָגן), דעם קאָנדיציאָנאַל (איך וואָלט זאָגן), דעם קאָניונקטיוו (איך זאָל זאָגן), דעם אַספּעקט פֿון פֿיל־מאָליקייט (איך פֿלעג זאָגן), דעם אַספּעקט פֿון באַשטענדיקייט (איך טו זאָגן), אויך אַנדערע אַספּעקטן (האַלטן אין זאָגן, אין איין זאָגן, קומען צו גיין). זעען מיר ווי גרויס עס איז די ראָלע פֿון אינפֿיניטיוו בײַם אויפֿשטעלן ווערבאַלע פֿאָרמען.

3. פֿאַראַן אַ גאָר וויכטיקע ווערבאַלע אייגנשאַפֿט פֿון ווערב אין דעם אינפֿיניטיוו. אויב דער ווערב איז אַ טראַנזיטיווער, קומט אויך נאָך זײַן אינפֿיניטיוו — דער אַ ק ו ז אַ ט י װ. דוגמאות: זאָגן דאָס קלוגע וואָרט, טראָגן די שווערע משׂא, לייענען דאָס אינטערעסאַנטע בוך, דורכפֿירן דעם קאַנאַל, אַרויסשטעלן די קאַנדידאַטור פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן טוער. אויב מע שטעלט דאָ חלילה אַרײַן די פּרעפּאָזיציע פ ו ן, בײַט זיך דער זינען פֿון דער פֿראַזע: דעמאָלט רעדט זיך וועגן אַ טייל פֿון דער טואונג און ניט וועגן דער גאַנצער טואונג. לייענען פֿון דעם בוך — באַטײַט: ניט דאָס גאַנצע בוך, נאָר בלויז אַ טייל פֿון דעם בוך; דאָס אויסאַרבעטן לעדער — באַטײַט: פּראָדוצירן לעדער פֿון פֿעל, דאָס אויסאַרבעטן פֿון לעדער — באַטײַט: פֿון

לעדער וואָס איז שוין גרייט אויסאַרבעטן אַ קאָנקרעטע זאַך (אַ פּאָרטפֿעל, הענטשקעס אָדער עפּעס אַן אַנדער זאַך).

ליידער טרעפֿט מען דאָ ניט זעלטן גרײַזן וואָס קומען פֿון טראַכטן ניט אויף יידיש אָדער פֿון איבערזעצן פֿון אַן אַנדער לשון. זאָל מען זײַן געוואָרנט פֿון אַזאַ מין גרײַזן!

4. פֿון דער צווייטער זײַט האָט דער אינפֿיניטיוו גאָר וויכטיקע אײגנ־שאַפֿן פֿון סובסטאַנטיוו. ער קען קומען מיט אַן אַרטיקל; אויב דער אַרטיקל איז דער באַשטימער, איז עס שטענדיק ד אָ ס, מיט אַנדערע ווערטער: דער אינפֿיניטיוו געהערט צום נייטראַלן מין; דערבײַ איז דאָ ניטאָ קיין אײן יוצא־מן־הכלל. דער אינפֿיניטיוו קען אויך קומען מיט אַן אַדיעקטיוו, מיט אַן אַדיעקטיוויש צאָלוואָרט, מיט אַן אַדיעקטיווישן פּראָנאָם; פֿאַר אים קען קומען אַ פּרעפּאָזיציע מיט איר אָפּגעזונדערטן באַטײַט; מיט אים קען זײַן דער פּאָסעסיוו. דוגמאות: דאָס וואַרטן העלפֿט ניט; עס ווערט איבערדריסיק דאָס גע־ווּנד זײַן; עס הערט זיך פֿון ערגעץ אַ זיפֿצן; „קראַצן און באָרגן איז גוט נאָר אויף אַ ווײַל" (שוו) און „דאָס קראַצן און דאָס באָרגן . . ." „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן" (שע); „דאָס כסדרדיקע וויינען פֿונעם קינד לאָזט ניט שלאָפֿן", „אַ ביטער בענקען קען זײַן אַ שטער פֿאַרן געזונט"; „זייער לאַכן פֿלעגט דאָך קלינגען ווי דאָס ליד פֿון נאַכטיגאַלן" (מ. ראָזענפֿעלד); „מיט וויינען און מיט קלאָגן וועט מען דעם דלות ניט פֿאַריאָגן" (שוו); „פֿון זאָגן טוט מען ניט טראָגן" (שוו); „בײַם שפּילן זיך איז ער שוין געווען בײַ אונדז אין די הענט" (ממוס); „פֿריילין קאַפּלאַנס טאַנצן האָט אַלעמען פֿאַר־וואונדערט", „פֿייגעס פֿיש־קאָכן האָט געהאַט אַ שם אין שטעטל" (שע), „דעם אַנדערנס יסורים איז אַ גרינגער תענית" (שוו).

איין בולטער פֿאָרמעלער סימן פֿון סובסטאַנטיוו פֿעלט דעם אינפֿיניטיוו — די מערצאָל־פֿאָרעם, דאָס הייסט ס׳פֿעלט דעם אינפֿיניטיוו די פֿעאיקייט צו קענען האָבן איינע פֿון די מערצאָל־ענדונגען. בעת מע זאָגט: „די עסנס האָבן ניט קיין טעם", „אַזוי פֿיל לעבנס זײַנען פֿאַרשניטן געוואָרן" — זײַנען דאָ ניטאָ קיין אינפֿיניטיוון, נאָר געוויינטלעכע סובסטאַנטיוון. עס איז פֿאַראַן אַ קלאָרער סעמאַנטישער גרענעץ צווישן אינפֿיניטיוו און סובסטאַנטיוו. דער אינפֿיניטיוו איז דער נאָמען פֿון דער טואונג און אין פֿאַרבינדונג מיטן פּראָצעס פֿון טאָן. אַ סובסטאַנטיוו פֿון אַ ווערבאַלן שטאַם ווײַזט אויפֿן אַקט אָדער אויפֿן פּראָצעס פֿון דער טואונג, אויך אויפֿן רעזולטאַט פֿון דער טואונג. אַזוי אַרום איז דאָס באַשרײַבן ניט דאָס זעלביקע ווי די באַשרײַבונג אָדער דאָס באַשרײַבעניש.

5. אַלע פֿונקציעס פֿון דעם סובסטאַנטיוו אין זאַץ פֿירט דורך אויך דער אינפֿיניטיוו. דער אינפֿיניטיוו קען זײַן דער ס ו ב י ע ק ט אין זאַץ: „רעדן איז זילבער, שווײַגן איז גאָלד"; „לײַען און באָרגן מאַכט גרויסע זאָרגן"; „פֿרי אויפֿשטיין און פֿרי חתונה האָבן שאַט ניט"; „אַ קונץ איז צו קויפֿן סחורה און צו האָבן קינדער, נאָר אַ גרעסערע קונץ איז סחורה צו פֿאַרקויפֿן און קינדער מגדל צו זײַן" (שוו). דער אינפֿיניטיוו קען אויך זײַן אַ טייל פֿון

דעם פּרעדיקאַט: „אַלץ קען דער מענטש פֿאַרגעסן, נאָר ניט צו עסן"; „בורטשען איז ניט רעדן און קנײַפּן זיך איז ניט ליב האָבן"; „דינגען אַ פֿורל און שפּאַנען צו פֿוס הייסט אָפּטאָן דעם בעל־עגלה אויף טערקיש" (שוו).

דער אינפֿיניטיוו איז זייער אָפֿט דער אָביעקט אין זאַץ: „די מלאָכה האָט ליב צו מאַכן אַ ברכה"; „ווער עס האָט ליב צו נעמען האָט פֿײַנט צו געבן" (שוו); „איך ווינטש אײַך צו דערלעבן ביז הונדערט און צוואַנציק". דער אינפֿיניטיוו קען אויך זײַן אַן אַטריבוט, ווען ער ציט זיך צו אַ סובסטאַנטיוו: דער חשק צו טאַנצן, דער מנהג פֿרי חתונה צו מאַכן, די געלעגנהייט אַרויסצופֿאָרן פֿון שטעטל. אויך אַלע מינים אומשטאַנד־באַשטימונגען קען מען אויסדריקן דורכן אינפֿיניטיוו מיט אַ פּרעפּאָזיציע: וואַרטן ביזן אָנקומען פֿון דער באַן, בלײַבן אין געפּאַנגענשאַפֿט נאָכן שליסן שלום, זײַן צוגעבונדן צו די איבעריקע ספּאָרטסלײַט ביזן אָנקומען צום שפּיץ פֿון באַרג; „פֿון ווינטשן ווערט מען ניט רײַך"; „דורך שווײַגן קען מען אויך שרײַען"; „פֿאַר שווײַגן קומט אַמאָל מער שכר ווי פֿאַר רעדן" (שוו).

דעם אינפֿיניטיוו טרעפֿט מען באַזונדער אָפֿט פֿאַר אַ ציל־באַשטימונג און מע דאַרף דאָ ניט קיין פּרעפּאָזיציע, נאָר די קאָניונקציע כּדי: „צוואָס שטייט זי אונטער אַ ביימעלע? — בלעטלעך צו רײַסן. — צוואָס טויגן איר בלעטלעך? — קיִעלעך צו שמײַסן. — צוואָס טויגן איר קיִעלעך? — מילך אָפּצומעלקן" (פֿל); „דאָס ציגעלע איז געפֿאָרן האַנדלען, קויפֿן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען"; דינגען אַ פֿור כּדי צו פֿאָרן אין שטאָט, לערנען גאַנצע נעכט כּדי אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען.

דער אינפֿיניטיוו קען אויך זײַן אַן אַפּאָזיציע: „איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע חתונה — געזעגענען זיך" (שע). פֿאַראַן אויך דער אַבסאָלוטער אינפֿיניטיוו אין אויסרופֿזאַצן און אין פֿרעגזאַצן. אַזאַ אינפֿיניטיוו איז אַ פֿונקציאָנעל זאַצוואָרט, וואו דער סוביעקט און דער פּרעדיקאַט זײַנען צונויפֿגעשמאָלצן אין דעם איינעם אינפֿיניטיוו, וואָס קען דערבײַ אויך האָבן צו זיך באַשטימווערטער. דוגמאָות: „שווײַגן! פֿאַרמאַכן ס׳מויל! אַנטשטומט ווערן!"; „אַרויסטראָגן אַלץ פֿון שטוב! גלײַך אַנטלויפֿן!"; „שלאָגן אַ טאַטן?!", „זיך אויפֿהייבן און פֿאָרן? מיט וואָס?" (שע).

## ב. די פֿאָרעם פֿון אינפֿיניטיוו

1. נאָך זײַן דרויסנדיקער פֿאָרעם נאָך איז דער אינפֿיניטיוו גלײַך צו דער ערשטער און דריטער פּערזאָן מערצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט: מיר טראָגן, זיי טראָגן — טראָגן; מיר קומען, זיי קומען — קומען. די געווײנטלעכע פֿלעקסיע פֿונעם אינפֿיניטיוו איז דער טראַפֿיקער נון וואָס קומט צו צום ווערבאַלן שטאַם. אויב קיין טראַפֿיקער נון איז ניט מעגלעך, קומט צו צום ווערבאַלן שטאַם די פּאַראַלעלע פֿאָרעם פֿון דער זילביקער פֿלעקסיע ־ען. מיר דערמאָנען, דער טראַפֿיקער נון איז ניט מעגלעך, ווען דער שטאַם פֿון ווערב ענדיקט זיך אויף אַ וואָקאַל אָדער אויף אַ דיפֿטאָנג, אויף מ, נ,

גג, נק, אויף אַ טראַפּיקן ל, למשל: בליִען, בויען, צוימען, ברענען, זינגען, זינקען, האַנדלען.

זען ווערב בּ4. בײַ ווערבן פֿון דער צווייטער קאָניוגאַציע איז אייגנטלעך ניטאָ קיין שום באַזונדערקייט בײַם פֿורעמען דעם אינפֿיניטיוו: מיר (זיי) האַרעווען — האַרעווען; מיר (זיי) קוויטשען — קוויטשען; מיר (זיי) הוידען זיך — הוידען זיך.

ווען דער ווערב האָט צו זיך אַ קאָנווערב, קומט דער קאָנווערב אינאיינעם מיטן ווערב און ווערט געשטעלט פֿאַר אים: מיר (זיי) זאָגן אויס — אויסזאָגן; מיר (זיי) לעבן דורך — דורכלעבן; מיר (זיי) קומען זיך צונויף — צונויפֿקומען זיך.

2. נאַטירלעכערווײַז באַקומט זיך די ענדונג ־ענען, ווען דער ווערבאַלער שטאַם ענדיקט זיך אויף אַ טראַפּיקן נון: איך רעכן, מיר (זיי) רעכענען — רעכענען; איך טריקן, מיר (זיי) טריקענען — טריקענען; איך עפֿן, מיר (זיי) עפֿענען — עפֿענען. אַזוי אויך: רעגענען, צאַרענען אָדער צערענען, שאַטענען, וואָלקענען זיך, וואַרענען, געזעגענען זיך, שדכנען, פֿאַרעקשנען זיך, יחסנען זיך, לייקענען, לקחנען (דער שטאַם: לקחן), חלפֿנען, חשבונען.

די פֿאַרטאָפּלטע פֿלעקסיע ־ענען איז אויך פֿאַראַן אין אַ צאָל ווערבן־העברעאיזמען: איך גנבֿע, מיר (זיי) גנבֿענען — גנבֿענען; איך הרגע, מיר (זיי) הרגענען — הרגענען. פֿאַר דער כּלל־שפּראַך ווערן רעקאָמענדירט בײדע פֿאָרמען, אָבער די בכּורה ווערט אָפּגעגעבן דער פֿאַרטאָפּלטער פֿלעקסיע. אין אַנדערע פֿאַלן דאַרף די כּלל־שפּראַך בלויז די קירצערע פֿאָרעם: בריהן זיך, חכמהן זיך, מלאָכהן, שׂרפֿען און אַנדערע. זיך מערקן: חקירהן און חקרנען זיך (דער שטאַם איז חקרן), ירשען און ירשענען (אויב מע באַטראַכט ווי דעם שטאַם: ירשן).

3. די ווײַטערדיקע אינפֿיניטיוון זײַנען לויט זייער פֿאָרעם יוצאים־מן־הכּלל, ווײַל זיי פֿאַלן ניט צונויף מיט דער ערשטער און מיט דער דריטער פּערזאָן מערצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט: זײַן — הגם מיר זײַנען אָדער זענען, גיין — הגם מיר גייען, שטיין — הגם מיר שטייען, זען — הגם מיר זעען, טאָן — הגם מיר טוען, וויסן — הגם מיר ווייסן, וועלן — הגם מיר ווילן, געבן — הגם מיר גיבן.

## ג. דער פּאַרטיקל צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו

1. דער צו וואָס קומט פֿאַר אַן אינפֿיניטיוו ווערט דאָ אָנגערופֿן פּ אַ ר ט י ק ל, ווײַל קיין פּרעפּאָזיציע איז ער ניט. יעדע פּרעפּאָזיציע האָט איר אָפּגעזונדערטן באַטײַט, אָבער דער צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו האָט ניט קיין באַזונדערן באַטײַט. ער קומט צו ווי אַ ס י מ ן פֿון דעם אינפֿיניטיוו. מע וואָלט אויך געקענט פֿאָרמולירן אַז אין ייִדיש איז דער צו אַזוי ווי אַ טייל פֿון דעם אינפֿיניטיוו, אָבער ניט שטענדיק קיין אַבסאָלוט בויטווענדיקער טייל, נאָר אַזאַ מין טייל וואָס אין געוויסע פֿאַלן איז ער אַבסאָלוט בויטוועדיק,

אין אַנדערע פֿאַלן איז ער אוממעגלעך און אין אַ באַגרענעצטער צאָל פֿאַלן האָט מען די ברירה יאָ אָדער ניט צו ניצן דעם צו. אויב מע זאָל אויפֿשטעלן אַ ריי בהדרגהדיקע איבערגאַנגען פֿון אינפֿיניטיוו צום סובסטאַנטיוו, קומט אויס אַנצוהייבן מיט צו: צו עסן — עסן — דאָס עסן — דאָס נעכטיקע עסן — די נעכטיקע עסנס.

2. עס איז פֿאַראַן אַ קלאָרער סעמאַנטישער חילוק צווישן צו און צום פֿאַרן אינפֿיניטיוו. צו איז דער פּאַרטיקל, צום איז די פּרעפּאָזיציע צו וואָס איז צונויפֿגעשמאָלצן מיטן באַשטימטן אַרטיקל דעם. „מיר האָבן אים געצוואונגען צו אַרבעטן" — באַטײַט: סתּם צו אַ טואונג וואָס מע רופֿט אַרבעטן; „מיר האָבן אים געצוואונגען צום אַרבעטן" — באַטײַט: צו דער באַשטימטער אַרבעט, צו דער אַרבעט וואָס מיר האָבן קאָנקרעט אין זינען. די אינפֿיניטיוון זײַנען דאָ ניט גלײַך: אין ערשטן זאַץ האָט מען סתּם אַן אינפֿיניטיוו מיט זײַן געוויינטלעכער אומבאַשטימטקייט, אין צווייטן זאַץ האָט מען אַן אינפֿיניטיוו וואָס דינט שוין ווי אַ סובסטאַנטיוו. דאָס זעלביקע זעט מען אין חילוק צווישן: הכנות צו פֿאָרן און הכנות צום פֿאָרן, אַפּעטיט צו עסן און אַפּעטיט צום עסן. דעם פֿולן פּאַראַלעליזם צווישן די סובסטאַנטיוון עסן און אַפּעטיט זעען מיר אין שפּריכוואָרט: „איינער האָט קיין אַפּעטיט צום עסן, דער אַנדערער האָט קיין עסן צום אַפּעטיט". דער חילוק צווישן צו און צום איז דער חילוק צווישן אַן אינפֿיניטיוו און אַ סובסטאַנטיוו.

דער חילוק ווערט קלאָרער אינעם גאַנצן צונויפֿשטעל פֿון זאַץ, ווען דער ווערב קומט מיט אַ קאָנווערב אָדער דער ווערב איז אַ צונויפֿגעזעצטער. דאָס ווערט בולט אין אַזעלכע זאַצן: „מיר האָבן זיך געשטופּט אַרויסצוגיין" און „...צום אַרויסגיין"; „ער קען זיך ניט נעמען עס איבערצומאַכן" און „...צום איבערמאַכן עס". און בײַ צונויפֿגעזעצטע ווערבן: „ער האָט זיך ניט געאײַלט חתונה צו האָבן" און „ער האָט זיך ניט געאײַלט צום חתונה־האָבן"; „ער איז געקומען מושווה צו ווערן מיט אונדז" און „...צום מושווה־ווערן מיט אונדז".

3. דער פּאַרטיקל צו קומט האַרט פֿאַרן אינפֿיניטיוו. צווישן צו און אינפֿיניטיוו טאָר קיין שום אַנדער וואָרט, קיין שום אַנדער טייל פֿון אַ וואָרט ניט זײַן. קומט צו נאָך זיך (זיך צו באַגעגענען, זיך צו פֿאַרטראַכטן, זיך צו דערשלאָגן). קומט צו נאָכן קאָנווערב (אויסצוטראַכטן, אַרײַנצושלאָגן, אויפֿצומונטערן, אַראָפּצונעמען). אין צונויפֿגעזעצטע ווערבן קומט צו האַרט פֿאַרן הילפֿסווערב (חתונה צו האָבן, זיך מיישבֿ צו זײַן, ניט מטושטש צו ווערן, אַ גוטן שידוך צו טאָן).

אָפּצוהיטן אָט דעם כּלל דאַרף מען זײַן באַזונדער געוואָרנט בײַ די קאָנווערבן אונטער און איבער. ווי אַלע קאָנווערבן האָבן זיי דעם אַקצענט אויף זיך און דער צו קומט צווישן זיי און דעם ווערבאַלן שטאַם: אונטערצוזאָגן, אונטערצוחתמען, אונטערצושטיצן; איבערצוזאָגן, איבערצודערציילן, איבערצוצוקערן.

4 ווען דער אינפֿיניטיוו איז ניט קיין טייל פֿון אַ ווערבאַלער פֿאָרעם און ער קומט אין זאַץ אָפּהענגיק פֿון אַן אַנדער וואָרט — קומט פֿאַר אים שטענדיק דער פּאַרטיקל צו. דאָס איז דער גרונט־כּלל וועגן ניצן דעם פּאַרטיקל.

דער אינפֿיניטיוו וואָס איז ניט אָפּהענגיק פֿון אַן אַנדער וואָרט אין זאַץ איז אַן א ו מ אָ פּ ה ע נ ג י ק ע ר. דער אַבסאָלוטער אינפֿיניטיוו („זיך נעמען צו דער אַרבעט! שוין אַוועקגיין?"), דער אינפֿיניטיוו וואָס איז דער סוביעקט פֿון זאַץ („חרטה האָבן איז ניט מעשׂה סוחר"), אַן אינפֿיניטיוו וואָס איז אַ טייל פֿון אַ ווערבאַלער פֿאָרעם — זיי זײַנען אומאָפּהענגיקע אינפֿיניטיוון. אַלע אַנדערע אינפֿיניטיוון אין זאַץ זײַנען אָפּהענגיק פֿון אַן אַנדער וואָרט און פֿאַרבינדן זיך מיט יענעם וואָרט דורכן פּאַרטיקל צו וואָס איז כּמעט שטענדיק דער סימן פֿון אָפּהענגיקן אינפֿיניטיוו מיטן וואָרט צו וועלכן דער אינפֿיניטיוו ציט זיך. קומט צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו:

א) נאָך אַ סובסטאַנטיוו, למשל: דער חשק צו לעבן, צרות ניט אַריבער־צוטראָגן, די קונסט צו מאָלן, אַ חולאת ניט אויסצוהיילן, די התחלה צו טאָן תּשובֿה;

ב) נאָך אַן אַדיעקטיוו, למשל: שווער צו לעבן, גוט זיך אײַנצוהאַלטן, ניט לײַכט אַראָפּצושלינגען אַן עוולה, גליקלעך ניט אויסצודערציילן, דער־הויבן זיך מוסר־נפֿש צו זײַן;

ג) נאָך אַ ווערב, למשל: צוזאָגן צו קומען הײַנט, עצהן עמעצן זיך צו גטן, שוין זיך אָנשטרענגען אַריבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן, זיך אויפֿהייבן אַרויסצוטרײַבן דעם הונט; „חתונה צו האָבן, צו קנעלן און צו שטאַרבן פֿאַרזוימט מען נישט" (שוו), „עס איז כּדאַי צו לעבן, ווען די טײַערע זײַנען דערנעבן"; „אַהין און אַהער זיך וויגן, אַבי צו זאָגן אַ ליגן" (שוו); אײַנרעדן מקיים צו זײַן דעם צוזאָג (פּטור צו ווערן פֿון אַזאַ אָנשיקעניש, רחמנות צו האָבן אויפֿן יתום, תּשובֿה צו טאָן אויף די זיבד).

5. כּדי צו פֿאַרפֿעסטיקן און צו פֿאַרשטאַרקן וואָס עס איז געזאָגט אין פֿריערדיקן פּונקט — פֿאָרמולירן מיר איצט דעם הויפּט־כּלל ווען נ י ט צו ניצן דעם פּאַרטיקל צו: דער אומאָפּהענגיקער אינפֿיניטיוו קומט אָן צו. מע דאַרף אים ניט:

א) בײַם אַבסאָלוטן אינפֿיניטיוו, למשל: „לייג זיך שלאָפֿן". — „שלאָפֿן? אויף דעם איז קיין צײַט ניטאָ", „סטײַטש? נעמען אַ מענטשן און אים פֿאַר־מוטשען אויף טויט!"

ב) בײַם אינפֿיניטיוו וואָס איז אַן אַפּאָזיציע, למשל: „עס איז געבליבן איין ברירה — מאַכן אַן אויפֿשטאַנד" (ווען עס קומט אַרײַן צו, ווערט עס אַ געווײנטלעכער אַטריבוט); „ער קען נאָר איינס: שרײַען חי־וקיים".

ג בײַם אינפֿיניטיוו וואָס איז אַ ס ו ב י ע ק ט און קומט אין אָנהייב זאַץ, למשל: „צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט ניט קיין געלט"; „לויפֿן און קויפֿן

טויג נישט"; „גנבֿענען איז אַ גרעסערע חרפּה ווי אָפּגעבן". אַזוי איז עס בעסער, אָבער עס איז ניט קיין מוז שטענדיק אויסצוקומען אָן דעם צו; מע קען דאָך אויך ניצן: „צו פֿאַרוואונדן איז גרינג, אָבער צו היילן איז שווער", „צו לאַכן איז געזונט".

ווען דער אינפֿיניטיוו דער סוביעקט איז ניט אָנהייב זאַץ — דאַרף פֿאַר אים זײַן דער פּאַרטיקל צו, למשל: „עס פּאַסט פֿאַר אַ ייִנגערן זיך צוצוהערן צו די רייד פֿון אַן עלטערן"; „גרינג צו זאָגן, שווער צו טראָגן"; „לײַכט איז צו לעבן, שווער איז צו שטאַרבן"; „עס איז גרינג צו לײַען און שווער אָפּצוגעבן".

6. בײַם יאָ אָדער ניט ניצן דעם פּאַרטיקל צו דאַרף אָפּגעהיט ווערן דאָס געזעץ פֿון אַן אויסגעהאַלטענעם פּאַראַלעליזם. עס קען ניט איין מאָל יאָ זײַן צו און אַ צווייט מאָל זאָל ניט זײַן צו. דוגמאָות: מיט צו — „בעסער בײַם ערגסטן צו האָבן איידער דעם בעסטן שולדיק צו זײַן"; „בעסער מיט אַ קלוגן צו פֿאַרלירן איידער מיט אַ נאַר צו געפֿינען"; „בעסער זיך צו ווינטשן איידער יענעם צו שעלטן"; אָן צו — „בעסער צען מאָל פֿרעגן איידער איין מאָל בלאָנדזשען"; „בעסער אָן אומרעכט לײַדן איידער אָן אומרעכט טאָן"; „בעסער פֿרײַער באַוואָרענען איידער שפּעטער באַוויינען". ווען קיין פּאַראַלעליזם איז ניטאָ, איז ניט קיין מוז איבערצוחזרן דעם צו, למשל: „ער פֿלעגט קומען אויף דער קוואַרטיר נאָר וואָס ס'איז אָפּצועסן און שלאָפֿן" (ממוס).

7. נאָך מאָדאַלע ווערבן קומט ניט צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו. (וועגן מאָדאַלע ווערבן זען ווערב, ב2). עס קענען זײַן פֿאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם גרענעץ צווישן מאָדאַלע ווערבן און הילפֿסווערבן, וועגן באַשטענדיקע מאָדאַלע ווערבן און די וואָס זײַנען מאָדאַל בלויז אין איין באַשטימטן באַטײַט. מיר האָבן דאָ אין זינען: דאַרפֿן, מוזן, מעגן, (ניט) טאָרן, לאָזן, וועלן (איך וויל), קענען. צו זיי קומען צו: טויגן, הייסן, נעמען, וואָס זיי זײַנען מאָדאַל בלויז אין אַ באַשטימטן באַטײַט.

דוגמאָות: ער דאַרף באַלד אָנקומען; מיר מוזן זיך פֿאַרטיידיקן; איצט מעג מען שוין אויסזאָגן; מע טאָר די זאַכן ניט אָנרירן; לאָז שוין נעמען אַ סוף; ער וויל דורכפֿירן זײַנס; דו וועסט קענען פֿאַרריכטן, עס טויג ניט האַרעווען איבער די כּוחות (אָבער: עס טויג ניט זיך אַרײַנצומישן אין זייערע עסקים, ער טויג ניט אַ קאַץ אַן עק צו פֿאַרבינדן); ער הייסט אַלעמען אַוועקגיין; מיר נעמען אַרבעטן מיט חשק.

8. נאָך וויכטיקע פֿאַלן אָן צו פֿאַרן אינפֿיניטיוו:

א) נאָך ווערבן וואָס ווײַזן אָן אויף אַ באַוועגונג ווי: גיין, קומען, לויפֿן, פֿאָרן, שפּרינגען, אײַלן זיך, לייגן (זיך), זעצן זיך, שטעלן זיך, טראָגן, רופֿן, שיקן. דוגמאָות: גיין כאַפּן פֿיש, פֿאָרן זען דעם רבין, לויפֿן אַרײַנכאַפּן אַ קדושה, גיך אויפֿשפּרינגען זיך אָנטאָן, לייגן דאָס קינד שלאָפֿן, זיך זעצן טרינקען טיי, טראָגן באַהאַלטן דאָס געלט, קומען באַצאָלן דעם

חוב, שטעלן זיך דאַוונען; „אַז מע שיקט אַ נאַר די לאָדן פֿאַרמאַכן, פֿאַרמאַכט ער זיי אין דער גאַנצער שטאָט" (שוו).

ב) נאָך אַ צאָל ווערבן וואָס ווײַזן אויף אַ פֿ אַ ר ל אַ ב ג ווי: גאַרן, באַגערן, בעטן, גלוסטן (זיך), ווינטשן, צילן, שלאָגן (זיך), חלשן, שטאַרבן. דוגמאָות: איך שטאַרב טרינקען, ער חלשט שלאָפֿן, מיר גאַרן זיך זען, קיינער באַגערט ניט שטאַרבן (קראַנק זײַן, פֿאַרלירן די אַרבעט); עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט חתונה האָבן; זיך שלאָגן אַרויסרײַסן זיך פֿון דער קלעם.

ג) נאָך די ווערבן: העלפֿן, בלײַבן, אויפֿהערן, ענדיקן, אָנהייבן, פּרוּוון. דוגמאָות: העלפֿן אָפּשיילן די בולבעס, בלײַבן זיצן בײַם קראַנקן, אויפֿהערן אַרבעטן פֿיר נאָכמיטאָג, ענדיקן זעצן די בראָשור, אָנהייבן גראָבן דעם באַרג, פּרוּוון קאָנטראָלירן זייערע דערגרייכונגען.

נאָך די אַלע ווערבן קען יאָ קומען דער צו, אויב דער אינפֿיניטיוו איז אָפּגערוקט פֿונעם וואָרט וואָס הערשט איבער אים. מע קען למשל אויך זאָגן: „אַז מע שיקט אַ נאַר די לאָדן צו פֿאַרמאַכן...", „עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט אָט שוין, נאָך דאָס יאָר, חתונה צו האָבן", „לאָמיר אויפֿהערן אין דער איצטיקער שווערער לאַגע צו פֿירן פּאַרטייאישע חשבונות".

## ד. נאָך אינטערעסאַנטע אינפֿיניטיוון

1. מיר האָבן דעם טאַוטאָלאָגישן אינפֿיניטיוו וואָס טרעפֿט זיך אי בײַם רעדן אי בײַם שרײַבן. דאָס איז יענער אינפֿיניטיוו וואָס קומט געוויינטלעך אָנהייב זאַץ און חזרט איבער דעם ווערב נאָך איידער מע ברענגט אים אַרויס אין זאַץ ווי דעם פּרעדיקאַט. אין די זאַצן איז דער אינפֿיניטיוו אין קורסיוו אַ טאַוטאָלאָגישער: קומען וועל איך זיכער קומען צו דיר; טראָגן טראָג איך גאָר מײַן אַלטן מאַנטל; ענדיקן פֿאַרענדיקט ער ניט די אַרבעט; וואַשן האָט ער זיך אָפּגעוואַשן נאָר פֿון יוצא וועגן. דער טאַוטאָלאָגישער אינפֿיניטיוו פֿירט דורך אַ ספּעציעלע פֿונקציע: ער הייבט אַרויס דעם באַטײַט פֿון ווערב, קומט ער אָפּט בײַ אַן אַנטקעגנשטעלונג און בײַם צוגעבן אַן עמאָציאָנעלע באַפֿאַרבונג דעם ווערב פֿון דעם זאַץ. ער מאַכט אויך מעגלעך אַז דער בייגיקער ווערב זאָל קומען אויף זײַן געוויינטלעכן צווייטן אָרט לויטן ווערטער-סדר, ווען מע וויל דווקא אָנהייבן דעם זאַץ מיטן ווערב. ברענגען מיר עטלעכע ציטאַטן: „ליגן ליג איך אויף מײַן געלעגער, אַנטשלאָפֿן ווערן קען איך ניט" (פֿל); „אויפֿהערן האָט די גבֿירה שוין ניט אויפֿגעהערט צו לאַכן" (פּרץ); „לערנען לערן איך ניט, דאַוונען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט, — פּטור פֿון אַלץ" (שע); „די קאַץ שפּילט זיך מיט דער מויז, אָבער אָפּלאָזן לאָזט זי זי ניט אָפּ" (שוו).

כדי עס זאָל זיך באַקומען אַ קלאַנגיקע סימעטריע זײַנען אויפֿגעקומען באַזונדערע פֿאָרמען פֿון דעם אינפֿיניטיוו וואָס טרעפֿן זיך בלויז דעמאָלט ווען ער איז טאַוטאָלאָגיש. באַקומען זיך אַזעלכע פֿאָרמען; בינען בין איך, איזן איז ער, טון טו איך, ווייסן ווייס איך, ווילן וויל איך, גיבן גיב איך.

דאָס זײַנען אַלץ פּסעוודאָאינפֿיניטיוון און אַזאַ פֿאָרעם ווי ׳זײַן בין איך׳ אָדער ׳געבן גיב איך׳ — איז די ניט־קאָרעקטע.

2. פֿאַראַן אַ ספּעציפֿישע קאָנסטרוקציע וואָס מע קען זי אָנרופֿן (לויטן מוסטער פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק) אַקוזאַטיוו מיטן אינפֿיניטיוו. מיר האָבן זי אינעם זאַץ: איך האָב געזען דעם פֿויער אַקערן, דאָס הייסט: איך האָב געזען ווי דער פֿויער אַקערט אָדער אַז דער פֿויער האָט געאַקערט. אָפֿטער און נאַטירלעכער זאָגט מען דאָס זעלביקע: איך האָב געזען דעם פֿויער אַקערנדיק. די דערמאָנטע קאָנסטרוקציע מיטן אינפֿיניטיוו און מיטן אַקוזאַטיוו דערציילט אייגנטלעך אַז געזען האָב איך דרײַ זאַכן: דעם פֿויער, דעם פּראָצעס פֿון אַקערן און די פֿאַרבינדונג צווישן פֿויער און דעם אַקערן. די קאָנסטרוקציע טרעפֿט זיך בעיקר נאָך די ווערבן ז ע ן און ה ע ר ן. דוגמאָות: „דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבן האָב איך געזען דעם טאַטן וויינען" (שע); „ווער האָט געזען אַזאַ פֿליִען פֿיר פֿערד" (פּרץ); „האָט מען אים געקאָנט זען... די גאַס דורכגיין" (בערגעלסאָן); „הערסטו ניט דאָס טײַכל ברומען?" (פּרוג); „הערט מען שוין די חבֿרה צוריקגיין מיט אַ געזאַנג אין שטאָט אַרײַן" (ווײַסנבערג).

# ה. דער גערונדיוו, די פֿאָרעם אויף ־(ע)נדיק

1. אַזוי ווי שוין פֿריִער דערמאָנט, געהערט דער גערונדיוו צו די ווערבידן. אויך דער גערונדיוו האָט אַ צווייאיקן כאַראַקטער, אַ ווערבאַלן און אַן אַ ד י ע ק ט י װ י ש ן. אָט זײַנען מוסטערן פֿון גערונדיוון: זאָגנדיק, פֿליִענדיק, רעדנדיק, האַלטנדיק, עסנדיק, מעסטנדיק, רעכענענדיק, קוויטשענדיק, גנבֿענענדיק, כּשרנדיק.

דער נאָמען גערונדיוו פֿאַר אָט דעם פֿאָרעם איז אַ נײַער. מע האָט אָט די פֿאָרעם גערופֿן פּאַרטיציפּ פֿון דער איצטיקער צײַט (פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק און פֿון לשונות וואָס האָבן עס איבערגענומען פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק). אָבער אין תּוך איז עס גאָר אַן אַנדער פֿאָרעם. א. זאַרעצקי האָט אין זײַן פּראַקטישע גראַמאַטיק, מאָסקווע 1927, אײַנגעפֿירט דעם טערמין גערונדיום (אויך פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק), אָבער אַזוי ווי גערונדיום אַסאָציאירט זיך מיט סובסטאַנטיוו און אונדזער פֿאָרעם אויף ־(ע)נדיק איז אַן אַדיעקטיוו, איז שוין אין די יאָרן 1928־29 אויסגעקומען צו פֿאַרבײַטן גערונדיום אויף גערונדיוו. אַזוי ווי אין פֿאַלקאָוויטשעס ייִדיש פֿאַר דערוואַקסענע, מאָסקווע 1936, אין שוין אויך דאָ גערונדיוו אַנשטאָט גערונדיום, האָט זיך אונדזער נאָמען פֿאַרפֿעסטיקט, הגם די פֿאָרעם אויף ־(ע)נדיק האָט אין תּוך קיין שײַכות ניט צום גערונדיוו פֿון דער לאַטײַנישער גראַמאַטיק. און דאָך איז דער טערמין ניט־אינגאַנצן אַ צופֿעליקער, וואָרעם אינדאָ־אייראָפּעאישע לשונות רופֿן אַזוי אָן אַן אַדיעקטיוו וואָס האָט געוויסע שטריכן פֿון אַ ווערב.

מע קען ניט דעם גערונדיוו סתּם אַרײַננעמען אין קאַפּיטל ווערב, ווײַל אים פֿעלט די הויפּט־אייגנשאַפֿט פֿון אַ ווערב זיך צו בײַטן לויט פּערזאָנען, און די פֿאַרבינדונג מיט דער קאַטעגאָריע צײַט איז בײַם גערונדיוו אַן אַנדערע ווי בײַ ווערבן. אויך איז ניט דער גערונדיוו סתּם אַן אַדיעקטיוו אויף ־דיק, הגם ער איז מסוגל דורכצופֿירן די פֿונקציעס פֿון אַדיעקטיוו, וואָרעם

סעמאַנטיש און צום טייל אויך פֿונקציאָנעל איז ער אַנדערשדיק ווי אַן אַדיעקטיוו.

2. זײַן פֿאָרעם שאַפֿט דער גערונדיוו אויף אַ פּשוטן אופֿן. צום ווערבאַלן שטאַם קומט צו דער סופֿיקס ־(ע)נדיק: איך זאָג — זאָגנדיק, איך פֿלי — פֿלײַענדיק, איך קוויטשע — קוויטשענדיק. מע קען אויך אָננעמען אַז דער גערונדיוו שאַפֿט זיך פֿון אינפֿיניטיוו מיט דעם סופֿיקס ־דיק: זאָגן — זאָגנדיק, פֿלײַען — פֿליענדיק, קוויטשען — קוויטשענדיק; אָבער דעמאָלט וואָלטן געווען יענע יוצאים־מן־הכלל וואָס זײַנען דערמאָנט בײַ ב3: גייענדיק, שטייענדיק, זעענדיק, טוענדיק, ווילנדיק. איז דאָס סאַמע פּראַקטישע בעמען ווי אַ יסוד די ערשטע אָדער די דריטע פּערזאָן מערצאָל פֿון דער איצטיקער צײַט. ווען בלײַבן יוצאים־מן־הכלל בלויז: וויסנדיק, וועלנדיק (פּאַראַלעל צו ווילנדיק) און זײַענדיק (הגם זענענדיק).

־ענדיק קומט אַנשטאָט ־נדיק, ווען מע קען צום ווערבאַלן שטאַם ניט צוגעבן קיין טראַפֿיקן נון. זען ב1. דער קאָנווערב קומט, ווי בײַם אינפֿיניטיוו, מיט און פֿאַרן ווערבאַלן שטאַם. נאָך דוגמאָות פֿון גערונדיוון: זינגענדיק, האַנדלענדיק, האַרעווענדיק, הוידענדיק זיך און זיך הוידענדיק, טריקענענדיק, פֿאַרמאַכנדיק, אָפּלייקענענדיק, צונויפֿקומענדיק זיך און זיך צונויפֿקומענדיק, אַראָפּשלינגענדיק, צעבריהנדיק זיך, דערהרגענדיק, אויסכּשרנדיק.

3. ווי דער אַדיעקטיוו האָט אויך דער גערונדיוו אַ קורצע און אַ לאַנגע פֿאָרעם (זען אַדי׳, ב 1־2 און 6). איך האָב אים געזען אַרבעטנדיק, איך האָב אים געזען אַן אַרבעטנדיקן, איך האָב זי געזען אַן אַרבעטנדיקע, האָט איר געזען דעם אַרבעטנדיקן געזעל? האָט איר געזען די אַרבעטנדיקע פֿרוי? מיט זײַן פֿערנציאָריקן אַרבעטנדיקן קינד, אַ קינד אַ פֿערצניאָריקס און שוין אַן אַרבעטנדיקס. אַבסאָלוט אַלע פֿלעקסיעס זײַנען ווי בײַ אַדיעקטיוון. זען אַדי׳ ג 1—4. דער גערונדיוו קען אויך האָבן די פֿאַרגלײַכגראַדן, געוויינטלעך געשאַפֿענע אויף דעם אַנאַליטישן אופֿן (זען אַדי׳ ד3), אָבער אויך דער סינטעטישער אופֿן פֿון די פֿאַרגלײַכגראַדן איז בײַם גערונדיוו ניט אויסגעשלאָסן: „דער סאַמע אַרבעטנדיקער (און אַפֿילו: דער אַרבעטנדיקסטער) צווישן דער גאַנצער גרופּע אַריבערגעקומענע אַרבעטער"; „דער מער פֿלײַסיקער, דער מער אַרבעטנדיקער (אַפֿילו אויך: דער אַרבעטנדיקערער) צווישן די ברידער".

4. דער גערונדיוו פֿירט דורך אין זאַץ די פֿונקציע פֿון אַ צײַט־באַשטימונג אָדער פֿון אַן אומשטאַנד־באַשטימונג. דער גערונדיוו ווײַזט אויף דער גלײַכצײַטיקייט פֿון צוויי טואונגען: פֿון דער טואונג וואָס ווערט אויסגעדריקט אין פּרעדיקאַט און דער טואונג פֿון דער צײַט — אָדער דער אומשטאַנד־באַשטימונג. „ליגנדיק האָב איך געלייענט" — איך בין געלעגן און אין דער זעלביקער צײַט האָב איך געלייענט, און אַזוי אויך: מײַן אופֿן לייענען איז ניט געווען קיין זיצנדיקער אופֿן, נאָר אַ ליגנדיקער. צום גערונדיוו קענען צוקומען ווערטער: ליגנדיק אין בעט, אויף דער קאַנאַפּע און אַנדערע.

מע קען אויך האָבן אַזעלכע זאַצן: „פֿיבערנדיק און הוסטנדיק האָב איך געלייענט"; „באַלײַכטנדיק דעם בריוו מיט אײן חלבֿן ליכטל, וועל איך אים דורכלייענען"; „אַרויסגייענדיק פֿון דער וואַרעמער שטוב, פֿאַרגעס איך אָנצוטאָן אַ היטל".

דער גערונדיוו איז ניט אָפּהענגיק פֿון דער צײַט אינעם פּרעדיקאַט פֿון זאַץ. לאָמיר געדענקען די דרײַ זאַצן:

שפּאַצירנדיק אין וואַלד, קלײַב איך יאַגדעס.

שפּאַצירנדיק אין וואַלד, האָב איך געקליבן יאַגדעס.

שפּאַצירנדיק אין וואַלד, וועל איך קלײַבן יאַגדעס.

דאָ איז אומעטום דער גערונדיוו דער זעלביקער, אומעטום ענטפֿערט ער אויף דער פֿראַגע: ווען? אָדער ווי אַזוי? אומעטום איז דאָ אויסגעדריקט דאָס גלײַכצײַטיקע געשען פֿון קלײַבן יאַגדעס און שפּאַצירן אין וואַלד.

5. עס קען דאָ אויפֿקומען אַ פֿראַגע וועגן דער קאָמע אָפּצוטיילן דעם גערונדיוו פֿון די אַנדערע גלידער אינעם זאַץ. דער ענטפֿער איז דאָ דער זעלביקער ווי בכלל בײַם ענין קאָמע. ווענדט זיך אין דער א י נ ט אָ נ אַ צ י ע. ווען צום גערונדיוו קומען ניט צו קיין צוגאָב־ווערטער, דאַרף מען געווײנט־לעך ניט קיין קאָמע נאָך אים, סײַדן בײַם בפֿיון־שטאַרקן אַרויסהייבן דעם גערונדיוו; ווען צום גערונדיוו קומען צו באַשטימווערטער און זיי זײַנען עטלעכע, קומט אויס אין דעם רובֿ פֿאַלן יאָ צו שטעלן אַ קאָמע. זען די אַלע זאַצן אין פּונקט 4. „גייענדיק אַהיים (,) האָב איך אים באַגעגנט" — איז ניט מעגלעך לכתּחילה צו זאָגן אַז מע דאַרף דאָ די קאָמע; דעם זאַץ דאַרף מען ה ע ר ן , איידער מע קען עס באַשטימען. אָבער אין אַ זאַץ: „גייענדיק שפּעט בײַנאַכט אַהיים, האָב איך אים באַגעגנט" — איז גלײַכער יאָ צו שטעלן די קאָמע ווי אַן אָנווײַז אויף אַן אָפּשטעל אין דעם ריידשטראָם.

אַוודאי איז דאָ מעגלעך צו זאָגן דאָס זעלביקע אויף אַן אַנדער אופֿן: „ווען איך בין געגאַנגען (שפּעט בײַנאַכט) אַהיים,..." — אָבער דערפֿון דרינגט ניט אַרויס אַז דאָס לענגערע אויסדריקן זיך איז ערשטיקער, איז יסודיקער, איז וויכטיקער און אַז מע האָט דאָ דערום געהאַט אַ 'פֿולן בײַזאַץ' און מיט דער הילף פֿון גערונדיוו האָט מען אים 'געקירצט'. דאָס איז ניט מער ווי אַ מין גראַמאַטישע פֿיקציע, וואָרעם קיינער וואָס רעדט נאַטירלעך ייִדיש האָט זיך ניט געהאַט געכאַפּט אַז בײַ אים אינעם אינעווייניקסטן לשון. אין פּראָצעס פֿון טראַכטן איז פֿריִער אויפֿגעקומען דער פֿולער זאַץ און ער האָט דערנאָך אים געקירצט. און מאַלע ווי דער ריידער וואָלט געקענט איבער־געבן דאָס זעלביקע וואָס ער גיט איבער מיט דער הילף פֿון גערונדיוו: „בײַם גיין אַהיים שפּעט בײַנאַכט האָב איך אים באַגעגנט" אָדער „אָט גיי איך אַהיים שפּעט בײַנאַכט און איך באַגעגן אים".

6. אָפּהענגיק פֿון אָרט אין זאַץ, צי דער גערונדיוו קומט פֿאַרן פּרע־דיקאַט אָדער נאָך אים, ווערט איבערגעגעבן צי דער גערונדיוו ציט זיך אויך צום סוביעקט פֿון זאַץ אָדער צו אַן אַנדער זאַצגליד (צום אָביעקט).

„גייענדיק האָב איך אים באַגעגנט״ — באַטײַט: „איך בין געגאַנגען און איך האָב אים באַגעגנט״; „איך האָב אים באַגעגנט גייענדיק״ — באַטײַט: איך האָב אים באַגעגנט, ווען ער איז געגאַנגען. אַזוי אויך: „גייענדיק אַהיים פֿון דער אַרבעט, האָט זי אים באַגעגנט״ — זי איז געגאַנגען אַהיים; „זי האָט אים באַגעגנט, גייענדיק אַהיים פֿון דער אַרבעט״ — ער איז געגאַנגען אַהיים, אָדער „אַ גייענדיקן אַהיים פֿון דער אַרבעט״. דאָס איז דער געוויינטלעכער דרך, הגם דאָ קענען זיך אַמאָל טרעפֿן אומקלאָרקייטן, אויב אַ זאַץ ווערט אַרויסגעריסן פֿון דעם גאַנצן קאָנטעקסט. זען דאָ ד1, הגם נאָכן ווערב באַגעגענען קען מען פֿאַר דער כּלל־שפּראַך ניט רעקאָמענדירן דעם אַקוזאַטיוו מיטן אינפֿיניטיוו.

7. פֿאַראַן אַן אײַנרעדעניש אַז מע מעג ניצן דעם גערונדיוו בלויז דעמאָלט, ווען ער באַציט זיך גלײַכצײַטיק אי צום פּרעדיקאַט אי צום סוביעקט פֿון זאַץ (אָדער מיט גראַציעזקייט פֿון אַלט־גראַמאַטיקערס פֿאָרמולירט מען עס אַזוי: „אויב דער סוביעקט אין הויפּטזאַץ און אין בײַזאַץ איז דער זעלביקער״). דער גערונדיוו איז אָבער ניט אַזוי באַגרענעצט און מע דאַרף אים ניט באַגרענעצן ניט אויפֿן סמך פֿון אונדזער ריידשפּראַך און אויך ניט אויפֿן סמך פֿון מוסטערן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור־שפּראַך. ווען דער הערער פֿאַרשטייט קלאָר וואָס דער ריידער רעדט צו אים, מעג מען אָן שום איבערקלערענישן און ספֿקות ניצן דעם גערונדיוו. מיר באַטראַכטן אַ צאָל זאַצן:

„פֿאָרנדיק אויפֿן מאָטאָציקל, האָט דער ווינט אַרונטערגעריסן פֿון מיר דאָס היטל״ — דער זאַץ איז פֿולקום קאָרעקט, קיין שום אומפֿאַרשטענדעניש קען דער גערונדיוו ניט אַרויסרופֿן און קיין בר־דעת קען ניט אײַנפֿאַלן אַז דער ווינט איז עס געפֿאָרן אויפֿן מאָטאָציקל און ניט דער וואָס דערציילט ווי ער האָט פֿאַרלאָרן זײַן היטל. „דערלאַנגענדיק צום טיש, האָט אַ טעלער זיך אַרויסגעגליטשט פֿון דער האַנט״ — אַ קלאָרער און פֿאַרשטענדלעכער זאַץ אַז צום טיש האָט דערלאַנגט אָדער דער דערציילער אָדער וועגן וועמען ער האָט דערציילט. „רײַסנדיק די בלומען, איז מיר דאָס בלוט אין פּנים אַרײַן״ — די בלומען האָט געריסן דער וואָס גיט אונדז איבער אַז ער האָט דערפֿילט ווי בלוט איז אים אין פּנים אַרײַן. „קלערנדיק וואו צו נעמען אַ צעבראָכן דרײַערל אויף שבת, צעשפּילט זיך זײַן פֿאַנטאַזיע״ — אויך אין דעם זאַץ איז דאָס ניצן דעם גערונדיוו קאָרעקט, וואָרעם קיין שמץ אומפֿאַרשטענדעניש קען ער ניט אַרויסרופֿן.

און ציטאַטן פֿון אונדזער קינסטלערישער פּראָזע: „דערמאָנענדיק זיך אין הקדש, איז מיר אַ פּראָסט איבערן לײַב איבערגעגאַנגען״; „אַרויסגייענדיק אויף דעם הויף, איז דיר אַנטקעגנגעקומען אונדזער הויכער גאָלאַגאַנסקער האָן״; „קוקט אָן אַ ייִדן פּרייטיק קומענדיק פֿון מרחץ — ער בליט״ (ממוס); „און נאָך פֿיל וואונדערלעכע מעשׂיות, וואָס עס נעמט אָן אַ שרעק נאָר אויסהערנדיק זיי״; „אַרײַנטראַכטנדיק זיך אינעם לערנען אין יענעם מין

חדר, בײַ יענע מינים מלמדים . . . — איז שווער צו פֿאַרשטײן פֿונוואַנען האָט זיך גענומען בײַ די קינדער דאָס וואָס זיי האָבן געקענט"; „האָבן זיך געגליטשט זייערע פֿיס איבער הילצערנע פּעשעכאָדן, גייענדיק מיטן טאַטן צו דער משפּחה" (שע); „וואַרפֿנדיק פֿון פֿענצטערל אַ בליק אין מאַרק אַרײַן, ווערן אים די אײגעלעך פֿײַכט" (פּרץ); „און קלערנדיק דאָס, פֿאַרגלײַזן זיך זײַנע אויגן, די בלויע אָדערן פֿון די שלייפֿן קריכן מער אַרויס" (אַש); „זוכנדיק שטעלן זיך אים פֿאַר גאַנצע שורות, בערגלעך ערד" (נאָמבערג); „שפּרינג־גענדיק גייט בײַ אײַך דאָס לעצטע ביסל מזומנים פֿון די קעשענעס פֿאַר־לוירן" (נסתר).

היוצא לנו מדבֿרינו: מע מוז ניט, אָבער מע מ ע ג שטענדיק ניצן דעם גערונדיוו, ווען דער זאַץ איז גענוג קלאָר פֿאַרן הערער אָדער פֿאַרן לײענער.

## ו. כאַראַקטער פֿון פּאַרטיציפּ

1. צוזאַמען מיטן אינפֿיניטיוו און גערונדיוו געהערט דער פּאַרטיציפּ צו די ווערבידן. דער פּאַרטיציפּ האָט נאָר איין פֿאָרעם, די וואָס מע פֿלעגט רופֿן פּאַרטיציפּ פֿון דער פֿאַרגאַנגענער צײַט. דער פּאַרטיציפּ האָט אויך אַ צווייאיקן כאַראַקטער, אַ ו ע ר ב אַ ל ן און אַ ן אַ ד י ע ק ט י וו י ש ן. אָט זײַנען מוסטערן פֿון פּאַרטיציפּן: געזאָגט, געפֿלויגן, גערעדט, געהאַלטן, געגעסן, געמאָסטן, גערעכנט, געקוויטשעט, געגנבֿעט, געכשרט, פֿאַרנומען, אויסגעזאָגט, אַוועקגעפֿלויגן.

מע קען ניט דעם פּאַרטיציפּ סתם אַרײַננעמען אין קאַפּיטל ווערב, ווײַל אים פֿעלט די הויפּטאייגנשאַפֿט פֿון אַ ווערב זיך צו בײַטן לויט פּערזאָנען, און די פֿאַרבינדונג מיט דער קאַטעגאָריע צײַט איז בײַם גערונדיוו אַן אַנדערע ווי בײַ ווערבן. אויך איז ניט דער פּאַרטיציפּ סתם אַן אַדיעקטיוו אויף ־ט אָדער ־ן (־ען), הגם ער איז מסוגל דורכצופֿירן די פֿונקציעס פֿון אַדיעקטיוו, וואָרעם סעמאַנטיש און צום טייל אויך פֿונקציאָנעל איז ער אַנדערשדיק ווי אַן אַדיעקטיוו. דער פּאַרטיציפּ איז לויט זײַן מהות מער אַדיעקטיוו ווי עס איז דער גערונדיוו.

2. דער פּאַרטיציפּ איז אַ באַשטאַנדטייל פֿון אַ צאָל צונויפֿגעזעצטע ווערבאַלע פֿאָרמען. ער העלפֿט שאַפֿן: די פֿאַרגאַנגענע צײַט (איך האָב געזאָגט, איך בין געפֿלויגן), די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט: איך האָב געהאַט געזאָגט, איך בין געווען געפֿלויגן (זען ווערב, 4־5); די צווייטע קומעדיקע צײַט: איך וועל האָבן געזאָגט, איך וועל זײַן אַוועקגעפֿלויגן (זען ווערב, ז); אין אַלע דרײַ צײַטן פֿון דער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע: איך ווער געלויבט, איך בין געוואָרן געלויבט, איך וועל ווערן געלויבט, (זען ווערב, ח4); אין קאָנדיציאָ־נאַל: איך וואָלט געזאָגט, איך וואָלט געהאַט געזאָגט (זען ווערב, ט3); אין קאָניונקטיוו: איך זאָל האָבן געזאָגט, (זען ווערב, ט4), בײַ די אַספּעקטן אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט: איך פֿלעג האָבן געזאָגט, איך פֿלעג זײַן אַוועק־

געפֿלויגן, איך האָב אַ זאַג געטאָן, איך האָב געגעבן אַ זאָג, איך האָב געהאַלטן אין (איין) זאָגן, איך האָב גענומען זאָגן.

3. ווי דער אַדיעקטיוו האָט אויך דער פּאַרטיציפּ אַ קורצע און אַ לאַנגע פֿאָרעם. דער פּאַרטיציפּ בייגט זיך ווי דער אַדיעקטיוו, אַלע פֿלעקסיעס זײַנען די זעלביקע. ווען דער פּאַרטיציפּ אין זײַן קורצער פֿאָרעם איז אָפּהענ־גיק בלויז פֿון ווערב אָדער ציט זיך בלויז צו אים, איז ער אַן אַדווערב, פּונקט אַזוי ווי דאָס געשעט מיטן אַדיעקטיוו. דוגמאָות: איך האָב אים געזען פֿאַרמאַטערט (פֿאַרנומען, אויפֿגעקאָכט, צעוואונדיקט); איך האָב אים געזען אַ פֿאַרמאַטערטן (אַ פֿאַרנומענעם, אַן אויפֿגעקאָכטן, אַ צעוואונדיקטן); איך האָב זי געזען אַ פֿאַרמאַטערטע (אַ פֿאַרנומענע, אַן אויפֿגעקאָכטע, אַ צעוואונ־דיקטע); אויסזען ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא, ווי אַן אויסגעווייקטער הערינג, ווי אַ צעבראָכענער לולבֿ; ווערט זײַן אַן אויסגעבלאָזן איי; אַרומלויפֿן ווי אַ פֿאַרסמטע מויז; „אַ נאָל אין אַ זאַק קען ניט בלײַבן פֿאַרבאָרגן"; „אַ געפֿאַלענעם טרעט מען ניט מיט די פֿיס"; „אַן אויסגעגעבענע טאָכטער איז ווי אַן אָפּגעשניטן שטיקל ברויט"; „מיט מיטגעבראַכטן ברויט איז מען אומעטום אַ גוטער אורח"; „אַז עס קומט דער באַשערטער ווערט עס אין צוויי ווערטער"; „לאַנג געבאָרגט איז אַלץ ניט געשענקט" (שוו); האָרעווען פֿאַרשוויצט, מיט די לעצטע כּוחות; רעדן געלאַסן, באַטראַכט.

4. דער פּאַרטיציפּ קען אויך האָבן די פֿאַרגלײַכגראַדן ווי אַן אַדיעקטיוו און מע קען זיי שאַפֿן הן אויפֿן אַנאַליטישן הן אויפֿן סינטעטישן אופֿן. דערבײַ קומט אויך דער סינטעטישער אופֿן אַרויס נאַטירלעכער ווי בײַם גערונדיוו: איך בין פֿאַרנומען, ער איז מער פֿאַרנומען אָדער — פֿאַרנומענער, דער פֿאַרנומענסטער אָדער דער סאַמע פֿאַרנומענער איז דער ראָש פֿון דעם אָפּטייל; איין תּלמיד קען זײַן פֿאַרטיפֿט אין לערנען, אַ צווייטער נאָך מער פֿאַרטיפֿט און דער רבי קען זײַן דער סאַמע פֿאַרטיפֿטער; איינער קען זײַן אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן צווייטן גאָרן און אַ צווייטער אַרויפֿגעקראָכענער — ער איז אויפֿן פֿערטן, און דער דריטער איז דער אַרויפֿגעקראָכנסטער — אויפֿן שפּיץ דאַך.

5. די זעלביקע צוויי וויכטיקסטע סופֿיקסן וואָס קומען צו צו אַדיעקטיוון אויף צו שאַפֿן סובסטאַנטיוון דינען אונדז בײַ די פּאַרטיציפּן. מיטן סופֿיקס ־קייט: פֿאַרנומענקייט, געפֿאַלנקייט, פֿאַרבאָרגנקייט, באַשערטקייט, באַטראַכט־קייט, אויפֿגעקאָכטקייט, דערשטיקטקייט, אויסגעוואָקסנקייט, צעטומלטקייט, אַראָפּגענידערטקייט. מיטן סופֿיקס ־ס: (זען צווייט׳ ו3) — אויסגעקלערטס, דערהויבנס, פֿאַרבויגנס, אײַנגעקלאַמערטס, אײַנגעטונקענס, אַראָפּגעוואָרפֿנס, איבערגערעכנטס. אויך דער סופֿיקס פֿון אַדווערבן ־ערהיי׳ט (זען אַדוו, ה) איז דאָ אינגאַנצן נאַטירלעך: אויסגעטרונקענערהייט, אויפֿגעקאָכטערהייט, פֿאַרנומענערהייט, דערשטיקטערהייט, באַטראַכטערהייט, פֿאַרבאָרגענערהייט, צעטומלטערהייט, אויפֿגעשטאַנענערהייט, אָפּגעגעסענערהייט, אַראָפּגעשפּרונ־געגנערהייט.

## ז. די פֿאָרעם פֿון פּאַרטיציפּ

1. אין פּאַרטיציפּ איז פֿאַראַן דער ווערבאַלער שטאַם, ס׳רובֿ דער זעלביקער וואָס אין אינפֿיניטיוו, דער זעלביקער וואָס אין דער איצטיקער צײַט. בלויז אין אַן ערך 250 פּאַרטיציפּן האָט דער ווערבאַלער שטאַם אַן אַנדער פֿאָרעם. מע קען זיי אָנרופֿן די שטאַרקע פּאַרטיציפּן. צו דעם שטאַם קומט צו דער פּרעפֿיקס גע־ און דער סופֿיקס ־ט בײַ די שוואַכע פּאַרטיציפּן און דער סופֿיקס ־ן (־ען) בײַ די שטאַרקע פּאַרטיציפּן וואָס ווערן װײַטער איבערגערעכנט. ווען דער ווערב האָט אַ פּרעפֿיקס, קומט דער פּרעפֿיקס גע־ ניט צו; ווען דער ווערב האָט אַ קאָנווערב, קומט דער פּרע־פֿיקס גע־ אַרײַן צווישן קאָנווערב און ווערבאַלן שטאַם. וועגן גע־ זען בײַ ווערבן מיטן סופֿיקס ־יר זען ווערב, ט05. דוגמאות: געזאָגט, פֿאַרזאָגט, אַרויסגעזאָגט; געפֿלויגן, דערפֿלויגן, צוגעפֿלויגן; געהאַרעוועט, פֿאַרהאַרע־וועט, אויסגעהאַרעוועט; רעגיסטרירט, פֿאַררעגיסטרירט, אײַנרעגיסטרירט; גע־כּשרט, איבערגעכּשרט.

2. שוואַכע פּאַרטיציפּן, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס די פֿאָרעם פֿון זייער ווערבאַלן שטאַם איז די זעלביקע ווי בײַ די איבעריקע צוויי ווערבידן, זײַנען די אַלע טויזנטער וואָס ייִדיש פֿאַרמאָגט. די שטאַרקע פּאַרטיציפּן קען מען דעריבער באַטראַכטן ווי יוצאים־מן־הכּלל. אַ היפּשער טייל פֿון די גאָר אָפֿט גענוצטע פּאַרטיציפּן זײַנען גראָד די שטאַרקע. זיי געהערן אַלע צום גערמאַ־נישן קאָמפּאָנענט פֿון ייִדיש. צווישן די שטאַרקע פּאַרטיציפּן זענען אויך די אַלע וואָס שאַפֿן די פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט דעם הילפֿסווערב זײַן. די שטאַרקע פּאַרטיציפּן האָבן דעם יחוס פֿון עלטער, אָבער די שטאַרקע נטיה צו פֿאַראײנפֿאַכן פֿאָרמען דריקט זיך אויס אויך אין דעם וואָס דער שוואַכער פּאַרטיציפּ שטויסט ביסלעכווײַז אַרויס זײַן שטאַרקן ברודער. אַזוי איז צום עלטערן געבוגן געבוירן געוואָרן אַ ייִנגערער געבילדט און געבולן איז פֿאַרגעסן געוואָרן. און אויב געפֿיפֿן איז ניט אינגאַנצן פֿאַרגעסן געוואָרן, געהערט פֿאָרט די בכורה דעם פֿיל ייִנגערן געפֿײַפֿט. אַזוי אויך מיט געהיטן און געהיט.

בײַם פֿורעמען דעם שוואַכן פּאַרטיציפּ זײַנען קיין פּראָבלעמען ניטאָ. סך־הכּל פֿיר פּאַרטיציפּן האָבן זיך זייערע באַזונדערקייטן: געהאַט (האָבן), געוואָלט (ווילן), געוואוסט (וויסן) און געבראַכט צי געבערנגט (ברענגען).

3. די שטאַרקע פּאַרטיציפּן ווערן אײַנגעטיילט אין זעקס גרופּעס, לויט זייערע וואָקאַלן אַ, ע, י, אָ, ו און דעם דיפֿטאָנג וי. אויב עס איז פֿאַראַן אויך אַ פּאַראַלעלער שוואַכער פּאַרטיציפּ, קומט ער אין קלאַמערן. אין קורסיוו ווערט געדרוקט יענע פֿאָרעם וואָס איז פּאַסיקער פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. עס ווערן דערמאָנט נאָר יענע פּאַרטיציפּן וואָס זײַנען אויך איצט אין נוציק אין ניצלעך. אויב מע געפֿינט ניט עפּעס אין די װײַטערדיקע רשימות, באַטײַט עס אַז מע קען רואיקערהייט ניצן דעם שוואַכן פּאַרטיציפּ.

א) מיטן קלאַנג אַ: געבאַקן (געבאַקט), געהאַלטן, געוואַקסן, געוואַשן,

געזאַלצן (געזאַלצט), געפֿאַלן, געפֿאַנגען, געשאַפֿן — דאָ איז אומעטום דער אַ אין אַלע ווערבידן.

ב) מיטן קלאַנג ע: געבעטן, געגעבן, געגעסן, געפֿעלן, געפֿרעסן, געשען, פֿאַרגעסן, — אומעטום דער קלאַנג ע אין אַלע ווערבידן; געלעגן, געזעסן (מיט די אינפֿיניטיוון ליגן, זיצן).

ג) מיטן קלאַנג י: געביטן, געביסן, געבליבן, געוויזן, געטריבן, געליטן, געליִען און געליגן, געמידן און געמיטן (געמיידט), געקליבן, געקניפּן (גע־קנייפּט), געריבן, געריטן, געריסן, געשוויגן, געשטיגן (געשטייגט), געשטריטן, געשמיסן, געשניטן, געשפּיגן (געשפּייט), געשריבן, (געשריגן) און געשריִען (מיטן אינפֿיניטיוו שרייַען).

ד) מיטן קלאַנג אָ: געבאָדן, געבאָטן, געבאָרן, געבלאָזן (געבלאָזט), געבראָטן, געגראָבן, געטאָן, געטראָגן, געלאָדן, געלאָזן (געלאָזט), געפֿאָרן, געצוואָגן, געראָטן, געשאָבן, געשלאָגן, געשלאָפֿן, פֿאַרבאָרגן — דאָ איז אומע־טום דער אָ אין אַלע ווערבידן;

געבראָכן, געגאָלטן (מיטן אינפֿיניטיוו גילטן), געגאָסן, געהאָפֿטן (געהעפֿט, מיטן אינפֿיניטיוו העפֿטן), געוואָרגן, געוואָרן, געוואָרפֿן, געזאָדן און געזאָטן, געטראָטן און געטרעטן, געטראָפֿן, געלאָפֿן, געלאָשן, געמאָלקן (געמעלקט), געמאָסטן, געפֿלאָכטן, געפֿראָרן, געקוואָלן (געקוועלט), געקנאָטן און געקנעטן (געקנעט), געשאָטן (געשיט), געשאָכטן (געשעכט), געשאָלטן, געשאָנקען (געשענקט), געשאָרן, געשוואָלן, געשוואָרן, געשטאָכן, געשטאָרבן, געשטראָכן (געשטרייכט), געשמאָלצן, געשפּאָלטן; פֿאַרדאָרבן, פֿאַרדראָסן, פֿאַרלאָרן.

ה) מיטן קלאַנג ו: געבונדן, געדונגען, געדרונגען, געהונקען (געהינקט), געוואונטשן, געוואונען, געוואונקען, געזונגען, געזונקען, געטרונקען, געלונקען (געלינקט), געפֿונען, געצוואונגען, געצונדן, געקומען, געקלונגען, גערונען, געשוואומען, געשונדן, געשטונקען, געשלונגען, געשפּונען (געשפּינט), גע־שפּרונגען; פֿאַרגונען, פֿאַרשוואונדן.

ו) מיטן דיפֿטאָנג וי: געבויגן, געהויבן; באַוואויגן (באַוועגט), באַפֿוילן; געזויגן (געזויגט, געזיגט), געלויכטן (געלויכט, געלייכט), געפֿלויגן, געצויגן, געשטויסן; געבוירן, געפֿרוירן, געשוואוירן, געשוירן, פֿאַרלוירן.

4. זיך מערקן אַזעלכע באַזונדערקייטן אין די פּאַרטיציפּן:

געווען אין ווערבאַלע פֿאָרמען, געוועזן ווי אַן אַדיעקטיוו. „ער איז שוין אַ געוועזענער“;

געגאַנגען און אויך געגאַנגען און געגאַן (מיטן אינפֿיניטיוו גיין);

געשטאַנען (מיטן אינפֿיניטיוו שטיין);

געהאַנגען און אויך געהאָנגען (מיטן אינפֿיניטיוו הענגען);

גענומען און אויך גענעמען (מיטן אינפֿיניטיוו נעמען);

געטאָן און אויך געטון (מיט די אינפֿיניטיוון טאָן און טון און גערונדיוו טוענדיק);

געמאָלדן מיטן באַטײַט: געגעבן צו וויסן, געמעלדט מיטן באַטײַט: אָפֿיציעל פֿאַרשריבן;
געמאָלן אין אַ מיל, געמאָלט בילדער;
געקריגן און געקראָגן מיטן באַטײַט: באַקומען, געקריגט — געפֿירט מלחמה, געשטריטן;
געהייסן — דער איינציקער פּאַרטיציפּ מיטן דיפֿטאָנג יי;
באַקומען — אי דער פּאַרטיציפּ אי דער אינפֿיניטיוו;
געשאָפֿן — אָבער פֿאַרשאַפֿט.

## ה. די פֿונקציעס פֿון פּאַרטיציפּ

1. דער פּאַרטיציפּ אַליין אָדער מיט צוגאָב־ווערטער אין אַ פּאַרטי־ציפּיאַלער פֿראַזע פֿירט דורך די פֿונקציע פֿון אַן אַדווערביאַלער באַשטימונג: פֿון צײַט, פֿון אופֿן, פֿון סיבה, פֿון תּנאַי, פֿון הנחה. מיר זעען עס פֿון די זאַצן: „געקומען אַהיים, האָב איך זיך צוגעלייגט רוען"; „אויסגעטאָן די אייבערבגדים, האָב איך זיך צוגעלייגט רוען"; „אַ פֿאַרמאַ־טערטער האָב איך זיך צוגעלייגט רוען"; „אָפּגעפֿאַרטיקט מיט אַלץ אין וועג אַרײַן, האָב איך זיך צוגעלייגט רוען"; „ניט קיין אָפּגעפֿאַרטיקטער מיט דער אַרבעט, האָב איך זיך צוגעלייגט רוען". ווען דער זאַץ איז אַן אַרויסגעריסענער פֿון אַ לעבעדיקן קאָנטעקסט, איז ניט מעגלעך שטענדיק צו באַשטימען גענוי וואָסער אַדווערביאַלע באַשטימונג עס פֿאַרטרעט דער פּאַרטיציפּ, אָבער אין נאַטירלעכן רעדן אָדער שרײַבן טרעפֿן זיך דאָך ניט קיין אָפּגעזונדערטע זאַצן.

בײַם שרײַבן קען אויפֿקומען די פֿראַגע וועגן דער קאָמע אָפּצוטיילן דעם פּאַרטיציפּ פֿון די אַנדערע זאַצגלידער. דער ענטפֿער איז דער זעלביקער ווי בײַם גערונדיוו — זען ה5.

2. אין דעם געוויינטלעכן רעדן (און וואָס וויניקער 'ליטעראַריש' עס איז דער ריידער) ווערט דער פּאַרטיציפּ געניצט עליפּטיש, דאָס הייסט ער פֿאַרבײַט אַ גאַנצן זאַץ מיט אַ סוביעקט און מיט אַ פּרעדיקאַט, וואָרעם דער פּאַרטיציפּ איז אין אַזאַ פֿאַל דער במקום פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענער צײַט. ווען מיר הערן עמעצנס אַ דערציילן: „געקומען אַהיים, זיך אַרומגעוואַשן, אָפּגעגעסן, זיך צוגעלייגט אָפּרוען", ווייסן מיר דאָך און פֿאַרשטייען דאָך אַז דאָ געוועלטיקט דער עליפּטישער אופֿן: איך בין געקומען אַהיים, איך האָב זיך אַרומגעוואַשן. דערנאָך האָב איך אָפּגעגעסן און נאָך דעם אַלעם האָב איך זיך צוגעלייגט אָפּרוען. דאָ איז בכלל ניטאָ קיין ספּעציעלע פֿונקציע פֿאַרן פּאַרטיציפּ ווי אַ גליד אין אַ זאַץ, ווײַל מע האָט דאָ פֿיר באַזונדערע און גלײַכ־ווערטיקע זאַצן, קורצע פּאַראַלעלע זאַצן מיט דער זעלביקער פּאַראַלעליס־טישער אינטאָנאַציע.

כּדי עס צו פֿאַרפֿעסטיקן, ווערן געגעבן זאַצן פֿון שלום־עליכמען, דעם שרײַבער וואָס האָט אַזוי וואונדערלעך באַהערשט די סטיכיע פֿונעם ייִדיש־

רעדן, און אין קוואַדראַט־קלאַמערן קומען די דורכגעלאָזטע ווערטער: „די קאַפּאָטע [האָט ער] אַראָפּגעוואָרפן, דעם טלית־קטן [האָט ער] אַרויסגעצויגן, די אַרבל [האָט ער] פֿאַרקאַטשעט, די הויזן [זענען בײַ אים] במילא אַרײַנ־געשטעקט אין די שטיוול"; „[מיר זענען שוין] אַרויסגעפֿאָרן פֿון מאַרק, [מיר האָבן שוין] געפּטרט [פֿאַרבײַגעפֿאָרן און זענען ניט מער] די קלייטן, די הײַזלעך, דעם בית־עולם... און [אָט זענען מיר שוין אויך] אַריבערגעפֿאָרן דאָס בריקל און [מיר האָבן] געלאָזט הינטער זיך די לעוואָדע אויך — [עס איז געוואָרן] אויס וואָראָנקאָ"; „[ער איז] אויפֿגעשטאַנען אינדערפֿרי, [ער האָט] גענומען דאָס שטעקעלע, [ער] האָט זיך געלאָזט אויפֿן יריד".

3. דער פּאַרטיציפּ ווײַזט אויף פֿ ר י ִ ע ר ד י ק י י ט פֿון צוויי טואונגען. עס איז קלאָר אַז אין זאַץ „געקומען אַהיים, האָב איך זיך צוגעלייגט אָפּרוען" — איז פֿריִער געשען דאָס קומען אַהיים און דערנאָך ערשט דאָס צולייגן זיך אָפּרוען. דאָס אייגענע קען מען אײַנזען אויך אין די איבעריקע זאַצן פֿון פּונקט 1. און נאָך אַזעלכע קלאָרע זאַצן: „דורכגעשטודירט דעם ענין גאַנץ גרינטלעך, האָט ער געהאַלטן אַ רעפֿעראַט"; „אַריבערגעפֿאָרן פֿון שטעטל אין שטאָט אַרײַן, איז אונדז ניט גרינג אָנגעקומען צו קריגן אַ דירה"; „צונויפֿגעזיווגט דעם ישיבֿה־בחור מיטן גבֿירס טעכטערל, האָט מען זיי אי־בערגעלאָזן אויף אייביקע גבֿירישע קעסט".

ווײַל דער פּאַרטיציפּ גיט איבער פֿריִערדיקייט, קען דער פּרעדיקאַט אין זײַן זאַץ זײַן נאָר אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט און ניט אין דער איצטיקער און ניט אין דער קומעדיקער. לאָגישערווײַז פֿאַרבײַט דער פּאַרטיציפּ די לאַנגפֿאַרגאַנגענע צײַט. מע קען זיך דאָ אָנשטויסן אויף פֿאָרמעלע, אָבער ניט אויף באַטײַטיקע און לאָגישע סתירות. ווען מע האָט דעם פֿולקום קאָרעק־טן זאַץ: „אָפּגעדאַוונט, אײַלט ער זיך ניט צו גיין אַהיים", איז דאָ די איצטיקע צײַט אַנשטאָט דער פֿאַרגאַנגענער אָדער אַנשטאָט דעם אַספּעקט פֿון פֿילמאָ־ליקייט; אינעם זאַץ: „געקומען אַהיים, וועל איך זיך צולייגן אָפּרוען" — איז אַן עליפּטישער 'געקומען' אַנשטאָט: ווען איך וועל זײַן געקומען.

4. עס איז איבעריק צו באַטראַכטן דעם פּאַרטיציפּ ווי דעם מיטל צו 'קירצן' בײַזאַצן, וואָרעם דאָ האָבן מיר אַ פֿולע אַנאַלאָגיע מיטן גערונדיוו. זען ה5. „אויסגעהערט וואָס עס האָט נעכטן פּאַסירט, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן" — דאָ איז ניטאָ קיין קירצונג פֿון דעם צײַטזאַץ „ווען ער האָט אויסגעהערט", וואָרעם דער פּאַרטיציפּ קען אויך באַטײַטן: „ווײַל ער האָט אויסגעהערט", „כאָטש ער האָט אויסגעהערט", אַפֿילו „ווען (כאָטש) מיר אַלע האָבן אויסגעהערט". אַ קירצן קען דאָך ניט באַשטיין אינעם נ י ט איבער־געבן דעם פֿולן זינען פֿון אַ זאַץ.

5. ווען עס פֿאַלט אָפּ דער גאַנצער ענין 'קירצן אַ בײַזאַץ מיט דער הילף פֿון פּאַרטיציפּ', איז שוין אויך ניטאָ קיין אָרט נאָכצוקוקן און נאָכ־צופֿאָרשן צי אין דעם הויפּטזאַץ און אין דעם בײַזאַץ איז דער סוביעקט דער זעלביקער אָדער ניט. עס איז אויך איבעריק צו קלערן צי דער פּאַר־

טיציפּ ציט זיך אי צום סוביעקט אי צום פּרעדיקאַט פֿון זאַץ. דער פּאַר־טיציפּ קען און מעג זיך ציִען צו יעדער אַנדערן זאַצגליד חוץ דעם פּרעדי־קאַט. ווען דער הערער אָדער דער לייענער קען קלאָר פֿאַרשטיין וואָס דער רײדער רעדט צו אים אָדער וואָס דער שרײַבער מיינט מיט ניצן דעם פּאַר־טיציפּ, איז אַזאַ פּאַרטיציפּ כּשר למהדרין מן המהדרין. אויך דאָ איז פֿאַראַן אַן אַנאַלאָגיע צום גערונדיוו (זען ה7). דאָ ווערן ווײַטער אויסגעניצט די זעלביקע זאַצן וואָס בײַם גערונדיוו, נאָר דער פּאַרטיציפּ פֿאַרבײַט אים: „געפֿאָרן אויפֿן מאָטאָציקל, האָט דער ווינט אַרונטערגעריסן פֿון מיר דאָס היטל" — דער זאַץ איז פֿולקום קאָרעקט, קיין שום אומפֿאַרשטענדעניש קען דער פּאַרטיציפּ ניט אַרויסרופֿן און זיכער איז ניט דער ווינט געפֿאָרן אויפֿן מאָטאָציקל, נאָר היות ווי דאָס רעדט זיך וועגן צוויי טואונגען וואָס זײַנען גלײַכצײַטיק, דאַרף דער פּאַרטיציפּ פֿאַרשטאַנען ווערן עליפּטיש; אַזוי איז עס אויך אין די זאַצן: „דערלאַנגט צום טיש, האָט אַ טעלער זיך אַרויסגעגליטשט פֿון דער האַנט", „געריסן די בלומען, איז מיר דאָס בלוט אין פּנים אַרײַן", „געקלערט וואו צו נעמען אַ צעבראָכן דרײַערל אויף שבת, צעשפּילט זיך זײַן פֿאַנטאַזיע". קיין פֿולער פּאַראַלעליזם איז אָבער דאָ ניט פֿאַראַן, ווײַל דער גערונדיוו קען ניט ווערן געניצט אויף דעם זעלביקן עליפּטישן אופֿן ווי דער פּאַרטיציפּ.

דעריבער זײַנען דאָ נייטיק די פּאַרטיציפּן וואָס זײַנען טאַקע פּאַר־טיציפּן לויט זייער מהות נאָך, וואָס זײַנען טרעגערס פֿון פּריִערדיקייט. אַזאַ זאַץ האָבן מיר שוין דרך־אַגבֿ געהאַט: „אַריבערגעפֿאָרן פֿון שטעטל אין שטאָט אַרײַן, איז אונדז ניט גרינג אָנגעקומען צו קריגן אַ דירה" — דער פֿאַרמעלער סוביעקט איז צו קריגן און דער פּאַרטיציפּ ציט זיך צום זאַצ־גליד אונדז. און נאָך עטלעכע זאַצן: „אויסגערעדט, אָפּגעדונגען, האָט די שׂכירות זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן צו קליין"; „אָפּגעדאַוונט, איז דער פֿריש־טיק פֿאַר אונדז נאָך ניט געווען פֿאַרטיק"; „אָפּגעגעסן אינאיינעם און אָפּ־געבענטשט במזומן, איז יעדערער אַוועק צו זיך אין צימער"; „אַריבער־געשפּרונגען איבערן פּאַרקאַן, איז אַ גרויסער כּלבֿ אונדז באַפֿאַלן".

ביתר שׂאת ציטאַטן פֿון שלום־עליכמען: „געקומען אין דאָרף שוין פֿאַרנאַכטלעך, האָט מען די ליבע געסט זייער שיין אויפֿגענומען"; „אַרײַנ־געקומען אין שטובֿ אַרײַן [עס רעדט זיך וועגן שלומען], איז אים די שטיפֿ־מאַמע מכבּד מיט אַרײַנטראָגן דעם אורח דעם סאַמאָוואַר"; „דערמאָנט זיך אינעם אוצר [שלום דערמאָנט זיך], קומט אים אויפֿן זינען זײַן חבֿר שמואליק דער יתום"; „אַרויסבאַגלייט דעם קונדס [דאָס האָבן אַלע געטאָן], האָט דער טאַטע גענומען בײַ אים אַ תּקיעת־כּף אַז שבת איז ער אַ היימישער".

## .XVI

# דער אַדווערב

## א. כאַראַקטער פֿון אַדווערב

1. דער אַדווערב אָדער דאָס אומשטאַנדוואָרט איז אַן אינוואַריאַנט וואָס ציט זיך צום ווערב אָדער צום אַדיעקטיוו אָדער צו אַן אַנדער אַדווערב. דער אַדווערב פֿירט אויס לגבי דעם ווערב די זעלביקע פֿונקציע וואָס דער אַדיעקטיוו לגבי דעם סובסטאַנטיוו.

דער אַדווערב איז זייער אַן אינטערעסאַנטער וואָרטקלאַס פֿון אַ היס־טאָרישן שטאַנדפּונקט. ער פֿאַרמאָגט אַזעלכע אַלטע פֿאָרמען וואָס האָבן זיך ניט אויפֿגעהיט אין די אַנדערע, אין די בייגיקע וואָרטקלאַסן. מע געפֿינט בײַ אים פֿאַרגליווערונגען פֿון פֿריִערדיקע תּקופֿות אין דער שפּראַך. טשי־קאַווע וואָס בײַם אַדווערב קומען אויף אַ צאָל פֿראַגעס וועגן אויסלייג, וואָרעם בײַם אַדווערב איז נייטיק צו האָבן אַ קלאָרע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם חילוק און דעם גרענעץ צווישן אַן אַדווערב, אַן אַדווערביאַלער פֿראַזע און אַ פּרעפּאָזיציאָנעלער פֿראַזע.

2. דער עיקרדיקער סימן פֿון אַן אַדווערב איז אַ סינטאַקטישער. דער אַדווערב קען זיך ציִען בלויז צו אַ ווערב אָדער אַן אַדיעקטיוו. זײַן פֿונקציע אין זאַץ איז אָנצווײַזן אויף אַן אייגנשאַפֿט פֿון דער טואונג פֿון ווערב אָדער אויף אַן אייגנשאַפֿט פֿון אַן אייגנשאַפֿט. איז דער אַדווערב אין זאַץ גע־ווייִנטלעך אַן אַדווערביאַלע באַשטימונג. קען מען דעם אַדווערב סעמאַנטיש גרופּירן לויט די זעלביקע קאַטעגאָריעס ווי מע טיילט אײַן אַדווערביאַלע באַשטימונגען: פֿון אָרט, פֿון צײַט, פֿון שטייגער, פֿון סיבה, פֿון ציל, פֿון תּנאַי, פֿון הנחה, פֿון מדרגה (און עס זײַנען מעגלעך נאָך אַנדערע אײַנטיילונגען). די דאָזיקע סעמאַנטישע אײַנטיילונגען פֿאַלן צונויף פּונקט־אײַן פּונקט־אויס מיט די אײַנטיילונגען פֿון די אַדווערביאַלע באַשטימונגען (זען זאַצגלידער, ו, ת, ח).

3. כּדי אַרײַנצודרינגען אין וואָרטקלאַס אַדווערב, איז נייטיק זיך פֿונאַנדערצוקלײַבן אין די מינים אַדווערבן. ראשית־כּל דערזעט מען אַז די אַדווערבן קענען זײַן אָדער בלויז סינטאַקטישע אָדער עכטע. די סינטאַקטישע אַדווערבן פֿאַלן קלאַנגיק צונויף מיט דער קורצער פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו און דערבײַ פֿאַרשטייט זיך אויך מיטן פּאַרטיציפּ און מיטן

גערונדיוו. די עכטע אַדווערבן זײַנען די וואָס מע קען זיי גלײַך דערקענען ווי אַ באַזונדערן מין ווערטער לויט אַ סופֿיקס אָדער אַ פּרעפֿיקס, אויך לויטן אַקצענט און אינטאָנאַציע; די עכטע אַדווערבן זײַנען אָפֿט רעזול־טאַטן פֿון צונויפֿשמעלץ און צונויפֿוואוקס. פֿאַראַן אַ צאָל עכטע שבעכטע אַדווערבן. דאָס זײַנען די פּראָאַדווערבן.

## ב. די פּראָאַדווערבן

1. דער טערמין פּראָאַדווערב איז שוין געווען דערמאָנט אין קאַפּיטל דער פּראָנאָם, ענין ו. אָבער דאָ איז דער ריכטיקער אָרט אויפֿצוקלערן מיט וואָס מען עסט עס׳. פּונקט ווי עס זײַנען פֿאַראַן פּראָנאָמען וואָס פֿאַר־טרעטן אָדער פֿאַרבײַטן נעמען פֿון זאַכן אָדער אייגנשאַפֿטן, אַזוי זײַנען אויך דאָ פֿ אַ ר ט ר ע ט ע ר ס פֿון ווערטער און פֿראַזעס וואָס זײַנען אַד־ווערבן, אַדווערביאַלע פֿראַזעס און פֿאַרבינדונגען און בכלל כּלערליי אַד־ווערביאַלע באַשטימונגען. אין דעם זאַץ „אַזוי רעדט ער" — פֿאַרבײַט דער אַדווערב אַזוי הונדערטער מעגלעכקייטן, למשל: שטיל, געלאַסן, אויפֿגע־רעגט, אין איילעניש, בנעימות, מיט ישוב־הדעת און אַזוי ווײַטער ממש אָן אַ סוף. אין דעם זאַץ „דאָ שטייט עס" — איז עס אַ פּראָנאָם וואָס פֿאַרבײַט אפֿשר טויזנטער מעגלעכע נעמען פֿון זאַכן, נאָר אויך דאָ פֿאַרטרעט אָן אַ צאָל מעגלעכע באַצייכענונגען פֿאַר דעם אָרט: אין דעם ווינקל, קעגן דײַנע אויגן, אויף דער אייבערשטער פּאָליצע און אַזוי ווײַטער.

2. די פּאָפּולערסטע פּראָאַדווערבן פֿון צ ײַ ט: ווען, איצט און אַצונד (מיט אַ צאָל פֿאָרמען), שוין, באַלד, אַמאָל, דערווײַל(ע), דעמאָלט, ווידער, דערנאָך, הײַנט, מאָרגן, נעכטן. די פּאָפּולערסטע פּראָאַדווערבן פֿון אָ ר ט: דאָ, דאָרט(ן), אַהין, אַהער, אַרויס, אַרײַן, אַראָפּ, אַרויף, אַרום, ערגעץ, אַנטקעגן. נאָך בײַשפּילן פֿון פּראָאַדווערבן: ווי, אַזוי, ווי אַזוי, אַנדערש, נאָך, נאָך ניט, אָן אַ שיעור, שיִער ניט, אַליין, דערפֿאַר, דערצו, דעריבער, קוים. יעדער איינער וואָס פֿאַרשטייט דעם באַטײַט פֿון אָט די און פֿון ענ־לעכע ווערטער וועט תּיכּף די פּראָאַדווערבן דערקענען אָן שום ספֿק, אָן שום שוועריקייט.

3. אַ צאָל פּראָאַדווערבן קענען זײַן קאָנווערבן, אַנדערע קענען אויך זײַן פּרעפּאָזיציעס אָדער קאָניונקציעס. אין זאַץ „דער בוים שטייט דאָ אַנטקעגן" — איז אַנטקעגן אַן אַדווערב; אין זאַץ „ער גייט אַנטקעגן אונדז" — איז אַנטקעגן אַ פּרעפּאָזיציע; אין זאַץ „ער גייט אונדז אַנטקעגן" — איז אַנטקעגן אַ קאָנווערב און דער אינפֿיניטיוו פֿון ווערב איז אַנטקעגנגיין; „ווען קומסטו צו אונדז?" — ווען איז אַן אַדווערב; „ווען דו וועסט קומען צו אונדז, וועסטו זײַן אַן אָנגעלייגטער גאַסט" — ווען איז אַ קאָניונקציע. אָבער ניט אַלעמאָל לאָזט זיך דורכפֿירן אַזאַ אַנאַליז לויט וואָרטקלאַסן און ניט שטענדיק קען ער ברענגען עפּעס אַ נוצן: „גיי ניט אַהין, גיי אַהער" — אַהין און אַהער זײַנען אַדווערבן; „וואָס וועסטו אַהינגיין און אַהערגיין?" —

אַוודאי זײַנען אַהין און אַהער קאַנווערבן. אַזוי אויך אין פּאַרטיציפּ און אין גערונדיוו; אָבער אין אימפּעראַטיוו אָדער אין דער איצטיקער צײַט („גיי ניט אַהין! גיי אַהער!״, „איך גיי אַהין, ער גייט אַהער״) — איז די ברירה בײַ יעדן איינעם צו באַשטימען, צי מע האָט דאָ אַדווערבן אָדער קאָנווערבן, ווארעם קיין חילוק אין באַטײַט איז דאָ ניטאָ.

אין די פּלעאָנאַסטישע קאָנסטרוקציעס „מיר גייען אַרײַן אין וואַלד אַרײַן״, „איך קוק אַרויס אין דרויסן אַרויס״ — איז גלײַכער פֿון אַלץ צו באַטראַכטן דאָס וואָרט וואָס חזרט זיך איבער צום צווייטן מאָל ווי אַן אַדווערב.

## ג. די סינטאַקטישע אַדווערבן

1. מיר נעמען צוויי קורצע פּירווערטערדיקע זאַצן: „דאָס קינד ליגט שטיל״ — שטיל איז אַן אַדווערב, ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע „ווי ליגט דאָס קינד?״, ציט זיך צום ווערב ליגט, איז אַן אומשטאַנד־באַשטימונג; „דאָס קינד איז שטיל״ — דאָ איז שטיל אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט, ציט זיך צום סובייעקט דאָס קינד, בכן איז עס אַן אַדיעקטיוו אין זײַן קורצער פֿאָרעם, און מיר קענען (מיט אַ קליינעם שינוי אין באַטײַט) די קורצע פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו פֿאַרבײַטן מיט אַ לאַנגער פֿאָרעם אָן שום אונטערשייד אין סינ־טאַקטישן אַנאַליזירן: „דאָס קינד איז אַ שטילס״, „דאָס קינד איז שטילער״, „דאָס קינד איז דאָס שטילסטע״. זאַצן פֿון דעם זעלביקן שניט קען מען דאָך מאַכן וויפֿל מע וויל מיט די ווערטער: טומלדיק, שיין, מיאוס, אויפֿ־ריכטיק, אָפּגעדעקט, שמייכלענדיק, פֿאַרוויינט און נאָך און נאָך, אַז דאָס זעלביקע וואָרט זאָל אין איין זאַץ זײַן אַן אַדיעקטיוו און אין אַ צווייטן אַן אַדווערב. איז גרינג דער אַלגעמיינער אויספֿיר: יעדער אַדיעקטיוו אין זײַן קורצער פֿאָרעם קען זײַן אַן אַדווערב. איז איידער נאָך מיר טראַכטן ווײַטער וועגן דעם וואָרטקלאַס אַדווערב, איז שוין מעגלעך אײַנצוזען אַז דאָס רובֿ אַדווערבן פֿאַלן צונויף מיט דער קורצער פֿאָרעם פֿון אַדיעקטיוו, און ווען מען איז פֿאַלש־פֿאָרמאַליסטיש (ווײַל מע נעמט ניט אין באַטראַכט די סינטאַקטישע פֿונקציע פֿון וואָרט) איז גאָר ניטאָ קיין חילוק צווישן אַדווערב און אַדיעקטיוו. איז בייטיק צו וואָרענען קעגן אַזאַ פּלאָנטער. אַ גראַמאַטישע פֿאָרעם איז ניט מעגלעך צו באַזירן בלויז אויף קלאַנג, עס מוז שטענדיק מיטשפּילן דער באַטײַט, און באַטײַט איז דאָך גאַנץ אָפּט פֿאַר־בונדן מיט דער ראָלע פֿון וואָרט אין זאַץ.

2. כּמעט יעדער אַדיעקטיוו אין זײַן קורצער פֿאָרעם קען אין אַן אַנ־דער זאַץ מגולגל ווערן אין אַן אַדווערב. אָבער מע קען ניט ניצן ווי אַן אַדווערב אַזעלכע אַדיעקטיוון וואָס האָבן דעם סופֿיקס ־ער און ווײַזן אויף געבונדנקייט מיט אַן אָרט (שטאָט, לאַנד). „דער ווילנער תּושבֿ רעדט וויל־נעריש״, אָבער ניט ׳ווילנער׳; „דער אַפֿריקאַנער שוואַרצער פֿירט זיך אויף אַפֿריקאַניש״, אָבער ניט ׳אַפֿריקאַנער׳.

3. אַלע פּאַרטיציפּן האָבן לויט זייער מהות די אייגנשאַפֿט פֿון אַן אַדיעקטיוו. איז לאָגיש דער אויספֿיר אַז פּאַרטיציפּן קענען דינען ווי אַד־ווערבן: ער זיצט פֿאַרטראַכט, ער פֿילט זיך באַעוולט, ער ענטפֿערט צעחושט, ער פֿאָרט אַוועק אַנטוישט, ער קומט אָן אויפֿגעמונטערט, ער שטייט אויף אײַנגעשלאָפֿן, ער לעבט קאַרג און אײַנגעצויגן, ער שמייכלט גוטמוטיק און באַפֿרידיקט, ער פֿירט זיך אויף דערוואַקסן, ער אַפּאַנירט ביטער און אַנגעשטרענגט.

ווען דער פּאַרטיציפּ האָט צו זיך ווערטער וואָס ציִען זיך צו אים און ער שאַפֿט אַ גאַנצע פֿראַזע, דעמאָלט איז נאַטירלעך פֿאַר אים דורכצופֿירן די פֿונקציע פֿון אַן אַדווערביאַלער פֿראַזע אין זאַץ. דאָ איז שוין קיין שום ספֿק ניטאָ אַז דאָס פּאַרטיציפּיאַלע און דאָס אַדווערביאַלע פֿאַלן צונויף. מיר געמען דרײַ זאַצן: „געקומען אַהיים, האָט ער אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די שווערע מלבושים” — „געקומען אַהיים” ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע ווען? אָדער קען ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע פֿאַרוואָס? בכל־אופֿן אויף אַ פֿראַגע פֿון אַן אומשטאַנד־באַשטימונג און קען פֿאַרביטן ווערן מיט אַן אַנדער אַדווערביאַלער פֿראַזע, למשל: „אין דער היים...”; „אויסגעטרונקען די מילך, האָט ער אַוועקגעשטעלט די גלאָז אויפֿן טיש” — „אויסגעטרונקען די מילך” קען פֿאַרביטן ווערן מיטן „נאָכן אויסטרינקען די מילך”, וואו דער אינפֿיניטיוו איז דאָ אין זײַן ראָלע פֿון אַ סובסטאַנטיוו, בכן איז דער גרינגסטער פֿאַרבײַט אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע וואָס איז אויך אַן אַד־ווערביאַלע פֿראַזע; „אַוועקגעפֿאָרן אין דער פֿרעמד, האָט ער פֿאַרגעסן די אייגענע” — אויך דאָ איז מעגלעך די זעלביקע גרינגע טראַנספֿאָרמאַציע וואָס אין פֿריִערדיקן זאַץ. און דאָך איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד צווישן זיי און די פֿריִער ציטירטע צען פּאַרטיציפּן־אַדווערבן: אין די ערשטע צען קען מען שטעלן דעם פּאַרטיציפּ אויך צום סוף פֿון זאַץ (ער זיצט פֿאַר־טראַכט, ער אַפּאַנירט ביטער און אַנגעשטרענגט), בעת אין אונדזערע לעצ־טערע דרײַ זאַצן מוז דער פּאַרטיציפּ קומען אין אָנהייב.

ניט קיין פֿאָרמעלע, ניט קיין גראַמאַטישע, נאָר אינהאַלטלעכע, באַ־טײַטיקע סיבות דערלאָזן ניט אַז אַ סך פּאַרטיציפּן זאָלן קענען ווערן אַד־ווערבן ווי פֿאַרטראַכט און די אַנדערע גײַען אין אָנהייב פֿון דעם פּונקט. עס באַקומען זיך ניט קיין נאַטירלעכע זאַצן וואו די פּאַרטיציפּן געקומען, אויסגעטרונקען, אַוועקגעפֿאָרן זאָלן פֿיגורירן ווי אַדווערבן אַזוי גרינג ווי אין דוגמאָות אין אָנהייב פֿון דעם פּונקט.

4. דער גערונדיוו, וואָס ער קען דאָך אַוודאי געניצט ווערן ווי אַן אַדיעקטיוו, איז אויך אַ נאַטירלעכן אופֿן אויך אין דער ראָלע פֿון אַן אַדווערב. מע קען אים שטעלן אין זאַץ וואו נאָר מע וויל: ער האָט גע־ענטפֿערט לאַכנדיק, ער האָט לאַכנדיק געענטפֿערט, לאַכנדיק האָט ער גע־ענטפֿערט; זי איז אַרײַנגעקומען טאַנצנדיק, זי איז טאַנצנדיק אַרײַנגעקומען, טאַנצנדיק איז זי אַרײַנגעקומען.

5. פֿאַראַן נאָך אַ קלײנע גרופּע סינטאַקטישע אַדוועְרבּן. דאָס זײַנען אַזעלכע סובסטאַנטיוון וואָס ווערן גענוצט ווי אַדוועְרבּן. מיר האָבן אַזעלכע סובסטאַנטיוון אין דער גרופּע ווערטער וואָס באַצייכענען צײַט: שבת, יום־טובֿ, זומער און ענלעכע. „עס קומט דער ליבער שבת" — שבת איז אַ סובסטאַנטיוו; „איך וועל קומען צו דיר שבת" — שבת איז אַן אַדוועְרבּ. „מיר גרייטן זיך צו דעם יום־טובֿ", „דער יום־טובֿ האָט אַרײַנגעבראַכט פֿרייד" — יום־טובֿ איז אַ סובסטאַנטיוו; „מיר וועלן קומען צו אײַך יום־טובֿ", „יום־טובֿ וועט זײַן דער געפּלאַנטער פֿאַרמעסט" — יום־טובֿ איז אַן אַדוועְרבּ. „דער זומער איז דאָ צו הייס" — זומער איז אַ סובסטאַנטיוו; „זומער וועלן מיר זיך טרעפֿן אין ארץ־ישׂראל" — זומער איז אַן אַדוועְרבּ. פֿון דער צווייטער זײַט זײַנען די אַדוועְרבּן הײַנט, נעכטן, אייערנעכטן, מאָרגן, איבערמאָרגן סובסטאַנטיוון אין די זאַצן: „פֿאַרגעס אַלע נעכטנס און אייערנעכטנס, וויכטיק איז נאָר דער הײַנט"; „אויב ניט דער מאָרגן, וועט זיכער דער איבערמאָרגן ברענגען די ישועה". אָבער דער יסוד איז דאָ פֿאָרט דער אַדוועְרבּ: „זאָל דער מענטש ניט זאָרגן וואָס עס וועט זײַן מאָרגן, זאָל ער בעסער הײַנט פֿאַררעכטן וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט נעכטן" (שוו).

באַזונדער אינטערעסאַנט זײַנען אַזעלכע ווערטער ווי אַ סך, אַ ביסל. „ער לערנט אַ סך און קען אַ ביסל" — האָט מען אין זינען די פֿראַגע — וואָס? זײַנען אַ סך און אַ ביסל סובסטאַנטיוון; האָט מען אין זינען די פֿראַגע — וויפֿל? זײַנען זיי אַדוועְרבּן! אין דער פֿאַרבינדונג „אַ סך תּורה און אַ ביסל חכמה" האָט מען זיכער צו טאָן מיט סובסטאַנטיוון, פּאַראַלעל צו אַ שלל תּורה און אַ ברעקל חכמה.

## ד. די עכטע אַדוועְרבּן

1. יעדער אַדיעקטיוו אין זײַן קורצער פֿאָרעם קען דינען ווי אַן אַדוועְרבּ. אָבער ניט יעדער אַדוועְרבּ קען דינען ווי אַן אַדיעקטיוו. „ענטפֿער מיר תּיכּף, ענטפֿער מיר באַלד", אָבער עס קען ניט זײַן אַ 'תּיכּפֿער' אָדער אַ 'באַלדער' ענטפֿער — עס מוז זײַן אַ תּיכּפֿדיקער אָדער אַ באַלדיקער ענטפֿער. די ע כ ט ע אַדוועְרבּן קענען ניט דינען ווי אַדיעקטיוון.

אָט איז אַ פּעקל עכטע אַדוועְרבּן: דאָ, דאָרט(ן), איצט(ער), שוין, נאָך, קוים, אָ׳קערשט, אַקאָ׳רשט, דערווײַל, דערנאָך, זייער, צו, אינאיינעם, פֿאַראַכטאָגן, אַנדערש, באַזונדערש, ממש, תּמיד, להבא, בטבֿע, געזונטערהייט, ייִנגלווײַז, צופֿוסנס, צומאָרגנס, צוריקוועגס, אינעווייניק. כּדי פֿון אַזעלכע עכטע אַדוועְרבּן צו מאַכן אַדיעקטיוון, דאַרף מען צוגעבן צו זיי דעם אַדיעקטיווישן סופֿיקס ־יק (־דיק): דאָאיק, דאָרטיק, איצטיק, איצטערדיק, אָקערשטיק, דערווײַליק, אינאײנעמדיק, פֿאַראַכטאָגיק, אַנדערשדיק, להבאדיק, בטבֿעדיק, צופֿוסנ(ס)דיק, צומאָרגנ(ס)דיק, צוריקוועגסדיק און אינעווייניקסט. פֿון אַ קליינער צאָל אַדוועְרבּן לאָזט זיך בכלל ניט שאַפֿן קיין אַדיעקטיוו: ניטאָ קיין 'שויניק', 'נאָכיק', 'קוימיק' (עס איז יאָ פֿאַראַן קוים־קוימיק),

'אַקאָ'רשטיק', 'באַזונדערשדיק'. אָבער אַזעלכע אַדיעקטיוון פֿון עכטע אַד־ווערבן קומען ביסלעכווײַז צו. צו הי' איז צוגעקומען אויך דער אַדיעקטיוו היגער און ערשט מסתּמא דורות שפּעטער איז פֿון איצט געוואָרן דער אַדיעקטיוו איצטיק; פֿון דאָ איז געוואָרן דאָיִק ערשט אין דור פֿון די פֿאָר־טערס און ממשדיק און דערנאָכיק ערשט אין אונדזערע צײַטן. קען מען פֿאַרויסזען אַז עס וועלן צוקומען נאָך נײַע אַדיעקטיוון פֿון די עכטע אַדווערבן.

2. עס זײַנען כּסדר פֿאַראַן גרענעצפֿאַלן צווישן עכטע און אומעכטע אַדווערבן. באַרוועס איז זיכער פֿריִער געווען אַן עכטער אַדווערב און ערשט שפּעטער איז דאָס וואָרט אויך פֿאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַן אַדיעקטיוו און מע קען איצט זאָגן מיט באַרוועסע פֿיס (פּלעאָנאַסטיש). בפּירוש איז אויפֿ־געבומען געוואָרן ווי אַן עכטער אַדווערב און מע וועט מסתּמא ביזן 19טן יאָרהונדערט ניט געפֿינען קיין בפּירושן פּסוק. פֿרי און פֿריִער זײַנען אויך געווען בלויז אַדווערבן; אין די פֿריִע שעהן, די פֿריִערע באַמיאונגען זײַנען ניט געווען בײַ אונדזערע זיידעס.

3. אויף דעם שטח זײַנען אויך פֿאַראַן אונטערשיידן אין דיאַלעקטן. היפּש איז אומעטום הן אַן אַדווערב הן אַן אַדיעקטיוו (עס איז אויסגעקומען היפּש צו וואַרטן אויף אים און אַ היפּש ביסל), אָבער שפּאָר איז בלויז אין פּוילישן דיאַלעקט אויך אַן אַדיעקטיוו (אַ שפּאָרע חכמה — אַ קנאַפּע חכמה). יעמאָלט איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן ליטווישן ייִד און דעמאָלט פֿאַרן פּוילישן, אָבער אונטער דער השפּעה פֿון דער ליטעראַטור מישן זיך אויס די באַזונדערע דיאַלעקטישע פֿאָרמען. די פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון עכטע אַדווערבן ווערן אָרעמער אין צאָל. דער פּראָצעס פֿון סטאַנדאַרדיזירן און פֿאַרכּללישן ייִדיש ברענגט מיט זיך די סכּנה פֿון פֿאַראָרעמונג. איז דער אָנווײַז און די עצה־טובֿה: אויפֿן שטח פֿון די עכטע אַדווערבן זאָל מען ד ע ר ל א ָ ז ן אַלע פֿאַראַנענע פֿאָרמען, הן די פֿאַרשפּרייטערע הן די דיאַ־לעקטישע. זאָל מען אויף אָט דעם שטח זיך ניט פֿאַרגעמען מיטן אײַנזײַטיקן פֿאַראײנהייטלעכן. אומעדום איז פּונקט אַזוי גוט ווי אומעטום; פּלוצלינג און פּלוצלונג און פּלוצעם און פּלוצלעם זײַנען גלײַכע יחסנים; דעמאָלט, דענסט־מאָל, דענצמאָל, דעמאָלסט זײַנען גלײַכע בירגערס מיט גלײַכע רעכט. מע דאַרף ניט פֿאַרגעסן אַזעלכע גוטע עכטע אַדווערבן וואָס מע ניצט איצט שוין זעלטן ווי: אַצונדערט, באַנײַס, אַנוסטן, אַנומלטן און אַנדערע.

## ה. די סופֿיקסן בײַ אַדווערבן

1. דער סאַמע אַקטיווער סופֿיקס צו שאַפֿן אַדווערבן איז ־ערהייט. דער סופֿיקס קומט צו בלויז צו אַדיעקטיוון. פֿון סובסטאַנטיוו כּעס קען ניט ווערן 'כּעסערהייט', אָבער פֿון אַדיעקטיוו אינכּעס (דער אינכּעסער בעל־הבית) קען יאָ ווערן — אינכּעסערהייט.

ווען דער אַדיעקטיוו האָט ניט קיין סופֿיקס, לאָזט זיך גרינג שאַפֿן דער

אַדוועֶרבּ מיט ־ערהייט: קראַנקערהייט, געזונטערהייט, קאַלטערהייט, וואַ־רעמערהייט, יונגערהייט, אַלטערהייט, אומגעריכטערהייט, (אום)באַקאַנטער־הייט, ברוגזערהייט, שפּלערהייט. די צערטל־סופיקסן שטערן ניט. געזונ־טינקערהייט, אַלטיטשקערהייט, שיינטשינקערהייט.

ווען בײַ די אַדיעקטיוון זײַנען יאָ פאַראַן סופיקסן, שטעלן זיך דאָ אײַן פאַרשיידענע גראַדאַציעס. דער סופיקס ־יק (־דיק) פאַרטראָגט ניט דעם ־ערהייט, און דאָך פאַרמאָגט דאָס פאָלקס־לשון די אַדווערבן: בלוטיקער־הייט, לוסטיקערהייט, ליכטיקערהייט, פלײשיקערהייט. עס זײַנען פאַראַן בלויז נאָך עטלעכע אַזעלכע אַדווערבן. ווען דער סופיקס איז ־לעך, קען מען צושטעלן דעם ־ערהייט ניט מער ווי צו עטלעכע אַדיעקטיוון: גליקלעכער־הייט, ערלעכערהייט, פרײַנדלעכערהייט, וואונדערלעכערהייט. אויב אָבער ־לעך איז אַ פאַרקלענער־סופיקס פון אַדיעקטיוו, קען שוין דאָרטן דער ־ערהייט ניט געמאָלט זײַן: פון שטײַף קען גריילעך זײַן שטײַפערהייט, אָבער ניט 'שטײַפלעכערהייט', פון שוואַרץ קען זײַן שוואַרצערהייט, אָבער ניט 'שוואַרצלעכערהייט'. ווען די סופיקסן זײַנען ־יש (־ש), ־ן (־ען), ־ערן, קען מען צו זיי ניט צושטעלן דעם ־ערהייט. עס איז ניט מעגלעך: 'קנעכטישער־הייט', 'דימענטערנערהייט', 'הילצערנערהייט'. חוץ תמעוואַטערהייט זײַנען ניטאָ קיין צונויפגעוואַקסענע ־עוואַטערהייט.

דער סופיקס ־ערהייט ווײַזט אויף אַ צושטאַנד. ווען ער קומט אין פאַרבינדונג מיט אַ ווערביד, קומט אויך צו אַ באַטײַט פון צײַט. בײַ אַ גערונדיוו באַטײַט עס: ווען עס איז, אין דער צײַט פון זײַן; בײַ אַ פאַרטיציפּ איז דער באַטײַט: ווען עס איז שוין געווען אָדער געוואָרן, ווען מע האָט עס שוין געטאָן. אַדווערבן מיט ־ערהייט פון גערונדיוון קענען מיר האָבן וויפל מיר ווילן; לאַכנדיקערהייט, קרעכצנדיקערהייט, היגקענדיקערהייט, אַרויס־גייענדיקערהייט, מיטגעמענדיקערהייט און אַזוי ווײַטער. דער חילוק אין באַטײַט צווישן דעם גערונדיוו ווי אַן אַדווערבּ און דעם גערונדיוו מיטן צוגעוואַקסענעם ־ערהייט איז זייער אַ דינער, אַ קוים־קוימיקער: „ער עסט שטייענדיק" — דערציילט בלויז וועגן אַן איינציקן קאָנקרעטן פאַל; „ער עסט שטייענדיקערהייט" — רעדט וועגן אַ מענטשן וואָס האָט אַזאַ טבֿע צו עסן. ווען מע האָט אין זינען די געדויערדיקייט, די טבֿע, קומט מען אויס אָן דעם נון פון גערונדיוו און עס ווערט שטייעדיקערהייט, ליגעדיקערהייט, לאַכעדיקערהייט (זען אַדי׳, 5ו).

נאָך פרײַער און אָפטער פאַרבינדט זיך דער אַדווערביאַלער סופיקס ־ערהייט מיטן פּאַרטיציפּ. ווערן געגעבן מער און כלערלייאיקע דוגמאָות: באַטראַכטערהייט, דערצערנטערהייט, צעריסענערהייט, אויסגעוואָרצלטער־הייט, אויפגערודערטערהייט, אונטערגעבורטשעטערהייט, איבערגעמאַכטער־הייט, אײַנגעשפּאַנטערהייט, אָנגעמלאָכהטערהייט, אָפּגעטאָגענערהייט, דורכ־געטראַכטערהייט, מיטגעריסענערהייט, צונויפגעשמאָלצענערהייט, אַרײַנגע־שטאָכענערהייט.

2. אַ סך באַגרענעצטער אין זײַן באַנוץ איז דער צווייטער סופֿיקס צו שאַפֿן אַדווערבן ־ווײַז. דער סופֿיקס קומט צו צו סובסטאַנטיוון, ספּעציעל צו זייער מערצאָל־פֿאָרעם. מיר פֿאַרצייכענען דעם צונויפֿבינד מיט אַן אַדיעקטיוו — איינציקווײַז אין מיר באַטראַכטן משוגענערווײַז ווי אַ פֿאַרבונדענעם מיטן סובסטאַנטיוו משוגענער. לאָמיר זיך אַרײַנלעבן אין די עטלעכע באַטײַטן פֿון דעם סופֿיקס:

קינדווײַז, ייִנגלווײַז, ווײַבלווײַז; טיילווײַז, טראָפּנווײַז, פּאָרווײַז; מדרגה־ווײַז, טריטווײַז, צײַטנווײַז, שעהנווײַז, מעת־לעתנווײַז, דורותווײַז; ביסלעכווײַז, ברעקלעכווײַז, שטיקערווײַז, חלקימווײַז, פּאָרציעסווײַז; ליטערווײַז, פֿונטנווײַז, עמערווײַז, שורותווײַז, קאַפּיטלעכווײַז, פּאָרנווײַז; ערטערווײַז, ראַיאָנענווײַז, מדרגותווײַז, קראָמענווײַז, וואַרשטאַטנווײַז, פֿאַבריקנווײַז.

דער עיקר־באַטײַט פֿון דעם ־ווײַז איז: דער אופֿן ווי מע טוט עפּעס. אָנשרײַבן אַן אַרבעט קאַפּיטלעכווײַז הייסט: ניט די גאַנצע אַרבעט אין דער זעלביקער צײַט און ניט לויט איין פֿריִערדיקן פּלאַן, נאָר יעדער קאַפּיטל באַזונדער. אָרגאַניזירן די אַרבעטער וואַרשטאַטנווײַז הייסט: אין יעדן וואַרשטאַט באַזונדער און פֿון וואַרשטאַט צו וואַרשטאַט. דער סופֿיקס ־ווײַז האָט ליב די נעמען פֿון מאָס, ספּעציעל אין פֿאַרבינדונג מיט קויפֿן־פֿאַרקויפֿן. בײַ אַ צאָל ווערטער קומט דאָ צו דער באַטײַט פֿון צײַט: קינדווײַז, עופֿעלע־ווײַז. ווען מע האָט צו טאָן מיט אָרט, איז עס פֿון אָרט צו אָרט: ערטערווײַז, גאַסנווײַז, דערפֿערווײַז.

די אַדווערבן מיטן סופֿיקס ־ווײַז גייען גרינג אַריבער אין אַדיעקטיוון, ווי מע זעט עס אין אַזעלכע פֿאַרבינדונגען: אַ ביסלעכווײַזע פּעולה אין לערנען, די טיילווײַזע רעזולטאַטן פֿון די וואַלן, אַ צײַטנווײַזער צוריקטריט, די האָראַ איז ניט קיין פּאָרנווײַזער טאַנץ, אַן עמערווײַזער אויספּאַרקויף פֿון פּלוימען, דאָס שורותווײַזע איבערקוקן דעם מאַנוסקריפּט, דאָס פּאָרציעסווײַזע אײַנפּאַקן, דער פֿאַבריקנווײַזער קאָנטראָל.

3. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון הײַנטצײַטיקן ייִדיש קען מען באַטראַכטן ווי אַן אומאַקטיוון סופֿיקס די ענדונג ־ס (־נס) וואָס מע טרעפֿט בײַ אַדווערבן. פֿון אַ היסטאָרישן שטאַנדפּונקט זײַנען עס פֿאַרגליווערונגען פֿון אַלטע בייגפֿאַלן. אין צומאָרגנס אָדער אין פֿאַרטאָגס איז דער ־ס אַן איבערבלײַב פֿון דעם געניטיוו פֿון הונדערטער יאָרן צוריק. דער זעלביקער סמך ווײַזט זיך אין פֿרײַטיק־צונאַכטס, שבת־צונאַכטס, [דער צו וואָס קומט דאָ אַרײַן איז אַ מין פֿאָלקסטימלעכע גראַמאַטיזירונג נאָכן פֿאַרגעסן די מערצאָל שבתות.] אינדערוואָכנס.

אויך אין וועגס איז דער סמך אַן איבערבלײַב פֿון אַ געניטיוו און ער איז געבליבן אין די אַדווערבן: אַהינוועגס, אַהערוועגס, צוריקוועגס, אונטערוועגס, אונטערוועגנס, האַלבוועגס און אין אַ שטיק וועגס.

מע זעט בולט דעם אַדווערב־שאַפֿנדיקן ־ס אין רעכטס און אין לינקס, אין די פֿאָלקסטימלעכע פּאַמעלינקעס, פּאַוואָלינקעס, אין די פֿאַרגליווערונ־

גען צופֿוסנס, צוקאָפּנס, פֿאַרצײַטנס, צופֿלײַסנס, פֿונוויַטנס, פֿונדערווײַטנס, אינדערווײַטנס.

אין דער רײ ווערטער: ערשטנס, צווייטנס, דריטנס און אַזוי ווײַטער, אין די זאַצווערטער וואָס קענען גענוצט ווערן אַדווערביאַל, האָבן מיר ווידער דעם ־ס.

4. אויך די ענדונג ־ן קען מען באַטראַכטן ווי אַן אומאַקטיוון סופֿיקס בײַ אַדווערבן. מע טרעפֿט דאָ פּאַראַלעלע פֿאָרמען אָן און מיט דעם נון: אַנומלט און אַנומלטן, צו־כּלומרשט און צו־כּלומרשטן. אינטערעסאַנטער איז די ענדונג ־ן אין די אַדווערבן: אויף־אַן־אמתן, אויף־דער־אמתן, אין־דער־אמתן. פֿונוואַנעט קומט דאָ דער נון צום סוף? דאָס איז די אַלטע, פֿון ייִדיש לאַנג פֿאַרשוואונדענע ענדונג פֿון דאַטיוו ווײַבלעך (ווײַל דאָס וואָרט אמת איז אין אַלט־ייִדיש ווי אין לשון קודש געווען אַ סובסטאַנטיוו פֿון ווײַבלעכן מין). זאָל מען זײַן געוואָרנט ניט אַרײַנצופֿאַלן אין אַ טעות און אָנצונעמען אַז דאָ איז אמתן די מערצאָל פֿון אמת, ווײַל עס קען דאָך פֿאַר אַ מערצאָל ניט זײַן דער אַרטיקל דער אָדער אַן!

כּדי צו אילוסטרירן אַז מע טאָר ניט צערײַסן אַ צונויפֿשמעלץ, ווײַל דערבײַ דערגייט מען צו אַן אַבסורד, נעמען מיר אַרויף אויפֿן וואָרשטאַט דעם אַדווערב פֿאַראַכטאָגן. דער באַטײַט איז: אין דער פֿאַרגאַנגענער וואָך, ניט דווקא מיט אַכט טעג צוריק; אויב הײַנט איז מיטוואָך, קען מען אי וועגן דאָנערשטיק אי וועגן פֿרײַטיק פֿון דער פֿאַרגאַנגענער וואָך, אי וועגן דינס־טיק אי וועגן מאָנטיק פֿון דער פֿאַרגאַנגענער וואָך — זאָגן פֿאַראַכטאָגן. ווען מע צערײַסט דעם פֿאַראַכטאָגן און מע מאַכט פֿון אים אַ פֿאַרזעעניש ׳פֿאַר אַכט טאָגן׳, ווײַזט מען דערבײַ אַז ערשטנס פֿאַרשטייט מען ניט גענוג פּינקטלעך זײַן באַטײַט און צווייטנס שטייט מען פּלוצעם פֿאַר אַ רעטעניש: וואָס איז עס פֿאַר אַ וואָרט טאָגן? דאָך ניט קיין מערצאָל פֿון וואָרט טאָג, די מערצאָל פֿון טאָג איז דאָך גאָר טעג (אין יענע אַלטע טעג ווען דער צו־נויפֿשמעלץ איז צונויפֿגעשמאָלצן געוואָרן איז טאָגן טאַקע אַ מערצאָל גע־ווען). אַנטפּלעקט מען אַז טאָגן איז דאָך טאַקע אַ הײַנטצײַטיק ייִדיש וואָרט — דער אינפֿיניטיוו פֿון אַ ווערב. ווי זשע קומט אַהער אַרײַן אַ ווערב און ניט קיין אַלטע מערצאָל־פֿאָרעם?

אַזעלכע צונויפֿשמעלצן זײַנען אויך די אַדווערבן: איבעראַכטאָגן, פֿאַראַ־יאָרן, אינדערוואָכן, פֿאַרצײַטן, צופֿלײַסן, פֿונדערווײַטן, אינדערווײַטן, אינ־דערלופֿטן, צומערסטן, צומערשטן און אַ צאָל אַנדערע. מע קען אין דעם נון צום סוף אײַנזען אַ מין אומאַקטיוון סופֿיקס פֿאַר אַדווערבן, וואָס אין תּוך איז עס אויך ניט מער ווי אַ פֿאָרמאַליסטישע פֿיקציע, הגם אַן אומ־שעדלעכע: עס שטימט ניט מיט דער געשיכטע פֿון אַט די פֿאָרמען, אָבער עס מאַכט ניט קאַליע אונדזער הײַנטצײַטיקן ייִדיש.

# ו. די פּרעפֿיקסן בײַ אַדווערבן

1. אַ גרופּע אַדווערבן הייבן זיך אָן מיט אַ־. דאָס קען זײַן אַ רעשטל פֿון אַן אַמאָליקער פּרעפּאָזיציע, דער גלגול פֿון אומבאַשטימטן אַרטיקל און אַ ספּעציעלער פּאַרטיקל. אָבער אומאָפּהענגיק פֿון זײַן היסטאָרישן יחוס ווערט דער אַ־ אַ סימן פֿאַר אַן אַדווערב. מעג מען אים באַטראַכטן ווי אַ מין פּרעפֿיקס. דער תּנאַי פֿאַר דעם איז נאָר אַז אין ייִדיש זאָל מעגלעך זײַן אַ וואָרט אָן דעם אַ־. ווערן פֿון דער גרופּע אַדווערבן מיט אַ פּרעפֿיקס אויסגעשלאָסן: אַזוי, אַנוסטן, אַנומלט(ן). עס ווערן יאָ אײַנגעשלאָסן: אַהיים, אַהין, אַהער, אַוואו, אַהינטן, אַוויניק, אַמער, אַצונד, אַצונדערט, אַפֿרײַער, אַפּשיטא, אַמאָל, אַפּנים, אַשטייגער.

אילוסטרירונגען: „איך מיין אַשטייגער (מיטן באַטײַט: למשל) אויף אַזאַ אופֿן” און „עס גייט אויף אַ שטייגער”; „עס איז אַפּנים (מיטן באַטײַט: מסתּמא, משמעות) אַ חוזק” און „עס האָט אַ פּנים פֿון אַ חוזק”; „אַמאָל האָט ער גע־זאָגט אַזוי און איצט זאָגט ער אַנדערש” און „אַ מאָל זעקס איז דאָס געווען אַזוי”.

פֿאַר אַ זײַטיקער אינפֿאָרמאַציע. דער צוויי־איקער אויסלייג פֿון די ווערטער, אָפּהענגיק פֿון דעם צי אַמאָל, אַפּנים און אַשטייגער זײַנען אַדווערבן אָדער סובסטאַנטיוון מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל און די מאָטיווירונגען זײַנען גענומען פֿון אַ דאָקומענט וואָס הייסט אויסלייג־תּקנות פֿון ייִדיש, ווילנע 1935. אָט די גאָלדענע ווערטער און שׂכלדיקע דיפֿערענצירונגען זײַנען פֿאַרשוואונדן פֿון די תּקנות פֿון ייִדישן אויסלייג, ווילנע 1937.

2. ייִדיש פֿאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל אַדווערבן, גענומען פֿון לשון־קודש. צווישן זיי זײַנען באַזונדער פֿילצאָליק די אַדווערבן וואָס הייבן זיך אָן מיט בּ־: בּשלום, בּקרובֿ, בּקיצור, בּשותּפֿות, בּכתבֿ, בּסוד, בּטבֿע, בּמילא, בּחוש, בּחצי־חינם, בּפֿירוש, בּאַהבֿה, בּאמונה, בּאַריכות, בּגנבֿה, בּגזלה, בּרציחה, בּדלות, בּזכות, בּחפֿזון, בּחרם, בּירושה, בּכיוון, בּכלל, בּמזומן, בּמחילה, בּמתּנה, בּנעימות, בּנשיקה, בּסך־הכּל, בּציבור, בּשלווה, בּשׂמחה, בּשתיקה. אַזאַ אָנפֿלייץ האָט געפֿירט דערצו אַז דער בּ־ זאָל אויפֿגענומען ווערן ווי אַ פּרעפֿיקס פֿאַר אַדווערבן און מיר האָבן דעם בּ־ אויך אין: בּגוואַלד, בּגראַנדע און בּגרענדע, בּנאַטור, בּקאָמפּאַניע, דערלעבן בּפֿריידן, קנעפּל־בּקנעפּל, לערנען ייִדיש בּייִדיש און אַנדערע.

3. די אַדווערבן וואָס שטאַמען פֿון לשון־קודש און הייבן זיך אָן מיט אַ ל־ זײַנען אויך גאַנץ היפּש פֿאַרטראָטן: לטובֿה, לרעה, לסוף, לרובֿ, לפֿנים, למזל, להיפּ(ו)ך, לדורות, לאַחר־המעשׂה, לאַחר מאה שנים, לאַחר־ייִאוש, להבֿדיל, להכעיס, להשתּקע, לחומרא, לחיים, לחיים טובֿים, ליהודים, לכּל־הדעות, למשל, לעולם־ועד, לערך, לעת־עתּה, לקולא, לשיטתי, לשיטתו, לתּורה (ו)לחופּה ומעשׂים טובֿים. האָבן זיך אויך געשאַפֿן נײַע אַדווערבן, וואו ל־ ווערט אויסגעניצט ווי אַ פּרעפֿיקס: לוואָוילטאָג, לשוואַוילטאָג, לשפּעטער, לווײַטער, לפֿאַרדינסטל, לחניפֿה, לקריכעניש, להינטערפֿיסל, לאיבערחכמה, לוואָלן, „להיץ און לקעלט (איז גוט אַ טרונק בראָנפֿן)”.

4. מער באַגרענעצט איז דאָס ניצן ווי אַ פּרעפיקס דעם מ־: ממילא, מכּלומרשט, מכּל־שכּן, מחוץ־למחנה, מאַהבֿת־מרדכי, משׂנאת־המן, מאַחורי־הפּרגוד, מדאוריתא, מדרבנן, מהיום־והלאה, מענין־לענין, משבת־לשבת. און אויך דאָ געפינען מיר אייגענע שאַפונגען: מפּנימער און מוואַסער, אַרויס מאומגליק, מבאַנקראָט, מצרות ומאַנשיקעניש, מקבצן לאבֿיון, זיך ראַטע־ווען מפּנין, ממאָרד, מברייגע לטרייגע, מגראָשן, מסטאַרקע צו אַ סטאַר [= פֿון אַ קרעמל צו אַ גרויסער קראָם, ניו־יאָרק].

5. נאָך באַגרענעצטער איז דאָס ניצן כּ־: כּסדר, כּדין, כּדין וכדת, כּמקדם, כּדרך־הטבֿע, כּדת־משה־וישׂראל, כּהאי לשנא, כּהרף־עין, כּחומר ביד היוצר, כּיד־המלך, כּידוע, כּעפּרא־דאַרעא, כּקדם, כּשורה. און אויך: כּאָפּגערעדט, כּאָפּגעמאַכט, כּבאַצאָלט, כּגעסילוקט, כּניט־געוואוסט, כּניט־פֿאַרשטאַנען.

די פּונקטן 2־5 ווייזן אַז מיר האָבן אין ייִדיש דעם גאַנצן בכל״ם.

6. עס איז אויך אַן אייגנאַרטיקער פּרעפיקס דער שבֿ־ וואָס מיר טרעפֿן אין: גוט־שבגוט, פֿײַן־שבפֿײַן, פּרימאַ־שבפּרימאַ און נאָך אַזעלכע סופּערלאַטיוון וואָס מע קען זיי שאַפֿן וויפֿל עס ווילט זיך.

7. אָמ— אין די דײַטשמעריזמען: אַמבעסטן, אַמשענסטן, אַמווייטסטן און אַזוי ווייטער איז אויך אַ פּרעפיקס בײַ אַדוועֶרבן. אָבער אין כּלל־ייִדיש דאַרפֿן מיר ניט אַזעלכע ווערטער און מיר דאַרפֿן אַזוי־אַרום אויך ניט דעם פּרעפיקס.

## ז. אַקצענט און אינטאָנאַציע בײַ אַדוועֶרבן

1. אַקצענט און אינטאָנאַציע זײַנען כּוחות בײַם שאַפֿן ווערטער און אויסדרוקן, ווײַל עס איז ניט פֿאַראַן קיין ריידשפּראַך אָן זיי. בײַ אַ גראַ־מאַטישן אַנאַליז, בײַם פֿונאַנדערקלײַבן זיך אין דעם צו וואָסער וואָרטקלאַס עס געהערט אַ וואָרט, בײַם געפינען דעם סעמאַנטישן אונטערשייד צווישן ווערטער און אויסדרוקן וואָס מע קען זיי אפשר אָנשרײַבן אויף דעם זעל־ביקן אופֿן — איז אַ מוז צו נעמען אין באַטראַכט דעם אַקצענט און די אינטאָנאַציע. אויב מע טוט עס חלילה ניט, פֿאַרזינדיקט מען זיך און מע באַטראַכט אַ לעבעדיק לשון ווי דאָס וואָלט געווען אַ שפּראַך וואָס פֿון איר זײַנען פֿאַרבליבן בלויז אַ צאָל שריפֿטלעכע דאָקומענטן. און אויב עס איז אַפֿילו פֿאַראַן אַ צייכן פֿאַר אַן אַקצענט, איז עס דאָך אויך אַ גאַנץ קנאַפּע הילף, וואָרעם עס זײַנען דאָך פֿאַראַן כּלערליי אַקצענטן, און דאָס זעלביקע וואָרט מיטן זעלביקן אַקצענט רעדט מען דאָך אַרויס פֿאַרשיידן — אויך דער זעלביקער מענטש און אַוודאי אַ צווייטער מענטש. מיט וויפֿל אופֿנים מע קען עס דורכלייענען די עטלעכע ווערטער: „טאַטע, שיק מיר געלט!״ עס איז אַן אינגערדעניש אַז דאָס איז סײַווי דאָס זעלביקע קאָמוניקירן. אינטאָנאַציע איז ניט קיין אויסערשפּראַכיקער ענין. אויב מע רוקט עס אַוועק אין אַ זײַט, איז עס בלויז דערפֿאַר וואָס דאָס איז זייער אַ קאָמפּלי־צירטער ענין און מע האָט אין דעם זיך נאָך ניט אַרײַנגעאַרבעט. אויך דאָ

ווײַטער וועט זײַן די רייד בלויז וועגן עטלעכע גרינטלעכע פֿאָרמען פֿון אינטאָנאַציע: די אינטאָנאַציע פֿון צונויפֿרוקן און די אינטאָנאַציע פֿון פֿונאַנדערשיידן.

אָבער ראשית־כּל וועגן אַקצענט און מיט קאָנקרעטע דוגמאות. „דע׳ר מענטש טראַכט אַזוי״ — דער מיטן שטאַרקן אַקצענט איז אַ פּראָנאָם און באַטײַט: דער דאָזיקער, אָט דער, נאָר אָט דער; „דער מענטש טראַכט אַזוי״ — דער איז דער באַשטימטער אַרטיקל. „אין דע׳ר וואָך וואָס דו ביסט ניט געווען ...״ און „אין דער וואָ׳ך פֿון פּסח, ווען דו ביסט ...״ — ווידער האָבן מיר אין ערשטן זאַץ אַ פּראָנאָם און אין צווייטן אַן אַרטיקל, און דער אַרטיקל און דער פּראָנאָם זײַנען ניט קיין האָמאָנימען. דער הערער קען קיין טעות ניט האָבן, ווײַל ער דערהערט דאָך דעם אַקצענט, צי ער ווערט יאָ אָדער ניט אָנגעצייכנט בײַם איבערגעבן אין שרײַבן. אין פֿאָ׳ר זיך האָט דער פֿאַר און דער זיך אַן אַנדער באַטײַט ווי אין פֿאַר זי׳ך; דער ערש־טער אויסדרוק באַטײַט: אַליין זעלבשטענדיק, דער צווייטער פֿאַר באַ־טײַט: בלויז, צוליב. דער ריידער ווייס דאָך וואָס ער וויל זאָגן און דער הערער פֿאַרשטייט זײַן כּוונה; אין אַ געשריבענעם טעקסט און אָן אַ צייכן פֿון אַקצענט פֿאַרשטייט עס דער לייענער פֿון דעם גאַנצן קאָנטעקסט (און אויב ער פֿאַרשטייט ניט, קען ער האָבן אַ טעות).

און אַ טראָט פֿאָרויס אויפֿן שטח פֿון אינטאָנאַציע וואָס קומט צונויף מיטן אַקצענט. לאָמיר זיך אײַנהערן אין דעם זאַץ: „דו ווייסט? מיר האָבן באַלד יאָ׳רצײַט, עס איז דאָך שוין אַוועק כּמעט אַ יאָ׳ר צײַ׳ט נאָך זײַן טויט״ — דער אונטערשייד איז דאָ ניט בלויז אין דעם וואָס יאָרצײַט האָט איין אַקצענט און אַ יאָר צײַט האָט צוויי אַקצענטן און די צוויי אַקצענטן רײַסן פֿונאַנדער אין צוויי טיילן וואָס קען ווערן פֿאַראייניקט. זאָל מען דערהערן אויך די אינטאָנאַציע פֿון פֿ אַ ר ב י נ ד ן ווערטער לגבי דער אינטאָנאַציע פֿון צ ע ש י י ד ן , דעם חילוק אין אַרויסרעדן אַ צונויפֿהעפֿט לגבי אַ פֿראַזע.

2. דאָס ייִדישע לשון ניצט אויס אַקצענט און אינטאָנאַציע כּדי אַרויס־צוהייבן אין זאַץ דעם אַדווערב. דער אַקצענט קומט ספּעציעל אויף אַן אַנ־דער טראַף און ער איז געוויינטלעך אַ גאַנץ שטאַרקער, און די אינטאָנאַציע איז אַ בולט־פֿאַרבינדנדיקע, ווען דער אַדווערב באַשטייט פֿון מער ווי איין טייל. דער אַדווערב לאָזט זיך הערן, דעם אַדווערב הערט מען! „ער איז דאַכט זיך דאָ געווען פֿאַר־צוויי־וואָכן״ — דער אַדווערב ווערט אָנגעדײַט דורכן שטאַרקן אַקצענט אויפֿן טראַף צוויי און דורכן צונויפֿנעמען אַלע פֿיר טראַפֿן, אַלע דרײַ טיילן מיט אַ פֿאַרבינדנדיקער אינטאָנאַציע; עס איז ניטאָ קיין ברעקל אָפּשטעל צווישן די באַזונדערע דרײַ טיילן, כּדי זיי זאָלן ניט זײַן קיין באַזונדערע. „וויפֿל האָט ער באַקומען פֿאַר צוויי׳ וואָכן (אַרבעט)?״ — די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע קלינגט אַנדערש ווי דער אַדווערב, איז אַנדערש אַקצענטירט און אַנדערש אינטאָנירט. און נאָך אַ סימן: אין דעם אַדווערב קען מען קיין זאַך ניט אַרײַנשטעלן, אין דער פּרעפּאָזיציאָנעלער

פּראָזע קען מען יאָ אַרײַנשטעלן עפּעס צווישן די טיילן: „פֿאַר די צוויי שוועֶרע וואָכן".

מע הערט דעם אונטערשייד צווישן דעם אַדוועֶרב און דער פּרעפּאָ־זיציאָנעלער אָדער אַדוועֶרביאַלער פּראָזע: „צוװאָס האָסטו זיך גענומען צו דער אַרבעט?" און „צו וואָס ער זאָל זיך נעמען, גיט זיך עס אים אײַן"; „זיך קריגן איבעראַנײַ'ס מיט דער שוויגער" און „זיך קריגן איבער אַ נײַס אין דער צײַטונג"; „ער וועט דאָ זײַן איבעראַיאָ'ר" און „ער וועט דאָ זײַן אַ דרײַצן צי פֿערצן חדשים, בכל־אופֿן אי'בער אַ יאָר"; „לאָמיר אַלע אינ־איינעם חתן־כּלה מקבל־פּנים זײַן" און „אין איינעם פֿון די קאָסטנס זײַנען דאָ עטלעכע און צוואַנציק מאַראַנצן". דאָ באַנעמט מען און מע הערט די אַנדערשדיקע באַטײַטן. און ווען מע לערנט זיך ריכטיק צו הערן, איז ניטאָ קיין שום שוועריקייט אינעם אויסלייג. אָט האָבן מיר אַ פּעקל אַד־ווערבן וואו דער אַקצענט און די אינטאָנאַציע זײַנען די אויפֿבויערישע כּוחות:

פֿאַרוואָ'ס, נאָכוואָ'ס, איבערוואָ'ס; בײַנאַ'כט, בײַטאָ'ג, בײַדערנאַ'כט; פֿאַרנאַ'כט, פֿאַרטאָ'ג, פֿאַרפֿרי'; אויפֿדערנאַ'כט, אויפֿדאָסניי', אויפֿסניי'; פֿאַר־איי'נס; אויפֿלע'צט, צולע'צט, צוע'רשט, צוגלײַ'ך; אינגאַ'נצן, אינגיכ'ן (בקרוב), אינקו'רצן (בקיצור); מיטאַמאָ'ל, אויפֿאַניי'ס, אויפֿסיאָ'ר, אויפֿס־גוואַ'לד; איבעראַכטאָ'ג, אינדערפֿרי', אינדערהיי'ם (געמיטלעך), פֿאַר־דריי'־וואָכן, פֿאַר־צוויי־יאָ'רן.

קיינער קען זיך ניט האַלטן בײַ דער טעאָריע אַז אַקצענט איז אַ דרויסנ־דיקער, אַן אויסערשפּראַכיקער סימן, און בײַם אַרײַנהערן זיך, בײַם אַרײַנ־טראַכטן זיך אין פּינקטלעכן באַטײַט פֿון ווערטער קען מען אויך די גרינט־לעכע נוסחאָות פֿון אינטאָנאַציע ניט שטעלן מחוץ דער שפּראַכיקער מתנה.

3. די ראָלע פֿון אַקצענט איז אויך בולט אין די אַדווערבן פֿון אָרט און צײַט פֿון דעם שניט: וואַלד־אויס וואַלד־אײַן, פֿעלד־אויס פֿעלד־אײַן, וועלט־אויס וועלט־אײַן; יאָר־אויס יאָר־אײַן, טאָג־אויס טאָג־אײַן און אַנדערע. דאָ קען דער סדר פֿון די אויסן און די אײַנען זײַן אַ פֿאַרקערטער. דאָ האָבן מיר אויך די גרופּע: וואָרט־אויס, טראַף־אויס און אַנדערע. מע קען אויך האָבן צווייאיקע אַקצענטן: ווע'ן־ביט־ווע''ן, וואו'־ביט־וואו''.

אַן אילוסטראַציע פֿאַרן שותּפֿישן כּוח פֿון אַקצענט און אינטאָנאַציע: שוין איינמאָל אַ העלד! שוין איינמאָל אַ צדיק (אַן אויפֿטוער, אַן ערלעכער)! די אינטאָנאַציע באַשטימט דאָס איראָנישע.

## ח. צונויפֿשמעלץ און צונויפֿוואוקס בײַ אַדווערבן

1. כּדי זיך פֿונאַנדערצוקלײַבן אין פֿאַרשיידענע מינים אַדווערבן איז כּדאַי צו מאַכן אַ חילוק, צו געפֿינען דעם חילוק צווישן צונויפֿשמעלצן און צונויפֿוואוקסן בײַ אַדווערבן. דאָרטן וואו עס זײַנען דאָ רעשטלעך פֿון אַלטע פֿאָרמען, וואו די באַזונדערע טיילן האָבן אָנגעוואָרן זייער פֿריִערדיקן באַ־

טײַט, וואו די באַזונדערע טיילן האָבן ניט מער זייער פֿריערדיקן ווערט, אויך דאָרטן וואו די פֿריערדיקע סופֿיקסן (זען ה 3־4) זײַנען איצט אומ־אַקטיוו — האָט מען אַדווערביאַלע צונויפֿשמעלצן. אַ גוטע דוגמא פֿון אַ צונויפֿשמעלץ איז פֿונדעסטוועגן, ווײַל אַ וואָרט ׳דעסט׳ איז ניטאָ מער אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש און די צונויפֿגעזעצטע פּרעפּאָזיציע פֿון — וועגן האָט דאָ פֿאַרלאָרן איר באַטײַט. ליתר־שׂאת טרעפֿן מיר אויך בײַ צונויפֿשמעלצן באַזונדערקייטן אין אַקצענט.

2. די צונויפֿשמעלצן קומען גרופּעסווײַז. אָט איז אַזאַ גרופּע: דעראַך, דערבײַ, דערויס, דערויף, דערום, דערונטער, דעריבער, דערײַן, דעריך, דערמיט, דערנאָך, דערנעבן, דערפֿאַר, דערפֿון, דערצו, דערווײַל. [דאָ איז ניטאָ קיין באַשטאַנדטייל דער אַרטיקל דער, נאָר אַ צונויפֿשמעלץ מיט אַן אַלטן און פֿאַרגעסענעם פּראָאַדווערב ׳דאָר׳.] פֿאַרויס און דורכויס זײַנען אויך צונויפֿשמעלצן. זיי זײַנען אויך פֿאַראַן אין די פֿאַלקסטימלעכע און פּלעאָנאַסטישע: אומדערום, מיטדערמיט, צודערצו, דערנאָכדעם און אַנדערע.

אַן אַנדער גרופּע צונויפֿשמעלצן איז מיט ־אַנאַנד׳ [וואָס „באַגעגנט זיך ניט פֿאַר זיך״, ווי עס פֿאַרזיכערן די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִדיש, ווילנע 1935]: איבעראַנאַנד, מיטאַנאַנד, אונטעראַנאַנד, פֿונאַנאַנד און אַנדערע. דאָ האָט מען אויך: איבעראַנאַנדער, מיטאַנאַנדער און אַזוי ווײַטער. דאָ איז אויך דאָ די גרופּע מיט ׳זאַלבע־׳: זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, ... זאַלבע־צענט, וואו די ביידע באַשטאַנדטיילן קענען אַליין, פֿאַר זיך גאָרניט גע־מאָלט זײַן.

נאָך פֿאַרשיידענע צונויפֿשמעלצן: נישקשה; דערהוי׳פּט, דערעי׳קר (ווען געשריבן באַזונדער ווערט פֿון די אַדווערבן דער אַרטיקל דער און אַ סובסטאַנטיוו); אויבנאָ׳ן, אויבנאוי׳ף; צוזאַמען; מײַנסט(ה)אַ׳לבן, פֿלוצט(ה)־אַ׳לבן; וויפֿל; סײַווי׳, סײַוויסײַ׳.

3. אַדווערביאַלע צונויפֿוואוקסן זײַנען באַענט צו די צונויפֿשמעלצן. אין די צונויפֿוואוקסן קענען די באַזונדערע טיילן זיך טרעפֿן אין דעם הײַנטצײַטיקן ייִדיש, אָבער ביידע טיילן אינאיינעם שאַפֿן אַן אַנדער אַדווערב, איין וואָרט מיט איין באַטײַט: קיינמאָל, אַלעמאָל, טיילמאָל, מערניט („איך וועל עס מע׳ר ני׳ט טאָן״ און „מערניט איינע אויף דער וועלט״); ערגעצוואו, אַנדערשוואו, אַנדערשמאָל. פֿאַראַן נאָך אַ פּעקל אַדווערבן מיט צו: אַרויפֿצו, אַראָפּצו, אַהינצו, אַהערצו, אַרונטערצו, פֿאָרנטצו, צוריקצו, שפּעטערצו און די פֿאָלקסטימלעכע פּלעאָנאַסטישע אַדווערבן: אַהינצוצו, אַהערצוצו, אַרויפֿ־צוצו און אַנדערע. דער צו קען קומען אויך אין אָנהייב: צומאָ׳ל, צווווײַ׳ל און אַנדערע.

4. עס קענען זײַן צונויפֿוואוקסן מיט צוויי אַקצענטן: מע׳ר־ווײי׳ניק, פֿײ׳ל־ווײי׳ניק, פּיטש־פּאַ׳טש, כאַ׳פּ־לאַ׳פּ, קי׳דער־ווי׳דער, פּיק־פּי׳צלעך און אַנדערע. צוויי אַקצענטן האָבן אויך די פֿאַרבינדונגען מיט ־לאַנג און ־ווײַט

וואָס שאַפֿן הן אַדווערבן הן אַדיעקטיוון: יאָ׳רן־לאַ׳נג, דו׳רות־לאַ׳נג, מײַ׳לן־ווײַ׳ט, מה׳לך־ווײַ׳ט און אַנדערע פֿון דעם שניט.

5. עס טרעפֿט זיך אַז די גרענעץ־ליניע צווישן צונויפֿשמעלצן און צונויפֿוואוקסן איז זייער אַ דינע. דאָך וואָס פּינקטלעכער עס איז דער אַנאַליז, אַלץ בעסער באַנעמט מען דעם מהות פֿון פֿאַרשיידענע מינים אַדווערבן.

## ט. צונויפֿגעזעצטע אַדווערבן און אַדווערביאַלע פֿראַזעס

1. אַן אַדווערב וואָס באַשטייט פֿון צוויי אָדער מער טיילן און וואו יעדער טייל איז פֿאַראַן אין הײַנטצײַטיקן יידיש פֿאַר זיך, זעלבשטענדיק און די צונויפֿבינדונג איז סינטאַקטיש מעגלעך — איז אַ צונויפֿגעזעצטער אַדווערב. אָט האָבן מיר כאַראַקטעריסטישע צונויפֿגעזעצטע אַדווערבן: וואָס מער, וואָס בעסער; ווי אַזוי, ווי ווײַט; אָט ווי, אָט אַזוי. אָט ווען; אַלץ מער, אַלץ בעסער; אַבי וואו, אַבי ווען; צו׳ פֿרי, צו׳ פֿיל; מיט גוטן, מיט בייזן, צום גוטן, צום שלעכטן.

די פֿאַרבינדונג פֿון אַ פּרעפּאָזיציע און אַן אַדווערב שאַפֿט אַ צונויפֿגעזעצטן אַדווערב. דוגמאות: אויף צוריק, אויף אַפֿרײַער, אויף פֿאָרויס, אויף צומאָרגנס; פֿון אַמאָל, פֿון אויפֿסנײַ, פֿון פֿאַראַכטאָג.

די אַדווערבן וואָס קומען פֿון אַדיעקטיוון און קענען האָבן פֿאַרגלײַך־גראַדן האָבן אַ צונויפֿגעזעצטע פֿאָרעם. דאָס איז זייער סופּערלאַטיוו, למשל: צום בעסטן, צום ערגסטן, צום שענסטן, צום וויניקסטן.

2. די אַדווערביאַלע פֿ ר אַ ז ע קומט אַנשטאָט אַן אַדווערב. זי פֿאַר־טרעט מיט צוויי אָדער דרײַ ווערטער אַן אַדווערביאַלן באַגריף, דאָס הייסט זי ווײַזט אַן אויפֿן אופֿן פֿון דער טואונג פֿון ווערב. געוויינטלעך שאַפֿט די אַדווערביאַלע פֿראַזע אַן אידיאָמאַטישן אויסדרוק, דאָס הייסט אַז דער באַ־טײַט איז אַן אײַנגעשטעלטער און דרינגט ניט שטענדיק אַרויס פֿון די באַזונדערע טיילן. דער באַטײַט איז גאַנץ אָפֿט אַ מעטאַנימישער, אַ פֿיגו־ראַטיווער. לאָגיש און סעמאַנטיש איז עס אַן אַדווערב, פֿאָרמעל איז עס ניט מער ווי אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע, אַ פֿאַרבינדונג פֿון אַ פּרעפּאָזיציע מיט אַ סובסטאַנטיוו, און צום סובסטאַנטיוו קען צוקומען אַן אַדיעקטיוו צי אַן אַנדער באַשטימונג, אָדער מער ווי איין אַדיעקטיוו, מער ווי איין באַ־שטימונג. איך גיי אין (גרינעם, ברייטן, נאָענטן, יענעם, צעאַקערטן) פֿעלד; איך קוק אויף (די, יענע, קינסטלערישע, טײַערע, געקויפֿטע) בילדער — דאָ האָבן מיר פּשוטע פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזעס, וואָס זיי קענען געשאַפֿן ווערן אָן אַ צאָל, אָן אַ מאָס.

די אַדווערביאַלע פֿראַזעס האָבן אין זיך מער געבונדנקייט. זיי זײַנען אײַנגאַנצן אָדער אַ טייל פֿון אַן אידיאָמאַטישן אויסדרוק. זיי דאַרף ניט

יעדער איינער אויסטראַכטן פֿונדאַסניי. דאָס ייִדיש וואָס עמעצער קען האַלט עס אין איין אונטערזאָגן דעם ריידער. כאַראַקטעריסטישע דוגמאָות: טאָן עפּעס אויף לינק, נעמען אויף גוט, זאָגן אויף קאַטאָוועס, טויגן אויף כּפּרות, גיין אויף לופֿט, טויגן אויפֿן פֿײַער, נעמען אויפֿן צימבל, אויפֿנייען אויפֿן אויג, לאָזן אויפֿן וואַסער, נעמען אין קראָם אויפֿן ביכל, פֿאַרקויפֿן אויפֿן פֿוד; שטיין אויף איין פֿוס, קומען אויפֿן זייגער, הענגען אויף אַ האָר, שטיין אויף די קעפּ, קריכן פֿאַר עמעצן אויף אַלע פֿיר. און זאָל זיך בײַט שאַפֿן קיין אײַנדרוק אַז מע לעבט דאָ אויפֿן חשבון פֿון איין פּרעפּאָזיציע.
אָט האָט מען מיט דער פּרעפּאָזיציע אין: האָבן אין דער האַנט אָדער אין די הענט, האָבן אין דער לינקער פּאה, פֿאַרשלעפּן אין דער לאַנגער באַנק, פֿילן עפּעס אין דער לופֿט, זײַן אין די יאָרן, זאָגן אין די אויגן, אַרײַן אין די פֿעדערן, אַרײַנקריכן אין די הויכע פֿענצטער, זיך נעמען אין די הענט (אַרײַן), אָפּטאָן אין דער גאַל אַרײַן, פֿרײַנד אין דעם (זעלביקן) ברויט, גיין אין סטירדעס (סטערדעס), זיך האַלטן אין דער מעלה, נעמען עמעצן אין דער אַרבעט.

3. פֿאַראַן אַ באַזונדערע גרופּע וואָס באַשטייט פֿון דרײַ טיילן: פֿון דער פּרעפּאָזיציע (ספּעציעל דער פּרעפּאָזיציע אין) פּלוס דער (דאַטיוו פֿון ווײַבלעכן מין), פּלוס דער סובסטאַנטיווירטער אַדיעקטיוו — אין דער טיף, אין דער ברייט, אין דער נאָענט, אין דער פֿינצטער, אין דער שטיל. סעמאַנטיש, לויטן באַטײַט, און ריידשפּראַכיק, לויטן אַקצענט און לויט דער אינטאָנאַציע, האָט מען דאָ צו טאָן מיט איין אַדווערב, מיט איין וואָרט, אָבער כּדי אויסצומײַדן צו פֿיל פֿאַר די אויגן האַמעטנע אופֿנים פֿון אויס־לייג האָט זיך אומעטום אײַנגעשטעלט אַז היות די אַלע דרײַ באַזונדערע טיילן עקסיסטירן אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש זעלבשטענדיק, פֿאַר זיך — איז אויך דער אויסלייג אַ דרײַ־טייליקער. לאָמיר זען פֿאַר זיך נאָך אַזעלכע אַדווערבן (חוץ די פֿריִערדיקע פֿינף): אין דער אָפֿן, אין דער בלינד, אין דער גיך, אויף דער גיך, אין דער געשווינד, אויף דער געשווינד, אין דער גרעב, אין דער גרייט, אין דער הייך, אין דער טונקל, אין דער טרוקן, אין דער ליכטיק, אין דער לענג, אין דער פֿרײַ, אין דער פֿרעמד, אין דער קרים, אויף דער האַלב, אויף דער שנעל.

פֿאַראַלעל האָט זיך אײַנגעשטעלט די זעלביקע סיסטעם אויך ווען דער דריטער טייל פֿון אַדווערב איז אַ סובסטאַנטיוו ווי אין: אויף דער העלפֿט, אויף דער שטעל, אין דער זײַט, אין דער צײַט, אין דער קלעם און אַנדערע.

4. די גרענעץ־ליניע צווישן אַדווערב אָדער אַדווערביאַלער פֿראַזע פֿון איין זײַט אויף אַ פּשוטער פּרעפּאָזיציאָנעלער פֿראַזע פֿון דער צווייטער זײַט קען אויך זײַן אַ דינע. ווי נאָר מע שטעלט עפּעס אַרײַן אין דעם וואָס מע האָט אויפֿגענומען ווי אַן אַדווערב אָדער ווי אַן אַדווערביאַלע פֿראַזע, ווערט שוין פֿון דעם סך־הכּל אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע. מע מערקט אויך גלײַך אַז די אינטאָנאַציע פֿון צונויפֿבינדן פֿאַרשווינדט. לאָמיר זיך צוהערן

אין דער לע׳נג — און אין דער גאַנצער לענג, אין דער ברײ׳ט — און אין דער פֿולער ברייט, אויף פֿאַרוי׳ס — אויף דעם מוטיקן פֿאַרויס, אין דער האַ׳נט — און פֿעסט אין דער זיכערער האַנט.

## י. דער אויסלייג פֿון אַדווערבן

1. בײַם קלאַסיפֿיצירן די ביימער אין דעם געדיכטן וואַלד פֿון דעם אַדווערב איז שוין אויסגעקומען הן דירעקט הן דרך־אַגבֿ זיך אָפּצושטעלן אויף די פּראָבלעמען וואָס האָבן צו טאָן מיטן אויסלייגן אַדווערבן. אין תּוך זײַנען שוין אָט די פּראַגעס אויפֿגעהויבן געוואָרן און פֿאַרענטפֿערט געוואָרן. אין־דער־אמתן זײַנען דאָ קיין סודות און קיין שוועריקייטן ניטאָ און אַלץ קען דערפֿירט ווערן צו עטלעכע גרונטיקע הנחות:

א) אַן אַדווערב, ווי יעדער אַנדער וואָרט, טאָר ניט צעריסן ווערן אויף צוויי אָדער דרײַ טיילן;

ב) באַזונדער מעג אָנגעשריבן ווערן בלויז אַזאַ וואָרט וואָס איז פֿאַראַן אין הײַנטצײַטיקן לשון און אַ וואָרט מעג באַטראַכט ווערן בלויז אין זײַן נאַטירלעכער סינטאַקטישער פֿאַרבינדונג;

ג) מע דאַרף זײַן געוואָרנט ניט אַרײַנצופֿאַלן אין טיילן פֿון אַ וואָרט אָדער אין פֿאָרמען פֿון אַ וואָרט וואָס זײַנען ניטאָ אין הײַנטצײַטיקן ייִדיש;

ד) עס איז ניטאָ קיין שום פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן שרײַבן צוזאַמען, אינאיינעם, און פֿאַרבינדן מיט אַ מקף; עס גייט בלויז אין דער וויזועלער זײַט, אין דער באַקוועמלעכקייט פֿאַרן לייענער. [דאָס אייגענע איז שוין אָנגעוויזן בײַ סובסטאַנטיווישע און אַדיעקטיווישע צונויפֿהעפֿטן.]

2. דאָס אויסגערעכנטע און בפֿרט דאָס ד ע ר ה ע ר ן דעם אַדווערב (און טראַכטן דען מיר אויף אַ לעבעדיק לשון אַן הער־אימאַזשן?) דאַרפֿן שוין אַליין דערפֿירן דערצו אַז עס זאָלן ניט זײַן קיין גרײַזן אין אויסלייג. דאָך ווערט געגעבן אַ ווערטערביכל פֿאַרן אויסלייג פֿון אַדווערבן מיט אַ קליין שפּריצל פֿון ניט־אַדווערבן, דרך־אַגבֿדיקע און אויפֿקלערערישע.

| | |
|---|---|
| אַבי ווי | אַהינוועגס |
| אַ ביסל | אַהינצו |
| אַ׳בעראַמאָל | אַהינצוועגס |
| אַ ברעקל | אַהינצוצו |
| אַדורך | אַ היפּש ביסל |
| אַדורך און אַדורך | אַהער |
| אָדער אַזוי | אַהערוועגס |
| אָדער אַנדערש | אַהערצו |
| אַהיים (איך גיי אַהיים) | אַהערצוצו |
| אַ היים (איך האָב אַ היים) | אַוואו |
| אַהין | אַונטצו |

אַוועקצוצו
אויבנאויף
אויבנאָן
אויבן־אַראָפּ
אויבן־אַרויף
אויפֿאַמאָ׳ל
אויף־אַן־אמתן (אָבער: אויף אַן אמת)
אויפֿאַנײַ׳ס
אויף אַ נײַס (אין דער צײַטונג)
אויף אַפֿרײַער
אויף אַראָפּ
אויף אַרויף
אויפֿדאָסנײַ׳
אויף־דער־אמתן
אויף דער גיך
אויף דער געשווינד
אויף דער האַלבּ
אויף דער העלפֿט
אויף דע׳ר וואָך
אוי׳פֿדערוואָ׳ך (אי׳ודעוואָך)
אויף דערווײַל(ע)
אויף דערויף
אויפֿדערויף, דער
אויף דער לע׳ר
אויף דערנאָך
אויף דערנאָכדעם
אויפֿדערנאָ׳כט
אויף דע׳ר נאַכט
אויף דער עלטער
אויף דער ע׳רד
אויף האַלבּ
אויף העלפֿט
אויף זיכער
אויף כּלומרשט
אויף לאַנג
אויפֿסגוואַ׳לד
אויפֿסנײַ׳
אויף צווייען
אויף צו־כּלומרשטן
אויף צו־להכעיס
אויף צום־אמתן
אויף צומאָרגנס
אויף צון־אמתן
אויף צופֿלײַסן
אויף צופֿלײַסנס
אויף צופֿרײַער
אויף צוקלאָמפּערשטן
אויף צוריק
אויף צעזעצעניש
אויף צעפּוקעניש
אויף קאַטאָוועס
אויף קאַלט
אויף ריין
אויף שוואַרץ
אויף שפּעטער
אומגוט
אומזיסט־אומנישט
אומיסטן
אומישנע
אומעדום, אומעטום
אומשטייגס געזאָגט
און דאָס גלײַכן
אונדזערט(ה)אַלבּ
אונדזערטוועגן
און דעסגלײַכן
אונטנצו
אונטעראַנאַנד
אונטערדעסן
אונטער דער האַנט
אונטערוועגן
אונטערוועגנס
אונטערדערוועגנס
אונטערוועגס
אונטערן אויוון
אונטערן־אויוון, דער
או׳נטערערד
אַזאָס
אַז אַך און ווי
אַזוי
אַזוי־אַרום

אַזוי־געדרופּענע
אַזוי פּיל מאָל
אַזוי צו זאָגן
אַזייגער (איינס, צוויי...)
אַ זייגער (איך האָב אַ זייגער)
אַזיסט, אַזיסטן
אַזעטיקער
אַזעלכענער
אַזעלכער
אַזש קיין
אַחוץ
אַחו׳צדעם
אַחוץ דעם חבֿר
אָטאָ דאָ
אָט אַזוי
אָט־אָט
אָט דאָ
אָט וואו
אָט ווי
אַיאָ
איבעראַיאָ׳ר (אין דער צײַט)
אי׳בער אַ יאָר (מער ווי אַ יאָר)
איבעראַכטאָ׳ג
איבעראַכטאָ׳גן
איבעראַנאַ׳נד
איבעראַנײַ׳ס
איבער אַ נײַס (אין דער צײַטונג)
איבערגוואַ׳לד
איבערגענו׳ג (מער ווי גענוג)
אי׳בער גענוג (סיבּות)
איבערדע׳ם
אי׳בער דעם (ענין)
איבער־דרײַ־וואָכן
איבערהוי׳פּט
איבערהע׳לפט
איבערוואָ׳ס
איבערמאָרגן
איבערנאַ׳כט
איבערסקאָ׳פּ
איבער־צוויי׳־וואָכן

אייגנטלעך
אײַן און אויס
איי׳ן־און־איי׳נציק
איינאונאיי׳נציק
איין און דאָס צענטע
איין און דער זעלביקער
איי׳ן־איי׳נציק
איינוועגס
איי׳נמאָל (ראשית־כּל)
איי׳נמאָל אַ העלד
איין מאָל (און ניט צוויי)
איינערליי
אייערנעכטן
אײַערסגלײַכן
איינאַנאַנד
איינאַנאַנדער
אין איינוועגס
אינאיי׳נעם (צוזאַמען)
אין איינעם (פֿון עטלעכע)
אין־אמתן
אין אַ נאָווינע
אינגאַנצן (ניט פֿאַרשטיין)
אין גאַנצן (הויז)
אינגיכן (בּקרובֿ)
אין גיכן (גאַנג)
אין דורכשניט
אינדע׳ם (אַדוועדבּ)
אין דעם (הויז)
אין־דער־אמתן
אין דער אָפּן
אין דער ברייט
אין דער גיך
אין דער געשווינד
אין דער גרייט
אין דער גרעבּ
אין דער הייך
אינדערהיי׳ם (געמיטלעך)
אין דע׳ר היים
אין דע׳ר וואָך
אינדערוואָ׳כן

אינדערוואָ׳כנס
אין דער וואַרעם
אין דער ווײַט
אינדערווײַ׳טן
אינדערווײַ׳טנס
אינדערזײַ׳טן
אין דער טונקל
אין דער טיף
אין דער טרוקן
אין דער לופֿט
אינדערלופֿטן
אין דער ליכטיק
אין דער לענג
אין דער מיט
אינדערמיטן
אין דער נאַכט
אין דער נאָענט
אינדערנידער
אין דער ערד
אין דער פֿינצטער
אינדערפֿרי (אַדווערב)
אין דער פֿרי (דער קלאָרער)
אין דער פֿרײַ
אין דער פֿרעמד
אין דער צײַט
אין דער קרים
אין דער שטיל
אין דער שפּיץ
אינדרויסן
אין דרויסן (אַרויסגיין)
אין דרײַען
אינד(ע)רינען
אין דרערד
אין ווײַטן
אין זיך
אין זיבען
אין כעס
אינכעסער
אינכעסערהייט
אין לופֿטן

אין מיטן (אין סאַמע מיטן)
אינמיטן (פּרעפּאָזיציע)
אינמיטן (אַדווערב)
אינמיטן דערינען
אין ביוועך גיין
אינעווייניק
אינעם
אין ערגעץ
אינערשטן
אין ערשטן (זאַל)
אין פֿינפֿ(ע)ן
אין פֿיר(ע)ן
אין פֿלוג
אין צווייען
אינצווישן
אינקורצן (בקרובֿ, בקיצור)
אין קורצן (קליידל)
אין שטאַנד זײַן
אירסגלײַכן
אַד(־)און(־)ווײ
אַכטאָג, דער
אַכטהאַלבן
אַכט־חלק
אַלדאָס בייז
אַלדאָס גוטס
אַלדאָסדינג
אַלדי
אַלדינג
אַלנפֿאַלס
אַלעמאָל (תּמיד, שטענדיק)
אַלעמע(נ)ס
אַלערהאַנט
אַלצאיינס
אַלצאיינער
אַלצדינג
אַלציקעדינג
אַלץ מיטאַנאַנד(ער)
אַלץ מער
אַמאָל (איז געווען)
אַ מאָל (צוואַנציק)

אַמאָל אַזוי
אַ מאָל איבער אַ מאָל
אַמאָל אַנדערש
אם־ירצה־השם
אַמער
אַ נאָווינע
אַנאַנדערשמאָל
אָן אַ פֿאַרוואָס
אָן אַ פֿאַרוועץ
אָן אַ שיעור
אַנדערש
אַנדערשוואו
אַנדערשווי
אַנדערשמאָל
אַנומלט(ן)
אַנוסטן
אַנטקעגן
אַניט
אַניין
אַ ביין (אַ קלאָרן)
אַן ערך
אסור־חזיר (ניט)
אַ סך
אַפּנים (מסתּמא)
אַ פּנים (ווי אַ קיר־בעס)
אַפּשיטא
אַפּולע (אַ סך)
אַ פּולע (שיסל)
אַפּטמאָל
אַפּטמאָלס
אַפּריער
אַצונד, אַצינד
אַצונדערט
אַקאָ׳רשט
אַקעגן
אַקעגנאיבער
אַ׳קערשט
אַראָפּצו
אַראָפּצוצו
אַשטייגער (למשל)
אַ שטייגער (אַן אופֿן)
אַ שטיק וועגס
אַ שלל
אַ שפּאָר ביסל
באַזונדערס (אַדיעקטיוו, נייטראַל)
באַזונדערש (גוט, שלעכט)
באין־אופֿן
באַנאַזאַמען
באַניי׳ס
באַצייטנס
באַרג־אַראָפּ
באַרג־אַרויף
באַשיימפּערלעך
בגוואַלד
בחצי־חינם
בטבֿע
ביז אַהער
ביז איצט
ביז גאָר
ביזדאַנעט, ביזדאַנען
ביזוואַנעט, ביזוואַנען
ביז וואָס און ווען
ביז וואָס־ווען
ביז ווי ווייט
ביז ווען
ביידערליי
ביידערנאַ׳כט
בייז־אויג
ביי וואָס (בלייבט עס)
בייטאָ׳ג
ביינאַ׳כט
ביינאַנד
ביני־ביני
מכּל־בכּל־כּל
בכתבֿ
בכן
בסך־הכּל
במילא
בנמצא
בעת־מעשׂה

בעתן
בקיצור
בקרובֿ
בראָש
בשלום
בשעתו
בשעת־מעשׂה
גײן אין ביוועץ
גלײַכוועגס
דאָסגלײַכן
דאָס דאָזיקע
דאָס זעלביקע
דאָס מאָל
דור־אױ׳ס
דור־אײַ׳ן
דורכאַנאַנד
דורכדאַנעט, דורכדאַנען
דורכדעם וואָס
דורכדעם ווי
דורך דעם (משל)
דורכויס
דײַנסגלײַכן
דײַנסט(ה)אַלבן
דעמאָלט
דענסטמאָל
דענצמאָל
דעסגלײַכן
דעסטוועגן
דערבײַ
דער דאָזיקער
דערהויפּט
דערויס
דערויף
דערום
דערונטער
דער זעלביקער
דעריבער
דערײַן
דערימעך
דעריק, דערינען

דער יעניקער
דערווײַל(ע)
דערנאָך
דערנאָכדעם
דערנעבן
דערעיקר (אַדווערבֿ)
דער עיקר פֿון דער זאַך
דערפֿאַר
דערצו
דריט־בעסטער
דריטהאַלבן
דרך־אַגבֿ
האַלבוועגס
הײַ־יאָר
הײַנט־צו־טאָג
הין און הער
הין און צוריק
הינטן־אַרום
הכּל־בכּל
הלמאַי
והאָ־ראַיה (והראַיה)
וואו־ניט־איז
וואו־ניט־וואו
וואָכן־לאַנג
וואַלד־אױ׳ס
וואַלד־אײַ׳ן
וואָס אַמאָל (בעסער, גרעסער)
וואָס דען
וואָס מער
וואָס־ניט איז
וואָסער
וואָס פֿאַר אַ
וואָרעם, וואָרן
ווי אַזוי
וויבאַלד (מע האָט עס געטאָן)
ווי־ניט־איז
ווי־ניט־ווי
וויפֿל־ניט־איז
וועלט־אױ׳ס
וועלט־אײַ׳ן

וועלכער־ניט־איז
וועמענס, וועמעס
ווען־ניט־איז
ווען־ניט־זוען
וכדומה, וכּדומה
זאַלבעדריט
זאַלבענאַנד
זאַלבעפֿי(נ)פֿט
זאַלבעפֿערט
זיב(ע)ט(ה)אַלבן
זײַן אין כּעס
זײַן אין שטאַנד
זײַנסגלײַכן
זייערסגלײַכן
זינט (עס איז געשען)
זעלבשטענדיק
זעקסט(ה)אַלבן
( ־ )זשע
חוצדעם
חוץ דעם וואָס
חס־ושלום
יאָרן־לאַנג
יאָר צײַט (וואַרטן אַ ...)
יינגלווײַז
יעדנפֿאַלס
יעדערער פֿון אונדז
יעטווידער
יעמאָלט
יעמאָלסט
כּדאַי
כּדי
כּדין וכּדת
כּך־הווה
כּך־וכּך
כּלאַחר־יד
כּלומרשט
כּל־זמן
כּלערליי
כּמקדם
כּסדר

כּדרך־הטבֿע
כּאַטשבי
כּאַפּ־לאַפּ
כּיבֿע
כּלעבן
לאַחר־המעשׂה
לדור־דורות
לדורות
להבֿאָ
להיפּ(ו)ך
לטובֿה
ליבערשט
לכל־הפּחות
לכתּחילה
למזל
למען־השם
לסוף
לענג־אויס
לעת־עתּה
לפֿנים
לפֿי־ערך
לרובֿ
לרעה
מאַנכמאָל
מהיכא־תּיתי
מחשבֿותן
מיאוס־ומאוס
מיטאַמאָל (פּלוצלינג)
מיט אַ מאָל (מיט איין מאָל)
מיטאַנאַנד(ער)
מיט בייזן
מיט גוטן
מיטדערמיט
מי־יודע וואָס
מי־יודע ווי
מי־יודע ווער
מײַלן־ווײַט
מײַנסגלײַכן
מײַנסט(ה)אַלבן
מיינסטנס

מילי־מיליאָסן
מכּל־שכּן
ממה־נפשך
ממש
מן־הסתּם
מער־ווייניק
מערבּיט איינע(ר)
מער ניט (קומען, טאָן)
נאָך איין מאָל
נאָך אַלעמען
נאָכאַלעמען (איז ער גערעכט)
נאָכאַמאָל
נאָכאַנאַנד
נאָך דער צײַט
נאָך דער ריי
נאָכוואָ׳ס (למאַי)
נאָך וואָס (האָט עס פּאַסירט)
נאָך ניט
נאָרוואָס
ניט־שוין־זשע
נײַנטהאַלבן
נײַערט
בישקשה
סוף וואָך
סוף־וואָך, דער
סוף־כּל־סוף
סײַווי
סײַויסײַ
סך־הכּל
עד־היום
עד־כּאַן
עיקרשט
על־כּל־פּנים
עלעהיי
על־פּי
ערבֿ יום־טובֿ
ערבֿ שבּת
ערגעץ
ערגעצוואו
ערגעצווען

פּאַוואָלינקע(ס)
פּאַמעלינקע(ס)
פּוסט־און־פּאַס
פּיטש־פּאַטש
פּיך־פּיצלעך
פּלוצט(ה)אַלבן
פּלוצלינג
פּלוצעם
פּרוט(ה)אַלבן
פֿאַראַיאָ׳רן
פֿאַראיבל
פֿאַראיינוועגס
פֿאַראײַ׳נס
פֿאַר אײַערטוועגן
פֿאַראַכטאָ׳גן
פֿאַרדערפֿאַר
פֿאַר דער צײַט
פֿאַר־דרײַ־וואָכן
פֿאַר־דרײַ׳־יאָרן
פֿאַר־הונדערט־יאָרן
פֿאַרוואָ׳ס (אַדווערבּ)
פֿאַר וואָס (פֿאַר עפּעס)
פֿאַרויס
פֿאַר זיך
פֿאַרטאָג, דער
פֿאַרטאָגס
פֿאַרנאַכט
פֿאַרנטצו
פֿאַרפֿרי׳
פֿאַר־צוויי׳־וואָכן
פֿאַר־צוויי־יאָרן
פֿאַרצײַ׳טן
פֿאַרצײַ׳טנס
פֿאַר־צע׳ן־יאָרן
פֿאַרשיידנערליי
פֿולקום
פֿון אויבן
פֿון אויפֿסנײַ
פֿון אונדזערטוועגן
פֿון אונטן

פֿון אײַערטוועגן
פֿון אירטוועגן
פֿון אַמאָל
פֿונאַנד(ער)
פֿונדאַנעט, פֿונדאַנען
פֿונדאָסנײַ׳
פֿון דײַנטוועגן
פֿון דעם
פֿונדעסטוועגן
פֿון דער ברייט
פֿון דער הייך
פֿון דער ווײַט
פֿונדערווײַטן
פֿונדערווײַטנס
פֿון דער זײַט
פֿון דער טיף
פֿון דער נאָענט
פֿונדערנאָענטן
פֿון דרויסן
פֿון היגטן
פֿונוואַנעט, פֿונוואַנען
פֿון וואָס
פֿון ווײַטן
פֿונווײַטנס
פֿון זײַנטוועגן
פֿון זייערטוועגן
פֿון זיך
פֿון זינט
פֿון זינען
פֿון לאַנג
פֿון מײַנ(ע)טוועגן
פֿון נאָענט
פֿונסנײַ׳
פֿון פֿאָרנט
פֿײַלנבויגן (אַדווערב, לויפֿן)
פֿי(נ)פֿט(ה)אַלבן
פֿעלד־אויס
פֿעלד־אײַן
פֿראַנק־און־פֿרײַ
פֿרײַטיק־צונאַכט(ס)

פֿריערצו
צו ביסלעך
צוגלײַך מיט
צו דעם
צודערצו
צו דער זאַט (זעט)
צו דער צײַט
צווײ אירע
צוואָס (אַדווערב)
צו וואָס (ער זאָל זיך ניט נעמען)
צווייט־בעסטע(ר)
צווייט־גרעסטע(ר)
צווײ מאָל צווײ
צווײ־מאָל־צווײ, דער
צווישן
צווישנאַנאַד
צוזאַמען
צו־כּלומרשט(ן)
צו־להכעיס
צוליב
צוליב טאָן
צולעצט
צומאָ׳ל (טויג צומאָל ניט)
צומאָרגנס
צום בייזן
צום בעסטן
צום גלײַכסטן
צומלעצטן (לסוף)
צום לעצטן מאָל
צום ערגסטן
צומערסטן (מער פֿון אַלץ)
צומערשטן (פֿריער פֿון אַלץ)
צום ערשטן (קומט דער צווייטער)
צוערשט
צופֿוסנס
צו פֿיל
צופֿלײַסן
צופֿלײַסנס
צופֿריער (אַ מינוט צופֿריער)
צוקאָפּנס

צוריקוועגס
צוריקצו
צוריקצוצו
צענט(ה)אַלבן
קודם־כּל
קוים־קוים
קוצעניו־מוצעניו
קידער־ווידער
קיי־און־שפּיי (ווערט)
קיין
קיין איין מאָל
קיינמאָל
קעגנאיבער
קעגנאַנאַנד
ראַפּטעם
ראַקעם
רוק־און־לענד
רחמנא־לצלן
שבת־צונאַכט(ס)
שהי־פּהי [שיעפּיע]
שיכּור־לוט
שיעור
שיער ניט
שיר (ליד)
שליטוועגס
שלינג־און־שלאַנג
שעהן־לאַנג
שפּאָגל־נײַ
שפּאָט־ביליק
שפּעטערצו
תּיכּף
תּמיד

## .XVII

# דער ווערטער־סדר

## א. די ראָלע פון ווערטער־סדר אין ייִדישן זאַץ

1. וואָס ווינציקער ענדונגען און בייגונגען עס זײַנען פֿאַראַן אין אַ לשון — אַלץ וויכטיקער איז דער ווערטער־סדר ווי דער כּוח וואָס מאַכט מעגלעך, וואָס בויט אויף דעם זאַץ.

אין ייִדיש איז דער ווערטער־סדר אין זייער אַ גרויסער מאָס אַ גע־געבענער, פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם רײדער. דער יחיד האָט דאָ ווינציק וואָס פֿרײַהייט און קנאַפּע מעגלעכקייטן צו וואַריאירן, צו בײַטן. דער ייִדי־שער ווערטער־סדר איז אין תּוך אַ געבונדענער.

2. ווען מיר האָבן פֿאַר זיך אַ קאָנקרעטן זאַץ, איז דער סדר פֿון זײַנע ווערטער באַשטימט געוואָרן דורך דרײַ פֿאַקטאָרן: דעם היסטאָרישן, דעם פּסיכאָלאָגישן און דעם ריטמישן. דער היסטאָרישער פֿאַקטאָר דאָס איז דער אײַנגעשטעלטער סדר, דאָס איז די סיסטעם אויפֿצובויען דעם זאַץ על־פּי דעם רובֿ אַנאַלאָגיש געבויטע זאַצן. דער היסטאָרישער פֿאַקטאָר באַשטימט די הויפּט־כּללים פֿון ווערטער־סדר, ער גיט דעם שנור אויף וועלכן מע ציט אַרויף די באַזונדערע ווערטער פֿון זאַץ. דער פּסיכאָלאָגי־שער פֿאַקטאָר ווײַזט זיך אַרויס אין דעם עמאָציאָנעלן באַפֿאַרבן אָדער ניט־באַפֿאַרבן אונדזערע רייד דורכן בײַטן אָדער האַלטן זיך בײַם געוויינטלעכן ווערטער־סדר. דאָס יחידיש־עמאָציאָנעלע האָט אויך זײַנע גרייטע, זײַנע פֿאַרטיקע פֿאָרמען, האָט איבער־יחידישע מיטלען אין אַ קאָנווענציאָנעלן ווערטער־סדר פֿון עמאָציאָנעל באַפֿאַרבענע רייד. דער כּוח פֿון ריטמישן פֿאַקטאָר באַשטייט אין דעם אַז דער סדר פֿון די ווערטער מוז האַרמאָנירן מיטן אַלגעמיינעם ריטעם פֿונעם זאַץ און מיטן געבוי פֿון זײַנע קלאַנגען, זײַנע ריטמישע גלידער.

## ב. דער באַגריף סדר־איינס

1. בײַם אַנאַליזירן דעם ווערטער־סדר קען מען ניט אויסקומען ניט מיטן באַגריף וואָרט און ניט מיטן באַגריף זאַצגליד. עס איז נייטיק אַ נײַער באַגריף: ס ד ר ־ א י י נ ס. סדר־איינס איז אַ וואָרט אָדער אַ גרופּע ווער־טער אין דעם זאַץ וואָס שאַפֿט אַ פֿאַרזיכדיקן איינס בײַ די מעגלעכע אי־

פֿאַרשטעלונגען און קאָמבינירונגען פֿון די ווערטער אין דעם זאַץ. אויב מיר זאָלן אויף אַ בילדלעכן אופֿן זיך פֿאַרשטעלן דעם זאַץ ווי צונויפֿגע־שטעלט פֿון באַזונדערע קלעצלעך, איז יעדער סדר־איינס אַ באַזונדער קלעצל. עס קענען זײַן אין זאַץ אַזוי פֿיל סדר־איינסן וויפֿל עס זײַנען פֿאַראַן ווערטער און עס קענען זײַן אין זאַץ ווייניקער סדר־איינסן וויפֿל ער פֿאַר־מאָגט ווערטער.

2. אין דעם זאַץ „זי הייסט רחל" — זײַנען דאָ דרײַ ווערטער און דרײַ סדר־איינסן, ווײַל מע קען דאָך איבערשטעלן: „רחל הייסט זי", „הייסט זי רחל". ברייטערן מיר אויס דעם קורצן זאַץ מיט נאָך אַ וואָרט: „מײַן חבֿרטע הייסט רחל" — מיר האָבן דאָ שוין פֿיר ווערטער, אָבער די זעלביקע דרײַ סדר־איינסן, וואָרעם מע קען ניט אָפּרייסן מײַן פֿון חבֿרטע.

לאָמיר נעמען אַ לענגערן זאַץ: „דער דאָזיקער וואוילער מענטש איז מײַנער אַן אַלטער באַקאַנטער" — מיט נײַן ווערטער, אָבער דאָ זײַנען פֿאַראַן סך־הכּל פֿיר סדר־איינסן, ווײַל מע קען ניט צערײַסן די פֿיר ווער־טער דער דאָזיקער וואוילער מענטש און בײַ יעדער איבערשטעלונג קומען זיי צוזאַמען; מע קען אויך ניט פֿונאַנדעררײַסן אַן אַלטער באַקאַנטער און חוץ זיי האָבן מיר דאָ צוויי איינוואָרטיקע סדר־איינסן: איז און מײַנער.

פֿון דער צווייטער זײַט נעמען מיר אַ זאַץ פֿון זעקס ווערטער פּונקט מיט אַזוי פֿיל סדר־איינסן:

איך בין נעכטן שפּעט געקומען אַהיים.
בין איך נעכטן שפּעט געקומען אַהיים.
נעכטן בין איך שפּעט געקומען אַהיים.
שפּעט בין איך נעכטן אַהיים געקומען.
געקומען בין איך נעכטן שפּעט אַהיים.
אַהיים בין איך נעכטן געקומען שפּעט.

פֿאַרשטייט זיך אַז מע קען מאַכן נאָך אַנדערע געזעצלעכע איבערשטעלונגען, אָבער די זעקס וואָס מיר האָבן דאָ געמאַכט אילוסטרירן שוין אַז אין דעם זאַץ איז יעדער באַזונדער וואָרט פֿאַר זיך אַ סדר־איינס.

און נאָך איין אילוסטראַציע. אין דעם זאַץ „דער אָרעמער ייִנגל האָט אָנגעטאָן אַ רעקל מיט צעריסענע אַרבל" זײַנען פֿאַראַן צען באַזונדערע ווערטער; סך־הכּל געפֿינען מיר אין די צען ווערטער בלויז פֿיר סדר־איינסן: דער אָרעמער ייִנגל, אַ רעקל מיט צעריסענע אַרבל, האָט, אָנגעטאָן.

3. פֿון די ביזאיצטיקע עקספּערימענטן ווערט קלאָר אַז זאַצגליד און סדר־איינס פֿאַלן ניט צונויף. דער פּרעדיקאַט „האָט אָנגעטאָן" באַשטייט פֿון צוויי סדר־איינסן און דער אָביעקט „אַ רעקל" וואָס האָט צו זיך דעם אַטריבוט „מיט צעריסענע אַרבל" שטעלן צונויף איין סדר־איינס.

מיר זײַנען אויך מוֹסיף: אַ קאָניונקציע שפּילט אַלעמאָל די ראָלע פֿון אַ נול אין דער ריי סדר־איינסן. אַ פּרעפּאָזיציע איז אַ סדר־איינס צוזאַמען

מיטן סובסטאַנטיוו. אויך דער אַרטיקל איז אַ סדר־איינס צוזאַמען מיטן סובסטאַנטיוו. די הילפֿסווערבן זײַנען באַזונדערע סדר־איינסן.

## ג. אָרט פֿון בייגיקן ווערב אין נאָרמאַלן דערציילזאַץ

1. פֿאַראַן אַ פּשוטער גרונט־כּלל וועגן ווערטער־סדר אין נאָרמאַלן דערציילזאַץ. דער כּלל איז אַזוי עיקרדיק אַז ער איז חל אויך אויף אַ טייל עמאָציאָנעל באַפֿאַרבענע זאַצן, אויך אויף פֿרעגזאַצן, אויך אַפֿילו אויף אויסרופֿזאַצן. דער כּלל באַשטייט סך־הכּל פֿון עטלעכע ווערטער: דער בייגיקער ווערב קומט אויפֿן צווייטן אָרט פֿון די סדר־איינסן.

2. אַלע זאַצן פֿון קאַפּיטעלע ב באַשטעטיקן דעם כּלל. לאָמיר זיך צוהערן און זיך צוקוקן צום בייגיקן ווערב אין קורסיוו: איך וועל גיין, איך אַליין וועל גיין; איך אַליין, נאָר איך וועל גיין; מע טאָר ניט אויפֿוועקן דאָס קינד, דאָס קינד טאָר מען ניט אויפֿוועקן, אויפֿוועקן דאָס קינד טאָר מען ניט; אפֿשר וועט די מומע קומען, די מומע וועט אפֿשר קומען, קומען וועט אפֿשר די מומע; אַ ליכטיקער שטערן פֿאַלט פֿון הימל, פֿון הימל פֿאַלט אַ ליכטיקער שטערן, אָט פֿאַלט פֿון הימל אַ ליכטיקער שטערן; מײַן ברודער זאָגט צו מיר אַזוי, אַזוי זאָגט צו מיר מײַן ברודער, צו מיר זאָגט אַזוי מײַן ברודער; „די שיינע וואונדערלעכע מעשׂיות פֿון שמואליקן דעם יתום האָבן זײַן יונגן חבֿר אינגאַנצן פֿאַרכּישופֿט" (שע), זײַן יונגן חבֿר האָבן ..., אינ־גאַנצן פֿאַרכּישופֿט האָבן ....

אין די אַלע זאַצן קומט פֿאַרן בייגיקן ווערב נאָר איין סדר־איינס. דאָס באַטײַט אויך אַז דער אופֿן אַרויסרעדן, די אינטאָנאַציע פֿון אָפּטיילן אָדער צונויפֿנעמען אינאיינעם באַשטימט; צי מע האָט צו טאָן מיט איין סדר־איינס אָדער מיט מער ווי איין סדר־איינס. די ריכטיקע אינטאָנאַציע באַרעכטיקט דעם גרונט־כּלל און דער גרונט־כּלל דיקטירט אונדז די פּאַסיקע, די ריכ־טיקע אינטאָנאַציע.

מע קען זיך פֿאָרשטעלן יעדן ייִדישן זאַץ ווי אַ קייט, וואו די רינגען קענען זיך בײַטן מיט זייערע ערטער, אָבער איין רינג איז סטאַביל, איז צוגעפּעסטיקט צום צווייטן אָרט. דער בייגיקער ווערב איז אַזוי ווי די אַקס וואָס זי באַוועגט זיך ניט און וואָס אַרום איר קענען זיך איבערשטעלן די אַנדערע סדר־איינסן פֿון זאַץ.

3. אין פֿראַגעס און אין אויסרופֿן איז מעגלעך דער זעלביקער ווער־טער־סדר, און נאָר די אינטאָנאַציע פֿון פֿרעגן אָדער פֿון עמאָציאָנעלן אויסרופֿן באַשטימט אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פֿרעגזאַץ אָדער מיט אַן אויסרופֿזאַץ, ניט מיט אַ דערציילזאַץ. לאָמיר זיך צוהערן:

„איר עסן וועט גאָרניט קאָסטן" — „איר עסן וועט גאָרניט קאָסטן?"

„איך אַרבעט ניט ווי אַן איזל אַ גאַנצן טאָג." — „איך אַרבעט ניט ווי אַן איזל אַ גאַנצן טאָג?"

„איך ווייס ניט ווי אַזוי איז ער אַרײַנגעפֿאַלן". — ווי אַזוי איז ער אַרײַנגעפֿאַלן?"

„ער דערציילט אַז מע ליגט אין דרערד". — „אוי, ליגט מען אין דרערד!"

„איר שפּילט זיך מיט בערלען" — „איר שפּילט זיך מיט בערלען!"

„מע זאָל ניט אָנרירן די אַרויסגעשטעלטע זאַכן" — „מע זאָל ניט אָנרירן די אַרויסגעשטעלטע זאַכן!", „די אַרויסגעשטעלטע זאַכן זאָל מען ניט אָנרירן!"

4. אויך אין צונויפֿגעזעצטע זאַצן געוועלטיקט דער זעלביקער כלל פֿון ווערטער־סדר. ער דאָמינירט הן אין הויפּטזאַץ הן אין בײַזאַץ. „איך ווייס אויף זיכער (אַז) משה וועט מאָרגן קומען צו פֿאָרן"; „פֿון טורעם זעט דער וועכטער (ווי) עס דערנעענטערט זיך דער חיל פֿון שונא"; „דער דאָקטער האָט געהייסן גלײַך אָפּערירן, (ווײַל) קיין אַנדער ברירה איז שוין ניט געווען". די קאָניונקציע איז דאָ אַרײַנגענומען אין קלאַמערן, וואָרעם זי ווערט ניט אַרײַנגערעכנט אין דער צאָל סדר־אייִנסן.

דער אַטריבוטיווער בײַזאַץ, הן דער רעלאַטיווישער הן דער קאָניונקטיווישער, היט אויך אָפּ דעם זעלביקן כלל וועגן בייגיקן ווערב אויפֿן צווייטן אָרט: „די אוצרות (וואָס) דער ים האָט זיי באַהאַלטן אויף אייביק", „די אוצרות וואָס זײַנען באַהאַלטן געוואָרן אין די היילן"; „די שטאָט (וואו) דער העלד איז געבוירן געוואָרן", „די שווערע אויפֿגאַבע (וואָס) איך האָב זי בשום־אופֿן ניט געקאָנט נעמען אויף זיך".

ווען דער בײַזאַץ קומט פֿאַר דעם הויפּטזאַץ, שפּילט דער גאַנצער בײַזאַץ בנוגע צום הויפּטזאַץ די ראָלע פֿון איין סדר־אייִנס. בכן קומט דעמאָלט דער בייגיקער ווערב פֿון הויפּטזאַץ גלײַך אין סאַמע אָנהייב. למשל: „ווײַל קיין אַנדער ברירה איז שוין ניט געווען, האָט דער דאָקטער געהייסן גלײַך אָפּערירן"; „אַזוי ווי מיר האָבן געוואוסט אַז די געסט קומען שוין, האָבן מיר זיך אויסגעפּוצט"; „כאָטש עס איז נאָך געווען אַ האַלבע שעה פֿאַר דער באַשטימטער צײַט צו עפֿענען די אויסשטעלונג, איז געוואָרן באַשלאָסן אַרײַנצולאָזן די וואָס זײַנען שוין געקומען, (וואָרעם) אַלץ איז געווען פֿאַרטיק — און צוליב וואָס זאָלן די פֿריִער געקומענע וואַרטן אומזיסט?"

אויך אין אַ באַגלייטזאַץ וואָס איז פֿאַראַן בײַם ציטירן פֿרעמדע רייד קומט דער בייגיקער ווערב אין אָנהייב, אַזוי ווי די ציטירטע פֿרעמדע רייד וואָלטן געווען איין סדר־אייִנס בנוגע דעם באַגלייטזאַץ. „דו האָסט שוין אַלץ אײַנגעפּאַקט?" — האָט ער זי געפֿרעגט. — „ניין, איך האָב נאָך ניט באַוויזן" — איז געווען איר ענטפֿער.

5. בשײַכות מיטן גרונט־כלל פֿון ווערטער־סדר ווערט אויך קלאָר די פֿונקציע פֿון דעם ווערטעלע עס וואָס דאַרף אין געוויסע פֿאַלן קומען אָנהייב זאַץ. אָט דאָס ווערטעלע עס איז אַזוי ווי אַ פֿיקטיווער סוביעקט, אַ פֿיקטי־

ווער מחמת דעם וואָס אין זאַץ איז גאָר פֿאַראַן אַן אַנדער סוביעקט, דער אמתער.

עס קען זײַן דער אמתער סוביעקט. אין זאַץ „עס רעגנט" — איז עס דער אמתער סוביעקט צום פּרעדיקאַט רעגנט. עס האָט דאָ אַ ממשותדיקן באַטײַט: דאָס גאַנצע אַרומיקע, די דרויסנדיקע וועלט אויף וויפֿל זי קומט אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די חושים. „עס טוט וויי" — אין דעם זאַץ איז אויך דער עס דער אמתער סוביעקט און דער פּרעדיקאַט צו אים איז טוט וויי. אויך דאָ האָט עס אַ ממשותדיקן באַטײַט: די איבעוויינעקסטע וועלט וואָס פֿאַרשאַפֿט דאָס געפֿיל פֿון וויי טאָן. אויך אין די ווײַטערדיקע זאַצן איז דער עס דער אמתער סוביעקט: „עס וועט באַלד רעגענען", „באַלד וועט עס רעגענען"; „עס טוט מיר זייער שטאַרק וויי", „זייער שטאַרק טוט עס מיר וויי", „מיר טוט עס זייער שטאַרק וויי". הכּלל, ווען דער עס פֿאַר־שווינדט ניט בײַם איבערשטעלן די ווערטער — איז ער אַן אמתער סוביעקט.

אָבער ווען דער עס קען זײַן בלויז אין אָנהייב און ער פֿאַרשווינדט, ווײַל מע דאַרף אים ניט ווי נאָר מע שטעלט אין אָנהייב זאַץ אַוועק אַן אַנדער זאַצגליד, ווערט דער עס אַ פֿיקטיווער סוביעקט (אָדער אַ פֿיקטיווער זאַצ־גליד), ווי מע זעט עס פֿון די ווײַטערדיקע זאַצן: „עס וועט באַלד אָנהייבן רעגענען" — רעגענען איז דער סוביעקט, וועט אָנהייבן איז דער פּרעדי־קאַט צו אים און עס איז אַ פֿיקציע פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אויסשאַרטירן די זאַצגלידער, וואָרעם — „באַלד וועט אָנהייבן רעגענען", און דער עס איז פֿאַרשוואונדן. וואָס זשע איז פֿאַרט געווען זײַן פֿונקציע? ער האָט זיך גע־שטעלט אין אָנהייב כּדי דער בייגיקער ווערב וועט זאָל קענען שטיין אויפֿן צווייטן אָרט. „דער קאָפּ טוט מיר ווי זייער שטאַרק" — ניטאָ קיין עס; „זייער שטאַרק טוט מיר ווי דער קאָפּ" — אויך ניטאָ קיין עס; „מיר טוט זייער שטאַרק ווי דער קאָפּ" — נאָך אַלץ ניטאָ קיין עס; „עס טוט מיר ווי דער קאָפּ זייער שטאַרק" — דער עס האָט זיך באַוויזן כּדי דער בײַ־גיקער ווערב טוט זאָל שטיין אויפֿן צווייטן אָרט אין דער רײַ סדר־איינסן. ווי נאָר עס ווײַזט זיך אַן אַנדער וואָרט אויפֿן ערשטן אָרט, איז ניטאָ מער קיין שליחות פֿאַר אָט דעם עס, טרעט ער אַראָפּ פֿון דער סצענע. נאָך אַ בולטע אילוסטראַציע:

דער סטודענט איז געקומען צו זײַנע עלטערן אויף פּסח.
אויף פּסח איז דער סטודענט געקומען צו זײַנע עלטערן.
צו זײַנע עלטערן איז דער סטודענט געקומען אויף פּסח.
געקומען איז דער סטודענט צו זײַנע עלטערן אויף פּסח.
עס איז דער סטודענט געקומען צו זײַנע עלטערן אויף פּסח.

ווען דער סוביעקט איז אַ פּערזענלעכער פּראָנאָם, קען דעמאָלט ניט געמאָלט זײַן קיין פֿיקטיווער סוביעקט: „ער וועט באַלד קומען", „קומען וועט ער באַלד", „באַלד וועט ער קומען". דאָס ווערטעלע עס איז לויט זײַן אייגענעם מהות דאָך אויך אַ פּערזענלעכער פּראָנאָם.

6. די זעלביקע כּוונה צו קומען צום געוויינטלעכן ווערטער־סדר, מיטן בייגיקן ווערב אויפֿן צווייטן אָרט, דריקט זיך אויס אינעם ניצן דאָס ווער־טעלע איז ווי אַ מין פֿיקטיוון בייגיקן ווערב אָדער ווי אַ מין פֿיקטיוון פּרעדיקאַט, בעת עס איז פֿאַראַן אַן אַנדערער, אַ צווייטער, אַן אמתער פּרע־דיקאַט פֿון דעם זאַץ. דער איז קומט ווי אַ מיטל גרינגער צו מאַכן די פֿאַרבינדונג צווישן אַ לענגערן בײַזאַץ און דעם הויפּטזאַץ וואָס קומט נאָך אים. שטאַמען שטאַמט דער איז פֿון דעם גערעדטן לשון, אָבער ער איז אײַנגאַנצן באַרעכטיקט אויך אין דער אָפּגעהיטנסטער געשריבענער שפּראַך. זאָל דאָ גילטן אַזאַ מוסטער: „דאָס וואָס מע האָט שוין געזאָגט וועגן דער טעאָריע — איז אָדער ער האָט פֿאַרגעסן, אָדער ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, אָדער ער האָט לכתּחילה זיך ניט צוגעהערט צו דעם". דער לאַנגער זאַץ הייבט זיך אָן מיט אַ בײַזאַץ, הייסט עס אַז דער הויפּטזאַץ דאַרף זיך אָנ־הייבן מיטן בייגיקן ווערב און מע קען עס באַהייבן: „דאָס וואָס מע האָט שוין געזאָגט וועגן דער טעאָריע, האָט ער אָדער פֿאַרגעסן, אָדער ניט פֿאַר־שטאַנען, אָדער ער האָט לכתּחילה זיך ניט צוגעהערט צו דעם". וואָס זשע איז דער חילוק? דער זאַץ מיט איז באַקומט זיך פֿולער, עמפֿאַטישער, מיט אַ פּאַראַלעליסטישער ריטמיק. וויל מען ניצן דווקא דעם זאַץ וואָס האָט דעם איז און דורכלאָזן אָט דאָס ווערטעלע, איז נייטיק צו מאַכן אַ לאַנגע פּאַוזע נאָכן בײַזאַץ, די פּאַוזע פֿון אַן עליפּס.

נאָך צוויי אַ ביסל קירצערע זאַצן: „דעריבער, איז ניט נאָר וואָס איך זע ניט אײַן קיין אומגליק אין דעם, נאָר פֿאַרקערט, איך זע אײַן נוצן דערין" — און אויך דאָ קען מען אויסקומען אָן דעם איז דעריבער זע איך ניט אײַן קיין אומגליק אין דעם, נאָר פֿאַרקערט..." און דאָך קומט אַרויס דער נוסח מיט איז אין אַ מער בולטער סתּירה. „ווען דער זקן האָט שוין אָפּגעזאָגט זײַן ׳יבֿרכך׳ און די פֿור איז שוין פֿאַרשוואונדן, איז אויף די צעקנייטשטע באַקן זײַנע גלאַנצן נאָך אַלץ די טרערן" — דער איז פֿאַרבלײַבט קאָרעקט, אָבער קיין מוז איז ער אַוודאי ניט; „...גלאַנצן נאָך אַלץ די טרערן אויף די צעקנייטשטע באַקן זײַנע" איז פּונקט אַזוי גוט; און ווען אויך אין הויפּט־זאַץ זאָל מע ניצן די פֿאַרגאַנגענע צײַט ווי אין בײַזאַץ, איז גאָר ניטאָ קיין אָרט פֿאַרן איז: „...האָבן אויף די צעקנייטשטע באַקן זײַנע נאָך אַלץ גע־גלאַנצט די טרערן". דער אויספֿיר איז אַ פּשוטער: מע דאַרף זײַן געהיט און געוואָרנט בײַם ניצן אָט דאָס ווערטעלע איז וואָס איז גלײַכצײַטיק אַ קאָנ־יונקציע און אַ מין פֿיקציע פֿאַרן בייגיקן ווערב.

חיים זשיטלאָווסקי וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן שאַרפֿן שפּראַך־חוש האָט אויפֿגעהויבן די שאלה, צי דער איז איז אַ באַרעכטיקטער און געפּסקנט פּאָזיטיוו: „אויב דאָס פֿאָלק רעדט אַזוי — איז מעג מען". דאָס פֿאָלק רעדט טאַקע אַזוי. דאָך איז גראָד אין אַזאַ פֿאַל דער איז ניט נייטיק, אויב ער קומט דאָרט פֿאַר דעם עכטן־בייגיקן ווערב.

7. דער טאַווטאָלאָגישער אינפֿיניטיוו איז דער מין אינפֿיניטיוו וואָס קומט שטענדיק פֿאַר דעם בייגיקן ווערב און חזרט איבער דעם שטאַם פֿונעם ווערב אין זײַן אינפֿיניטיווישן לבֿוש. „הערן האָב איך עס יאָ געהערט, הגם

זאָגן מיר דירעקט האָט מען מיר עס ניט געזאָגט"; „לערנען האָב איך עס ניט געלערנט, אָבער ווייסן ווייס איך עס" — די אינפֿיניטיוון אין קורסיוו זײַנען טאַווטאָלאָגישע. די קאָנסטרוקציע איז געקומען צו יידיש פֿון לשון־קודש און איז אַן אופֿן אַרויסצוהייבן, אונטערצושטרײַכן דעם ממשותדיקן אינהאַלט פֿון ווערב. עס איז אינסטרוקטיוו און קאָנסטרוקטיוו צו פֿאַרגלײַכן די בײדע זאַצן:

ער אַרבעט, אָבער עס קומט קיין זאַך ניט אַרויס.

אַרבעטן אַרבעט ער, אָבער אַרויסקומען קומט קיין זאַך ניט אַרויס.

מיר דערפֿילן תּיכּף ווי אַזוי די טאַווטאָלאָגישע אינפֿיניטיוון העלפֿן בעסער זיך אָפּצושטעלן און בעסער צו פֿאַרנעמען און באַנעמען דאָס וואָס די ווערבן זאָגן אונדז (זען ווערבידן ד1).

דער טאַווטאָלאָגישער אינפֿיניטיוו האָט נאָך אַ בײַפֿונקציע פֿון שטאַנד־פּונקט פֿון ווערטער־סדר. דער רײדער וויל אַרויסהייבן דעם ווערב, דער אינהאַלט פֿון ווערב איז אים זייער וויכטיק, וויל ער אָנהייבן מיטן ווערב. היות אָבער דער גרונט־כּלל פֿון ווערטער־סדר פֿאַרלאַנגט אַז דער בייגיקער ווערב זאָל קומען אויפֿן צווייטן אָרט, קומט ממש צו דער האַנט דער טאַווטאָלאָגישער אינפֿיניטיוו, וואָס ניט צוליב דעם איז ער אויפֿגעקומען אין לשון, נאָר דאָ איז ער באַקוועם און האַנטיק. האָט ער דאָ די פֿונקציע אַרונטערצוּוואַרפֿן אונטערן עיקרדיקן כּלל פֿון ווערטער־סדר אויך דעמאָלט, ווען פּסיכאָלאָגיש דאַרף בײַ אונדז דער בייגיקער ווערב זײַן אויפֿן ערשטן אָרט.

## ד. ווען דער בייגיקער ווערב קומט אויפֿן ערשטן אָרט

1. קיינמאָל שטעלט מען ניט סתם אַזוי דעם בייגיקן טייל פֿון ווערב אויפֿן סאַמע ערשטן אָרט. פֿאַראַן אין דעם שטענדיק אַ געוויסע כּוונה. דאָס בײַטן דעם אָרט פֿון בייגיקן ווערב גיט אַ מעגלעכקייט אויף אַ גרינגן אופֿן אַרײַנצוברענגען אַ נײַעם טאָן, אַ געוויסע עמאָציאָנעלע באַאַרבונג. ראשית־כּל טרעפֿן מיר עס —

בײַ אַ לעבעדיקן דערציילן, ווען מע וויל דעם ענין מאַכן אימפּעטיקער, ווען מע וויל אָנווײַזן אָדער כאָטש מרמז זײַן אויף אַ געוויסער אומגעריכט־קייט. לאָמיר זיך צוהערן צו אַזעלכע זאַצן: „קומען מיר אַרײַן צו אים, און ער ליגט נאָך אין בעט"; „רעדן מיר צו אים און טענהן, און ער מאַכט זיך ניט וויסנדיק"; „גיט ער ניט אַ שפּרונג אויף און שיסט אַרויס: 'זײַט איר יאַלדן!'" ווען דער ווערב אין אַ דערציילזאַץ קומט אויפֿן ערשטן אָרט, באַקומט זיך דער אײַנדרוק אַז דאָ איז עפּעס אַ המשך און ניט קיין אָנהייב, אַז מען איז אַזוי ווי אַרײַנגעשפּרונגען אין דער מיט, אַז לאָגישערווײַז איז שוין דאָ געווען אַ פֿריערדיקער מאָמענט. ווען עמעצער הייבט אָן: „האָב איך געלעבט אַליין אין אַ וואַלד" — איז דער אײַנדרוק בײַם הערער אַזאַ אַז עפּעס האָט ער פֿאַרהערט, אַז דער רײדער האָט שוין געזאָגט פֿאַרוואָס אָדער ווי אַזוי ער איז געקומען אין וואַלד. עס קען אויך זײַן דער אײַנדרוק

אַז דער ערשטער מאָמענט איז ניט געגוג וויכטיק און דעריבער איז ניט כּדאַי געווען זיך אָפּצושטעלן אויף אים. עס איז אַזוי ווי מע וואָלט גלײַך אַרויף אויפֿן צווייטן שטאַפּל, איבערהופּנדיק דעם ערשטן.

ציטאַטן פֿון פֿאָלקסלידער אילוסטרירן עס: „וועסט קריגן אַ שענערע, אַ בעסערע‟; „לויפֿט דאָס וואַסערל פֿון דעם וועלדל, לויפֿט עס ביז קיין דאַנציק‟; „קומט אַ מיידל אָן אַ שיינעם קליידל, נעמט מען זי ניט צום טאַנץ‟; „זיץ איך מיר אין שטיבעלע און טראַכט נאָר וועגן דיר‟; „גיי איך אַרײַן אין שטוב, ס׳איז מיר פֿינצטער אַזוי ווי אין גרוב‟; „זיץ איך מיר בײַ דער אַרבעט, טוט מיר זייער באַנג. קומט מען מיר אַ בשׂורה זאָגן אַז מײַן טײַער לעבן איז קראַנק‟; „גיי איך מיר אַרויס אין שטעטעלע און טו מיך אומקוקן. פֿליט אַראָפּ אַ שיינער פֿויגל און טוט מײַן האַרץ דערקוויקן‟.

2. מיר האָבן אָפּט פֿאַר זיך אַ בפֿירושן עליפּטישן זאַץ, ווען מע הייבט אָן מיטן בייגיקן ווערב. די עליפּטישע קאָנסטרוקציע איז באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם תּנאַי־זאַץ און אויך פֿאַר דעם צײַטזאַץ. אַנשטאָט צו זאָגן: „אויב איך וועל אים זען, וועל איך אים זאָגן‟ — הערן מיר זייער אָפּט די קירצערע פֿאָרעם: „וועל איך אים זען, וועל איך אים זאָגן‟. דעמאָלט באַקומט זיך אַז ביידע העלפֿטן קריגן דעם זעלביקן ריטעם פֿון זאַץ און עס שטאַרצט אַרויס יענער פּאַראַלעליזם אין ריטעם וואָס געוועלטיקט און דאַרף געוועלטיקן אין דעם גערעדטן לשון. דאָ פּאַסט זיך צו פֿאַרפֿעסטיקן דעם פּונקט מיט עטלעכע בײַשפּילן פֿון פֿאָלקס־לידער: „גייט די מיידל טאַנצן, קלאָגט זי און וויינט‟; „וועסטו ניט קענען קיין בריוועלע שרײַבן, זאָלסטו מיר כאָטש לאָזן גריסן‟; „וועסטו קומען צו אַ וואַסערל, זאָלסטו זיך גישט טרענקען; וועסטו קומען צו אַן אַנדער מיידעלע, זאָלסטו מיך געדענקען‟.

3. אין פֿרעגזאַצן און אין אויסרופֿזאַצן איז דער ווערב גאַנץ אָפּט אויפֿן ערשטן אָרט. קיין מוז איז עס ניט, ווי מע האָט שוין געזען בײַ ג3. עס איז אויך ניט מעגלעך צו פֿאָרמולירן אַז דורכדעם וואָס דער ווערב קומט אויפֿן ערשטן אָרט ווערט עפּעס וואָס שטאַרקער אין דער פֿראַגע אָדער אין דעם אויסרוף. מכריע איז דאָ די שטאַרקייט פֿון דער אינטאָנאַציע און ניט דער אָרט פֿון ווערב. אַדרבא, לאָמיר מיט פֿאַרשיידענע אינטאָנאַציעס דורכלייענען דאָס ווײַטערדיקע: „גייסט שוין אַהיים?‟ „דו גייסט שוין אַהיים?‟ „שוין גייסטו אַהיים?‟; „גיי שוין אַהיים!‟ „דו גיי שוין אַהיים!‟ „שוין גיי אַהיים!‟

אין אימפּעראַטיוו רוקן זיך אַרויס די קורצע פֿאָרמען פֿון דער צווייטער פּערזאָן (גיי! גייט!), וואו דער סוביעקט און דער פּרעדיקאַט זײַנען צונויפֿגעשמאָלצן אין איין וואָרט. דאָס זײַנען נאָרמאַל־עליפּטישע פֿאָרמען, וואָרעם מע קען דאָך זיי שטענדיק אויסברייטערן און ניצן: דו גיי! איר גייט! נאָר אין דער דריטער פּערזאָן פֿון אימפּעראַטיוו מיט זאָלן קומט דער בייגיקער ווערב אויפֿן ערשטן אָרט: זאָל ער גיין! זאָל זי גיין! זאָלן זיי גיין! אָבער אין דער צווייטער פּערזאָן קלינגט עס: דו זאָלסט גיין! איר זאָלט גיין! אײַנ־

געפּעסטיקט איז דער ווערטער־סדר אין אידיאָמאַטישן אויסדרוק: מיר זאָל זײַן פֿאַר דיר!

4. בײַם קאָנדיציאָנאַל (זען ווערב, ט3) מיט זײַן הילפֿסווערב וואָלט — וואָל(ט)סט — וואָלטן קריגט דער הויפּטזאַץ דעם הילפֿסווערב אין סאַמע אָנהייב, למשל: „זײַן וואָרט וואָלט זײַן אַ בריק, וואָלט איך מורא געהאַט אַריבערצוגיין". אין זאַצן מיט אַ וואונטש וואָס עס איז אוממעגלעך אַז ער זאָל מקוים ווערן האָט זיך אײַנגעשטעלט אַז דער וואָלט קומט אויפֿן ערשטן אָרט: „וואָלט איך געווען אַ רבֿ, קען איך ניט קיין תּורה; וואָלט איך געווען אַ סוחר, האָב איך ניט קיין סחורה".

5. בשײַכות מיטן אָרט פֿון בייגיקן ווערב קומט אויך אויף די פֿראַגע וועגן דעם פֿרעג־פּאַרטיקל צי. אין דער אומדירעקטער פֿראַגע האָט דער צי דעם דין פֿון אַ קאָנ־יונקציע און איז ניט משפּיע אויפֿן ווערטער־סדר, למשל: „איך ווייס ניט צי דו וועסט מאָרגן קומען" און „איך ווייס ניט צי מאָרגן וועסטו קומען". אָבער ווען מיר האָבן דעם צי אין דער דירעקטער פֿראַגע, קען מען אים אויסטײַטשן ווי אַ סדר־אייִנס וואָס צווינגט אַרויף דעם בייגיקן ווערב אויפֿן צווייטן אָרט. ווידער פֿון פֿאָלקסלידער: „צי געדענקסטו, מײַן טײַער זיס־לעבן, ווען מיר האָבן צוזאַמען פֿאַרבראַכט?"; „צי האָט איר געהערט וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן? צי האָט איר געזען מיט אײַערע אויגן?"; „צי האָסטו נישט דײַן עסן? צי האָסטו נישט דײַן טרינקען? צי האָסטו נישט דײַן שייגעס גאַנג?"

מע דאַרף זיך ניט אײַנרעדן אַז דער צי איז נייטיק אין דער דירעקטער פֿראַגע. גע־וויינטלעך קומט מען אויס אָן דעם צי. אויך אין פֿאָלקסלידער באַגייט מען זיך אָן דעם צי: „זאָג מיר, שוסטערל: האָסטו וואָס צו קײַען? פֿעלט דיר אויסעט, קריגסטו וואו צו לײַען?"; „האָסטו מיך אמת ליב? זעץ זיך לעבן מיר! האָסטו בדעה חתונה צו האָבן? טאָ שיק זשע אַ שדכן צו מיר!"; „געדענקסטו, געדענקסטו פֿאַר דעם טויער? איך האָב דיר בעזאָגט אַ סוד אין אויער"; „גענדזעלעך, גענדזעלעך, גענדזעלעך, האָט עץ נישט געזען אַ מיידעלע מיט אַ זײַדן קליידעלע?"

## ה. ווען דער בייגיקער ווערב קומט אויפֿן דריטן אָרט

1. דער בייגיקער ווערב קען ניט קומען סתּם אַזוי אויפֿן דריטן אָרט פֿון זאַץ, ווי דער דריטער סדר־אייִנס. דאָס איז נאָר מעגלעך אין גאַנץ באַ־שטימטע פֿאַלן און דערצו איז נייטיק אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע, אַ באַזונדערע, אַ כאַראַקטעריסטישע אינטאָנאַציע. אָט די אינטאָנאַציע הייבט שטאַרק אַרויס דאָס וואָרט וואָס קומט אויפֿן ערשטן אָדער אויפֿן צווייטן אָרט אין זאַץ. דער ניט־געוויינטלעכער ווערטער־סדר וואָס איז אַ סתּירה צום גרונט־כּלל מוז זײַן פּסיכאָלאָגיש פֿעסט מאָטיווירט. ער איז דער מיטל אַז דער הערער זאָל גלײַך צוגעצויגן ווערן צו דעם וואָס דער רעדער וויל אַרויסהייבן.

ווען מע זאָגט: „וואָס ע ר האָט איבערגעלעבט!" — קריגט דאָס וואָרט ער דעם שטאַרקן אַקצענט פֿון זאַץ. ווען מע זאָגט: „סאַראַ ק ל ו ג ע ר דו ביסט!" — ווערט אַקצענטירט דאָס וואָרט קלוגער כּדי אַרויסצוהייבן די איראָניע פֿון דעם טאַדל. ווען מע זאָגט: ער שלאָגט זיך רק, זי טאַנצט נאָר, ער אָטעמט קוים — ווערן רק, נאָר, קוים ניט אַקצענטירט. וויל מען זיי

אַקצענטירן, איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה סײַדן צו שטעלן דעם בייגיקן ווערב אויפֿן דריטן אָרט: „רק ער שלאָגט זיך!", „נאָר זי טאַנצט!", „קוים ער אָטעמט", לאָמיר דערהערן און פֿאַרשטיין דעם אונטערשייד:

טאָמער קומט אַ גאַסט — וואָס וועסטו טאָן?
אַ גאַסט טאָמער קומט — וואָס וועסטו טאָן?
אים אַליין איז אויך געגאַנגען שלעכט אין די געשעפֿטן.
אים אַליין אין די געשעפֿטן איז אויך געגאַנגען שלעכט.

2. בײַם אָוועקרוקן דעם בייגיקן ווערב אויפֿן דריטן אָרט קען זיך באַקומען אַז אַ זאַצגליד זאָל בלײַבן אַזוי ווי הענגען אין־דער־לופֿטן און זײַן שכנות צום וואָרט וואָס ער ציט זיך צו אים זאָל אויבנאויף ניט זײַן קלאָר. אַזוי צווינגט אַרויף דער ריידער אַז דער הערער זאָל זיך צוהערן מיט קאָפּ. ווען שלום־עליכם זאָגט: „שטאַרק גיין אַהין ווויל איך ניט" — איז שטאַרק אַזוי ווי אָפּגעריסן פֿון ווערב וויל, כאָטש זיי וואָלטן דאָך געדאַרפֿט קומען בשכנות אין דעם געוויינטלעכן ווערטער־סדר: איך וויל ניט שטאַרק גיין אַהין. אָבער אַזוי ווי ער האָט געוואָלט אונטערשטרײַכן אי גיין אַהין אי שטאַרק, האָט שלום־עליכם אויסגעקליבן זײַן ציטירטן נוסח און מע מעג זיך פֿאַרלאָזן אויף אים.

לאָמיר לייענען אויפֿן קול די ווײַטערדיקע זאַצן: „די שטאַרקסטע געפֿילן אין הארצן באַהאַלט"; „ממש ער ציטערט פֿאַר פֿרייד"; „אין מויל בײַ זיי ביידן איז ניטאָ אַ צאָן"; „אַפֿנים די מאַמע איז נאָך ניט געווען אין דער היים"; „חיימל, דערזעענדיק דעם טאַטן, האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן"; „מיך, ווען איך וויל זיך נאָר שלאָגן, וועט קיינער ניט באַזיגן"; „די נאַכט, ווי אַ כישוף־מאַכעריך, לאָזט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ".

3. עס זײַנען פֿאַראַן דרײַ ספּעציעלע פֿאַלן, ווען דער בייגיקער ווערב קומט אין אַ פֿרעגזאַץ אויפֿן דריטן אָרט:

א) ווען מע וויל אַרויסהייבן דאָס וואָרט וואָס איז באַזונדער וויכטיק פֿאַרן פֿרעגער, למשל: „נעכטן — וואו ביסטו געווען?" „אין וואַלד — ווער פֿון אײַך וועט גיין?"

ב) ווען מע ציט צונויף אין איין פֿראַגע צוויי באַזונדערע פֿראַגעס, למשל: „ווער — וואוהין — וועט גיין מיט אײַך?" „פֿאַר וואָס און ווי אַזוי האָט ער עס געטאָן?"

ג) בײַם איבערפֿרעגן, אַפֿילו ווען דער פֿרעגער חזרט איבער זײַן אייגענע פֿראַגע, למשל: „— פֿונוואַנעט קומט איר? — פֿונוואַנעט איך קום?"; „וואו זײַנען די קלעזמער?" — פֿרעגט חתנס צד. „די קלעזמער וואו זײַנען? — פֿרעגט כּלהס צד"; „וואָס טוט מען מיט די קינדער? מיט די קינדער וואָס טוט מען?"

4. דער בייגיקער ווערב קומט אויפֿן דריטן אָרט, ווען מע וויל דווקא אויפֿהיטן אַ ריטמישן פּאַראַלעליזם בײַם פֿאַרבינדן טואונג מיט פּועל־יוצא,

טעזע מיט אַנטיטעזע. לאָמיר זיך צוהערן: „וואָס מע׳ר מע לע׳בט אויף דער וועלט, אַלץ ווײ׳ניקער ווײ׳ס מען״; וואָס ווי׳נציקער איר וועט פֿרעגן שאַ׳לות, אַלץ געזי׳נטער וועט עס זײַן פֿאַר אײַ׳ך״. און אָט האָבן מיר אַ באַלערנדיק שפּריכוואָרט: „איין טאַטע צען קינדער — דערנע׳ר, צען קינדער איין טאַטן — איז שווער״. [אַ קיצור פֿון: אַז איין טאַטע האָט צען קינדער, זאָגט מען אים: דערנער זיי, אָבער פֿאַר צען קינדער איז שווער צו דערנערן איין טאַטן.]

5. אין דער פּאָעזיע טרעפֿן מיר דעם בײגיקן ווערבֿ אויפֿן דריטן אָרט אָן די אַלע ביז איצט אויסגערעכנטע נאַטירלעכע פֿאַלן. מיר ברענגען בלויז דרײַ דוגמאָות: „און בײַ מיר, אָרעם שנײַדערל, דאָס שוואַך הערצעלע טרישטשעט״ (פֿל); „אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד אַ וואונדערלעכער פֿויגל שאַלט״ (פּרץ); „ערשט שפּעטער נאָך צאת־הכּוֹכבֿים דער שמשׂ די שול האָט פֿאַרמאַכט״ (יהואָש, אויפֿן פֿערטן אָרט!). גראַמאַטיק איז אפֿשר ניט באַרופֿן צו משפּטן פּאָעטישע שורות, אָבער זי מוז וואָרענען קעגן אַזוינס אין אונדזער פּראָזע.

## ז. אָרט פֿון די פֿאַרשיידענע טיילן פֿון פּרעדיקאַט

1. דער קאָנווערבֿ (זען ווערבֿ, יבֿ) קומט נאָך דעם ווערבֿ אין דער איצטיקער צײַט און אין דעם אימפּעראַטיוו און אינאײנעם מיטן ווערבֿ אין אינפֿיניטיוו און אין פּאַרטיציפּ: איך קום אַרײַן, קום אַרײַן, אַרײַנקומען, אַרײַנגעקומען; ער זאָגט אויס, זאָג אויס, אויסזאָגן, אויסגעזאָגט.

פֿראַגעס וועגן אָרט פֿון קאָנווערבֿ קומען אויף בלויז דעמאָלט, ווען דער קאָנווערבֿ איז אָפּגעטיילט פֿון זײַן ווערבֿ. ווען דער קאָנווערבֿ קומט נאָכן ווערבֿ. וואו קומט דער קאָנווערבֿ, ווען אויך אַנדערע זאַצגלידער צי׳ען זיך צום ווערבֿ? אינגאַנצן קלאָר וועט עס ווערן, ווען מע וועט באַטראַכטן דעם אָרט פֿון אָביעקט און פֿון די פֿאַרשיידענע אַדווערביאַלע באַשטימונגען. דערווײַל איז נײטיק אָנצוווײַזן אַז דאָ קענען זײַן צוויי נוסחאָות: נעענטער צום ווערבֿ אָדער ווײַטער פֿון ווערבֿ, למשל: איך קום אַרײַן אין שטובֿ און איך קום אין שטובֿ אַרײַן; איך קום באַלד אַרײַן צו דיר אין שטובֿ אָדער איך קום באַלד צו דיר אין שטובֿ אַרײַן. אָפּהענגיק פֿון דעם איז פֿאַראַן אין זאַץ ווייניקער אָדער מער אַגלוטינאַציע, דאָס הייסט צונויפֿגעקלעפּטקייט. לאָמיר באַטראַכטן דרײַ אַזעלכע שטאַפּלען פֿון ווייניקער אַגלוטינאַציע צו מער: איך קום באַלד אַרײַן צו דיר אין שטובֿ, איך קום באַלד צו דיר אַרײַן אין שטובֿ, איך קום באַלד צו דיר אין שטובֿ אַרײַן. דאָ מערקט זיך אַ דיאַ־לעקטישער אונטערשייד: דער ליטווישער ייִד איז ניט נוטה צו אַגלוטינאַציע און זײַן זאַץ איז בולט אַנאַליטיש, בעת דער פּוילישער ייִד און דער דרום־דיקער ייִד אין מזרח־אייראָפּע האָבן געהאַט אַ קלאָרע נייגונג צו מער אַגלוטינאַציע, צו אַ פֿולערן אַרײַנקלאַמערן די זאַצגלידער צווישן דעם ווערבאַלן שטאַם און דעם קאָנווערבֿ.

די כּלל־שפּראַך דאַרף ניט דווקא אָפּגעבן די בכורה איין נוסח לגבי דעם צווייטן. עס איז אַ פֿראַגע פֿון גלײַכווערטיקע סטילן און אויך אַ פֿראַגע וועגן דעם ענין. וואָס דער ענין איז האַרבער — אַלץ וווּיניקער אַגלוטינאַציע קען מען רעקאָמענדירן און אין טאָגטעגלעכע ענינים קען אַגלוטינאַציע זײַן אַפֿילו ניצלעך, ווײַל דער טעמפּאָ פֿון די רייד, פֿונעם דערציילן ווערט פֿאַר־גיכערט, ווערט לעבעדיקער. פֿאַראַן זאַצן וואו עס קען אויך געמאָלט זײַן אַ חילוק אין באַטײַט, למשל: „מע פֿירט מיך אַרײַן אין באָד" — טאַקע ממש אין באָד זיך צו באָדן אָדער צו ווײַזן סאַראַ גוטע באָד מע האָט; „מע פֿירט מיך אין באָד אַרײַן" — האָט מען גיכער אין זינען דעם אידיאָמאַטישן אויסדרוק וואָס באַטײַט אַז מע נאַרט מיך אָפּ אין אַ געשעפֿט, מע וויל מיך איבערכיטרעווען. אַזוי איז אויך אין דעם חכמהלע: „ווער גייט תּמיד אין בית־מדרש אַרײַן?" מיטן ענטפֿער: „דער רעגן". לויטן שטאַפּל פֿון אַגלו־טינאַציע איז אפֿשר מעגלעך צו האָבן אַן אַרײַנבליק אין געמיט און אין כאַראַקטער פֿון ריידער און פֿון שרײַבער. איז כּדאַי בײַ אַ באמת רואיקן דערציילן אויסצוקלײַבן דעם מיטלסטן שטאַפּל: ניט „ער לייגט אַוועק דעם מידן קאָפּ אויף אַ שטיין" און ניט „ער לייגט דעם מידן קאָפּ אויף אַ שטיין אַוועק", נאָר „ער לייגט דעם מידן קאָפּ אַוועק אויף אַ שטיין".

2. דער פּראָנאָם זיך, ווי אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט, (זען ווערב, יד) קומט תּיכּף נאָך דעם ווערב, ווען ער איז אין דער איצטיקער צײַט אָדער אין אימפּעראַטיוו, אָבער ער קען פֿרײַ פֿאַרנעמען אַן אָרט צווישן דעם בייִ־גיקן הילפֿסווערב און די אַנדערע טיילן פֿון דער ווערבאַלער פֿאָרעם. איין אויסגעברייטערטע דוגמא: „זי טרעפֿט זיך מיט אים צוויי מאָל אַ טאָג"; „טרעף זיך מער ניט מיט אים!"; „זי האָט מיט אים זיך געטראָפֿן צוויי מאָל אַ טאָג"; „זי האָט זיך מיט אים געטראָפֿן צוויי מאָל אַ טאָג"; „זי האָט אַמאָל שוין געהאַט זיך געטראָפֿן מיט אים"; „זי האָט זיך שוין אַמאָל געהאַט גע־טראָפֿן מיט אים".

און ווי פֿרײַ מע זאָל זיך ניט באַגיין מיטן זיך צווישן דעם בייִגיקן ווערב און די אַנדערע טיילן פֿון דער צונויפֿגעזעצטער ווערבאַלער פֿאָרעם, איז דאָך ניט באַטירלעך צו שטעלן דעם זיך אַזוי ווײַט פֿון דעם באַטײַטיקן טייל פֿון דער ווערבאַלער פֿאָרעם אַז מע זאָל זיך אין אים פֿאַרגעסן. עס טויג ניט למשל: „די קינדער האָבן זיך נאָכן פֿלוצעמדיקן טויט פֿון זייער מוטער ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן" — דאָ מוז דער זיך קומען נעענטער צום אַהינצו־טאָן און עס דאַרף זײַן אָדער „די קינדער האָבן ... ניט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן", אָדער „די קינדער האָבן ... זיך ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן".

זיך טאָר ניט קומען אָפּגערוקט פֿון דעם ווערב וואָס ער איז זײַן טייל, אויב אין מיטן קומט אַרײַן אַן אַנדער באַטײַטיקער ווערב (ניט קיין הילפֿסווערב), למשל: 'אַלע זײַנע פֿרײַנד זײַנען זיך געקומען געזעגענען מיט אים' — דאָס איז פֿאַלש, עס מוז זײַן: „... זייַנען געקומען זיך גע־זעגענען מיט אים"; 'זיי האָבן זיך טאַקע נישט געוואוסט וואָס פֿאַר אַן עצה

צו געבן׳ — דאָס איז פאַלש, עס מוז זײַן: „... נישט געוואוסט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבן״.

ווען מיר האָבן אַ צונויפגעזעצטע ווערבאַלע פאָרעם, קומט זיך צווישן דעם בייגיקן הילפסווערב און די אַנדערע טיילן און טאָר ניט קומען גאָר צום סוף. בכלל איז ניט גוט צו שטעלן דעם זיך גאָר צום סוף זאַץ, ווען אין זאַץ איז דאָ מער ווי איין ווערב. „מיר קומען געזעגענען זיך״ — טויג ניט, עס דאַרף זײַן: „מיר קומען זיך געזעגענען״. „דער עולם וועט באַלד צעגייען זיך״ — טויג ניט, עס דאַרף זײַן: „דער עולם וועט באַלד זיך צעגיין״. „זי האָט צוויי מאָל אַ טאָג מיט אים געטראָפן זיך״ — איז שלעכט, עס דאַרף זײַן: „...זיך געטראָפן מיט אים״ אָדער „...זיך געטראָפן צוויי מאָל אַ טאָג״ און עס איז אַפילו מעגלעך „...זיך געטראָפן״.

ווען מיר האָבן בלויז אַן אינפיניטיוו אָדער בלויז אַ פּאַרטיציפּ צי אַ גערונדיוו, שטעלט מען דעם זיך הן פאַר אָט די ווערבידן הן נאָך זיי, אָבער מיר גיבן אָפּ די בכורה דעם זיך פאַר זיי. „געטראָפן זיך מיט אים, האָב איך...״ און אַ קאַפּעלע גלאַטער: „זיך געטראָפן מיט אים, האָב איך...״; „טרעפנדיק זיך מיט אים, האָב איך...״ און אַ קאַפּעלע גלאַטער: „זיך טרעפנדיק מיט אים, האָב איך...״; „טרעפן זיך מיט אים האָב איך אָפּ־גערעדט...״ און ס׳איז אפשר אַ ביסעלע בעסער: „זיך טרעפן מיט אים...״ און ווי נאָר עס קומט צו צום אינפיניטיוו דער אַרטיקל ד אָ ס, מוז שוין זיך קומען נאָכן אינפיניטיוו: דאָס טרעפן זיך, דאָס צונויפרעדן זיך, דאָס באַפרײַען זיך און אַזוי ווײַטער.

3. דער פּ אַ ר ט י צ י פּ און דער א י נ פ י נ י ט י װ וואָס זײַנען באַ־שטאַנדטיילן פון צונויפגעזעצטע ווערבאַלע פאָרמען זײַנען באַזונדערע סדר־איינסן. זיי קענען קומען אויפן ערשטן אָרט פאַר דעם בייגיקן ווערב און זיי קענען קומען נאָכן בייגיקן ווערב, וואָס דאָס איז נאַטירלעכער און אָפטער. אויפן ערשטן אָרט קומען זיי לויטן אַלגעמיינעם פּרינציפּ — ווען מע וויל זיי אַרויסהייבן, אונטערשטרײַכן, ווען מע וויל צוגעבן צו די רייד עפּעס אַן עמאָציאָנעלע באַפאַרבונג. דער ענין איז אייגנטלעך גאַנץ פשוט: „מיר וועלן שפּעטער שרײַבן״ און „שרײַבן וועלן מיר שפּעטער״; „זיי וועלן שוין ווי־ניט־איז דורכקומען״ און „דורכקומען וועלן זיי שוין ווי־ניט־איז״; „זי האָט נעכטן אָנגעשריבן דעם בריוו״ און „אָנגעשריבן דעם בריוו האָט זי נעכטן״; „די מאַמע האָט אונדז אויפגעוועקט מיט אַ געוויין״ און „אויפגע־וועקט האָט אונדז די מאַמע מיט אַ געוויין״.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש ווי אַזוי שלום־עליכם האָט פאַרריכט דאָס לשון און דעם סטיל פון זײַנע ערשטע דערציילונגען און דערבײַ אויך איבערגעשטעלט דעם ווערטער־סדר אין אַ סך זאַצן, כדי עס זאָל אַרויס־קומען לעבעדיקער, אימפּעטיקער, עמפּאַטישער. אין אַ ערשטן נוסח: „וואָס פאַר אַ פּנים האָט בײַ מיר געהאַט דער גלות, דער דײַטשישער ייִד, דער פּאָדראַטשיק הער הערץ הערצנהערץ, אַז ער האָט גערעדט אויף ייִדיש און

איז געגאַנגען אַן אַ היטל, אַן אַ באָרד, אַן פּאות". און אין דעם לעצטן נוסח: „וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט בײַ מיר געהאַט דער ייִדישער דײַטש... אַז גע־רעדט האָט ער אויף ייִדיש, געגאַנגען איז ער אַן אַ היטל, אַן אַ באָרד, אַן פּאות". אין אַ קורצן זאַץ פֿון קינדערשפּיל איז דער ערשטער נוסח געווען: „זיי האָבן געלעבט אין גרויס דחקות און אַפֿטמאָל איז נישט געווען אויף קיין פּוד מעל" און דער לעצטער נוסח: „געלעבט האָבן זיי אין גרויס דחקות און אַפֿטמאָל איז נישט געווען אַפֿילו אויף קיין פּוד מעל".

ווען די זאַצן זײַנען קורצע, קען דער אינפֿיניטיוו פֿון דער קומעדיקער צײַט און דער פּאַרטיציפּ פֿון דער פֿאַרגאַנגענער צײַט גאַנץ באַקוועם קומען צום סוף זאַץ, למשל: „איך וועל שפּעטער קומען", „זיי האָבן די אַרבעט פֿאַרענדיקט." ווען די זאַצן זײַנען לענגערע, איז אַזאַ ווערטער־סדר ניט אַזוי באַקוועם, ער איז ניט מער געווײנטלעך. צו וואָס זשע ניצט מען אים? צוצוגעבן אַ געוויסע מדרגה פֿון פֿײַערלעכקייט, פֿון געהויבנקייט: „איך וועל שפּעטער אם־ירצה־השם צו דיר מיט אים קומען"; „זיי האָבן שוין ברוך־השם נעכטן אין אָוונט די אַרבעט פֿאַרענדיקט". אַזאַ אופֿן דערציילן רופֿט ניט אַרויס בײַם הערער קיין ווידערווילן, אויב דאָס טרעפֿט זיך ניט מער ווי אין זעלטענע פֿאַלן. אָט די כּוונה צו שאַפֿן אַ פֿײַערלעכן טאָן קען גאָר ווערן אַרויסגעצוואונגען מחמת דעם ריטעם און צוליבן גראַם און דער באַגער צו אַ מער פֿײַערלעכן טאָן איז אויפֿן צווייטן פּלאַץ, ווי דאָס טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט אין דער דערציילערישער פּאָעזיע: „אָט פֿאַלט פֿונעם הימל אַ ליכטיקער שטערן, / אָט וועט אין גיהנום אַ שׂמחה שוין ווערן" (פּרץ); „און אַמאָל האָבן לאָמפּן איבער זיי געבליצט / און די שׂמחה האָט פֿון אַלע זײַטן געשפּריצט". (י. י. שוואַרץ).

עס באַקומט זיך אָבער אַ גאַנץ וואָלוול סטיליזירן און אַן אומבאַרעכ־טיקטע פֿײַערלעכקייט וואָס קען קלינגען לעכערלעך, אויב בײַם דערציילן וועגן די פּשוטסטע זאַכן זאָל מען כּסדר שטעלן דעם אינפֿיניטיוו אָדער דעם פּאַרטיציפּ צום סוף פֿון די זאַצן. שלום־עליכם האָט געשאַפֿן אַזאַ פּאַראָדיע־זאַץ: „און ווען דאָס מיידל איז אין שטאָט געקומען, איז דער הימל פֿאַר־וואָלקנט געווען, און אַ רעגנדל האָט אין דרויסן געמראַקעט; און ווען זי האָט הונגער דערפֿילט, איז זי אַהיים עסן געגאַנגען". ער אַליין האָט דער־נאָך גלײַך פֿאַרריכט אַזאַ זאַץ, ווי דאָס קען טאָן יעדערער. עס איז אַן ענין פֿון סטיל, ניט פֿון גראַמאַטיק — וואָס זי האָט אויך ליב אַן עצה ניט צו גיין אויף שטאָלצן. יעדער איינעם קען נאָר צוקומען אַ געזונט אין די ביינער וואָס פֿאָלגט אויס שלום־עליכמס אָנווײַז: „וואָס קען זײַן ערלעכער און פּשוטער און געזינטער און חנעוודיקער, ווי אַז מע רעדט פּשוט, ווי מענטשן רעדן?"

4. קאָמפּליצירטע ווערבאַלע פֿאָרמען זײַנען אין אַ היפּשער מאָס געבונדענע פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ווערטער־סדר. זיי זײַנען אָדער אין סדר־

איינס אָדער די באַזונדערע ווערטער וואָס שטעלן צונויף די פֿאָרעם האָבן זייער וויניק מעגלעכקייטן זיך איבערצושטעלן.

דוגמאָות פֿון דעם שטח פֿון אַספּעקטן: — איך טו אַ זעץ, איך האָב אַ זעץ געטאָן, איך וועל אַ זעץ טאָן, איך וואָלט אַ זעץ געטאָן — אומעטום איז דאָ אַ זעץ אַ באַזונדערער סדר־איינס און מען קען איבערשטעלן: אַ זעץ האָב איך געטאָן, אַ זעץ וועל איך טאָן, אַ זעץ וואָלט איך געטאָן, אָבער דערבײַ מוז זײַן אַ שטאַרקע אינטאָנאַציע מיטן בולטן אונטערשטרײַכן אַ זעץ. שווערער קומט אויס עפּעס איבערצושטעלן בײַם אַספּעקט פֿון באַשטענדי־קייט: האָט געטאָן שײַנען, וועט טאָן בלײַען — וואָס וועט מען דאָ איבער־שטעלן? דאָך ניט 'שײַנען האָט געטאָן', 'בלײַען וועט עס טאָן'. און דער ווערטער־סדר איז אינגאַנצן אומבאַוועגלעך בײַ די קאָנסטרוקציעס: קומען צו פֿאָרן, האַלטן אין לערנען, נעמען אַרבעטן און אַנדערע.

בײַ די צונויפֿגעזעצטע ווערבן, וואָס באַשטייען פֿון אַ הילפֿס־ווערב און אַן אומבייגיקן טייל, וואַקסן ביידע טיילן צונויף אין איין סדר־איינס, ווען די ווערבאַלע פֿאָרעם פֿאַרלאַנגט אַז עס זאָל זײַן דער פּאַרטיציפּ אָדער דער אינפֿיניטיוו. למשל: איך האָב מטריח געווען, איך וועל מטריח זײַן — דאָ איז ניט מעגלעך 'איך בין געווען מטריח', 'איך וועל זײַן מטריח'; זיי האָבן זיך מוסר־נפֿש געווען, זיי וועלן זיך מוסר־נפֿש זײַן — דאָ איז ניט מעגלעך 'זיי זײַנען געווען זיך מוסר־נפֿש'. און דאָך זאָל מען האָבן אין זינען אַז ווען דער צונויפֿגעזעצטער ווערב ווערט אָפּט געניצט, קען אויך דער אומבייגיקער טייל קומען נאָך דעם פּאַרטיציפּ אָדער אינפֿיניטיוו און עס ווערן מעגלעך צוויי נוסחאָות: איך האָב יוצא געווען, איך וועל יוצא זײַן — און איך בין געווען יוצא, איך וועל זײַן יוצא; ער איז נתפּעל געוואָרן, ער וועט נתפּעל ווערן — און ער איז געוואָרן נתפּעל, ער וועט ווערן נתפּעל; דו האָסט אין זינען געהאַט, דו וועסט אין זינען האָבן — און דו האָסט גע־האַט אין זינען, דו וועסט האָבן אין זינען.

5. דער נאָמינאַלער טייל פֿון פּרעדיקאַט (אַ סובסטאַנטיוו, אַן אַדיעקטיוו, אַ פּראָנאָם) קומט געוויינטלעך נאָך דער פֿולער פֿאָרעם פֿון הילפֿסווערב: „דער חתן און די כּלה זײַנען ביידע געווען יונג און שיין"; „ר' חיים איז נעבעך געוואָרן אַ גרויסער אָרעמאַן"; „דאָס אַלץ וואָס דו זעסט וועט ווערן מײַנס". און אויך דאָ קען געמאָלט זײַן אַז דער פּאַרטיציפּ צי דער אינפֿינטיוו פֿון הילפֿסווערב זאָל קומען צום סוף זאַץ: „ר' חיים איז נעבעך אַ גרויסער אָרעמאַן געוואָרן"; „אויב ס'מזל וועט געווערן, וועט עס בעסער ווערן". דאָ זײַנען פֿאַראַן די זעלביקע פֿאַלן און ניואַנסן וואָס דער פּונקט 3 האָט זיי באַטראַכט.

## ז. אָרט פֿון סוביעקט

1. דער סוביעקט איז ניט קיין יחסן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ווערטער־סדר. דער סוביעקט איז אַלעמאָל איין סדר־איינס אין יעדן געגעבענעם זאַץ,

צי ער ווערט אויסגעדריקט דורך איין וואָרט אָדער ער קומט אינאיינעם מיט די ווערטער וואָס ציִען זיך צו אים. דער פֿרילינג וועט באַלד קומען; דער בלײַענדיקער, דער בלענדיקער פֿרילינג וועט באַלד קומען; באַלד וועט קו־מען דער בלײַענדיקער, דער בלענדיקער פֿרילינג.

דער סוביעקט קען בשום־אופֿן ניט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַקס פֿאַר די ווערטער פֿון זאַץ. ער האָט ניט קיין באַשטענדיקן אָרט. געוויינטלעך קומט ער אויפֿן ערשטן אָרט, אָבער אים געהערט ניט דער ערשטער אָרט, ער קען אויך קומען נאָכן בייגיקן טייל פֿון פּרעדיקאַט, ער קען קומען אויפֿן צווייטן, אויפֿן דריטן און אַפֿילו אויף אַ ווײַטערדיקן אָרט אין זאַץ. דעריבער איז אין ייִדיש ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן דעם וואָס מע רופֿט ׳דירעקטער׳ אָדער ׳אומדירעקטער׳ ווערטער־סדר, אָפּהענגיק פֿון דעם צי דער סוביעקט איז פֿאַר אָדער נאָך דעם ווערב. אין קיין שום מין זאַץ (הויפּט־זאַץ אָדער בײַזאַץ, דערציילזאַץ אָדער פֿרעגזאַץ צי אויסרופֿזאַץ) איז ניט קיין מוז אַז דער סוביעקט מוז קומען אויפֿן ערשטן אָרט אָדער אַנדערשוואו אויף אַ באַשטימטן אָרט — מע קען דעם סוביעקט איבערשטעלן ווי די אַנ־דערע זאַצגלידער. דער טאַטע וועט מאָרגן קומען פֿון שטאָט — אין דעם זאַץ מיט די פֿינף סדר־אייבסן קען מען שטעלן אויפֿן ערשטן אָרט אויך: וועט דער טאַטע...., מאָרגן וועט...., קומען וועט...., פֿון שטאָט וועט...., אויך: עס וועט דער טאַטע מאָרגן קומען פֿון שטאָט.

2. ווען דער סוביעקט ווערט אויסגעדריקט דורך אַ פּערזענלעכן פּראָנאָם, מוז ער קומען האַרט פֿאַר אָדער גלײַך נאָך דעם בייגיקן ווערב: ער וועט מאָרגן קומען פֿון שטאָט, מאָרגן וועט ער קומען פֿון שטאָט; עס רעגנט אַ גאַנצע נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט רעגנט עס; איך האָב צו אײַך קיין טענות ניט, צו אײַך האָב איך קיין טענות ניט.

3. ווען דער פּרעדיקאַט האָט אַ נאָמינאַלן טייל און דער ווערטער־סדר דאַרף העלפֿן באַשטימען וואָסער וואָרט איז דער סוביעקט און וואָסער וואָרט געהערט צום פּרעדיקאַט — קומט דער סוביעקט פֿ ר י ע ר. דוג־מאָות: „מײַנס איז מײַנס און דײַנס איז מײַנס — זאָגט דער רשע"; „אַז די בעל־הביתטע איז אַ קאַץ, איז די קאַץ די בעל־הביתטע"; „אַלץ איז ניט מעגלעך, אַלץ איז דער גרעסטער ליגן" (פּרץ); „אַ דרײַעק איז אַ געאָמעט־רישע פֿיגור". אויב מע זאָל דאָ אַוועקשטעלן דעם סוביעקט נאָכן נאָמינאַלן טייל פֿון פּרעדיקאַט, וועט זיך דאָ באַקומען אַן אַנדער באַטײַט אָדער אַזוינס וואָס האָט בכּלל ניט קיין זינען. אָבער אין די פֿאַלן ווען מע קען קלאָר און גרינג פֿאַרשטיין וואָס עס געהערט צום סוביעקט און וואָס עס געהערט צום פּרעדיקאַט, מעג דער סוביעקט קומען שפּעטער: „אַ קונץ איז צו קויפֿן סחורה און צו האָבן קינדער, נאָך אַ גרעסערער קונץ איז סחורה צו פֿאַר־קויפֿן און קינדער מגדל צו זײַן"; „עס איז אַ גרויסע מצווה אויסצורײַסן אַ האָר פֿון אַ חזיר".

4. ווען דער זאַץ האָט אויך אַ דירעקטן אָביעקט און עס פֿעלט אַ

דרויסנדיקער סימן צו דערזען וואָס עס איז דער אָביעקט און וואָס עס איז דער סוביעקט, מוז דער סוביעקט קומען פֿריִער. אין אַזאַ פֿאַל נעמט דער ווערטער־סדר אויף זיך די פֿונקציע פֿון ענדונגען פֿון בייגפֿאַלן וואָס ייִדיש האָט ניט און פֿון פֿאָרמען פֿון אַרטיקל וואָס זאָלן זײַן אַנדערשדיק אין בייגפֿאַלן. אָט דאָ קענען די אַרטיקלען העלפֿן: „דעם זון האָט דער פֿאָטער זייער ליב", „דעם זון האָט די מוטער זייער ליב", „די טאָכטער האָט דער פֿאָטער זייער ליב". אָבער אין די ווײַטערדיקע זאַצן קען דער אַרטיקל ניט אַרויסהעלפֿן און דער ווערטער־סדר מוז באַשטימען וואו עס איז דאָ דער סוביעקט: „די מוטער האָט די טאָכטער זייער ליב" — דער סוביעקט איז די מוטער; „די טאָכטער האָט די מוטער זייער ליב" — דער סוביעקט איז די טאָכטער; „די מוטער האָט אויפֿגעוועקט דאָס קינד" — דער סוביעקט איז די מוטער; „דאָס קינד האָט אויפֿגעוועקט די מוטער" — דער סוביעקט איז דאָס קינד. אמת, ווען זאַצן זײַנען ניט אַרויסגעריסן פֿון אַ קאָנטעקסט, ווען זיי דערגייען צום הערער מיט דער געהעריקער אינטאָ־נאַציע — פֿאַרשטייט מען וואָס עס איז וואָס און ווער עס איז ווער. אָבער צוליב וואָס זאָל מען שווערער מאַכן דעם לייענער צו פֿאַרשטיין? איז גע־רעכט מענדעלע מוכר־ספֿרים ווען ער שרײַבט: „דאָס ווינטעלע האָט אויפֿ־געוועקט די שלאָפֿנדיקע תּבֿואה", הגם מע וואָלט אויך אים פֿאַרשטאַנען, אויב דער טעקסט וואָלט געווען: „די שלאָפֿנדיקע תּבֿואה האָט דאָס ווינ־טעלע אויפֿגעוועקט". הכּלל, ווען עס איז ניטאָ קיין בפֿירושע כּוונה אַרויס־צוהייבן דעם אָביעקט, קומט דער סוביעקט אויפֿן ערשטן אָרט.

## ח. אָרט פֿון אָביעקט

1. ווען אין זאַץ איז פֿאַראַן נאָר איין אָביעקט, קומט ער געוויינטלעך נאָך דעם ווערב אָדער צווישן די טיילן פֿון אַ צונויפֿגעזעצטער ווערבאַלער פֿאָרעם: „די באָבע שטריקט אַ זאָק"; „מע שלאָגט ניט אַ געבונדענעם"; „ער האָט מיט דער ווײַב קאָרג וואָס גערעדט"; „איך וועל העלפֿן דעם טאַטן". אָבער מען קען זייער באַקוועם שטעלן דעם אָביעקט פֿאַרן ווערב, ווען מע וויל אים אונטערשטרײַכן: „אַ זאָק שטריקט די באָבע"; „אַ געבונדענעם שלאָגט מען ניט"; „מיט דער ווײַב האָט ער קנאַפּ וואָס גערעדט"; „דעם טאַטן וועל איך העלפֿן". דאָס אייגענע טרעפֿט מען אין לידער איבערן ריטעם, איבערן גראַם און טאָקע אויך כּדי אונטערצושטרײַכן דעם אָביעקט: „מיט דער שטאַרק פֿאַרהאַסטער פֿעל האָט לײַכט געמאַכט אַן עק דער בלויער טײַך" (פּרץ); „אַ פֿאַנצער אַ פֿרעמדן טראָגט אונדזער העלד" (אַבֿרהם רייזען); „בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פֿראָסט" (מאַני לייב).

2. ווען צוויי אָביעקטן ציִען זיך צו איין ווערב און איין אָביעקט איז אין דאַטיוו אָן אַ פּרעפּאָזיציע און דער צווייטער איז אין אַקוזאַטיוו, קומט דער דאַטיוו נעענטער צום בייגיקן ווערב איידער דער אַקוזאַטיוו. מע קען עס אויך פֿאָרמולירן: דער פּערזאָן־אָביעקט קומט נעענטער צום ביי־

גיקן ווערב ווי דער זאַך־אָביעקט. דאָ זײַנען נייטיק עטלעכע דוגמאָות: „דער זון שרײַבט דער מאַמען אַ בריוועלע"; „ווי קען מען מוחל זײַן דעם שׂונא זײַנע פֿאַלשקייטן?"; „גאָט באַשערט דעם טרינקער זײַן ווײַן און דעם שפּי־נער זײַן פֿלאַקס"; „ווײַז אַ הונט אַ פֿינגער, וויל ער די גאַנצע האַנט (שוו); „איך וועל דעם תּכשיט דערמאָנען זײַן צוזאָג". איז פֿון דעם ממילא גע־דרונגען אַז דער פּערזענלעכער פּראָנאָם אין דאַטיוו קומט נעענטער צום בייגיקן ווערב ווי אַ סובסטאַנטיוו אָדער אַ וואָרט וואָס פֿאַרבײַט אַ סוב־סטאַנטיוו, למשל: „איך וועל דיר געבן דעם קיניגס אוצרות"; „איך וועל אײַך שענקען מײַן נשמה" (ביאַליק); „האָסט מיר געוויזן דאָס לאַנד דאָס באַגערטע".

3. אָבער ווען דער **פּערזענלעכער פּראָנאָם** קומט אין אַקו־זאַטיוו, איז ער נעענטער צום בייגיקן ווערב הן פֿאַרן סובסטאַנטיוו הן פֿאַרן פּראָנאָם אין דאַטיוו, למשל: זי זאָגט עס דעם פֿאָטער — זי זאָגט עס אים; איך גיב דיר אַ בוך — איך גיב עס דיר; די מוטער ברענגט אײַך איר איינציקן זון — זי ברענגט אים אײַך.

4. ווען צוויי אָביעקטן ציִען זיך צו איין ווערב און איינער איז מיט אַ פּרעפּאָזיציע און דער אַנדערער איז אָן אַ פּרעפּאָזיציע, קומט דער אָביעקט אָן אַ פּרעפּאָזיציע נעענטער צום בייגיקן ווערב און דער אָביעקט מיט אַ פּרעפּאָזיציע קען זיך גרינגער געפֿינען אָן אָרט ווײַטער פֿונעם בייגיקן ווערב. דוגמאָות: „די מוטער נייט אַ קלייד פֿאַר דער טאָכטער"; „דער בעל־הבית האָט אָפּגעזאָגט דעם משרת פֿון זײַן שטעל"; „ווי באַשולדיקט מען דאָס אָן אייגענעם טאָטן אין אַזאַ זאַך?"; „איין לאַנד פֿירט אַ בלוטיקע מלחמה קעגן אַן אַנדער לאַנד".

אָבער ווי נאָר מע דאַרף אונטערשטרײַכן דעם אָביעקט אָן דער פּרעפּ־אָזיציע, שטעלט מען אים ווײַטער פֿונעם ווערב: „די מוטער נייט פֿאַר דער טאָכטער אַ קלייד"; „דער בעל־הבית האָט אָפּגעזאָגט פֿון זײַן שטעל דעם משרת"; „ווי באַשולדיקט מען דאָס אין אַזאַ זאַך אָן אייגענעם טאָטן?"; „איין לאַנד פֿירט קעגן אַן אַנדער לאַנד אַ בלוטיקע מלחמה".

5. דער נאָרמאַלער ווערטער־סדר פֿון די פּונקטן 2 און 4 קען ווערן איבערגעשטעלט אין דער פּאָעזיע: „סע שרײַבט די זון אַ בריוועלע דער מאַמע־ערד אַראָפּ"; „מיר שנײַדן, מיר שנײַדן פֿאַר אַנדערע ברויט".

## ט. אָרט פֿון אַדווערביאַלע באַשטימונגען

1. ווען עס איז דאָ נאָר איין אַדווערביאַלע באַשטימונג צום ווערב, קומט זי נאָכן ווערב אָדער צווישן די טיילן פֿון אַ צונויפֿגעזעצטער ווער־באַלער פֿאָרעם, למשל: דער טאַטע קומט באַלד — דער טאַטע וועט באַלד קומען; דאָס קינד העלפֿט צו ווייִנענדיק — דאָס קינד האָט ווייִנענדיק צו־געהאָלפֿן.

אָבער ווי נאָר עס איז דאָ די כּוונה אַפּילו אַ ביסל אַרויסצוהייבן די אַדווערביאַלע באַשטימונג, קען מען זי שטעלן פֿאַרן ווערב: „באַלד וועט דער טאַטע קומען", „ווייִנענדיק האָט דאָס קינד צוגעהאָלפֿן", „פֿאַר פֿרײַ־הייט און רעכט שווערן מיר צו קעמפֿן".

2. באַזונדער אָפֿט קומען אָנהייב זאַץ אָרט־, צײַט־ און שטייגער־באַשטימונגען, למשל: „אַמאָל איז געווען אַ מעשׂה"; „אין פֿײַער ווערט עס געבאָרן, אין פֿײַער ווערט עס פֿאַרלאָרן"; „שפּילנדיק קרײַזלט דער נאַכט־ווינט די גראָזן" (יהואָש); „ליכטיק שײַנט דער אונטער־שטערן" (פֿרוג). ווען אַזאַ אַדווערביאַלע באַשטימונג ווערט אויסגעדריקט דורך איין וואָרט, קען זי קומען נאָך אַ צונויפֿגעזעצטער ווערבאַלער פֿאָרעם בלויז דעמאָלט, ווען די באַשטימונג ווערט שטאַרק אַרויסגעהויבן, ווערט בולט אַקצענטירט, למשל: „דער טאַטע וועט קומען באַלד"; דער רבי האָט אַזוי געזאָגט — „דער רבי האָט געזאָגט אַזוי"; איך וועל שבת זיך אַרײַנכאַפּן צו דיר — „איך וועל זיך אַרײַנכאַפּן צו דיר שבת".

3. ווען צוויי אַדווערביאַלע באַשטימונגען ציִען זיך צו איין ווערב, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט הן דעם מין באַשטימונג הן איר ווערטער־באַשטאַנד כּדי צו וויסן וואָס עס קומט פֿריִער.

בײַ אַ רואיקער אינטאָנאַציע, אָן שום אונטערשטרײַכן, קומט די צײַט־באַשטימונג פֿריִער פֿאַר די אַנדערע מינים באַשטימונגען, למשל: איך בין נעכטן אָנגעקומען אין שטאָט; ער לערנט שוין אַ סך יאָרן אין דעם זעלביקן בית־מדרש; מיר וועלן חול־המועד פֿאָרן געוואָר ווערן די מאַמע; די באַמבעס זײַנען אַ גאַנצן טאָג געפֿאַלן ווי דונערס פֿון הימל; „אין דער שטילער נאַכט גיי איך אײנער אַליין אויפֿן אַלטן מאַרק אַרום" (פֿרץ).

4. ווען מיר האָבן צוויי אַדווערביאַלע באַשטימונגען און אײנע ווערט אויסגעדריקט דורך אַן אַדווערב און די צווייטע דורך אַ פּרעפּאָזיציאָ־נעלער פֿראַזע, קומט דער אַדווערב נעענטער און די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע ווײַטער פֿונעם ווערב, למשל: ער קומט פּאַמעלעך מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל; דו טראָגסט אים געשווינד אין זאַל אַרײַן; גיי איך אַליין אויפֿן אַלטן מאַרק אַרום; די לבֿנה שווימט רואיק פֿון די וואָלקנס אַרויס; ער וועט דאָ זײַן אין עטלעכע מינוט אַרום; האָבן חבֿרה פּאַוואָליע זיך אַרײַנגעגנבֿעט צום פֿריץ אין גאָרטן.

5. ווען צו דעם זעלביקן ווערב ציִען זיך אַן אָביעקט און אַ פּרע־פּאָזיציאָנעלע פֿראַזע וואָס דינט פֿאַר אַן אַדווערביאַלער באַשטימונג, קומט דער אָביעקט נעענטער און די פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע ווײַטער פֿונעם ווערב, למשל: „האָט זי פֿאַרלאָרן די גאָלדענע פֿעדער אין די פֿרעמדע לענ־דער"; „איך האָב געזען אַן אָדלער אין אַ שטײַג פֿון אײַזן"; „זי מוז האַלטן די ביינערדיקע האַנט אויפֿן אַלטן האַרץ"; „וואָס וועט הײַנט דער טאַטע ברענגען — אַ מתּנה פֿון מאַרק?"; דער טאַטע וואַרפֿט אַרײַן דעם לעפֿל מיטן פֿלעדערוויש אין אויוון אַרײַן".

6. מען קען דאָ סומירן און דערגאַנצן: עס זײַנען פֿאַראַן צוויי שטאַפּ־לען פֿון אונטערשטרײַכן אַן אָביעקט און אַן אַדווערביאַלע באַשטימונג. מע קען זיי שטעלן פֿאַרן ווערב וואָס זיי ציִען זיך צו אים און מע קען זיי שטעלן גאָר צום סוף פֿון זאַץ. דאָס שטעלן זיי פֿאַרן ווערב איז אַ נידעריקער שטאַפּל פֿון אַרויסהייבן און מע קען עס תּמיד אָנווענדן. דאָס שטעלן צום סוף איז אַ שטאַרקערער מיטל אַרויסצוהייבן, אָבער מע קען אים אָנווענדן נאָר אין די פֿאַלן, ווען די אַדווערביאַלע באַשטימונג קומט ניט ממילא בײַם סאַמע סוף פֿון זאַץ. לאָמיר זיך גוט אײַנהערן אינעם ריטעם און אין דעם אינ־טאָנירן די זאַצן:

און אין זכות פֿון קינדער קליינע איז זי אַלץ די גרויסע מוחל.

אַמאָל זײַנען מלאָכים געגאַנגען באַרוועס, הײַנט גייען זיי אין שיך.

איין פּראַשעק הייסט ער מיר איך זאָל אײַננעמען באַלד.

ליים וועל איך טראָגן, ערד וועל איך גראָבן.

געלט האָבן טאַקע די בראַצקיס און איך האָב טעכטער.

גראָז האָט ער געבראַכט צו טראָגן, אַ פּאַק מיט גראָז.

מיר פֿילן דאָ ווי דער ריטמישער פֿאַקטאָר פֿורעמט דער ווערטער־סדר.

## י. אַרט פֿון אַטריבוט

1. אַן אַטריבוט איז צוזאַמען מיטן סובסטאַנטיוו צו וועלכן ער ציט זיך איין סדר־איינס. עס זײַנען פֿאַראַן פֿיר הויפּט־אופֿנים אויסצודריקן אַן אַטריבוט:

א) דורך אַן אַדיעקטיוו און דורך אַלע אַנדערע ווערטקלאַסן וואָס זײַנען אַדיעקטיוויש (דורכן פּאַרטיציפּ און גערונדיוו, דורכן אַדיעקטיווישן פּראָנאָם, דורך אַ צאָלוואָרט), ווי מע האָט עס אין די שפּריכווערטער: „דער בעסטער ביסן קומט אַן דעם ערגסטן הונט“; „יעדער שטעקן האָט צוויי עקן“; „אויף אַן אײַנגעבויגענעם בוים שפּרינגען אַלע ציגן“.

ב) דורכן פּאָסעסיוו, ווי מע האָט עס אין די שפּריכווערטער: „פֿאָ־טערס און מוטערס ברכה ברענגט דעם קינד הצלחה“; „פּרנסה איז אין מאַנס מזל, קינדער זענען אין ווײַבס מזל“; „דעם נגידס נאַרישקייט גילט מער ווי דעם אָרעמאַנס חכמה“.

ג) דורכן קוואַנטיטאַטיוו, ווי מע זעט עס אין די שפּריכווערטער: „בעסער אַ קווינט מזל איידער אַ פֿונט גאָלד“; „בעסער אַ שטיק טרוקן ברויט איידער אַ ים גויט“; „מיט אַ לאַגער סחורה איז ניטאָ קיין ברעקל מורא“; „איטלעכער האָט זיך זײַן בערגל מיסט פֿאַר דער טיר“.

ד) דורך אַ פּרעפּאָזיציאָנעלער פֿראַזע וואָס קומט נאָכן סובסטאַנטיוו ווי עס דעמאָנסטרירן די שפּריכווערטער: „בעסער אַ ייִד אָן אַ באָרד איידער אַ באָרד אָן אַ ייִד“; „אַ רעדנער דאַרף האָבן די מעלות פֿון אַבֿרהם אָבֿינו און

פֿון משה רבינו״; „אַפּט פֿירן אַלטע פֿערד די פֿעלן פֿון די יונגע״; „אַ פֿערד אויף פֿיר פֿיס ספּאָטיקעט זיך, בפֿרט אַ מענטש אויף איין צונג״.

2. ווען צו איין סובסטאַנטיוו ציִען זיך עטלעכע אַדיעקטיווישע אַט־ריבוטן, מוזן זיי קומען אין אַ שטרענג אײַנגעשטעלטן סדר. ווי אַ דוגמא: אַלע מײַנע דרײַ עלטערע ברידער לעבן איצט אין ארץ־ישׂראל — פֿיר אַדיעקטיווישע אַטריבוטן ציִען זיך צו איין סובסטאַנטיוו און דאָ לאָזט זיך ניט איבערשטעלן קיין איין אַטריבוט. נעענטער פֿון אַלץ צום סובסטאַנטיוו איז דער אַדיעקטיוו, אַ טריט ווײַטער דאָס צאָלוואָרט, נאָך ווײַטער — דער פּאָסעסיווער פּראָנאָם און אין סאַמע אָנהייב דער פּראָנאָם **אַלע**. אויף דעם זעלביקן שטייגער קענען מיר האָבן די רייען: אַלע זײַנע הונדערטער געטרײַע תּלמידים, אַלע אירע פֿינף זײַדענע קליידער, יעדער אונדזער דריטער אַלטער קאָלאָניסט.

3. ווען צו איין סובסטאַנטיוו ציִען זיך עטלעכע אַדיעקטיוון און עס איז ניטאָ קיין שום קייט, קומט דער אַדיעקטיוו וואָס ווערט מער אַרויסגע־הויבן נעענטער צום סובסטאַנטיוו. ווען מע זאָגט: דאָס קליינע ווײַסע ציגעלע — האָט מען דערעיקר אין זינען די ווײַסקייט פֿון דעם ציגעלע; ווען מע זאָגט: דאָס ווײַסע קליינע ציגעלע — האָט מען דערעיקר אין זינען די קליינקייט פֿון דעם ציגעלע. אַזוי קען מען אויך וואַריאירן די אַלטע, בלינדע, אָרעמע פֿרוי, די אָרעמע, בלינדע, אַלטע פֿרוי, די אַלטע, אָרעמע, בלינדע פֿרוי. די קאָמעס ווײַזן דאָ אַז די אַקצענטירונג פֿון די דרײַ אַטריבוטן איז אַ גלײַכע.

אָבער ווי באַלד מיר האָבן אַ קייט, קען מען שוין קיין זאַך ניט איבער־שטעלן, למשל אין דער ריי: די נײַע צווייגאָרנדיקע הילצערנע הײַזער — ציט זיך הילצערנע צו הײַזער און צווייגאָרנדיקע ציט זיך ניט צו הײַזער, נאָר צו הילצערנע הײַזער, נײַע ציט זיך ניט צו הײַזער און ניט צו הילצערנע הײַזער, נאָר צו צווייגאָרנדיקע הילצערנע הײַזער. אָט די קייט האַלט פֿעסט די אַטריבוטן וואָס בלײַבן אומבאַוועגלעך, און אַלע אינאיינעם צוזאַמען מיטן סובסטאַנטיוו שאַפֿן איין סדר־איינס.

4. ווען אַן **אַדווערב** ציט זיך צו אַן אַדיעקטיוו — קומט דער אַדווערב **פֿאַר** ן אַדיעקטיוו: דער גאַנץ הויכער באַרג, דער גאָר נאָענטער חבֿר, די דערווײַל נאָך ווײַטע הילף, די אויסטערליש שיינע פֿרוי, דאָס טיף באַגײַסטערטע וואָרט, דאָס קינדיש האַרציקע לאַכן, דאָס וואונדערלעך גע־ראָטענע קינד, דער זייער קלוגער מענטש, דער צו שווערער עקזאַמען, די סאַמע רעטענישדיקע אויפֿגאַבע.

ווען מע האָט דאָ דעם באַשטימטן אַרטיקל קען מען קיין זאַך ניט בײַטן אין דער אָרדענונג פֿון די ווערטער. נאָר ווען מע האָט צו טאָן מיט אַ פֿול־באַטײַטיקן אַדווערב (ניט מיט קיין פּראָאַדווערב), איז מעגלעך צו פֿאַרבינדן דעם אַדווערב מיטן אַדיעקטיוו אין איין קאָמפּליצירטן באַגריף; אָט די פֿאַר־בינדונג ווערט באַצייכנט מיט אַ מקף: קינדיש־האַרציק, טיף־באַגײַסטערט,

אויסטערליש־שיין, וואונדערלעך־געראָטן — און מע באַדאַרף עס אַרויס־רעדן אויף אַ ריכטיקן אופֿן, מיט אַ פֿאַרבינדנדיק אינטאָנירן.

ווען מע האָט דאָ דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל מיט די שטיי־גערישע פּראַאַדווערבן זייער, גאָר, גאַנץ — באַקומען זיך צוויי קאָרעקטע נוסחאָות: אַ זייער הויכער באַרג — זייער אַ הויכער באַרג; אַ זייער שיינע פֿרוי — זייער אַ שיינע פֿרוי; אַ גאָר נאָענטער חבֿר — גאָר אַ נאָענטער חבֿר; אַ גאָר האַרציק לאַכן — גאָר אַ האַרציק לאַכן. פֿאָלקסטימלעכער איז דער צווייטער נוסח, געהערט אויך אים די בכורה פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. מע באַדאַרף בלויז זײַן געוואָרנט אַז ווען דער אַדווערב איז צו — קען נאָר זײַן אַ צו הויכער באַרג, אַ צו גוטע מוטער און ניט ׳צו אַ הויכער׳ באַרג, ניט ׳צו אַ גוטע׳ מוטער און ענלעכס.

5. ווען צו איין סובסטאַנטיוו ציִען זיך צוויי אַטריבוטן, איינער אַן אַדיעקטיוו און דער צווייטער אַ פּאָסעסיוו אָדער אַ קוואַנטיטאַטיוו, — קומט דער אַדיעקטיוו האַרט פֿאַרן סובסטאַנטיוו. דער פּאָסעסיוו קומט שטענדיק ווײַטער פֿון סובסטאַנטיוו (ער האָט דאָך אַ דרויסנדיקן סימן!). לאָמיר זיך צוקוקן צו דער אָרדענונג: שלמהס (שלמה המלכּס) גרויסער פּאַלאַץ, יהודהס לעצטער שטראַל פֿון האָפֿענונג, דעם מענטשנס פֿעסטער גלויבן אין גאָט, שטיקער צעריסענע וואָלקנס, צעריסענע שטיקער וואָלקנס, אַ המוציא פֿרי־שע חלה, בנימינס שטיק לאַנד, דעם רענדאַרס טשערעדע שאָף, דעם אָרע־מאַנס טעלער יויך.

6. ווען צוויי פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזעס ציִען זיך צו איין סובסטאַנטיוו, קומט די פֿראַזע מיט דער פּרעפּאָזיציע פֿון פֿריִער פֿאַר דער צווייטער פּרעפּאָזיציאָנעלער פֿראַזע. אָט האָבן מיר בולטע דוגמאָות: דער נצחון פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער איבער דײַטשלאַנד, די פֿאָרשונגען פֿון די לעצטע יאָרן וועגן דער אַטאָמישער ענערגיע, די הכנות פֿון גאַנצן הויזגעזינד צום יום־טובֿ. אויב מע זאָל דאָ עפּעס איבערשטעלן, באַקומט זיך אַן אַנדער זינען, למשל: די הכנות צום יום־טובֿ פֿון גאַנצן הויזגעזינד — דער יום־טובֿ איז פֿון גאַנצן הויזגעזינד און מע ווייסט ניט ווער עס מאַכט אָט די הכנות.

7. דער אַדיעקטיווישער אַטריבוט קען קומען נאָכן סובסטאַנטיוו. דערבײַ קען זיך טרעפֿן אַז דער אַרטיקל זאָל זיך איבערחזרן, די פּרעפּאָ־זיציע זאָל זיך איבערחזרן, עס זאָלן פֿאָרקומען מאָרפֿאָלאָגישע שינויים. די כּוונה איז דאָ די שטענדיקע ווי בײַ יעדן אָפּווײַכן פֿון דעם געוויינטלעכן ווערטער־סדר: אונטערצושטרײַכן דאָס זאַצגליד וואָס קומט ניט אויף זײַן געוויינטלעכן אָרט. מוסטערן פֿון אַזאַ איבערשטעלן: „זײַן כּלה איז שטאַרק צופֿרידן מיט דער דאָזיקער מתּנה זײַנער״; „זי האָט געקויפֿט פּוטער אַ פֿונט און צוקער פֿינף פֿונט״; „מיידעלע דו מײַנס, מיידעלע דו שיינס, איך וועל דיר עפּעס פֿרעגן אַ רעטעניש אַ קליינס״ (פֿאָל); „דײַן תּורה נעמט בײַ דיר צו דעם גאַנצן כּוח זײַנעם״ (ממוס); „אַ פֿאַרשוין איז ער געווען אַ ניצלע־

כּער״ (שע); „דער לעצטער שטראַל יהודהס טונקלט און פֿאַרגייט״ (א. ליע־סין); „די כּלה די געלאַסענע דאָס איז די שיינע רויז... אַ משקה אַ גרויס־אַרטיקע איז אויך דאָ ניט פֿאַרפֿעלט: בײַ ביגען בײַ די זשומיקע אַ זיסער האָניק שטייט און אין די כּוסות בלומיקע אַ דופֿטווײַן איז גרייט״ (לייב נײַדוס).

8. עס זײַנען בכן מעגלעך פֿאַרשיידענע איבערשטעלונגען, ווען זיי זײַנען נייטיק עפּעס אַרויסצוהייבן. אָבער איין איבערשטעלונג איז אַבסאָלוט אוממעגלעך: עס קען ניט קומען דער אַטריבוט וואָס איז אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע פֿ אַ ר ן סובסטאַנטיוו. עס איז נאַטירלעך: ער האָט געטראָגן אַ רעקל מיט צעריסענע אַרבל; עס איז מעגלעך: אַ רעקל מיט צעריסענע אַרבל האָט ער געטראָגן; עס איז אוממעגלעך: 'ער האָט געטראָגן מיט צעריסענע אַרבל אַ רעקל'.

9. דער פּאָסעסיוו פֿון אַן אייגננאָמען נאָך אַן אייגננאָמען שאַפֿט שטענדיק איין סדר־איינס. עס ווערט איין באַגריף, איין צונויפֿגעזעצטער נאָמען, למשל: שלמה ר' חיימס, ליפּע ראובֿנס, מענדל ברײַנעס, מאָטל פּייסע דעם חזנס, העניע יאַנקעלע הירשע דעם קלעזמערס.

אַן אַדיעקטיוו אָדער אַ סובסטאַנטיוו נאָך אַן אייגננאָמען שטעלן צונויף אַזוי ווי אַ פֿאַמיליע־נאָמען. זיי ווערן איין סדר־איינס, למשל: מאָטע דער לאַנגער, ראובֿן דער רויטער, קיילע די קורצע; שמעון דער שוסטער, בערל דער בלעכער און אַזוי ווײַטער. דעם אַדיעקטיוו בייגט מען: מיט מאָטע דעם לאַנגן, מיט קיילע דער קורצער; דעם סובסטאַנטיוו קען מען ניט בייגן: מיט שמעון דעם שוסטער, מיט בערל דעם בלעכער, בלויז דעם אַרטיקל.

איז אויפֿגעקומען אַ שאלה: שלום־עליכמס באַרימטער העלד טבֿיה דער מילכיקער — איז לויטן מוסטער טבֿיה דער שנײַדער אָדער לויטן מוסטער טבֿיה דער בלאָנדער? דאַרף זײַן מיט טבֿיה דעם מילכיקער אָדער מיט טבֿיה דעם מילכיקן? דאָ איז פֿאַראַן אַ דיאַלעקטישער אונטערשייד: נוסח פּוילן איז מיט טבֿיה דעם מילכיקער; נוסח אוקראַינע און נוסח ליטע איז מיט טבֿיה דעם מילכיקן (אַזוי איז אויך נוסח שלום־עליכם). ווי זשע איז נוסח כּלל־שפּראַך? מיט טבֿיה דעם מילכיקן, ווײַל זײַן באַשאַפֿער האָט דאָ אַ באַרעכטיקטע דעה און ווײַל צוויי דיאַלעקטישע נוסחאָות דאַרפֿן גובֿר זײַן איין דיאַלעקטישן נוסח. אין אַ צאָל פֿאַלן פֿירט זיך אַזוי דער איצטיקער קורס גראַמאַטיק.

## יא. אָרט פֿון ניט אָדער נישט

1. די פֿאַרניינונג ניט אָדער נישט איז אַ באַזונדערער סדר־איינס. ניט (נישט) קומט פֿאַרן וואָרט צו וועלכן ער ציט זיך און נאָכן בייגיקן ווערב, אויב ער ציט זיך צום גאַנצן זאַץ. די פּשוטע פֿאַלן זײַנען אינגאַנצן קלאָר: ער קומט ניט הײַנט צו מיר — דאָ ווערט פֿאַרניינט די פֿאַרבינדונג צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט; ניט ער קומט הײַנט צו מיר — עמעצער קומט טאָקע צו מיר, אָבער ניט ער; ער קומט הײַנט ניט צו מיר — ער קומט, אָבער ניט צו מיר, צו אַן אַנדערן; ניט הײַנט קומט ער צו מיר — ער קומט אַן אַנדער טאָג, מאָרגן, איבערמאָרגן.

2. אַ ביסל קאָמפּליצירטער ווערט דער ענין ווען דער ווערב האָט אַ צונויפֿגעזעצטע פֿאָרעם. די פֿאַרניינונג קומט צווישן דעם בייגיקן ווערב און דעם פּאַרטיציפּ אָדער דעם אינפֿיניטיוו. אין דער ריידשפּראַך שטעלט מען דעם ניט גלײַך נאָכן בייגיקן ווערב און די אינטאָנאַציע מאַכט אוממעגלעך אַ פֿאַלש פֿאַרשטיין אַז די נעגאַציע באַציט זיך בלויז צו אַ זאַצגליד און ניט צום גאַנצן זאַץ. אָבער אין דער שרײַבשפּראַך דאַרף מען זײַן אַ סך מער אָפּגעהיט און שטעלן דעם ניט האַרט פֿאַרן פּאַרטיציפּ אָדער אינפֿיניטיוו. דוגמאָות: ער וועט מאָרגן אינדערפֿרי ניט קומען צו אונדז; מיר האָבן פֿריִער זיך ניט אָפּגערעדט.

מע דאַרף עס פֿאַרשטיין ווי אַן אַלגעמיינעם אָנווײַז, ווי אַן עצה־טובֿה, אָבער דאָס איז ניט קיין פֿאַרבאָט אויך בײַם שרײַבן צו זײַן אַזוי פֿרײַ ווי בײַם רעדן, כּל־זמן עס קומט ניט אַרויס קיין פֿאַלש פֿאַרשטיין. דעריבער איז אויך מעגלעך: ער וועט ניט מאָרגן אינדערפֿרי קומען צו אונדז; מיר האָבן ניט פֿריִער זיך אָפּגערעדט; מיר האָבן ניט ביז איצט זיך באַגעגנט; צי וועט ניט פֿון די אַלע גרויסע פּלענער גאָר אַרויסקומען אַ רעה? הכּלל, אומעטום וואו עס איז ניט פֿאַראַן די סכּנה פֿון פֿאַלש פֿאַרשטיין מעג דער ניט זיך אַרײַנגליטשן אין זאַץ סײַ נאָכן בייגיקן ווערב סײַ פֿאַרן פּאַרטיציפּ אָדער אינפֿיניטיוו. און דאָך זאָל מען געדענקען די צוויי באַוואָרענישן: א) זיך און אַלע פּערזענלעכע פּראָנאָמען (אין אַלע זייערע בייגפֿאַלן) קומען נעענטער צום בייגיקן ווערב איידער ניט (ער וואַשט זיך ניט, זי זעט אים ניט, באַגעגענען מיר זיך ניט); ב) דאָס דיאַלעקטישע שטעלן דעם ניט פֿאַרן אימפּעראַטיוו איז ניט מעגלעך אין דער כּלל־שפּראַך (׳ניט גיי׳, ׳למען־השם, ניט טוט עס!׳).

3. דער קיין פֿון דער טאָפּעלער פֿאַרניינונג איז ניט קיין באַזונדערער סדר־איינס. ער איז ניט אין דעם זעלביקן סדר־איינס וואָס ניט, אָבער ער איז אין דעם זעלביקן סדר־איינס מיטן סובסטאַנטיוו אָדער מיט דער סובסטאַנטיווירונג וואָס דער קיין ציט זיך צו זיי. קיין איז דער נעגאַטיווער אַרטיקל און ער האָט דעם דין ווי אַן אַרטיקל בכּלל: ער איז ניט קיין (דער) יחסן, ער איז ניט קיין (דער) גרויסער יחסן, ער איז ניט קיין (דער) צו גרויסער יחסן און אַזוי ווײַטער.

קיין בײַ דער פֿאַרניינונג קומט נאָר דעמאָלט, ווען דער סובסטאַנטיוו (אָדער די סובסטאַנטיווירונג) קומט אָן אַן אַרטיקל אָדער מיטן אומבאַ־שטימטן אַרטיקל אין דער פּאָזיטיווער פֿאָרעם: ער האָט דאָס בוך — ער האָט ניט דאָס בוך; ער האָט אַ בוך — ער האָט ניט קיין בוך; ער האָט ביכער — ער האָט ניט קיין ביכער. אָבער מע קען און מע מעג אויסקומען אָן קיין, ווען מע וויל אַרויסהייבן דעם סובסטאַנטיוו מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל: דו ביסט מיר נישט קיין פֿרײַנד — דו ביסט מיר נישט אַ פֿרײַנד; איך האָב נישט קיין גראָשן בײַ דער נשמה — איך האָב נישט אַ גראָשן בײַ דער נשמה.